קלמן מרמור

# קלאסנקאמפן אין אלטערטום

פארלאַג
אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער אָרדן
ניו יאָרק

# פֿאָרוואָרט

דאָס בוך „קלאַסנקאַמף אין אַלטערטום" איז געשריבן געוואָרן מיט אַכט־ניין יאָר צוריק. דעם גרעסטן טייל דערפֿון (איבער ניין צענטל) איז געדרוקט געווען אין דער „פֿרייהייט" פֿון די יאָרן 1924 — 1925. דאָרט האָט דאָס דערשיינט אונטערן נאָמען „דער קאַמף פֿאַר פֿרייהייט און גלייכ־הייט פֿון אַלטערטום ביז היינט". אַ סך לייענער האָבן אויסגעדריקט דעם פֿאַרלאַנג, אַז דאָס זאָל אַרויסגעגעבן ווערן אין בוך־פֿאָרם. די „פֿרייהייט" איז געווען גרייט עס צו טאָן. זי האָט אויך געהאַט פֿאַרעפֿנטלעכט איר באַשלוס וועגן דעם. דער אָפּהאַלט איז געווען פֿון מיין זייט. איך האָב געוואָלט אָפּוואַרטן ביז איך וועל האָבן צייט איבערצואַרבעטן דאָס גאַנצע ווערק און עס אויך דערפֿירן ביז צו דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע פֿון אָקטאָבער, 1917. אויב איך גיב דאָך אַרויס אין 1933 דאָס ווערק געשריבן אין 1924 איז עס בלויז דערפֿאַר, ווייל איך גרייט זיך אין וועג קיין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. איך וויל איבערלאָזן מיינע לייענער דאָס בוך, וואָס זיי האָבן פֿאַרלאַנגט. נאַטירלעך פֿאַרפֿליכט דאָס מיך, אַז איך זאָל ביי דער ערשטער געלעגנהייט מאַכן די נייטיקע רעוויזיעס און אויסבעסערונגען.

די קוועלן פֿון מיין בוך „קלאַסנקאַמף אין אַלטערטום" זיינען כמעט אומעטום דאָקומענטן פֿאַרפֿאַסט אין דער צייט, וואָס ווערט דאָ באַשריבן. כ'האָב זיך באַנוצט מיט מאָדערנע פֿאַכמענישע איבערזעצונגען פֿון די אָריגינעלע אויפֿשריפֿטן אַף שטיינער, ציגל, צילענדערס, טאָוולען, פּאַפּירוסן און פּאַרמעטן, ווי אויך, נאַטירלעך, מיט די ווערק פֿון אַלטערטימלעכע שרייבער, וואָס זיינען דאָ אין בוך־פֿאָרם. די צאָל פֿון אָט די דאָקומענטן און ביכער איז צו גרויס דאָ אויסגערעכנט צו ווערן. דער סטודענט, וואָס וויל זיי נאָכפֿאָלגן קאָן זיי געפֿינען אין די קאַטאַלאָגן פֿון געשיכטע און ליטעראַטור פֿון די באַזונדערע פֿעלקער אין אַלטערטום.

קלמן מרמר.

ניו יאָרק, יוני 1933.

# אַריינפיר

די עפּאָכע, וועלכער מיר רופן אָן אַלטערטום, איז ניט דער אָנהייב פון דער מענטשלעכער געשיכטע. מעסטנדיק די געשיכטע פון דער מענטשהייט מיט דער מאָס פון דעם מענטשנס זיין אויף דער ערד, איז דאָס אַלטערטום גאָר אַ שפּעטע עפּאָכע. עס איז די צייט, ווען דער מענטש האָט שוין פאַרענדיקט זיין לאַנגן אַנטוויקלונג־וועג פון ווילדקייט צו ציוויליזאַציע און קאָן שוין פאַרצייכענען אויף מאָנומענטן די געשייעענישן פון זיין לעבן.

ביז וואַנען די מענטשן זיינען צוגעקומען צו דער ציוויליזירטער עפּאָכע פון אַלטערטום האָט געדויערט הונדערטער טויזנטער יאָרן. אין יענער לאַנגער צייט איז דער מענטש דורכגעגאַנגען אַ גאַנצע ריי אַנטוויקלונג־שטופן. ער האָט זיך אויסגעלערנט צו מאַכן פייער, צו באַנוצן זיך מיט געצייג און וואָפן, האָדעווען פי, און צולעצט, באַאַרבעטן דעם באָדן.

אין פּרימיטיוון צושטאַנד האָבן מענטשן געלעבט אין גרופּן און שפּעטער אין קאָמונעס. דעם איינציקן מענטשן איז ניט מעגלעך געווען זיך אַליין צו פאַרטיידיקן קעגן זיינען שונאים און אַליין זיך צו שאַפן די נויטווענדיקייטן פאַר זיין עקזיסטענץ. די פּרימיטיווע מענטשן האָבן דערפאַר געלעבט אין קלאַנען און שבטים פון בלוט־קרובים. זיי זיינען געמיינשאַפטלעך געגאַנגען אויף געיעג, און אין אַ שפּעטערער אַנטוויקלונג, אויך געמיינשאַפטלעך געפיטערט זייער פי. פּריוואַט־אייגנטום האָט ביי זיי ניט עקזיסטירט. אין פּריוואַט־באַזיץ האָבן אָט די מענטשן געהאַט בלויז זאַכן פון פּערזענלעכן געברויך — צירונג, געווער, א. ד. גל. ווען איינער שטאַרבט גיט מען אים מיט אָט דעם פּריוואַט־אייגנטום אין קבר, אָדער דאָס גייט איבער צו דער געמיינדע. נאָר באַלד הייבן די מענטשן אָן איבערצוגיין פון פי־צוכט צו לאַנדווירטשאַפט. דער אַקערבויער קאָן אַליין באַאַרבעטן זיין שטיקל פעלד. ער נייטיקט זיך ניט מער אין אַ געמיינשאַפטלעכן אַרויסטריט זיך צו שאַפן לעבנס־מיטלען. ער הייבט דערפאַר אָן באַטראַכטן זיין באָדן פאַר זיין פּריוואַטן באַזיץ. אַזאַ פּריוואַט־אייגנטום ווערט ניט פאַרניכטעט ביים טויט פון זיין באַזיצער. עס גייט אויך ניט איבער צום קהל, נאָר ווערט געירשנט פון די נאָענטע קרובים.

ביים אָנהייב פון אַלטערטום הערן שוין אויף אַ סך קלאַנען און שבטים צו וואַנדערן אין זייער זוכעניש פאַר גוטער פּאַשע. זיי גייען איבער צו ערד־אַרבעט. זיי גרופּירן זיך אַרום זייער באָדן אין דאָרף־געמיינדעס און שטעטלעך. דורך זייער טויש זיך מיט פּראָדוקטן אַנטשטייען מאַרק־פּלעצער

און באזארן. עס אנטוויקלען זיך שטעט און שטאטן. מיט דעם טוישהאנדל, און אנטשטייאונג פון געלט, הייבן מענטשן אן זאמלען פריוואטע רייכטימער. מיט לעבנס־מיטלען האט דער באזיצער זיך באנוגנט מיט וויפיל ער קאן אליין פארברויכן. נאר א סחורה, ווי געלט, מיט וועלכער מען קאן קויפן אלערליי אנדערע סחורות, זוכט זיין באזיצער צו האבן וואס מער. עס אנטשטייען דערפאר טיפע אונטערשיידן צווישן מענטש און מענטש. עס פארשווינדט די אלטע גלייכהייט צווישן אלע מיטגלידער פון דער גרויסער משפחה, קלאן, אדער שבט. עס הייבן זיך אן רייבונגען צווישן ארעם און רייך. עס הערט אויף דער צובונד און די איבערגעבנהייט צו דער געמיינדע. יעדערער זארגט בלויז פאר זיך. יעדער וויל ארויסקריגן פון כלל וואס מער און געבן וואס ווייניקער. די געווינער פון אט דער נייער אנטוויקלונג זיינען די גרונט־באזיצער און פראצענטניקעס. זיי פאראָרעמען און פארשולדיקן דאס פויערים־פאלק און ווערן די הערשער פון דער נייער געזעלשאפט.

אין זייער פרימיטיוון צושטאנד האבן מענטשן איינער דעם צווייטן ניט פארשקלאפט. די באזיגטע אין די מלחמות צווישן קלאנען און שבטים זיינען דאס רוב געטויט געווארן. פראפיטירן פון שקלאפעריי איז נאך ניט געווען מעגלעך. מיט זיינע פרימיטיווע געצייג האט קיין מענטש ניט געקאנט פראדוצירן מער ווי זיין עסן. ערשט מיט דער אנטוויקלונג פון בעסערע פראדוציר־פארמען, ווען א מענטש האט שוין ניט געקאנט, דורך זיין ארבעטקראפט, שאפן מער וויפיל ער דארף האבן פאר זיין עסן, איז מעגלעך געווארן צו פראפיטירן פון דעם צווייטנס ארבעט. נאר די שקלאפן זיינען רעקרוטירט געווארן ניט בלויז פון די באזיגטע אין קריג. א סך שקלאפן זיינען געקומען פון די פאראָרעמטע פאלקס־שיכטן און פון די וואס זיינען געמאכט געווארן רעכטלאז דורך די רעליגיעזע און פאליטישע געזעצן פון הערשנדיקן קלאס. אָרעמע עלטערן פלעגן פארקויפן זייערע קינדער אין שקלאפעריי. דער עלטסטער ברודער פלעגט פארקויפן זיינע אינגערע ברידער און שוועסטער ווען זיי זיינען געבליבן יתומים און ער האט ניט געקאנט, אדער ניט געוואלט, זיי באזארגן. פאראָרעמטע פויערים פלעגן פארקויפט ווערן אין שקלאפעריי ווען זיי האבן ניט געהאט מיט וואס צו באצאלן זייערע שולדן. עס האט אויך פאסירט, אז באזיצלאזע מענטשן פלעגן זיך אליין פארקויפן פאר שקלאפן זיך צו ראטעווען פון הונגער. די גרויסע מאסן שקלאפן האבן דעפאר געהערט צום זעלבן שטאם, גערעדט די זעלבע שפראך און זיך געפילט איינס מיט דער איבעריקער ארבעטנדיקער באפעלקערונג פון לאנד.

די אנטוויקלונג פון האנדל און אינדוסטריע האט ארויסגעבראכט נייע

שיכטן אָרעמע און באַזיצלאָזע, פּאַראָרעמטע הענדלער, אַרבעטלאָזע בעלי־מלאכות און טאָג־אַרבעטער, וואָס קאָנען ניט קאָנקורירן מיט שקלאַפן־אַרבעט. פון אָט די שטאָטישע מאַסן, ווי אויך פון די פאַרשולדיקטע פויערים און באַזיצלאָזע לאַנד־אַרבעטער און שקלאַפן טרעטן אַרויס די פאַרצייטיקע בונטאַרן אין קלאַסנקאַמף קעגן פּריצים, פּראָצענטניקעס, צינז־מאָנער און דערגלייכן.

די אָרעמע און אונטערדריקטע מאַסן אין אַלטערטום האַלטן וואָך אין זייער זכרון די צייט ווען מענטשן האָבן נאָך געפירט אַ קאָמונאַלן לעבן אין קלאַנען און משפחה־געזעלשאַפטן און ניט געוואוסט פון אָרעם און רייך. די קלאַסנקעמפער פון אַלטערטום שטעלן דערפאַר אַלעמאָל אַרויס זייערע פאָדערונגען פאַר פרייהייט און גלייכהייט אין דעם נאָמען פון דער פאַרגאַנגענהייט. די אידעאָלאָגן פון די אונטערדריקטע מאַסן באַגרינדן אָט די פאָדערונגען אַף די געזעצן פון דער נאַטור (אין אַ סך פאַלן שטעלן זיי אָפּן אָרט פון דער נאַטור זייער אוראַלטן שבט־גאָט אָדער לאַנד־געטער). זיי דערקלערן, אַז אַלע מענטשן זיינען געשאַפן געוואָרן גלייך: יעדער אונטערשיד צווישן מענטש און מענטש, אין האַרן און שקלאַפן, אין אָרעם און רייך, אונטערדריקער און אונטערדריקטע, איז דערפאַר באַגרינדעט אַף מענטשלעכע געזעצן (געמאַכט פון די הערשער) און זיינען אַן אומגערעכטיקייט. זיי דערקלערן, אַז אונטער די אַלטע נאַטור געזעצן (אָדער טראַדיציאָנעלע שבט געזעצן) האָבן מענטשן געלעבט אין גלייכהייט און גערעכטיקייט און זיי פאָדערן די באַנייאונג פון די אַלטע פאָלק־רעכטן און פאָלק־פרייהייטן.

די קונסט פון שרייבן איז פאַרצייטן געווען דאָס אייגנטום פון די האַרן. די אַרבעטנדיקע מאַסן זיינען געהאַלטן געוואָרן אין אומוויסנהייט, אַזוי ווי אין אָרעמקייט. זיי האָבן דערפאַר ניט פאַרצייכנט זייערע אַלע פאַרזוכן צו צעברעכן דעם יאָך פון אונטערדריקונג. פון דער אַנדער זייט האָבן די האַרן ניט געפונען פאַר נייטיק צו דערציילן דעם אמת וועגן די אויפשטאַנדן און די רעוואָלוציעס פון די אונטערדריקטע מאַסן. אַ סך פאַקטן זיינען דערפאַר געוואָרן פאַרשוויגן אָדער איבערגעגעבן אַף אַזאַ אופן, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט בלויז וועגן אַן אומבאַדייטנדיקער פּאַסירונג מיט עטלעכע „באַנדיטן” און „מערדער”.

דורך די נייע אויסגראָבונגען אין נאָענטן און ווייטן מזרח האָט זיך שטאַרק אויסגעשפּרייט אונזער וויסן פון דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. מיר האָבן איצט שריפטלעכע היסטאָרישע דאָקומענטן, וואָס זיינען אַלט איבער 6,000 יאָר. די עלטסטע פון אָט די שריפטן זיינען פאַרפאַסט געוואָרן

אין קעניגלעכע הויפן און גיבן זיך בלויז אָפּ מיט דעם לעבן פון קעניגן און פירשטן. דאָך געפינען מיר דאָרטן אַ סך אָנצוהערענישן וועגן דעם לעבן און די קאַמפן פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. עס איז אויך פאַראַן אַ מיטל ווי אַזוי פעסטצושטעלן זייער איינפלוס. מיר ווייסן, אַז דער הערשנדיקער קלאַס שאַפט קיינמאָל ניט פרייוויליק קיין געזעצן אין די אינטערעסן פון די מאַסן. יעדע סאָציאַלע געזעצגעבונג אינם אַלטערטום איז דעריבער אַ באַווייז, אַז עס האָבן דעמאָלט זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן געקעמפט און געליטן אַזוינס צו דערגרייכן. אָרעמע פויערים, בעלי־מלאכות, טאָג־אַרבעטער און שקלאַפן האָבן אַרויסגעוויזן זייער אומצופרידנהייט צו דער אַלטער אָרדענונג און געצוואונגען דעם הערשנדיקן קלאַס עפּעס וואָס נאָכצוגעבן.

די געשיכטע פון די קלאַסנקאַמפן פון אַמאָל אַנטהאַלט אַ סך ביישפּילן אויך פאַר אונזער צייט. מיר לערנען פון די דורכפאַלן פון די אַמאָליקע פרייהייט־קעמפער, אַזוי גוט ווי פון זייערע זיגן. מיר זעען, אַז די קעמפּערישע מאַסן האָבן אַלעמאָל פאַרלאָרן, ווען זיי האָבן געקעמפט בלויז אומצובייטן איין הערשער אַפן צווייטן. אין אַזוינע פאַלן איז אויך אַ צייט־ווייליקער זיג שפּעטער איבערגעקערט געוואָרן אין אַ מפּלה. עס האָבן זיך געביטן די הערשער, נאָר אַלץ איז געבליבן ביים אַלטן. עס האָט ניט אויפגעהערט די צעטיילונג פון אָרעם און רייך, פון אונטערדריקער און אונטערדריקטע. די אַרבעטנדיקע מאַסן הייבן ערשט אָן צו פאַרצייכענען דויערנדיקע זיגן ווען זיי טרעטן אַרויס אין קאַמף אָפּצושאַפן אינגאַנצן די סיסטעם פון אונטערדריקונג און פאַרשקלאַפונג.

דער קאַמף פאַר פרייהייט און גלייכהייט איז נאָך ניט געענדיקט. נאָר דער פיל־פאַרביקער, דורות־לאַנגער קלאַסנקאַמף איז ניט געווען אומזיסט. דער זיג פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע און די עקזיסטענץ פון דער סאָוועטן־רעפּובליק באַווייזט, אַז די צייט איז שוין ניט ווייט ווען די גאַנצע ערד וועט ווערן איין גרויסער סאָיועטן־פאַרבאַנד, וואו אַלע מענטשן וועלן לעבן פון זייער אייגענער אַרבעט, אין פרייהייט און גלייכהייט און קונסט און וויסן וועלן זיין אַלגעמיין אייגנטום.

# אוראַלטע אַרבעטער-געזעצן

די עלטסטע באַקאַנטע אַרבעטער־געזעצן זיינען געשריבן געוואָרן אין בבל (באָוול, באַבילאָניע), אָדער שנער (סינאָר, סומער), ווי די געגנט האָט געהייסן איידער די סעמיטן האָבן איר איבערגענומען און ווייטער אַנטוויקלט.

די ערשטע סומערישע איינוואַנדערער, אַזוי ווי שפּעטער זייערע סעמיטישע דעראָבערער, זיינען געווען פרייע מדבר־מענטשן. נאָר וואָס מער זיי זיינען געוואָרן צוגעוואַקסן צום באָדן, באַאַרבעט פעלד און גאָרטן און געהיט יעדער זיין פּריוואַט־אייגנטום, אַלץ מער האָבן זיי זיך אָנגעהויבן טיילן אין אָרעמע ערד־אַרבעטער און רייכע גוט־באַזיצער. די ערשטע פּראָטעסטירער קעגן אומגערעכטיקייט און די ערשטע טרוימער פון פאַרלאָרענעם גן־עדן זיינען דערפאַר די אָרעמע פויערים.

אין גייסט פון אָט דעם אָרעמען פויער איז געשריבן געוואָרן מיט פינף טויזנט יאָר צוריק די אַלט־סומערישע לעגענדע פון דעם גן־עדן אין דרום פון בבל, פון וועלכן אַ גאָט האָט פאַרטריבן דעם ווידערשפּעניקן, זינדיקן מענטשן און אים געצוואונגען צו פירן דאָס אָרעם שווער לעבן פון האָרעפּאַשנעם פויער.

נאָך אַ טראָט אַפן וועג פון ציוויליזאַציע, און ס׳וואַקסט אויס אַ קלאַס מענטשן, וואָס באָטן אָן זייער אַרבעטס־קראַפט צום פאַרקויפן.

דאָס לאַנד פון אָרעמען פויער איז פאַרמשכנט געוואָרן ביים אַלץ רייכער ווערנדיקן קלאַס פון פריצים, פּראָצענטניקעס און באַאַמטע. פאַרדינגט דער געוועזענער בעל־הגוף זיינע זין און טעכטער, און צולעצט אויך זיך אַליין פאַר לוין־אַרבעטער.

אַפן אַרבעט־מאַרק שטויסט זיך אָן דער פרייגעבאָרענער לוין־אַרבעטער מיטן רעכטלאָזן קנעכט. די אַלטע סומערער זיינען שוין אין פאָרהיסטאָרישע צייטן ניט געווען קיין קאַניבאַלן. דעם אין קריג געפאַנגענעם שונא האָט מען ניט אויפגעגעסן; נאָר געמאַכט צו אַרבעטן אין פעלד און געצעלט. איז דער „מאַנסביל פון אויסלאַנד”, ווי דער שקלאַף ווערט באַצייכנט אין דער אַלט־סומערישער שריפט, געווען אַ שטאַרקער קאָנקורענט פון פאַראָרעמטן פויער.

דער פּרייז פון אַ שקלאַף אין אַלטן בבל איז געווען אַרום 25 שקל־זילבער. נאָר פאַר אַ שקל און אַ האַלב האָט מען אויך געקאָנט אָפּדינגען פאַר אַ לאַנגן טערמין די אַרבעט פון דעם „פרייען בירגער”, וואָס איז געצוואונגען געוואָרן צו פאַרקויפן זיין אַרבעטס־קראַפט.

און איז אַרבעט־קראַפט געוואָרן אַ סחורה, אַזוי האָבן זיך באַלד געפונען אונטערנעמער, וואָס האָבן מיט איר ספּעקולירט. אַזוי דערציילט אַ דאָקו־מענט פון די צייטן פון סומערישן הערשער אור־נינא, אין אָנהויב פון 4טן יאָרטויזנט פ. ק. (פאַר דער קריסטלעכער צייטרעכענונג), ווי אַזוי איינער קויפט און פאַרקויפט די מענטשלעכע אַרבעט־קראַפט.

ניט אַלע לוין־אַרבעטער האָבן אויך געהאַט מזל צו קריגן אַ בעלן, וואָס זאָל אָפּדינגען זייער אַרבעט אַף אַ גאַנצן סעזאָן. אַ סך האָבן געאַרבעט פון טאָג און קיינמאָל ניט געווען זיכער מיט זייער מאָרגן. ניט בעסער איז געווען די לאַגע פון דער אַרבעטער־פרוי, וואָס טרעט אויף אין בבל שוין אין דריטן יאָרטויזנט פאַר דער איצטיקער צייטרעכענונג.

אומצופרידן מיט זייער שווערן לעבן זיינען געווען ניט בלויז די לוין־אַרבעטער, נאָר אויך די שקלאַפן.

די שקלאַפן האָבן ניט אַנערקענט דאָס רעכט פון זייער האַר צו הערשן איבער זיי, און אָנגעווענדט אַלערליי מיטלען זיך צו באַפרייען פון זייער יאָך. זיי פלעגן אַנטלויפן אין אַ פלאַץ, וואו מ'קען זיי ניט, אָדער פשוט פאַר־לייקענען זייער אָנגעהעריקייט צו זייער האַר.

דאָס אַלטע פרימיטיווע סומאַרער געזעץ (דאָס עלטסטע געזעצבוך, וואָס איז ביז איצט אַנטדעקט געוואָרן) האָט געזוכט צו לייזן די פראַגע אַזוי:

„פאַרלייקנט אַ שקלאַף צוויי מאָל זיין געזעצלעכן האַר, זאָל מען אים מאַכן אַ צייכן אַפן שטערן.”

„אַנטלויפט פון האַר אַ שקלאַפין אָדער אַ שקלאַף און האַלט זיך אויף אַ חודש צייט אין אַ הויז פון אַ פרייען מענטשן, מוז יענער באַצאָלן אַ שקלאַף פאַר אַ שקלאַף. האָט יענער ניט קיין שקלאַף, מוז ער באַצאָלן 25 זילבער שקל.”

פון דער אַנדער זייט האָט דאָס סומאַרישע געזעץ פאַרזיכערט דעם שקלאַף, אַז ער וועט ניט אַרויסגעוואָרפן ווערן אין גאַס אַף דער עלטער, אָדער ווען זיינע כחות וועלן אים פאַרלאָזן. דאָס סומאַרישע געזעץ באַשטימט דערפאַר:

„אַ קראַנקער קנעכט זאָל באַקומען אַ מתנה פון קעניג (ס'הייסט ווערן באַזאָרגט פון שטאַט). ער זאָל ניט ווערן איבערגעלאָזט אין עלנט.”

„אויב אַ קראַנקער קנעכט קומט בעטן שוץ ביי אַ פרייען מענטשן, זאָל אים יענער ניט צוריקווייזן, נאָר אָפּוועקפירן אין דעם פלאַץ פאַר קראַנקע, אָדער אים לאָזן גיין וואו זיין האַרץ גלוסט.”

נאָר אָט די פרימיטיווע שקלאַפן־געזעצן זיינען געווען מער „רחמים”

ווי „דין", אין פאַרגלייך מיטן שטריינגען געזעץ, געשאַפן אַף אַ ווייטערער שטופּע פון ציוויליזאַציע, ווען דאָס רעכט פון פּריוואַט־אייגנטום איז געוואָרן נאָך הייליקער און פעסטער.

אין יענער צייט האָט זיך מערב־אַזיע געהאַלטן כסדר אין ענדערן. דאָס מענטשן־רעזערוו אין די סטעפּעס פון אַזיע האָט אַלע ווײַלע צוגעשטעלט נייע טראַנספּאָרטן פּרימיטיווע שבטים, וואָס האָבן אויפגערודערט און צעשטערט די רואיקע נעסטן פון דער ציוויליזאַציע. אַזוי זיינען די סומערישע מלוכות פאַרפלייצט געוואָרן פון דער גרויסער מענטשן־כוואַליע, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעם אַראַבישן מדבר. דעם אָרט פון די סומערער האָבן פאַרנומען די סעמיטן, וואָס האָבן באַהערשט טויזנטער יאָרן אַ גרויסן טייל וועלט און וועמעס איינפלוס אַף דער מענטשהייט האָט ניט אויפגעהערט ביז היינטיקן טאָג.

די שריפטן פון די לעצטע הערשער פון סומער דערציילן פון אַ חורבן, וואָס איז אַ סך גרעסער ווי דער, וואָס ירמיה הנביא האָט באַקלאָגט. מ'קאָן זיך פאָרשטעלן, אַז די שקלאַפן זיינען באַלד אַריבער אַף דער זייט פון די דעראָבערער און דורכדעם אַ סך פאַרגרעסערט דעם חורבן און דעם ווייטיק פון זייערע הארן. אַלנפאַלס האָבן די נייע הערשער גענומען אין באַזיץ דאָס לאַנד און געמאַכט פאַר שקלאַפן און צינז־צאָלער די, וואָס זיינען ערשט ניט לאַנג צוריק געווען הארן און אונטערדריקער.

אונטער די סעמיטן, וואָס זיינען אַליין אויך באַלד צעטיילט געוואָרן אין רייכע און אָרעמע, אין הארן און קנעכט, איז אַנטשטאַנען די מעכטיקע אימפּעריע פון בבל, וואָס האָט אונטער קעניג האַמוראַבי (רעגירט פון יאָר 2122 ביז 2081 פ. ק.) באַהערשט כמעט גאַנץ מערב־אַזיע.

אין דער באַבילאָנישער אימפּעריע האָבן זיך דער באָדן און דאָס קאַפּיטאַל געפונען אין די הענט פון גרויסע גוטבאַזיצער און רייכע סוחרים. די גוטבאַזיצער האָבן זיך אַליין ניט אָפּגעגעבן מיט דערווירטשאַפט פון זייער באָדן, נאָר אים פאַרדונגען צו פאַכטערס, אַרענדאַטאָרס. די גרויסע פאַכטערס האָבן פאַרפאַכט די פּריצישע פעלדער, סעדער און בהמות צו קלענערע פאַכטערס. צווישן די גרויסע גוטבאַזיצער, גרויס־פאַכטער און קליין־פאַכטער האָבן זיך אַרומגעדרייט מחנות קאָמיסיאָנערן, פאַקטוירים און מעקלער. אויך דער גרויסער סוחר האָט זיך אַליין ניט אָפּגעגעבן מיט זיין מסחר, נאָר געהאַט צו זיין געבאָט מאַסן גרעסערע און קלענערע אַגענטן. דער האַנדל פון בבל איז געווען זייער גרויס. קאַראַוואַנען מיט סחורות (וואָל, טעפּיכער, א. אַ. וו.), האָבן זיך געצויגן נאָך עילם, אַראַביע, סיריע און פּאַלעסטינע. אַף די טייכן און ימים האָבן זיך געטראָגן שיפן, וואָס האָבן געפירט

באבילאָנישע סחורות אין פאַרשיידענע לענדער. דער פּאָסט־פּאַרקער איז געווען שטאַרק אַנטוויקלט און זיך געצויגן אויך אויסער די גרענעצן פון דער אימפעריע.

פרייע פּויערים זיינען געוואָרן אַלץ ווייניקער. די גרויסע מאַסן פון לאַנד זיינען באַשטאַנען פון פּאַכטער, בעלי־מלאכות, אַלערליי אַגענטן און פּאַקטוירים, לוין־אַרבעטער און קנעכט.

די בעלי־מלאכות, צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך אויך געפונען באַדייטנדיקע קינסטלער (בוימייסטער, סקולפּטאָרן) און צו וועלכע ס׳האָבן זיך אויך געציילט די דאָקטוירים, מעכאַניקער, אָדער אינזשינערן א. ד. גל., זיינען געווען איינגעטיילט אין צעכן און יעדער צעך האָט געהאַט זיין אייגענעם שוץ־גאָט.

שוצלאָז און רעכטלאָז זיינען געווען די שקלאַפן. זיי האָבן זיך גערעכנט, אַזוי ווי בהמות, פאַר דעם פּריוואַט־אייגנטום פון זייערע הארן. אַן אויסנאַם זיינען געווען בלויז די שקלאַפן פון קעניגלעכן הויף. זיי האָבן אָפט געהאַט מער איינפלוס ווי דער בעל־מלאכה, דער פּויער און דער קליינער סוחר. אַ פרייגעלאָזענער שקלאַף פון קעניג אָדער שטאַט האָט געוויינלעך פאַרנומען אַ חשובן אַמט און איז געווען זייער איינפלוסרייך.

כדי צוזאַמענצוהאַלטן פעסט זיין גרויסן צענטראַליזירטן שטאַט, האָט האַמוראַבי (עמרפל) אין די לעצטע אַכט יאָר פון זיין הערשאַפט געגעבן זיין לאַנד אַ תורה אין דעם נאָמען פון באַבילאָנישן זון־גאָט „שמש״ (שעמעש).

די תורה („דינאַני״) פון האַמוראַבי׳ס אימפעריע איז אַ סך שטרייננגער צום שקלאַף ווי די תורה („די־טי־לאַ״) פון די קליינע סומאַרער פּויערים־מלוכות. די שקלאַפן ווערן ניט מער געטרויט אַן אַ צייכן אַפן שטערן. מאַכט אַ שקלאַף אַ פאַרזוך צו פאַרלייקענען זיין האַר, שניידט מען אים אָפּ דעם אויער. העלפט עמיצער אַנטלויפן אַ שקלאַף אָדער אַ שקלאַפין (שפחה), קומט אים טויט־שטראָף. כאַפּט איינער אַן אַנטלאָפענעם שקלאַף אין פעלד און קערט אים אום צוריק צו זיין האַר, קריגט ער צוויי שקל־זילבער פאַר זיין טאַט. דער שקלאַפן־צייכן איז די גרעסטע שאַנד. ס׳שטעלט דעם מענטש׳ן אַף איין מדרגה מיט דער בהמה. דערפאַר הייסט האַמוראַבים געזעץ פאַרברענען, צוזאַמען מיטן הויז און פאַרמעגן, דעם וואָס מאַכט דעם שקלאַפן־צייכן אַף אַ פרייגעבאָרענעם.

די פרויען־שקלאַפן זיינען געווען אין בבל צאָלרייכער ווי די מענער־שקלאַפן. אַ סך שקלאַפינס פלעגן זיך אַרויסהויבן פון זייער שטאַנד דורך הייראַטן אַ פרייגעבאָרענעם. נאָר אַזאַ שפחה האָט געמוזט זיין זייער פאַרזיכטיק ניט צו דערצאָרענען איר האַרינטע, ווייל דעמאָלט האָט יענע זיך

גערעכנט מיט איר אַפּרעכענען ווי שרה מיט הגרן. האַמוראַבים געזעץ זאָגט וועגן דעם אַזוי:



האַמוראַבי

„ווען עמיץ נעמט אַ פרוי און זי גיט איר מאַן אַ שפחה פאַר אַ ווייב און זי (די שפחה) געבערט אים קינדער, נאָר די שפחה שטעלט זיך גלייך צו איר האַרינטע, זאָל איר האַרינטע זי ניט פאַרקויפן פאַר געלט, נאָר איר מאַכן דעם שקלאַפן־צייכן, זי רעכענען צווישן די שפחות.“

„ווען זי (די שפחה) האָט ניט געבאָרן קיין קינדער, זאָל איר האַרינטע זי פאַרקויפן פאַר געלט.“

דאָס געזעץ פון האַמוראַבי באַשטימט גענוי די שכירות פון לוין־

אַרבעטער, בעלי־מלאכות און פּראָפעסיאָנאַלן. די שכירות זיינען באַשטימט אין תבואה פאַר פעלד־אַרבעטער, פאַסטוכער, אָקסנטרייבער, שיפער א. ד. גל. און אין געלט פאַר לוין־אַרבעטער, פּראָפעסיאָנאַלן און בעלי־מלאכות (טעפּער, שניידער, שטיינהאַקער, יאָוועלירער, שמידן, סטאָליארס, מויערער א. אַ. וו.). זומער, ווען דער אַרבעטס־טאָג איז לייגער זיינען די שכירות גרעסער פאַר פעלד־און לוין־אַרבעטער.

דער בעל־מלאכה און דער פּראָפעסיאָנאַל מוזן קענען זייער פאַך. אַ דאָקטאָר וואָס מאַכט אַ ניט־געלונגענע אָפּעראַציע און דער חולה שטאַרבט אָדער ווערט בלינד, האַקט מען אים אָפּ די הענט. אַ בוימייסטער ווערט געטויט, אויב דאָס הויז וואָס ער האָט געבויט פאַלט איין און דערהרגעט דעם אייגנטימער. מאַטעריעלע שאָדנס, וואָס פּראָפעסיאָנאַלן, בעלי־מלאכות און אַרבעטער פאַראורזאַכן דורך אומפּאָרזיכטיקייט, אָדער ניט קענטשאַפט פון זייער פאַך, מוזן זיי גוטמאַכן. אַ פעלד־אַרבעטער, וואָס גנבעט תבואה, קריגט אָפּגעהאַקט די הענט. אַ לערנאינגל מוז אָפּזיין דעם טערמין, ער האָט אָבער דאָס רעכט צו ברעכן דעם קאָנטראַקט אויב דער מייסטער לערנט אים ניט די מלאכה.

האַמוראַבי׳ס געזעצן זיינען געווען געצילט אָפּצושאַפן די רייבונגען צווישן די קלאַסן, נאָר ניט צו פאַרשיטן דעם אָפּגרונט צווישן זיי. מ׳האָט דאָס נאַטירלעך ניט געקאָנט דערוואַרטן פון הערשנדיקן קלאַס. דער געדאַנק, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך איז אויסגעוואַקסן אין לאַגער פון די אונטערדריקטע און איז ערשט אַרויסגעטראָטן אין דער עפּנטלעכקייט נאָך פיל שווערע קאַמפן.

# רוף פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט אין אַלטן עגיפּטן

## די אוטאָפּיע פון גערעכטן קעניג

דער רוף פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט איז שוין געהערט געוואָרן אין אַלטן מצרים.

דאָס „הויז פון גייסט פון (גאָט) פּטא" (הי־קא־פּטא, עגיפּטן) ווי דאָס לאַנד האָט געהייסן, האָט שוין אַנטוויקלט אַן אייגנטימלעכע קולטור אין פינפטן יאָרטויזנט פ. ק. (פאַר קריסטנטום). אין מיטן פון 4טן יאָרטויזנט פ. ק. האָבן זיך די עגיפּטישע שבטים פאַראייניקט אין אַ קעניגטום און ביים אָנהויב פון דריטן טויזנט האָבן שוין זייערע מעכטיקע קעניגן זיך געלאָזט בויען פּיראַמידן־קברים.

די ריזיקע פּיראַמידן האָבן די קעניגן זיך אויפגעבויט דורך געצוואונגענער אַרבעט. די פּיראַמידן־בויער האָבן ניט געקראָגן באַצאָלט פאַר זייער אַרבעט און געמוזט אַליין זיך באַזאָרגן מיט עסנוואַרג. אָט די ניט־באַצאָלטע אַרבעטער זיינען באַשטאַנען פון פּויערים וועלכע זיינען געצוואונגען געוואָרן צו אַרבעטן פאַר דער מלוכה אין דער צייט ווען דער טייך נילוס פאַרפלייצט דעם באָדן און דער פּויער קען ניט אַרבעטן אויפן פעלד.

אַרבעטנדיק פאַרן „גרויסן הויז" (פּעראָ — פּרעה) האָט דער עגיפּטישער פּויער געמוזט לעבן אין די אייגנע קאַזאַרמעס אַרום די פּיראַמידן און אַרבעטן אָן אויפהער אונטער דער בייטש פון דעם נוגש (נויגעש — אויפזעער). דורות נאָך דורות האָבן די עגיפּטישע פּויערים געטראָגן געדולדיק דעם יאָך. נאָר צייטנווייז האָט אויך געפּלאַצט די אייזערנע געדולד פון דעם מצרים־שקלאַף. דעמאָלט האָט ער פּראָטעסטירט, זיך געבונטעוועט, און זיין פּראָטעסט האָט אונטערגעמינעוועט דעם גלויבן פון די האַרן אין דעם רעכט פון זייער מאַכט.

נאָר דער פּראָטעסט פון די אונטערדריקטע האָט אַלץ געעגבערט טיפער אין די אויערן פון די אונטערדריקער. ביסלעכווייז האָט ער צעשטערט די זיכערקייט פון די האַרן אין זייער זאַך. דער הערשנדיקער קלאַס האָט זיך פּריוויליק ניט אָפּגעזאָגט פון זיין מאַכט, נאָר מאָראַליש איז ער געווען באַזיגט. און בעת זיינע פילאָזאָפן האָבן אים געלערנט, אַז דער מענטש, וואָס אַרבעט, און באַזונדערס דער קנעכט, איז אַ באַשעפעניש פון אַ נידעריקער מדרגה און האָט בכלל ניט קיין נשמה, האָט דאָך דער סקעפּטישער

האר, דערנענטערנדיק זיך צו זיין סוף, געהייסן אויסקריצן אַף זיין מצבה, אַז ער האָט באַהאַנדלט מענטשלעך די אָרעמע און עלנדע.

אַף די ווענט פון די אַלט־עגיפּטישע קברים זיינען אויפגעשריבן שבחים אַף די טויטע וואָס לייענען זיך אַזוי:

„אין מיין צייט זיינען ניט געווען קיין אָרעמע און קיינער איז ניט געווען הונגעריק אין מיין טאָג."
כ'האָב דערוואָרבן מיין פאַרמעגנס אַף אַ גערעכטן אופן."

אויך אין דעם הייליקסטן ספר פון אַלט־מצרים, אין דעם „טויטן־בוך", וואָס די האַרן האָבן מיטגענומען מיט זיך אין קבר, און וואו ס'זיינען געווען פאַרשריבן די גוטע מעשים, מיט וועלכע די פאַרשטאָרבענע זיינען געקומען צו זייערע געטער, ווערט געזאָגט:

„כ'האָב ניט פאַראורזאַכט קיין עלנט, קיין אָרעמקייט."

אויך דער קלוגער אַלט־עגיפּטישער הערשער, פּטאַ־האָטעפּ, וועמעס שפּריכווערטער זיינען געשריבן אַף אַ פּאַפּירוס, וואָס איז אַלט אַרום 4,500 יאָר, לערנט, אַז דער האַר איז נאָר דער בעל־פּקדון פון גאָט'ס גאָב און דאַרף דערפאַר טיילן זיין פאַרמעגן מיט זיינע מיטמענטשן.

דאָס אונטערשטרייכן פון דעם האַר, אַז ער האָט זיך דערוואָרבן זיין פאַרמעגן „אַף אַ גערעכטן אופן" איז אַ שטאַרקער באַווייז, ווי טיף ס'האָט דערגרייכט אין זיין האַרץ דער צווייפל, וואָס דער פּראָטעסט פון געקריוודעטן האָט אין אים אַרויסגערופן.

געפינען זיך עגיפּטישע מאָנומענטן פון אַרום זעקס טויזנט יאָר צוריק, וואו האַרן רימען זיך מיט זייער סאָציאַלן געוויסן. אַזוי לויבט זיך אַ פירשט פון יענער צייט:

„כ'האָב געגעבן ברויט צו אַלע הונגעריקע. כ'האָב באַקליידט דעם, וואָס איז געווען נאַקעט — — — , כ'האָב קיינמאָל ניט אַוועקגענומען פון עמיצן זיין באַזיץ, אַזוי אַז ער זאָל זיך דאַרפן קעגן מיר קלאָגן פאַר דעם גאָט פון מיין שטאָט."

ענלעכע שבחים זיינען געווען אויפגעשריבן אַף אַ סך סטאַטועס פון פאַר־שטאָרבענע האַרן. געווען אויך אַזוינע אויפשריפטן, וואָס האָבן זיך געענ־דיקט מיט דער אויפפאָדערונג, אַז מ'זאָל דערפאַר ברענגען פאַר זיי אַ קרבן אין טעמפּל. מעגלעך, אַז אַזוינע אויפשריפטן זיינען דערמוטיקט געוואָרן פון די כהנים, וואָס האָבן געלעבט פון דעם ווייסן ברויט (לחם הפּנים) און אַנדערע שפּייזן און געטראַנקען, וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן פאַר דע־

נשמה פון מת, וואס רימט זיך מיט זיין ערלעכקייט און גוטסקייט. דאך באווייזט עס, אז דאס איז געווען די מאראל פון ארעמען פאלק, וואס האט אריינגעדרונגען אויך אין די הערצער פון א געוויסער צאל יחידים פון הערשנדיקן קלאס.

מ'קען נאך ניט וויסן געניי אף וויפיל דער פראטעסט פון געצוואונגענעם ארבעטער האט מיטגעהאלפן אפצושאפן דעם פיראמידן־בוי. נאר הונדערטער יאר שפעטער, נאכן אויפהערן בויען פיראמידן (אין מיטן פון 3טן יארטויזנט פ. ק.) רימט זיך דער פירשט אמעני, אז ער האט ניט באנוצט קיין אומזיסטע ארבעט.

נאר די פילאנטראפישע מעשים פון יחידים האבן ווייניק פארגרינגערט דעם יאך פון די בארויבטע מאסן. האבן זיך פארמערט די פראטעסטן, און אין אנהויב פון צווייטן טויזנט פ. ק. האט אויסגעבראכן א בירגער־קריג.

די ערשטע סמנים פונם אנקומענדיקן שטורם געפינען מיר שוין ביים סוף פון דריטן טויזנט פ. ק., אין דער קלאגע פון קעניג אמענעמהעט קעגן דער אומדאנקבארקייט פון זיינע אונטערטאנען. ער איז, זאגט ער, געווען א בעל צדקה, און דאך האט עס ניט באשיצט זיין טראן. די, וואס האבן געגעסן זיין ברויט, געטראגן זיין לייוונט און זיך געזאלבט מיט זיין אויל, האבן זיך באטייליקט אין א פארשווערונג קעגן זיין לעבן.

דער קריזיס אין לאנד, די אויפשטאנדן פון אינעווייניק, באגלייט פון מלחמות אין דרויסן, האבן ארויסגעבראכט א גאנצע ריי סאציאלע שריפטן. אן אומבאקאנטער דיכטער פון יענער צייט זינגט:

צו וועמען זאל איך ריידן היינט?
ברידער זיינען שונאים,
פריינט זיינען ניט טריי.

צו וועמען זאל איך ריידן היינט?
הערצער זיינען גנביש,
יעדער פארכאפט דעם צווייטנס גוטס.

צו וועמען זאל איך ריידן היינט?
דער איידעלער מענטש גייט אונטער,
דער עזות־פנים דערגרייכט אומעטום.

צו וועמען זאל איך ריידן היינט?
כ'בין באלאדן מיט עלנט,
ניט האבנדיק וועמען צו פארטרויען."

פון א ברייטערן שטאנדפונקט ווי דער דיכטער באהאנדלט די אומרוען

אין לאַנד דער פּראָגרעסיווער פּריסטער העכפּערע־סאַנבו, געבאָרן אין סוף פון 20סטן יאָרהונדערט פ. ק. ער דערציילט, אַז „ענדערונגען קומען פאָר. ס׳איז ניט ווי לעצטן יאָר. איין יאָר איז שווערער ווי דער צווייטער — גערעכטיקייט איז פאַרוואָרפן — דער אָרעמאַן האָט ניט קיין כח זיך צו ראַטעווען פון דעם וואָס איז שטאַרקער פון אים — די רשעות איז אין מיטן פון ראַטהויז״...

העכפּערע ווייס, אַז אַ סך הערצער ליידן און שווייגן. נאָר ער ווינטשט זיך אַ הארץ, וואָס זאָל אויסשרייען זיין ווייטיק פאַר דער גאַנצער וועלט, און ער רופט אויס:

„קום, מיין האַרץ, כ׳וועל ריידן צו דיר און דו וועסט איבערגעבן פאַר מיר מיינע ווערטער!״
„הערצער זיינען פול מיט ליידן, נאָר דער וואָס גיט באַפעלן און דעם וועמען די באַפעלן ווערן געגעבן, זייערע הערצער זיינען רואיק.״

אַ בילד פון דעם סאָציאַלן צושטאַנד פון יענער אומרואיקער צייט גיט דער הויף־נביא איפּואווער. כאָטש אַליין אַ מאָנאַרכיסט באַשולדיקט ער דעם קעניג אין דער איבערקערעניש אין לאַנד, וואו „קנעכט זיינען געוואָרן הארן פון קנעכט״.

אויסמאָלנדיק פאַרן קעניג אַ שרעקלעך בילד פון דעם צושטאַנד אין לאַנד, וואו ס׳הערשט אַ ברודער־קריג און אַ פאָטער באַטראַכט זיין אייגענעם זון פאַר אַ שונא, וואָרנט איפּואווער דעם קעניג, אַז „אַ בירגער־קריג צאָלט ניט קיין שטייער״. די בעלי־מלאכות אַרבעטן ניט, די סוחרים האַנדלען ניט, שונאים פון אַזיע דרינגען אַריין אין לאַנד און נעמען אַוועק דאָס לעצטע. דער נילוס האָט פאַרפלייצט און באַפרוכטבאַרט דעם באָדן, נאָר קיינער אַקערט ניט. יעדער איינער זאָגט: „מיר ווייסן ניט, וואָס האָט דאָ פּאַסירט אין לאַנד״. די וועגן זיינען ניט זיכער פון רויבער, וואָס באַפאַלן דעם דורכפאָרער, נעמען ביי אים אַוועק לעבן און פאַרמעגן. די קברים ווערן אויסגעפּלינדערט, וואַרפט מען די טויטע אין טייך. איז „דער שטראָם אַ קבר און דער באַלזאַמירונג־פּלאַץ אַ שטראָם״.

די אַלטע אָרדענונג איז צעפאַלן. „דער, וואָס האָט ניט געהאַט קיין אָקסן־שפּאַן איז (דורך רויב) געוואָרן אַ באַזיצער פון אַ סטאַדע. — ווער ס׳האָט ניט געהאַט קיין תבואה, איז אַ באַזיצער פון תבואה־שפּייכלער. — דער באַשאַפער פון רייכטימער פאַרברייטנגט אין דאָרשט אָנשטאָט אין הוליאַנקעס. — די באַשאַפער פון קליידער גייען אין שמאַטעס, און דער וואָס האָט אַליין ניט געוועבט איז דער אייגנטימער פון פיינער לייוונט.״

פאַרשוואונדן איז אויך דער אַלטער פעלזנפעסטער גלויבן אין געטער און קעניגן. דער מענטש איראָניזירט: „ווען כ'וועל וויסן, וואו גאָט איז, וועל איך אים ברענגען קרבנות?"... און „אביסל געזעצלאָזע מענטשן פלייסן זיך צו באַרויבן דאָס לאַנד פון קעניגטום"...

דער הויף־נביא פון אַלטן מצרים איז שטרענג צו זיין קעניג. ער באַשולדיקט אים, אַז אַנשטאָט זיין דער טרעגער פון „גוטן געשמאַק, וויסן און גערעכטיקייט" האָט ער אַריינגעבראַכט אין לאַנד מחלוקות און מהומות. ווען דער קעניג לייקנט עס, רופט אויס איפּואוועער: „דו זאָגסט ליגן!" נאָר איפּואוועער איז אויך שטרענג צו זיך אַליין. ער באַשולדיקט זיך, פאַר וואָס ער האָט ניט אויפגעהויבן זיין שטים אין צייט צו פאַרהיטן דעם אומגליק.

ווי שפּעטער די אידישע סאָציאַלע נבואה, אַזוי איז אויך די אַלט־עגיפּטישע נבואה, דורכגעמישט מיט טענער פון פאַרצווייפלונג. א ווייל איז איפּואוועער מתפּלל צו זיין גאָט פאַר דעם אונטערגאַנג פון זינדיקן לאַנד און זינדיקן מענטשן. א ווײַלע הויבט ער אָן זאָגן מוסר צום פאָלק, רופט די מאַסן זיך צוריקצוקערן צו די געטער, און צום סוף ענדיקט ער מיט ישועות און נחמות, און מאָלט אויס א בילד פון א גליקלעך לעבן אונטער א גערעכטן קעניג.

נאָר איפּואוועער'ס גערעכטער קעניג איז ניט ווי דער „גערעכטער משיח" פון די אידישע נביאים, א בילד פון דער ווייטער צוקונפט, נאָר פון דער טונקעלער לעגענדאַרער פאַרגאַנגענהייט. איפּואוועער רעכנט אויס די מעלות פון אזא גערעכטן קעניג, וואָס רעגירט אַלס זון־גאָט „רע":

„ער איז דער פּאַסטוך פון אַלע מענטשן. אין זיין האַרץ איז ניטאָ קיין שלעכטס — ווען זיינע סטאַדעס זיינען ווייניק, פאַרברענגט ער דעם טאָג זיי צוזאַמענצוקלייבן. ער פירט זיי צום שטראָם (ווען) זייערע הערצער זיינען דאָרשטיק."

ניט קוקנדיק אָף דעם, וואָס איפּואוועער מאָלט זיין אוטאָפּיע פון „גערעכטן קעניג", ניט אין דער צוקונפט, נאָר אין דער פאַרגאַנגענהייט, איז דאָך קלאָר, אַז זיין ציל איז געווען צו פאָדערן סאָציאַלע גערעכטיקייט אין דער געגנוואַרט.

## דער פּראָטעסט פונם „שיין־ריידעוודיקן" פויער

שווער איז דאָס לעבן פון אָרעמען פויער אויך אין היינטיקן מצרים. אין די מאָנאַטן פון פאַרפלייצונג און טריקעניש, ווען אַרבעטן אָפן פעלד איז

ניט מעגלעך, פֿאַרדינגט זיך דער אָרעמער עגיפּטישער פּויער פֿאַר אַ הונגער־לוין צו טאָן שווערע אַרבעט.

נאָך איצט זינגט דער פּויערשער האַרעפּאַשניק פֿון מצרים ביי דער אַרבעט:

„האָסט גאָט באַשלאָסן מיך דערוועריגן,
פֿאַרצי דעם שלייף.
קיין מאַמע באַווייַנט מיך ניט,
קיין מומע,
קיין שוועסטער,
קיין שוועסטער."

דער אָנוואָלקנדיקער הימל פֿון מצרים ווערט זעלטן פֿאַרלאָזן אַ טאָג פֿון דער זון. נאָר פֿאַר די וואָס אַרבעטן שווער אונטער די הייסע זונען־שטראַלן ווערט אָט די ברכה פֿאַרוואַנדלט אין אַ קללה. די היץ מאַכט דאָרשטיק, די ליפּן שמאַכטן נאָך אַ טראָפּן וואַסער, נאָר דער בייזער אויפֿזעער שטייט אין וועג. קילט זיך דער עלנטער קנעכט מיט זיין ליד:

„דו פֿייכטער, פֿולער וואַסער־קרוג,
איר יונגען, בעט אייער אויפֿזעער!
גאָט, מאַך אַ סוף צו דער רשעות פֿון אונטערדריקער!"

דער טויזנט־יעריקער מצרים־שקלאַף בעט: מען זאָל אים לאָזן טרינקען ווען ער איז דאָרשטיק, עסן — ווען ער איז הונגעריק, גיין אַ היים — איידער די זון פֿאַרגייט, כדי ניט דאַרפֿן טאַפּן אין דער פֿינצטערניש. און העלפֿט ניט זיין געבעט, סטראַשעט ער, אין זיין ליד, מיטן טויט: ער וועט שטאַרבן און ס'וועט ניט זיין ווער ס'זאָל אַרבעטן...

און ווען מיר הערן זינגען דעם היינטיקן מצרים־שקלאַף:

„אַ מיין האַר, היים אויפֿהערן אַרבעטן, ס'איז גענוג!
מיר זיינען פֿאַרטיק (דערשעפּט), און די אַרבעט האָט אונז בלינד געמאַכט"...

קאָנען מיר זיך שוין פֿאָרשטעלן דעם גורל פֿון עגיפּטישן האַרעפּאַשניק מיט פֿיר־פֿינף טויזנט יאָר צוריק.

דאָך האָט דער פּויער פֿון מצרים אויך געהאַט אַזוינע טעג, ווען ער האָט זיך געפֿילט דער האַר פֿון זיין פֿעלד און בהמות. דאָס איז געווען אין די חדשים וואָס ער האָט פֿאַר זיך אַליין געאַרבעט און איז געווען פֿול מיט האָפֿענונג אַף דער גערעטעניש. טרייבנדיק זיינע שאָף איבער די נאַסע פֿעלדער, פֿון וואַנען די נילוס־פֿאַרפֿלייצונג האָט נאָך ניט אויסגעטריקנט, פֿלעגט ער זינגען:

„אייער פּאַסטוך איז אין וואַסער ביי די פיש,
ער רעדט מיט די כוואַליעס,
ער באַגריסט זיך מיט די פיש.״

דעמאָלט האָט ער אויך, טרייבנדיק זיינע דרעש־אָקסן, געזונגען:

„דרעשט פאַר אייך, דרעשט פאַר אייך,
איר אָקסן, דרעשט פאַר אייך!
דרעשט פאַר אייך שטרוי צום עסן,
דרעשט קאָרן פאַר אייערע האַרן!
פאַרגינט זיך ניט קיין רו,
דער טאָג איז דאָך היינט קיל!״

נאָר ווען דער אָרעמער עגיפּטישער פּויער האָט אַריינגעפירט זיינע גאַרבן אין שייער, אויסגעדראָשן זיין תבואה, איז געקומען דער „שרייבער״ פון הויף און אָפּגעשריבן פאַרן האַר דעם גרעסטן טייל פון פּויער׳ס תבואה.



אַרעסטירטע אַלט־עגיפּטישע פּויערים געשלאָגן פאַר ניט איינצאָלן שטייערן.

ס׳געפינט זיך נאָך דער בריוו וואָס אַ פּויער פון אַלט־מצרים האָט געשריבן צו זיין זון אין שטאָט:

„זע, דו געדיינקסט ניט דעם מצב פון פּויער ווען די תבואה ווערט אָרונטערגענומען: די שרצים שלעפּן אַוועק אַ העלפט קאָרן, און דער היפּאָפּאַטאַמוס פרעסט אויף דעם רעשט. די פעלדער זיינען פול מיט מייז, דער הייש־עריק קומט אויך צו גאַסט. די בהמות פרעסן, די שוואַלבן גנבענען. ווי ביטער איז דער גורל פון פּויער! וואָס ס׳בלייבט אָפּן דרעש־פּלאַץ, ענדיקן עס אָפּ די רויבער. די בראָנזענע (געצייגן) נוצן זיך אָפּ. די פערד פאַלן ביים אַקערן און דרעשן. דעמאָלט קומט דער (רעגירונגס) שרייבער איבערנעמען די גערעטעניש פאַר דער מלוכה. זיינע באַגלייטער טראָגן שטעקענעס, די נעגערס האַלטן פּאַלמען־ריטער. זיי זאָגן: גיב קאָרן! נאָר ס׳איז ניטאָ. שלאָגן זיי דעם פּויער ביז צום אומבאַוואוסט־זיין. בינדן זיי אים און וואַרפן אים אַרונטער מיטן קאָפּ אַראָפּ אין

(איריגאַציע) קאַנאַל. זיין ווייב ווערט געבונדן אין זיין געגנוואַרט. זיינע קינדער ווערן אַוועקגעפירט. זיינע שכנים לאָזן זיי גיין, און לויפן זיך אַרומקוקן נאָך זייער אייגענעם קאָרן.״

דער סאָציאַלער פּראָטעסט פון פריערדיקע דורות האָט באַאיינפלוסט די שריפטן פון די עגיפּטישע חכמים פּטאַ־האָטעפּ, העכעפּערע, איפּואווער א. אַ. וו. און האָט אויך אַריינגעדרונגען אין די הייליקע „טויטן־ביכער״. דער העכסטער גאָט פון מצרים איז באַטיטלט געוואָרן דער גאָט פון אמת און רעכט. אויך דער קעניג פּרעה, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גאָט, האָט גענדאַרפט באַזיצן „גוטן געשמאַק, וויסן און גערעכטיקייט״. דאָך איז דער פּרעה אַף דער ערד, אַזוי ווי די געטער אַפן הימל, געווען ווייט פון פאָלק. און די וואָס זיינען אים געווען נאָענט, די שרים (באַאמטע) און שררות, האָבן אים באַרויבט פון דער פרוכט פון זיין אַרבעט און אים געלאָזט אונטער־גיין אין טיפסטן עלנט.

דער דורכשניטלעכער פּויער האָט געליטן און געשוויגן און אויסגעגאָסן זיין פּאַרווייטיקט האַרץ אין שטילע תפלות צו זיינע געטער. די מוטיקערע האָבן געשאָלטן און גערופן די געטער נאָך נקמה. און אָט פון די אַלע זיפצן און תפלות, אָנקלאַגעס און קללות האָט אַן אַלט־עגיפּטישער דיכטער געשאַפן אַ ווערק, וואָס האָט קרעפטיק אויסגעדריקט דעם פּראָטעסט פון אָרעמען פּויער. דער אינהאַלט פון אָט דעם ווערק — „דער שיין־ריידעוודיקער פּויער״ — געשריבן אַרום פיר טויזנט יאָר צוריק, איז אַזוי:

אַ פּויער האָט געפירט אין שטאָט אַריין דעם פּראָדוקט פון זיין דאָרף „זאַלץ־פעלד״ — נאַטראָן און זאַלץ — וואָס ער האָט געזוכט אויסצובייטן אַף תבואה. אַף זיין וועג האָט דער פּויער געמוזט דורכפאָרן מיט זיינע אייזלען דאָס לאַנד פון טוט־ענאַכט, אַ באַאמטער אונטער רענזי, דער אויבער־גיטער־פאַרוואַלטער פון קעניג פּרעה אין הענאַסיע (אין 23סטן יאָהונדערט פ. ק.).

ווען טוט־ענאַכט האָט דערזען דעם פּויער׳ס אייזלען און זייער משא, האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין: „די צייט איז מיר גינסטיק. כ׳וועל אַוועקרויבן די זאַכן פון פּויער״. ער האָט באַלד באַטראַכט אַ פּלאַן ווי דאָס דורכצופירן. אַף זיין באַפעל האָט אַ דינער אים געבראַכט שטיקער לייוונט, וועלכע טוט־ענאַכט האָט אויסגעשפּרייט איבערן ברייט פון וועג, פון דעם ראַנד פון קאָרנפעלד, אַף דער העכערער זייט, ביז צום וואַסער פון קאַנאַל אַף דער נידעריקער זייט. דער פּויער איז אָנגעקומען — ווי דער אַלט־עגיפּטישער דערציילער דריקט זיך אויס — „אַפן וועג וואָס געהערט צו אַלעמען״, ניט פאַרדעכטיקנדיק קיין זאַך. ער האָט געזוכט אויסצומיידן די

פאַרשפּרייטע לייוונט, נאָר מורא האָבנדיק די אייזלען זאָלן ניט אַריינפאַלן אין וואַסער האָט ער זיי פאַרקירעוועט אַף דער זייט פון קאָרנפעלד, ווי טוט־ענאַכט האָט פאַראויסגעזען. ווען אַן אייזל האָט פאַרבייגייענדיק אָפּגעריסן אַ מויל זאַנגען, האָט טוט־ענאַכט געמאַכט אַ געוואַלט, אַז די אייזלען האָבן אויפגעגעסן זיין קאָרן און זיי פאַרנומען צוזאַמען מיט זייער משא. דער אָרעמער פויער האָט פּראָטעסטירט. ער האָט געטענהט:

— מיין וועג איז ריכטיק. איין זייט איז בלאָקאַדירט, האָב איך דערפאַר געפירט מיין אייזל צום צווייטן ראַנד, האָסטו אים פאַרכאַפּט, ווייל ער האָט אויפגעגעסן אַ מויל קאָרן. נאָר כ׳קען דעם האר פון אָט דעם גוט. ס׳געהערט צום אויבער־גיטער־פאַרוואַלטער, מערו׳ס זון, רענזי. נו, ער איז דאָך דער וואָס פאַרטרייבט רויבער פון לאַנד, זאָל איך דען בארויבט ווערן אַף זיין באָדן?

דערהערט אַזאַ מין לשון פון אַ פויער, איז טוט־ענאַכט אַריין אין רציחה, געכאַפּט אַ צווייג פון אַ בוים און געשלאָגן דעם פויער אָן רחמנות.

וויסנדיק אַז זיין הויזגעזינט וועט אויסגיין פאַר הונגער, ווען ער וועט ניט צוריקקומען מיט תבואה אהיים, האָט דער בארויבטער, צעשלאָגענער פויער ניט אָפּגעטראָטן פון פּלאַץ און געמאָנט זיינע אייזלען. נאָך פיר טעג פון אומזיסטן אָנשטריינגען זיך, האָט דער פויער באַשלאָסן זיך צו ווענדן צום אויבער־גיטער־פאַרוואַלטער אַליין. אָנווענדנדיק אַ סך מי איז געלונגען דעם ענערגישן פויער צוצוקומען צום הויכן האר אין דער הויפּטשטאָט. אויסהערנדיק דעם פויער׳ס טענות, האָט זיי רענזי פאַרגעלייגט פאַר זיין סוויטע פון הויכע באַאַמטע. יענע האָבן זיך גלייך אָנטשיידן פאַר דעם רויבערישן טוט־ענאַכט. ניט איבערטראַכטנדיק קיין סך האָבן זיי דערקלערט, אַז דער פויער האָט וואַרשיינלעך באַצאָלט זיינע שטייערן צום ניט ריכטיקן באַאַמטן, און טוט־ענאַכט האָט בלויז פאַרכאַפּט שטייערן וואָס קומען אים געזעצלעך.

— זאָל טוט־ענאַכט ווערן באַשטראָפט פאַר אַ ביסל נאַטראָן און אַ ביסל זאַלץ? (העכסטנס) הייס אים עס צוריק אָפּגעבן און ער וועט דאָס זיכער טאָן — האָבן די באַאַמטע געענדיקט מיט אויפרעגונג, פאַרשווייגנדיק דערביי די אייזלען, וועמעס פאַרלוסט ס׳האָט געמיינט פאַרן פויער אויסצוגיין פון הונגער צוזאַמען מיט זיין הויזגעזינט.

אויסהערנדיק אַזאַ מין יושר פון די העכסטע שררות פון לאַנד, האָט זיך דער געקריוודעטער פויער געווענדט צום גרויסן האר, רענזי, מיט אָט אַזוינע ווערטער:

— דו ביסט דאָך דער פאָטער פון יתום, דער מאַן פון אַלמנה, דער ברודער פון פאַרשטויסענעם. לאָז מיר שטעלן דיין נאָמען אין לאַנד איבער

יעדן גוטן געזעץ. אָ, פירער פריי פון גייציקייט, גרויסער מאַן פריי פון קליינלעכקייט, וואָס פאַרניכט פאַלשקייט און ברענגט אַרויס דעם אמת, ענטפער אַף דעם רוף וואָס גייט אַרויס פון מיין מויל. ווען כ׳רייד, הער זיך איין. טו גערעכטיקייט, דו וואָס דו ביסט געלויבט, וועמען די געלויבטע לויבן. פאַרלייכטער מיין עלנט. קוק מיך אָן, כ׳בין שווער באַלאָדן. — — — זע, כ׳בין אין ליידן.

פאַרוואונדערט צו הערן אַזאַ מין שפּראַך פון אַ פּאַראַכטעטן אָרעמען פּויערל, ווענדט זיך תיכף רענזי צום קעניגלעכן פּאַלאַץ און דערציילט פּרעהן דעם גרויסן חדוש:

— מיין האַר! כ׳האָב געטראָפן איינעם פון יענע פּויערים וואָס רעדט באמת אַ זעלטן שיינע שפּראַך.

הייסט דער קעניג ניט געבן דעם פּויער קיין אַנטשיידונג, נאָר לאָזן אים ווייטער טענהן און ריידן. דערביי אָבער זאָל רענזי לאָזן פאַרשרייבן יעדעס וואָרט וואָס דער שיין-רעדעוודיקער פּויער זאָגט אַרויס. גלייכצייטיק זאָל דער פּויער באַזאָרגט ווערן מיט עסן און אַנדערע נויטווענדיקייטן. ס׳זאָל אויך געשיקט ווערן אַ באַדינער צום פּויער׳ס דאָרף צו באַזאָרגן אַז דעם פּויער׳ס הויז-געזינט זאָל דערווייל ניט אויסגיין פון הונגער.

דער פּויער, ניט ווייסנדיק אַז ער איז געוואָרן אַ שפּיל אין די הענט פון קעניג און האַר, ווערט אַלץ מער אויפגערעגט און פּראָטעסטירט אַלץ שטאַרקער. אין זיין צווייטער רעדע וואָרנט דער פּויער דעם האַר:

— נעם דיך אין אַכט, די אייביקייט דערנענטערט זיך. זע ליבער צו האַנדלען ווי ס׳ווערט געזאָגט: „ס׳איז דער אָטעם פון די נאָזלעכער צו טאָן אמת און רעכט״. באַשטראָף וועמען ס׳קומט צו באַשטראָפן, און זאָל קיינער ניט זיין אַזוי פּינקטלעך ווי דו. זאָל די וואָגשאָל מאַכן אַ טעות? זאָל דער (וואָגשאָל) שטייענגל זיך באַוועגן נאָר אַף איין זייט? — — — זע, דו ביסט איינס מיט די וואָגשאָלן. דיין האַרץ איז די וואָג, דיינע צוויי ליפּן זייער שטייענגל.

דער פּויער פון אַלטן מצרים האָט געוויינלעך געגלויבט אין דעם יושר פון דעם הערשנדן קלאַס, וואָס האַלט די וואָגשאָל פון גערעכטיקייט אין זיינע הענט. ער האָט אויך געמיינט אַז דער האַר וועט זיך דערשרעקן ווען מ׳וועט אים דערמאָנען די „אייביקייט״. נאָר דער גרויסער האַר איז געוואָרן אויפגערעגט איבער דער „חוצפּה״ אים צו שרעקן מיט דעם יום הדין פון נאָכן טויט. האָט ער באַפוילן זיינע דינער אָפּצושמייסן דעם עזות פּנים. נאָר די שמיץ האָבן דעם פּויער ניט אַנטמוטיקט און אין זיין פערטער רעדע זאָגט ער צום האַר אַזוי:

— דו ביסט דערוויילט צו הערן טענות צו אורטיילן צווישן צוויי צדדים, צו באַשיצן קעגן רויבער. נאָר דו מאַכסט יד־אַחת (איין האַנט) מיטן גנב. — — — מ'האָט דיר באַשטימט פאַר אַ וואַסער־וואַנט פאַר דעם ליידענדן, כדי אים צו ראַטעווען פון דערטרונקען ווערן.

ניט קריגנדיק קיין ענטפער, פּרוּווט דער פּויער ווידער אַפּעלירן צום גערעכטיקייט געפיל פון גרויסן האַר. נאָר דאָס העלפט אים וויניק און אין זיין זעקסטער רעדע שרייט אויס דער פּויער מיט ביטערקייט:

— מ'האָט דיך געלערנט, נאָר ניט פאַר רויבעריי. דו, וואָס דאַרפסט זיין אַ מוסטער פון ערלעכקייט ביסט דער הויפּט רשע פון לאַנד: דער גערטנער פון בייז, וואָס וואַסערט זיין באָדן מיט זינד, אין לאַנד זאָל וואַקסן שקר, כדי צו פאַרפלייצן די ערד מיט רשעות.

אין זיין זיבעטער רעדע קלאָגט זיך דער פּויער:

— מיין קערפּער איז פול, און מיין האַרץ איז באַלאָדן. צעשפּאָלטן איז די וואַנט, און דאָס וואַסער פליסט אַרויס. איז מיין מויל אָפן צום ריידן. — — — ס'איז ניטאָ אַזאַ שווייגעדיקער ווען דו וואָלסט ניט דערוועקט (מיט דיין טאַט) צו ריידן. — — — ס'איז ניטאָ קיין אומוויסנדיקער ווען דו וואָלסט ניט געמאַכט געלערנט. ס'איז ניטאָ אַזאַ נאַר ווען דו וואָלסט ניט אויפגעקלערט.

ווידער שווייגט דער האַר און דער פּויער הייבט אָן זיין אַכטע רעדע מיט אַ שטיק מוסר:

— טו גערעכטיקייט צוליב דעם האַר פון גערעכטיקייט. — — — אמת און רעכט איז פאַר אייביקייט. זיי גייען מיט, מיט דעם וואָס פּראַקטיצירט זיי, אין קבר, ווען ער ווערט געלייגט אין ארון און אַרונטערגעלאָזן אין דער ערד. זיין נאָמען ווערט ניט אויסגעמעקט אויף דער ערד. ער ווערט גע־דיינקט צוליב דעם גוטס. אַזוי איז דער גענויער אינהאַלט פון גאָט'ס וואָרט. — — — דו ביסט ניט געווען קראַנק, דו ביסט ניט אַנטלאָפן, דו האָסט זיך ניט באַהאַלטן, (דאָך) האָסטו מיר ניט געגעבן קיין תשובה פאַר אָט דעם גוטן וואָרט וואָס איז אַרויס פון מויל פון (גאָט) רע אַליין: „רייד אמת, טו גערעכטיקייט, ווייל דאָס איז גרויס, דאָס איז מעכטיק. דער שכר דערפאַר וועט דיך געפינען, און וועט דיר נאָכפאָלגן אין זעליקייט אויף יענער וועלט.

נאָך אַלץ ניט געפינענדיק קיין גערעכטיקייט, הייבט אָן דער פאַרצווייפל־טער פּויער זיין ניינטע און לעצטע רעדע. ער וואָרנט דעם גרויסן האַר קעגן די געפאַרן פון טאָן פאַלשקייט און אומרעכט:

— דער רשע וועט ניט האָבן קיין קינדער און קיין יורש אויף דער ערד. — — — ס'איז ניטאָ קיין נעכטן פאַרן גלייכגילטיקן. ס'זיינען ניטאָ

קיין פריינט פאר דעם, וואס איז טויב צו גערעכטיקייט. ס׳איז ניטא קיין פרייַלעכער טאג פארן גייציקן. — — — זע, כ׳האב צו דיר גערופן, נאר דו הערסט מיר ניט. וועל איך גיין אפעלירן קעגן דיר פאר אנובים (דער גאט פון טויט; דאס מיינט באגיין זעלבסטמארד).

דערהערנדיק אז דער פויער וויל זיך נעמען דאס לעבן, זוכט רענזי זיך מיט אים צו פארשטענדיקן. נאר דער פאפירוס אף וועלכן אט די אור־אלטע געשיכטע איז געשריבן איז צום סוף צעריסן. מ׳קען בלויז איבערלייענען, אז רענזי האט צוגעשטעלט דעם קעניג א מגילה וואו אלץ וואס דער פויער האט גערעדט איז געווען פארשריבן. דער קעניג האט עס געפונען „מער אנגענעם צום הארצן ווי אלצדינג אין אט דעם גאנצן לאנד", און דער קעניג האט באפוילן דעם אויבער־גיטער־פארוואלטער צו אנטשיידן דעם פויער׳ס פראצעס און אונטערזוכן זיין גאנצן מצב. פון די איינציקע אפגעריסענע ווערטער



אלט־עגיפטישע פעלד ארבעטער.

וואס זיינען געבליבן פון סוף, טייטשן אויס עגיפטאלאגן, אז טוט־ענאכט איז באשטראפט געווארן און זיין פארמעגן איז אריבער צום פויער.

די דערציילונג פון שיין־רעדעוודיקן פויער איז פארפאסט געווארן ארום פיר טויזנט יאר צוריק. ס׳עקזיסטירן נאך ביז אף היינטיקן טאג פראגמענטן פון זעקס עקזעמפלארן קאפירט אין יענער אור־אלטער צייט.

## דער קאמף קעגן דער ממשלה פון דער טראדיציע

שווער האט געדרוקט אף מצרים די האנט פון דער טראדיציע. ניט נאר דאס פראסטע פאלק, נאר אויך די געבילדעטע האבן געקוקט מיט אומבאגרענעצטער פארערונג אף אלץ וואס שטאמט פון אמאל. ווען עמיצער האט אנגעשריבן א ווערק, האט ער אף דעם אנגעגעבן דעם נאמען פון א מענטשן פון דער ווייטער פארגאנגענהייט, כדי זיינע ווערטער זאלן אנגענומען ווערן אין דער געגנווארט. יעדער נייער טריט האט געמוזט זיין געהייליקט דורך פסוקים און סימבאלן פון פריערדיקע דורות. די פריסטער

און שרייבער, די סקולפּטאָרן און מאָלער האָבן געמוזט האַנדלען, ריידן, שרייבן און שילדערן לויט די מוסטערן און שאַבלאָנען פון פריערדיקע דורות. יעדע ענדערונג פון דער טראַדיציע האָט זיך גערעכנט פאַר אַ גאָט־לעסטערונג, פאַר אַ געפערלעכן פאַרברעכן, פאַר וועלכן עס איז ניטאָ קיין אַנטשולדיקונג און קיין פאַרגעבונג.

אַ פאַרזוך צו צעברעכן אַלע צאַמען פון אָט־דער אַלטער עגיפּטישער טראַדיציע איז געמאַכט געוואָרן אין 14טן יאָרהונדערט פ. ק. אָט די ראַדי־קאַלע באַוועגונג האָט אַפילו געוואַגט אויפצונעמען אַ קאַמף קעגן דער מעכטיקער פּריסטערשאַפט פון דער הערשנדיקער רעליגיע.

אין אוראַלטע צייטן האָבן די עגיפּטער, אַזוי ווי זייערע שכנים אין אַזיע, באַטראַכט די זון פאַר אַ גאָט. זייער זון־גאָט „רע" האָט זיך ווייניק וואָס אונטערשיידט פון דעם סעמיטישן זון־גאָט „שמש" (שעמעש). נאָר ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, זיינען אויך אין עגיפּטן די פּאָפּולערסטע געטער געווען די וואָס האָבן געטראָגן אַ לאָקאַלן כאַראַקטער. ערשט ווען אַ משפּחה אָדער אַ שטאָט האָט זיך דערהויבן צו דער הערשאַפט איבערן לאַנד, האָט זי אויך איר גאָט דערהויבן צו נאַציאָנאַלער הערשאַפט. איר פּרעה איז געווען דער האַר איבער אַלע האַרן און איר גאָט — דער גאָט איבער אַלע געטער.

די הערשער פון דער עגיפּטישער אימפּעריע אינמיטן פון צווייטן טויזנט פ. ק. האָבן געשטאַמט פון דער שטאָט טהעבעס. איז „אַמאָן", דער לאָקאַלער גאָט פון אָט־דער שטאָט, געוואָרן דער הויפּט־גאָט פון מצרים. זיינע פּריסטער האָבן אים דערקלערט פאַר דעם טראַדיציאָנעלן זון־גאָט. זיי האָבן צוליב דעם אים צייטנווייז אויך אָנגערופן „אַמאָן־רע" און אים באַזונגען אין זייערע הימנען אַלס „איינציקער האַר, וואָס נעמט געפאַנגען אַלע לענדער יעדן טאָג". נאָר כאָטש די פּריסטערשאַפט פון „אַמאָן" האָט ניט געוואָלט דערלאָזן קיין אומאָפּהענגיקע פירשטן, האָט זי (די פּריסטער־שאַפט) דאָך ניט געוואַגט צו דערקלערן עפנטלעך איר גאָט אַמאָן פאַר אַן איינ־איינציקן גאָט, פאַר אַ וועלט־גאָט. דאָס גלויבן אין אַן איינציקן גאָט (מאָנאָטעאיזם) איז געווען אַרומגעוויקלט אין טעמפּל פון אַמאָן מיט סודות און רמזים. אַרויסזאָגן עס אָפן האָבן די אַמאָן־פּריסטער ניט געוואַגט. אַפילו דער אינטעליגענטסטער פון זיי איז געווען געבונדן דורך אומצאָליקע סימבאָלן און צערעמאָניעס צום אַלטן פאָלקס־גלויבן אין פיל־געטעריי.

דער געדאַנק פון אַ וועלט־גאָט איז אָבער געוואָרן אַ שטאַרקע נויט־ווענדיקייט פאַר דער עגיפּטישער וועלט־מאַכט. עגיפּטן האָט דעמאָלט גע־הערשט איבער אַ סך לענדער און פעלקער. עס איז איר דערפאַר נויטיק

געוואָרן אַן אַלוועלטלעכער גאָט, וואָס זאָל ניט זיין צוגעבונדן צו אַ לאָקאַלן עגיפּטישן טעמפּל און זאָל ניט טראָגן קיין נאַציאָנאַל־עגיפּטישן כאַראַקטער. די גרויסע עגיפּטישע אימפּעריע האָט אָנגעהויבן פאַנאַנדערפאַלן. זי האָט ניט געקענט מער צוזאַמענהאַלטן אירע דעראָבערטע פּראָווינצן דורך פיזישער מאַכט. אירע הערשער האָבן דערפאַר געזוכט, אַזוי ווי אַן אַנדערהאַלבן טויזנט יאָר שפּעטער די אָפּגעשוואַכטע רוימישע אימפּעריע, אָנצוהאַלטן איר מאַכט דורך אַ נייער וועלט־רעליגיע. די אידעאָלאָגן פון אָט־דער נייער רעליגיע זיינען דערפאַר אַנטשטאַנען ניט צווישן די פּריסטער פון אַמאָן, נאָר צווישן די רעגירונג־לייט פון פּרעה.

אין דער אַלטער וועלט פלעגט אַלץ פאַרשריבן ווערן אַפן נאָמען פון קעניג. זיינע געלערנטע, דיכטער און קינסטלער, און אַפילו די קריג־פירער, פלעגן ווייניק דערמאָנט ווערן. עס ווערט דערפאַר אויך אין אָט־דער גרויסער אימפּעריאַלער רעפאָרם־באַוועגונג פון אַלטן מצרים כמעט אַלץ געשטעלט אַפן חשבון פון די לעצטע קעניגן פון דער 18טער דינאַסטיע; פּרעה אַמאָנהאָטעפּ דער דריטער און זיין זון אַמאָנהאָטעפּ דער פערטער, וואָס איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען אַכן־אַטאָן אָדער איכן־אַטאָן.

פּרעה אַמאָנהאָטעפּ דער דריטער האָט אַף דער עלטער געזוכט צו פּראָקלאַמירן איין גאָט פאַר אַלע לענדער און פעלקער אין דער עגיפּטישער אימפּעריע. אַזאַ גאָט האָט לאָגישערווייז געקאָנט בלויז זיין דער זון־גאָט, וואָס איז אַנערקענט געוועזן סיי אין אַזיע און סיי אין אַפריקע. דער קעניגלעכער הויף פון אַמאָנהאָטעפּ דעם דריטן האָט דערפאַר אָנגעהויבן קולטיווירן דעם גלויבן אין „אַטאָן" (זון) אַלס גאָט איבער אַלע געטער. נאָר דאָס נייע גלויבן איז לאַנג ניט געבליבן איינגעשלאָסן אין די ראַמען, וואָס די רעגירונג־לייט האָבן פאַר אים באַשטימט. עס איז אַנטשטאַנען אַ נייע נאַטור־רעליגיע, וואָס האָט אַרום זיך גרופּירט די פּראָגרעסיווע כחות פונם לאַנד, און איז געוואָרן דער מיטלפּונקט פון דעם קאַמף געגן דער אַלטער איינגעפונדעוועטער ממשלה פון דער טראַדיציע. באַזונדערס איז עס געוואָרן דער פאַל נאָך דעם טויט פון פּרעה אַמאָנהאָטעפּ דעם דריטן אין יאָר 1375 פ. ק. דער נייער קעניג, אַמאָנהאָטעפּ דער פערטער, איז אַרויף אַפן טראָן אינם עלטער פון 12 אָדער 13 יאָר. ער איז געשטאַנען אינגאַנצן אונטער דעם איינפלוס פון די אָנהייננגער פון דער נייער נאַטור־רעליגיע, צו וועלכער עס האָבן אויך געהערט זיין מוטער און אַם, ביידע געבוירענע אין אויסלאַנד און פריי פון די אַלטע עגיפּטישע טראַדיציעס.

די אָנהייננגער פון אָט־דער נייער נאַטור־רעליגיע זיינען געוועזן מאָנאָ־טעאיסטן. זיי האָבן באַטראַכט די נאַטור פאַר אַן איינהייט, פערזאָניפיצירט

דורך „אַטאָן", די זון, וועלכע שפּרייט אויס אירע שטראַלן־הענט איבער דער גאַנצער ערד און אַלע אירע באַשעפענישן.

„אַטאָן" איז ניט קיין זון־גאָט, נאָר טאַקע די זון אַליין. אַטאָן האָט דער־פאַר קיין שייכות ניט צו די אַלע סימבאָלן און צערעמאָניעס וואָס פאַראייניקן די אַלטע זון־געטער רע און אַמאָן, מיט דעם מגושמדיקן אַבערגלויבן פון גענצ־דיגערישן מצרים. אַטאָן איז „דער פאָטער און די מוטער פון אַלץ וואָס איז געשאַפן".

זיין קינד, דער מענטש, דאַרף זיין אַזוי נאַטירלעך, אַזוי אומגעקינסטלט ווי ער, אַטאָן (די ליכטיקע זון). דער מענטש דאַרף זיין ערלעך, אַנערקענען זיינע שוואַכקייטן און חסרונות. אָנשטאָט צו גילטן פאַר אַ גאָט, ווי אַלע אַנדערע פּרעהס האָבן פּרעטענדירט צו זיין, איז דער יונגטלעכער קעניג פון די רעפאָרמאַטאָרן באַוועגט געוואָרן זיך צו באַטראַכטן פאַר אַ פּשוטן בשר



אַכן־אַטאָן.

ודם, פאַר אַ זינדיקן מענטשן, וואָס איז פול מיט חרטה און תשובה. ער האָט, אַזוי ווי די איבעריקע דינער פון אַטאָן, געזאָגט די תפלה: „שטראָף מיך

ניט לויט מיינע זינד!" איר אידייע פון אמת, נאטירלעכקייט און איינפאכ־קייט האט אט־די רעפארם־באוועגונג אויך אריינגעבראכט אין דער קונסט. זי האט געלערנט די קינסטלער זיך אפצוזאגן פון אלע אלטע טראדיציעס און שאבלאנען, און מאלן דאס לעבן אזוי ווי עס איז. זי האט געהאסט יעדע פארם פון פאלשקייט און געפאדערט פון די קינסטלער צו מאלן אדער שניצן געשטאלטן אזוי ווי זיי זיינען באמת, אן קיין פארשענערונגען. זעט די מענטשלעכע פיגור פון נאטור אוים ניט פולקאם, טא זאל זי אויך אזוי זיין אין דער קונסט. צו וואס זיך אליין נארן? האבן מיר דערפאר בילדער פון דעם פרעה פון דער רעפארם־באוועגונג, וואס זיינען פריי פון יעדן שאבלאן און גיבן אונז עכטע מענטשלעכע געשטאלטן פון יענער צייט.

אט די אידייע פון נאטירלעכקייט און איינפאכקייט האט אויך באוועגט דעם יונגנטלעכן פרעה זיך צו פירן אין פריוואטן לעבן אנדערש ווי אלע קעניגן פון מצרים פאר אים. עס זיינען צעבראכן געווארן אלע מחיצות און צאמען וואס האבן דערווייטערט דעם פרעה פון פאלק און אים פארוויקלט אין א געט־לעכער געהיימניש. דער פרעה פון די רעפארמער האט זיך באוויזן אין דער עפנטלעכקייט מיט זיין יונגער פרוי. ער האט זיך אויך ניט געשעמט איר צו האלטן אף זיין שויס, איר ארומנעמען און קושן.

אט אזוי האט די רעפארם־באוועגונג „סקאנדאליזירט" די אלטע גוטע און פרומע לייט פון מצרים. נאר דאס איז געווען בלויז אן אנהייב. די רעפארם־באוועגונג האט צוערשט געלאזט צורו דעם אלטן גלויבן מיט זיינע געטער און טעמפלען. זי האט זיך באנוגנט מיט פראפאגאנדירן די נייע אידייע. זי האט געלאזט אויסבויען אין טהעבעס א טעמפל פאר איר גאט אטאן. די געגנט וואו דער טעמפל איז געווען געבויט האט זי אנגערופן „קלארקייט פון גרויסן אטאן". דעם גאט אטאן האט זי געלאזט אויסמאלן אלס א זון־קוגל וועמעס שטראלן נעמען אן די פארם פון הענט. זי האט אויך פארפאסט פאעטישע הימנען צו דער זון, וואס זיינען געזונגען געווארן אין נייעם טעמפל.

די פריסטערשאפט פון אמאן האט געקוקט קרום אף דעם נייעם טעמפל „געם אטאן". דער כהן גדול פון אמאן האט געוואלט שפילן די ראל פון די שפעטערע קאטוילישע פויפסטן און שטעלן די כהונה איבער דער מלוכה. ער האט דערפאר ניט געקאנט בלייבן גלייכגילטיק זעענדיק, ווי עס ווערט געפלאנט א וועלט רעליגיע, פון וועלכער דער וועלטלעכער הערשער איז דער כהן גדול. די פריסטערשאפט פון אמאן האט אויך ניט געקאנט בלייבן רואיק, ווען די נייע רעליגיע צעשטערט דעם קוואל פון אירע רייכע הכנסות. עס קומט דאן צו אן אפענעם קריג צווישן די פארשטייער פון דער טראדיציע

און די רעפֿאָרמאַטאָרן. די לעצטע זאָגן זיך דעמאָלט אָפּ אינגאַנצן פֿונם אַלטן גלויבן פֿון זייערע אבות. זיי פֿאַרשווענכן די טראַדיציאָנעלע הייליקטימער, לעסטערן די אַלטע געטער, שליסן די טעמפּלען פֿון גאָט אַמאָן און נעמען אַוועק אַלע הכנסות פֿון זיינע פּריסטער. דער יונגטלעכער פּרעה ענדערט זיין נאָמען פֿון אַמאָנהאָטעפּ (דער אין וועמען אַמאָן רוט) צו „כו־ען־אַטאָן" (איכן־אַטאָן, אַכן־אַטאָן), וואָס דאָס מיינט, אַז „אַטאָן איז צופֿרידן" אָדער „ער אין וועמען אַטאָן איז צופֿרידן". דערמיט האָט די רעפֿאָרם באַוועגונג זיך נאָך ניט באַנוגנט, נאָר געלאָזט אויסהאַקן פֿון אַלע מאָנומענטן דעם נאָמען אַמאָן, וואָס איז פֿאַר איר געווען דער סימבאָל פֿון דער ערגסטער טומאה. אין איר אייפֿער אויסצוראָמען די טומאה פֿון גרונטאויס, האָבן די רעפֿאָרמער זיך ניט אָפּגעשטעלט אַפילו ביים קבר פֿון פּרעהס פֿאָטער, אַמאָנהאָטעפּ דעם דריטן. זיי האָבן אויך דאָרט אויסגעהאַקט יעדן וואָרט און יעדן צייכן, וואָס האָט דערמאָנט דעם נאָמען אַמאָן.

ווי אַלע מאָנאָטעאיסטן, זיינען די רעליגיעזע רעפֿאָרמער געווען באַזונדערס שטריינג צו יעדן צייכן פֿון פֿיל־געטעריי. זיי האָבן ניט געשוינט די עלטסטע מאָנומענטן אין לאַנד און פֿאַרקריפּלט אַלטע קונסטווערק, זוכנדיק צו פֿאַרטיליקן דאָס וואָרט געטער און די סימבאָלן פֿון געצנדינסט, כדי צו דעמאָנסטרירן, אַז עס איז פֿאַראַן בלויז איין־איינציקער גאָט. צולעצט האָבן די רעפֿאָרמיסטן באַשלאָסן אָפּצוברעכן אינגאַנצן מיט דער אַלטער סביבה און זיך שאַפֿן דריי נייע הויפּט־שטעט (אין אַזיע, אין סודאַן און אין מצרים) פֿאַר דער אימפּעריע און פֿאַר איר וועלט־גאָט אַטאָן.

די רעפֿאָרם־רעגירונג האָט פֿאַרלאָזן די פֿון־הונדערטער־יאָרן אַלטע הייליקע הויפּטשטאָט, טהעבעס, מיט אירע פֿאַרשווענכטע טעמפּלען, קברים און אָבעליסקן, וועלכע איז פֿאַר איר געווען דער מיטלפּונקט פֿון טומאה. די רעפֿאָרמער האָבן געלאָזט אויסבויען אַ נייע הויפּטשטאָט, 300 מייל פֿון טהעבעס, און איר אַ נאָמען געגעבן „אַכעט־אַטאָן", דאָס הייסט „דער האָריזאָנט פֿון אַטאָן". זייער אידעאַל איז געווען איר צו מאַכן פֿאַר אַ „שטאָט פֿון גערעכטיקייט", אַ „שטאָט פֿון אמת".

די ערשטע פֿינף יאָר איז די רעפֿאָרם־באַוועגונג אָנגעפֿירט געוואָרן פֿון די עלטערע געמעסיקטע עלעמענטן און איז איינגעגאַנגען אַף פּשרות. נאָר די קריג־דערקלערונג פֿון דער פּריסטערשאַפֿט האָט די רעפֿאָרמער באַפֿרייט פֿון יעדן פּשרה־זין און זיי האָבן אָנגעהויבן זייער ריקזיכטלאָזן קאַמף אויסצוראָטן יעדן שפּור פֿון דער טראַדיציע.

די זון, מיט אירע ליכטיקע און וואַרעמע שטראַלן, וועלכע די רעפֿאָרם־באַוועגונג האָט דערהויבן צום איינציקן גאָט פֿון דער וועלט, איז, ווי

געזאָגט, ניט געווען פאַרבונדן מיט קיין סימבאָלן און צייכנס פון דער אַלטער זון־רעליגיע. פאַר די רעפאָרמער איז אַטאָן געווען בלויז די זון, וואָס שאַפט און דערהאַלט דאָס לעבן דורך אירע שטראַלן, וועלכע זיי (די רעפאָר־מער) האָבן געלאָזט אַפּמאָלן ווי הענט, וואָס ציען זיך מיט ברכות פון שפע און גליק צו אַלץ וואָס לעבט אויף דער וועלט. די אַטאָן־דינער האָבן ניט אָנערקענט, ווי די פּריסטער פון עגיפּטישן זונען־קולט, אַז דער אָקס, אָדער קאַלב, איז דער סימבאָל פון זון־גאָט אויף דער ערד. אַלע סימבאָלן און געשטאַלטן, וואָס פלעגן פּערזאָניפיצירן דעם זון־גאָט אין מצרים און אין אויסלאַנד, האָבן די רעפאָרמער דערקלערט פאַר געצנדיסטן און זיי פאַרבאָטן.

דעם איינציקן סימבאָל פון די פריערדיקע זון־געטער, וואָס די רעפאָרם האָט אנערקענט, איז געווען דער אמת. די זון־פּריסטער פון אַמאָן האָבן זייערע אויסדערוויילטע פאַרטרויט דעם סוד, אַז די וואַרהייט־געטין, „מאַאַט" (עמעט), איז די פּערזאָניפיצירונג פון העכסטן געזעץ, געטלעכן יושר און מענטשלעכער מאָראַל. זי איז דאָס ווייב פון טהאָ, דער באַשאַפער פון ציוויליזאַציע און די טאָכטער פון זון־גאָט, רע. פון סעמיטיזירטן מערי־אַזיע האָבן די רעפאָרמער געלערנט, אַז דער זון־גאָט „שמש" איז דער פאָטער פון רעכט און גערעכטיקייט. זיי האָבן דערפאַר באַטראַכט די זון (אַטאָן) פאַרן סימבאָל פון אמת און יושר. די הויפּטשטאָט וואָס זיי האָבן פאַר איר געבויט האָבן זיי גערופן „די שטאָט פון אמת און יושר". דעם יונגן פּרעה האָבן זיי געגעבן דעם טיטל „לעבנדיק פון אמת".

אין זייער אייפער פאַרן אמת האָבן די יונגטלעכע, ראַדיקאַלע עגיפּטער פון 33 הונדערט יאָר צוריק געוואַגט אַריינצוברייכנגען זייער ראַדיקאַליזם אויך אין דער נאָענטקייט פון טויט. אַפילו די צערעמאָניעס ביים ראַנד פון קבר האָבן זיי ניט איבערגעלאָזן אין די הענט פון די פאַרשטייער פון דער אַלטער רעליגיע. די רעפאָרמער האָבן צעשטערט יעדן שפּור פון אַלטן גלויבן אויך אויף די קברים.

אויף די ווענט פון די פעלזן־קברים אַרום דער רעפאָרמערישער הויפּט־שטאָט אַכעט־אַטאָן זיינען ניט אויסגעמאָלן געוואָרן, ווי דער מנהג איז געווען, קיינע בילדער פון די שדים און רוחות, געטער און געטינס, וואָס ווערן געשילדערט אין די אַלטע הייליקע ספרים און וואָס האָבן געלעבט אין דער פאַנטאַזיע פון די מאַסן. מען געפינט דאָרט בלויז בילדער פון פּריוואַטן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, געמאָלן רעאַליסטיש, נאַטירלעך און איינפאַך, ווי ס'איז געווען די קונסט, וואָס די נייע אידייע פון אמת און נאַטירלעכקייט האָט דערמונטערט. די קברים פון טעל על־אַמאַרנאַ, ווי די רואינען פון אַכעט־אַטאָן, זיינען היינט באַוואוסט, זיינען דערפאַר אַן אוצר פון

קונסטפולע אילוסטראַציעס פון דעם לעבן אין מצרים מיט איבער דריי טויזנט יאָר צוריק. מיזעט דאָרט ווי אַזוי עס האָט געלעבט די באַפעלקערונג פון יענער צייט און אויך דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון דעם רעפאָרמערישן פּרעה. כמעט אַלע מאָל זעט מען אים אַרומגערינגלט פון זיין ווייב און קינדער. אַמאָל האַלט ער די קינדער אַפן שויס, טוליעט זיי צו זיין ברוסט, אָדער זיי טוליען זיך צו אים.

פון די אויפשריפטן אַף די קברים וועגט דערוויסן מיר זיך אויך גענויער איבער דעם גלויבן אין אַן איינציקן גאָט, וואָס די רעפאָרמער האָבן פּראָפּאַגאַנדירט, און איבער זייערע קונסט אידייען. אַזוי דערקלערט דאָרט דער אַרכיטעקט און סקולפּטאָר בעק, אַז פּרעה אַכן־אַטאָן זעלבסט האָט אים (דעם קינסטלער) געלערנט זיין נייע קונסט. דער גענעראַל מאַי דערקלערט, אַז אַכן־אַטאָן האָט אים דערהויבן, ווייל ער (מאַי) האָט דורכגעפירט זיין (אַכן־אַטאָנס) „לערע און אָן אויפהער געטראָגן זיין וואָרט".

גענעראַל מאַי און אַנדערע הויפּלייט, ריידנדיק וועגן פּרעה אַכן־אַטאָן, שילדערן אים אַלס ליבהאָבער פון אמת און שונא פון שקר, ווי אַטאָן (די זון). אַנדערע אויפשריפטן גיבן איבער די הימנען, וועלכע די רעפאָרמער האָבן פאַרפאַסט צו דער זון. איין הימן ווערט איבערגעחזרט אַף אַ סך קברים־וועגט. איניקע טיילן פון אָט דעם הימן לייענען זיך אַזוי:

„ווען דו גייסט אויף אַפן מזרחדיקן האָריזאָנט
באַלייכטסטו יעדעס לאַנד מיט דיין שיינקייט.
ביידע לענדער (פון מצרים) פרייען זיך דעמאָלט,
זיי דערהייבן זיך, טרעטן אַף די פיס,
באָדן זייערע קני, נעמען זייערע קליידער.
זייערע אָרעמס דערהייבן זיך צו אַ תפלה ביי דיין דערשיינען.
די גאַנצע וועלט נעמט זיך צו דער אַרבעט.

„אַלע בהמות רוען אַף זייער גראָז,
די ביימער און די פלאַנצן ווערן גרין,
די פויגל פלאַטערן אין זייערע נעסטן,
זייערע פליגלען דערהייבן זיך אין תפלה צו דיר.
אַלע שעפּסן שפּרינגען צו דיר,
אַלץ וואָס פליט הייבט אָן לעבן,
ווען דו שיקסט זיי דיינע שטראַלן.

„שיפלעך פאָרן אַרויף און אַראָפּ־שטראָם,
דיין דערשיינען עפנט זייער וועג.
די פיש אין וואַסער שפּרינגען צו דיר,
דיינע שטראַלן דרינגען אין גרויסן, גרינעם ים.

„ווען דו פאַרגייסט אין מערב־זייט,
איז די ערד אין חושך ווי ביי טויטע.
זיי שלאָפן אין זייערע קאַמערן,
זייערע קעפּ זיינען פאַרוויקלט,
זייערע נאָזלעכער פאַרשטאָפּט,
יעדער לייב קומט אַרויס פון זיין נאָרע.
די שלאַנגען, זיי בייסן.
פינצטערניש — — —
די וועלט איז אין שווייגן.

„ווי צאָלרייך זיינען דיינע טאַטן !
זיי זיינען פאַרבאָרגן פון אונז.
אָ, איינציקער גאָט, וועמעס בחות קיינער פאַרמאָגט ניט.
דו האָסט באַשאַפן די ערד לויט דיין ווילן
ווען דו ביסט געווען אַליין.
מענטשן, בהמות, גרויס און קליין,
אַלץ וואָס לעבט אַף דער ערד,
וואָס גייט אַף איר מיט זייערע פיס,
אַלץ וואָס איז אין דער הויך,
וואָס פליט מיט פליגלען.

„די פרעמדע מדינות אמורי און כוש,
דאָס לאַנד מצרים,
דו האָסט באַשטימט יעדן מענטשן אַף זיין פלאַץ,
דו האָסט צוגעשטעלט זייערע באַדערפעניש ן.“

אין אַט־די און אַנדערע הימנען ברייננגען אַרויס די רעפאָרמער דעם געדאַנק, אַז די גאַנצע וועלט ווערט רעגולירט פון אַן איינציקער קראַפט, וועלכע אַנטפּלעקט זיך אין דער גאַנצער נאַטור. קיין נאַציאָנאַלע געטער זיינען ניטאָ. גאָט איז דער האַר פון דער גאַנצער מענטשהייט. אין דעם הימן ווערן געשטעלט אמורי (סיריע) און כוש (סודאַן) פריער פאַר מצרים כדי אונטערצושטרייכן, אַז אַלע מענטשן זיינען גלייך פאַר גאָט. אין איין הימן ווערט געזאָגט צו דער זון: „דו ביזט דער פאָטער און די מוטער פון אַלץ וואָס דו האָסט געמאַכט“. אין אַ צווייטן הימן — אַז זי, די „לעבעדיקע זון“, זאָרגט אַפילו פאַרן קלענסטן ווערימל, פאַר יעדער פלאַנץ.

אַזוי זיינען די רעפאָרמער געקומען דורך זייער פאַרערונג פון דער נאַטור, די זון, וועלכע זיי האָבן אָנגערופן לעבעדיקער גאָט, צום געדאַנק פון אַ וועלט־גאָט און צו דער איינהייט פון גאַנצן מענטשלעכן מין, כאָטש זיי (די מענטשן) „זיינען געשאַפן געוואָרן אין באַזונדערע געשטאַלטן און פאַרשידנאַרטיקע הויטן“ און „זייערע צונגען זיינען פאַרשיידן אין רעדן“.

די נאַטור איז אמת, דאַרף אויך דער מענטש זיין אמת. דאַרף אויך זיין קונסט זיין אמת. דאַרף מען קיין זאַך ניט פאַרפעלשן. דאַרף מען מאָלן רעאַליסטיש, לעבנס־טריי, ווי די נאַטור אַליין.

פון די ביז־איצט געפונענע דאָקומענטן אין די חורבות פון טעל־על־אמארנא (אכעט־אַטאָן) און אין קבר פון טוט־ענך־אַמאָן (אכנ־אַטאָנס איידעם) איז ניט קלאָר אַף וויפיל די רעפאָרמאַטאָרס אין רעליגיע און אין קונסט האָבן אויסגעדריקט זייערע רעפאָרמיסטישע אידייען אין פּאָליטיק און אין עקאָנאָמיע. פון די בריוו פון די קעניגן פון בבל, אשור און מיטאני, און באַזונדערס פון די פירשטן פון סיריע און פּאַלעסטינע פון וועלכע די לעצטע זיינען פול מיט יללות איבער דעם אַריינדרינגען פון די האבירי (העברייער) אין לאַנד, איז קענטיק, אַז די רעגירונג פון אכנ־אַטאָן איז ניט געווען שטאַרק מיליטאַריסטיש. ווייניקער אָנדייטונגען זיינען פאַראַן איבער דער שטעלונג פון דער רעפאָרם־רעגירונג צו די אָרעמסטע שיכטן פון פאָלק. זיכער איז, אַז פאַר איר זיינען זיי געווען גלייכע מענטשן, צו וועלכע די זון שטרעקט אויס אירע שטראַלן־הענט. נאָר צי די באַאַמטע פון אטאָן־גלויבן האָבן ווייניקער אויסגעזויגן דאָס פאָלק ווי די באַאַמטע פון אמאָן־גלויבן איז פאָרלויפיק נאָך ניט באַשטימט.

אַלנפאַלס האָט די רעפאָרם־באַוועגונג דורך איר רעוואָלט געגן דער טראַדיציע דעמאָקראַטיזירט די עגיפּטישע רעליגיע און זיך געשטיצט הויפּטזעכלעך אַף דעם אויפגעקומענעם מיטלקלאַס פון אומאָפּהייניקע סוחרים און בעל־מלאכות.

די בעל־מלאכות, וואָס זיינען אין דער צייט פון דער פעאָדאַלער סיסטעם געווען פאַרקנעכט צו זייערע הארן, אָדער האָבן געאַרבעט פאַר א הונגער־לוין, ניט האָבנדיק קיין רייכן מאַרק פאַר זייערע פּראָדוקטן, האָבן איצט פּראָדוצירט פאַר דעם צאָלרייכן באַאַמטנטום, ווי אויך פאַר די ווייטע אויסלענדישע מערק. דאָסגלייכן די שיף־באַזיצער, וואָס האָבן פריער ניט געוואַגט אונטערצונעמען ווייטע רייזעס, האָבן איצט געפירט גרויס מסחר מיט די ווייטסטע געגנטן פון דער אימפּעריע. אָט דער אויפגעקומענער רייכער מיטלקלאַס פון היימישער און אויסלענדישער אָפּשטאַמונג, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט די פעלקער פון מערב־אזיע און די עגייאישע אינזלען מיט זייערע פאַרשידענע רעליגיעס, זיטן און פאָרמען, האָט זיך גענויטיקט אין א רייכערן גייסטיקן לעבן ווי דעם פון די ברייטע אומוויסנדיקע אַבערגלויבערישע מאַסן פון זייער לאַנד. די העכערע קולטור פון די אויפגעקלערטע פּריסטער איז געווען איינגעוויקלט אין סודות און רמזים, וואָס זיינען געווען באַוואוסט בלויז צו יחידי־סגולה. אָט די פאָדערונג פאַר א דעמאָקראַטיזירונג

פון די העברעע גייסטיקע באַגריפן האָט באַפּרידיקט די רעפאָרם־באַוועגונג, וואָס האָט אין זיך פאַראייניקט די קולטורן פון אַזיע און אַפריקע.

ניט צופרידן זיינען געווען די פּריסטערשאַפט, וועלכע איז באַרויבט געוואָרן פון איר ממשלה און רייכטום, ווי אויך די אַלע קרעמער און בעלי מלאכות, וואָס האָבן געלעבט אַרום די אַלע טעמפּלען; באַזונדערס די, וואָס מאַכן געצן, מצבות און קמיעות, וועמעס גאַנצע פּראָפעסיע האָט געליטן פון דעם פאַרבאָט צו דינען די אַלטע געטער. אומצופרידן זיינען אויך געווען דאָס שטייענדיקע מיליטער און די אַלע גענעראַלן און אָפיצערן, וואָס האָבן געגאַרט נאָך זיגרייכע מלחמות. אָט די עלעמענטן האָבן געהעצט קעגן דער פּראָגרעסיווער רעפאָרם־באַוועגונג. ווען אַכנ־אַטאָן שטאַרבט, אָדער ווערט דערמאָרדעט (אין יאָר 1358 פ. ק.) אין עלטער פון 29 אָדער 30 יאָר, ווערט זיין טויט אַ צייכן פאַר דער קאָנטער־רעוואָלוציע. עס פאַרראַטן יענע באַאַמטע, וואָס האָבן געשטיצט די רעפאָרם־באַוועגונג צוליבן קעניגס רייכע מתנות. אַ ווייל ווערט איבערגעלאָזן אַפן טראָן אַכנ־אַטאָנס איידעם, טוט־אַנק־אַטאָן (לעבעדיק בילד פון אַטאָן) וועמעס נאָמען ווערט געענדערט צו טוט־אַנק־אַמאָן (זיין קבר איז אין יאָר 1922 געפונען געוואָרן פול מיט אַנטיקן פון דער רייכער קונסט עפּאָכע פון אַכעט־אַטאָן). נאָר באַלד גייט איבער די מאַכט צו אַ נייער דינאַסטיע אונטער דעם איינפלוס פון דער פּריסטערשאַפט פון אַמאָן. דער נאָמען אַטאָן ווערט אויסגעהאַקט פון אַלע מאָנומענטן. די הויפּטשטאָט, אַכעט־אַטאָן, ווערט חרוב געמאַכט. דער קבר פון אַכנ־אַטאָן ווערט פאַרשוועכט. זיין נאָמען ווערט אויסגעמעקט פונם צעטל פון די הערשער פון מצרים. זיין הערב אַרונטערגעהאַקט פון יעדן מאָנומענט. די אַלטע עגיפּטישע שרייבער פאַרשווייגן בכלל יענע זינדיקע צייט, אַזוי ווי דאָס לעבן וואָלט דעמאָלט אינגאַנצן אויפגעהערט. און מוז מען זי אַמאָל דערמאָנען, ווערט זי באַצייכנט אַלס די צייט פון דעם „פאַרברעכער פון אַכעט־אַטאָן". עס איז דערפאַר אויך ניט באַוואוסט ווי אַזוי האָט געווירקט דער זיג פון דער פּריסטערשאַפט פון אַמאָן אַף די מאָנאָטעאיסטישע נאָכפאָלגער פון אַטאָן, וועלכע האָבן געהאָפט, אַז זייער לערע וועט עקזיסטירן ביז „דער שוואַן וועט ווערן שוואַרץ און דער ראָב ווייס, ביז די בערג וועלן זיך אויפהייבן און אַוועקגיין און דאָס וואַסער וועט פליסן באַרג־אַרויף".

## אַן אַרבעטער־סטרייק מיט איבער 3,000 יאָר צוריק

אַ דאַנק דעם, וואָס די אַלטע עגיפּטער פלעגן מיטנעמען מיט זיך אין קבר צווישן אַנדערע זאַכן אויך זייערע שריפטן, האָט מען אין דער נייער

צייט געפונען אין א קבר, ביי דער אלטער קעניג־שטאט טהעבעס (ביבליש — נא, איצט לוקסאר) א מגילה, וואס דערציילט וועגן אן עכטן סטרייק מיט סטרייק־פירער, דעמאנסטראציעס, פשרה־מאכעריי (ארביטריישאן) א. א. וו.

אט די „סטרייק־מגילה" איז געשריבן אף פאפירוס אין דער פארמע פון א טאג־בוך. די אלט־עגיפטישע פארלייט (נוגשים), אדער „אויבער־ארבע־טער", ווי זיי הייסן בוכשטעבלעך אין דער עגיפטישער שפראך, פלעגן פירן א גענויען פראטאקאל פון יעדן ארבעטער אונטער זיי און פארצייכענען אלע פאסירונגען ביי דער ארבעט.

די ארבעטער, פון וועמעס סטרייק עס ווערט דערציילט אין דעם פאפי־רוס, זיינען געווען באשעפטיקט אין דער טויטנשטאט, נעקראפאלים אדער בית הקברות פון טהעבעס.

דער בית הקברות פון דער קעניגלעכער שטאט טהעבעס האט פארנומען א גרויסן שטח. דארט האבן זיך געפונען רייכע טעמפלען, מאנומענטן און געביידן. די רייכע קברים־שלעסער זיינען געווען אנגעפילט מיט אוצרות קאסטבארע זאכן און ארומגערינגלט פון שיינע גערטנער.

די רייכע טויטנשטאט איז דערפאר געווען ארומגערינגלט מיט פעסטונ־גען, געהאט קאזארמעס מיט סאלדאטן און סטאנציעס מיט פאליציילייט, וואס האבן איר באוואכט. אירע טעמפלען, וואס האבן אנגענומען קרבנות פאר די נשמות פון די טויטע זיינען געווען זייער רייך און זייערע פריסטער האבן געהאט א גרויסן איינפלוס אין דעם לעבן פון לאנד.

אפיציעל איז די טויטנשטאט געשטאנען אונטער דער הערשאפט פון משנה למלך (פרעמיער), נאר פאקטיש האט דארט געהערשט זיין פארטרעטער, דער „פירשט פון מערב און שר פון די טויטנשטאט־סאלדאטן", וואס האט געהאט אונטער זיך א גאנצן שטאב פון פארשיידענע באאמטע.

צווישן די ארבעטער וואס זיינען געווען באשעפטיקט אין דער טויטנ־שטאט האבן זיך געפונען מייסטער אין זייער פאך. באזונדערס איז עס געווען דער פאל מיט די שטיינקריצער און מאלער, וואס האבן געמוזט זיין קינסטלער און קאנען לייענען און שרייבן. דער נוסח אף דער קבר־וואנט, אבעליסקן א. א. וו. פלעגט אט די ארבעטער ווערן צוגעשטעלט אין היראטיש, די עגיפטישע געשריבענע שפראך, און נאך מיט באמערקונגען דערצו. די צייכנער און מאלער פלעגן עס אנצייכענען און אויסמאלן אפן שטיין אין דער בילדער־שריפט (היראגליפן) און די שטיינקריצער פלעגן עס נאכדעם אויס־ארבעטן לויט די אנגעצייכנטע אוזארן. די מאלער פלעגן אויך מאלן אריגינעלע סצענעס פון דעם פריערדיקן לעבן און טעטיקייט פון פארשטאר־בענעם און זיין סביבה.

קינסטלער אין זייער פאַך זיינען אויך געווען די שטיינהאַקער, די סטאָליאַרעס, די שמידן, די וועבער און די גערטנער וואָס האָבן געהאָדעוועט און קונסטפול אויסגעשטעלט די בלומענגערטנער אַרום די קברים.

אָרגאַניזירט זיינען געווען אָט די קוואַליפיצירטע אַרבעטער אין צעכן אָדער יוניאָנס און געאַרבעט אונטער דער אויפזיכט פון זייערע אויבער־אַרבעטער אָדער פאַרלייט.

אַף אַ נידעריקערן שטאַפּל זיינען געשטאַנען יענע אַרבעטער וואָס האָבן באַזאָרגט די טויטנשטאָט מיט פּראָוויאַנט. די בעקער, פישער, טייטל־צו־שטעלער, וואַסער־טרעגער און האָלצהעקער זיינען באַהאַנדלט געוואָרן ווי קנעכט.

אויך די לאַגע פון די „פרייע אַרבעטער" איז געווען פול מיט ליידן. ווער ס'האָט געאַרבעט אינם „לאַנד פון אויבערערד", אַף די־פון־זון אָפּגע־ברענטע קאַלכשטיין־פעלזן, האָבן געליטן פון דער שרעקלעכער היץ. די וואָס האָבן געאַרבעט פאַרן ליכט פון די אויל־לעמפּלעך אין די הײלן אונטערן באַרג, האָבן געליטן פון דער דעמפּיקער לופט און שלעכטער ליכט. די



אַלט־עגיפּטישע בעקער־אַרבעטער.

אַרבעטער פלעגן דערפאַר אָפט אוועקפאַלן קראַנק און פעלן צו דער אַרבעט.

אין אַ פּראָטאָקאָל פון אַן אויבער־אַרבעטער, וועגן צושטאַנד פון די 40 אַרבעטער וואָס זיינען געשטאַנען אונטער זיין אויפזיכט, איז פאַרצייכנט, אַז אַ סך פעלן צו דער אַרבעט צוליב קראַנקהייט. די סיבה פון דער קראַנק־

הייט ווערט אָנגעגעבן נאָר ווען זי איז אַן אויסערגעוויינלעכע. אַזוי שרייבט זיך אַף איינעם „אים געשטאָכן אַן עקדיש — קראַנק".

פון דעם זעלבן פּראַקטאָקאָל דערוויסן מיר זיך אַז אַן אַרבעטער פלעגט אַמאָל ניט קומען צו דער אַרבעט אויך צוליב דעם וואָס זיין מוטער איז געווען קראַנק, אָדער ער האָט געדאַרפט צוגרייטן אַ מתנה פאַר זיין אינגל. אַן אַרבעטער מיטן נאָמען נעפער־אַבעט, איז ניט געקומען צו דער אַרבעט, ווייל ער האָט געדאַרפט „אָפּגאָלן די האָר פון קאָפּ". געווען אָבער אויך אַרבעטער וואָס האָבן געפעלט צו דער אַרבעט, דערפאַר ווייל מ'האָט זיי געשיקט אַרבעטן ערגעץ אַנדערשוואו און דער פאָרמאַן האָט דערביי געמאַכט אַ ניט געזעצלעכן פּראָפיט.

די פּראָסטע אַרבעטער זיינען געווען אומוויסנד, ניט געקאָנט לייענען און שרייבן, געגלויבט אין שדים און רוחות. אַזוינע אַרבעטער פלעגן אַמאָל ניט קומען צו דער אַרבעט אין געוויסע „בייזע טעג", אין וועלכע די אָבער־גלויביקע פלעגן מורא האָבן עפּעס וואָס צו טאָן, אָדער בכלל פאַרלאָזן דאָס הויז. דערפאַר אָבער זיינען געווען גאַנץ אויפגעקלערט די שטיינשניצער, צייכנער און מאָלער פון דער בילדער־שריפט, וועלכע זיינען, ווי די היינטיקע זעצער, געשטאַנען ביים קוואַל פון וויסן.

געפינט זיך נאָך צווישן די שריפטן פון אַלט מצרים אַ רעדע פון אַזאַ עגיפּטישן „בחור הזעצער", וועזר־האָפּש, וואָס ער האָט געהאַלטן אַלס ענטפער צום פירשט פון טויטנשטאָט. דער פירשט איז אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער קלוגער רעדע, דורכגעפלאָכטן מיט טיפער איראָניע, אַז ער האָט ניט מער אַרגומענטירט, נאָר אויסגערופן: „יאָ, דאָס איז געווען ניט קיין קליינע רעדע!"

אין די טאָג־ביכער ווערט אויך דערציילט פון אַרבעטער, וואָס זיינען געווען אָנגעקלאָגט אין גנבה און גזלה און אין אָנגרייפן פרעמדע פרויען. נאָר זייערע אַלע זינד זיינען אומבאַדייטנדיק אין פאַרגלייך מיט די גרויסע פאַרברעכנס פון זייערע פאָרלייט, די אויבער־אַרבעטער. אין אַן אָנקלאַגע פון אַן ענערגישן אַרבעטער פון 12טן יאָרהונדערט פ. ק. קעגן זיין פאָרמאַן רעכנט ער אויס אָט אַזאַ מין צעטל:

„דער פאָרמאַן פּי־נעבע האָט צוגעגנבעט אַ קעניגלעכן רייטוואָגן, געד־רויבט וויין פון קעניגלעכן ווינקעלער, פאַרקערט מיט ראָווע, די פרוי פון אַרבעטער קע־נע, אויך מיט דער פרוי פון אַרבעטער חאָנער, און אויך מיט זיין אייגענער טאָכטער באַחעט, מיט וועמען ס'פאַרקערט אויך זיין זון אַפּאַכטע. ער (דער פאָרמאַן) בויט זיך אַ קבר צו וועלכן ער הייסט די אַרבעטער גנבענען שטיינער פון דער מלוכה. ער גנבעט אויך פרעה'ס

> בראָנז. אויך דעם ברעכאייזן צו האַקן שטיינער. ער האָט אויך באַרויבט דעם קבר פון דעם אַרבעטער נאַכטמין און אַוועקגערויבט די זאַכן, וואָס מ׳גיט מיט אַ טויטן. פירט מחלוקות מיטן אויבער־אַרבעטער נעפרי־כאָטפּ, סטראַשעט יענעם צו דערמאָרדן בייכאַכט. יענער שטעלט אַ וואַך אַרום זיין טיר. (לאָזט אויס דער פאָרמאַן פּי־נעבע זיין כעס צו די אַרבעטער), שמייסט ביין פּערזאָן אין יענער נאַכט. דער וויזיר אַמענ־משה האָט אים דערפאַר באַשטראָפט, האָט ער אים אָנגעקלאָגט אין אַ העכערן פלאַץ און יענער האָט פאַרלאָרן זיין שטעלע. מאַכט אַ בלבול אַף אַן אַנדער אויבער־אַרבעטער, רופט צו די לייט פון שטאָט: ער האָט געגנבעט קרבנות פון אייער גאָט אַמאָן". נאָר זיי גלויבן אים ניט, באַוואַרפט ער זיי מיט שטיינער. די אַרבעטער וואָס שטייען אונטער אים פאַרדינגט ער צו מאַכן בייִנק און קערב (פאַר זיין פראָפיט) און צווינגט זייערע פרויען צו וועבן פאַר אים. איין אַרבעטער, נעב־נופער, דער זון פון וואַד־משה, האָט געמוזט צוויי חדשים פיטערן די בהמות פון זיין (דעם פאָרמאַנ׳ס) זון. אַרבעטער, וואָס ער האָט געפייניקט ביז בלוט, האָבן זיך געגרייט קלאָגן פאַרן קעניג. האָט ער זיי דערהרגעט, כדי זיי זאָלן ניט קאָנען ברייגען קיין קלאַגעס צו פרעהן."

אַזוינע נוגשים, פאָרלייט און אויבער־אַרבעטער זיינען געווען אַ סך. זיי האָבן פאַרביטערט דאָס לעבן פון די אַרבעטער און זיי אין געהיים דער־הרגעט אויב זיי האָבן איינציקווייז אָדער אין גרופּן געזוכט צו ברייגען זייערע קלאַגן פאַר דעם טראָן פון פרעה. דאָך האָבן זיך אַלע מאָל געפונען צווישן די אַרבעטער אַזוינע העלדן, וואָס האָבן געהאַט גענוג מוט זיך צו ווענדן, אויב ניט דירעקט צום פרעה, איז צו זיין משנה למלך (פרעמיער). אַזוי געפינען מיר אין די צייטן פון רעמסס דעם דריטן (אין 12טן יאָרהונדערט פ. ק.) אַן אַרבעטער, פען־אַנוקעט, וואָס שרייבט צום משנה למלך אַזוי:

> „כ׳ווייס גוט, אַז איר זייט מיין אויבערהאַר, נאָר איר זייט אויך דער שומר פון טויטנשטאָט, און דער פרעה, אייער גנעדיקער האַר, וועמען לעבן און געזונט איז באַשערט, האָט אייך דערהויבן. כ׳האָב ניט געהערט און ניט געמערקט קיין פאַרברעכן אין אָט די גרויסע און טיפע פלעצער וואָס איך זאָל האָבן פון אייך פאַרבאָרגן, נאָר איר האָט (מיינע ווערטער) ניט גענומען אין אַכט."

נאָך אָט דער איראָנישער הקדמה באַשרייבט דער אַרבעטער זיין פאָרמאַן, וועמעס מעשים זיינען ענלעך צו די פון דעם אויבנגעשילדערטן פּי־נעבע.

די אָנקלאָג־בריוו פון די עגיפּטישע אַרבעטער פון 13טן און 12טן יאָר־הונדערט פ. ק. צייכענען זיך אויס מיט בייסנדן שפּאָט און טיפער איראָניע. נאָר דאָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די עגיפּטער בכלל. די אָריגינאַ־

ליטעט פון די אַרבעטער־בריוו באַשטייט הויפּטזעכלעך אין זייער פּאָלקסטימ־לעכער שפּראַך, וואָס איז ריין פון סעמיטישע ווערטער. צוליב דעם וואָס באַ־בילאָניש איז אַ לאַנגע צייט געווען די אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך פון גאַנצן מזרח (אַלע בריוו פון מערב־אַזיע צום קעניג אַבנ־אַטאָן און צו זיין פאָטער זיינען געשריבן אין באַבילאָניש) זיינען אריין אין דער עגיפּטישער שפּראַך פון די העכערע קלאַסן אַ סך ווערטער פון סעמיטישן אָפּשטאַם. די שפּראַך פון די אַרבעטער איז אָבער געבליבן ריין פון פרעמדן איינפלוס און זיי שרייבן, ווי זיי האָבן גערעדט, עכט עגיפּטיש.

זייערע שכירות פלעגן די אַרבעטער פון טויטנשטאָט קריגן אין נאַטור־פּראָדוקטן: תבואה, פיש, ביר און אויל. מ׳פלעגט זיי אויך צושטעלן זייערע קליידער. פאַר אַ יום־טוב פלעגן זיי קריגן עקסטרע חלקים. נאָר די צרה איז געווען וואָס מ׳האָט זיי ניט געצאָלט רעגלמעסיק. באַזונדערס איז עס געווען אין דער צייט פון קעניג רעמסס דעם דריטן, וועמעס פינאַנצן זיינען געווען באַשריינקט צוליבן בירגער־קריג ביי זיין איבערנעמען די מלוכה, און צוליב די שטענדיקע מלחמות. די אַרבעטער פלעגן זיך קלאָגן כסדר: „מיר האָבן ניט דערהאַלטן קיין תבואה, מיר הונגערן, מיר זיינען שוואַך״, נאָר קיינער האָט עס ניט גענומען אין אַכט.

די אַרבעטער פון טויטנשטאָט האָבן ניט געגלייבט, אַז דער פרומער פּרעה, רעמסס דער דריטער, וואָס זאָרגנדיק פאַר זיין נשמה צאָלט ער אויס די טעמפּלען 180,000 זעק קאָרן, בלייבט הינטערשטעליק די 50 זעק קאָרן אַ חודש, וואָס ער דאַרף צושטעלן פאַר די אַרבעטער אין טויטנשטאָט. נאָר וואָס דען, דאָס קאָרן, ווי אַ סך אַנדערע זאַכן, גייט צו די שפּייכלער פון די הויכע און נידעריקע באַאמטע. די אַרבעטער האָבן דערפאַר באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלע מאָל אָפּשטעלן (?) אָוועקלייגן די אַרבעט (דאָס הייסט דערקלערן אַ סטרייק, כדי אויסצופירן מ׳זאָל זיי צאָלן רעגלמעסיק זייערע שכירות.

זייער אויבער־אַרבעטער שרייבט וועגן דעם אין זיין טאָג־בוך אַזוי:

„אין יאָר 29 פון דער רעגירונג פון רעמסס דעם דריטן (רעגירט פון 1202 ביז 1170 פ. ק.), דעם 10טן מעכיר (נאָמען פון חודש), דורכברעכונג פון דער טויטנשטאָט דורך די אַרבעטער וועלכע זאָגן:

— מיר זיינען הונגעריק, 18 טעג זיינען שוין אַוועק!

און זיי זעצן זיך אין דער הינטער־זייט פון טעמפּל טוט־משה דעם דריטן (טוט־מאָזע — רעגירט אין 15טן יאָרהונדערט פ. ק.). זיינען געקומען די שרייבער פון טויטנשטאָט־טורעמס, די צוויי אויבער־אַרבעטער, די צוויי עלטסטע און די ביידע הויכע באַאמטע און רופן צו זיי:

— קומט דאָך צוריק אַריין!

און זיי שווערן מיט גרויסע שבועות:

— קומט, מיר האָבן די תבואה פון פּרעה, ס'ליגט, ס'לאַגערט אין טויטנשטאָט."

די אַרבעטער האָבן זיך געלאָזט איבעררעדן, נאָר אויסגעפינענדיק, אַז מ'האָט זיי אָפּגענאַרט, זיינען זיי אויף מאָרגן ווידער אַרוים אין סטרייק. דאָס טאָג-בוך דערציילט וועגן דעם אַזוי:

„ווידער דורכגעבראָכן. זיך דורכגעריסן דורך דער פעסטונג-וואַנט. קומען אָן ביז צום טויער פון דרום זייט פון טעמפּל רעמסס דעם צווייטן".

וואָס ווייטער איז די לאַגע אַלץ געוואָרן קריטישער. אויף מאָרגן, דעם 12טן מעכיר, האָבן די סטרייקער פאַרנומען דעם טעמפּל פון רעמסס דעם צווייטן און זיך געגרייט פון דאָרט צו מאַרשירן ווייטער אין דער הויפּטשטאָט אַריין. די באַאַמטע האָבן אַ פּנים מורא געהאַט פאַר אַ סקאַנדאַל און אָנגע-הויבן ווידער פאַרהאַנדלען מיט די אַרבעטער. ס'קומען אַ שרייבער, צוויי אַרמיי-אָפיצערן און צוויי טויער-וועכטער פון דער פעסטונג פון טויטנשטאָט. נאָר די אַרבעטער לאָזן זיך ניט מער איינרעדן. זיי זאָגן זיך אויך אָפּ צו פאַרהאַנדלען מיטן גובערנאַטאָר פון טויטנשטאָט, צו וועלכן די באַאַמטע האָבן זיי געוואָלט פירן. די אַרבעטער האָבן געגעבן אָנצוהערעניש, אַז זיי זיינען חושד די באַאַמטע, אויך דעם גובערנאַטאָר אין כּלל, אַז זיי נעמען אַראָפּ פאַר זיך דעם גרעסטן טייל פון די פּראָדוקטן, מיט וועלכע מ'פּלעגט זיי, די אַרבעטער, צאָלן זייער מאָנאַטלעכע שכירות.

דער רעגירונגס-שרייבער, הער-נאַהטע, האָט דאַן פאַרזאַמלט די „געט-לעכע פאָטערס" פון טעמפּל, כּדי די אַרבעטער „אויסצוהערן". האָבן די אַרבעטער אַזוי געזאָגט:

— מיר זיינען דאָ געקומען, ווייל מיר זיינען הונגעריק און דאָרשטיק. מיר האָבן ניט קיין קליידער, מיר האָבן ניט קיין אויל, מיר האָבן ניט קיין פיש, מיר האָבן ניט קיין שפּייז. שרייבט דערפאַר צו פּרעה, אונזער גנעדיקן האַר, און שרייבט צום משנה למלך, אונזער אויבערהאַר, אַז מ'זאָל אונז געבן צום לעבן."

די באַאַמטע האָבן זיך דערשראָקן פאַר אַן אָנקלאָג צו פּרעה און צום משנה למלך, האָט מען די אַרבעטער „געגעבן די תבואה פאַרן חודש טיבי — פאַרן פאַרגאַנגענעם חודש — אין יענעם טאָג".

נאָר איצט האָבן שוין די אַרבעטער זיך ניט באַנוגנט דערמיט, וואָס מ'האָט זיי באַצאָלט די שכירות פון לעצטן מאָנאַט. זיי האָבן אַרויסגעשטעלט נייע פאָדערונגען. געוואָלט גאַראַנטיעס, אַז מ'וועט זיי מער ניט אַזוי באַהאַנדלען. דער אָנפירער פון דעם נייעם סטרייק איז געווען פּע-כאָר

(פּחור) דער זון פון מענט־משה.

אונטער פּעכאַר׳ס פירערשאַפט האָבן די אַרבעטער דריי טעג שפּעטער פאַרכאַפּט די פעסטונג און דאָרט אָפּגעהאַלטן זייער סטרייק־קאָנפערענץ. דאָס טאָג־בוך שרייבט וועגן דעם אַזוי:

„עס זאָגט פּע־כאַר, דער זון פון מענט־משה:

— זעט, כ׳זאָג אייך מיין מיינונג, גייט אַרויף און נעמט אייערע געצייג, צעברעכט אייערע טירן און נעמט מיט ווייב און קינד. כ׳גיי פאַראויס פאַר אייך צום טעמפּל טוט־משה דעם דריטן און לאָז אייך נאָך היינט דאָרט זיך באַזעצן.״

געגוי וואָס זיינען געוועזן די נייע פאָדערונגען פון די סטרייקער, ווערט אין טאָג־בוך ניט אָנגעגעבן. ס׳ווערט אויך ניט דערציילט וואָס האָט פּאַסירט מיט די סטרייקער און זייער מוטיקן סטרייק־פירער. דאָס טאָג־בוך גייט באַלד איבער צום סטרייק פון דעם קומענדיקן חודש, פּהאַמענאָט. עס שרייבט זיך דאָרט אַזוי:

„(אַרבעטער) גייען דורך די מויערן, אַרבעט אַוועקגעלייגט אין טויטנ־שטאָט. ס׳קומען דריי אַרמיי אָפיצירן פון דעם גאַרניזאָן פון טויטנשטאָט כדי צוריקצובריינגען די אַרבעטער. זאָגט דער אַרבעטער משה, דער זון פון אַנאַכטע:

— ביי אַמאָן, ביים פירשט, וועמעס גרויסע גייסטער וועלן טויטן, מ׳וועט מיך היינט ניט אַרויפברענגען.

און ער לייגט אַוועק די אַרבעט. און דער שר זאָגט:

— כ׳וועל אים ניט הייסן באַשטראָפן ווייל ער האָט געשוואָרן ביים נאָמען פון פּרעה.״

צו שטאַרק זיינען געוואָרן די אָרגאַניזירטע אַרבעטער און ס׳איז געווען געזונטער פאַרן שר, ווען ער געפינט אַ תירוץ פאַר וואָס ער קען דעם מוטיקן אַרבעטער ניט באַשטראָפן. די אַרבעטער האָבן עס געוואוסט. זיי האָבן דערפילט זייער מאַכט און זי געזוכט אויסצונוצן. זיינען זיי אַריבער דעם מויער און זיך באַזעצט אין אַ דאָרף אויסערהאַלב דער טויטנשטאָט. דאָס טאָג־בוך דערציילט:

„דריי אָפיצירן האָבן געהאַלטן אַ רעדע פאַר די אַרבעטער ביים טאָפּל־טויער פון דאָרף. דורך אַמען־נאַכטע, דעם שרייבער פון טויטנשטאָט, האָט מען געלאָזט קומען ביידע עלטסטע און ביידע שרים כדי זיי צוריק צו ברענגען.״

(דאָ איז די שריפט פון טאָג־בוך ניט קלאָר. נאָר אַ טייל עגיפּטאָלאָגן טייטשן עס אויס, אַז די אַרבעטער האָבן געענטפערט מיט שפּאָט און ניט

געגאַנגען צוריק.)

אַזוי האָט זיך געצויגן דער סטרייק ביזן 28סטן טאָג אין חודש, ווען דער גובערנאַטאָר פון טויטנשטאָט האָט אַליין איבערגענומען די פאַרהאַנד־לונגען. דער גובערנאַטאָר, טאָ, איז גראָד דעמאָלט געווען אויף דער רייזע „כדי צו ברענגען די געטער פון דרום־לאַנד פאַרן רעגירונג־יוביליי" פון דעם אַלטן פרומען פרעה, רעמסס דעם דריטן. האָט ער, דער גובערנאַטאָר, גע־שיקט דעם דאָרף־עלטסטן פנחס, פאַרצולייענען פאַר די סטרייקער פאָלגנדן בריוו:

„ווען איך קום ניט צו אייך פעריזענלעך איז דאָס ניט דערפאַר ווייל כ'האָב ניט וואָס צו ברענגען. נאָר וואָס איז נוגע אייער תבואה (וואָס איר טענהט): גנבע ניט אונזער תבואה, בין איך דער שר, אָנגעשטעלט כדי צו גנבענען? כ'בין ניט שולדיק, אַז ס'איז אַזוי ווייט געקומען. אַפילו אין שייער איז מער ניטאָ, נאָר כ'וועל אייך געבן וואָס איך געפין."

גלייכצייטיק טיילט זיי מיט חור, אַ שרייבער פון טויטנשטאָט:

„מ'האָט אייך געגעבן די העלפט פון אייער חלק. איך אַליין וועל עס אייך צושטעלן."

נאָר ווידער האָט מען די אַרבעטער באַשווינדלט. אָנשטאָט די 50 זעק תבואה, וואָס האָט זיי געקומט, האָט מען זיי געגעבן צוויי. דאָס האָט די אַרבעטער שטאַרק אויפגערעגט און אויף זייער באַראַטונג, פיר טעג שפּעטער, האָט דער אויבער־אַרבעטער כאָנזו־משה, וואָס האָט סימפּאַטיזירט מיט די סטרייקער, זיי געראַטן צו פאַרכאַפּן מיט געוואַלד דעגירונגס תבואה. וועגן אָט דעם פאַרזוך פון מאַסן־אַקציע מיט איבער 3,000 יאָר צוריק דערציילט דאָס טאָג־בוך אַזוי:

„אַזוי רעדט דער אויבער־אַרבעטער כאָנזו־משה צו די אַרבעטער:
— זעט, כ'זאָג אייך, נעמט אייך תבואה, גייט אַרונטער צום האַפן, צום קאָרן־שפּייכלער און זאָגט עס אויף אָן די יונגען."
„ווען זיי זיינען דורך דער מויער, איז געקומען דער שרייבער אַמען־נאַכטע און געזאָגט צו זיי:
— גייט ניט צום האַפן, דען כ'וועל אייך תיקף געבן תבואה. אויב איר גייט אָבער דאָך, אַזוי וועל איך אייך פאַראורטיילן צו טויט־שטראָף."

אָט אויף דעם אופן געלינגט דעם שרייבער צו פירן „די לייט צוריק אַהיים". נאָר די סטרייק־באַוועגונג האָט זיך דערמיט ניט געענדיקט. עלף טעג שפּעטער האָבן די אַרבעטער ווידער „דורכגעבראָכן" דעם מויער פון טויטנשטאָט מיט דעם אויסרוף: „מיר זיינען הונגעריק!" און „זיך אויסגעשטעלט הינטערן טעמפּל פון קעניג מער־נע־פּטאַ און אויסגערופן

(דעמאָנסטרירט) פאַרביי דעם גובערנאַטאָר (וואָס איז גראָד דאָרט געווען), און ער לאָזט צו זיי קומען דעם וויינגערטנער סאָוועךנופר, כדי זיי צו זאָגן:

„כ'גיב אייך אָפּ די 50 זעק תבואה פאַר אייער חיונה. פּרעה לאָזט אייך געבן תבואה."

דאָס טאָג־בוך הערט דאָ אויף. נאָר אין דער זעלבער זאַמלונג פון אַלט־עגיפּטישע פּאַפּירוסן געפינט זיך אַ טייל פון אַ שריפט, וואָס ווייזט, אַז פיר טעג שפּעטער זיינען די אַרבעטער ווידער אַרויס אין סטרייק. זיי זיינען געווען אָרגאַניזירט און שטענדיק גרייט צו קעמפן פאַר זייער רעכט.

אַ צווייטער לייגגערער באַריכט פון סטרייקס אין אַלטן מצרים שטאַמט פון אַרום הונדערט יאָר שפּעטער, פון דער צייט פון רעמסס דעם נייַנטן. די אויסערלעכע לאַגע פון די אַרבעטער האָט זיך וויינציק געענדערט. מ'האָט זיי נאָך אַלץ ניט געצאָלט פּינקטלעך און די אַרבעטער האָבן ווידער פאַר־געוואָרפן דער אַדמיניסטראַציע אין גנבה. נאָר די אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס האָבן שוין קענטיק געהאַט אַזוינע פירער, וואָס האָבן ניט דערלאָזן צו קיין מאַסן־אַקציעס. די נייע פירער האָבן געזוכט צו קויפן רעכט אַנשטאָט צו קעמפן דערפאַר. פון דער אַנדער זייט האָבן שוין די אַרבעטער געהאַט זיך דערשלאָגן צו געוויסע רעכטן פאַרן געזעץ. זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט זיך צו ווענדן דירעקט צום העכסטן געריכט פון דער הויפּטשטאָט, טהעבעס, אָדער צום כהן גדול פון אַמאָן, אָדער צוביידן צוגלייך.

פאַראַן אַ באַריכט פון אַזאַ סטרייק־קאָמיטע פון יענער צייט, וואָס דערציילט, אַז זי איז אַריבער דעם טייך נילוס, געקומען צום הויכן געריכט און דאָרט געטענהט אַזוי:

„מ'האָט אונז ניט געגעבן די תבואה וואָס מ'פלעגט אונז פריער געבן. דערפאַר האָבן מיר אָוועקגעלייגט די אַרבעט.

האָט דער ריכטער געהייסן ברענגען דעם רעגירונג־שרייבער אַמען־כעוו און געזאָגט צו אים:

— זע, דאָ איז די תבואה פון דעם שפּייכלער פון גובערנאַטאָר. גיב די לייט פון טויטנשטאָט זייערע חלקים.

— דאָ האָט מען געלויבט דעם גאָט מאַנטו, דעם האַר פון טהעבעס, און אונז געגעבן אונזער חלק אין דעם זעלבן טאָג."

דערצו קומט די באַמערקונג, אַז די קאָמיטע האָט געגעבן אַ „מתנה" (צוויי קעסטלעך און אַ שרייב־טאָוול) דעם וויצע־סעניגס אַדיוטאַנט, וואָס איז געווען פאַר זיי אַ מליץ־יושר.

# אַ שקלאַפן־אויפשטאַנד איינגעוועבט אין לעגענדעס

ווי שלעכט ס'איז אַמאָל געווען די לאַגע פון לוין־אַרבעטער, איז דעם קנעכט געווען אַ סך ערגער. די אַלטע וועלט האָט דערפאַר געזען מער שקלאַפן־אויפשטאַנדן ווי אַרבעטער־סטרייקס.

איינער פון אָט־די פּאַרצייטיקע שקלאַפן־אויפשטאַנדן איז געווען דער אידישער אַרויסגאַנג פון מצרים, וואָס איז אַרומגעוועבט פון אומצייליקע לעגענדן.

לויט אָט דער לעגענדע זיינען די אבות פון די אידישע מצרים־קנעכט אַמאָל געווען פרייע בעדואינער, וואָס האָבן זייט אוראַלטע צייטן אַרומגעוואַנדערט מיט זייערע סטאַדעס רינדער און שאָף אַף דער גרענעץ צווישן אַזיע און אַפריקע. אַ טייל פון זיי האָט זיך ביסלעכווייז באַזעצט אַפן לאַנד, אין כנען (פּאַלעסטינע), אַ צווייטער טייל איז ווייטער אַנגעגאַנגען מיט זיין בעדואינען לעבן אין די מדבריות פון סיני, צווישן פּאַלעסטינע און עגיפּטן. אַ דריטער טייל האָט צוליב אַ הונגער אין כנען אָדער אַנדערע סיבות, זיך באַזעצט אַפן גראָז־לאַנד פון גושן, אין צפון־מערב פון מצרים, וואו זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט פי־צוכט.

צוואַנג פון אויבן, פון דער עגיפּטישער מלוכה, און די שווערע נויט, האָבן פאַרוואַנדלט די קינדער פון פרייע בעדואינער אין רעכטלאָזע קנעכט. נאָר, סוף כל סוף האָבן זיי אָנגעהויבן פּראָטעסטירן און זיך בונטעווען. צולעצט האָבן זיי געקראָגן דעם ריכטיק ענערגישן פירער, וואָס האָט זיי נאָך אַ לאַנגן שווערן קאַמף אַרויסגעפירט פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט.

אַזוי דערציילט די אידישע לעגענדע. נאָר אין מצרים גופא איז נאָך ביז איצט ניט געפונען געוואָרן קיין איין איינציקער דאָקומענט, וואָס זאָל דערמאָנען די אידישע קנעכט און זייער באַפרייאונג. עגיפּטישע קוועלן דערציילן נאָר, אַז סעמיטישע בעדואינער, היקסאָס (פּאַסטוך־פירשטן) האָבן געהערשט איבער מצרים עטלעכע הונדערט יאָר נאָכאַנאַנד. דער מעכטיקסטער פון זיי האָט געהייסן חיון. אַנדערע האָבן געהייסן עקעב־האל (יעקב־אל), אנטהאל (ענת־אל), אפּאפּיא א. אַ. וו. צולעצט האָבן זיך די עגיפּטער דערהויבן קעגן דער פרעמד־הערשאַפט און (אין אָנהויב פון 16טן יאָרהונדערט פ. ק.) עטאַבלירט די מעכטיקע עגיפּטישע אימפּעריע, וואָס האָט אויסגעשפּרייט איר ממשלה איבער אַ גרויסן טייל פון מערב־אַזיע. פיר הונדערט יאָר שפּעטער (אין 12טן יאָרהונדערט פ. ק.) האָבן זיך געפונען אין מצרים געדונגענע סאָלדאַטן, און מעגלעך אויך קנעכט, וואָס האָבן געהייסן „אַפּירו", און אַזוי ווי דאָס וואָרט קלינגט ווי אַבירו (עברייער), דיינקען אַ טייל פאָר־

שער, אַז דאָס מיינט אידן.

אַן אַנדער דאָקומענט אין שייכות מיט אָט דער פראַגע איז אַ בילד, אויסגעצייכנט אין רעליף, אויף אַ טעמפּל־וואַנט פון אַלטן מצרים, וואָס שילדערט ווי אַזוי קעניג רעמסס דער צווייטער (רעגירט פון 1292 ביז 1225 פ. ק.) טויטעט געפאַנגענע בעדואינער פאַרן גאָט „טאָם", האַר פון טעקו (אַ פּלאַץ אין דעם גראָז־לאַנד פון מצרים). און אַזוי ווי לויט דער אידישער טראַדיציע האָבן אידן געבויט פּתום (פּי־טאָם — „דאָס הויז פון גאָט טאָם") און רעמסס, נעמען עס אָן אַ טייל פאָרשער פאַר אַ באַווייז, אַז רעמסס דער צווייטער איז געווען דער פּרעה, וואָס האָט אונטערדריקט די אידישע בעדואינער און זיי געצוואונגען צו טאָן שווערע אַרבעט ביים „הויז פון גאָט טאָם".

דער זעלבער קעניג רעמסס האָט אין יאָר 1271 פ. ק. געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט חתישר (כיטי־שאַר), דעם קעניג פון חתים, מיט וועמען מצרים האָט יאָרנלאַנג געקעמפט וועגן דער הערשאַפט איבער סיריע און פּאַלעסטינע. אין אָט דעם אָפּמאַך איז דאָ אַ ספּעציעלער פּונקט וועגן פּערזאָנען, וואָס



אַלט־עגיפּטישע בוי־אַרבעטער.

אַנטלויפן פון איין לאַנד צום צווייטן און ווילן דאָרט ווערן אונטערטאַנען. לויטן אָפּמאַך מוז מען די אַנטלאָפענע פּערזאָנען אויסליפערן צוריק צו זייער קעניג. דער איינציקער באַדינג איז, מ'זאָל דעם אויסגעליפערטן ניט באַשטראָפן.

„מ'זאָל ניט באַשטראָפן זיין הויז, זיינע ווייבער, אָדער זיינע קינדער. מ'זאָל אים ניט טויטן, ניט פאַרקריפּלען זיינע אויגן, זיינע אויערן, זיין מויל, זיינע פיס"...

פאַראַן איין מאָנומענט וואָס דערמאָנט יאָ די אידן, נאָר ניט אין מצרים. דאָס איז די אויפשריפט פון רעמסס'עס זון מער־נע־פּטאַ (רעגירט

פון 1225 ביז 1215 פ. ק.). ער באַשרייבט זיינע טריאומפן אין פּאַלעסטינע:

„כנען געפאַנגען מיט אַלע שלעכטע,
גזר פאַרנומען,
ינעם פאַרניכטעט.
ישראל זיינע לייט ווייניק, זיין זריעה ניטאָ מער.
סיריע געוואָרן אַן אַלמנה (שוצלאָז) פאַר מצרים.
אַלע לענדער פאַראייניקט אין פרידן.
ווער ס'וואַנדערט אַרום איז געשמידט."

פון די אַלע עגיפּטישע קוועלן ווי אויך פון די בריוו פון די פירשטן פון ירושלים און אַנדערע שטעט פון כנען צו אַכנ־אַטאָן, אין 14טן יאָרהונדערט פ. ק., וועלכע מ'האָט געפונען אין יאָר 1887 אין דאָרף עט־טיל (טעל על אמארנא) אין מצרים, קען מען קיין זאַך ניט באַשטימען גענוי וועגן דער אידישער קנעכטשאַפט אין מצרים, זייער אויפשטאַנד און זייער באַפרייאונג. לויט די בריוו פון על־אַמארנאַ, אין וועלכע די קעניגן פון כנען בעטן ביי מצרים הילף קעגן די איינוואַנדערנדיקע „האבירו", אָדער עברייער, זעט מען, אַז זיי וואַנדערן איין פון אַלע זייטן לאַנד און זיינען ניט קיין אַנטלאָפענע קנעכט פון מצרים. מיר מוזן זיך דערפאַר באַנוגענען פאַרלויפיק בלויז מיט די אידישע קוועלן.

אָט די אידישע קוועלן שטאַמען פון 9טן אָדער 8טן יאָרהונדערט פ. ק. און זיינען געשריבן אין דעם גייסט פון די אונטערדריקטע אידישע מאַסן אין פּאַלעסטינע פון יענע רעוואָלוציאָנערע צייטן. די פאַרפאַסער פון אָט די באַשרייבונגען האָבן ניט געהאַט קיין ידיעה פון דער אַלטער עגיפּטישער צייט, וועלכע זיי האָבן געשילדערט און זיי האָבן אויסגעמאָלן סצענעס פון דעם עגיפּטישן לעבן פון זייער אייגענער צייט. דאָך, אַרויסגעוויקלט פון זייער פּאָעטיש־לעגענדאַרער באַפּוצונג, דערציילן אונז די אידישע קוועלן פון אַ שקלאַפן אויפשטאַנד, וואָס איז אין אַ סך פּרטים ענלעך צו די סטרייקס פון עגיפּטישע אַרבעטער, וועלכע זיינען באַשריבן אין פריערדיקן קאַפּיטל.

ווי די עגיפּטישע אַרבעטער, אַזוי האָבן די אידישע קנעכט געזוכט גערעכטיקייט ביים אויבערהאַר קעגן די פאַרברעכנס פון זייערע אומבאַרמ־הערציקע שקלאַפן־טרייבער. זייערע בקשות און פּראָטעסטן האָבן אָבער ניט פאַרבעסערט, נאָר פאַרערגערט די לאַגע פון די קנעכט. נאָר קריגנדיק אַזאַ טיכטיקן פירער ווי משה, האָבן זיי זיך פעסט אָרגאַניזירט, געוואָרפן זייערע געצייג, אויפגעבראָכן די טירן פון זייערע שקלאַפן־מויערן, גענומען ווייב און קינד און זיך געלאָזט אין דעם מדבר אַריין, צו זייערע קרובים, די בעדואינער שבטים.

זייער פירער משה איז לויט דעם גריכיש־עגיפטישן שרייבער מאַנעטע געווען פריער אַ פריסטער פון זון־גאָט רע אין טעמפל פון אָן (העליאָפאָליס). אויך לויט אַ אידישער טראַדיציע האָט משה געדינט צו אַ גאָט וואָס האָט (ווי די זון) באַגאָסן מיט זיין פייער אַ דאָרן־בוים און אים ניט פאַרברענט. פאַראַן אַ מיינונג, אַז אָט דער פריסטער משה האָט געוואוסט פון אכנ־אַטאָנ׳ס פאַרזוך צו פראָקלאַמירן די זון פאַרן איינציקן גאָט פון דער וועלט און פון זיין נייער הויפטשטאָט אַכאַט־אַטאָן (וואָס האָט געקלונגען אין סעמיטישן אויער ווי „אחד אדון״ — איין האַר, איין גאָט). ס׳ווערט אויך אָנגעוויזן אַף דעם פאַקט, וואָס דער נאָמען משה, אין עגיפטיש „קינד״, אַזוי ווי די נעמען חור און פנחס, זיינען עכט עגיפטישע (זיי ווערן אַלע דערמאָנט אין פראָטאָקאָל וועגן דעם סטרייק פון דער טויטנשטאָט פון טהעבן). אויך די אידישע קוועלן זאָגן, אַז משה האָט אויסגעזען ווי אַן עגיפטער און זיין ווייב איז געווען אַ שוואַרצהויטיקע. *)

אַנטלויפן פון מצרים איז פאַר שקלאַפן ניט געווען אַזוי גרינג. די באַפרייטע אידן־קנעכט האָבן דערפאַר געמוזט וואַנדערן אַף זייטיקע וועגן. זיי זיינען אויך געוואָרן נאָכגעיאָגט פון זייערע אויפזעער אַף פערד און רייטוועגן. נאָר ביי איינעם פון די זומפּיקע אָזערעס, דער אַזוי גערופענער ים־סוף אַף דער גרענעץ צווישן אַזיע און אַפריקע, האָבן די רייטער זיך דערטרונקען און די באַפרייטע קנעכט האָבן געקענט וואַנדערן ווייטער.

די אידישע פּאָעזיע און לעגענדע האָבן עס שפּעטער פאָרגעשטעלט ווי אַ זיג איבער דער גאַנצער מלוכה פון מצרים, און אַז צווישן די דערטרונקענע איז אויך געווען דער קעניג פּרעה. די צאָל פון די עטלעכע הונדערט אַנט־לאָפענע אידן־קנעכט האָט געהאַלטן אין שטייגן, ביז זי איז אויסגעוואַקסן

*) לויט פּראָפעסאָר הובערט גרימע איז געווען אַ פּריסטער משה אין אַ טעמפּל אַפן באַרג סיני נאָך מיט אַ הונדערט יאָר פריער פאַר אַכנ־אַטאָנען. אַ מאָנומענט פון יענער ציַיט, געפונען ביים באַרג סיני לייענט זיך, לויט גרימען, אַזוי: „איך, מנשה, באַרג־הויפּטלינג און הויפּט־פּריסטער פון טעמפּל, דאַנק פּרעה־האַטשעפּ־סעט פאַר אַרויסציען מיך פון נילוס און העלפן מיר דערגרייכן צו הויכע עמטער.״ אַזוי ווי האַטשעפּסעט, אָדער האַטאַסו, איז געווען די איינציקע עגיפּטישע פרוי וואָס האָט רעגירט (אין דער ערשטער העלפט פון 15טן יאָרהונדערט פ. ק.) אין מצרים און זיך גערופן פּרעה, האָבן אַ טייל טעאָלאָגן געוואָלט זען אין אָט דעם פּריסטער מנשה דעם אידישן משה און אַ באַשטעטיקונג אַף דער לעגענדע, אַז „פּרעה׳ס טאָכטער״ האָט אים „אַרויסגעצויגן פון וואַסער״... נאָר די זעלבע טעאָלאָגן קאָנען זיך קיין עצה ניט געבן, ווי אַזוי דאָס קאָן שטימען מיט דער טראַדיציע, אַז די אידישע שקלאַפן האָבן געבויט מויערן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן נאָמען „רעמסס״, וועלכער האָט געלעבט מיט אַ 200 יאָר שפּעטער.

צו 600,000. שפּעטער איז אויך יעדע גרויסע אידייע פון די אידישע נביאים און די גאַנצע אידישע גזועצגעבונג פון ביידע אידישע מלוכות צוגעשריבן געוואָרן צו משהן.

דאָך ניט קוקנדיק אַף אַלע איבערטרייבונגען און ניט קוקנדיק אַף דעם וואָס די אַלטע אידישע פּאָעזיע האָט פון אים געמאַכט אַ מיטאָלאָגישע געשטאַלט און אים באַפּוצט מיט אַלע איינגעשאַפטן פון אַ פּאַרצייטיקן זון־גאָט, ניט אויסלאָזנדיק אפילו די הערנער־שטראַלן אַף זיין קאָפּ, בלייבט דאָך משה (איד אָדער עגיפּטער) געגוג מענטש, מיר זאָלן אים זיך קאָנען פאָרשטעלן, ווי איינעם פון יענע פרימיטיווע סטרייק־פירער, וואָס ווערן דערמאָנט אין די 3,000 יאָר אַלטע עגיפּטישע פּראָטאָקאָלן. מיר קאָנען זיך אים אויך פאָרשטעלן ווי אַ נביא אָדער געזעצגעבער אין דער אָאַזע קדש (היילִיק) וואָס טיילט אויס גערעכטיקייט צווישן די אידישע בעדואינער ביי איינעם פון זייערע קוואַלן וואָס הייסט „עין משפט” (קוואַל פון רעכט).

דורך דעם אַריינדרינגען אין כנען פון די איניקלעך פון די אַמאַליקע מצרים־קנעכט, ווי אויך פון די פרייע מדבר־בעדואינער, און פון זייער צוזאַמענשמעלצונג אין איין פאָלק מיט די אַלטגעזעסענע אידישע שבטים, האָבן זיך דורכגעפלאָכטן פאַרשיידענע פאָלקס־לידער און לעגענדן פון אַלערליי עפּאָכן און לעבנס־שטייגערס. פון אָט די לידער און לעגענדן האָבן די אידישע סאָציאַלע דיכטער פון 9טן און 8טן יאָרהונדערט פ. ק. אויסגעטרוימט דעם גרויסן עפּאָס פון דער באַפרייאונג און די וואונדער־געשטאַלט פון דעם פרייהייט־קעמפער, נביא און געזעצגעבער. דאָס איז אויך געווען אין איינקלאַנג מיט די אידייען פון סאָציאַלער גערעכטיקייט פון די אונטערדריקטע אידישע מאַסן, וועמעס אידעאָלאָגיע אָט די דיכטער זיינען געווען.

# אַ פויער-מאָרד צעשטערט אַ מעכטיק קעניג-הויז

די אַרומוואַנדערנדע אידישע משפחות און שבטים, וועלכע האָבן אַריינגעדרונגען פון מדבר אין לאַנדווירטשאַפטלעכן כנען (פּאַלעסטינע) זיינען ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען פון פיצוכט צו לאַנדווירטשאַפט.

מיט דעם איבערגאַנג צו נייע לעבנס-פאָרמען האָט אָנגעהויבן פאַרשווינדן די גלייכהייט, וואָס האָט עקזיסטירט צווישן די מיטגלידער פון יעדער בעדואינישער משפחה און שבט. דער צובונד צום באָדן האָט אויך אָפּגעשוואַכט דעם שטאַלץ און די פרייהייטס לוסט פון דעם מדבר־קינד.

דער פויער קען ניט, ווי דער בעדואין, ראַטעווען זיין גאַנץ פאַרמעגן, ווען אַ שטאַרקער שונא באַפאַלט זיין לאַנד. ער קען ניט מיטנעמען זיינע פאַרזייטע פעלדער און פאַרפלאַנצטע וויינגערטנער. צעטרעט דער שונא זיין פעלד, רייסט אויס זיינע בוימער, אַזוי בלייבט דעם פויער נאָר זיין וואַנדער־שטעקן. דערפאַר מוז דער פויער זיך אונטערוואַרפן יעדן דעראָבערער פון זיין לאַנד און אָפּגעבן אַ טייל פון זיינע תבואות, פירות און בהמות צו דער מאַכט, וואָס באַשיצט זיין פעלד און זיכערט אים די פרוכט פון זיין אַרבעט.

דאָך, כל זמן יעדער שבט האָט זיך געהאַט זיין פרייען פויערים־בונד און איז געוואָרן רעגירט פון זיינע פאַטריאַרכאַלישע „שופטים", האָט נאָך אַלץ עקזיסטירט אַ געוויסע מאָס פרייהייט און גלייכהייט. נאָר מיט דער אַנטוויקלונג פון שופטים צו מלכים, פון אַ שבטים־בונד צו אַ נאַציע, הערט אויף די גלייכהייט צווישן די יחידים און די פאָטערלעכע זאָרג פון דעם פּאַטריאַרך, אָדער שעיך, פאַר זיינע קינדער.

דורך די נייע לעבנס באַדינגונגען פון די אידן אין כנען איז צעפאַלן די אַלטע פאָרם פון זייער בעדואינישער משפחה, מיט דעם פאָטער אָדער עלטסטן ברודער אָן שפיץ. יעדער דערוואַקסענער מיטגליד פון דער גרויסער משפחה איז געוואָרן אַ פאַמיליע פאַר זיך אַליין און די ערד האָט זיך צעטיילט אין קליינע חלקים. איז אַ פויער געשטאָרבן, האָבן זיין אַלמנה און יתומים ניט מער געפונען קיין שוץ אין דער משפחה אָדער שבט, נאָר געווען אָנגעוויזן אויף זיך אַליין. האָט זיך געהערט אָפט דער פאַרצווייפלטער געשריי פון דער באַרויבטער אַלמנה, דער הילף־רוף פון די באַזיצלאָז־געוואָרענע יתומים.

די קעניגלעכע באַאַמטע און שטייער־מאָנער האָבן אויסגעזויגן דאָס פויערן־פאָלק און אים געטריבן אין די אָרעמס פון די וואָכערער. האָט זיך אַ פויער איינגעטונקען אין חובות, אַזוי פלעגט ער שוין פאַרזונקען אין תהום

פון שקלאפעריי. דער פראַצענטניק האָט שוין גענאָרגט דערפאַר, אַז זיין קרבן זאָל זיך קיינמאָל ניט קענען אויסצאָלן. דעם פאַרשולדיקטן איז ניט געבליבן קיין אַנדער ברירה, נאָר צו פאַרקויפן דעם באָדן און גיין אַרבעטן אויף די פעלדער, אָפּצוגעבן דעם מלוה זיינע קינדער פאַר קנעכט, צו פאַרקויפן זיך אַליין, אָדער ווערן פאַרקויפט פון זיין מלוה פאַר אַ שקלאַף.

דער אידישער פויערים־קלאַס איז אָרעמער און שוואַכער געוואָרן מיט יעדן טאָג. לאַנג פאַרגעסן זיינען געווען יענע גוטע אַלטע צייטן פון „הייזער פול גוטס וואָס דו האָסט ניט אָנגעפילט, וויינגערטנער און אויילבירט־וועלדער וואָס דו האָסט ניט געפלאַנצט". דאָס לאַנד האָט פאַר זיי ניט מער געפלאָסן מיט „מילך און האָניק", נאָר „געשפּראָצט מיט דערנער". און מיט שווערער מי און ביטערן שוויים האָט דער פויער זיך דערוואָרבן זיין שטיקל ברויט.

די ערד איז ביסלעכוויז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון אַ מעכטיקער פריצעשאַפט, וואָס האָט קאָנטראָלירט דעם קעניגלעכן הויף און דאָס שטייענדיק מיליטער. די צאָל קליינע גוט־באַזיצער האָט זיך כסדר פאַרמינערט און די „קינדער פון יעקב" האָבן זיך צעטיילט אין צוויי פיינטלעכע לאַגערן. אויף איין זייט זיינען געשטאַנען די גרויסע גרונטבאַזיצער, די באַאַמטע און דאָס מיליטער און אויף דער אַנדער זייט די באַזיצלאָזע פאָלקס־מאַסן, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן זייער אַרבעטקראַפט צו די פריצים, זייער האָב און גוטס צו די באַאַמטע און זייער לייב און לעבן צום מיליטער.

די רעגירונג איז געווען אויסשליסלעך אין די הענט פון די פריצים, וועלכע האָבן פאַרנומען אַלע רעגירונגס־אַמטן. זיי זיינען געווען די באַאַמטע, שטייער־מאָנער און אָפיצערן, און האָבן געהאַלטן דאָס קעניג־הויז אין זייער מאַכט. דאָס מיליטער איז באַשטאַנען פון „עם" (פאָלק) און „עבדים" (קנעכט). דאָס פאָלק־מיליטער האָט צוגעשטעלט די לאַנדווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג, יעדער לויט זיין טייל לאַנד; דער פויער זיינע צו־אַרבעט־נויטיקע זין; דער פריץ זיינע געדונגענע קנעכט. מיט דעם אונטערגאַנג פון דעם קלענערן גוטבאַזיצער האָט זיך פאַרערגערט די לאַגע פון דעם פאָלקס־מיליטער און פאַרשטאַרקט די פּאָזיציע פון דעם געדונגענעם מיליטער, די „קנעכט", וועלכע יעדער גענעראַל האָט געקענט קויפן און פאַרקויפן.

געשטיצט אויף די קעגנזייטיקע אינטערעסן פון די קלאַסן און פּאַרטייען, דערמוטיקט דורך די הבטחות פון די אינטריגירנדיקע שכנים און מיט דער הילף פון דעם געדונגענעם מיליטער, האָט יעדער גענעראַל, וואָס האָט געשטרעבט נאָך כבוד און רייכקייט, געקענט אָפּשפּילן אַ הויף־רעוואָלוציע. אָט אויף דעם אופן איז אויך געוואָרן קעניג דער פריערדיקער פעלד־מאַרשאַל עמרי (אָמרי), וואָס האָט רעגירט פון 886 ביז 875 פ. ק.

אונטער עמרי און זיין זון אחאָב — רעגירט פון 875 ביז 863 פ. ק. — מאַכט די אידישע מלוכה אַ פאַרזוך אויסצובילדן אין לאַנד האַנדל און אינדוסטריע. דאָס „הויז פון עמרי" (בית עמרי), ווי די אידישע מלוכה האָט דעמאָלט געהייסן, האָט געוואָלט קריגן אַ טייל פון די גרויסע פּראָפיטן, וואָס די מעכטיקע אַראַמייאישע מלוכה דמשק האָט געמאַכט דורך איר קאָנטראָלירן דעם האַנדלסוועג צווישן מערב־אַזיע און אייראָפּע. די פעניקישע האַנדל־שטעט, וואָס זיינען געווען קעגן דמשק, מיט וועמען זיי האָבן זיך געמוזט טיילן מיט זייערע פּראָפיטן, זיינען געווען גרייט זיך צו פאַרבינדן מיט דער אידישער מלוכה, כדי צו ברעכן די אויבערמאַכט פון דמשק. די פעניקישע הערשער שליסן דערפאַר אַ בונד מיט עמרי'ס הויז. זיי פאַראייניקן אויך ביידע קעניגהייזער דורך התונה מאַכן די פעניקישע פּרינצעסין איזבל (שם־זבל — שעמיזעוול) מיט דעם אידישן קעניג אחאָב.

דער בונד פון עמרים הויז מיט די הערשער פון פעניקיע איז געוואָרן אַ קללה פאַר די אידישע מאַסן. כדי אָנצוהאַלטן איר מאַכט פון אינעווייניק און פון דרויסן, האָט די אידישע מאָנאַרכיע אויפגעשטעלט אַן אַרמיי איבער די כחות פונם לאַנד. *)

אָט די גרויסע אויסגאַבן פון דער מאָנאַרכיע האָט געדאַרפט דעקן די לאַנדווירטשאַפט, און דער פּריצישער שטייער־באַאַמטער האָט שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז דער אָרעמער פויער זאָל באַצאָלן אויך דעם פּריצ'ס חלק. זיינען די שטייערן געוואַקסן אָן אויפהער, און מיט זיי דער עלנט פון אָרעמען פויער.

דער פאַרזוך אַריבערצופירן די אידן פון אַקערבוי און פיצוכט צו האַנדל און אינדוסטריע האָט באַגעגנט אומגעהויערע שוועריקייטן.

דער אַריינפיר און אַרויספיר־האַנדל איז פון קדמונים אָן געלעגן אין די הענט פון די איינוואוינער פון די פּאָרט־שטעט צור און צדון, די הערשער איבערן ים. דער האַנדל מיטן מזרח איז געווען מאָנאָפּאָליזירט אין די הענט פון דמשק, די הערשערין איבערן מדבר. פאַרן אידישן סוחר איז געבליבן נאָר דער היימישער קליינהאַנדל און אויך אין דעם איז ער געוואָרן שטאַרק

*) שלמנסר, דער קעניג פון אשור, דערציילט אין זיין באַריכט פון דער מלחמה אין קרקר קעגן דמשק און די פאַראייניקטע עלף קעניגן פון מערב־לאַנד (אין יאָר 854 פ. ק.), אַז קעניג אחאב האָט אַרויסגעשטעלט אין אָט דער מלחמה אַ רעגולערע אַרמיי פון צען טויזנט סאָלדאַטן מיט צוויי טויזנט רייטוועגן — דער שטאַרקסטער וואָפן פון יענער צייט — בעת די אַנדערע צען קעניגן, צוזאַמען מיט דער מעכטיקער דמשק, האָבן געהאַט בלויז 1940 רייטוועגן (פון שלמה המלך, וואָס האָט רעגירט איבער ישראל און יהודה צוזאַמען, דערציילט די ביבל, אַז ער האָט געהאַט בלויז 1400 רייטוועגן).

פאַרדריינגט פון דעם טיכטיקערן פעניקיער, פאַר וועלכן דער פרידן־אָפּמאַך האָט געעפנט ברייט די טויערן פון לאַנד.

נאָך ווייניקער שאַנסן זיך צו אַנטוויקלען האָט געהאַט די אינדוסטריע אין דער אידישער מדינה. דער אומגעאיבטער אידישער בעל־מלאכה האָט ניט געקענט קאָנקורירן מיט די קינסטלער־הענט פון די פעניקיער. א חוץ דעם האָבן די פעניקיער סוחרים צוגעשטעלט די פּראָדוקטן פון בבלם און מצרימם אינדוסטריען פאַר קליינע פרייזן און די באַפעלקערונג האָט ליבער געקויפט די בעסער געמאַכטע פרעמדע אַרטיקלען פאַר ביליק אַנשטאָט צו צאָלן טייער פאַר די ערגער געמאַכטע היימישע אַרטיקלען.

די אַנטוויקלונג פון האַנדל אין דער אידישער מדינה דורך די פעניקישע סוחרים האָט דאָרט בלויז פאַרשטאַרקט די ממשלה פון געלט און דאָס וואויל־טאָג־לעבן פון די רייכע קלאַסן.

פון דעם רויב פון דעם אָרעמאַן און פון די אָנגעזאַמלטע פּראָצענטן האָבן זיך דערהויבן גרויסע פּאַלאַצן פון געשליפענע שטיינער איינגעוויקלט אין פּראַכט וויינגערטנער, און זייערע באַוואוינער זיינען געזעסן אַף זאַפעס פון עלפאַנטביין און געגעסן געבראָטנס און געטרונקען וויין ביים קלאַנג פון דער לירע.

נאָר וואָס גרעסער ס'איז געוואָרן דער לוקסוס ביי די רייכע פּריצים, באַאַמטע און פּראָצענטניקעס, אַלץ העכער זיינען געשטיגן די שטייערן, די שטראָף־געלטער און די פּראָצענטן פאַר די אָרעמע, און די לאַגע פון די אָרעמע פּויערים איז געוואָרן אומדערטרעגלעך. דער געדאַנק צו ווערן רייך און לעבן אַ גוטן טאָג האָט געפירט צו אַלערליי נידערטרעכטיקייטן פון די רייכערע קלאַסן קעגן די אָרימע; צו דער באַרויבונג און באַשווינדלונג פון יתומים און אלמנות, צו דער רעכטלאָזיקייט פון דעם אָרעמען און שוואַכן, צו דער אונטערקויפלעכקייט פון די ריכטער און צו די געוואַלדטאַטן פון די באַאַמטע.

די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אָפּמאַכן מיט פעניקיע האָבן אויך אַרויסגערופן גרויסע ענדערונגען אין גייסטיקן לעבן פון אידישן פאָלק.

אין דער אַלטער צייט זיינען אַלע מלחמות געפירט געוואָרן אין דעם נאָמען פון די לאַנד־געטער, און יעדער פרידן־בונד צווישן צוויי מדינות איז אויך געווען אַ פרידן־בונד צווישן זייערע געטער. די פעניקישע סוחרים האָבן דערפאַר געקראָגן די פולע פרייהייט צו דינען זייערע געטער אין דעם אידישן לאַנד.

מער ווי אומעטום האָט מען געדינט צום פעניקישן גאָט אין דער הויפּט־שטאָט שמרון. די קעניגין איזבל האָט געהאַט אַ טעמפּל פאַר איר היימישן

גאָט, דעם בעל „מלך קרתא" (מעלקאַרט). אין איר בעל־טעמפּל פלעגן קומען אויסער די פעניקישע סוחרים אויך די אידישע הויפלייט, פריצים און באַאַמטע, פון וועלכע ס'זיינען דעמאָלט באַשטאַנען די מייסטע איינ־וואוינער פון שומרון.

נאָר אָט די פריינטשאַפט צווישן די ביידע מדינות און געטער האָט זיך ניט געשטיצט אַף די ברייטע אידישע פאָלקס־מאַסן, נאָר אַפן קעניגלעכן הויף און די באַזיצנדיקע קלאַסן. די אָרעמע און אונטערדריקטע האָבן געהאַסט דעם פרעמדן אויסזויגער נאָך מער ווי דער אייגענעם, און די שנאה צום פרעמדן סוחר און זיין פרעמדער קולטור האָט זיך פאַראייניקט מיט דער שנאה צו זיינע געטער און זיינע מזבחות, און געוועקט דאָס פאָלק צו רעוואָל־טירן קעגן דעם הערשנדיקן קלאַס.

די גייסטיקע פירער, די אידעאָלאָגן פון אָט דעם קלאַסנקאַמף זיינען געווען די סאָציאַלע נביאים. דאָס איז געווען אַ נייער טיפ נביאים, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שייכות מיט די פרידלעכע האַלבנאַקעטע „משוגעים", וועלכע פלעגן זיך אַרומדרייען מחנותווייז איבערן לאַנד, באַוואָפנט מיט פויקן, האַרפן און טרומייטן, און פלעגן שפרינגען, טאַנצן, זינגען און שפילן שירים און שבחים צו יהוה, דעם גאָט פון די אָרעמע פויערים, און דערציילן זיינע גבורות פון אַמאָל. די סאָציאַלע נביאים האָבן ניט געזונגען קיין לידער פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר גערעדט מיט גאַל פון דער געגנוואַרט.

די רעגירונג האָט צעשטערט די מזבחות, די צענטערן פון פאָלקס־פאַרזאַמלונגען און שטריינג באַשטראָפט די סאָציאַלע נביאים אַלס אויפהעצער צו מרידה. נאָר דאָס האָט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג ניט אָפּגעשטעלט. פאַרקערט, דער מאַרטירערטום פון די סאָציאַלע נביאים האָט פאַר זיי גע־וואונען סימפּאַטיע אַפילו אין די רעגירונג קרייזן. עס ווערט דערציילט, אַז עבדיה, דער מיניסטער פון קעניגלעכן הויף, האָט אויסגעהאַלטן אַף זיין חשבון אַ גאַנצן הונדערט מיטגלידער פון דער פאַרפאָלגטער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע „בני הנביאים".

די סאָציאַלע נביאים זיינען געגאַנגען אַף מסירת נפש, כדי צו דער־לייזן דאָס פאָלק, נאָר די ברייטע פויערים־מאַסן זיינען נאָך ניט געווען גענוג דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון רעוואָלט. די לאַגע האָט זיך אָבער געביטן נאָכדעם ווי עס האָט אַ פּאָר ווינטערס ניט גערעגנט און דער פויער מיט זיין פאַמיליע האָבן אָנגעהויבן ליידן הונגער און דאָרשט.

די טריקעניש האָט אויך געצוואונגען די פרייע בעדואינער, די געצעלטן־באַוואוינער פון די אַרומיקע מדבריות איינצוואַנדערן אין דעם אידישן

קולטור־לאַנד, האָפנדיק צו געפינען גוטע פּאַשע פאַר זייערע שאָף ביי די ברעגעס פון ירדן.

די אָנוועזנהייט פון די פרייע מדבר־קינדער האָט געהאָלפן אויפוועקן ביים אידישן פּויערים־פאָלק אַ שטאַרקע שנאה צו זייערע אונטערדריקער. די פּראָפּאַגאַנדע פון די יהוה־נביאים, אַז יהוהס צאָרן האָט זיך אויסגעגאָסן איבער דעם אויסגעטריקנט לאַנד אוים אייפערזוכט קעגן די פרעמדע געטער, האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון די ברייטע מאַסן. האָט „קין" דער לאַנדווירט געשלאָסן פריינטשאַפט מיט „הבל" דעם בעדואין אוןביידע האָבן זיך פאַראייניקט קעגן דעם „פאַרשאָלטענעם" זון פון חם, קעגן דעם הענדלער כנען, מיט זיין פאַלשער וואָג און מאָס, מיט זיינע קונסטפולע מזבחות און גאָלדענע געטער.

דער קלאַסנקאַמף פון די אידישע פויערים אין 9טן יאָרהונדערט פ. ק. איז פאַרוויקלט אין לעגענדעס. אַ בעדואין פון די סטעפּעס פון גלעד (גילאָד), אין מזרח־זייט פון טייך ירדן, אליהו פון תשבי, ווערט אָנגעגעבן אַלס דער הויפּט פירער. ער ווערט געשילדערט מיט אַ קאָפּ לאַנגע האָר און מיט אַ מלבוש פון פעל אויף זיין לייב. ער פירט אַן אונטערערדיש לעבן. דאָך געפינט ער זיך אין פראָנט פון יעדן קאַמף קעגן די שונאים פונם אידישן פויער. די לעגענרע פאַרבינדט אויך זיין נאָמען מיט דעם פויער־מאָרד, וואָס האָט פאַרשנעלערט דעם אונטערגאַנג פון דער מעכטיקער עמרי־דינאַסטיע.

---

די נויט האָט אָפט געפירט דערצו, אַז דער אידישער פויער האָט פאַר־לאָרן זיין פעלד און גאָרטן און געוואָרן אַ טאָג־אַרבעטער אָדער גאָר אַ קנעכט. נאָר דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען אַפּן „געזעצלעכן" וועג. דער פויער איז געווען שולדיק חובות, און דאָס געזעץ האָט אים געהייסן באַצאָלן מיט זיין פאַרמעגן, זיינע קינדער און מיטן אייגענעם לייב.

נאָר אַוועקנעמען אַ פויערס לאַנד מיט געוואַלט, אָן דעם שיין פון געזעצלעכקייט, האָט ניט געוואַגט קיין קעניג און קיין האַר. קעניג אַחאָבס פאַרזוך צו ברעכן אָט די טראַדיציע האָט דערפאַר געבראַכט דעם אונטער־גאַנג פון זיין הויז. דער אַלט־אידישער כראָניקער וואַרפט די הויפּט־שולד אויף דער פעניקישער קעניגין. ער דערציילט די מעשה אין אָט די ווערטער:

„נבות דער יזרעאלי האָט געהאַט אַ וויינגאָרטן ביים שלאָס פון אחאב, דעם קעניג פון שמרון. האָט אחאב גערעדט צו נבותן אַזוי:

— גיב מיר דיין וויינגאָרטן, ער זאָל מיר זיין אַ גאָרטן פון גרינס, ווייל ער איז נאָענט פון מיין הויז; כ'וועל דיר געבן אָנשטאָט אים אַ

ווייַנגאָרטן, אַ בעסערן פון אים. אָדער, אויב דיר איז ליבער, וועל איך דיר געבן זיין ווערט אין געלט.

האָט נבות געזאָגט צו אחאב'ן:

— כ'וועל, חלילה, ביי יהוה, ניט אָפּגעבן דיר די נחלה פון מיינע אבות.

איז אחאב געקומען אַהיים אומעטיק און בייז, צוליב דעם וואָרט, וואָס ס'האָט צו אים גערעדט נבות דער יזרעאלי זאָגנדיק: כ'וועל דיר ניט אָפּגעבן די נחלה פון מיינע אבות, און ער האָט זיך געלייגט אַף זיין בעט, און אָפּגעקערט זיין פּנים און ניט געגעסן קיין שפּייז. איז צוגעקומען צו אים איזבל, זיין פרוי, און געזאָגט צו אים:

— וואָס איז דאָס, דיין געמיט איז אומעטיק און דו עסט קיין שפּייז.

האָט ער געזאָגט צו איר:

— ווייל כ'האָב גערעדט צו נבות דעם יזרעאלי און צו אים געזאָגט: גיב מיר דיין ווייַנגאָרטן פאַר געלט, און אויב דו ווילסט, וועל איך דיר געבן אַן אַנדער ווייַנגאָרטן אנשטאָט אים, און ער האָט געזאָגט: כ'וועל דיר ניט געבן מיין גאָרטן. האָט איזבל, זיין פרוי, געזאָגט צו אים:

— דו, איצט וועסטו ערשט קעניגן איבער ישראל! שטיי אויף, עס שפּייז, און זאָל זיך דיין האַרץ דערקוויקן. איך וועל דיר געבן דעם ווייַנגאָרטן פון נבות דעם יזרעאלי.

און זי האָט געשריבן בריוו אין אחאב'ס נאָמען און פאַרחתמעט מיט זיין חתימה, און זי האָט געשיקט די בריוו צו די עלטסטע און די אַדעל־לייט אין זיין (נבות'עס) שטאָט, און זי האָט געשריבן אין די בריוו אַזוי: רופט אויס אַ תענית (אַ סימן — גאָט איז בייז), און זעצט אַוועק נבותן אויבן־אָן. אים אַנטקעגן זעצט אַוועק צוויי מענער, וואָס זאָלן אַף אים זאָגן עדות אַזוי: דו האָסט געלעסטערט גאָט און קעניג! און פירט אים אַרויס און פאַרשטיינערט אים, און ער זאָל שטאַרבן. און די אַדעל־לייט האָבן געטאָן ווי איזבל האָט צו זיי געשריבן: זיי האָבן אויסגערופן אַ תענית און געזעצט נבות'ן אויבן־אָן, און קינדער פון העל האָבן זיך געזעצט אַנטקעגן אים, און עדות געזאָגט אַזוי: געלעסטערט האָט נבות גאָט און קעניג! און מ'האָט אים אַרויסגעפירט אויסנשטאָט און פאַרוואָרפן מיט שטיינער, און ער איז געשטאָרבן. און זיי האָבן געשריבן צו איזבלן אַזוי: פאַרשטיינערט איז נבות און טויט. און ווען איזבל האָט דאָס דערהערט, האָט זי געזאָגט צו אחאבן:

— שטיי אויף, נעם דעם ווייַנגאָרטן פון נבות, וואָס ער האָט דיר ניט געוואָלט געבן פאַר געלט, ווייל נבות לעבט ניט מער, ער איז טויט.

און ווען אחאב האָט געהערט, אַז נבות איז טויט, איז ער אויפגע־שטאַנען אַרונטערצוגיין צום ווייַנגאָרטן פון נבות דעם יזרעאלי, אים צו ירשנען.

און דאָס וואָרט פון יהוה איז געקומען צו אליהו דעם תישבי אַזוי: שטיי אויף, גיי אַרונטער באַגעגענען אחאב דעם קעניג פון שמרון. זע, ער איז אין דעם ווייַנגאָרטן פון נבות, וואו ער איז אַרונטערגעגאַנגען אים צו

ירשענען, און דו זאָלסט צו אים רײדן אַזוי:
— אַזוי האָט געזאָגט יהוה: האָסט געמאָרדעט און גערשנט. אויף דעם אָרט, וואו די הינט האָבן געלעקט דאָס בלוט פון נבות, זאָלן די הינט לעקן דײַן בלוט.
האָט אחאב געזאָגט צו אליהו׳ן:
— האָסט מיך געטראָפן, מײַן פּײַנט!
האָט ער (אליהו) געזאָגט:
— כ׳האָב דיך געטראָפן.״

דער קעניג איז געווען געטראָפן. דער מאָרד פון דעם אומשולדיקן פּויער נבות האָט מער אויפגערעגט דאָס אידישע פּויערן־פאָלק, ווי דער מאַסן־מאָרד פון די שטאָט־פּײַנטלעכע יהוה־נביאים. דאָס קעניג־הויז האָט איצט געהאַט קענען זיך ניט בלויז די סאָציאַלע נביאים, נאָר דאָס גאַנצע פּויערים־פאָלק. עס געפינט זיך באַלד אַן אַמביציעזער גענעראַל, גרייט אַרויסצוטרעטן קעגן זײַן קעניג און פאַרנעמען זײַן טראָן. דאָס איז געווען דער פעלד־מאַרשאַל יהוא בן נמשי, וועלכער איז, לויט דער לעגענדע, געשטאַנען דערבײַ, ווען אליהו האָט פאַרדאַמט דעם קעניג אחאב פאַר דעם טויט פון פּויער נבות.

דער פּויערים־זון אלישע, דער אָנפירער פון בונט, האָט זיך אויך ניט צוריקגעשראָקן פאַר אַ פאַראייניקונג מיט דמשק, דעם שונא פון זײַן פאָטערלאַנד, אין קאַמף פאַר זײַן פּויערים־קלאַס. דער פּלאַן איז געווען: „דעם וואָס וועט אַנטרונען פון דעם שווערד פון חזאל (קעניג פון דמשק), וועט טויטן יהוא, און דעם, וואָס וועט ווערן אַנטרונען פון דעם שווערד פון יהוא, וועט טויטן (דער פּויער) אלישע״.

די גאַנצע משפּחה פון עמרי ווערט אויסגעהרגעט. אויך אירע „אַלע גדולים, געלערנטע און כהנים״. דער טעמפּל פונם פעניקישן בעל ווערט צע־שטערט און פאַראומרייניקט, די סטאַטועס פון בעל צעבראָכן און פאַרברענט און אַלע בעל־דינער טויטגעשלאָגן.

דער פעניקישער סוחר ווערט צוזאַמען מיט זײַן בעל פאַרטריבן פון אידישן לאַנד, נאָר די אייגענע אידישע אונטערדריקער זײַנען געבליבן. דער אונטערשייד איז בלויז געווען, וואָס אַנשטאָט צו אַ פעניקישן גאָט, האָבן איצט די רײַכע אידן געבראַכט פעטע קרבנות, „פון רויב פון דעם אָרעמאַן און פון דער גזלה פון דעם שוואַכן״, צו אַ אידישן גאָט, און דערפאַר באַקומען די ברכות פון זײַנע זאַטע און צופרידענע כהנים.

די געהאָפטע ישועות און נחמות פאַר די שוואַכע און אונטערדריקטע זײַנען ניט מקוים געוואָרן. דער אַנטוישטער בעדואינען־הויפּטלינג, יהונדב בן רכב טרעט אַרויס מיטן ראַדיקאַלן פאָרשלאַג, אַז די אָרעמע און אונטער־

דריקטע מאַסן זאָלן זיך צוריקקערן צו דער פֿרייער נאַטור, צום פֿרייען נאָמאַדן־לעבן פֿון די אבות (ניט בויען קיין הייזער, ניט באַארבעטן קיין פֿעלדער, ניט פֿלאַנצן קיין גערטנער און ניט טרינקען קיין וויין). דער פֿרייער בעדואין האָט דאָך ניט מורא פֿאַרן קעניגס שטייער־מאָנער, פֿאַרן רויב פֿון די פּראָצענטניקעס און פֿאַר די רדיפֿות פֿון די פּריצים.

יהונדב באַקומט אַ געוויסע צאָל אָנהייננגער, די „בני הרכבים", נאָר פֿאַר די ברייטע מאַסן איז זיין רעצעפּט ניט געווען קיין הילף. זיי האָבן געקאָנט גיין ווייטער אַ טריט אין זייער קלאַסנקאַמף אינם לאַנד, נאָר ניט גיין צוריק אין דעם מדבר, פֿון וועמעס לעבנסשטייגער זיי האָבן שוין לאַנג אַרויסגעוואַקסן. דאָך האָבן די שוואַכע און אונטערדריקטע אידישע מאַסן ניט מער זיך געפֿילט אַזוי עלנט ווי אין די צייטן פֿון נבות. זיי האָבן געזעז די נקמה פֿאַר דעם אומשולדיק פֿאַרגאָסן בלוט פֿון דעם פּויער נבות און זיי האָבן אָנגעהויבן האָפֿן, אַז אויך די עולות קעגן זיי וועלן ניט ווערן פֿאַרשוויגן.

# דריי אָנזאָגער פון אונטערגאַנג

## עמוס דער טאָג-אַרבעטער

אַכציק יאָר זיינען אַריבער זינט דער אידישער פּויערים-אויפשטאַנד קעגן דעם קעניגרייך פון עמרי. מאַטעריעל האָט זיך די לאַגע פון דער אידישער פּויערים-מאַסע ניט פאַרבעסערט; דער אָפּגרונט צווישן רייך און אָרעם איז נאָך געוואָרן טיפער ווי פריער. נאָר גייסטיק האָט די פרייהייט-באַוועגונג דורכגעמאַכט אַ היפּשע אַנטוויקלונג.

דאָס אָרעם פאָלק האָט ניט מער דערוואַרט קיין גליק פון אויסבייטן איין קעניג אַפן צווייטן. ס'האָט נאָר געהאָפט אַפן „טאָג פון יהוה" (דער גאָט פון די אָרעמע און געפּלאָגטע), דער טאָג פון רעכענונג און באַצאָלונג פאַרן אונטערדריקער און דער טאָג פון דערלייזונג פאַרן אָרעמען און פאַרפאָלגטן.

אויך דער גאָט-באַגריף פון דיינקנדיקן פּראָלעטאַריער האָט זיך גרינטלעך געענדערט.

דורך דער צייט פון דמשק'ס הערשאַפט איבערן מערב-לאַנד, זיינען די אַלע דאָרט-וואוינענדיקע פעלקער געקומען אין נאָענטער באַרירונג. די גייסטיקע פאָרשטייער פון אָרעמען פּראָלעטאַריזירטן פּויערים-קלאַס האָבן געזען יעדעם לאַנד און יעדעם פאָלק צעשפּאָלטן אין אָרעם און רייך. און פילנדיק אומעטום אין זיך די אויפרעגונג קעגן שקר און עולה, האָבן די אָרעמע פּויערישע בונטאַרן אָנגעהויבן דיינקען, אַז זייער גאָט פון אמת און רעכט איז ניט באַשריינקט אַף איין לאַנד און אַף איין פאָלק, נאָר ער איז דער גאָט פון אַלע מענטשן, אָן אונטערשייד פון פאָלק און לאַנד.

שוין אין די לעגענדן, מיט וועלכע אָט די אָרעמע אידישע פּויערים האָבן אַרומגעוועבט זייער נביא-העלד, אליהו, שילדערן זיי אים ווי ער פאַרלאָזט די גרענעצן פון אידישן לאַנד און קלאָגט זיך ניט, ווי דוד, אַז ער מוז דינען פרעמדע געטער — די געטער פון יענע לענדער, וואו ער האָט געפונען שוץ. דער יהוה פון דער אָרעמער פּויערים-באַוועגונג איז ניט געווען קיין אידישער בעל, קיין לאָקאַל-פּאַטריאָטישער גאָט, וואָס איז צוגעבונדן צום אידישן לאַנד און באַשיצט נאָר זיין אידישן פאָלק, ווי ס'האָבן זיך אים פאָרגעשטעלט די הערשנדיקע קלאַסן און די זייער-נאָכפאָלגנדיקע אומוויסנדיקע טעמפּע מאַסן. די פּויערשע לעגענדע לאָזט דערפאַר הערן די שטים פון דעם גאָט פון די אָרעמע און אונטערדריקטע אויך ווייט

אויסער די גרענעצן פון דער אידישער מדינה. דער אָרעם־פּויערשער גאָט נעמט זיך אָן די קריוודע פון דער אָרעמער פעניקישער אַלמנה אַזוי גוט ווי פון דעם אידישן פּויער.

דער ערשטער אידישער בונטאַר, וואָס איז אַרויסגעטראָטן אין דער עפנטלעכקייט פאַר אָט דעם נייעם אידעאַל פון גאָט און מענטשהייט, איז געווען דער טאָג־אַרבעטער עמוס (אַמאָס אָדער אָמויס).

לוסטיק, פריילעך פלעגט געפייערט ווערן אַ יום טוב אין טעמפּל פון בית אל, וואו ס׳איז געשטאַנען דער גאָט פון ישראל, אין דער געשטאַלט פון אַ גאָלדן קאַלב, דער „אביר יעקב״. די „שכורים פון אפרים״ האָבן זיך אין זייער גאָטדינסט ווייניק אונטערגעשיידט פון די אַנדערע געצנדינערישע



אַלט־אידישע לאַסט־טרעגער.

סעמיטישע פעלקער, וואָס האָבן געדינט צו זייערע געטער אין שכרות און אויסגעלאַסנקייט.

מוזיק האָט געשפּילט, כאָרן האָבן געזונגען, די כהנים האָבן געקוילעט

און געבראַכטן קרבנות, און דער געדיכטער עולם, וואָס האָט זיך באַטראַכט פאַר גאָט׳ס געסט, איז געזעסן און געטרונקען וויין, געגעסן געבראָטנס און זיך לוסטיק אונטערהאַלטן.

אין אָט אַזאַ סביבה איז עמוס אויפגעטראָטן מיט זיין נבואה אין יאָר 765 פ. ק. „צוויי יאָר פאַר דער ערד־ציטערניש״, און לקוי חמה, וואָס איז פאָרגעקומען לויט דער באַרעכענונג פון אַסטראָנאָמען דעם 15טן יוני, 763 פ. ק.

קענטיק, אַז דער אויפטריט פון דעם אָרעמען טאָג־אַרבעטער האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אַפן פאַרזאַמלטן עולם אין טעמפּל. די שטים פון עמוס האָט געמאַכט שטיל די מוזיק און געזאַנג, און דער עולם האָט געהערט בלויז זיין דורכדרינגענדיק קלאָג־ליד:

„פאַרוויסט וועלן ווערן יצחק׳ס במות,
ישראל׳ס הייליקטום — חרוב;
אונטערגיין וועט דאָס קעניגהויז;
פאַרטריבן ווערן וועט דאָס זינדיק פאָלק.״

דער כהן גדול פון גאָלדענעם קאַלב האָט תיכף געמאָלדן דעם קעניג:

— עמוס בונטעוועט קעגן דיר. דאָס לאַנד קאָן ניט דערטראָגן זיינע ווערטער.

און זיך ווענדנדיק צו עמוס׳ן, האָט דער כהן געזאָגט:

— זעער, גיי, אַנטלויף דיר קיין יהודה. דאָרט קאָנסטו פאַרדינען דיין ברויט דורך נביאות זאָגן. נאָר זאָג ניט מער קיין נביאות דאָ אין בית אל. עס איז אַ קעניג־טעמפּל און אַ קעניג־הויף.

נאָר עמוס דערשרעקט זיך ניט פאַרן כהן. ער ענטפערט אים פעסט:

— כ׳בין ניט קיין נביא און געהער ניט צום נביאים־קרייז, כ׳בין אַ פאַסטוך און אַ טאָג־אַרבעטער ביי מוילבערנפייגן. נאָר יהוה האָט מיך אוועקגענומען פון הינטער מיין שאָף און צו מיר געזאָגט אַזוי: „גיי, זאָג נביאות צו מיין פאָלק ישראל״.

עמוס ווערט באַטראַכט אַלס לעסטערער פון גאָט און קעניג און אַלס אויפהעצער פון פאָלק. ער מוז, אַזוי ווי אליהו, אַנטלויפן פונם שווערד, וואָס שוועבט איבער זיין קאָפּ. נאָר עמוס האָט אַ צווייטן וואָפן, נאָך שאַרפער און דורכדרינגענדיקער, ווי זיין שטים. ער קען די קונסט פון שרייבן, און שיקט זיין וואָרט שריפטלעך, דאָרט וואו ער קען אים ניט זאָגן מינדלעך. און אַזוי האָט דער קלאַסנקאַמף געשאַפן זיין ערשטע אומלעגאַלע ליטעראַטור, וואָס איז אין משך פון דורות געוואָרן די „הייליקע שריפט״ פון אַ גרויסן

טייל ציוויליזירטער מענטשהייט.

די ברענענדיקע ווערטער פון עמוס, וואס האבן זיך געטראגן פון מויל צו מויל און פון האנט צו האנט, זיינען געווען דאס אנגעזאמלט גאל אין די ביטערע הערצער פון די ארעמע און עלנטע. זיי האבן געטראגן די מעכטיקע קללה, וואס די ארעמע האבן געשיקט אין לאגער פון די רייכע. ס'איז געווען דאס ווארט פון האס, פון צעשטערונג און פארניכטונג. עמוס האט געשיקט אין לאגער פון די שונאים א דרייפאכע קללה:

א פלוך דעם קעניג (ער זאל פאלן פון שווערד).

א פלוך דער רעליגיע (אירע הייליקטימער זאלן חרוב ווערן).

א פלוך דעם שטאט (דאס פאלק זאל פארלירן זיין לאנד).

הויך איבער פאלק און לאנד איז געשטאנען פאר עמוסן זיין נייער אידעאל פון גאט און מענטש. און בעת פארן פאטריאט גילט דער כלל: „ס'איז מיין פאטערלאנד — גערעכט אדער אומגערעכט", האט פאר עמוסן עקזיסטירט נאר איין מאס: „אויב גערעכט, איז עס מיין פאטערלאנד; אויב אומגערעכט — איז עס מיין שונא".

עמוס פארדאמט און שעלט זיין פאטערלאנד. נאר ער ווייס, אז זיין פאלק איז ניט ערגער און ניט בעסער פון אלע אנדערע פעלקער. אלע זיינען זיי צעשפאלטן אין פיינטלעכע קלאסן און דערנענטערן אליין זייער צוזאמענ־ברוך. מיט זייערע אייגענע הענט צעברעכן זיי זייער רוקנביין — דעם פראדוצירנדיקן קלאס — און זיינען דערפאר פאראורטיילט צום אונטערגאנג. עמוס רעכנט אויס די פארברעכנס פון אלע פעלקער פון מערב־לאנד: דמשק, פלישתים, פעניקיע, אדום, עמון, מאב, יהודה און ישראל, און זאגט פאראויס זייער אונטערגאנג. ער אטאקירט אויך די יעניקע עלעמענטן פון זיין אייגן פאלק, וואס טרייסטן זיך מיט דער האפענונג אף דעם „טאג פון יהוה" (א מין משיח'ס צייטן). ער שרייט אויס מיט גאל:

> „ווי צו די, וואס ווינטשן דעם טאג פון יהוה! צו וואס־זשע דארפט איר דעם טאג פון יהוה? ער איז פינצטער און ניט ליכטיק. חושך איז דער טאג פון יהוה און ניט ליכטיק. פינצטער און אן א שימער אין אים."

צו גרויס איז דאס פארברעכן פון זיין לאנד. ס'מוז אונטערגיין. ער רעכנט אויס א גאנצן צעטל זינד, וואס ס'זיינען באגאנגען געווארן פון אידישן רייכן קלאס, וואס לעבט אין וואוילטאג און ווערעמס ווייבער „די פעטע קי פון בשן" טראכטן נאר פון פרעסן און זויפן. ער דערמאנט די רייכע, ווי זיי צעטרעטן דעם הויפט פון דער ארעמער פאמיליע און שטויסן דעם באדריקטן אין אפגרונט; נעמען אוועק פון ארעמאן זיין בגד און שפרייטן עס אויס

אונטער זייערע קני ביים מזבח; נעמען אַוועק זיין ווייַן און טרינקען עס אין גאָט׳ס הויז; רעכענען זיך ניט אין געריכטהויז מיט רעכט און באַווייזן; נעמען געשאַנקען (באַקשיש) און גיבן איבער דעם גערעכטן אין די הענט פון אונטערדריקער; „פאַרוואַנדלען דאָס רעכט אין גיפט און די גערעכטיקייט אין גאַל״.

— הערט אָט דאָס — זאָגט עמוס — די, וואָס פאַרשלינגען דעם אביון און פאַרדאַרבן די אָרעמע אָפן לאַנד. איר טראַכט: „ווען וועט שוין אַריבער דער ראש חודש, מיר זאָלן פאַרקויפן תבואה, און דער שבת, מיר זאָלן עפענען די שפּייכלער; מיר זאָלן געבן אַ קליינע מאָס און נעמען אַ גרויסן פּרייז, און באַנוצן אַ פאַלשע וואָג; צו קויפן דעם אָרעמאַן פאַר געלט און דעם אביון פאַר אַ פּאָר שיך און פאַרקויפן פּלעווע פאַר תבואה.״ יהוה שווערט, אַז ער וועט אייביק ניט פאַרגעסן אָט די האַנדלונגען. זאָל ניט צוליב דעם זיך אויפטרייסלען די ערד און מאַכן טרויערן אַלע אירע איינוואוינער? זאָל זי זיך ניט הויבן און זינקען, ווי דער טייך אין מצרים?

נאָר מער פון אַלץ רעגט אויף עמוס׳ן דאָס, וואָס אָט די גנבים און רויבער גייען נאָך אין די טעמפּלען, ברענגען קרבנות און לויבן גאָט מיט מוזיק און געזאַנג. אין זיין עקל פאַר זיי לאָזט ער זאָגן יהוה׳ן אַזוי:

„כ׳האָס, כ׳פאַראַכט אייערע ימים טובים. כ׳קאָן ניט פאַרטראָגן דעם ריח פון אייערע צוזאַמענקונפטן. אייערע קרבנות זע איך ניט, אייערע געשטאָפטע קעלבער און אייערע מתנות וויל איך ניט האָבן. אַוועק פון מיר מיט אייערע געזאַנגען; דאָס שפּיל פון אייערע גיטאַרן קאָן איך ניט הערן. לאָזט ליבער פליסן רעכט ווי וואַסער און גערעכטיקייט ווי אַ קיינמאָל אויסטריקנדיקער טייך.״

אַ צווייטן מאָל רופט אויס עמוס:

„פרעגט ניט נאָך יהוה׳ס הייליקטימער, זיי וועלן אַלע ווערן צעשטערט און געשענדעט, און קאָנען אייך ניט העלפן. פרעגט נאָך גוט און ניט נאָך שלעכט. האַסט דאָס שלעכטע און ליבט דאָס גוטע. שאַפט גערעכטיקייט אין געריכטהויז. אפשר וועט יהוה זיך דערבאַרעמען אָן דעם רעשט פון יוסף.״

באַפרייט פון יעדער צערעמאָניע, פון טעמפּלען, כהנים און לויים, איז די רעליגיע פון אָט־דעם אַלט־אידישן בונטאַרישן טאָג־אַרבעטער געוואָרן אַ ריין מענטשלעכער אידעאַל פון טאָן גוטס און האַסן שלעכטס, פון פּראַקטיצירן רעכט און אומגערעכטיקייט. דער מענטש דאַרף אויך ניט פרעגן ביי קיין פּריסטער, וואָס איז רעכט און וואָס איז אומרעכט. דאָס קען אים

אַנטשיידן זיין אייגן געוויסן.

ניט אומזיסט האָבן די רעוואָלוציאָנערע פּויערים פון מיטלאַלטער אויפגעשריבן פּסוקים פון עמוס אויף זייערע רויטע פאָנען, ציענדיק אין קאַמף קעגן זייערע פּריצישע אונטערדריקער.

# ישעיה בן אמוץ

דער טאָג־אַרבעטער עמוס האָט ניט געוואָלט ווערן געציילט צווישן די נביאים פון זיין צייט. נאָר זיין אויפטריט האָט אויסגעטראָטן דעם וועג פאַר די גרויסע שריפטלעכע נביאים וואָס האָבן דערהויבן די אידישע סאָציאַלע נבואה צו איר הויכער וועלט־היסטאָרישער באַדייטונג.

נאָך אין דעם דור פון עמוס זיינען ארויסגעטראָטן די נביאים הושע, ישעיה און מיכה.

אַלע דריי זיינען געווען באַאיינפלוסט פון עמוס'עס ברענענדיק וואָרט, כאָטש זיי דערמאָנען קיינמאָל זיין נאָמען און מעגלעך אַז זיי האָבן אויך ניט געוואוסט ווער ער איז.

דער באַדייטנדיקסטער פון אָט די דריי איז דער נביא־דיכטער פון ירושלים — ישעיה בן־אמוץ (געווירקט אומגעפער פון יאָר 736 ביז 680 פ. ק.).

לויט דער טראַדיציע האָט ישעיה געשטאַמט פונם הויכן אַדל און איז געווען אַ מקורב פונם קעניגלעכן הויף. ישעיה האָט גענוי געקענט די ציוויליזאַציע פון זיין צייט, איר געשיכטע און ליטעראַטור; די סודות פון אירע קעניג־הויפן און דאָס לעבן פון אירע מאַסן.

ניט געקוקט אויף זיין אַריסטאָקראַטישער אָפּשטאַמונג שטעלט זיך ישעיה אויף דער זייט פון די שוואַכע און אונטערדריקטע. ער דערציילט, אַז ער איז געוואָרן אַ נביא פון זיין פרייען ווילן. ער האָט געהערט די שטים פון גאָט מיט „וועמעס רום איז פול די גאַנצע ערד", פרעגן: „וועמען זאָל איך שיקן" צום זינדיקן פאָלק פונם הערשנדיקן קלאַס? און ער, ישעיה, האָט געענטפערט: „אָט בין איך; שיק מיך".

ישעיה'ס ערשטע נבואה איז געווען אַזוי ווי עמוס'עס: פולער פאַר־ניכטונג פונם „זינדיקן פאָלק" —

„די שטעט וועלן ווערן וויסט אָן איינוואוינער,
און הייזער — אָן מענטשן, און די ערד — אַ מדבר."

ישעיה'ן אַרט ניט דער אונטערגאַנג פון זיין לאַנד און דער ציוויליזאַציע

פון זיין צייט, אויב זייער עקזיסטענץ דאַרף זיין געבויט אַף אומגערעכטיקייט. ישעיה קריטיקירט די פעלערן פון כּלל און פון פּרט. ער לאָזט ניט דורך קיין שיכט פונם בירגערלעכן קלאַס, וואָס ער זאָל ניט קריטיקירן. ער ווייזט אויך אַרויס זיין עקל פאַר די פּוסטע באַלעבאַטישע אידישע מיידלעך און פרויען מיט קנעכטישע נשמות, וואָס טראַכטן נאָר פון געפעלן ווערן זייערע „האַרן", די מאַנסבילן, און קאַלכן זיך די באַקן, פאַרבן די ליפּן, שוואַרצן אונטער די אויגן און טועןּ אָן זיך אַף זיך גאָלד און דימענטן און אַלערליי אַנדערע באַ־פּוצונגען. ישעיה רעכנט אויס אַ פּאָר צענדליק שטיקלעך צירונג און פּוצערייען פון די זאַטע און צופרידענע אידישע פרויענצימער און וואָרנט זיי, אַז באַלד וועט זייער לוקסוס פאַרשווינדן; אַנשטאָט פאַרפיום וועט זיך פון זיי הערן שלעכטע ריחות, אַנשטאָט קאָסטבאַרע קליידער וועלן זיי טראָגן זעק, און האָבן וואונדן אַנשטאָט חן.

נאָר ישעיה׳ס הויפּט־קריטיק איז קעגן דער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט. ער שרייט אויס:

„ווי צו די, וואָס רוקן אַ הויז צו אַ הויז, דערנענטערן אַ פעלד צו אַ פעלד, ביז ס׳בלייבט ניט מער קיין אָרט, און איר אַליין בלייבט זיצן אין לאַנד — — — אייער זילבער איז פּסולת, אייער ווייַן געמישט מיט וואַסער. אייערע האַרן זיינען אויסוואורפן, און שותּפים פון גנבים. זיי ליבן אַלע כאַבאַר און יאָגן זיך נאָך באַקשישן. דעם יתום גיבן זיי ניט קיין רעכט און די קריוודע פון דער אַלמנה דערגרייכט זיי ניט.

„ווי צו די וואָס מאַכן אומגעבעכטע געזעצן — — — צו משפּטן פאַלש די נויטבאַדערפטיקע און צו באַרויבן דאָס רעכט פון די אָרעמע פון מיין פאָלק, אויסצופּלינדערן די אלמנה און צו באַרויבן דעם יתום."

אַזוי ווי עמוס ווערט אויך ישעיה זייער שטאַרק אויפגערעגט ווען ער זעט אָט די כאַבאַרניקעס און פּראָצענטניקעס קומען בעטן גאָט אין טעמפּל. ער זאָגט:

„צו וואָס דאַרף איך גאָט אייערע פיל קרבנות. כ׳בין זאַט מיט בראַנדאָפּער פון באַראַנעס און מיטן פעטס פון געשטאָפּטע רינדער, און בלוט פון אָקסן, שאָף און בעק וויל איך ניט האָבן — — — . אייערע ראש חודשן און יום־טובים האָט פיינט מיין זעל. זיי זיינען מיר צו לאַסט געוואָרן. כ׳קען זיי ניט פאַרטראָגן. און אַז איר וועט אויסשפּרייטן אייערע הענט, וועל איך פון אייך אָפּווענדן מיינע אויגן; וויפיל איר זאָלט ניט תפלה טאָן, כ׳הער ניט צו. (ווייל) אייערע הענט זיינען פול מיט בלוט. וואַשט אייך, רייניקט אייך, טוט אָפּ אייערע שלעכטע מעשים פון מיינע אויגן, הערט אויף טאָן שלעכטס. לערנט טאָן גוטס, זוכט רעכט,

קרעפּטיקט די באַדריקטע, שאַפט רעכט פאַרן יתום, נעמט זיך אָן פאַר דער אַלמנה.״

ישעיה זעט, אַזוי ווי עמוס, דעם אונטערגאַנג פון זיין לאַנד און פאָלק. ער האָפט אָבער, אַז ניט אַלץ וועט אונטערגיין. עס וועט בלייבן אַ רעשט באַשטייענדיק פון די גוטע און גערעכטע. ער באַנוגנט זיך אויך ניט בלויז מיט האָפן, נאָר זוכט צו אָרגאַניזירן אָט דעם „רעשט פון יעקב״ אין אַ געזעלשאַפט פון „ענוים״ (אַנאָווים — באַשיידענע). פאַראַן מיינונגען, אַז אָט די „אַנאָווים״ האָבן געפירט אַ פּרימיטיוו קאָמוניסטיש לעבן און אַז אין זייער גייסט זיינען געשריבן די אוטאָפּיעס פון די „לעצטע טעג״ (אין די ביכער „ישעיה״ און „מיכה״) און פון „אייביקן פרידן״ (אינם בוך „ישעיה״), וועלכע שילדערן, ווי די פעלקער „וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן צו אַקער־אייזנס און זייערע שפּיזן צו גאָרטן־מעסערס. פאָלק קעגן פאָלק וועט ניט דערהייבן קיין שווערד און וועלן ניט מער לערנען מלחמה״... „און אַ וואָלף וועט הויזן מיט אַ שעפּס און אַ לעמפּערט מיט אַ ציגעלע — — און אַ קאַלב און אַ יונג־לייב און אַ פעט רינד צוזאַמען, און אַ קליין אינגל וועט זיי פירן.״

## ירמיה

מיט דעם אונטערגאַנג פון אידישן אומאָפּהייגיקן פּויערן־קלאַס איז פאַרזיגלט געוואָרן דער שיקזאַל פון דער אַלט־אידישער מלוכה.

די מלוכה פון די צען שבטים איז שוין געווען אונטערגעגאַנגען. נאָך דעם פאַלן פון דער הויפּטשטאָט שמרון, אין יאָר 722 פ. ק., האָט קעניג שאַלמאַנעסר דער דריטער אַרויסגענומען פון איר „די בליאונג פון דער באַפעלקערונג״, איר אַדל, באַאַמטע, קריגער און געלערטע, צוזאַמען 27,290 נפשות, און זיי אַוועקגעפירט געפאַנגען קיין אשור און מדי. אַף זייער פּלאַץ האָט ער באַזעצט ווייטע, פרעמדע פעלקער און דערמיט זיך פאַר־זיכערט קעגן אַ נאַציאָנאַלן אידישן אויפשטאַנד.

יהודה האָט זיך נאָך געהאַלטן אַ דאַנק פאַרשיידענע דיפּלאָמאַטישע מאַניפּולאַציעס. נאָר אויך איר הערשנדיקער קלאַס האָט ברוטאַל אויס־געזויגן דעם אָרעמען אידישן פּויער און דערמיט געמאַכט אָנמעכטיק די שטרייט און ווידערשטאַנדס־קראַפט פון דער הויפּט־שטיצע פון דער נאַציע.

דער פּראָלעטאַריזירטער פּויער איז געוואָרן אַ גערונגענער, ברוטאַל עקספּלואַטירטער טאָג־אַרבעטער, אָדער גאָר אַ שקלאַף. אין ביידע פאַלן איז ער געווען דורכגעדרונגען מיט האַס אָדער גלייכגילטיקייט צו דער מלוכה.

די הערשנדיקע קלאַסן, אַפילו די בעסערע עלעמענטן צווישן זיי, האָבן פּאַרמאַכט די אויגן פאַר די וואָרנונגען פון דעם טאָג־אַרבעטער עמוס און זיינע נאָכפאָלגער. נאָר דערפאַר האָט אַפּעלירט צו אַלע גוטע און פרומע לייט דאָס וואָרט פון דעם רעליגיעזן סאָציאַל־רעפאָרמער הושע (הוישעיאַ — האָשעאַ), וועלכער איז געווען טעטיק אין דעם לאַנד פון די צען שבטים אומגעפער פון יאָר 735 ביז 723 פ. ק.

אויך הושע פאַרדאַמט די פאַרברעכנס פון הערשנדיקן קלאַס, הגם שוואַכער ווי עמוס און ישעיה, נאָר ער גיט צו, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל זייערע כהנים זיינען זינדיק, ווייל זיי דינען צו אָפּגעטער. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אויב זיי וועלן זיך אָפּזאָגן פון געצנדינסט און זיין אויסגעלאַסענעם קולט, און זיך אומקערן צום גלויבן אין יהוה און צו זיין אַנשטענדיקן גאָטעס־דינסט, אַזוי וועט אַלץ ווערן גוט און פיין. אַן ענלעכער טאָן קלינגט אויך אין הושע׳ס אַרויסטריט קעגן מאָנאַרכיזם. ס׳איז קענטיק, אַז ער איז קעגן קעניגטום ניט דערפאַר, ווייל ער וויל אַ פאָלק־רעגירונג, נאָר ווייל ער איז פאַר אַ „ממלכת כהנים" (פּריסטער־קעניגטום), ווי דאָס איז צוויי הונדערט יאָר שפּעטער דורכגעפירט געוואָרן אין יהודה. און אַפילו ווען ער לאָזט זאָגן זיין גאָט: „כ׳וויל גנאָד און ניט קיין קרבן, דאָס קענען גאָט איידער בראַנדאָפּפער", אַזוי פילט זיך דאָך, אַז הושע איז ניט פיינטלעך צו די מזבחות און טעמפּלען, כהנים און קרבנות פון יהוה.

און דער יהוה פון הושע איז ניט בלויז דער גאָט פון אמת און יושר, ווי ביי עמוס, נאָר אויך דער גאָט פון ליבע און פאַרגעבונג. הושע באַטראַכט אויך ניט יהוה׳ן פאַר קיין וועלט־גאָט, נאָר פאַרן אידישן נאַציאָנאַל־גאָט — דער מאָן פון דער אידישער נאַציע, וואָס איז מוחל זיין געליבט ווייב אירע זינד קעגן אים... ער ליבט אויך שטאַרק זיינע קינדער און איז צוליב זיי גרייט אַלץ צו פאַרגעבן.

דער סאָציאַל־רעליגיעזער רעפאָרמער הושע איז דערפאַר דער ליבלינג פון דער אידישער (און שפּעטער אויך פון דער קריסטלעכער) רעליגיע. זיין איינפלוס האָט אויך אַריינגעדרונגען צווישן די אַנאָווים. זיי האָבן פאַר־איינקט זייער אוטאָפּיע פון די „לעצטע טעג" פון אייביקן פרידן, אמת און גערעכטיקייט, מיט פאַטריאָטיזם, רעליגיע און מאָנאַרכיזם, אינם גייסט פון הושע.

די סאָציאַל־רעליגיעזע רעפאָרמער געווינען די רעגירונג־מאַכט אין מיטן פונם זיבעטן יאָרהונדערט פ. ק. אָפן טראָן פונם קעניג־הויז דוד אין ירושלים ווערט אַרויפגעזעצט אַן אַכט־יאָריק אינגל יאשיהו (רעגירט פון 642 ביז 606 פ. ק.). אַזוי ווי מיט איבער 700 יאָר פריער די עגיפּטישע

מאַנאַטעאיסטן, פירן אויך די אידישע דורך זייערע אידייען אינם נאָמען פון א יוגנטלעכן קעניג. נאָר די אידישע מאָנאָטעאיסטן זיינען אויך סאָציאַלע רעפאָרמער. זיי נעמען דערפאַר אַריין אין זייער נייעם געזעץ־בוך, וועלכן זיי דערקלערן פאַר א ניי־געפונענעם אַלטן היליקטום, „ספר הברית" (בוך פונם בונד צווישן יהוה און זיין פאָלק), אויך א געוויסע צאָל סאָציאַלע געזעצן אין די אינטערעסן פון די אָרעמע מאַסן.

אונטער דעם דרוק פון די זיך בונטעווענדיקע מאַסן, וועמעס אידעאָלאָגן זיינען געווען די סאָציאַלע נביאים, זיינען די אידישע גבירים געצוואונגען געווען עפּעס נאָכצוגעבן. זיי גיבן נאָך די פאָדערונגען פון די סאָציאַל־רעליגיעזע רעפאָרמער, וואָס האָבן געצילט בלויז צו מילדערן די ליידן פון אָרעמקייט, נאָר ניט איינצופירן קיין נייע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג. די אַלע רעפאָרמען, וואָס זיינען פראָקלאַמירט געוואָרן פון די אידישע בירגער־לעכע רעפאָרמער זיינען געווען באַגרינדעט אויף דעם גלויבן „כי לא יחדל אביון מקרב הארץ", אַז אָפּשאַפן אָרעמקייט איז ניט מעגלעך. מען קען זי בלויז מילדערן דורך צדקה און אַביסעלע יושר. די רייכע האָבן דערפאַר וועלנדיק־ניט־וועלנדיק געמוזט באַוויליקן צדקה צו אביונים, אלמנות, יתומים, אָרעמע גרים, א. ד. גל. די רעפאָרם האָט אויך רעקאָמענדירט פרייצולאָזן די שקלאַפן, וואָס זיינען פאַרקויפט געוואָרן פאַר זייערע שולדן צו די רייכע; צו באַשריינקען דאָס רעכט פון דעם מלוה אָפּן משכון פון זיין אָרעמען בעל־חוב; צו צאָלן פּינקטלעך דעם ארבעטלוין — איינע פון די הויפּט פאָדע־רונגען פון די לוין־ארבעטער אין אַלע לענדער פון דער אַלטער וועלט. עס זיינען אויך אַריינגעטראָגן געוואָרן סאָציאַלע מאָטיוון אין דעם רעליגיעזן רו־טאָג שבת. עס האָבן זיך אויך געלאָזט פילן קאָמוניסטישע טענדענצן אין די פאָדערונגען צו מעגן אָפּברעכן זאַנגען (מיט די הענט) אין פרעמדן פעלד, צו מעגן עסן פרוכט אין יענעמס סאַד, אַוועקצונעמען דעם צווייטנס פאַרגעסענע גאַרבן, א. ד. גל. ענלעכע מאָטיוון האָבן זיך אויך געלאָזט פילן אין דעם פאָרגעשלאָגענעם געזעץ פון שמיטה, אַז דאָס זיבעטע יאָר, „שביעית", זאָל דאָס לאַנד צוזאַמען מיט די איילבירטן און וויינגערטנער ווערן איבערגעגעבן צו די באַזיצלאָזע. גלייכצייטיק זאָלן אין שמיטה־יאָר די אָרעמעלייט ווערן באַפרייט פון זייערע שולדן צו די רייכע.

נאָר די אַלע סאָציאַלע רעפאָרמען זיינען געבליבן בלויז גוטע וואונטשן. באַזונדערס אַזוינע ראַדיקאַלע געזעצן ווי דאָס פּראָקלאַמירן דעם יובל — אומקערן דעם באָדן צוריק צו זיינע פריערדיקע באַזיצער, די פאַראָרעמטע פויערים; באַפרייען די שקלאַפן און זיי שאַפן די מעגלעכקייט צו עקזיס־טירן אין פרייהייט.

דורכגעפירט געוואָרן זיינען בלויז יענע געזעצן, וואָס זיינען געווען אין די אינטערעסן פון די יהוה־פּריסטער פון ירושלים. זיי האָבן דורכגעפירט די צענטראַליזאַציע פון גאָטעס־דינסט אין ירושלימער בית־המקדש און אָפּ־געשאַפט אַלע פאָלקסטימלעכע מזבחות און גאָטהייזער איבערן לאַנד. זיי האָבן אויך איינגעפירט דעם יהוה־קולט, פאַר וועלכן הושע איז אַרויס־געטראָטן. די זייט־דורות־פאַרהערלעכטע סטאַטועס פון דער זון, די לבנה און פּלאַנעטן־געטינען און אַלע מזבחות צו פרעמדע געטער, וואָס זיינען געשטאַנען אין בית המקדש, אָדער אין אַנדערע הייליקע פּלעצער, האָבן זיי צעשטערט. זיי האָבן אויך אַרויסגעטריבן די פּריסטערינס, וואָס האָבן אָנגעפירט אין די קאַמערן פון יהוה׳ס הויז זייער אויסגעלאַסן גאָטעס־דינסט צו אַשטאַרטע, די געטין פון ליבע. די רעפאָרמאַטאָרן האָבן אויך פאַראומרייניקט דעם מזבח פון מאָלאָך, וועמען די דעמאָלסטדיקע אידן פלעגן ברענגען זייער־ע קליינע קינדער פאַר קרבנות. זיי האָבן אויך זיך ניט אָפּגעשראָקן פון צעשטערן די אַלטע טעמפּלען, געבויט פון שלמה המלך פאַר די געטער פון די אַרומיקע פעלקער. נאָר די לאַגע פון די אָרעמע אידישע מאַסן האָט זיך דורך דער סאָציאַלער רעפאָרם ניט פאַרבעסערט. די רייכע האָבן אויס־געזויגן די אָרעמע ניט ווייניקער ווי פריער פאַר אָט דער גרויסער רעפאָרם. באַלד האָט זיך אויך געפונען אַ סאָציאַלער נביא, ירמיה, וואָס איז אַרויס־געטראָטן זייער שאַרף קעגן די סאָציאַל־רעליגיעזע רעפאָרמער. ער האָט זיי פאַרגעוואָרפן, אַז זיי האָבן „געמאַכט פאַר ליגן די פעדער פון די שריי־בער״ און ער האָט אויפגעהויבן פון דאָס ניי דעם קלאַסנקאַמף פון די אָרעמע אונטערדריקטע מאַסן.

ירמיה איז געווען אַ טראַגישע פערזענלעכקייט. ער, דער דיכטער פון צאַרטע לירישע לידער, מוז זיך פאַרנעמען מיט שטראָף־רייד און קללות; ער, וואָס ליבט אַזוי היים זיין פאָלק און לאַנד, ווערט געיאָגט און געהעצט אַלס זייער פאַררעטער; ער, וועמעס גוט הארץ איז פול מיט ליבע און פאַרגעבונג, איז געצוואונגען צו ווערן דער אָנזאָגער פון אונטערגאַנג.

געבוירן אין אַן אַלטער כהנים־פאַמיליע, וואָס איז ניט געווען פאַרבונדן מיטן בית־המקדש אין ירושלים, דערצויגן אין אַ באַרג־דערפל, ענתות אין בנימין, צווישן די בערג פון יהודה און אפרים, האָט ירמיה געליבט גלייך די מענטשן און דאָס לאַנד אַףביידע זייטן גרענעץ. ער האָט יונג געלייענט די נבואה־לידער פון עמוס, הושע, מיכה און ישעיה. נאָר דעם שטאַרקסטן איינדרוק האָט אַף אים געמאַכט דאָס ברענענדיק וואָרט פון טאָג־אַרבעטער עמוס, אין וועמעס ריטם ער, ירמיה, האָט אויך געפונען דעם אויסדרוק פאַר זיין אייגן ליד.

דאָך כל זמן ירמיה איז געווען יונג, האָט ער געזונגען מער אין גייסט פון הושע ווי פון עמוס. אַזוי ווי הושע, נאָר שענער און צאַרטער, האָט ירמיה געזונגען פון יהוה׳ס ליבע צו זיין פאָלק. און יהוה׳ס פאָלק איז געווען פאַר ירמיהן דאָס אומגליקלעך פאָלק פון אפרים (די צען שבטים), ניט ווייניקער, אויב ניט מער, ווי דאָס נאָך כלומרשט פריי פאָלק פון יהודה. ס׳איז שוין געווען באַלד הונדערט יאָר, ווי אפרים האָט פאַרלוירן זיין אומאָפּהייניגקייט און טיילווייז געוואָרן פאַרטריבן אין ווייטע לענדער. דאָס האָט אַרויסגערופן ביי דעם צאַרט־פילנדיקן דיכטער אַ גרויסע ליבע צום שווער געשטראָפטן פאָלק. אפרים איז דערפאַר געוואָרן פאַר ירמיה׳ן יהוה׳ס בן־יקיר (טייער זונעלע) און שפּיל־קינד, וועמען ער איז מוחל אַלע זינד און האָט פאַר אים אַ גליקלעכע צוקונפט.

נאָר באַלד האָט פאַרשטומט זיין ליד פון ליבע און האָפענונג. ער האָט געהערט די נייס, אַז פון ווייטן צפון טראָגט זיך אַ זיגרייכער דעראָבערער, וואָס דערנענטערט זיך צום מערב־לאַנד, און ירמיה האָט דערפילט אין זיך, אַזוי ווי עמוס, דעם רוף צו זיין אַ „נביא לגוים", אַן אינטערנאַציאָנאַלער נביא, און וואָרנען די פעלקער קעגן אָנקומען פון אומגליק.

אין איינס פון זיינע לידער, שילדערט ירמיה דעם אינעווייניקסטן קאַמף, וואָס ער האָט דורכגעלעבט אין יענער צייט. ער האָט דערהערט דעם רוף, נאָר זיך געפילט צו יונג צו נעמען אויף זיך אַזאַ שווערע מיסיע. אָבער די שטים פון זיין גאָט אין האַרצן האָט געקלונגען פעסט.

— ניט זאָג, כ׳בין אַ אינגל, ווייל וואו איך וועל דיך שיקן וועסטו גיין, און וואָס איך וועל דיר זאָגן, וועסטו ריידן.

דער ווייטער דעראָבערער האָט ניט דערגרייכט דאָס מערב־לאַנד. די געפאַר איז אַריבער. דער פינצטערער „טאָג פון יהוה" איז נאָך ניט געקומען. נאָר ירמיה קען ניט מער פאַרבלייבן אין זיין דערפאַל, וואו מ׳קוקט אויף אים מיט שנאה, ווי אויף אַן אומגליק־אָנזאָגנדיקן שטורם־פויגל.

דער שנעלער צוזאַמענברוך אין יאָר 606 פ. ק. פון דער גרויסער מעכטיקער אַשורישער אימפּעריע, וואָס האָט באַהערשט דעם אַלטן אָריענט הונדערטער יאָרן נאָכאַנאַנד, האָט טיף באַוועגט די געמיטער פון די דיינקנדיקע מענטשן פון יענער צייט. זיי האָבן זיך פאַרטראַכט איבערן שיקזאַל פון פעלקער און געצויגן דעם שלוס, אַז די שטאַרקייט פון אַ פאָלק ליגט ניט אין זיין פיזישער מאַכט נאָר אין זיין מאָראַלישער קראַפט.

זיי האָבן געזען ווי די מעכטיקע אַשור, וואָס האָט פאַרוואַנדלט אירע פויערים און אַרבעטער אין סאָלדאַטן און זיך געשטיצט נאָר אויף ברוטאַלער מאַכט, איז אין טאָג פון איר מיליטערישער מפּלה גאַנץ אָפּגעווישט געוואָרן

פון דער ערד. האָבן זיי דערפון געלערנט, אַז אַ פאָלק, וואָס האָט ניט קיין באָדן־פעסטן פּראָדוצירנדיקן קלאַס, מוז אונטערגיין ניט קוקנדיק אַף זיין צייטווייליקער מאַכט און פּראַכט.

דעם העכסטן אויסדרוק האָבן געפונען אָט די נייע אידייען צווישן די אויפגעקלערטע פּראָלעטאַריער פון דעם קליין בערגיק אידיש פעלקל אַפן וועג צווישן אַזיע און אַפריקע, וואָס איז געווען דער דורכגאַנג פון פיל וועלט־דעראָבערנדיקע אַרמייען. אָט די פּראָלעטאַריער האָבן געדיינקט, ווי דער טאָג־אַרבעטער עמוס, אַז אונטערגיין מוז און וועט די וועלט, וואָס איז געבויט אַף רויב און אונטערדריקונג; אַז איר איינציקע רעטונג איז רעכט און גערעכטיקייט.

דורכגעדרונגען מיט אָט דעם פּראָלעטאַרישן אידעאַל איז ירמיה געקומען פון זיין דערפל קיין ירושלים, וואו ער האָט דערזען:

„פאַרברעכער, וואָס לויערן ווי פויגל־כאַפּער, שפּרייטן אויס נעצן, פאַנגען מענטשן. ווי אַ שטייג פול מיט פייגל, אַזוי זיינען זייערע הייזער פול פאַלשקייט; דערפאַר זיינען זיי געוואָרן גרויס און רייך. זיי זיינען פעט, זיי שיינען; זיי שטייגן זיך אַליין איבער אין פאַרברעכן. אומ־טיילן ניט לויטן געזעץ דעם יתום און טיילן ניט צו דעם אָרעמאַן זיין רעכט. — — — פון קלענסטן ביזן גרעסטן איז אָפּגעגעבן אַף רויב. פון נביא ביזן כהן אַלע האַנדלען פאַלש. היילן לייכט דעם בראָך פון מיין פאָלק, זאָגן פרידן, פרידן, וואו ס'איז ניטאָ קיין פרידן.״

דער סאָציאַלער נביא קען ניט צוזען קיין פאַלשקייט און שווייגן. פאַרדאַמט ירמיה עפנטלעך די אַלע פאַרברעכנס און שוינט אויך ניט די סאָציאַל־רעליגיעזע רעפאָרמער, וואָס זאָגן: „מיר זיינען קלוג, מיר האָבן יהוה'ס תורה״, ווען „פאַלש געשריבן האָט די שרייבער־פעדער״. די אמתע תורה, דער „נייער בונד״ צווישן יהוה (דעם גאָט פון אמת און רעכט) און די מענטשן־קינדער וועט זיין „געשריבן אַפן האַרצן״ און דעמאָלט וועלן אַלע מענטשן האָבן „איין האַרץ און איין וועג״. דערביי רעדט ירמיה מיט עקל פון די קרבנות. ער זעט ניט קיין נויטיקייט אין זיי אפילו ווען מ'האָט דערביי די איידלסטע געפילן. ער דערקלערט, אַז יהוה האָט קיינמאָל ניט געגעבן אַזאַ געבאָט. זיינע געבאָטן זיינען גאָר פון אַן אַנדער סאָרט: אמת, רעכט, גערעכטיקייט, ליבע און רחמנות.

די כהנים, וואָס זיינען געווען מאַטעריעל פאַראינטערעסירט אין די קרבנות, האָבן דערפאַר געהאַט אַ לייכטע אַרבעט צו שטעמפּלען ירמיהן, אַזוי ווי עמוסן, פאַר אַ גאָט־לעסטערער און פאָלקס־פיינט. בפרט, אַז ער האָט קענען זיך אויך אויפגערעגט די אמת־פרומע יהוה־פּריסטער און יהוה־נביאים,

וועלכע האָבן געמיינט ערנסט אויך מיט זייערע סאָציאַלע רעפאָרמען, נאָר ניט געהאַט קיין מאַכט צו צווינגען די האַרן זיי אויסצופאָלגן. די אָרעמע מאַסן ווידער, וועמעס קריוודע ירמיה האָט זיך אָנגענומען, זיינען געווען גאַנץ דערשלאָגן און געטראָגן זייער שווערן יאָך מיט טעמפּן געדולד. דאָס האָט ירמיה'ן שטאַרק ווי געטאָן און ער רופט אוים מיט ווייטיק: „מיין פאָלק האָט עס אַזוי ליב, נאָר וואָס וועט זיין ווען ס'וועט קומען דער סוף?"

נאָר אָט די לאַגע האָט זיך געענדערט מיטן אָנהויב פון דער עגיפּטיש־כאַלדייאישער מלחמה פאַר דער פירערשאַפט פון מערב־אַזיע. די עגיפּטישע אַרמיי האָט מיט געוואַלד דורכגעמאַרשירט די קליינע יהודה און איר געמאַכט אונטערטעניק. די עגיפּטישע מלוכה האָט אויך אַרויפגעלייגט אַן אומגעהויער הויכע קאָנטריבוציע, וואָס דאָס קליין לאַנד האָט געדאַרפט איינצאָלן דער רייכער עגיפּטן.

טיף געבויגן האָבן זיך די אידישע מאַסן אונטערן שווערן יאָך פון דאָפּלטע צינזן, פאַר זייערע אייגענע און פרעמדע אונטערדריקער, און די אומצופרידנהייט אין לאַנד איז געוואַקסן. זייער לאַגע האָט זיך ניט פאַרבעסערט ווען בבל האָט באַזיגט מצרים (אין יאָר 605 פ. ק.). ס'האָבן זיך בלויז געביטן די האַרן, נאָר די שטייערן זיינען געבליבן אַזוי שווער ווי פריער. דערביי האָט נאָך דער קעניג געבויט פאַר זיך פּאַלאַצן דורך אומזיסטע אַרבעט. אין דער צייט האָט זיך דערהערט די שטים פון ירמיה:

„ווי אים, וואָס בויט זיין הויז אָן רעכט,
און זיינע עטאַזשן אָן יושר;
וואָס מאַכט אַרבעטן אומזיסט דעם צווייטן,
און באַצאָלט אים ניט זיין לוין."

און ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס דער אידישער קעניג יהויקים האָט געלאָזט הינריכטן דעם נביא שמעיה פאַרן זאָגן פאַראויס דעם אונטערגאַנג פון ירושלים און איר בית המקדש, האָט זיך דאָך ירמיה ניט אָפּגעשראָקן צו לאָזן הערן אויך אָט דעם טייל פון זיין נבואה. ער האָט נאָך צוגעגעבן אַ פּאָר שאַרפע ווערטער קעגן אָרון קודש, אָדער „בונד־קאַסטן", וועלכן דאָס פאָלק האָט פאַרגעטערט.

מיט גרויס מי געלינגט ירמיה'ס סימפּאַטיזירער אין די הויכע קרייזן אים צו ראַטעווען פון טויט, ווי ס'האָבן געפאָדערט די כהנים און די נביאים און די פון זיי אויפגעהעצטע פרומע און פּאַטריאָטישע מאַסן.

ווען דער דרוק פון אינעווייניק און פון דרויסן האָט באַוואויגן די אידישע מלוכה זיך אָפּצוזאָגן פון צאָלן שטייער צו בבל, איז ירמיה אַרויסגעטראָטן

קעגן. ער האָט געזען קלאָר די אויסזיכטלאָזיקייט פון אַן אויפשטאַנד קעגן בבל און געוואוסט, אַז דאָס שטעלט אין געפאַר די גאַנצע עקזיסטענץ פון אידישן פאָלק. ירמיה האָט ארויסגעזאָגט אָט די מיינונג זיינע אין אַ ספּעציעלער שריפט. זיין סעקרעטאַר ברוך בן נוריה האָט זי פאָרגעלייענט פארן קעניג יהויקים. דער לעצטער האָט פארברענט ירמיה׳ס מגילה און ארויסגעגעבן אַ באַפעל צו ארעסטירן ירמיהן און זיין סעקרעטאַר. נאָר עס געלינגט זיי זיך צו באַהאַלטן און ארבעטן אומלעגאַל.

ירמיה׳ס מיינונג ווייזט זיך ארויס פאַר ריכטיק. אַ באַבילאָנישע ארמיי באַלאַגערט ירושלים, צווינגט די אידישע מלוכה זיך אונטערצוגעבן, פּלינדערט אויס דאָס גאָלד און די גאָלדענע כלים פון בית המקדש און פון קעניגלעכן הויף. זי האָט אויך אַוועקגעפירט מיט זיך קיין בבל דעם קעניג „יהויכין, די קעניגין-מוטער, דעם קעניג׳ס הארעם, זיינע יעוונוכן, און די מעכטיקע פון לאַנד”. דערצו אויך „אַלע מיליטער-פייאיקע לייט, 7000 און די שמידן און שלאָסער 1,000”. צוזאַמען 10,000 נפשות. *)

ירמיה׳ס האָט קעגן הערשנדיקן קלאַס איז געווען אזוי ביטער, אַז ער האָט זיך געפרייט אויף דער מפּלה פון זיין מלוכה. שפּעטער האָט ער געשריבן צו די געפאַנגענע אין בבל, זיי זאָלן זיך דאָרט בויען הייזער, פלאַנצן גערטנער, חתונה האָבן און זיך פאַרמערן; זיי זאָלן זיך דאָרט מאַכן היימיש און ארבעטן פארן גליק פון לאַנד, וועמעס גליק וועט אויך זיין זייער גליק. די אידישע פּאַטריאָטן אין בבל האָבן ירמיה׳ס בריוו באַטראַכט אַלס פאַרראַט און איינער פון זיי האָט געשריבן קיין ירושלים מ׳זאָל דעם „משוגענעם” נביא פאַרשפּאַרן אין געפיינגעניש.

נאָר ירמיה איז שוין געווען געוואוינט צו געפיינגעניש און אויך צו קלעפּ. באַזונדער איז ער געווען זעלטן פריי אין די לעצטע עלף יאָר פון דער ערשטער אידישער מלוכה.

ירמיה טרעט אויך ארויס קעגן דעם לעצטן פארזוך פון דער אידישער מלוכה צו פירן מלחמה פאַר איר אומאָפּהיינגיקייט פון בבל. פאַר ירמיה׳ן איז געווען דער עיקר, אַז אינם לאַנד זאָל הערשן פרייהייט און גלייכהייט. אים האָט אפילו ניט אויסגעמאַכט, אַז דאָס אידיש פאָלק זאָל זיין אַ טייל פון דער באַבילאָנישער אימפּעריע, אבי איין מענטש זאָל ניט הערשן איבערן צווייטן.

זייענדיק פריי פון יעדן גלויבן אין איבערנאַטירלעכקייט און זיך שטיצנדיק גאַנץ אָפט אויף לאָגיק און עטיק, האָט ירמיה זיך ניט פארלאָזן אויף קיין

*) די גאַנצע אידישע באַפעלקערונג פון יענער צייט (597 פ. ק.) האָט באַטראָפן ארום אַ פערטל מיליאָן. דערפון זיינען געווען ארום 15,000 גרויסגרונט באַזיצער.

גסים. ער איז דערפֿאַר אַרויסגעטראָטן שאַרף קעגן יענע פּאַטריאָטישע נביאים וואָס האָבן איינגערעדט זיך און דאָס פֿאָלק, אַז יהוה וועט ניט לאָזן פֿאַרוויסטן זיין שטאָט און הויז וואו ער וואוינט, און האָט אומברחמנותדיק צעשטערט זייער אילוזיע.

כדי צו געווינען די שקלאַפֿן פֿאַר דער פֿאַרטיידיקונג פֿון ירושלים, האָט דער לעצטער קעניג פֿון דוד׳ס הויז אונטערגעשריבן דעם דעקרעט, אַז אַלע אידישע שקלאַפֿן ווערן פֿריי. נאָר באַלד ווי דאָס כאַלדייאישע מיליטער איז אַוועק קיין מצרים און די הארן האָבן געמיינט אַז די געפֿאַר איז שוין פֿאַר־איבער, האָבן זיי געבראָכן דעם אָפּמאַך און צוריקגעצוואונגען אין שקלאַפֿעריי די פֿריי־געלאָזענע מענער און פֿרויען. שטאַרק אויפֿגעטרייסלט פֿון אָט דעם שרעקלעכן פֿאַרברעכן, האָט ירמיה אַרויסגעשיקט צו די הארן יהוה׳ס קללה, „איר האָט ניט געלאָזן פֿריי אייערע ברידער וועל איך אייך לאָזן פֿריי צום שווערד, מגפה און הונגער.״

אונטער דער פּרעטענזיע, אַז ער וויל צושטיין צום שונא, ווערט ירמיה אַרעסטירט, געשלאָגן און פֿאַרשפּאַרט אין קאַרצער, וואו מ׳פּלאַנט אים צו פֿאַרהונגערן. דער קעניג האָט מורא צו טויטן דעם נביא און לאָזט אים אַריבערפֿירן אין הויף פֿון קאַזאַרמע, וואו ער האָט געקראָגן זיין פּאַרציע ברויט, אַזוי לאַנג ווי ס׳איז געווען. נאָר אויך אין זיין געפֿיינגעניש קען ירמיה ניט אונטערדריקן דאָס גליענדיק וואָרט פֿון זיין געוויסן וואָס ברענט אַף זיינע ליפּן. ער זאָגט פֿאַר די סאָלדאַטן און פֿאָלק, אַז ירושלים וועט פֿאַלן און דער איינציקער וועג צו ווערן געראַטעוועט פֿון שווערד, מגפה און הונגער איז זיך אונטערגעבן צום שונא.

דאָס איז געווען אַן אָפֿענער פֿאַרראַט קעגן פֿאָטערלאַנד און לויטן געזעץ האָט ירמיה׳ן געקומט טויט־שטראָף. ער ווערט אויסגעליפֿערט צום טויט, נאָר געראַטעוועט דורך זיינעם אַ סימפּאַטיזירער צווישן די שוואַרצע שקלאַפֿן. באַלד (אין יאָר 586 פֿ. ק.) זעט ער מיט זיינע אויגן די דערפֿילונג פֿון זיין נבואה פֿון אונטערגאַנג.

אַזוי איז געבליבן דער לעצטער אַלט־אידישער סאָציאַלער נביא אויס־געהאַלטן ביזן סוף. זיין האַרץ איז געווען פֿול ליבע צו זיין פֿאָלק. ער האָט געוואונטשן:

„בעסער וואָלט מיין קאָפּ געווען וואַסער,
מיינע אויגן — אַ טרערן־קוואַל.
כ׳זאָל קענען באַוויינען טאָג און נאַכט
די דערשלאָגענע פֿון מיין פֿאָלק.״

נאָר שטאַרקער ווי ירמיה׳ס ליבע איז געווען די שטים פון זיין געוויסן, וואָס האָט געפאָדערט אמת און גערעכטיקייט. אָט די פאָדערונג האָט געמאַכט ירמיה׳ן אַנערקענען, אַז זיין נאַציע האָט פאַרדינט איר שטראָף; אַז אַזוי מוז זיך ענדיקן אַ שטאַט וואו איין מענטש לעבט אפן חשבון פון צווייטן.

## אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַלע אוטאָפּיע און איר פאַרווירקלעכונג

די באַבילאָנישע אימפּעריע, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו דער אַלטער אידישער מלוכה (אין יאָר 586 פ. ק.) האָט געוואָלט האָבן אין יהודה אַ פרידלעכע, האָרעפּאַשנע שטייער־צאָלנדיקע אידישע באַפעלקערונג, אָנשטאָט אַ מדבר. דער באַבילאָנישער זיגער האָט דערפאַר זיך פאַרגעשטעלט כלומרשט פאַר אַ פריינט פון די אידישע אָרעמע פויערים און באַזיצלאָזע לאַנד־אַרבעטער. ער האָט צווישן זיי צעטיילט די פּריצישע גיטער, זייערע פעלדער און וויינגערטנער. די אידישע פּריצים, סוחרים, גבירים און באַאַמטע און כמעט די גאַנצע באַלעבאַטישע אידישע באַפעלקערונג פון ירושלים איז דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בבל. געראַטעוועט פון גיין אין געפאַנגענשאַפט האָבן זיך בלויז יענע פּריצים, וואָס זיינען אַנטלאָפן אין די אַרומיקע לענדער. אָט די אַריסטאָקראַטישע עמיגראַנטן האָבן ניט געקאָנט צוזען רואיק ווי אַזוי זייער פּריוואַט־אייגנטום געפינט זיך אין די הענט פון די וואָס אַרבעטן. איניקע פּריצים, אָנגעפירט פון אַ פּרינץ פון „דוד'ס הויז" האָבן זיך פאַרגע־שטעלט פאַר גוטע פריינט פון דעם נייעם רעזשים און ביי דער ערשטער געלעגנהייט דערמאָרדעט דעם אידישן באַאַמטן, וואָס בבל האָט באַשטימט, און צוזאַמען מיט אים אַ געוויסע צאָל אידישע האָרעפּאַשניקעס. אַ טייל אידן אַנטלויפן דעמאָלט, אויס מורא פאַר בבל'ס שטראָף, קיין מצרים און שלעפּן מיט זיך אויך מיט דעם נביא ירמיה, קעגן זיין ווילן.

די צוויי נייע אידישע צענטערן אין בבל און אין מצרים זיינען באַשטאַנען מערסטנס פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן. צו זיי האָבן געהערט די גוטבאַזיצער, פּראָצענטניקעס, סוחרים, פּריסטער, ציווילע און מיליטערישע באַאַמטע און אויך די מעכאַניקער, פעסטונג־בויער, וואָפן־שמידן, א. ד. גל. צווישן די שטאָטישע עלעמענטן, וואָס זיינען דעפּאָרטירט געוואָרן קיין בבל און וואָס האָבן פרייוויליק אויסגעוואַנדערט קיין מצרים האָבן זיך אויך געפונען אַ היפּשע צאָל קליינהענדלער און בעל־מלאכות. דאָך איז אויך געווען אַ געוויסע צאָל אידישע פויערים צווישן די דעפּאָרטירטע קיין בבל. דאָס זיינען געווען דאָס רוב געוועזענע סאָלדאַטן, וועלכע בבל האָט גענומען געפאַנגען ביים איבערנעמען ירושלים.

צווישן די דעפּאָרטירטע פּריסטער קיין בבל פון יאָר 597 פ. ק. האָט זיך אויך געפונען דער נביא יחזקאל, דער פאַרפאַסער פון אַ נאַציאָנאַל־סאָציאַלער אוטאָפּיע. דער פּריסטער יחזקאל איז געשטאַנען אידעאָלאָגיש אויף דער זייט פון די אָרעמע מאַסן. ער האָט ניט אויפגעהערט צו פאַרדאַמען די הערשער

פון ירושלים און זיי פּאַראויסזאָגן אַ שוואַרצן סוף אויך דעמאָלט, ווען די האַנט פון פרעמדן דעראָבערער האָט אים פאַרשלעפּט אין געפאַנגענשאַפט אין ווייטן בבל.

דאָרט, אין תל־אביב, ביים טייך כבר, נאָענט פון ניפור, וואו די אידישע געפאַנגענע האָבן געהאַט זייער נייער היים, האָט יחזקאל ניט געפונען פאַר דעם באַזיגטן הערשנדיקן קלאַס קיין וואָרט פון טרייסט און האָפענונג. פאַרקערט, ער האָט נאָך אַלץ געשאָטן זאַלץ אף די וואונדן און פּאַראויסגעזאָגט אַז גאָט׳ס צאָרן וועט זיך באַלד אויסגיסן אויך איבער די אונטערדריקער וואָס זיינען נאָך געבליבן אין דער היים.

אינם גייסט פונם נביא ירמיה, פאַרדאַמט יחזקאל די פאַלשע נביאים, וואָס ריידן פון שלום, ווען עס איז ניטאָ און עס קאָן ניט זיין קיין שלום. מיט אַ בילדרייכער שפּראַך, וואָס האָט צו זיך ווייניק גלייכן אין דער אַלט־אידישער ליטעראַטור, שילדערט יחזקאל דעם פאַרברעכן פון די שלעכטע פּאַסטוכער קעגן זייערע עלנטע שעפעלעך. יחזקאל מאָלט בילדער פון זינד און פאַרברעכן אין ירושלים, און זעט, אַזוי ווי ירמיה, קיין אַנדער אויסוועג, אַ חוץ חורבן און אונטערגאַנג.

„ווי די פּאַסטוכער פון ישראל
וואָס האָבן געפיטערט זיך אַליין !
דאַרפן ניט די פּאַסטוכער די שאָף פיטערן ?
דאָס פעטס עסט איר אויף,
און מיט דער וואָל באַקליידט איר זיך,
די פעטע טוט איר שעכטן ;
די שאָף פיטערן טוט איר ניט.
די שלאַפע האָט איר ניט געשטאַרקט,
און די קראַנקע האָט איר ניט געהיילט,
און די צעבראָכענע האָט איר ניט אַרומגעבונדן,
און די פאַרשטויסענע האָט איר ניט אומגעקערט,
און די פאַרלאָרענע האָט איר ניט געזוכט,
און מיט געוואַלט האָט איר געוועלטיקט איבער זיי
און מיט האַרטקייט.״ *)

נאָר ווען יחזקאל׳ס נבואה איז מקוים געוואָרן, נאָך שוידערהאַפטער ווי זיין רייכע פאַנטאַזיע האָט זיך פאָרגעשטעלט, איז פאַרשוואונדן זיין פלאַמענדיקער צאָרן. ער האָט בלויז געפילט טיפן צער און גרענעצלאָזן רחמנות. די אידישע געגנוואָרט אין בבל, וואו דער אידישער סוחר האָט זיך מער אָנגעזען ווי דער אידישער פויער, האָט ביי יחזקאלן אַרויסגערופן אַ

*) פון יהואשעס ביבל איבערזעצונג.

ביינקשאַפט נאָך דעם אַלטן היימישן באָדן און צוקונפט חלומות פון אַ געט־לעכער מלוכה אָף דער ערד. דער געוועזענער סאָציאַל־רעפאָרמער ווערט דער וואָרטפירער פון די נאַציאָנאַל־סאָציאַלע אוטאָפיסטן. ער שרייבט אויף איינע פון די ערשטע אויספירלעכע אוטאָפיעס אין דער וועלט־געשיכטע. נאָר דאָס פאַרשאַפט אים ווייניק כבוד.

יחזקאל לאָזט זיך אַריין אין אויסערלעכקייטן. רעכנט אויס געניי ווי גרויס עס וועלן פאַרנעמען דאָס לאַנד, די שטאָט, דער בית המקדש א. אַ. וו. יחזקאל׳ס אידנלאַנד איז אַ גרויסע מדינה. דאָס לאַנד איז צעטיילט אין גלייכע חלקים צווישן די צוועלף שבטים, וואָס לעבן אין שלום און אחדות. ניטאָ מער קיין קנאה־שנאה צווישן שמרון און ירושלים, ישראל און יהודה. אין גרויסע הויפּטשטאָט מיט אַ פּראַכטפולן בית־המקדש פאַראייניקט זיי אַלעמען. אינם לאַנד הערשט אמת און רעכט. אַלץ איז באַשטימט געניי: די וואָג, די מאָס, דאָס געלט א. אַ. וו. נאָר אָט דאָ פילט זיך שוין אויך יחזקאל׳ס איבערגאַנג פון נבואה צו כהונה, פון ערדישע סאָציאַלע אידעאַלן צו אַ רעליגיע וואָס קוקט נאָר צום הימל. דער אַלטער סאָציאַל־רעפאָרמער איז געוואָרן אינגאַנצן פרעמד פון לעבן. ער האָט פאַרלאָרן דעם צוזאַמענ־האַנג מיט דער אַלטער סאָציאַלער נבואה, וואָס האָט געשטעלט סאָציאַלע גערעכטיקייט העכער פון פאָרמעלן גאָטעס־דינסט, וואָס האָט זיך אַפילו פאַרהאַלטן פיינטלעך, אָדער גלייכגילטיק, צו די צערעמאָניעס פון דער אידישער רעליגיע און אירע מאַטעריעלע הייליקטימער: טעמפּלען, מזבחות א. אַ. וו. דער פּריסטער יחזקאל איז פאַראינטערעסירט אין קרבנות און אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע רעליגיעזע צערעמאָניעס.

---

דער נייער אידישער ישוב אין בבל האָט דאָרט איבערגעלעבט גרויסע געשייעניש. די גלאַנץ־עפּאָכע פון דער ניי־באַבילאָנישער אימפּעריע פון די כאַלדייער, אָדער כשדים האָט זיך פאַרענדיקט. אינם־לאַנד איז אָנגעגאַנגען אַ ביטערער קאַמף צווישן ראַסן און קלאַסן. קעניג אַוועל־מאַרדוק (דער אויל מרדך פון תנך) ווערט דערמאָרדעט דורך דער פּריסטערשאַפט נאָך איין יאָר רעגירן (561—560 פ. ק.). עס הייבן זיך אָן בייטן שנעל די קעניגן. דער לעצטער פון זיי, נאַבונאַאיד (555—538 פ. ק.), איז מער געלערנטער פּריסטער ווי קעניג. ער גיט זיך אָפּ בלויז מיט בויען טעמפּלען פאַר די געטער און מיט צוזאַמענשטעלן די געשיכטע פונם אַלטן בבל. אָט־די ליטעראַריש־געשיכטלעכע טעטיקייט פון די באַבילאָנער האָט אויך היפּש באַאיינפלוסט די אידישע געלערנטע אין בבל. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיטן צוזאַמענשטעלן און רעדאַקטירן דעם חומש, אין זיין ערשטער פאָרם, די

געשיכטלעכע ביכער און אויך די ווערטער פון די נביאים, וואָס זיינען אין דער אַלטער היים אונטער די דאָרטיקע אומשטענדן, באַטראַכט געוואָרן פון דער אָפיציעלער אידישקייט פאַר שונאים פון דעם פאָטערלאַנד. די אידישע שריפטשטעלער זיינען אין זייער באַציאונג צו די סאָציאַלע נביאים צום טייל אויך באַאיינפלוסט געוואָרן פון דעם קלאַסנקאַמף אין בבל.

צווישן די דאָקומענטן, וואָס זיינען אויסגעגראָבן געוואָרן פון די חורבות פונם אַלטן בבל געפינען זיך אויך באַשרייבונגען פון אַרבעטער־סטרייקס פון יענע צייטן. איין סטרייק אַזאַ ווערט באַשריבן אין אַ בריוו צום שאַטאַם, דער הויכער באַאַמטער און ריכטער אין בית־המקדש פון דעם זון־גאָט „שמש",



אַשוריש־באַבילאָנישע האָלץ־העקער.

אין דער שטאָט סיפּאַר, אין דרום פון בבל. ווי אין יעדן באַבילאָנישן טעמפּל זיינען דאָרט געפירט געוואָרן גרויסע געשעפטן און עס זיינען געווען אָנגע־שטעלט מאַסן אַרבעטער ביים בויען בנינים, באַאַרבעטן דעם באָדן, גראָבן קאַנאַלן א. אַ. וו. דער בריוו לייענט זיך אַזוי:

„בריוו פון נאַבו־סילים צום שאַטאַם, מיין ברודער, שלום צו מיין ברודער! נאַבו און מאַרדוק (די געטער פון בבל) זאָלן בענטשן מיין ברודער.

„נאַבו־שאַר־אוסור, דעם זון פון שום־אוסור האָט דער קעניג אַוועקגע־זעצט איבער זיינע לייט, מחמת דעם: די לייט האָלטן זיך צוריק און מאַכן ניט די אַרבעט פון קעניג. האָט דער קעניג געזאָגט: שיק צום שאַטאַם, ער מעג זיי דיר געפינען. זע, איצט האָב איך געשיקט צו מיין האַר! בוי־ערעש, דער זון פון שאַמאַש־אידין, איבאַ־עשיטי־עטיר, דער זון פון רימוט, רימוט דער זון פון שאַפּי־בעל־נאַבו־נאַאיד, דער זון פון נאַבו־אידין, זאָל מיין האַר תיכף שיקן אין קייטן. אַזוי גיך ווי דער קעניג וועט געבן די באַשטעטיקונג פאַר דיין משפּטן, וועט ער וועגן דעם באַפעלן.

„די שטיינהאַקער האָבן אַלע גערעדט סטראַשנדיקע ווערטער: דעם

רעשטלעכן לוין פון חודש סיון און דואוץ האָט קיינער אונז ניט געגעבן.
„מיין האַר דאַרף געבן אַ באַפעל אַז מ׳זאָל זיי באַצאָלן, ווייל זייערע פנימער זיינען גאָר זייער בייז.״

דער אידישער געשעפטסמאַן אין בבל האָט געהאַט גאָר אַנדערע קלאַסן־אינטערעסן ווי די פריערדיקע גוט־באַזיצער און באַאַמטע אין יהודה. ער איז אויך געווען פּראָגרעסיווער. ער האָט פאַרשטאַנען דעם קאַמף צווישן אָרעם און רייך, די רייסערייען צווישן פּריסטערטום און קעניגטום, די מרידות אין די פּראָווינצן און דעם כסדרדיקן שטייגן פון דער נייער מאַכט פון פּרס און מדי, וועמעס פאָרשטייער, כרש, איז געוואָרן באַטראַכט פאַר דעם משיח פון גאַנץ מערב אַזיע.

די אידן אין בבל האָבן זיך שנעל אָריענטירט אַף אָט דער אויפקומענדיקער מאַכט. זייער גרויסער נאָמענלאָזער דיכטער (איצט אָנגערופן: ישעיה דער צווייטער) האָט געמאָלן בילדער פון דער נאָענטער צוקונפט, ווי אַזוי די נאַציאָנאַל־סאָציאַלע אוטאָפּיע פון יחזקאל וועט באַלד פאַרווירקלעכט אין איר פולער גלאַנץ. נאָר אָט דער גרויסער נביא־דיכטער, וועלכער איז קענטיק געווען גוט באַהאַוונט אין דער רייכער אַלט־באַבילאָנישער ליטעראַטור, איז געווען נעענטער צו דער ווירקלעכקייט ווי דער אַלטער נביא־כהן. ער האָט געזען פאַר זיך אַ קלאָרן ציל: דער „גאָט געזאַלבטער״ כרש, דער פעלקער־משיח נעמט איין בבל און דער וועג צו דערלייזונג איז אָפן. אידן קערן זיך אום צוריק צום אַלטן באָדן און בויען אויס גאָט׳ס מלוכה אַף דער ערד. כרש האָט קענטיק געוואוסט פון די האָפענונגען, וואָס די אונטערדריקטע פעלקער בויען אַף אים און זיך אויך באַנוצט מיט זייער סימפּאַטיע פאַר זיינע צילן.

דעם 16טן תשרי (אָנהויב אָקטאָבער) 538 פ. ק. האָט זיך בבל אונטערגעגעבן. דער קרוינפּרינץ בלשצר האָט זיך צוריקגעצויגן אין קעניגלעכן קוואַרטאַל, וועלכן ער האָט האַרטנעקיק פאַרטיידיקט. נאָר דערווייל איז זיין פאָטער נאַבאָנאַיד געפאַנגען געוואָרן אין אַ שלאַכט אָפן וועג צו בבל און דעם 3טן מרחשון איז כרש געוואָרן אויפגענומען אין בבל ווי דער „קעניג פון די פעלקער״. אַ וואָך שפּעטער איז געפאַלן דער קעניגלעכער קוואַרטאַל, און בלשצר האָט פאַרלאָרן זיין לעבן.

כרש דערקלערט זיך ניט פאַר קיין דעראָבערער, נאָר אַלס דערלייזער. נאַבאָנאַאיד ווערט אַרונטערגעזעצט פון מאַרדוק׳ס פּריסטער און כרש נעמט איבער אָפיציעל די גרויסע אימפּעריע. ער פּלאַנט דעראָבערן מצרים און וויל האָבן אַ פריינטלעכע סיריע. ער נעמט דערפאַר אויף די קעניגן פון עמון, מאב, אדום, פלישתים און די פעניקישע שטעט און גיט אַרויס אַ

דעקלאַראַציע צו די אידן, אַז זיי קענען גיין פריי צוריק אין זייער לאַנד און ווידער אויפבויען זייער בית־המקדש אַף זיין רעכענונג.

דער וועג צו דער אוטאָפּיע איז געווען אָפן, און זי האָט זיך באַלד אַרויס־געוויזן פאַר אַ מיראַזש. נאָך די גרויסע פאַנטאַסטישע האָפענונגען איז געקומען די קאַלטע ווירקלעכקייט מיט אירע ביטערע אַנטוישונגען. אָנשטאָט אַ גרויס אידנלאַנד, פאַראייניקט פון די צוועלף שבטים, איז אַנטשטאַנען אַ קליין ישובל פול מיט ברודער־קאַמף.

---

ניט אַלע אידן אין בבל האָבן זיך באַנוצט מיט דער דערלויבעניש זיך אומצוקערן צוריק נאָך זייער אַלטער היים.

אין די 48 יאָר וואָס זיינען פאַרגאַנגען פון חורבן ירושלים ביז דער כרש־דעקלאַראַציע, האָט זיך אויסגעהאָדעוועט אַ נייער דור וואָס איז געוואָרן געבאָרן אין דער נייער היים. אַ היפּשער טייל פון אָט די אין בבל געבאָרענע זיינען שוין אַליין געווען טאַטעס און זיידעס און זיך געפילט גאַנץ היימיש אין דעם לאַנד פון זייערע קינדער און קינדס־קינדער. באַזונדערס האָבן זיך אַזוי געפילט די, וואָס האָבן אָפּגעשטאַמט נאָך פון דער ערשטער געפאַנגענ־שאַפט, אין יאָר 597 פ. ק.

די עקאָנאָמישע לאַגע פון די אידן אין דער באַבילאָנישער אימפּעריע איז כסדר בעסער געוואָרן. די אויסגראָבונגען אין באַבילאָנישע שטעט האָבן באַוויזן, אַז אַ טייל אידן האָבן זיך אַפילו געציילט צווישן די רייכסטע פאַמיליעס פון לאַנד. עס האָבן זיך דערפאַר אָפּגערופן אַף דעם רוף צו גיין צוריק זיך באַזעצן אין דער אַלטער היים, בלויז אידעאַליסטן. אויך אָט די אידעאַליסטן זיינען באַשטאַנען ניט פון קיין איינהייטלעכן עלעמענט. עס זיינען געווען צווישן זיי אַזוינע, וואָס האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט דער אידייע אויפצובויען אין דער אַלטער היים אַ נייע מין מלוכה, וואָס זאָל זיין אַ מוסטער פאַר דער וועלט פון אַ לעבן פון גערעכטיקייט און פרידן. אַנדערע ווידער האָבן בלויז געהאַט דעם וואונטש צו לעבן אין אַ אידישער מדינה גלייך מיט אַלע פעלקער. אַ באַדייטנדיקער טייל איז באַזעלט געווען פון פרומע רעליגיעזע וואונטשן אָפּצוהיטן די עכטע אידישקייט אין אַ בית־המקדש מיט אַ מזבח און קרבנות. געווען אויך אַזוינע זקנים, וואָס האָבן נאָך געדיינקט זייער אַלטע היים און ערנסט געביינקט נאָך דעם לאַנד פון זייער יוגנט. נאָר צווישן די צוריקקערער זיינען אויך געווען אַ היפּשע צאָל פערזענלעך פאַראינטערעסירטע לייט, ווי פרינצן פון דוד׳ס הויז, וואָס האָבן געחלומט פון קעניגלעכע פּאַלאַצן, טראָנען און קרוינען; כהנים און לויים, וואָס האָבן פאַר זיך געזען אַ בעסערע און שענערע צוקונפט אין דעם ווידער־

אויפגעבויטן בית־המקדש אין ירושלים.

אַלע זיינען זיי געגאַנגען קיין יהודה גייסטיק רייכער ווי זיי, אָדער זייערע עלטערן, האָבן איר פאַרלאָזן. אָנשטאָט דעם געצנדינסט, פעטישיזם און פּאָליטעאיזם פון פאַרן חורבן, האָבן זיי איצט צוריקגעבראַכט אַ גלויבן אין אַן איינציקן גאָט, אַ גאָט פון דער וועלט. נאָר אין דער זעלבער צייט האָבן זיי געגלויבט, געמוזט גלויבן, אַז דער גאָט פון דער מענטשהייט, וועמעס וועלט־מלוכה זיי האָבן געהאָפט אָנצוהויבן בויען, איז צוגעבונדן צו ירושלים און צום קליינעם אידן־פאָלק. זיי האָבן זיך אויך ניט געקאָנט פאָר־שטעלן, אַז זייער העכערער גלויבן איז דער רעזולטאַט פון היסטאָרישער אַנטוויקלונג, פון דעם איינפלוס פון דער באַבילאָנישער סביבה, וואו מאַרדוק איז באַטראַכט געוואָרן פאַר דעם גאָט פון אַלע געטער און אין אינטעליגענטע קרייזן, פאַר דער איינהייטלעכער גאָטהייט וואָס אַנטפּלעקט זיך אין די פאַר־שיידענע געשטאַלטן פון אַנדערע גאָטהייטן, וואָס זיינען בלויז זיינע מדות: גבורה, שיינקייט, חכמה, יושר, א. א. וו. די אידעאַליסטן צווישן די צוריק־קערער האָבן אויפריכטיק געגלויבט אַז דער מאָנאָטעאיזם, דער גלויבן אין אַן איינציקן גאָט, אַ גאָט פון דער וועלט, און די סאָציאַלע אידעאַלן פון די גרויסע נביאים, זיינען לכתחילה געווען יסודות פון דער אידישער אמונה, און דער געצנדינסט, דער פעטישיזם, די פילגעטעריי און די גאַנצע אַלטע אָרדענונג איז געווען בלויז אַן אָפּטריניקייט פון דעם אמתן גאָט און זיינע סאָציאַלע און רעליגיעזע געבאָטן.

נאָר באַלד האָבן זיך אָט די אידעאַליסטן און טרוימער אָנגעשטויסן אָן דער האַרטער וואָכעדיקערווירקלעכקייט.

די ברייטע פּויערים מאַסן פון די „צען שבטים" און פון יהודה, זיינען צום גרעסטן טייל געבליבן אין לאַנד. די דעראָבערער האָבן, ווי עס איז שוין געווען אויבן דערמאָנט, ניט געוואָלט האָבן קיין מדבריות, נאָר האָרעפּאַשנע פּויערים וואָס צאָלן שטייער און שטעלן צו סאָלדאַטן. האָבן זיך פאַר די מערסטע פּויערים פון ישראל און יהודה בלויז געביטן זייערע הערשער, נאָר ניט זייער לאַנד. פאַרקערט, זיי האָבן נאָך געוואונען דורכן חורבן. זיי האָבן צווישן זיך צעטיילט דאָס פריציש לאַנד און אַ סך באַזיצלאָזע פּויערים, לאַנד אַרבעטער און שולד־שקלאַפן (פאַר שולדן פאַרקויפטע) זיינען געוואָרן זעלבסט־שטענדיקע אַקערבויער און פּלאַנטאַטאָרס.

אָן אַ הויפּטשטאָט, אָן אַ נאַציאָנאַלן קולט, האָבן די אידישע פּויערים זיך צוריקגעקערט צו זייער אַלטער פּרימיטיווער רעליגיע מיט אירע אַלטע הייליקטימער אין בית־אל, חברון, באר־שבע, שכם, א. א. וו. עס זיינען אויך געבליבן פיל פּאָלקסטימלעכע כהנים פון די אַלטע משפּחות, וועלכע

זיינען געווען אויסגעשלאָסן פון דער צענטראַליזירטער גאָטעס־דינסט אין בית־המקדש פון ירושלים. אָט די ניט־געזעצלעכע כהנים זיינען געשטאַנען מיט די פּראָלעטאַרישע מאַסן אין לאַנד. אויסער דעם זיינען אויך געבליבן נענוג נאָכפאָלגער פון די אַלטע סאָציאַלע נביאים, די בני־רכב א. ד. גל., וואָס האָבן ווייטער געשפּונען די אַלטע לעגענדן און אויך אָפּגעהיט פאַרשיידענע הייליקע שריפטן.

די נייַ־איינגעוואַנדערטע זיינען דעריבער ניט געקומען אין קיין מדבר, וואו זיי האָבן געקאָנט בויען זייער מלוכה ווי זיי ווילן. זיי האָבן זיך באַלד אָנגעשטויסן אָן די אידישע און ניט־אידישע באַפעלקערונגען פון לאַנד, וואָס האָבן געהאַט גאָר אַנדערע באַגריפן און פאַרלאַנגען. עס האָבן זיך אויך אָנגעהויבן רייבונגען צווישן די פאַרשיידענע גרופּן פון די איינגעוואַנדערטע אידעאַליסטן אַזוי שנעל ווי זיי האָבן אָנגעהויבן מאַכן דעם ערשטן פאַרזוך צו פאַרווירקלעכן זייערע אידעאַלן.

פאַר די געקומענע אידעאַליסטן פון בבל זיינען די מערסטע איינוואוינער פון יהודה און שומרון (דאָס לאַנד פון די צען שבטים) ניט געווען קיין אידן. אַ טייל זיינען געווען פון ניט־אידישן אָפּשטאַם, אַ טייל פון אַ געמישטער באַפעלקערונג, ווי די שמרונים, און די אַנדערע וואָס זיינען געווען פון עכט אידישן שטאַם, האָבן ניט געוואוסט פון „אידישקייט".

דאָס זיין צענדליקע יאָרן אין דער פרעמד, אָן אַ פּאָליטישן לעבן, האָט געווירקט אַף אַ טייל אידן אין בבל זיך צו פילן פאַראייניקט דורך גייסטיקע בענדער. דעם אָרט פון מלוכה האָט פאַרנומען צוערשט די נבואה און שפּעטער, אונטערן איינפלוס פון דער באַבילאָנישער פּריסטערשאַפט, די כהונה. אַ היפּשע צאָל געקומענע אידן פון בבל האָבן דערפאַר געשטרעבט צו אַ גאָט'ס־מלוכה, אונטער דער פּירערשאַפט פון זיינע פאַרטרעטער, די פּריסטער, און האָבן ווייניק נוצן געהאַט פאַר אַ וועלטלעכער מלוכה, אונטער אַ פּרינץ פון דוד'ס הויז.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן רייבונגען צווישן מלוכה און כהונה, צווישן די געקומענע און די איינגעבאָרענע, אידן און ניט־אידן. דער סוף איז געווען, אַז די כרש־דעקלאַראַציע איז געבליבן בלויז אַפן פּאַפּיר. באַלד איז אויך כרש געפאַלן אין שלאַכט (אין יאָר 530 פ. ק.) און די נייע הערשער האָבן זיך ניט געפילט פאַרפליכטעט אָנצוהאַלטן אפילו דעם שאָטן פון אידישער „זעלבסטשטענדיקייט". באַזונדער איז עס געווען דער פאַל נאָכדעם ווי פּערסיע האָט דעראָבערט מצרים און זיך ניט מער גענויטיקט אין דער סימפּאַטיע פון די פעלקער אין סיריע און פאַלעסטינע. אויסער דעם איז די פּאָליטיק פון דער אַלט־פּערסישער אימפּעריע געווען ענלעך צו דער פון היינטיקן

ענגלישן אימפּעריאַליזם בנוגע צו אידן און די אַראַבער אין פּאַלעסטינע: צעטייל און הערש; זאָלן אידן און שמרונים זיך רייסן, וועט פּערסיע זיין זיכער מיט איר הערשאַפט איבערביידן.

פון אַלע האָפענונגען פון די צוריקקערער קיין ציון האָט זיך אויסגעלאָזן אַ באַרג אַש. דער פּרינץ זרובבל פון דודס קעניגלעך הויז איז בלויז געווען אַ פּערסישער סאַטראַפּ (גובערנאַטאָר). דער כהן־גדול און די מיוחסים און גבירים האָבן געלעבט אין קאָמפאָרט. נאָר די ברייטע מאַסן צווישן די געקומענע זיינען אונטערגעגאַנגען פון עלנט און נויט. באַלד איז אויך פאַרשוואונדן דער לעצטער צייכן פון דער וועלטלעכער מאַכט. אנשטאָט זרובבלן איז געקומען אַן עכט פּערסישער סאַטראַפּ, און די אינווייניקסטע פאַרוואַלטונג איז געווען אינגאַנצן אין די הענט פון כהן־גדול.

דער כהן־גדול האָט זיך געפילט ווי אַ מלך אין די גרענעצן פון זיין גייסטיקער מלוכה; אין זיין אינערלעכן קהלה־לעבן איז דאָס אידיש פאָלק געוואָרן אַ „ממלכת כהנים", אַ היעראַרכיע, אַ פּריסטער־שטאַט אונטערן שוץ פון אַ פּערסישן גובערנאַטאָר.

דער פּערסישער סאַטראַפּ האָט ברוטאַל אויסגעזויגן דאָס לאַנד. דערביי האָט ער ניט באַשיצט ירושלים קעגן די אָנפאַלן פון אירע שכנים. ווען מצרים האָט רעוואָלטירט און אויך אַ פּערסישער סאַטראַפּ האָט געמאַכט אַ פאַרזוך קעגן דער אימפּעריע, האָבן אידן אַ סך געליטן, און ירושלים איז ווידער געלעגן אין חרבות.

נאָר די אידן אין בבל זיינען שטענדיק געקומען צו הילף דעם שוואַכן אָרעמען ישוב און זייער נאַציאָנאַל־רעליגיעזן צענטער — ירושלים. דער אידישער האַנדל־קלאַס פון בבל איז אַריינגעדרונגען אין אַלע האַנדל־צענטערס פון דער גרויסער פּערסישער אימפּעריע. נאָר צוליב רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע מאָטיוון האָבן די אידישע סוחרים אויך געזוכט אויפצוהאַלטן די „תורה" אין ציון און „גאָט'ס וואָרט" אין ירושלים. זיי פלעגן שיקן מתנות און קרבנות קיין ירושלים. זיי האָבן אויך פון צייט צו צייט אַהין אַריינגעשיקט זייערן אַ פאָרשטייער אַכטונג צו געבן, צי ווערט דאָרט דורכגעפירט זייער נאַציאָנאַל־רעליגיעזע פּאָליטיק. דער באַדייטנדיקסטער פון אָט די פאָרשטייער איז געווען נחמיא, וועמעס טעטיקייט איז באַשריבן אין דעם ביבלישן בוך אויף זיין נאָמען.

נחמיה האָט געפונען, אַז דאָס קליין אָרעם מדינהלע איז פול מיט זינד און פאַרברעכן. דאָס פאָלק האָט געליטן הונגער און נויט. די שטייערן זיינען געווען אומגעהייער גרויס, די אָרעמע האָבן דערפאַר געמוזט לייען געלט אויף פּראָצענט און נאָכדעם פאַרקויפן זייערע קינדער פאַר קנעכט צו דעקן די

שולדן. מיט אַ שטאַרקער האַנט און מיט דער קעניגלעכער מאַכט הינטער זיך אַלס פּערסישער גובערנאַטאָר האָט נחמיה דורכגעפירט אַ ריי סאָציאַלע און רעליגיעזע רעפאָרמען. ער האָט אויך ווידער אויפגעבויט ירושלים, זי אַרומ־געריננלט מיט אַ מויער און באַנייט דעם בית־המקדש. ער האָט איינגעפירט אָפּצוהיטן שטרייננ שבת, זיך ניט מתחתן זיין מיט פרעמדע פעלקער, צו צאָלן שטייערן צום בית־המקדש א. א. וו. קורץ, אַ שטרייננ רעליגיעזע מלוכה, אַ קירכן־שטאַט, וואו דער כהן איז מלך און זיין רעליגיע־בוך איז דאָס געזעץ.

נאָר אָט די „גאָט'ס מלוכה" אַף דער ערד, איז געווען ווייט פון צופרידן צו שטעלן די שטאָטישע באַפעלקערונג וואָס איז געקומען פון בבל. ניט אומזיסט האָבן די אידישע פאָרשטייער, אין נחמיה'ס געגנוואַרט, דער־קלערט: „מיר זיינען קנעכט אַף אונזער אייגענעם באָדן" און „מיר זיינען אַף גרויסע צרות".

# גערַאנגל צווישן ליכט און פינצטערניש

די ווּיסטעניש פון אַראַביע וואָס האָט טויזנטער יאָרן נאָכאַנאַנד צוגע־שטעלט דעם אָריענט נייע סעמיטישע פעלקער, איז ניט געווען דער איינציקער מענטשן־רעזערוואַר אַף דער ערד.

ווייט אין צפון פון אַראַביע, אין די סטעפעס הינטער דעם שוואַרצן און קאַספּישן ים, אין דרום רוסלאַנד און צענטראַל אַזיע, האָט זיך געפונען אַן אַנדער באַדייטנדיקער מענטשן־שפּייכלער, דער אינדאָ־אייראָפּייאישער.

ביידע מענטשן־שטראָמען פון דרום און צפון האָבן זיך געצויגן צום פרוכטבאַרן טאָל פון שנער (מעסאָפּאָטאַמיע), אין מזרח, און צום מילדן קלימאַט פון די לענדער אַרום מיטללענדישן ים אין מערב.

ווען די מענטשן פון דרום האָבן שוין געהאַט אַנטוויקלט אַ הויכע קולטור, האָבן נאָך די מענטשן פון צפון געלעבט אין האַלב־ווילדן צושטאַנד. פאַר טויזנטער יאָרן האָבן דערפאַר די סעמיטן, עגיפּטער און עגייער צוריקגעהאַלטן די מענטשן־כוואַליעס פון „באַרבאַרישן” צפון. ערשט ווען די מעכטיקע סעמיטישע אימפּעריעס האָבן זיך אַליין רואינירט דורך מלחמות און דורך דער ברוטאַלער עקספּלואַטאַציע פון זייערע פּראָדוקטיווע מאַסן, האָט דער אינדאָ־אייראָפּייאישער מענטשן־שטראָם פאַרפלייצט די אַלטע קולטור־וועלט און געוועלטיקט פון אינדיע ביז שפּאַניע.

די גרויסע מלוכות פון אַשור, בבל און מצרים זיינען געוואָרן פּראָווינצן פון דער ריזיקער אימפּעריע פון די פּערסיער — דער אַרישער אָדער איראַ־נישער טייל פון די אינדאָ־אייראָפּייאישע ראַסן. די אַלטע מלוכות אין און אַרום עגייאישן ים זיינען אַלע באַזיגט געוואָרן פון די איינגעוואַנדערטע גריכישע שבטים.

קומענדיק פון די סטעפּעס זיינען די אַרישע נאָמאַדן, אַזוי ווי די סעמיטישע, געוואוינט געווען צו לעבן אין ברידערשאַפט. נאָר איבער־גייענדיק פון פי־צוכט צו לאַנדווירטשאַפט זיינען די פרייע בעדואינער געוואָרן פאַרשקלאַפטע פּויערים.

דער שווערער קאַמף פון די אונטערדריקטע מאַסן אין דעם אַלטן אָריענט צו קריגן גערעכטיקייט, האָט דאָרט אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז אַזאַ געראַנגל גייט אויך אָן צווישן די געטער. עס ראַנגלען זיך די גוטע געטער פון שקלאַף קעגן די בייזע געטער פון האַרן און פריצים, שטייער־מאָנער און פּראָצענטניקעס. דער געראַנגל איז אַ שווערער. אָפט זיגן די בייזע, פינצטערע כחות איבער די ליכטיקע. נאָר סוף־כל־סוף וועט דער גאָט פון

ליכט זיגן איבער דעם גאָט פון פינצטערניש און וועט איינפירן אַן אָרדנונג פון אמת און גערעכטיקייט.

די געשיכטע פון דער אַלטער פערסיע איז נאָך ניט גאַנץ אויסגעפאָרשט. עס איז דערפאַר נאָך ניט געגוי פעסטגעשטעלט אין וועלכער צייט אָט די סאָציאַל־רעליגיעזע אידייע איז דאָרט אַנטשטאַנען. לויט אירע נאָכפאָלגער שטאַמט אָט די אידייע דירעקט פונם גאָט פון ליכט. ער האָט זיך, זאָגן זיי, אַנטפּלעקט צו זיין נביא זאַראַטוסטרא (זאָראָאַסטער) אין יאָר 630 פ. ק. און אים געגעבן זיין תורה, די „זענד־אַוועסטאַ".

לויט דער כראָנאָלאָגיע פון דער זאַראַטוסטרא־רעליגיע איז זייער נביא געבוירן געוואָרן אין יאָר 660 אין אַזערבאַיזשאַן (איצט אַ סאָוועט־רעפּובליק אין קאַווקאַז) און דערמאָרדעט געוואָרן, פאַר זיינע נייע אידייען, אין יאָר 583 פ. ק. אין מזרח־פערסיע. נאָר אַ טייל היסטאָריקער האַלטן, אַז זאַראַ־טוסטרא האָט געלעבט מיט אַ 500 יאָר פריער, אַרום יאָר 1000 פ. ק.

זאַראַטוסטראַ'ס געבוירט און זיינע קינדער־יאָרן אַרום דער אַזער־באַיזשאַנער אָזערע אורומיא זיינען אַרומגעוועבט מיט פאַרשיידענע לעגענ־דעס. ער געהערט זינט זיין פופצנטן יאָר צו די מאַגי־פּריסטער, וואָס האָבן געדינט צו דער זון, לבנה און שטערן און צו דער ערד, וואַסער און ווינט. אינם עלטער פון 30 יאָר טרעט ער אַרויס מיט זיין נייע לערע, וועמעס הויפּט־פונקטן ער שרייבט אויף אין פערזן.

אין מערב־אַזיע איז זאַראַטוסטראַ'ס לערע ניט געווען גאָר ניי. שוין אין דער אַלטער ליטעראַטור פון בבל ווערט דערציילט פון דעם קאַמף צווישן מרודך (מאַרדוק), דעם גאָט פון חכמה און ליכט, געפירט קעגן תהום (טאַהאַמיט), די געטין פון פינצטערניש און בייז. עס איז דערפאַר ניט זיכער אויב די ענלעכקייטן פון אַ סך פסוקים און געבאָטן אין חומש און אין דער „זענד אַוועסטאַ" שטאַמען דערפון וואָס די אידן אונטער דער הערשאַפט פון פערסיע זיינען שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון זאַראַטוסטראַ'ס לערע, אָדער ביידע תורות האָבן געשעפּט פון די אַלטע סומערישע און באַבילאָנישע קוועלן. אַלנפאַלס איז דער בייזער גאָט פון דער „אַוועסטאַ" אַ סך ענלעך צו דעם שטן און דער „סטרא־אחרא" אין דעם אידישן, קריסטלעכן און מאַכמעדאַנישן גלויבן.

לויט זאַראַטוסטראַ'ס לערע האָט דער „קלוגער גאָט" — אַהוראַ־מאַצדאַ, אָדער אָרמאַצד (אין גמרא „הורמיז") באַשאַפן די וועלט און הערשט איבער אירע אַלע גוטע קרעפטן. זיין „גייסטיקער שונא" — אַנגראַ־מאַיניו, אָדער אַכרימאַן (אין גמרא „אהורמיז") איז דער אָנפירער פון אַלע בייזע כחות, שדים, רוחות און מלאכי־חבלה.

אָרמאַצד, דער גאָט פון חכמה און ליכט, האָט אונטער זיך אַ ריזיקע אַרמיי פון מלאכים און שרפים. זיי ווערן אָנגעפירט פון זעקס קאָמאַנדירן, אויבער־מלאכים, אָדער „מלאכי השרת". זיי הייסן: 1) „דעם הייליקנ'ס אומשטערבלעכער", 2) „גוטער געדאַנק", 3) „פולקומענער יושר", 4) „גע־וואונטשענע מלוכה", 5) „היילונג" אָדער „דערלייזונג", 6) „אומשטערב־לעכקייט". „רענק און פיילער" מלאכים זיינען אַזוי צאָלרייך ווי זאַמד און שטערן, און בלויז 21 פון זיי פאַרנעמען העכערע פּאָזיציעס; זיי שטעלן מיט זיך פאָר אין מלאכישער געשטאַלט די זון, לבנה, שטערן, פייער, ערד, וואַסער און לופט, די נשמות פון צדיקים און אַזוינע אַבסטראַקטע באַגריפן ווי זיג, רעליגיע, קעניגלעכער רום, און די הייליקע „מיטראַ" — אַ פאַר־קערפערונג פון ליכט און אמת, — וואָס איז געווען אַ שטאַרקע קאָנקורענטין צום קריסטנטום אין זיינע ערשטע יאָרהונדערטן.

דער קאַמף צווישן די מלוכות פון ליכט און שאָטן הויבט זיך אָן מיט דער געשיכטע פון דער וועלט, וועלכע זאַראַטוסטראַ טיילט אין פיר עפּאָכן, יעדערע צו דריי טויזנט יאָר. אין די ערשטע דריי טויזנט יאָר האָט די וועלט עקזיסטירט בלויז אין גייסטיקן צושטאַנד. אירע באַשעפענישן זיינען געווען ענלעך צו די נשמות פון צדיקים. אָרמאַצד, וואָס האָט באַשאַפן די וועלט האָט, נאַטירלעך געוואוסט, אַז אונטן אין תהום געפינט זיך דער בייזער, פינצטערער אַכרימאַן. נאָר דער לעצטער האָט אינגאַנצן ניט געוואוסט פון אָרמאַצד'ס עקזיסטענץ. ווען אַכרימאַן האָט זיך אַרויסגעהויבן פון זיין טיפן אָפּגרונט, איז ער פאַרבלענדט געוואָרן פון דעם גייסטיקן ליכט און לייכט פאַריאָגט געוואָרן פון אָרמאַצדן אין תהום. אין די צווייטע דריי טויזנט יאָר האָט אָרמאַצד באַשאַפן די ערד מיט אירע ברואים, אין קערפּער־לעכער געשטאַלט, צו באַקעמפן די כחות פון פינצטערניש. נאָר באַלד דרינגט דאָרט אויך אַריין אַכרימאַן און ס'הויבט זיך אָן די דריטע עפּאָכע פון דריי טויזנט יאָר, מיט וועלכע ס'הויבט זיך אָן די געשיכטע פון דעם מענטשן, אַרום וועלכן ס'גייט אָן אַ שטענדיקער קאַמף צווישן די כחות פון ליכט און פינצטערניש.

די לעצטע דריי טויזנט יאָר איז איינגעטיילט אין דריי איינטויזנט יאָריקע עפּאָכן. איבער יעדערער פון זיי הערשט דער גייסט פון זאַראַ־טוסטראַ אָדער פון אַן אַנדער נביא פון זיין שטאַם, ווי ס'גלויבן זיינע נאָכ־פאָלגער. זאַראַטוסטראַ'ס אידעאַל: „הומאַטאַ, הוקסטאַ, הוואַרשטאַ" (גוטע מחשבות, גוטע ווערטער, גוטע מעשים) קריגט אַלץ מער און מער אָנהייגער. נאָר גלייכצייטיק ווערן אויך די פינצטערע כחות אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. ס'הויבט זיך אָן דער לעצטער קאַמף צווישן אָרמאַצד און

אכרימאַן, צווישן גוט און בייז, ליכט און פינצטערניש. די מענטשהייט לעבט דאַן איבער „שווערע צייטן" (די „משיח־ווייען" און די „מלחמה פון גוג ומגוג" פון דעם אידיש־קריסטלעכן גלויבן). צום סוף וועט זיך באַווייזן „סאַשיאַנט" („ער, וואָס וועט באַגליקן און דערלייזן די וועלט") און וועט מאַכן אַ סוף צו אַכרימאַנ׳ס מלוכה פון בייז און פינצטערניש. אָט דער משיח וועט נאָכדעם אויך אויפוועקן די טויטע פון די קברים און נאָך דעם אַלוועלטלעכן „תחית המתים" אָפּהאַלטן אַן אַלוועלטלעכן „יום הדין". נאָכן יום הדין, וואו אַלדאָס בייז וועט פאַרשווינדן אין טיפן תהום צוזאַמען מיט דער מלוכה פון פינצטערניש, וועט זיך אָנהויבן די אייביקע גייסטיקע (הימלישע) מלוכה פון אָרמאַצד, פון שיינקייט, גערעכטיקייט, חכמה און ליכט.

ביישפּילן פון שפּעטערע עפּאָכן אין דער פּערסישער געשיכטע באַווייזן, אַז די אונטערדריקטע מאַסן אין פּערסיע האָבן פון צייט צו צייט געמאַכט אַ פּאַרזוך צו העלפן אָרמאַצדן מאַכן אַ סוף צו אַכרימאַנ׳ס מלוכה פון בייז. נאָר ווי יעדע סאָציאַל־רעליגיעזע אידייע ווערט אויך דער זאַראַטוסטראַאיזם שפּעטער אַ קירך מיט אַ פּריסטערשאַפט, וואָס דינט דעם הערשנדיקן קלאַס און העלפט די בייזע כחות אונטערדריקן די מאַסן, וואָס שטרעבן צו דער מלוכה פון „שיינקייט, גערעכטיקייט, חכמה און ליכט".

# קלאַסן, קאַלירן און קאַסטעס

די סעמיטיש־עגיפּטישע ציוויליזאַציע פון 6טן יאָרהונדערט פאַר קריסטנ־טום איז געווען פאַרבונדן ניט בלויז מיט גריכנלאַנד, נאָר אויך מיט אינדיע.

שוין אין אוראַלטע צייטן האָבן די דראַווידן פון דרום־אינדיע געהאַנדלט מיט די סעמיטן פון אַראַביע און דורך זיי מיט מצרים און בבל און אַנדערע ציוויליזירטע לענדער. אויך צפון־אינדיע איז געקומען אין באַרירונג מיט מערב־אַזיע, ווען די פּערסיער זיינען געוואָרן אירע שכנים.

די סאָציאַל־עטישע כוואַליע, וואָס האָט זיך געטראָגן איבער דעם נאָענטן מזרח אין 6טן יאָרהונדערט פ. ק., האָט אויך דערגרייכט דער ווייטער אינדיע. נאָר ניט געפינענדיק דאָרט אַזאַ באָדן ווי דעם פון וואַנען זי האָט אַרויסגעשטראָמט — דעם קלאַסנקאַמף פון די אַרבעטנדיקע מאַסן — האָט זי דאָרט אָנגענומען גאָר אַנדערע פאָרמען.

דער וואַרעמער קלימאַט פון אינדיע האָט אַרויסגעלייגט זיין שטעמפּל אויף גרויסע מאַסן פון איר באַפעלקערונג. זיי האָבן זיך באַנוגנט דערמיט וואָס ס'גיט זיי די נאַטור און זיך ווייניק אָנגעשטריינגט פאַר זייער לעבן. זיי האָבן געגעסן גרינסן, געטראָגן ווייניק קליידער, געוואוינט אין פּרימיטיווע היימען, ניט אַנטוויקלט קיין באַדייטנדיקע אינדוסטריע, ניט געפירט קיין גרויסן האַנדל. אינדיע האָט געהאַט גענוג לאַנד פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט געוואָלט אַרבעטן. זי איז געווען פול מיט טויזנטער דאָרף־קאָמונעס, וואָס האָבן מער־ווייניקער געפירט אַ רואיק, פרידלעך לעבן.

די לאַגע האָט זיך ווייניק געענדערט דורך דעם אַריינדרינגען פון די אַריער פון צפון. אַ גרויסער טייל פון די דראָבערער זיינען ביסלעכווייז געוואָרן אַקלימאַטיזירט און אָנגעהויבן פירן דאָס פרידלעך לעבן פון די אור־איינוואוינער. נאָר די אַרישע פּריסטער (בראַמינען), דער קריגס־פירנדיקער אַדל (קשאַטריאַסן) און די פאַרמעגלעכע בירגער (וואַ־שיאַסן) האָבן זיך געהאַלטן פאַר העכערע וועזנס פון די דראָבערטע פּויערים און האַנטווערקער (סודריעס, דאַסן) און זיך פון זיי אָפּגעזונדערט. אויך צווישן זיך האָבן אָט די „העכערע" קלאַסן זיך ווייניק געמישט. ביסלעכווייז זיינען דערפאַר די קלאַסן אין אינדיע באַפעסטיקט געוואָרן אין שטאַנדן („וואַרנאַס" — קאָלירן, אין אינדיש, אָדער „קאַסטעס" — אין פּאָרטוגעזיש).

כדי צו פאַראייביקן די הערשאַפט פון אַדל, פּריסטער און בירגער איבער די אַרבעטנדיקע מאַסן זיינען געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע ריי געזעצן: די

„דהארמא סאסטראס", דאָס געזעץ פון מאנו און די „יאזשנאוואלקא". אָט די אַלע געזעצן האָבן באַשטימט די בראַמינען, אַלס געזעץ־קענער, פאַר די משגיחים איבער דער אָפּהיטונג פון דער קאַסטע־הערשאַפט, וועלכע איז פון זיי געוואָרן דערקלערט פאַר דעם אומפאַרענדערלעכן ווילן פון די געטער פון לאַנד.

ניט קוקנדיק אַף אַלע דערקלערונגען פון די בראַמינען, אַז די בלוט־מישונג צווישן די „העכערע" און „נידעריקערע" איז אַ שווערע זינד אין די אויגן פון די געטער, איז דאָך הונדערטער יאָרן נאָכאַנאַנד אָנגעגאַנגען אַ בלוט־פאַרמישונג צווישן די אַלטע און נייע איינוואוינער פון אינדיע. די קאַסטן־אָפּטיילונג האָט זיך דערפאַר אַנטוויקלט ניט לויט ראַסע נאָר לויט קלאַס. שקלאַפן זיינען כמעט ניט געווען. מ'האָט זיך אויך אין זיי ניט גענויטיקט. די אַרבעט פון די היימישע האָרעפּאַשניקעס האָט ניט געקאָסט מער ווי שקלאַפן־אַרבעט.

די אָרעמע אינדישע מאַסן האָבן זיך באַנוגנט מיט דעם ביסל וואָס זיי האָבן געהאַט. פון קינדווייז אויף האָט מען זיי געלערנט, אַז אָט אַזוי איז געווען די וועלט זייט אַלע אייביקייטן: דער אָרעמער האָט געאַרבעט שווער, ניט געגעסן צו זאַט, ניט באַדעקט גאַנץ זיין נאַקעטקייט און געלעבט אין איינגעשאַפט און שמוץ. אַף דער פראַגע: פאַרוואָס קומט עס דעם אָרעמען צו ליידן און פאַרוואָס לעבן די אויסדערוויילטע אין גליק האָבן די פּריסטער געענטפערט: יעדער מענטש האָט זיין געלעגנהייט. דער אָרעמער פון היינט איז דער גלגול פון אַ גביר פון אַן אַנדער דור. נאָר ניט אָפּהיטנדיק די געטלעכע געבאָטן איז ער מגולגל געוואָרן אין אַן אָרעמען סודראַ (אַרבעטער) אָדער פּאַריאַ (רעכטלאָזער).

דאָך האָבן זיך געפונען אַזוינע סודראַס און פּאַריאַס וועמען דער ענטפער האָט ניט צופרידן געשטעלט. די דיינקער צווישן זיי האָבן לייכט געקאָנט אויפגעבן זייער היים און אַרבעט און אָנהויבן וואַנדערן צו באַטראַכטן דאָס לעבן אין אַנדערע געגנטן. ניט זייענדיק צוגעבונדן צו ערדישע גליקן איז פאַר זיי געווען אַ קלייניקייט צו ווערן נזירים, אַסקעטן, זיך אָפּשיידן פון לעבן, ליגן אין וועלדער, אין היילן און טראַכטן הונגעריקערהייט פון גאָט'ס דרכים. זייער באַגייסטערונג און ערנסט האָבן אויך מיטגעריסן פון צייט צו צייט אַ מיטגליד פון די העכערע דריי קלאַסן, וואָס האָבן מיטגעבראַכט דאָס וויסן פון דער אַלטער הייליקער טעאָלאָגיע (גאָט־לערע) מיט אירע געבאָטן, תפילות א. אַ. וו. די אָרעמע אַסקעטישע חכמים פון מזרח האָבן דערפאַר זיך אַריינגעלאָזן אַלץ מער אין ספּעקולאַציעס וועגן הימל און פאַרגעסן אָן דער ערד מיט אירע ליידנדיקע באַשעפענישן. יעדער האָט נאָר געטראַכט ווי אַזוי

צו ראטעווען דעם אייגענעם איך פון צו ווערן מגולגל אין א נידעריקערער באשעפעניש אין א צווייטן לעבן, אדער ווי זיך צו דערהויבן נאכן טויט צו א העכערן גלגול ווי אין דעם וואס ער לעבט איצט.

אף זייערע וואנדערונגען אין ווייטן צפון און ווייטן דרום האבן זיך אט די ערלעכע לייט זיך צוזאמענגעטראפן מיט מענטשן וואס האבן עפעס געהערט אן אפקלאנג פון דער נייער תורה פון מערב, די ווערטער פון אמת און רעכט, וואס זיינען געטראגן געווארן פון די ארעמע מאסן אין בבל און מצרים, אין יהודה און אטען, א. א. וו. פארן שיין פון אט דעם נייעם ליכט האבן זיי אנגעהויבן אנדערש צו פארשטיין דעם פראטעסט, וואס האט זיך (כאטש שוואך) ארויסגעריסן פון די ארעמע אינדישע מאסן, קעגן דער עקאנאמישער, פאליטישער און גייסטיקער אונטערדריקונג פון די הערשנדיקע קלאסן.

אט די קלאסן־באוועגונג פון די ארעמע אינדישע מאסן איז געווען דער בודהאאיזם (חכמה), וועמעס גייסטיקער פארשטייער איז געווען דער מיט־לעגענדן־ארומגעוועבטער סידהאטא גאטאמא, וועלכער ווערט אויך אנגערופן סאקיא מונא (דער חכם פון סאקיא) אדער בודהא (חכמה).

סידהאטא גאטאמא איז געווען דער זון פון א הויפטלינג פון דער פאמי־ליע סאקיא, אין א קליינער דארף־קאמונע אין צפון פון בענגאל, לעבן די ריזיקע הימאלאיער בערג.

בענגאל, א מיטלפונקט פון דער רעוואלוציאנערער אינדיע, האט אויך פארצייטן געהאט א מער ענערגישע באפעלקערונג ווי מיטל און דרום אינדיע. דארט האבן די ארעמע מאסן ניט געטראגן געדולדיק דעם יאך און זייער פראטעסט איז געווארן אלץ שטארקער.

דער ערלעכער גאטאמא איז א געוויסע צייט מיטגעריסן געווארן פון די לערן פון די נזירים און אסקעטן. נאר זיין ענערגישע נאטור האט פראטעסטירט קעגן זייער אסקעטיזם. ער איז אויך געווען צופיל דורכגעדרונגען פון דעם פראטעסט פון די אונטערשטע שיכטן קעגן אונטערדריקונג, כדי צו טראכטן, ווי יענע ערד־פרעמדע נזירים, בלויז פון אייגענעם איך, מעג עס אפילו זיין דער גייסטיקער איך, א נשמה אין איר פיין.

דערצווישן אין דער פויערישער קאמונע, וואו די הויפט ראל האט געשפילט דער קאלעקטיוו, דער כלל, איז גאטאמא געווארן דער ווארטפירער אויך פון יענע שטומע מיליאנען פון אינדיע, וואס האבן אויסגעדריקט זייער פראטעסט קעגן דער אומגערעכטיקייט בלויז אין זיפצן און קרעכצן, און אין שטילע תפלות צו זייערע אינטימסטע געטער. ער האט ניט געהאט אין זיך די סטיכישע קראפט פון די אידישע סאציאלע נביאים, וואס זיינען גע־

שטאַנען אין מיטן פון שטורעמדיקן קלאַסנקאַמף. נאָר אַזוי ווי יענע האָט ער געשטעלט דעם גליק פון כלל העכער ווי פון יחיד, און געלערנט אַזוי ווי ירמיה: זוך ניט קיין פּערזענלעכן גליק, נאָר טראַכט פון דער טובה פון דער געזעלשאַפט. זיין אידעאַל איז געווען דער יחיד זאָל זיך אַליין פאַרגעסן און טראַכטן נאָר פון כלל. ער האָט געלערנט צו ריידן אמת און צו זיין גערעכט דורך גערעכטע מעשים.

אָט די נייע לערע, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף די אָרעמע שיכטן פון אינדישן פאָלק, האָט גאָר ניט געהאַט צו טאָן מיט טעמפּלען, כהנים און קרבנות, מנהגים און צערעמאָניעס. זי האָט ניט באַשטעטיקט און ניט אָפּגע־לייקנט די אַלטע געטער. זי האָט זיך בכלל ניט געמישט אין רעליגיעזע פראַגן. די הויפּטזאַך איז פאַר איר געווען די מענטשן זאָלן לעבן לויטן אמת



בודהאַ.

און גערעכטיקייט, וואָס דאָס מיינט פריער ווי אַלץ די אָפּשאַפונג פון די קלאַסן: „אַזוי ווי די פיר שטראָמען וואָס גיסן זיך אַריין אין דעם (טייך) גאַנגעס פאַרלירן זייערע נעמען אַזוי גיך ווי זיי מישן זייערע וואַסערן אין הייליקן טייך, אַזוי הערן אויף צו זיין בראַמינען, קשאַטריאַסן, וואַשיאַסן און סודריעס די אַלע וואָס גלויבן אין בודהאַ (חכמה — די תורה פון אמת און רעכט).

נאָר קעגן איין אמונה האָט די נייע לערע געקעמפט שטאַרק, דאָס איז קעגן גלויבן אין גלגול. אַנערקענען דעם גלגול האָט געמיינט מסכים צו זיין אויף דער גערעכטיקייט פון אָרעם און רייך און די גאַנצע קלאַסנצעטיילונג מיט

וועלכער די אָרעמע מאַסן זיינען ניט געווען צופרידן.

די אידייע, אַז גאָט האָט געשאַפן אַלע מענטשן גלייך, און ס'דאַרפן ווערן אָפּגעשאַפט אַלע חלוקים צווישן מענטש און מענטש, האָט שטאַרק אַפּעלירט צו די אָרעמע מאַסן פון אינדיע. די אָנהייננגער פון דער נייער לערע האָבן זיך אָרגאַניזירט אין קליינע קאָמונעס, ברידערשאַפטן, צו לעבן לויט דער נייער אידייע. די אָנהייננגער פון דער אַלטער אָרדענונג האָבן אין דעם געזען אַ געפאַר קעגן זייערע קלאַסן־אינטערעסן און עס אויך באַטראַכט פאַר אַ שווערער זינד קעגן די געטער, אַז מענטשן פון פאַרשיידענע קאַסטן זאָלן לעבן צוזאַמען און זיך פאַרמישן. האָט זיך אָנגעהויבן אַ בלוטיקער קאַמף וואָס האָט אַ געוויסע צייט אויסגעזען זיך צו ענדיקן מיטן זיג פון די מאַסן קעגן די הערשנדיקע קלאַסן.

צוויי הונדערט יאָר שפּעטער, ווען אַ גריכישע אַרמיי אונטער דער פירער־שאַפט פון אַלעקסאַנדער מוקדן, איז אַריינגעדרונגען אין אינדיע, האָבן די דאָרטיקע קלאַסן נאָך ניט געהאַט אָנגענומען די געשטאַלט פון שאַרף אָפּ־געגרענעצטע קאַסטעס. לויט דער שילדערונג פון דעם גריכישן אַמבאַסאַדאָר מעגאַסטען, אין הויף פון אינדישן קעניג טשאַנדראַגופטאַ (סאַנדראַקאָט) זיינען די אינדיער דעמאָלט געווען איינגעטיילט אין זיבן קלאַסן: 1) „פילאָזאָפן" (אינטעליגענציע: באַאַמטע, לערער א. ד. ג.), 2) פויערים, וועמעס לאַנד ס'האָט געהערט צו קהל און זיי האָבן געלעבט אין קאָמונעס. די פויערן־קאָמונעס האָבן געמוזט צאָלן הויכע שטייערן צו דער מלוכה, נאָר דערפאַר זיינען זיי געווען פריי פון מיליטער־דינסט. 3) פי־צוכטער, פאַס־טוכער און יעגער. זיי האָבן געלעבט אין קאָמונעס, וואָס האָבן געהייסן „קאַאינאַס" (קין'ס?) און זיינען באַטראַכט געוואָרן פאַר שטאַטס־אַרבעטער. אויך זיי זיינען געווען פריי פון מיליטער־דינסט. 4) האַנטווערקער. זיי זיינען געווען אָנגעשטעלט ביים שטאַט. דער אַרבעטס־טאָג ביי קהלשער אַרבעט איז געווען אַ דריטל מעת־לעת (אַכט שטונדן). ווי די אַנדערע צוויי אַרבעטסזאַמע קלאַסן זיינען די האַנטווערקער געווען פריי פון מיליטער־דינסט. אַזוי ווי די פעניקישע און אַנדערע האַנטווערקער פון אַרום מיטל־לענדישן ים, זיינען אויך די אינדישע בעלי מלאכות געווען אָרגאַניזירט אין אַ מין צעכן, אָנצוהאַלטן געהיים זייער אַרבעט־קונסט. דאָס האָט געפירט זיי זאָלן טאָן שידוכים נאָר צווישן אייגענעם קלאַס און אַזוי האָבן זיי זיך מיט דער צייט אַנטוויקלט צו אַ באַזונדער אָפּגעגרענעצטער קאַסטע. די קליינ־הענדלער האָבן זיך גערעכנט צום האַנטווערקער־קלאַס מיט וועמעס פּראָדוקטן זיי האָבן געהאַנדלט. 5) שטייענדיק מיליטער. 6) קעניגלעכע ראַטגעבער־(שפּיאָנען), און 7) אַדל.

אין זייער קאַמף קעגן די פעאָדאַלן האָבן די אינדישע קעניגן זיך גע־שטיצט אַף די ברייטע מאַסן און דערפאַר אויך געשטיצט די נייע לערע, וואָס שאַפט אָפּ קלאַסן־פּריווילעגיעס און קאַסטע־איינטיילונג. קעניג אַסאָקאַ האָט זיך דערקלערט פאַר אַ בודהאַאיסט און געגעבן דעם בודהאַאיזם רעגירונגס־מאַכט. נאָר די דערהייבונג פון בודהאַאיזם צו אַ שטאַטס־רעליגיע האָט געטויט זיין קלאַסן־כאַראַקטער. פון איין זייט איז ער געוואָרן אַ מין מיטל־אַלטערלעכער קריסטנטום מיט מאָנאַסטירן, מיט וועלט־פרעמדע מאָנאַכן; פון דער אַנדער זייט, דורך די מיטאַמאָל אָנגעשלאָסענע ברייטע מאַסן איז ער געוואָרן פאַרמישט מיט אַלערליי זאַבאַבאָנעס און אַבערגלויבנס. צולעצט האָט דער בודהאַאיזם פאַרלאָרן יעדן קאָנטאַקט מיט די אינדישע מאַסן און איז כמעט ווי פאַרשוואונדן פון לאַנד. מער אַנערקענונג האָט דער בודהאַאיזם געפונען אין אויסלאַנד. ער איז געוואָרן פאַרשפרייט איבער כינע, טיבעט, יאַפּאַן, א. אַ. וו. דער בודהאַאיזם איז איצט די רעליגיע פון אַרום 500 מיליאָן מענטשן, נאָר מיט דעם קאַמף פון די אָרעמע מאַסן און מיט די אידייען פון סידהאַטאַ גאָטאַמאַ האָט אָט די רעליגיע אַ קנאַפּן שייכות.

# סאָציאַלע אידייען אין אַלטן כינע

## אַ רוף צוריק צו דער נאַטור

די אַלטע כינע איז ניט געווען אַלעמאָל ארומגערינגלט מיט אַ וואַנט. ס'זיינען געווען צייטן, ווען כינע, אָדער סינע, איז געשטאַנען אין פאַר־בינדונג מיט דער רייכער סומאַר־סעמיטישער ציוויליזאַציע פון מערב־אזיע. דאָך קען ניט געזאָגט ווערן באַשטימט, אַז די סאָציאַלע באַוועגונג אין דער אַלטער כינע האָט געצויגן וועלכע ס'איז גייסטיקע השפעה פון אַנדערע לענדער.

פאַראַן געלערטע, וואָס אַנערקענען די כינעזישע טראַדיציע, אַז איר קולטור איז כמעט אַזוי אַלט ווי די פון מצרים. דאָס כינעזישע הייליק בוך „שו־קינג" גיט אַ כראָנאָלאָגיע פון היסטאָרישע פאַקטן זינט דעם יאָר 2355 פ. ק. אַ טייל פון אָט די פאַקטן זיינען באַשטעטיקט געוואָרן דורך אויסער־לעכע באַווייזן. אַ סך געלערטע גיבן אויך צו, אַז כינע האָט שוין געהאַט ליטעראַרישע שאַפונגען מיט 37 אָדער, שפּעטסטנס, מיט 30 הונדערט יאָר צוריק.

אַזוי ווי אין בבל און מצרים, אַזוי אויך אין כינע, דערציילן די אַלטע כראָניקעס בלויז פון לעבן פון די קעניגן און פירשטן. דאָך האָבן מיר געניג אָנדייטונגען אויך וועגן דעם לעבן פון די ברייטע מאַסן.

פון דעם יאָרהונדערט־דויערנדיקן קאַמף צווישן די פאַרשיידענע פירשטן האָט זיך אַנטוויקלט אין כינע די אינסטיטוציע פון קייזערטום—דער „זון פון הימל", וואָס שטייט בראש פון דער פירשטן־קאָנפעדעראַציע, ווי דער „קייזער פון רוים" אין מיטלאַלטערלעכן דייטשלאַנד. דער אַלט־כינעזישער קייזער איז מער פאַפּסט ווי קעניג. אַלע זיינע טאַטן, זיין קליידונג, ריידן, אויפנעמען געסט, א. א. וו. ווערן רעגולירט פון מנהג און געזעץ. פירט ער זיך „גוט און פרום", מוז ער ווערן געדולדעט פון די פירשטן. זוכט ער צו רעגירן, אַזוי דערקלערן אים די פירשטן פאַר אַ טיראַן און טרעטן ארויס קעגן אים. אין אַזאַ פאַל ווערט דער „זון פון הימל" דערמאָרדעט, פאַר־גיפטעט אָדער פאַרברענט, און אַ נייע דינאַסטיע פאַרנעמט דעם „הימלישן" טראָן. יעדער גרויסער פירשט האָט דערפאַר די אַמביציע צו ווערן דער „זון פון הימל". גייט אָן אַן אָפענער און באַהאַלטענער קאַמף צווישן פירשט און פירשט, און דער שטאַרקסטער הערשער געפינט שוין אַ געלעגנהייט ווי צו באַפאַלן דאָס אַלטע אָפּגעשוואַכטע קעניג־הויז און פאַרנעמען זיין פּלאַץ.

די ברייטע מאַסן באַטייליקן זיך ניט פֿרייוויליק אין דעם קאַמף צווישן די פֿירשטן. געוויינטלעך קומערט ווייניק די מאַסן, ווער ס'איז דער „זון פֿון הימל", אַזוי לאַנג, ווי מ'לאָזט זיי צורו. קיין פּריצים־קלאַס איז ניטאָ. דאָס לאַנד געהערט צום שטאַט, און דער באָדן איז בלויז אַנטליען צו זיינע באַאַרבעטער. באַאַרבעט עמיצער ניט זיין לאַנד, קערט זיך אום דער באָדן צוריק צום שטאַט. יעדער פֿאַמיליע־פֿאָטער קריגט אַ געוויסן טייל, פֿאַר וועלכן ער מוז צאָלן מעשר (אַ צענטל פֿון דער הכנסה) צום שטאַט. וואו דאָס לאַנד איז ווייט פֿון אַן אינדוסטריעלן צענטער, ווערט עס פֿאַרוואַלטעט האַלב־קאָמוניסטיש. יעדעס שטיק לאַנד ווערט איינגעטיילט אין ניין גלייכע חלקים. אַכט ווערן צעטיילט צווישן פֿאַמיליען־פֿאָטערס און דער ניינטער חלק געהערט צום שטאַט און ווערט באַאַרבעט פֿון אַלעמען. די אַכט פֿאַמיליעס העלפֿן זיך איינע די אַנדערע אין דער אַרבעט און פֿאַרטרעטן איינע די אַנדערע אין פֿאַל פֿון קראַנקהייט א. א. וו. זייער שטייער באַשטייט בלויז אין צושטעלן דעם שטאַט די הכנסה פֿון זייער ניינטל.

נאָר אָט דער „אַנטליענער" באָדן גייט איבער בירושה צו אַלע זין אין גלייכע חלקים. ווערט ער וואָס ווייטער צעטיילט אַלץ אין קלענערע טיילן, ביז דער פּויער קען מער ניט ציען דערפֿון קיין חיונה, ווי פֿלייסיק ער זאָל ניט אַרבעטן. פֿילט ער אָן די גרויסע שטעט און איז גרייט צו טאָן די שווערסטע אַרבעט פֿאַרן קלענסטן לוין. מיט דער אַרבעט פֿון אָט די כינעזער־האַרע־פּאַשניקעס איז אויסגעבויט געוואָרן, אין משך פֿון 1100 יאָר, דער גרויסער כינעזישער קאַנאַל, וואָס האַלט 900 מייל די לייננג און אַרום 100 פֿוס די ברייט. זיי האָבן אויך אויפֿגעשטעלט די וועלט־באַרימטע „כינעזישע וואַנט", וואָס האַלט אַרום 1,500 מייל די לייננג און פֿון 20 ביז 30 פֿוס די הויך. שקלאַפֿן זיינען געווען ווייניק אין דער אַלטער כינע; מ'האָט זיך אויך אין זיי ניט שטאַרק גענויטיקט. די אַרבעט פֿון דעם „פֿרייען" קנעכט, דעם באַזיצלאָזן האָרעפּאַשניק, האָט געקאָסט ביליקער ווי פֿון אַ געקויפֿטן קנעכט. דאָך פֿלעגן אָרעמע עלטערן, אַזוי ווי אַמאָל אין מערב־אַזיע, מצרים און גריכנ־לאַנד, פֿאַרקויפֿן אין קנעכטשאַפֿט זייערע קינדער, מערסטנס די טעכטער, און אַמאָל אויך זיך אַליין.

דאָס כינעזישע דאָרף האָט געהאַט אַ געוויסע מאָס פֿון זעלבסט־רעגירונג. אַלע איינוואוינער האָבן געהאַט שטים־רעכט און געקאָנט דערוויילט ווערן צו יעדן אַמט. זיי פֿלעגן שטימען ניט לויט פּאַרטייען נאָר לויט זייער שבטים־אָפּשטאַמונג, ווי אַמאָל די אַלטע גריכן. דאָס דאָרף איז געווען פֿאַר־אַנטוואָרטלעך קאָלעקטיוו צום פֿירשט, אָדער קייזער, פֿאַר די שטייערן. די פּויערים, די האַנטווערקער, די הענדלער און די אַלע אַנדערע אַרבעטסזאַמע

כינעזער־מאַסן האָבן אויך געהאַט דאָס פולע רעכט זיך צו פאַראייניקן אין אָפענע און געהיימע אָרגאַניזאַציעס. דער הערשנדיקער כינעזישער אַטאָקראַט האָט זיך ווייניק געמישט אין לעבן פון די מאַסן, אַבי זייער קאָלעקטיוו (קהל) האָט אים צוגעשטעלט די פון אים געפאָדערטע מאָס שטייערן. אַזוי איז די כינעזישע מאַסע אַ לאַנגע צייט באַשטאַנען פון אַ גרויסער צאָל דעמאָקראַטישע רעפובליקלעך, אונטער דער אויבערהערשאַפט פון אַ צענטראַליזירטער אַטאָקראַטיע.

די גרויסע נויט פון די אַלץ מער אָרעם־ווערנדיקע ברייטע מאַסן און די קאָרופּטקייט פון די רעגירונגס־באַאַמטע, ריכטער און שטייער־מאָנער האָבן אָפט אַרויסגערופן אומרועןן אין לאַנד. אַ טייל פון אָט די אומצופרידענע עלעמענטן פלעגט זיך אָרגאַניזירן אין רויבער־באַנדעס און באַפאַלן די האַנדל־קאַראַוואַנען. די צענטראַלע רעגירונג איז געווען מאַכטלאָז, ווייל אירע אייגענע באַאַמטע און ריכטער זיינען געווען יד־אחת מיט די רויבער־באַנדעס, פון וועלכע זיי פלעגן קריגן אַ פעטן חלק. די רעגירונג־באַאַמטע („מאַנדאַרינען" אין פּאָרטוגעזיש), וועלכע זיינען אויך געווען די געלערנטע פון לאַנד (זיי פלעגן ווערן געלערנט אין זעקס געגנשטאַנדן: רעליגיע, מוזיק, געשיכטע, מאַטעמאַטיק, שיסן מיט פייל און בויגן און רייטן), האָבן געשטרעבט צו ווערן אַ קאַסטע, אַזוי ווי די בראַמינען אין אינדיע, און בילדן אַ פּריצעשאַפט, וואָס מישט זיך ניט מיט אַנדערע קלאַסן. נאָר אָט די שטרעבונג איז געוואָרן צו־גאָרנישט אַ דאַנק דער סאָציאַל־עטישער שטרעבונג, וואָס האָט אויפגערודערט די אַלטע כינע עטלעכע הונדערט יאָר נאָכאַנאַנד. די כינעזישע מאַסן האָבן סוף־כל־סוף דורכגעפירט, אַז די מאַנדאַרינען זאָלן ווערן רעקרוטירט דורך אַ שטאַטס־עקזאַמען פון אַלע שיכטן פון פאָלק.

דער שלעכטער צושטאַנד אין כינע אין 6טן און 7טן יאָרהונדערט פ. ק. האָט אַרויסגערופן פאַרשיידענע סאָציאַלע שטרעמונגען צווישן די ווי־מוראַש־קעס־אַרבעטזאַמע און פרידלעכע כינעזישע מאַסן. דער קאַמף פון די נאָרד־לעכע פירשטן פאַר דעם טראָן, דער מיליטאַריזם, די רייכקייט מיט אַלע אירע זינד, די קאָרופּטקייט פון די שטאַט־באַאַמטע און ריכטער, דאָס בושעווען פון די רויבער־באַנדעס און די שרעקלעכע נויט פון די אָרעמע מאַסן האָט אַ טייל דיינקענדיקע כינעזער געבראַכט צום צווייפלען אין מענטשלעכן פאָרשריט זיי זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דער גאַנצער מענטשלעכער קולטור און גערופן צוריק צום פּרימיטיוון לעבן פון די אבות פון פאַרצייטן, צוריק צו דער איינפאַכקייט, תמימות און ערלעכקייט פון די אַלטע דורות. אַ טייל פון זיי האָבן אויך דורכגעפירט זייער טעאָריע אין דער פּראַקטיק, און זיך צוריקגעצויגן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און געלעבט ווי נזירים, **אָן די**

דעראָבערונגען פון דער מענטשלעכער ציוויליזאַציע.

דער באַדייטנדיקסטער טעאָרעטיקער פון אָט דער אידעאָלאָגיע איז געווען „לאַאָ־צע" (דער ערווירדיקער פילאָזאָף) אָדער לי, פון טשו. אור לי איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 604 פ.ק. אין אַ דערפל אין דער פּראָווינץ האָנאַן. אין עלטער פון 87 אָדער 88 האָט דער „ערווירדיקער פילאָזאָף" פאַרלאָזן זיין שטעלע אין דער קייזערלעכער ביבליאָטעק פון טשאָ, כדי צו ווערן אַ נסתר, צו לעבן פאַרבאָרגן און אומבאַקאַנט. ער איז אַרויס פון שטאָט־טויער און איז אַוועק צו די פּרימיטיווע פעלקער אַף יענער זייט גרענעץ פון דער מדינה. מיוויים דערפאַר ניט געגעוי, ווען און וואו ער איז געשטאָרבן. נאָר פאַר זיין צוריקציען זיך פון דער ציוויליזאַציע האָט לאַאָ־צע אויפגעשריבן אין אַ קליין ביכל זיינע אידייען, וועלכע ער דריקט אויס אין איין וואָרט „טאַאָ" (דער וועג, אָדער די חכמה).

לאַאָ־צע׳ס „וועג" האָט זיך אַנטוויקלט אין כינע צו אַ באַזונדער רעליגיע — „טאַאָאיזם". נאָר אָט די רעליגיע, וואָס איז געוואָרן דורכגעדרונגען מיט פאַרשיידענע אָבערגלויבנס, האָט ווייניק שייכות צו די אידייען איבער גאָט און מענטש פון דעם כינעזישן „ערווירדיקן פילאָזאָף".

ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס לאַאָ־צע האָט גערופן צוריק צו דער נאַטור, צוריק צום לעבן פון די פּרימיטיווע, ניט־ציוויליזירטע מענטשן, איז ער דאָך באַטראַכט געוואָרן פון די מאַנדאַרינען פאַר אַ געפערלעכן ראַדיקאַל. דאָס איז געווען צוליב זיין פאַרדאַמען טויט־שטראָף, מלחמה און יעדער אַנדער פאָרם פון בלוט־פאַרגיסונג, אָדער נעמען וועלכע ס׳איז נקמה. ער האָט געלערנט צו באַצאָלן ניט בלויז גוט פאַר גוט, נאָר אויך „גוט פאַר שלעכט". נאָר ער האָט ניט געזען קיין מעגלעכקייט פאַר אַזוינע מענטשלעכע באַציאונגען אין דער געזעלשאַפט פון זיין צייט. האָט ער געוואָרפן די שולד אַף דער מענטשלעכער קולטור און איר באַטראַכט פאַר אַן אומגליק.

ווי מיט טויזנטער יאָר שפּעטער רוסאָ, האָט לאַאָ־צע געמיינט, אַז די פּרימיטיווע מענטשן זיינען בעסער ווי די ציוויליזירטע. ער האָט באַטראַכט פאַרן „רעכטן וועג" יעדע גוטע טאַט, וואָס ווערט געטאָן איינפאַך, פרייוויליק, אָן באַזונדער איבערלייגונג, אָן קיין שום עגאָאיסטישן מאָטיוו, נאָר איז צופרידן מיט איר דערגרייכונג. אַזוי זאָגט ער, אַרבעט די נאַטור:

> „אַלע זאַכן שפּרינגען אַרויס, ניט רייִדנדיק אַ וואָרט. זיי וואַקסן, ניט איבערנעמענדיק זיך מיט זייער טאַט. זיי גייען דורך זייער פּראָצעס, ניט אַרויסווייזנדיק קיין שטאָלץ אין דעם; דער רעזולטאַט ווערט פאַרווירקלעכט אָן קיין שום באַדינג פון אייגנטום."

זייענדיק איבערצייגט, אַז אָט די רעזולטאַטן און פאָרגאַנגען פון דער

נאַטור „זיינען דוויערנדיק נאָר אַ דאַנק דער אָפּוועזנהייט פון דעם באַדינג פון אייגנטום׳ס רעכט”, קומט לאַאָ־צע צום געדאַנק אַז אָט אַזוי דאַרף אויך זיין אָרגאַניזירט די מענטשלעכע געזעלשאַפט.

— אַ רעגירונג געפירט פון חכמים, — דערקלערט לאַאָ־צע, — וואָלט באַפרייט די הערצער פון די מאַסן פון צעלאָזענע פאַרלאַנגען; וואָלט אָנגע־פילט זייערע בייכער, געהאַלטן שוואַך זייערע אַמביציעס און געשטאַרקט זייערע ביינער. זיי וואָלט כסדר געהאַלטן דאָס פאָלק אומוויסנדיק און פריי פון תאוות.

לעבן אָן חשבון, ניט וויסן און ניט טראַכטן, וואָס מ׳טוט, „אָן שטרעבן און אָן געוויין”, איז ביי לאַאָ־צע אויך דער אידעאַל פאַר דעם איינצלנעם מענטשן, וועלכן ער הייסט זיך פירן נאַטירלעך, „ווי אַ קליין קינד”. ער פאַרזיכערט, אַז יענעמס טוגענט וועט זיין פאָלקאָם און „ער וועט זיך אומקערן צו דער פּרימיטיווער איינפאַכקייט.”

לאַאָ־צע לערנט, אַז די העכסטע מדרגה איז „ניט צו האַנדלען פון וועלכן ס׳איז פּערזענלעכן מאָטיוו”; צו פירן אָנגעלעגנהייטן, ניט פילנדיק די ליידן פון זיי, צו געניסן, ניט פילנדיק דעם טעם, צו באַטראַכטן דאָס גרויס ווי קליין און דאָס קליין ווי גרויס, צו באַצאָלן אַ באַליידיקונג מיט פריינטלעכקייט”.

דער עיקר איז, מיינט לאַאָ־צע, אַז דאָס פאָלק זאָל זיך באַפרייען פון דער ציוויליזאַציע, ווייל וואָס וויניקער דאָס פאָלק האָט וויסן אַלץ געזינטער איז פאַר אים. אַ הערשער וואָס וויל אויפקלערן די מאַסן איז פאַר זיי אַן אומגליק. ווען מ׳זאָל אים, לאַאָ־צען אָנגעטרויען די הערשאַפט איבער אַ קליין מדינהלע מיט אַ ביסל איינוואוינער, וואָלט ער דאָרט איינגעפירט אָט אַזאַ מין געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג:

> „די מאַסן כאָטש זיי האָבן אַלע מינים געצייג, זאָלן זיי זיך דערמיט ניט באַנוצן. כ׳וואָלט זיי געגעבן געלעגנהייט צו באַטראַכטן דעם טויט פאַר אַ פּאַרדראָסיקטע זאַך, דאָך זאָלן זיי אין ערגעץ ניט אַוועקגיין כדי צו אַנטלויפן פון אים. כאָטש זיי האָבן שיפלעך און וואָגנס, זאָלן זיי אין דעם ניט פאָרן, כאָטש זיי האָבן פּאַנצערס און שאַרפע וואָפנס זאָלן זיי עס ניט אָנטאָן אָדער באַנוצן. כ׳וואָלט זיי מאַכן זיך צוריקקערן צום באַנוצן די געקניפּלטע שטריק *) (אנשטאָט בוכשטאַבן). זיי זאָלן באַטראַכטן זייער

---

*) די אַלטע כינעזער האָבן פאַרצייטן, איידער זיי האָבן געקראָגן זייערע בוכשטאַבן, זיך באַנוצט, ווי די אַמאָליקע אינדיאַנער אין אַמעריקע, מיט געקניפּטע שטריק, וועמעס קניפּלעך האָבן געהאַט די באַדייטונג פון בוכשטאַבן און ווערטער. אַזוינע פּאַרצייטיקע אינדיאַנישע „ליטעראַטור” געפינט מען אָפט אין די אויסגראָבונגען אין אַמעריקע.

גראָבן ברויט פאַר זיס, זייערע אוינפאַכע מלבושים פאַר שיין, זייערע אָרעמע שטיבלעך פאַר פאַלאַצן און זייערע פשוטע לעבנסשטייגערס פאַר קוואַלן פון תענוגים. כאָטש זאָל זיין אַ שכנהשע מדינהלע וועלכע מ'זאָל זען פון ווייטן, און כסדר זאָלן זיך הערן קולות פון אירע עופות און הינט. כאָר כ'וואָלט מאַכן דאָס פאָלק ביז צום טיפן עלטער, אַפילו ביזן טויט, ניט האָבן קיין פאַרבינדונג מיט איר."

ס'פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אָרעם פאָלק האָט זיך ניט געקאָנט גרופירן אַרום אָט דעם פאַנטאַסטישן אידעאַל פון זוכן גליק אין אומוויסנהייט און קולטורלאָזיקייט. דער אַלטער „ערווירדיקער פילאָזאָף" האָט עס אויך



לאָא-צע.



קאָנפוציוס.

געהערט פון דעם שפּעטער באַרימט-געוואָרענעם לערער און פילאָזאָף קאָנ-פוציוס, וואָס האָט אין עלטער פון עטלעכע און דרייסיק יאָר (אינם יאָר 517 פ. ק.) באַזוכט דעם 87 יאָריקן לאָא-צע און מיט אים דעבאַטירט איבער סאָציאַלע פראַגן.

# אַ רעליגיע אין וועלכער דער מענטש אַליין איז גאָט

דער פּאַרצווייפלטער רוף פון לאַאָ־צע (דער ערווירדיקער פילאָזאָף): צוריק צו דער נאַטור, צוריק צום פּרימיטיווען לעבן אין אומוויסנהייט און אומקולטור, האָט ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג צווישן די ברייטע כינעזישע מאַסן.

קליינע גרופּן אידעאַליסטן האָבן זיך גאַנץ אָדער טיילווייז צוריקגעצויגן פון דער ציוויליזאַציע און געפירט אַ לעבן פון נזירים. נאָר די ברייטע אַרבעטזאַמע מאַסן האָבן געשטרעבט נאָך אַ בעסערן לעבן און גאָר ניט געדיינקט פון אַנטלויפן צוריק אין די ווילדע סטעפּעס.

דער גרעסטער טייל פון די כינעזישע מאַסן האָט געגלויבט, אַז אַמאָל איז געווען בעסער; אַז די פאַרגאַנגענע דורות זיינען געווען ערלעכער, ריינער און שענער. געוויס, אויך פּאַרצייטן זיינען געווען קעניגן און אונטער־טאַנען, הערשער און באַהערשטע, נאָר די אַלטע קעניגן זיינען געווען צדיקים און געהערשט לויט אמת און יושר. לויט אָט דעם גלויבן איז דערפאַר ניט געווען נויטיק אָפּצושאַפן די עקזיסטירנדיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, אָדער צו אַנטלויפן פון איר, נאָר באַנייען אין איר די פּרינציפּן פון אמת און יושר וואָס האָבן געהערשט אין די צייטן פון די גוטע קעניגן און גערעכטע ריכטער.

דער באַדייטנדיקסטער אידעאָלאָג פון אָט דער פאָלק ראָמאַנטיק איז געווען קאָנג־פו־צע (דער פילאָזאָף אָדער לערער קאָנג), אָדער קאָנפוציוס, ווי ער איז איצט אַלגעמיין באַקאַנט.

קאָנג האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער מיוחסדיקער משפחה וואָס איז שטאַרק פאַראָרעמט געוואָרן און דערפאַר געלעבט אין די זכרונות פון די „אַלטע גוטע צייטן". ער איז געבאָרן געוואָרן דעם 12טן דעצעמבער פון יאָר 550 פ. ק. אין דער פּראָווינץ לו, איצט שאַנטונג.

בלייבנדיק אַן אָרעמער יתום פון פאָטער אין עלטער פון דריי יאָר, האָט זיך דער קליינער קאָנג געגעוג אַנגעליטן. צו 15 יאָר האָט ער זיך גענומען צום לערנען און פיר יאָר שפּעטער האָט אים זיין מאַמע חתונה געמאַכט. האָט ער געמוזט אָננעמען אַן אָרעמע שטעלע אַלס אויפזעער איבער גערטנער און סטאַדעס. די גאַנצע צייט האָט ער זיך כסדר געלערנט און אין עלטער פון 22 יאָר האָט ער אויך אָנגעהויבן לערנען מיט אַנדערע, דערוואַקסענע. שכר־לימוד האָט ער גענומען וויפיל איינער האָט אים געקאָנט געבן. נאָר דעם, וואָס האָט ניט אַרויסגעוויזן קיין ערנסט ביי זיינע לימודים, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו לערנען.

ווען קאָנג איז אַלט געוואָרן 24 יאָר איז געשטאָרבן זיין מאַמע. ער איז געווען צו איר שטאַרק צוגעבונדן און איר טויט האָט אַף אים געמאַכט אַ טיפן איינדרוק. נאָך די 27 טרויער־מאָנאַטן האָט קאָנג געטרויערט עקסטרע זיבן טעג און ערשט דעמאָלט ווידער גענומען שפּילן אַף זיין גיטאַרע און איר באַגלייט מיט געזאַנג. נאָר זיינע געפילן האָבן אים איבערגעוועלטיקט און טרערן האָבן געשטיקט זיין האַלז.

זיך דערהאַלנדיק פון זיין טיפן טרויער, האָט דער געפילפולער מוזיק־ליבנדיקער געלערנטער זיך ווידער גענומען צום לערנען. באַזונדערס האָט ער שטודירט מוזיק און אַלטע געשיכטע. אין עלטער פון 33 יאָר האָט ער באַזוכט דעם אַלטן ערווירדיקן פילאָזאָף, לאַאָ־צע, און מיט אים דעבאַטירט איבער סאָציאַלע פראַגן. יענער האָט באַטראַכט שפּאָטיש דעם יונגן ענטוזיאַסט און זיין אידייע צו באַנייען די מענטשלעכע ציווילזאַציע דורך אמת און גערעכטיקייט. נאָר קאָנג איז אַוועק באַגייסטערט פון דעם אַלטן דיינקער און זיין גלויבן אין מענטשן איז נאָך שטאַרקער געוואָרן ווי פריער.

אַ דאַנק קאָנג׳ס גרויסע באַרימטהייט אַלס לערער און געלערנטער, האָט אים אַ פירשט געוואָלט געבן אַ רעגירונגס־שטעלע, כאָטש די הויף־לייט האָבן אים, קאָנגן, באַטראַכט פאַר „אומפּראַקטיש, הויכמוטיק, און מיט טויזנטער מאַניעס". נאָר קאָנג האָט ניט געוואָלט אָננעמען קיין שטעלע, וואו ער וועט ניט קריגן געגוג מאַכט דורכצופירן זיין טעאָריע אין דער פּראַקטיק. אַזאַ שטעלע האָט ער ערשט געקראָגן אין עלטער פון 53 יאָר ווען ער איז געוואָרן יוסטיץ־מיניסטער. דריי יאָר האָט ער אָנגעהאַלטן זיין אַמט און געזוכט צו פאַרווירקלעכן זיינע אידייען פון אַ גערעכטער רעגירונג. האָבן אים די ברייטע מאַסן פאַרגעטערט, נאָר די באַאַמטע און די פירשטן האָבן קעגן אים אינטריגירט. זיין שטרייננקייט קעגן די קאָרופּטירטע באַאַמטע און זיין קאַמף צו ברעכן די מאַכט פון אַדל און אָרגאַניזירן אַ צענטראַלע רעגירונג, געבויט אַף אמת און יושר, האָבן פאַראייניקט קעגן אים אַלע שונאים פון פאָלק און זיי האָבן לייכט באַאיינפלוסט דעם קעניג ער זאָל פון זיך פאַרשטויסן דעם ערלעכן געלערטן.

דער אַנטוישטער געלערטער פאַרלאָזט זיין מדינה און וואַנדערט פון פּראָווינץ צו פּראָווינץ, אפשר וועט ער געפינען אַ גערעכטן הערשער, וואָס זאָל אים געבן אַ געלעגנהייט איינצופירן אָרדענונג אין לאַנד. ערשט ווען ער איז אַלט 69 יאָר און אַ סך פון זיינע תלמידים האָבן פאַרנומען הויכע רעגירונגס־שטעלעס, האָט מען אים ווידער פאָרגעלייגט אַן אַמט. נאָר ער האָט ניט אָנגענומען. ער איז שוין געווען אַריינגעטאָן אין זיין ליטעראַרישער אַרבעט, צו פאַרשרייבן די געשיכטע און ליטעראַטור פון דער פאַרגאַנגענהייט,

עס זאל דינען פאר א מוסטער פאר די קומענדיקע דורות. דער טויט פון זיין איינציקן זון און א פאר פון זיינע געליבטע תלמידים האבן אים צייטנווייז געמאכט מעלאנכאליש. ער האט דעמאלט געזונגען זיין יאוש־ליד:

„די גרויסע בערג מוזן זיך צעברעקלען, דער שטארקער זייל מוז צוזאמענברעכן, דער חכם מוז פארוועלקן ווי א פלאנץ.“

זיין טויט, דעם 3טן אפריל 477 פ. ק., אין עלטער פון 73 יאר, האט ארויסגערופן טרויער ביי די ברייטע מאסן פון כינע. ער איז באלד געווארן פארערט ווי א נביא, א הייליקער, א רעליגיע־געבער, כאטש ער האט קיינמאל ניט גערעדט פון גאט און פון גאטעס־דינסט. די קעניגן האבן צוערשט געזוכט צו באקעמפן זיין איינפלוס, נאר שפעטער האבן זיי איינגעזען אז זיי קאנען אויסנוצן זיינע אידייען אין זייערע אינטערעסן, האבן זיי געהאלפן אין זיין פארערונג און געלאזט דערהויבן דעם קאנפוציאניזם, די רעליגיע אן א גאט, צו א שטאטס־רעליגיע. זיין פאמיליע, וואס ציילט שוין איצט אין די צענדליקער טויזנטער, איז דערקלערט געווארן פארן העכסטן אדל.

קאנפוציוס האט געגלויבט אין מענטשן און געטראכט נאר פון דעם מענטשנ׳ס לעבן אף דער ערד. ער האט ניט געחלומט פון א ווייטער גליקלעכער צוקונפט ווי די אידישע נביאים, און אויך זיין ריידן פון דער שיינער פארגאנגענהייט איז פאר אים געווען וויכטיק נאר אף אזוי פיל וויפיל דאס קען נוצן דער געגנווארט.

דאס געגנווערטיקע לעבן אף דער ערד, איז פאר אים געווען דער העכסטער ציל. גריבלען זיך וועגן גאט, וועגן לעבן נאכן טויט א. ד. גל. מעטאפיזישע פראבלעמען, האט ער ניט געהאלטן פאר וויכטיק. אף די פראגן וועגן גאט און טויט, האט ער געענטפערט:

„קאנסטו ניט דינען דעם מענטשן, ווי קאנסטו דינען די געטער?

„בעת דו קאנסט ניט דאס לעבן, וואס קאנסטו וויסן וועגן טויט?“

דער עיקר איז טאן די פליכט פון מענטש צו מענטש. זיין אויפריכטיק, זיך ארויסווייזן קעגנזייטיקע הילף און פריינטשאפט.

זיין גאנצע תורה האט קאנג (קאנפוציוס) אויסגעדריקט אין איין ווארט: „שו“. — ווי ס׳הארץ. מענטשן זאלן זיין הארציק; ריידן איינער צום צווייטן פון הארץ צו הארץ. נאך הונדערטער יארן פאר די אידישע חכמים פון בבל און יהודה האט ער דערקלערט, אז דער עיקר פון מענטשלעכקייט איז דאס „גוטע הארץ“ און „ניט טאן דעם צווייטן וואס דו ווילסט ניט מ׳זאל דיר טאן“.

קאנפוציוס איז געווען איבערצייגט, אז דער מענטש איז פריי, איז

מייסטער פון זיין שיקזאַל, שטייט איבער דער נאַטור און באַאיינפלוסט איר אפילו דורך זיינע מעשים. דער מענטש קען כסדר שטייגן און קען ווערן אַן איבערמענטש, אַ הייליקער מענטש, אַ פולקאָמענער מענטש אָן שום זינד. יעדער מענטש קען זיך לערנען, אַנטוויקלען און זיך דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה, צו זיין פולקום! דער וועג דערצו פירט דורך אַרבעטן פאַר דער געזעלשאַפט, דורך לערנען, וויסן (דאָס וויסן „באַשטייט אין פאַרפולקאָמענען זאַכן"). דער מענטש מוז זיך שטיצן אַף זיך אַליין. דער הימל, דאָס שיקזאַל איז אומפאַרענדערלעך. קיין תפלה קען ניט ענדערן די אייביקע געזעצן פון דער נאַטור. ברענגען קרבנות, אָפּגעבן כבוד די טויטע אַזוי ווי לעבעדיקע עלטערן איז אַ שיינע טוגנט. ס'פאַרבינדט אַ דור מיט אַ דור, מאַכט דעם מענטשן אומשטערבלעך. נאָר מיט אַ לעבן נאָכן טויט האָט עס ניט קיין שייכות. באַלוינונג און באַשטראָפונג פאַר גוטע און שלעכטע מעשים קומען פאַר דאָ אַף דער ערד. דער מענטש אַליין, זיין געזעלשאַפט, זיין שטאַט דאַרף עס העלפן דורכפירן.

די היים איז דער הימל אין מיניאַטור (אין אַ פאַרקלענערטער פאָרם), ווי דער שטאַט, די מדינה, איז דער ווירקלעכער הימל, גאָט'ס מלוכה אַף דער ערד. די פאַמיליע איז דערפאַר דער מיטלפונקט פון מענטשלעכן לעבן. חתונה האָבן מיינט אָנהאַלטן די געזעלשאַפט, דערפילן דעם מענטשלעכן תכלית אַף דער ערד. דער יחיד דאַרף זיך אויפלייזן אין דער געזעלשאַפט. איר גליק איז זיין גליק. דאַרף די געזעלשאַפט קאָנטראָלירן אַלע מעשים פון יחיד. באַשטימען אַלע פאָרמען פון זיין לעבן, אַפילו זיין קליידונג. דערפאַר זיינען אויך נויטיק די אַלע צערעמאָניעס אין די פאַרשיידענע אומשטענדן פון לעבן, כאָטש זיי, די „צערעמאָניעס זיינען בלויז ווי אויסערלעכע דעקאָראַציעס".

„כבוד אב ואם", האַלטן ערלעך טאַטע־מאַמע, דערציען קינדער מיט ליבע און רחמנות, רעספּעקט און סימפּאַטיע פון מענטש צו מענטש, פריינטשאַפט, רעכט און גערעכטיקייט (אָנשטאָט עגאָאיזם און פּראָפיט) — דאָס זיינען לויט קאָנפוציוס די הויפּט־מדות וואָס אַ מענטש דאַרף באַזיצן.

זאָגן: „כ'ליב דאָס פאָלק" מיינט גאָרנישט. נאָר מעשים קאָנען עס באַווייזן. קיינער דאַרף זיך ניט אָפּזאָגן פון אָנצונעמען אַן אַמט ווען דאָס איז צום נוצן פון דער געזעלשאַפט. היפּאָקריטסטווע איז מיאוס אפילו ווען יענער פירט זיך געוויינלעך אויך גוט. ווייל דאָס איז ניט נאַטירלעך. די שענסטע טוגענטן זיינען אינטעליגענץ, מענטשלעכקייט און בראַווקייט. „נאָר בראַווקייט אָן גערעכטיקייט פירט דעם אויבער־מענטש צו באַאומרואיקן דאָס לאַנד, און דעם מענטשן פון די נידעריקע מאַסן צו רויבעריי". „וויסן

וואס איז רעכט און עס ניט טאָן, איז פּחדנות". די אינטערעסן פון כלל דארפן שטיין העכער ווי די פּערזענלעכע. מען דארף טאָן וואס איז גוט ניט טראַכטנדיק פון דערפאלג. מענטשלעכקייט מיינט זיך אַליין פאר־פולקאָמען.

אָט אין דעם זין איז געשריבן דער „לון יו" וואו ס'איז איבערגעגעבן די ווערטער פון קאָנפוציוס, לויטן נוסח פון דער אידישער גמרא, אין דעבאטן און שמועסן צווישן די תלמידי חכמים. פון דאָרט דערוויסן מיר זיך אויך, אַז זיין אידייע פון רעגירן על פּי יושר, איז געווען לויטן מוסטער פון די לעגענדארע „גוטע קעניגן". די באַאמטע און ריכטער דארפן זיין ערלעך, די פירשטן אַזוי ווי די מאַסן דארפן זיך אונטערווארפן דעם ווילן פון קעניג־לעכן זעלבסטהערשער. צו גלייכער צייט פאַרלאַנגט קאָנפוציוס, אַז דער קעניגלעכער אָטאָקראַט זאָל געבן דעם פאָלק גוטע ביישפּילן פון אמת און יושר. מיר געפינען אין דעם „לון יו" אַזאַ שטעלע:

(קעניג) טשי קאַנג פרעגט ביי קאָנפוציוסן ווי צו רעגירן.

קאָנפוציוס האָט געענטפערט: „הערשן מיינט צו מאַכן גלייך. אויב מיר ווייזן אַ גלייכן גאַנג, האר, ווער וועט עס וואגן צו גיין קרום?"

טשי קאַנג, ריידנדיק פון רעגירונג־קונסט האָט געזאָגט צו קאָנפוציוס: „צו העלפן דעם גוטן, זאָלן מיר טויטן דעם שלעכטן?"

קאָנפוציוס האָט געענטפערט: „האר, צו וואס דארף אַ הערשער טויטן? ווען סטו גיין אין גוטן וועג, האר, וועט דיין פאָלק זיין גוט. דעם קעניגס געדאנק איז דער ווינט, און גראָז זיינען די געדאנקען פון פאָלק: וואוהין ס'בלאָזט דער ווינט, דאָרט בויגן זיך די גראָזן."

לויט קאָנפוציוס'עס מיינונג טאָר אַ שלעכטער מענטש ניט פארנעמען קיין שום אַמט. ער טאָר ניט זיין קיין פירער פון פאָלק. אַ שלעכטער מענטש קען ניט ווערן גוט, לויט קאָנפוציוס, אפילו ווען ער באַקערט זיך צו אַ גוטן אידעאַל, ווייל „אַ מענטש קען פארגרעסערן זיינע פּרינציפּן, נאָר פּרינציפּן קאָנען ניט פארגרעסערן קיין מענטשן".

זוכנדיק אַ הערשער, וואָס זאָל וועלן רעגירן דאָס לאַנד לויט יושר, אָדער אָנפאַרטרויען זיין רעגירונג צו אים, קאָנפוציוס'ן, האָט דער לעצטער ארומגעוואַנדערט פון פּראָווינץ צו פּראָווינץ. איינמאָל, וואנדערנדיק אַף דער עלטער, ארומגערינגלט פון טרייע תלמידים, איז ער געקומען אין אַ פּלאַץ, וואו ס'האָט געוואוינט איינער פון יענע פאָלקס־נזירים וואס האָבן זיך צוריקגעצויגן פון דער ציוויליזאַציע. אַ תלמיד פון קאָנפוציוס איז צוגעקומען צום נזיר וואס האָט באַארבעט זיין פעלד און אים געבעטן וואסער פאַר די וואַנדערער. האָט דער נזיר אים געזאָגט:

— דאָס לאַנד איז אין אומאָרדענונג... קיינער קען ניט אָפּהאַלטן דעם מבול... דו גייסט נאָך אַ לערער וואָס לויפט אַרום פון איין קעניג צום צווייטן... איז ניט גלייכער נאָכצופאָלגן דעם יעניקן וואָס האָט זיך אינגאַנצן צוריקגעצויגן פון דער געזעלשאַפט?

ווען קאָנפוציוס האָט עס געהערט, האָט ער באַמערקט:

„ס'איז ניט מעגלעך זיך צוריקצוציען פון דער וועלט און זיך חברן מיט פייגל און חיות, וואָס האָבן ניט קיין באַציאונג צו אונז. מיט וועמען זאָל איך זיך חברן אַ חוץ מיט לייַדנדיקע מענטשן? די אומאָרדענונג וואָס הערשט (אין לאַנד) פאָדערט מער אָנשטריינגונגען. אויב אין דער מלוכה זאָלן הערשן גערעכטע פּרינציפּן וואָלט ניט געווען פאַר מיר נייטיק צו זוכן מיטלען, ווי אַזוי איר צו ענדערן."

ניט קוקנדיק אויף זיינע ביטערע אַנטוישונגען האָט קאָנפוציוס ניט פאַרלוירן זיין גלויבן אין דער מענטשהייט. ער איז געווען איבערצייגט, אַז „דאָס מענטשן־הארץ איז פון דער נאַטור גוט... לויט דער נאַטור דאַרפן זיך מענטשן זיין נאָענט... ערשט דורך געוואוינהייט דערווייטערן זיי זיך". האָט ער זיי געלערנט זיך ווידער־געוואוינען צו זיין נאָענט איינער צום צווייטן און כסדר באַטאָנט, אַז אַזוי איז געווען דער רעכטער און גערעכטער וועג פון זייערע ערלעכע און פאַרהערלעכטע אבות.

„מיין תורה — זאָגט קאָנפוציוס — איז די זעלבע וואָס ס'האָבן געלערנט אונזערע אבות און עס אונז איבערגעגעבן. כ'האָב גאָר ניט צוגעגעבן און גאָרניט אַרונטערגענומען. כ'לערן זי אין איר אָריגינעלער ריינקייט. כ'פאַר־שפּרייט אויף דער ערד, ווי דער אַקערבויער, בלויז די קערנער וואָס כ'האָב דערהאַלטן"...

אויפבויענדיק זיינע אידייען אויף דער טראַדיציע איז דערמיט געוואָרן קאָנפוציוס דער געזעצגעבער און וועגווייזער פאַר הונדערטער כינעזער דורות נאָכאַנאַנד. דאָך האָט עס ניט געשטערט די אַלט־כינעזישע ראַדיקאַלע עלעמענטן צו באַגרינדן אויף זיין תורה זייער פאָדערונג פון אַ נייער געזעל־שאַפטלעכער אָרדענונג.

## אַ מעכאַניקערס פּלאַן איינצופירן קאָמוניזם מיט קעניגלעכער הילף

שטאַרק איז געווען אין אַלטער כינע די טראַדיציע, אַז אין די „אַלטע גוטע צייטן" האָבן „הייליקע קעניגן" געהערשט אין לאַנד מיט אמת און יושר. ס'איז דערפאַר ניט קיין חדוש וואָס אַלע רעפאָרמער און רעוואָלוציאָנערן

פון אלט־כינע האבן באגרינדעט זייערע געזעלשאפטלעכע פלענער אף דער פארגאנגענהייט. דאס האט ביי זיי געהייסן באנייען דעם גלאנץ־פעריאד פון די אלטע גרויע צייטן.

דער רעוואלוציאנערסטער פון אט די אלט־כינעזישע באנייער איז געווען א מעכאניקער, וועמעס נאמען ווערט אויסגערעדט מאק־צימא־טי אדער מי־צי (מיציוס, אף לאטייניש). זיינע ווערק זיינען געווארן א זעלטנהייט. צום סוף פון 19טן יארהונדערט האט מען געצאלט צו עטלעכע הונדערט דאלאר פאר זיינעם א ביכל. זיינע אידייען זיינען דערפאר באוואוסט בלויז צו ליטעראטור־פארשער.

צום פארגעסן מי־צי׳ס סאציאלע פלענער האט מיטגעהאלפן דער פאקט, וואס די פרומע קאנפוציאנער האבן אים פראקלאמירט פאר א געפערלעכן אפיקורות, וואס איז קעגן „כבוד אב ואם", קעגן רעספעקטירן טאטע־מאמע.

אין דער אמתן האט מי־צי ניט געזאגט אזוינס, נאר מ׳האט אים שלעכט אויסגעטייטשט. איבערהויפט נאך זיין טויט, ווען זיינע נאכפאלגער האבן זיך צעשפאלטן אין דריי זיך־באקעמפנדיקע פארטייען.

מי־צי האט אויסגעדריקט דעם אידעאליזם פון די ערלעכע כינעזישע מאסן, וואס האבן געוואלט באנייען די געזעלשאפט דורך אלוועלטלעכער מענטשן־ליבע. זאלן מענטשן האלטן ערלעך ניט בלויז די אייגענע טאטע־מאמע, נאר אלעמענס טאטע־מאמעס, זאגט מי־צי, וועט די מענטשהייט לעבן אין גליק און פרידן. זאלן מענטשן זיך קעגנזייטיק ליבן, ליבן דעם צווייטן, ווי זיך אליין, וועט ניט הערשן קיין לוקסוס און נויט. זאלן מענטשן ליבן און רעספעקטירן יענעמס לאנד און יענעמס קעניג ווי זייערע אייגענע, וועט מען ניט פירן קיין מלחמות. זאלן מענטשן לעבן געמיינשאפטלעך (דאס אייגנטום זאל געהערן צו אלעמען בשותפות), וועט קיינער ניט גנבענען און רויבן, נאר אלע וועלן לעבן פון זייער ארבעט.

מענטשן זיינען פון נאטור־אויס גוט, און אויב זיי וועלן האבן וואס צו עסן, וועלן זיי לעבן בשלום. נאר דערצו איז אויך נויטיק, זיי זאלן זיך אליין רעגירן, און דער קעניג זאל אויסדריקן בלויז דאס רעכט וואס זיי באשטימען.

גאר פארצייטן, זאגט מי־צי, איז ניט געווען קיין קעניג און קיין האר, און יעדער מענטש האט געהאנדלט לויט זיין אייגן רעכט. נאר ווען די מענטשן האבן זיך א סך פארמערט, זיינען געווארן צופיל רעכטן און זיי זיינען געקומען איינע מיט די אנדערע אין צוזאמענשטויס. האבן די מענטשן איבער־געגעבן זייערע רעכטן צו א יחיד (א קעניג), ער זאל זיי אלע פאראייניקן צו איין גרויסן רעכט אין די אינטערעסן פון כלל. אין משך פון דורות זיינען אבער אויסגעוואקסן מערערע פירשטן און גאר א גרויסע צאל הארן, וואס

טיילן אויס פֿאַרשיידענע רעכטן. דאַרפֿן דאַרום די מענטשן אויסדריקן פֿון צייט צו צייט זייערע רעכטן, כּדי דערפֿון זאָל ווערן פּראָקלאַמירט פֿון דאָס ניי דאָס גרויסע כּלל־רעכט.

מיט מאַסן ביישפּילן און מיט ראיות פֿון די הייליקע ספֿרים און פֿון לעבן פֿון די טראַדיציאָנעלע „הייליקע קעניגן" באַווייזט מי־צי די מעלות פֿון דעם־פֿון־אים פֿאָרגעשלאָגענעם פּרימיטיוון קאָמוניזם איבער אַנדערע געזעל־שאַפֿטלעכע סיסטעמען. מי־צי ווייזט אויך אָן, אַז פֿון נאַטור אויס זיינען אַלע מענטשן גלייך, דער פֿירשט און דער פּויער, און קיינער האָט ניט קיין רעכט צו לעבן אין לוקסוס, ווען דער צווייטער לעבט אין נויט. ער טרעט אַרויס שאַרף קעגן דעראָבערונג־מלחמות, און אַלס טיכטיקער מעכאַניקער גיט מ־צי אָן פּלענער פֿון פֿעסטונגען, ווי אַזוי צו פֿאַרטיידיקן דאָס לאַנד קעגן אַן איבערפֿאַל פֿון שונא.

„די חכמים, וועמעס עסק איז צו רעגירן די מדינה, זאָגט מי־צי, מוזן אויגזען פֿון וואַנען עס נעמט זיך אומאָרדענונג. ערשט דעמאָלט וועלן זיי זיין בכּח צו מאַכן אָרדענונג. אַ דאָקטאָר מוז צוערשט פֿאַרשטיין די קראַנקהייט, נאָכדעם קען ער איר באַקעמפֿן. אַזוי זאָלן די חכמים אונטער־זוכן פֿון וואַנען קומט אומאָרדענונג. זי שטאַמט דערפֿון, וואָס עס פֿעלט קעגנזייטיקע ליבע.

„ליבן מענטשן בלויז זיך אַליין, אַזוי פֿירט עס צו אומאָרדענונג. אַזוי איז מיט קעניגן און באַאַמטע, מיט עלטערן און קינדער, מיט עלטערע און אינגערע ברידער. אומעטום קומט די אומאָרדענונג צוליב דעם פֿעלן פֿון קעגנזייטיקער ליבע.

„אַזוי איז אויך מיט די גנבֿים און רויבער פֿון דער מדינה. דער גנבֿ ליבט זיין הויז און ניט דעם צווייטנס, באַגנבֿעט ער יענעמ׳ס כּדי צו נוצן דעם אייגענעם. דער רויבער ליבט זיין פּערזאָן, ניט די אַנדערע פּערזאָנען, באַרויבט ער די אַנדערע, כּדי צו נוצן זיין פּערזאָן. צוליב דער זעלבער סיבה קעמפֿן פֿירשטן קעגן פֿירשטן און פּראָווינצן קעגן פּראָווינצן. אַלע צוליבן מאַנגל אין קעגנזייטיקער ליבע.

„ווען אין לאַנד זאָל הערשן קעגנזייטיקע ליבע — ליבע צום צווייטן ווי צו זיך אַליין — קאָנען דען זיין מיטללאָזע? באַטראַכט מען קינדער, אינגערע ברידער, ווי די אייגענע פּערזאָן און מען ווייזט זיי אַרויס מיט־געפֿיל, איז ניטאָ קיין אומגעהאָרכזאַמקייט. באַטראַכט מען פֿרעמדע הייזער ווי אייגענע — ווער וועט זיי באַגנבֿענען? באַטראַכט מען פֿרעמדע פֿאַמיליעס ווי די אייגענע — ווער וועט זיי אָנגרייפֿן? — אַף אַזאַ׳ן אופֿן וואָלט אויך גוט רעגירט געוואָרן די גאַנצע מדינה.

„די אויפֿגאַבע פֿון מענטשלעך־פֿילנדיקן מענטשן איז צו אַרבעטן פֿאַרן נוצן פֿון דער געזעלשאַפֿט, אָפּצושאַפֿן אירע שאָדנס. לאָמיר זען, וואָס זיינען אירע נוצן אָדער אירע שאָדנס? די קאַמפֿן פֿון די פּראָווינצן, די פֿאַמיליע, די יחידים איינע קעגן די אַנדערע, ווייזן, אַז אַלץ שטאַמט פֿון

מאַנגל אין קעגנזייטיקער ליבע. איז ביטאַ קיין קעגנזייטיקע ליבע, אונטערדריקט דער שטאַרקער דעם שוואַכן, שפּאַט אָפּ דער רייכער פון אָרעמען, בלאָזט זיך דער אָנגעזעענער קעגן נידעריקן, באַטריגט דער כיטרער דעם נאַר. דאָס גאַנצע עלנט, אונטערדריקונג, רשעות און אומצופרידנקייט אין לאַנד שטאַמט פון מאַנגל אין קעגנזייטיקער ליבע.

„דער מענטשלעך־פילנדיקער מענטש פאַרדאַמט דערפאַר דאָס אונטערשייד מאַכן (די סיסטעם, וואָס איז געגרינדעט אָפּן חלוק צווישן מיינע און דיינע). קען מען דאָס ענדערן? — יאָ! מ׳קען עס ענדערן דורך דעם געזעץ פון קעגנזייטיקער ליבע אָן אונטערשייד (וואָס מאַכט ניט קיין חלוק צווישן מיינע און דיינע) און דורכן אויסטויש פון קעגנזייטיקן נוצן. אַזאַ געזעץ איז שוין פאַרשריבן (אין די הייליקע ספרים): ליב וואָס דעם אַנדערנ׳ס איז, ווי דאָס אייגענע.

„זאָגן אַנדערע: דאָס איז שווין קעגן דער נאַטור. נאָר דאָס איז ניט ריכטיק. מיר זעען שטענט פירן מלחמות, גיבן אַוועק דאָס לעבן פאַר כבוד (אָן נוצן פאַר זיך). דאָס פאַלט שווער פאַר די משפּחות פון דער מדינה. דאָך אויב ס׳געפעלט דעם קעניג פירן עס דורך אָפיצירן און סאָלדאַטן, טאָ וויפיל מער (קען אויפטאָן) קעגנזייטיקע ליבע און קעגנזייטיקע נוצן, וואָס זיינען לייכטער דערפון (וואָס שטעלט ניט אין סכנה דאָס לעבן)? וואָרום ווער עס ליבט אַנדערע, דעם וועלן יענע צוריק ליבן. ווער עס ברייינגט נוצן אַנדערע, דעם וועלן יענע צוריק נוצלעך זיין, און פונקט אַזוי פאַרקערט: ווער ס׳האַסט אָדער שעדיקט אַנדערע, דעם וועלן יענע צוריק שאַדן. איז עס דען (אַזאַ אָרדענונג) שווער דורכצופירן? (דער אָפּהאַלט איז) נאָר, וואָס די הערשער מאַכן עס ניט צום רעגירונגספּרינציפּ און די געבילדעטע פירן עס ניט דורך אין טעגלעכן לעבן.

„זאָגן אַנדערע: די אונטערשיידלאָזיקייט, (צווישן מיינע און דיינע) און די געמיינשאַפטלעכקייט (דאָס בשותּפותדיקע אייגנטום) איז גוט, נאָר דאָס איז אַזוי אוממעגלעך דורכצופירן ווי נעמען אַ שפּיץ באַרג און שפּרינגען מיט אים איבער אַ טייך. נאָר אַט דער משל פּאַסט ניט, ווייל דאָס האָט קיינער קיינמאָל ניט געקאָנט באַווייזן, בעת די אונטערשיידלאָזע קעגנזייטיקע ליבע מיט דעם אויסטויש פון קעגנזייטיקן נוצן איז דורכגעפירט געוואָרן פון די הייליקע קעניגן. אַזוי האָט געטאָן קעניג יו, וואָס האָט געמאַכט די וואַסערלייטונג. אַזוי קעניג וואַן אין מערב. ער האָט ניט געדולדעט קיין באַליידיקונגען אָדער געוואַלדטאַטן, אַזוי אַז יעדער האָט געהאַט זיין חיונה. דאָס רופֿ איך אָן — אונטערשיידלאָז. דער קעניג יו האָט געגעבן דעם פאַרצוג איבער זיינע קרובים די גוטע ערלעכע מענטשן. די שולד פון אַלע ראַיאָנען האָט ער געזוכט בייַ זיך, ביי איין מענטש. דאָס רופֿ איך איצט אָן: אַלגעמיינהייט, געמיינשאַפטלעכקייט.

„דער אויסטויש פון קעגנזייטיקע נוצן מיינט אַז די שאַרפע אויערן און קלאָרע אויגן וועלן זען און הערן איינע פאַר די אַנדערע. שטאַרקע הענט און פיס וועלן זיך באַוועגן איינע פאַר די אַנדערע. דערפאַרענע וועלן אויפקלערן איינע די אַנדערע. אויך זקנים, ווייב און קינדערלאָזע,

וועלן געפינען דערנערער, כדי אויסצולעבן זייערע יאָרן. יתומים און פאַרלאָזענע וועלן האָבן אַ היים דערצויגן צו ווערן.

„דערפאַר איז אומבאַגרייפלעך, ווי אַזוי געבילדעטע מענטשן קענען זיין קעגן געמיינשאַפטלעכקייט. זיי דערקלערן, געמיינשאַפטלעכקייט איז אַ גוטע זאַך, נאָר מען קען עס ניט דורכפירן. צום ביישפּיל, אַזאַ געבילדעטער האַלט זיך ביי דער שיטה פון מאַכן אונטערשיידן (צווישן מענטש און מענטש). ער זאָגט: ווי קען איך זיין פאַר דער פערזאָן פון מיין פריינט, וואָס איך בין פאַר דער אייגענער פערזאָן? פאַר זיינע קרובים, ווי פאַר מיינע? זעט ער זיין פריינט הונגעריק און שפּייזט אים ניט, קראַנק און היילט אים ניט, טויט און באַגראָבט אים ניט.

„פאַרקערט, דער געבילדעטער, וואָס שטייט פאַר געמיינשאַפטלעכקייט און אונטערשיידלאָזיקייט, איז פאַר דער פערזאָן פון זיין פריינט ווי פאַר דער אייגענער. פאַר יענעמ'ס קרובים ווי פאַר די אייגענע. זעט ער זיין פריינט הונגעריק שפּייזט ער אים, א. אַ. וו.

„איצט שטעלט זיך פאַר, ווען פון דיביידע וועט וועט אַנטרויען זיינע ווייבער און קינדער אָן אָפיצער, וואָס גייט אין דער מלחמה אָדער אין אַ געפערלעכער שליחות? געוויס דעם, וואָס מאַכט ניט קיין אונטערשייד (צווישן מענטשן). אפילו דער נאַרישסטער מאַן, די נאַרישסטע פרוי, וואָס זיינען קעגן אונטערשיידלאָזיקייט (צווישן מיינע און דיינע) אין וואָרט, וועלן עס אָננעמען אין טאַט.

„טענהט מען: יאָ, אָט די אייגנשאַפט איז גוט ביים דערוויילן אַ קליינעם באַאַמטן אָבער ניט פאַר דעם וואָל פון העכסטן הערשער. זאָגט אַזאַ הערשער: ווי קען פאַר מיר זיין יעדער איינער פון די אומצייליקע מאַסן דאָס, וואָס איז פאַר מיר מיין אייגענע פערזאָן? — דאָס וואָלט דאָך געווען איבערגעטריבענע סענטימענטאַליטעט! דער מענטש לעבט ניט לאַנג אויף דער ערד, נאָר לויפט דורך ווי אַ פאַר פערד דורך אַ טאָל! דער הערשער זעט דערפאַר זיינע אומצייליקע פאָלקס־מאַסן הונגעריק און שפּייזט זיי ניט א. אַ. וו. פּונקט פאַרקערט וואָלט זיך געפירט אַ רעגענט פון געמיינשאַפט־לעכקייט.

„וועלכן (פון די ביידע) וואָלט געוויילט דאָס פאָלק, ווען ס'הערשט אַ מגפה, ווען אַ סך פרירן און הונגערן, און אַ סך שטאַרבן אין דרויסן? אַלע, אפילו די נאַרישסטע מענער און פרויען, די וואָס זיינען געוויינלעך קעגן געמיינשאַפטלעכקייט, וועלן דאָך נאָכפאָלגן דעם רעגענט פון געמיינשאַפטלעכקייט.

„מ'זאָגט, אַז אונטערשיידלאָזיקייט איז ניט גוט פאַר דער משפחה. עס שוואַכט אָפּ די אַכטונג פון קינדער (צו עלטערן). נאָר דאָס איז ניט ריכטיק. לאָמיר זען: אַ טרייער זון וויל דאָך באַזאָרגן זיינע עלטערן. וועט ער ווינטשן, אַז אַנדערע זאָלן זיי ליבן און נוצן, אָדער, אַז מ'זאָל זיי האַסן און קריוודען? — געוויס דאָס ערשטע. וויל מענטשן באַצאָלן

איינע די אַנדערע מיט ליבע פאַר ליבע און מיט פראָצענט. האַסט אָבער איינער דעם אַנדערנ'ס קרובים, באַצאָלן עס יענע מיט האַס קעגן זיינע קרובים. אַזוי זאָגט זיך אויך אין „שי־קינג“ (אין אַלטן הייליקן לידערבוך):

„קיין וואָרט אָן ענטפער
קיין טוגענט אָן לוין;
ער וואַרפט מיר צו קאַרשן
גיב איך אים פלוימען.“

„אַנדערע זאָגן, אַז ס'איז שווער דורכצופירן געמיינשאַפטלעכקייט. דאָך האָט מען שוין דורכגעפירט אַ סך שווערע זאַכן. (מי־צי רעכנט דאָ אויס אַ ריי ביישפילן פון דער כינעזישער געשיכטע און באַמערקט:) אונטערשיידלאָזע קעגנזייטיקע ליבע האָט נוצן און איז לייכט דורכצופירן. ס'איז נאָר נויטיק, אַז די העכערע שיכטן זאָלן עס וועלן. דעמאָלט וואָלט קאָמוניזם געוואָרן דערמוטיקט דורך באַלוינונג און לויב, אַרויסגערופן מורא דורך שטראָף און טאַדל — איך מיין די מענטשן וואָלטן געקומען צו אונטערשיידלאָזער קעגנזייטיקער ליבע און אין פאַרקער צו קעגנזייטיקן נוצן, ווי פייער שטייגט אַרויף און וואַסער פליסט אַראָפּ.“

---

די לאַגע אין כינע איז געוואָרן אַלץ ערגער. דער פעאָדאַל־שטאַט האָט אָנגעהויבן צוזאַמענברעכן. אין לאַנד האָט געהערשט געזעצלאָזיקייט און רשעות און דאָס פאָלק האָט זיך געטרונקען אין אַ ים פון נויט. כינע האָט זיך צעטיילט אין זיבן קעניגרייכן, וואָס האָבן געזוכט צו אונטערוואַרפן איינע די אַנדערע. די געלערנטע האָבן פאַרקויפט זייער געוויסן צום הערשער, וואָס האָט זיי בעסער באַלוינט. האָבן די מאַסן אָנגעהויבן באַטראַכטן ביל־דונג פאַר שאַרלאַטאַנסטווע און שטאַטסמאַנשאַפט פאַר כיטרעקייט און אונ־טערדריקונג.

און אין דער צייט ווען מי־צי'ס נאָכפאָלגער זיינען געווען צעשפאָלטן אין פיינטלעכע פראַקציעס און ניט געקאָנט פאַראייניקן די מאַסן צו אַ גרויסער טאַט, האָבן די הערשנדיקע קלאַסן אַרויסגעוויזן אַן עקסטרעמען אינדיווידואַליזם. זייער אידעאָלאָג איז געווען יאָנג־צי, וועמעס אידייען זיינען געווען ענלעך צו די פון קהלת. יאָנג־צי'ס לערע איז געווען: עס איז ניטאָ קיין חלוק צווישן טוגנט און זינד, צווישן רום און שאַנד, ווייל סאַי־ווי־סאַי שטאַרבט מען אַוועק. איז כל זמן מ'לעבט: „לאָמיר עסן און טרינ־קען. לאָמיר צופרידנשטעלן אונזערע אויערן און אויגן, זיך דערווערבן דינערשאַפט און קעפס־ווייבער, שיינקייט, מוזיק און וויין. ווען דער טאָג איז ניט גענוג, האַלט עס אָן אַ גאַנצע נאַכט. יעדער פאַר זיך אַליין“.

אין אָט דעם קריזיס איז אויפגעטראָטן דער פּאָפּולערסטער כינעזער

נאָך קאָנפוציוסן, „דער צווייטער הייליקער" פון די אַלט־כינעזישע ספרים, מאָנג־צי (מענציוס אַף לאַטייניש).

מאָנג־צי האָט אַ סך מיטגעהאָלפן צו מאַכן פּאָפּולער קאָנפוציוס׳עס לערע אין כינע. נאָך דער קאָנפוציוניזם, וואָס מאָנג־צי האָט געלערנט, איז געווען אַזאַ, פאַר וועלכן דער אַלטער קאָנפוציוס וואָלט צוריקגעטראָטן מיט שרעק. אָבער מאָנג־צי איז געבאָרן געוואָרן אין 385 פ. ק., איבער נײַנציק יאָר נאָך קאָנפוציוס׳עס טויט, און זײַנע אידייען זײַנען געווען דורכגעדרונגען פון די לעבנס־נויטן פון זײַן צײַט. עס ווערט דערציילט, אַז „ער איז געווען הויך געלערנט, באַגאַבט מיט גרויסע פייאיקייטן און זײַן געדאַנק איז געווען קלאָר און דורכזיכטיק ווי קרישטאָל".

אויפגעהויבן אַף די כוואַליעס פון דעם שטורמישן לעבן פון זײַן צײַט, האָט מאָנג־צי געגלויבט, אַז „אויב הימל ווינטשט די מדינה זאָל האָבן רו און גוטע אָרדענונג, טאָ ווער איז דאָ, אויסער מיר, עס דורכצופירן?" און וואָס „דורכצופירן" איז געווען גאָר אַ סך: „די מאַסן ווערן אונטערדריקט, די שפּייכלערס פון שפּייז און געטראַנק פליסן אַוועק ווי וואַסער". די ספּעקולאַציע מיט לעבנס־מיטל בליט און דאָס אָרעם פאָלק ליידט הונגער און נויט.

זייענדיק אין סימפּאַטיע מיט מי־צי׳ס אידייע פון קעגנזײַטיקער ליבע, האָלט אָבער מאָנג געווייסע דעטאַלן אירע פאַר אומפּראַקטיש. ער דיינקט, אַז עס איז קעגן דער נאַטור צו ליבן אַן אַנדערנ׳ס טאַטע־מאַמע, קינדער, קרובים א. אַ. וו., ווי די אייגענע. מאָנג־צי ווייס גוט ווי אַפּצושאַצן מי־צי׳ס גרויס־קייט. ער דערקלערט, אַז „יאַנג־צי (דער אינדיווידואַליסטישער אידעאָלאָג פון די רייכע), וואָלט ניט פאַרלאָרן אַן איינציק האָר צו ראַטעווען די וועלט פון אונטערגאַנג, בעת מי־צי וואָלט אַליין אַוועקגעגעבן" . . .

קלערער און שאַרפער ווי מי־צי דריקט אויס מאָנג־צי דעם געדאַנק, אַז דער קעניג דאַרף דינען די מאַסן, ניט די מאַסן דעם קעניג. ער שטעלט אַוועק די פראַגע אַזוי: אמת, די הייליקע ספרים זאָגן, אַז דער הימל אַליין האָט אויסגעקליבן דעם הערשער איבער די מאַסן, נאָר פון וואַנען ווייסן מיר, וועמען דער הימל האָט אויסגעקליבן, אָדער ווער ס׳דאַרף ווערן אויס־געקליבן? דאָס, זאָגט מאָנג־צי, דאַרף באַשטימען דאָס פאָלק. מאָנג־צי האָט עס פּאָפּולאַריזירט דורך אַן אַלט־כינעזיש שפּריכוואָרט:

„דער הימל זעט ווי דאָס פאָלק זעט;
דער הימל הערט ווי דאָס פאָלק הערט" . . .

די סיסטעם פון רעגירונג מעג זײַן באַגרינדעט פון גאָט, זאָגט מאָנג־צי, נאָר די הערשער זײַנען פון פאָלק׳ס גנאָד, און מוזן הערשן אין די אינ־

טערעסן פון די פאָלקס־מאַסן, וואָרום „דאָס פאָלק איז דער וויכטיקסטער עלעמענט פון אַ מדינה. די מזבחות צו די גייסטער פון לאַנד און תבואה שטייען אויפן צווייטן שטאַפּל. דער הערשער איז דער אומוויכטיקסטער".

דערפון פאָלגט, זאָגט מאָנג־צי, אַז אַ קעניג, וועמעס הערשאַפט איז שעדלעך פאַרן פאָלק און וועלכער איז טויב צו מוסר און ראַט, זאָל ווערן אַרונטערגעזעצט פון טראָן. אין אַזאַ פאַל, זאָגט ווייטער מאָנג־צי, איז „טויטן ניט קיין מאָרד"... די פראַגע איז נאָר, ווער ס'זאָל דערפילן אָט די שליחות. צוערשט ליגט די פליכט אויף די מיטגלידער פון זיין אייגן קעניג־הויז. זיי דאַרפן זיך אָפּזאָגן פון אָט־דעם רשע און אַרויסשטעלן פון זיך אַ בעסערן יחיד אויף זיין פּלאַץ. טוען זיי עס ניט, דאַרף עס טאָן אַ הויכער באַאַמטער. נאָר דער דריטער און בעסטער וועג איז דער „שליח פון הימל", דאָס הייסט, ווען דער הימל דערהויבט עמיצן צום באַפרייער פון פאָלק. יענער זאָל דורך גוטער אויפפירונג ציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די מאַסן, און זאָל ניט דורך וואָפן, נאָר דורך גערעכטיקייט זיך דערהויבן צום העכסטן שטאַפּל.

אָנשטאָט צו אַגיטירן פאַר אַ פאָלקס־פאַרזאַמלונג, ווי מי־צי, האָט מאָנג־צי גערופן צו אַ רעוואָלוציע קעגן קייזער (די דינאַסטיע פון טשאָאָ, וועמען קאָנפוציוס האָט געזוכט צו שטיצן קעגן די פירשטן). מאָנג־צי האָט געוואַנדערט פון פירשט צו פירשט, און יעדן פון זיי פאָרגעשלאָגן צו ווערן דער פירער פון אַ רעוואָלוציע, באַגרינדעט אויף גערעכטיקייט. נאָר קיינער האָט ניט געהאַט קיין חשק צו ווערן דער „שליח פון הימל". דאָס איז אויך ניט געווען אַזוי לייכט צו ווערן, לויט די באַדינגונגען, וואָס מאָנג־צי האָט געשטעלט: „ווער עס קען זיין גליקלעך, בעת עמיצער פון פאָלק ליגט אין נויט, איז ניט פּאַסיק צו פאַרנעמען דעם טראָן", דערקלערט מאָנג־צי. דאָסגלייכן האַלט ער פאַר ניט־פּאַסיק אַלס הערשער דעם, וואָס האָט הנאה פון פירן מלחמה, וואָס בויט פּאַלאַצן און פּאַרקן, צו וועלכע די אָרעמע מאַסן האָבן ניט קיין צוטריט.

אַ גוטע רעגירונג, זאָגט מאָנג־צי, דאַרף זיך שטעלן צוויי אויפגאַבן: ערשטנס, די ברייטע מאַסן זאָלן האָבן אַלע זייערע באַדערפעניש. ס'זאָל יעדן איינעם, וואָס אַרבעט, געזיכערט ווערן אַ מינימום, געגוג צום לעבן. צווייטנס זאָל דורכגעפירט ווערן אַן אַלגעמיינע דערציאונגס־סיסטעם. ס'דאַרפן געעפנט ווערן לער־אַנשטאַלטן אין די דערפער און שטעט, פאַר אַלע שיכטן פון פאָלק צוגליין. יעדער זאָל וויסן זיינע פליכטן אין די פאַרשיידענע באַציאונגען צו דער געזעלשאַפט.

ער איז איינייק מיט מי־צי, אַז כּל־זמן די מאַסן וועלן ניט האָבן גענוג

שפּייז און קליידונג פאַר זייער אַרבעט, וועט זיי די בילדונג ניט מאַכן בעסער, וועלן זיי ברעכן די געזעצן, וועט זיי דער הערשער באַשטראָפן — באַשטראָפן די — וועמען זיין פאַרנאַכלעסיקן זיינע פליכטן האָט אַריינגעשליידערט אין אָרעמקייט, וואָס האָט געפירט צו פאַרברעכן. ער וועט דעמאָלט זיין ניט זייער הערשער, נאָר זייער פאַנגער (וואָס האָט זיי אַריינגענאַרט אין אַ פאַסטקע).

מאָנג־צי באַנוגנט זיך ניט מיט אַלגעמיינהייטן. ער אַרבעט אויך אויס אַ נייע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פּראָגראַם. ער פאָדערט הויכע שטייערן פאַר ספּעקולאַנטן, און איז בכלל קעגן טראַסטן און ספּעקולאַציעס. ער איז קעגן באַשטייערן די, וואָס שאַפן פּראָדוקטן דורך אייגענער אַרבעט; ער וויל, אַז די לאַסט פון שטייערן זאָל פאַלן הויפּטזעכלעך אױף די, וואָס לעבן פון אייגנטום, געשאַפן דורך פרעמדער אַרבעט, און טוען אַליין גאָרניט. בכלל, זאָגט ער, דאַרף די רעגירונג זיך ניט שטיצן אױף דער הכנסה פון שטייערן, נאָר זיי זאָלן דינען בלויז צו אַנטמוטיקן פוילקייט און אירע שלעכטע טענדענצן פאַר דער געזעלשאַפט. ער שלאָגט אויך פאָר פּלענער, ווי צו באַוואַסערן טרוקן לאַנד און ווי צו פאַרבעסערן דעם מצב פון לאַנדווירטשאַפט און האַנדל (אָפּשאַפן די טאַריפן) א. א. וו.

יעדער הערשער, האָט מאָנג־צי פאַרזיכערט, קען ווערן „דער שליח פון הימל" און איינפירן אין זיין לאַנד אַזאַ גערעכטע אָרדענונג, און דער אייגפלוס פון זיין ביישפּיל וועט ווערן אַן אומגעהויערע מאַכט. פון אַלע זייטן וועלן שטראָמען ברייטע מאַסן ווי צו אַ טרייען פאָטער, זיי וועלן אים העלפן באַקעמפן די שונאים פון אמת און גליקזעליקייט. פּרוכט און תבואה וועט זיין אַזוי לרוב, ווי וואַסער און פייער, און די מאַסן, גוט באַקליידט, און מיט גוטע זיטן, וועלן זיצן אונטערן שאָטן פון זייערע מוילבער־בוימער, און אויסרופן זייער הערשער פאַרן „קעניג פון הימלס גנאַד".

נאָר אומזיסט האָט מאָנג־צי געזוכט אַזאַ קעניג, כאָטש ער האָט געלעבט 97 יאָר. דאָך האָט ער, אַזוי ווי קאָנפוציוס, ניט קוקנדיק אױף אַלע אַנטוישונגען, ניט אויפגעגעבן זיין גלויבן, אַז פון נאַטור־אויס איז דער מענטש גוט. ער האָט עס דערקלערט מיט אַ משל:

> „וואַסער וועט פליסן גלייכגילטיק צו מזרח אָדער מערב. נאָר וועט עס פליסן גלייכגילטיק אַרויף אָדער אַראָפּ? די ריכטונג פון מענטשנס נאַטור צום גוטן, איז ווי די ריכטונג פון וואַסער צו פליסן אַרונטער. דורך קלאַפּן ס'וואַסער קאָנסטו עס מאַכן שפּריצן איבער דיין שטערן; און דורך צאַמען און פירן עס, קען מען עס מאַכן גיין אַרויף אַ באַרג. נאָר אַזעלכע דרכים זיינען ניט לויט דער נאַטור פון וואַסער; ס'איז די אָנגעווענדעטע געוואַלט, וואָס פאַראורזאַכן דאָס. ווען מענטשן טוען דאָס, וואָס איז ניט גוט, האָט מען מיט זיי געהאַנדלט אױף אַזאַ מין שטייגער"...

# טיראַנען פון פויערשן גענאָד

די אייראָפּייאישע אינזלען קעגנאיבער מערב־אַזיע און נאָרד־אַפריקע זיינען געווען אַ טייל פון דער אָריענטאַלישער קולטורוועלט אין 3טן און 2טן טויזנט פּ. ק. די אינזלען ציפּערן און קרעטאָ און די גאַנצע געגנט אַרום דעם עגעיאישן ים, צווישן קליין־אַזיע און גריכנלאַנד, האָבן אַנטוויקלט אַ באַדייטנדיקע קולטור פאַר יענער צייט. נאָר אינם אָנהויב פונם לעצטן טויזנט פּ. ק. הייבט אָן אונטערגיין די עגעיאישע ציוויליזאַציע. אירע לענדער ווערן פאַרפלייצט פון די פאַרשיידענע גריכישע אָדער העלענישע שבטים, דאָריער און יאָניער, וואָס גיבן די עגעיאישע אינזלען און שטעט אַ נייע פיזיאָנאָמיע.

די איינגעוואַנדערטע גריכישע נאָמאַדן האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אַ געוויסע מאָס פון זעלבסטרעגירונג. זיי זיינען אויך געוואוינט געווען זיך צו באַטראַכטן אַלע פאַר גלייכע מיוחסים. נאָר אינם פּראָצעס פון דעראָבערן די נייע היים, האָבן זייערע הויפּטלינגס פאַרנומען מער לאַנד ווי די פּשוטע מאַסן. דאָס איבערגיין פון פי־צוכט צו לאַנדווירטשאַפט האָט פאַרשטאַרקט די אינסטיטוציע פון פּריוואַט־אייגנטום און די מאַכט פון די וואָס האָבן פאַרכאַפּט גרויסע שטיקער לאַנד. די רייכע גוטבאַזיצער זיינען מיט דעם וואוקס פון פּריוואַט־אייגנטום, געוואָרן דער הערשנדער אַדל. זיי זיינען געזעסן אין „ראַט פון די זקנים”, וועלכן זיי האָבן פאַרוואַנדלט אין אַ האַרן־הויז, וואו דער אָרעמער בירגער האָט ניט געהאַט קיין שום איינפלוס. ביסלעכווייז איז אויך מאַכטלאָז געוואָרן די שטאָט־אַסיפה, די „עקלעזיאַ”, וואו יעדער בירגער האָט געקאָנט קומען און זאָגן זיין וואָרט. די רייכע האָבן שוין געזאָרגט דערפאַר, אַז דאָס לעצטע וואָרט זאָל האָבן זייער האַרן־הויז און ווי זיי האָבן באַשלאָסן אַזוי איז עס געווען.

ווען דער פויער איז געקומען אין שטאָט זיך באַטייליקן אין דער „עקלעזיאַ” (אַסיפה), האָט ער דאָרט געפונען בלויז אַזעלכע אָרעמע פויערים, ווי ער, אָנגיטאָן אין ציגן־פעלן און עטלעכע אָרעמע שטאָטישע איינוואוינער. די פּריצים זיינען געזעסן אין „ראַט פון די זקנים”, וואָס איז געווען גוט באַזוכט. זיי זיינען געווען אָנגעטאָן רייך באַהאַנגען מיט שיינע וואַפן. דער פּראַקטישער פויער געפינט באַלד אויס, אַז זיין שטימרעכט איז גאָרנישט ווערט, אַז ער קען נאָר ענטפערן אמן אַף די באַשלוסן פון קעניג און האַרן. קומט ער ניט צו דער אַסיפה און גייט אַרום פול מיט שנאה קעגן די פּריצים.

די אַלץ רייכער ווערנדיקע פּריצים האָבן אַרונטערגעזעצט יעדן קעניג, וואָס האָט זיך פאַר זיי ניט געבויגן, אָדער האָבן געווילט פון זיך פערזאָנען

דורכצופירן קעניגלעכע פונקציעס. למשל, אין אטען האָבן זיי געוויילט איין פריץ פאַרן ארמיי קאָמאַנדיר און אַ צווייטן פאַרן „ארכאָן" (רעגירער), צו העלפן דעם קעניג רעגירן. אַזוי אַז דעם קעניג איז געבליבן נאָר די פונקציע פון ברייגגען קרבנות צו די געטער. אין ספּאַרטאַ האָבן די פּריצים דערוויילט אַ צווייטן קעניג און דערמיט באַשריינקט די מאַכט פון קעניגטום איבער דער פּריצישאַפט. אין אַנדערע ערטער האָבן די פריצים אינגאַנצן אָפּגעשאַפט דאָס קעניגטום (צווישן די יאָרן 750 און 650 פ. ק.) און פאַר־וואַנדלט זיינע פּאַלאַצן אין טעמפּלען פאַר די געטער.

די מאַיאָנטקעס פון אָט די גרויסע גבירים, „אייפּאַטרידן", האָבן פאַר־נומען מיילן, דאָך האָט עס נאָך זיי ניט באַפרידיקט. פלעגן זיי אויך אַרומ־פאָרן מיט זייערע פּיראַטן־שיפלעך אַפן ים, אויספּלינדערן פרעמדע ברעגן, ברענען און מאָרדן און זיך אומקערן צוריק מיט אַ סך רויב, צווישן דעם אויך שקלאַפן צו באַארבעטן זייערע פעלדער.

די פּריצים פלעגן ניט וואוינען אַפן לאַנד, נאָר זיצן אין שטאָט, כדי צו זיין נאָענט פון קעניג און קאָנטראָלירן זייער פּריצים־הויז, דעם ראַט פון די זקנים. זייענדיק אימשטאַנד צו קויפן אַלערליי וואָפן און לערנען ווי אַזוי זיי צו באַנוצן, זיינען זיי אויך געווען די קריגער און באַשיצער פון דער מלוכה.

דער אָרעמער פּויער, וועמעס לאַנד עס האָט זיך צעטיילט אין אַלץ קלענערע טיילן דורך ירושה און הלואות, האָט געאַרבעט טאָג און נאַכט. ער האָט ניט געקאָנט לערנען ווי זיך צו באַנוצן מיט וואָפן, ער האָט זיי אויך ניט געקאָנט קויפן, איז ער געווען אָנגעוויזן אַף זיין שוץ צום פריץ. אַ סך פּויערים זיינען פאַרזונקען געוואָרן אין חובות, האָבן זיי פאַרלאָרן זייער לאַנד צום פּריץ, געוואָרן טאָג־אַרבעטער, אָדער זיך געמוזט פאַרקויפן פאַר קנעכט.

אַ טייל פּויערים קריגן די מעגלעכקייט זיך צו קאָלאָניזירן אין אַנדערע לענדער. ווען די גריכישע סוחרים הייבן אָן, מיט דער הילף פון זייערע אַדעליקע פּיראַטן, צו גרינדן האַנדלס־סטאַנציעס אַרום די ים־ברעגן פון אַזיע, אַפריקע און איירָאָפּע, פאַרטרייבן זיי פון דאָרטן פעניקישע קאָלאָניסטן און זוכן צו באַזעצן יענע געגנטן דורך גריכישע פּויערים.

אין קליין אַזיע האָט אַשור ניט געלאָזן די גריכן ווייט אַריינדרינגען. קעניג סנחריב האָט זיי צוריקגעשטויסן אין יאָר 700 פ. ק. נאָר דערפאַר האָבן די גריכן געהאַט אַ פרייע האַנט אַרום אַלע ברעגן פון שוואַרצן ים, זיי האָבן אויך עמיגרירט קיין מצרים, סיראַנאיקאַ, איטאַליע, שפּאַניע א. אַ. וו.

ניט אַלע פּויערים האָבן אָבער געקאָנט אויסוואַנדערן. הייבן זיי אָן וואָס וייטער אַלץ שטאַרקער צו פּראָטעסטירן קעגן דער אומגערעכטיקייט קעגן זיי. באַלד דערהערט זיך די שטים פון זייער סאָציאַלן דיכטער.

דער ערשטער גריכישער סאָציאַלער דיכטער איז געווען דער פּויער העסיאָד (געלעבט אַרום 700 פ. ק.), וואָס האָט פּאַרלוירן זיין פעלד דורך אומגערעכטיקייט און איז געוואָרן אַ טאָג־אַרבעטער. העסיאָד האָט, אַזוי ווי מיט 50 יאָר פריער, דער אידישער טאָג־אַרבעטער עמוס, דערהערט דעם „רוף” גייענדיק הינטער זיין שאָף, ער זאָל ווערן דער וואָרט־זאָגער פונם אָרעמען פּויער.

אין זיין ערשט ווערק „אַרבעט און טעג” שילדערט העסיאָד זיינע דער־פאַרונגען פון טעגלעכן לעבן פון דעם פּאַסטוך, דעם פּויער און טאָג־אַרבעטער. ער האַלט, אַז די מענטשהייט גייט כסדר באַרג אַראָפּ. די ערשטע מענטשן זיינען געווען אַזוי ווי געטער. געלעבט אין אַ גן־עדן, ניט געוואוסט פון מי און לייד. די נאַטור האָט זיי אַלץ געגעבן לרוב. נאָך דער „גאָלדענער־צייט” האָט זיך אָנגעהויבן אַ „זילבערנע”. די מענטשן זיינען שוואַכער געוואָרן אין קערפּער און אין גייסט. נאָך ערגער ווערט די מענטשן אין דער „מעשענער” צייט. די מענטשן זיינען געווען שטאַרקער, נאָר שלעכט. אַ ביסל בעסער ווערן זיי אין דער „העלדן־צייט”. נאָר באַלד נאָכדעם קומט די פינפטע עפּאָכע, די „אייזערנע” צייט, די געגנוואַרט, די צייט פון שווערער פּראַצע און דריקנדע זאָרגן, אומגערעכטיקייט און אונטערדריקונג. די טיראַניי פון די הערשער אילוסטרירט העסיאָד דורך אַ פאַבל. ער שטעלט פאָר ווי דער רויב־פויגל דערקלערט זיין געפאַנגענעם נאַכטיגאַל, אַז אומ־זיסט איז זיין וויינען און שרייען. דער שטאַרקער האָט די מאַכט און קאָן טאָן וואָס ער וויל. דאָך מוסרט העסיאָד די רייכע און מעכטיקע. ער וואָרנט זיי:

„דער וואָס זאַמלט רייכטימער דורך אָפן געוואַלד, אָדער געהיימער גנבה, אָדער דורך שקר און עולה (ס'זיינען דאָ פיל וועמעס תשוקה — צו רייכ־קייט — איז געווען ברודער־פאַרראַט) וועלן די אַלץ־זעענדיקע געטער פאַר־וואָלקענען זיינע טעג; זיין ווייב, זיינע קינדער, און זיינע פריינט וועלן שטאַרבן, און זיינע רייכטימער וועלן פאַרשווינדן ווי אַ חלום.”

נאָר העסיאָד'ס מוסר זאָגעריי האָט ניט געקאָנט פאַרשיטן דעם אָפּגרונט צווישן אָרעם און רייך. די קלאַסנקעגנזאַצן ווערן נאָך שאַרפער דורך דער אַנטוויקלונג פון האַנדל און אינדוסטריע צווישן די גריכן מיט דער הילף פון פעניקישן סוחר.

---

דער פעניקישער סוחר האָט געבראַכט די גריכישע „באַרבאַרן”, ווי זיי האָבן אויסגעזען אין זיינע אויגן, אַלערליי סחורות פון אָריענט. ער האָט

זיי געלערנט אויסצובייטן זייער פרימיטיווע קליידונג פון ציגענע פעל אף דער באַצירטער העמד (כתונת, קעטאָנעט), וואָס די כנענים, אידן און אַנדערע ציוויליזירטע פעלקער האָבן דעמאָלט געטראָגן. (דער גריך האָט עס אויך אָנגערופן מיטן פעניקישן־העברייאישן נאָמען „קעטאָן"). באַלד האָבן די פעניקיער אויך געגרינדעט ווערקשטאַטן אין גריכנלאַנד גופא און דאָרט פאַבריצירט זייערע סחורות. די פייאיקע גריכן זיינען געווען גוטע תלמידים און האָבן שנעל איבערגענומען פון די פעניקיער מלאכה און מסחר און אויך די קונסט פון שרייבן. די גריכן האָבן געשריבן זייער שפּראַך מיט פעניקיש־העברייאישע בוכשטאַבן און (די ערשטע צייט) טאַקע אויך פון רעכטס צו לינקס. זיי האָבן אויך אָנגערופן די בוכשטאַבן מיט סעמיטישע נעמען און פון זיי, די גריכן, איז דער נאָמען „אַלף־בית" (אַלפאַ־בעט) אַריבער צו אַנדערע פעלקער פון אייראָפּע.

די גריכן זיינען געווען גוטע תלמידים און האָבן גיך אַריבערגעיאָגט זייערע סעמיטישע רביים. אין משך פון 7טן יאָרהונדערט פ. ק. האָבן די גריכישע בעלי־מלאכות זיך אויסגעלערנט אַרבעטן אַזוי גוט ווי די טיכטיקע מייסטערס פון פעניקיע, עגיפּטן, דמשק, בבל א. אַ. וו.

צוזאַמען מיט דער אויסשפּרייטונג פון דער גריכישער קאָלאָניזאַציע אין ווייטע לענדער, איז אויך געוואַקסן דער גריכישער האַנדל. די גריכישע סוחרים האָבן אָנגעהויבן שטאַרק קאָנקורירן מיט די פעניקיער אַפן וועלט־מאַרק. אין די גריכישע האַפנס זיינען אויסגעבויט געוואָרן גרויסע האַנדלס־פּלאַצן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט גריכישע פּראָדוקטן אין ווייטע לענדער. די גריכישע בעלי־מלאכות האָבן אָנגעהויבן פאַבריצירן זייערע פּראָדוקטן פאַר ווייטע לענדער. עס זיינען געעפנט געוואָרן גרויסע ווערקשאַפטן, וואו ס'האָבן געאַרבעט מערערע אַרבעטער צוזאַמען. נאָר אַזוי ווי די צאָל פרייע אַרבעטער איז געווען באַשריינקט, האָבן די אַלע רייכער ווערנדיקע פאַברי־קאַנטן געקויפט שקלאַפן און זיי אויסגעלערנט די מלאכה.

גלייכצייטיק האָבן די סוחרים און פאַבריקאַנטן איבערגענומען פון קליין־אַזיע דאָס באַנוצן זיך מיט מטבעות. שוין אין 7טן יאָרהונדערט פ. ק. האָבן די גריכן אָנגעהויבן איינפירן די באַבילאָנישע זילבער־„מינא" (פונט), וועלכן זיי האָבן איינגעטיילט אין 100 חלקים, „דראַכמעס" (הייפלעך), אין ווערט פון איצטיקע 18 אָדער 20 סענט.

מיט דער גרויסער אַנטוויקלונג פון האַנדל און אינדוסטריע אין 6טן יאָרהונדערט און באַזונדער נאָכן חורבן פון די פעניקישע האַנדלס־שטעט דורכן קעניג נבוכדנצר פון בבל, איז אויפגעקומען אין גריכנלאַנד אַ נייער קלאַס גבירים — אַ קאָמערציעלער און אינדוסטריעלער מיטלקלאַס. רייכ־

קייט איז שוין ניט מער באַשטאַנען ווי פריער בלויז אין באַזיצן אַ סך לאַנד, שאַף א. ד. גל., נאָר הויפּטזעכלעך אין באַר־געלט. די וואָס האָבן קיינמאָל ניט געקאָנט ווערן רייך פון זייער לאַנד־באַזיץ זיינען געוואָרן רייך דורך לייען געלט אַף פראָצענט (געוויינלעך 18 פראָצענט אַ יאָר), דורך מסחר און אינדוסטריע.

דער האַנדל־קלאַס איז געוואָרן אַלץ רייכער, נאָר די לאַגע פון דעם אָרעמען פויער איז געוואָרן ערגער. זיינע פעלדער זיינען געווען פאַרמשכנט (פאַרמאָרטגעדזשט) ביים פראָצענטניק, און זיינען ביסלעכווייז איבערגע־גאַנגען צום פריץ, וועלכער האָט אויסגענוצט די שלעכטע לאַגע פון די פויערים פאַר זיינע פערזענלעכע צוועקן. אַ טייל שולדן־באַלאָדענע פויערים האָבן פאַרלאָרן ניט בלויז זייער לאַנד, נאָר אויך זייער פרייהייט. זיי זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין אויסלאַנד פאַר שקלאַפן צו באַצאָלן זייערע חובות. אַנדערע פאַרשולדיקטע פויערים זיינען אַנטלאָפן פון זייערע היימען און אַרומבלאָנקענדיק איבערן לאַנד פאַרשפרייט דעם גייסט פון מרידה.

אין יענער צייט האָבן די סאַמע נידעריקסטע שקלאַפן געהערט צו דער אַלטער הויכציווילִיזירטער עגיפּטישער באַפעלקערונג, וועלכע די גריכישע דעראָבערער האָבן אונטערדריקט. מיט דער צייט זיינען זיי געוואָרן גריכי־זירט און זייערע רייען זיינען געוואָרן שטאַרק פאַרגרעסערט דורך גריכישע שולד־שקלאַפן און דורך מאַסן קינדער פון שקלאַפן־מוטערס און האַרן־פאָטערס. נאַטירלעך האָבן אָט די גריכישע שקלאַפן אין זייערע גייסטיקע פייאיקייטן זיך ווייניק אונטערשיידט פון זייערע האַרן. ס'האָבן זיך אויך געפונען צווישן זיי גענוג אינטעליגענטע כחות צו אָרגאַניזירן געהיימע פאַר־איינען און צוצוגרייטן קאַמף־אָרגאַניזאַציעס קעגן די האַרן. באַזונדערס האָבן זיך פאַרמערט אָט די אָרגאַניזאַציעס אין סוף פון זיבעטן יאָרהונדערט פ. ק. ווען ס'איז געוואָרן גרויס די צאָל גריכן, וואָס זיינען געוואָרן פאַרקויפט אין קנעכטשאַפט און האָבן ניט געקאָנט פאַרגעסן, אַז ערשט ניט לאַנג זיינען זיי געווען פרייע בירגער.

דאָס אַלץ האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר אַ בירגער־קריג. אין אינדוס־טריעלן אַטען האָבן זיך געבונטעוועט ניט בלויז די פויערים. עס זיינען אויך געווען שטאַרק אומצופרידן די פרייע בעלי־מלאכות און אַרבעטער, וואָס זיינען געצוואונגען געוואָרן צו קאָנקורירן מיט דער ביליקער שקלאַפן־אַרבעט.

---

צו פאַרהיטן אַטען פון דעם בלוטיקן אויפשטאַנד, וואָס האָט איר געסטראַשעט, איז דערוויילט געוואָרן פאַר אַרכאָן (אין יאָר 594 פ. ק.) דער פראָגרעסיווער אַריסטאָקראַטישער סאָציאַל־רעפאָרמער סאָלאָן, וואָס האָט

געהאַט די אויפגאַבע צו באַרואיקן די רעוואָלטירנדיקע פּויערים און אַרבעטער.

ניט געקוקט אַף זיין גרויסן אַריסטאָקראַטישן יחוס, פון די אַלטע אַטע־נישע קעניגן, האָט דער דיקטער און קריגסהעלד סאָלאָן זיך באַשעפטיקט מיט מסחר. ער האָט באַרייזט די דעמאָלסטדיקע קולטור־וועלט און איז געווען באַקאַנט מיט אירע געזעצן און מנהגים.

סאָלאָנ׳ס געזעצבוך האָט געזאָלט אויסבעסערן דעם פונם אַטענישן געזעצגעבער דראַקאָן, וועמעס געזעצן זיינען געווען אַזוי אומבאַרמהאַרציק צו די אָרעמע מאַסן, אַז דאָס וואָרט „דראַקאָניש" האָט געמיינט דאָס זעלבע, וואָס שטרייגקייט און גרויזאַמקייט. נאָר גלייכצייטיק האָט סאָלאָנ׳ס געזעץ געזוכט אָנצוהאַלטן אַף וויפיל ס׳איז מעגלעך די פּריווילעגיעס פון הערשנ־דיקן פּריצים־קלאַס.

סאָלאָנ׳ס געזעצבוך האָט ניט אַריינגענומען די פאָדערונגען פון די אָרעמע און באַזיצלאָזע פּויערים, צו צעטיילן דעם באָדן פון דאָסניי, נאָר דערפאַר האָט עס מבטל געווען אַלע יענע וועקסלען און היפּאָטעקן־שולדן (מאָרטגעדזשעס), „וואָס שטעלן אין סכנה די פרייהייט פון בירגער" (דאָס פאַרקויפן אים אין שקלאַפעריי פאַר זיינע שולדן). עס איז אויך באַשריינקט געוואָרן די מאָס לאַנד וואָס אַ פּריוו מעג באַזיצן. דאָס סאָלאָנישע געזעץ האָט אויך באַשטימט, אַז אַ פּערזאָן, וואָס פאַרלירט זיין פּראָצעס אין געריכט, האָט דאָס רעכט צו אַפּעלירן פאַר אַ משפט פון בירגער־ריכטער (דזשורילייט), אין עלטער פון איבער דרייסיק יאָר, אויסגעקליבן דורך אַ גורל.

דאָס סאָלאָנישע געזעץ האָט לעגאַליזירט דעם „עראַנאָס" (פאַך־פאַר־איין) און דעם „טהיאַסאָס" (שפּייז־קאָלעקטיוו). ביידערליי אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט דאָס רעכט זיך צו פאַרזאַמלען סאַי אָפן און סאַי אונטער געשלאָסענע טירן. *)

*) אין סאָלאָנ׳ס צייטן זיינען געווען אָרגאַניזירט אין געהיימע אָרגאַניזאַציעס ניט בלויז בעלי־מלאכות און טאָג־אַרבעטער. עס זיינען אויך געווען אָרגאַניזירט אין געהיים די פּיראַטן (ים־רויבער) און די רויבער באַנדעס, וואָס פלעגן באַפאַלן פרעמדע האַנדלס־שיפן און האַנדלס־קאַראַוואַנען. אַ טייל פון אָט די אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען אָפּטיילונגען פון גרעסערע קערפּערשאַפטן אין סיריע און קליין־אַזיע, און האָבן געאַרבעט אַף אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. באַזונדערס האָבן אַזוי געאַרבעט די פּיראַטן, וועלכע האָבן געהערט צום פּריצים־קלאַס. די לאַנד־רויבער זיינען געווען מערסטנס פאַראָרעמטע פּויערים און שטאָטישע באַלעבאַטים. נאָר גאָר אָפט זיינען זיי דורך רויבעריי געוואָרן רייך און איבערגעגאַנגען אין די רייען פון די רייכע סוחרים און פאַבריקאַנטן. דאָס געזעץ פון סאָלאָן האָט גלייכגעשטעלט די לאַנד־רויבער מיט די ים־רויבער, וועלכע האָבן זיך באַטראַכט פאַר חשובערע לייט...

דאָס עסן געזעלשאַפטלעך איז פריער געווען בלויז די פּריווילעגיע פון די רייכע. זיי פלעגן אין שטאָטראַט פּראַווען אַ סעודה (אויפן קהלשן חשבון) און ביים עסן און טרינקען אַרומריידן די געזעלשאַפטלעכע פראַגן. נאָר פאַר די אָרעמע מאַסן איז דער שפּייז קאָלעקטיוו געווען אַן עקאָנאָמישע נויט־ווענדיקייט. למשל, די מיטגלידער פון אַ פּאַך־אָרגאַניזאַציע האָבן אַלע געגעסן ביי איין טיש, געקויפט בשותפות אַלע עסנווארג, און אַזוי אַרום זיך געשאַפן אַ ביליקע קיך, וואָס האָט זיי געהאָלפן אויסשטיין די שלעכטע צייטן.

די פּראָקלאַמירונג פון דער „סעיזאַכטהעיאַ" (אַראָפּוואַרפן דעם יאָך), וואָס האָט אַזוי ווי די אידישע „שמטה", בטל געמאַכט אַלע שולדן, האָט אויך באַפרייט פון געפיינגעניש אַלע, וואָס זיינען געווען אַרעסטירט פאַר ניט באַצאָלט זייערע חובות. ס'זיינען אויך פריי געוואָרן די, וואָס זיינען געווען פאַרקויפט אין שקלאַפעריי פאַר זייערע שולדן. אַטענער, אָדער זייערע פרויען, קינדער און יונגע שוועסטער, די, וואָס זיינען געווען פאַרקויפט אין פרעמדע לענדער, זיינען אויסגעלייזט און צוריקגעבראַכט געוואָרן קיין אַטען.

נאָר באַפרייען פון שקלאַפעריי פאַרקויפטע אַטענער איז געווען גרינגער ווי געפינען פאַר זיי מיטלען צו לעבן. די פרייגעוואָרענע שקלאַפן, מענער און פרויען, האָבן צוזאַמען מיט די שטאָטישע אַרבעטער און שטאָט־לעבע שקלאַפן געבילדעט אַ גרויסע פּראָלעטאַריזירטע אָרעמע מאַסע, וועלכע איז געוואָרן געפערלעכער מיט יעדן טאָג פאַר די הערשנדיקע קלאַסן.

דאָס נייע געזעץ פון סאָלאָן האָט די באַזיצלאָזע מאַסן אויך געגעבן דאָס רעכט צו שטימען אין דער עקלעזיאַ (פאָלקס־פאַרזאַמלונג), נאָר די עקלעזיאַ האָט געקאָנט באַטראַכטן בלויז יענע געזעצן, וואָס דאָס האַרן־הויז פון אַ 500 פּריצים האָט פאָרגעלייגט. אַליין פאָרשלאָגן און דורכפירן געזעצן האָט די עקלעזיאַ, ווי שוין אויבן דערמאָנט, ניט געקאָנט. די אָרעמע מאַסן האָבן אויך געקאָנט ווערן אויסגעקליבן, דורך גורל, פאַר געשוואָרענע ריכטער. נאָר די מאַכט איז אַזוי ווי פריער געבליבן אין די הענט פון די פּריצים, און ווען ניט דאָס נייע געזעץ, אַז קיינער קען ניט פאַרקויפן פאַר קיין שקלאַף ניט זיך און ניט זיינע קינדער, פרויען אָדער יונגע שוועסטער, וואָלטן אַ סך אָרעמע צוריק פאַרקויפט זייערע אָנגעהעריקע אין שקלאַפעריי, כדי צו פאַרבעסערן דורך דעם זייער שלעכטע לאַגע.

דער באָדן פון אַטען איז ניט איבעריק פּרוכטבאַר, און מ'מוז שווער אַרבעטן זיך צו קאָנען פון אים דערנערן. נאָר אויך דער ניט־פּרוכטבאַרער באָדן איז געווען אין די הענט פון די פּריצים און געוואָרן באַאַרבעט פון שקלאַפן און פון לייב־אייגענע. פרייע פּויערים זיינען געווען ווייניק, און אויך די האָבן טיילווייז געאַרבעט פאַרן פּריץ, כדי ער זאָל זיי באַשיצן. האָט

דאָס סאָלאָנישע געזעץ געזוכט צו דערמוטיקן מלאכה. האָט עס פּראָקלאַמירט, אַז יעדער אַטענער בירגער איז מחויב צו לערנען זיין קינד אַ מלאכה, אויב ניט, האָט דער פאָטער אַף דער עלטער קיין רעכט ניט צו פאַרלאַנגען פון זיין קינד שטיצע.

נאָר אָט־די אַלע סאָציאַלע רעפאָרמען האָבן ניט געקאָנט אָפּשאַפן די אָרעמקייט און דער קלאַסנקאַמף האָט זיך אַלץ מער פאַרשאַרפט. סאָלאָן מוז פאַרלאָזן דאָס לאַנד. ווען ער קומט צוריק צען יאָר שפּעטער, געפינט סאָלאָן אַ גאַנצע איבערקערעניש. זיין פּריצים־קלאַס, וואָס האָט ניט געוואָלט נאָכלאָזן קיין האָר פון זיינע פּריווילעגיעס, האָט פאַרלאָרן דעם קאַמף און די מאַכט איז אַריבער אין די הענט פון דעמאָס (פאָלק, בירגערטום).

---

ווערנדיק אַלץ רייכער און מעכטיקער, האָט אָט־די אַלט־גריכישע „בורזשואַזיע" אָנגעהויבן פאָדערן פון די פּריצים אַ גלייכע דעה אין דער רעגירונג. מ'האָט זיך אויך געמוזט צו זיי צוהערן. „געלט מאַכט דעם מענטשן" האָט דערקלערט דער אַריסטאָקראַט סאָלאָן, וועלכער איז געווען צווישן די ערשטע פון זיין קלאַס צו פאַרשטיין די נייע לאַגע, וואָס די קאָמערציעלע און אינדוסטריעלע אַנטוויקלונג האָט געשאַפן.

דער אויפגעקומענער מיטלקלאַס האָט אויך שנעל דערלערנט די פּריצישע חכמה פון באַנוצן זיך מיט וואָפן. די פאַרבעסערונג פון דער אינדוסטריע האָט געמאַכט די וואָפן געננג ביליק אַפילו פאַרן פּויערים־קלאַס. ס'איז אויך אַנטוויקלט געוואָרן אַ נייע טאַקטיק אין קריגס־פירונג, וואו גוט־דיסציפּלינירטע סאָלדאַטן־אָפּטיילונגען (פאַלאַנקסן) האָבן געקאָנט באַווייזן מער גבורה ווי די אַמאָליקע איינצלנע העלדן פון פּריצים־קלאַס.

קליין און אָרעם איז געווען גריכנלאַנד אין פאַרגלייך מיט בבל און מצרים. אירע שטעט האָבן ניט געהאַט קיין סאַניטאַרע איינריכטונגען. אירע גאַסן זיינען געווען פול מיט מיסט און שמוץ און אָן שום קאַנאַליזאַציע. אירע הייזער האָבן ניט געהאַט קיין קוימענס, אירע פענצטער קיין שויבן. וואַסער פלעגט מען מוזן ברענגען פון נאָענטסטן ברונעם אָדער קוואַל, א. א. וו. נאָר אָט די גריכישע קליינשטעטלדיקייט איז געוואָרן דער קוואַל פון איר מאַכט. אירע בירגערלעכע איינוואוינער האָבן זיך געקענט איינע די אַנדערע. די געמיינדע איז זיי געווען אַלעמען טייער און זיי האָבן זיך צוזאַמען אָפּט באַראַטן ווי איר צו פאַרבעסערן און פאַרשענערן. זיי זיינען אויך תמיד געווען אימשטאַנד זיך צו פאַראייניקן אינם קאַמף פאַר זייערע אינטערעסן. אָט אַזוי האָט זיי געלונגען צו צעשטערן די הערשאַפט פון קעניג און פּריץ און עטאַבלירן די הערשאַפט פונם בירגערטום.

ניט זייענדיק אייניק צווישן זיך האָבן זיך געפֿונען מעכטיקע פּריצים, וואָס האָבן זיך געשטעלט אַף דער זייט פֿון אויפֿגעקומענעם מיטלקלאַס און זיך דערביי אָפּגערעכנט מיט זייערע פֿיינטלעכע משפּחות. אָפֿט האָט אַזאַ מעכטיקער פּריץ, מיט דער הילף פֿון די פּויערים און שטאָטישע קליין־בירגער, פֿאַרכאַפּט די הערשאַפֿט איבער אַ שטאָט, אָדער אַ פּראָווינץ און געוואָרן טיראַן, אָדער דיקטאַטאָר. די רעגירונגס־קונסט פֿון אָט די טיראַנען פֿון פּויערס גענאָד איז באַשטאַנען אין אָנהאַלטן צו זיך דעם צוטרוי פֿון בירגערטום. מער ווי אַלע טיראַנען האָבן אָט די רעגירונגס־קונסט פֿאַרמאָגט די טיראַנען פּיזיסטראַט פֿון אַטען און פּריאַנדער פֿון קאָרינט. זיי האָבן געגעבן דעם פּויער אַ טייל פֿון דעם קאָנפֿיסקירטן באָדן פֿון די אַנטלאָפֿענע אַריסטאָקראַטן. זיי האָבן אויך דעם פּויער באַפֿרייט פֿון אַלע היפּאָטעקן־שולדן און אים באַוויליקט ביליקע קרעדיטן. זיי האָבן פֿאַרקלענערט זיינע שטייערן פֿון פֿינף־זעקסטל (וואָס ער פֿלעגט מוזן געבן דעם פּריץ) צו בלויז אַ צוואַנציקסטל פֿאַרן שטאַט. יענע שטאַטן, וואו דאָס פּויערים־פֿאָלק איז ניט געווען גענוג שטאַרק דורכצופֿירן אין לעבן די אויפֿגעשריבענע סאָציאַלע רעפֿאָרמען, האָבן צוזאַמענגעבראָכן, אָדער זיינען צוריקגעשטויסן געוואָרן צו אַ נידעריקערן קולטור־שטאַפּל.

פּיזיסטראַט, דער טיראַן פֿון אַטען, האָט אויך געגעבן די ערגאַנאָסעס (צעכן) פֿון די בעלי־מלאכות שטאָט־קאָנטראַקטן ביי די האַפֿנס, טעמפּלען און אַנדערע געביידן, וואָס ער האָט כסדר געבויט. ער האָט זיך אויך אַרומ־גערינגלט מיט די באַדייטנדיקסטע געלערטע, דיכטער און קינסטלער פֿון זיין צייט און געמאַכט אַטען „די שענסטע בלום פֿון גריכנלאַנד” פֿאַר דעם מיטלפּונקט פֿון דער גריכישער וויסנשאַפֿט, ליטעראַטור און קונסט.

קיין וואונדער ניט, וואָס די קליינבירגערלעכע מאַסן, און הויפּטזעכלעך די פּויערים, האָבן, לויט דער עדות פֿון פֿילאָזאָף אַריסטאָטל, באַטראַכט די טיראַנען־צייט אַלס „גאָלדענעם פּעריאָד”. די טיראַנען, אָדער דיקטאַטאָרס, וואָס האָבן זיך געשטיצט אינגאַנצן אַף די פּויערים און דער שטאָטישער בירגערשאַפֿט, האָבן געטאָן אַלץ מעגלעכעס צו פֿאַרשטאַרקן די פּאָזיציע פֿון אָט די פֿאָלקס־שיכטן. די טיראַנען האָבן געהאָלפֿן דעם פּויער און אויך געשאַפֿן אַרבעט פֿאַרן אָרעמען בעל־מלאכה און טאָג־אַרבעטער. אַ טייל אַרבעטסלאָזע האָבן זיי באַזעצט אַף קאָנפֿיסקירט פּריציש לאַנד און די איבעריקע געהאַלטן כסדר באַשעפֿטיקט ביי פֿאַרשיידענע שטאָטישע בנינים, האַפֿנס, וועגן א. אַ. וו.

צופֿרידן איז אויך געווען דער אויפֿגעקומענער מיטלקלאַס, וואָס האָט בלויז געזוכט רייכקייט און כבוד. די דיקטאַטאָרס פֿון פּויערשן גענאָד, די

טיראַנען, האָבן דערמוטיקט האַנדל און אינדוסטריע, און די געשעפטסלייט זיינען געוואָרן כסדר רייכער און מעכטיקער. אַנגענומען פאַר ליב דעם נייעם רעזשים האָט אויך דער טייל פון פאַראָרעמטן אַדל, וואָס האָט זיך געזוכט צו רעהאַביליטירן דורך קרובהשאַפט מיט די ניי אויפגעקומענע גבירים.

אומזיסט האָט דער אומקאָמפּראָמיסלעכער פּריצישער דיכטער, טהעאָ־גאָניס פון מעגאַרא, גערופן די אַריסטאָקראַטן צו קאָנטער־רעוואָלוציע:

„טרעט מיטן פוס דאָס פאַרבלענדט פאָלק,
און שטעך עס מיטן שאַרפן שטעכער,
און לייג אַף אים דעם יאָך,
שווער פאַרן נאַקן"...

און אומזיסט האָט ער געקלאָגט:

„די שטאָט איז די זעלבע וואָס פריער, נאָר דאָס פאָלק איז אַן אַנדערעס. די וואָס האָבן פריער גאָרניט געוואוסט פון רעכט, נאָר איינגעוויקלט אין ציגנפעל, זיך געפיטערט אין דרויסן ווי די הירשן — אָט די זיינען איצט די האַרן! און ווער ס'איז פריער געווען אַ פּריניץ, איז איצט זייער ביטער. אַזוינס צוצוזען — ווער קען דאָס גאָר אויסהאַלטן?"

דער פּריצישער דיכטער האָט זיך געזוכט צו טרייסטן מיט דער וייטער האָפענונג, אַז צעאוס (דער גאָט איבער אַלע געטער) וועט דערהערן זיין „הייליקע בקשה" צו פאַרגיסן דאָס „טונקעלע בלוט" פון זיינע שונאים... נאָר אויך אָט די האָפענונג האָט ניט געהאַט קיין אויסזיכט אַף דערפילונג. אין זיין שטאָט, מעגאַרא, אַזוי ווי אין אַטען, קאָרינט א. א. וו., האָט פעסט געהערשט די האַנט פון די טיראַנען, פון פויערטום, און די פּריצים זיינען געווען מאַכטלאָז. דאָס אָרעם פאָלק פון מעגאַרא, וואָס איז נאָך אין 7טן יאָרהונדערט פאַר קריסטוסן, באַפאַלן זיינע רייכע פּריצים, אויסגעקוילעט זייער שאָף (דער קוואַל פון רייכטום — די געוועב־אינדוסטריע) און עקס־פּראָפּריאירט זייערע הייזער און פאַרמעגנס, איז געווען גרייט צו העלפן יעדן טיראַן קעגן די פאַרהאַסטע האַרן. בפרט, אַז דער דאָרטיקער טיראַן האָט דורכגעפירט זייער פאָדערונג, אַז די פּראָצענטניקעס זאָלן צוריקצאָלן דעם פויער די געצאָלטע פּראָצענטן.

פּריאַנדער, דער טיראַן פון קאָרינט, איז דאָרט געווען נאָך מער באַליבט, ווי פּיזיסטראַט אין אַטען. ער איז אויך געווען אָנגעזען אין גאַנץ גריכנלאַנד און זיין וואָרט האָט אַנטשידן אינטערנאַציאָנאַלע סכסוכים. די טיראַנען־רעגירונג פון קאָרינט איז געווען זייער פיינטלעך צום אַדל און האָט פאַריאָגט די מערסטע אַריסטאָקראַטן פון לאַנד. פאַר די אַרבעטסלאָזע האָט זי גע־

גרינדעט לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס און פאַרבאָטן די איינוואַנדערונג פון דאָרף אין שטאָט. זי האָט אויך דורכגעפירט דעם וואונטש פון די בעלי־מלאכות צו פאַרבאָטן דאָס קויפן שקלאַפן, כדי ניט אויסקאָנקורירט צו ווערן דורך ביליקע שקלאַפן־אַרבעט. אין דער צייט, וואָס אין ספּאַרטאַ און אין אַנדערע פון פּריצים באַהערשטע גריכישע מלוכות איז די מלאכה געווען פאַראַכט, איז זי אין קאָרינט געווען אַ כבוד. קאָרינט האָט דעמאָלט אַ סך געבויט און געשאַפן אַרבעט־מעגלעכקייטן און, אַזוי ווי אַטען, גרופּירט אַרום זיך געלערטע און קינסטלער, געשאַפן נייע פאָלקסטימלעכע קולטן, פאָרשטעלונגען א. אַ. וו.

די ברייטע פאָלקסמאַסן זיינען דערפאַר אַ געוויסע צייט געווען גרייט צו פאַרטיידיקן די טיראַנען קעגן די פּריצים. נאָר מיט דעם וואוקס פון האַנדל און אינדוסטריע טרעטן אַלץ שאַרפער ארויס די קעגנזאַצן צווישן דעם בירגערטום גופא. עס ווערט אַלץ שווערער פאַר דעם טיראַן צופרידנצו־שטעלן אַלע בירגערלעכע שיכטן. די טיראַנען אינסטיטוציע פאַרלירט איר פּרעסטיזש. דאָס וואָרט טיראַן ווערט גלייכבאַדייטנדיק מיט געוואַלט־הער־שאַפט. עס געלינגט דעמאָלט די פּריצים, דורך פאַרשיידענע מאַכינאַציעס, מיט דער הילף פון די פּריסטער פון דעלפי און די אַריסטאָקראַטן פון ספּאַרטאַ אַרונטערצוּוואַרפן די הערשאַפט פון די טיראַנען אין אַטען. די פּריצים האָבן אָבער ניט געקאָנט מער ברייגען דאָס פאָלק אונטער זייער הערשאַפט. קעגן דער פּריצישאַפט איז געשטאַנען איינייק די גאַנצע באַפעלקערונג, אויך די אויפגעקומענע בורזשואַזיע אין כלל. דער פאַל פון די טיראַנען אין אַטען האָט דערפאַר ניט דערפילט די האָפענונג פון די פּריצים אַף הערשאַפט. נאָך אַ סך בלוט־פאַרגיסונג האָט אין אַטען און אין אַ סך אַנדערע גריכישע שטעט, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלט אין איר גייסט, געזיגט דאָס בירגערטום. עס הייבט זיך דעמאָלט אָן דער גלאַנץ־פעריאָד פון דער דעמאָקראַטיע (פאָלק־הערשאַפט) אין גריכנלאַנד, מיט אַטען אַלס גייסטיקן מיטלפּונקט.

# דער גלאַנץ־פּעריאָד פון דער אַלטערטימלעכער דעמאָקראַטיע

די מורא פאַרן גרויסן פּערסישן שונא, וואָס האָט באַהערשט גאַנץ מערב־אזיע און צפון־אַפריקע, האָט אָפּ אַ ווייל פאַראייניקט די גריכן אין אַ נאַציע. אַ דאַנק אָט דער פאַראייניקונג האָבן די גריכן צוריקגעשלאָגן אַלע אַטאַקעס פון די פּערסישע סאַטראַפּן (גובערנאַטאָרן) קעגן גריכנלאַנד. דערביי האָבן זיי צעשטערט די ים־מאַכט פון זייערע פעניקישע קאָנקורענטן, וואָס האָבן געשטעלט זייערע שיפן אין דינסט פון פּערסיע, און געמאַכט גריכנלאַנד פאַר דער פירערין פון וועלט־האַנדל.

פּירעאוס, דער פּאָרט פון אַטען, איז געווען פול מיט שיפן, אָנגעלאָדן מיט סחורות פון אַטענ׳ס פאַבריקן, אָדער מיט שפּייז, געבראַכט פאַר אַטען פון מצרים, קליין־אזיע א. א. וו. ביים ברעג ים זיינען געשטאַנען ריזיקע וואַרשטאַטן וואו מאַסן אַרבעטער האָבן געבויט נייע שיפן אָדער פאַרריכט אַלטע און שטענדיק האָבן געקריצט זעגן און געקלאַפּט האַמערס. אויסער די שיף־בויער, מאַטראָזן, סאָלדאַטן (אויף די קריג־שיפן), טרעגער, טאָג־אַרבעטער און שקלאַפן, וואָס האָבן אָנגעפילט דעם פּאָרט, האָט אַטען אויך געהאַט מאַסן פרייע און ניט פרייע אַרבעטער אין שטאָט גופא. דער פאַר־גרעסערטער האַנדל מיט אויסלאַנד האָט פאַרגרעסערט די צאָל ווערקשטאַטן, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר עקספּאָרט און די צאָל אַרבעטער איז כסדר געשטיגן.

ביסלעכווייז האָבן די אַרבעטנדיקע מאַסן אָנגעהויבן אַרויסשטעלן אַלערליי פּאָליטישע און עקאָנאָמישע פאָדערונגען. נאָר אַזוי ווי די הויפּט־שטערונג פון יעדער רעפאָרם איז געווען דער „אַרעאָפּאַגעס” (דער האַרן־הויז אָדער העכסטער געריכט) האָבן זיי זיך פאַראייניקט מיטן מיטלקלאַס אים צו באַקעמפן.

דער אַרעאָפּאַגעס, דער אַלט־גריכישער „סופרים־קאָרט”, איז באַשטאַנען פון פּריצים און גבירים און פלעגט, אַזוי ווי איצט דער אַמעריקאַנער, דער־קלערן פאַר ניט־קאָנסטיטוציאָנעל יעדן געזעץ וואָס דאָס פאָלק האָט דורכ־געפירט אין דער עקלעזיאַ (פאָלקס־פאַרזאַמלונג). האָבן די ראַדיקאַלע עלע־מענטן אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן אַרעאָפּאַגעס ביז זיי האָבן פון אים אָפּגע־נומען זיין מאַכט. דאָס איז זיי געלונגען נאָכדעם ווי דער איינפלוסרייכער

קאָנסערוואַטיווער פירער, קימאָן, איז געוואָרן „אָסטראַקיזירט״, דאָס הייסט אויסגעוויזן פון לאַנד.

(כדי צו פאַרמיידן, אַז אַן איינפלוסרייכער פירער זאָל ניט קאָנען ווערן קיין דיקטאַטאָר, האָט קליסטען, איינער פון די באַדייטנדיקסטע פירער פונם אַטענער בירגערטום, דורכגעפירט אַ פונקט אין דער קאָנסטיטוציע, אַז 6,000 בירגער האָבן דאָס רעכט צו פאַרלאַנגען מ׳זאָל אויסווייזן פון לאַנד אַ פּאָפּולערן פירער אויף אַ משך פון צען יאָר. די אָפּשטימונג פלעגט פאָרקומען דורך אויפשרייבן יענעמס נאָמען אויף אַן „אָסטראַקאָן״ (אַ שערבל). די אויסווייזונג איז ניט געווען קיין בזיון און קיין פאַרלוסט נאָר אַ דערווייטערונג פון מאַכט.)

דער קאָנסערוואַטיווער אַריסטאָקראַט קימאָן האָט נאַטירלעך סימפּאַטיזירט מיט דער פריצישער ספּאַרטאַ. ווען דאָרט האָבן רעוואָלטירט די פאַרשקלאַפטע העלאָטן, איז קימאָן אַוועק מיט 3,000 רעאַקציאָנערן צו העלפן ספּאַרטאַ אונטערדריקן אירע רעוואָלטירנדיקע שקלאַפן. נאָר ספּאַרטאַ האָט באַטראַכט יעדן אַטענער פאַר אַ ראַדיקאַל און ניט געהאַט קיין צוטרוי צו קימאָנ׳ס סאָלדאַטן, וועלכע זי האָט געהייסן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. די ראַדיקאַלן האָבן אויסגענוצט אָט די מאָראַלישע מפּלה פון קימאָנען, אים אויסגעוויזן פון לאַנד און דעמאָראַליזירט די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי. נאָכדעם האָבן זיי אַוועקגענומען די מאַכט פון אַרעאָפּאַגעס און באַשטימט אַז די עקלעזיאַ ווײַלט אויס פון זיך על פּי גורל 500 בירגער צו פירן די געשעפטן פון לאַנד. די 500 צעטיילן זיך אין צען גרופּן, צו פופציק אין אַ גרופּע, וואָס פאַרנעמען זיך איבער אַ חודש צייט מיט מלוכה־ענגעלעגנהייטן. גלייכצייטיק ווערן אויך אַזוי אויסגעקליבן 6,000 בירגער צו דינען אַלס געשוואָרענע ריכטער (דזשורי־לייט), צו 50 מיט אַ מאָל.

צום פאָלקס־ראַט, פאַר געשוואָרענע ריכטער און פאַר יעדער אַנדער אַמט, האָט געקאָנט אויסגעקליבן ווערן על פּי גורל יעדער בירגער אָן אונטערשייד פון יחוס און פאַרמעגן. אַן אויסנאַם איז געוואָרן געמאַכט בלויז פאַר דעם הויכן אַמט פון „סטראַטעגאָס״ (פּרעמיער) צו וועלכן ס׳האָט זיך געפאָדערט מיליטערישע און שטאַטסמענישע פייאיקייטן. און כדי אָט די פאָלקס־הערשאַפט זאָל קאָנען דורכגעפירט ווערן, האָט די עקלעזיאַ באַשטימט אַז די מיטגלידער פון פאָלק־ראַט, די געשוואָרענע ריכטער און אַלע אַנדערע באַאַמטע זאָלן קריגן באַצאָלט פאַר דער צייט וואָס זיי גיבן אָפּ פאַרן כלל. דערמיט איז מעגלעך געוואָרן פאַר דעם אָרעמסטן בירגער אין אַטען זיך צו באַטייליקן אין מלוכה־ענינים און זיך פילן אַלס הערשער פון לאַנד.

די אַלטע וואַל־פאָרמען לויט אָפּשטאַמונג, איז אין אַטען פאַרביטן

געוואָרן אַף דער טעריטאָריעלער, אַף וואַל־דיסטריקטן. יעדער וואַל־דיס־טריקט האָט זיך געהאַט אַן אייגענע פאַרוואַלטונג. אַנשטאָט שבטים, משפחות, ווי פריער, האָט איצט עקזיסטירט איין פאָלק פון גלייכע בירגער, געטיילט בלויז אין דיסטריקטן.

די סאָלאָנישע סאָציאַלע רעפאָרמען און פאָליטישע איינריכטונגען זיינען דערמיט איבערגעגעבן געוואָרן צום פאָלק אַליין. די עקלעזיאַ וואָס פלעגט אויך וויילן די ריכטער און באַאַמטע אונטער די טיראַנען, איז איצט געוואָרן די גאַנצע מאַכט. באַלד האָבן אויך די בירגערלעכע עלעמענטן דורכגעפירט אַ געזעץ אַז מען קאָן פאַרנעמען לאַנד און דעראָבערן לענדער און פאַרבלייבן בירגער פון אַטען. פלעגן זיי פאַרכאַפן דאָס לאַנד פון באַזיגטן פאָלק און אַליין לעבן אין אַטען פון רענט.

דאָך איז אַ טעות צו מיינען, אַז די גריכישע דעמאָקראַטיע איז געווען אַ פולשטענדיקע פאָלקס־רעגירונג. דאָס הערשנדיק „פאָלק" איז באַשטאַנען פון אַ קליינער מינדערהייט, וואָס האָט געלעבט אַפן חשבון פון שקלאַפן און אויסלענדישע אַרבעטער. אין אַטענישן שטאַט האָבן זיך געפונען אין דער צייט פון אַט די גרויסע רעפאָרמען איבער 200,000 איינוואוינער, זיינען פון זיי געווען אַרום 80,000 רעכטלאָזע קנעכט. פון די 40,000 איינ־וואוינער אין אַטען גופא זיינען בלויז אַ מינדערהייט געווען פרייע בירגער. די איבעריקע זיינען געווען אויסלענדער און שקלאַפן. די בירגער וואָס האָבן ניט געקאָנט באַווייזן, אַז אויך זייערע עלטערן זיינען געווען בירגער פון אַטען, האָבן פאַרלאָרן זייער בירגער־רעכט. די אַטענישע דעמאָקראַטיע איז דערפאַר געווען די הערשאַפט פון פריווילעגירטע בירגער, מענער, הויפטזעכלעך פון מיטלקלאַס. וואָרום די פרויען זיינען געווען רעכטלאָזע און די מערסטע אַרבעטער זיינען געווען מעטאָקן (אויסלענדער) אָדער באַפרייטע און ניט באַפרייטע שקלאַפן.

אין אַט דעם „גלאַנץ פעריאָד" פון בירגערלעכער דעמאָקראַטיע האָבן אַ סך בירגער אין אַטען געלעבט אַלס פאַראַזיטן אַפן חשבון פון פרעמדער אַרבעט, און די מלאכה איז ניט געווען אַזוי געאַכטעט ווי אין קאָרינט. דערביי האָבן אַ סך דעמיאורגעס (די פרייע אַרבעטער), וואָס האָבן געלעבט פון אייגענער פראַצע, ניט געהאַט קיין בירגער־רעכט. ביי אַ פאָלקס־ציילונג אין אַטען זיינען אַף 21,000 וואַל־באַרעכטיקטע בירגער געווען 10,000 מעטאָקן (רעכטלאָזע אויסלענדער), וועלכע זיינען כמעט אַלע געווען אַרבעטער. אַלנפאַלס איז די צאָל פון פראָדוצירנדיקע עלעמענטן אין אַטען געווען באַדייטנדיק גרויס.

נאָר ניט קוקנדיק אַף דער באַשריינקונג פון דער דעמאָקראַטיע אַפן

מיטלקלאַס, אויך אַ טייל פּויערים און בעלי מלאכות אין כּלל, האָט דאָך די גריכישע פּאָלקס־הערשאַפט קיין גלייכן ניט צו זיך אין אַלטערטום. ניט אין בבל און ניט אין מצרים, ניט ביי די פּערסער און ניט ביי די אידן איז אין יענער צייט געווען אַזאַ פאַרהעלטניסמעסיק גרויסע צאָל בירגער, וואָס זאָלן זיך באַטייליקן דירעקט אין די ענינים פון דער מלוכה.

די הערשער און די געזעצגעבער זיינען געווען די בירגער וואָס זיינען געקומען אַליין — ניט דורך קיין פאַרטרעטער — צו דער זיצונג פון דער עקלעזיאַ. יעדער בירגער איז געווען דירעקט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער רעגירונג. דאָס גלייכן אין גריכנט, וואו ס׳זיינען געזעסן 501 פאָלקס־מענטשן אַלס ריכטער, האָט זיך געפילט אַז די אַנטשיידונג ווערט אַרויס־געגעבן פון אַ כּלל, אַז אַזוי איז דער ווילן פון פאָלק.

---

די אַרבעטנדיקע עלעמענטן, סײַ בירגער, סײַ אויסלענדער, זיינען געווען אָרגאַניזירט אין „עראַנאָסעס" (פאַך־פאַראייניגען). יעדער עראַנאָס איז אויך געווען צוגלייך אַ „טהיאַסאָס", אַ שפּייז־קאָלעקטיוו, אַ געזעלשאַפט־לעכע פאַראייניקונג צו עסן און זיך אַמוזירן צוזאַמען און צייטנווייז אויך אָפּצוהאַלטן אַ געמיינזאַמען גאָטעס־דינסט.

דער עראַנאָס האָט געהאַט דאָס רעכט אַריינצונעמען אויסלענדער, פרייע אַרבעטער, קנעכט, פרויען אַזוי גוט ווי מענער. געווען אויך עראַנאָסעס פון בלויז פרויען. אַנדערע פון זיי זיינען געווען אָרגאַניזירט אַף אַ מיליטערישן אופן, אין צענדליקער, הונדערטער, טויזנטער, מיט עלטסטע איבער יעדער צאָל. כמעט אַלע זיינען זיי געווען גוט דיסציפּלינירט און געהאַלטן זייערע זיצונגען אונטער געשלאָסענע טירן.

אַזוי ווי די מיטגלידער פון עראַנאָס האָבן אַלע געהאַט דאָס רעכט צו שטימען אין דער עקלעזיאַ, האָבן זיי אויסגענוצט זייער שטימרעכט צו קריגן שטאָטישע קאָנטראַקטן. זייערער אַ מיטגליד פלעגט אויך קריגן פאַר דער אַרבעט אַרום דריי מאָל אַזוי פיל ווי אַן אַרבעטער, וואָס געהערט ניט צו קיין עראַנאָס. זיי האָבן אויך געאַרבעט קירצערע שטונדן. אין דער צייט, וואָס ביי שקלאַפן און ניט־אָרגאַניזירטע טאָג־אַרבעטער האָט דער אַרבעטס־טאָג געדויערט פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג, האָט אַ מיטגליד פון עראַנאָס געאַרבעט בלויז אַ דריטל מעת־לעת, דאָס הייסט אַכט שטונדן.

די אַרבעטנדיקע מאַסן האָבן אויך געהערט צו פאַרשידענע פּאָליטיש־רעליגיעזע און סאָציאַל־עטישע ברידערשאַפטן, וואָס האָבן זיך פאַנאַנדער־געבליט אינם זעקסטן יאָרהונדערט פ. ק.

דער זעקסטער יאָרהונדערט פ. ק. איז געווען רייך אין גרויסע געשייע־









אַלט־גריכישע אַרבעטער. (אויבן רעכטס — טעפּער; לינקס — שפּינערין; אין צענטער — אייל מאַכער; אונטן — פּאַרמער.)

נישן. די מעכטיקע אַשורישע אימפּעריע, וואָס האָט געהערשט פון קאַווקאַז ביז מצרים, איז צעשמעטערט געוואָרן ביזן גרונט. כאַלדייער און עגיפּטער האָבן געקעמפט איבער דער ירושה פון אַשור. נאָר אַ נייע גרויסמאַכט, פּערסיע, האָט געמאַכט אַ סוף צו זיי ביידן, ווי אויך צו דער מעכטיקער מלוכה פון קרעזוס און לידיע, דער שכן פון די גריכן. אָט די געשייעענישן, ווי אויך די סאָציאַל־רעליגיעזע שטרעמונגען פון מערב־אַזיע און צפון־אַפריקע האָבן אַרויסגעבראַכט אין גריכנלאַנד די דערמאָנטע ברידערשאַפטן פון וועלכע אייניקע, ווי די אָרפעאישע און פּיטאַגאָרישע, זיינען געווען זייער פּאָפּולער. זייער גייסטיקער פירער, פּיטאַגאָר (געבוירן אַרום יאָר 682 פּ. ק.) האָט אַ סך אַרומגערייזט, געגישטערט, געפאָרשט. ער איז געשטאַנען אין נאָענטער באַציאונג מיט עגיפּטער, פעניקיער, כאַלדייער, אידן און אַראַבער. זינט זיין 53סטן יאָר איז ער געווען טעטיק אין דרום־איטאַליע, וואָס איז דעמאָלט געווען באַוואוינט פון גריכן.

די פּיטאַגאָריער זיינען געווען מער סאָציאַל ווי רעליגיעז. דער הערשנ־דיקער קלאַס האָט זיי דערפאַר באַלד אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן. צום סוף פונם זעקסטן יאָרהונדערט פ. ק. זיינען די פּיטאַגאָרישע ברידערשאַפטן פאַר־באָטן געוואָרן. זייער פּאָפּולאַריטעט האָט דורכדעם ניט געליטן. **זייערע** אָפיציעל אויפגעלייזטע ברידערשאַפטן האָבן זייער עקזיסטענץ ניט אויפ־געגעבן, נאָר זיך רעאָרגאַניזירט אונטערערדיש.

---

אַ באַזונדער גלאַנץ האָט די אַטענישע דעמאָקראַטיע דערגרייכט אין מיטן פון פינפטן יאָרהונדערט פ. ק., ווען דער פּראָגרעסיווער פּריידיינקער און קונסט־ליבהאָבער פּעריקלעס איז געוואָרן דערוויילט פאַר „סטראַטעגאָס".

אַרום דרייסיק יאָר נאָכאַנאַנד, פון 460 ביז 429 פ. ק., פלעגט די עקלעזיאַ יעדן יאָר ווידער דערוויילט דעם ליבלינג פון די מאַסן פאַר סטראַ־טעגאָס. די עקלעזיאַ פלעגט אויך אַלע מאָל אָננעמען אַלץ וואָס ער האָט פאָר־געשלאָגן, ווייל ער איז געווען איר פאַקטישער פירער.

די אָפּאָזיציע פון די קאָנסערוואַטיוון און גבירים איז געווען שוואַך. ערשטנס, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר אַן אויפשטאַנד פון די ברייטע מאַסן. צווייטנס, זיינען זיי געווען צופרידן מיט זיין אויסערלעכער פּאָליטיק, וואָס איז געווען אין זייערע אינטערעסן.

אַטען, דער הויפּט־צענטער פון גריכישן האַנדל און אינדוסטריע, ווי אויך דער אַוואַנגאַרד פון פאָלקס־הערשאַפט און קולטור, איז זינט דער מלחמה קעגן פּערסיע געוואָרן די פירערין פון אַ גריכישן פעלקער־בונד. נאָר צו אָט דעם בונד איז ניט צוגעשטאַנען די קאָנסערוואַטיווע פּריצישע ספּאַרטאַ, די

גרעסטע מיליטערישע מאַכט אין גריכנלאַנד. פאַרקערט, זי האָט געגרינדעט איר אייגענע „פעלאָפּאָנעזישע ליג", וואָס איז געווען פיינטלעך צו אַטען. בלייבנדיק די מעכטיקסטע אין איר פעלקער־בונד, האָט אַטען איר ביסלעכ־ווייז פאַרוואַנדלט אין אַן אַטענישער אימפּעריע. די רייכע און די פּריצים זיינען געווען שטאָלץ אויף זייער אימפּעריע, דער קוואַל פון זייער רייכקייט. אויך פּעריקלעס, כאָטש אַ פּריינט פון די מאַסן, איז געווען פאַרבלענדט פון זיין אַטענישן פּאַטריאָטיזם. ער האָט געגלויבט, אַז ס'איז אַ כבוד פאַר די אונטערטעניקע שטאָטן צו ווערן באַהערשט פון דער הויך־ציוויליזירטער אַטען, און ער האָט ניט געזען אַז ער פירט דאָס לאַנד צום אונטערגאַנג.

מער אויסגעהאַלטן איז געווען פּעריקלעס'עס אינערע פּאָליטיק, דאָרט וואו ער האָט פאַרטראָטן די אינטערעסן פון די אַטענישע בירגער, וועמעס פירער ער איז געווען. ער האָט אָפּגעהיט די סאָציאַלע געזעצגעבונג פון סאָלאָן און דורכגעפירט די נייע קאָנסטיטוציע אין גייסט פון דער עקלעזיאַ. די אָרגאַניזירטע אַרבעטער, אויף וויפיל זיי זיינען געווען בירגער, האָבן געהאַט שטימרעכט און געלאָזט פילן זייער איינפלוס סיי אין דער פאָלקס־פאַר־זאַמלונג און סיי אין די פאָלקס־געריכטן. וואָרום כאָטש די צאָלונגען פאַר טאָן כלל אַרבעט איז געווען אַזוי קליין, קוים גענוג אויף עסן, האָט זיך קיין אַרבעטער ניט אָפּגעזאָגט צו באַטייליקן זיך אין מלוכה אַנגעלעגנהייטן. זיי האָבן דערפאַר דורכגעפירט, אַז זייערע ערגאַנאָסן זאָלן קריגן קאָנ־טראַקטן (צו בויען האַפנס, שיפן, טעמפּלען א. א. וו.) און צענדליקער טויזנטער אַרבעטער האָבן כסדר באַקומען רעגולאַר זייערע שכירות. דער אַרבעטס־לוין אין אַלע פאַכן איז געווען געזעצלעך באַשטימט. למשל, אַ מיסטפּירער האָט געקראָגן דריי אָבאָל (10־12 סענט) אַ טאָג, אַ גערטנער 14 סענט, אַ האָלץ־זעגער, אַ דראָכמע (19 סענט), אַ סטאָליער 12־17 סענט, אַ מילנער פון 15 ביז 18 סענט אַ טאָג. אַזוינע שכירות האָבן אויך געקראָגן באַאַמטע וואָס פלעגן קאָפּירן אָדער פאַרשרייבן זאַכן. אַרכיטעקטן פלעגן באַקומען די זעלבע שכירות ווי די מויערער און שטיינהאַקער, פון 20 ביז 30 סענט אַ טאָג.

די ערשטע צייטן זיינען די אַרבעטער אויסגעקומען מיט אַזוינע שכירות. נאָר וואָס ווייטער איז געשטיגן דער יקרות אויף לעבנסמיטל. אַ מאָס גערשטן האָט געקאָסט דאָפּלט טייערער ווי אין די צייטן פון סאָלאָן, אַ שאָף פינף מאָל א. א. וו. און דאָס לעבן פון די מאַסן איז געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער. זיינען סאָלדאַטן געווען גרייט פאַר אַ סומע פון פינף דאָלאַר אַ חודש זיך פאַרדינגען צו יעדן אויסלענדישן הערשער.

אין דער זעלבער צייט האָבן די אַרבעטגעבער געמאַכט ביז 30 פּראָ־

צענט פּראָפּיט. די רייכע זיינען דערפאַר געוואָרן אַלץ רייכער און אַריינ־געטראָטן אין יחוס. זיי האָבן אָנגעקויפט אַ סך לאַנד, זיך פאַרבונדן מיט די קאָנסערוואַטיווע פּריצישע משפּחות און געשטאַרקט זייער מאַכט. די אַר־בעטער, די „דעמיאורגעס", זיינען פון די אַלטע און נייע גבירים געוואָרן באַטראַכט פאַר נידעריקע באַשעפענישן און געקוקט מיט שנאה אויף זייער איינפלוס אין דער מלוכה. זיי האָבן דערפאַר געזוכט פון איין זייט צו פאַרקלענערן די צאָל אַרבעטער אין דער עקלעזיאַ און אין פאָלקס־געריכטן, דורך באַשריינקען די מעגלעכקייט צו ווערן אַ בירגער פון אַטען. ס'האָט זיי אויך געלונגען אוועקצונעמען דאָס בירגער־רעכט פון 5,000 אַטענער וועמעס עלטערן זיינען ניט געווען קיין בירגער. זיי האָבן אויך דורכגעפירט אין יאָר 445 פ. ק. אַ געזעץ קעגן הייראַט מיט אויסלענדער (דאָס הייסט, מיט גריכן פון אויסערהאַלב אַטען).

זעענדיק אַז דער אפילו צו פּאַטריאָטיזם געלינגט צו פאַרפירן די מאַסן צו האַנדלען קעגן זייערע אייגענע אינטערעסן, האָבן די רייכע געזוכט צו פאַרגרעסערן די גריכישע אימפּעריע און דערמיט זייער האַנדל און רייכטום. נאָך פּעריקלעס, כאָטש אַ גרויסער פּאַטריאָט, האָט געוואָלט אויסמיידן מלחמות. דער רייכער קלאַס איז דערפאַר געוואָרן פיינטלעך קעגן פּעריק־לעסן. די אידעאָלאָגן פונם רייכן קלאַס נוצן אויס די אומוויסנהייט און פרומקייט פון די מאַסן, זיי צו העצן קעגן די אפּיקורסישע געלערנטע. דער ציל איז געווען צו דיסקרעדיטירן דעם באַליבטן פאָלקס־פירער, פּעריקלעס, אַ תלמיד פון די נאַטור־געלערנטע און אַזאַ פרייַדיינקער ווי די, מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומגערינגלט. די העצער האָבן געהאָפט, אַז דורך דעם וועט זיי סוף־כל־סוף געלינגען אָפּצואווענדן די מאַסן פון זייער פירער און נאָכדעם אַרויפצוצווינגען אויף זיי די פירערשאַפט פון די פּריצים און גבירים.

דער ערשטער קרבן פון אָט דער רעליגיעזער העצע איז געווען דער גרויסער דיינקער אַנאַקסאַגאָראַס (500—427 פ. ק.), וואָס האָט געלערנט די איינהייט פון דער נאַטור און ממילא אָפּגעלייקנט די עקזיסטענץ פון די פאַרשידענע געטער. דערצו האָט ער אויסגעאַרבעט אַ סיסטעם פון וועלט־באַשאַפונג, וואָס איז נאָענט צו דער, וואָס קאַנט און לאַפּלאַס האָבן אויפ־געשטעלט מיט 23 הונדערט יאָר שפּעטער, און האָט דערקלערט, אַז די זון (וועלכע די אומוויסנדיקע מאַסן האָבן באַטראַכט פאַר אַ גרויסן גאָט) איז בלויז „אַן אָנגעצונדענער שטיין". דאָס האָט געשמעקט מיט טויט־שטראָף און אַנאַקסאַגאָראַס האָט זיך געראַטעוועט דורך אַנטלויפן פון אַטען. ווייני־קער גליק האָט געהאַט דער גרויסער סקולפּטאָר פידיאַס. מען האָט אים פאַרשפּאַרט אין געפיינגעניש וואו ער איז געבליבן ביז זיין טויט.

נאָר דאָס, וואָס די פּריצים און גבירים האָבן ניט געקאָנט דערגרייכן דורך רעליגיעזע העצעס, און אַלערליי אַנדערע אינטריגעס, איז געקומען דורך דעם עגאָאיזם און דעם שאָוויניזם פון דער בירגערלעכער דעמאָקראַטיע אין אַטען.

זיין אַ בירגער פון אַטען האָט געמיינט באַזיצן פּאָליטישן איינפלוס און אַ געלעגנהייט צו ציען מאַטעריעלע נוצן. האָבן די בירגער געהיט, ס׳זאָל זייער צאָל ניט ווערן פאַרגרעסערט, נאָר פאַרקלענערט. האָבן זיי דערמיט פאַרלאָרן די סימפּאַטיע פון די צענדליקער טויזנטער מעטאָקן אין אַטענישן שטאַט. זיי האָבן געהאַט אַ דירעקטן אינטערעס אין דער דעראָבערונג פון פרעמדע לענדער און אויסזויגן זייערע אייגענע שוואַכערע „עליים”, ווען זיי האָבן ביסלעכווייז געמאַכט פאַר אונטערטאַנען. דאָס האָט פון איין זייט פאַרשאַרפט דעם קלאַסנקאַמף אין לאַנד און פון דער אַנדער זייט, אַרויסגערופן קנאה־שנאה אין אויסלאַנד. סוף־כל־סוף האָט דאָס דערפירט אַטען צו אַזאַ קאַטאַסטראָפע, וועלכע אויך דער קלוגער שטאַטסמאַן פעריקלעס האָט ניט געקאָנט אָפּווענדן. די אונטערטעניקע לענדער האָבן זיך אין געהיים פאַרבונדן מיט אַטענ׳ס שטאַרקסטן שונא, די מלוכה פון ספּאַרטאַ. עס האָט אויסגעבראָכן די באַרימטע 27 יאָריקע „פּעלאָפּאָנעזישע מלחמה”, וואָס האָט געפירט צום אונטערגאַנג פון דער אַטענישער אימפּעריע.

# אַ מיינער סטרייק העלפט צעשטערן אַן אימפּעריע

דער פּאַטריאָטיזם פון די אַלטע גריכן האָט דערגרייכט זיין העכסטע מדרגה אונטער דער הערשאַפט פון פאָלק אין אַטענישן שטאַט. דאָרט איז כמעט יעדער בירגער געווען פאַראינטערעסירט אין דעם דערפאָלג פונם פאָטערלאַנד, ווייל וואָס רייכער און מעכטיקער אַטען איז געוואָרן, אַלץ גרעסער איז געווען דער מאַטעריעלער געווינס פון אירע בירגער.

לויט דעם עדות פון אַריסטאָטל האָבן אַרום אַ העלפט אַטענישע בירגער (בערך 20,000) געלעבט אויפן חשבון פון קהל. דאָס זיינען געווען די פאָלקס־ריכטער, ראַטמענער, באַאַמטע, סאָלדאַטן, מאַטראָזן, א. א. וו. אחוץ דעם האָבן אַ סך אַטענער געלעבט פון די „קלערוכיען", די שטיקער באָדן וואָס אַטען פלעגט פאַרכאַפּן אין פרעמדע לענדער און זיי צעטיילן לויטן גורל צווישן אירע בירגער.

ווי פּלוטאַרך דערציילט, האָבן די קלערוכיען געדינט „צו באַפרייען דעם שטאַט פון אַרבעטסלאָזע און דערפאַר אַן אומרואיקער עלעמענט... צו לינדערן די נויט פון די מאַסן און גלייכצייטיק שאַפן אַ מין באַזעצונג אונטער די (אַטענישע) עליים און זיי דערמיט אָפּהאַלטן פון מרידה..." נאָר קאָלאָניזירט איז געוואָרן בלויז דער „אומרואיקער עלעמענט" צווישן די „טעטן", די האָרעפּאַשנע מאַסן. דער אַטענער קליינבירגער, דער געוויינלעכער „דעמאָס", האָט אויסגעפירט, אַז ער זאָל בלייבן אין אַטען. זיין באָדן אין דער פרעמדער מדינה האָבן פאַר אים באַאַרבעט די געוועזענע אייגנטימער וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר שקלאַפן.

די פאַרדינסטן פאַר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז געווען קליין. די 6,000 פאָלקס־ריכטער (דזשורי לייט) האָבן געקראָגן צו צוויי אָבאָלן (7 סענט) אַ טאָג, דאָס הייסט מיט אַ דריטל ווייניקער ווי דער ביליקסטער טאָג־אַרבעטער. אין דער זעלבער פּראָפּאָרציע איז אויך געווען די שכירות פון באַאַמטע, סאָלדאַטן, מאַטראָזן, א. א. וו. בלויז די מיטגלידער פון „ראַט פון די 500" פלעגן באַקומען צו דראַכמע (5 אָבאָלן) אַ טאָג, דאָך האָט עס באַטראָפן יערלעך גרויסע סומען געלט. דערצו זיינען נאָך צוגעקומען אַנדערע קהלשע אויסגאַבן, ווי דאָס טעאַטער־געלט (יעדער אַטענישער בירגער פלעגט קריגן אויסגעצאָלט די צוויי אָבאָל, דעם פּרייז פון אַ בילעט אין טעאַטער, וואָס איז פאַרדונגען צו אַ פּאַכטער); די יתומים־היימען פאַר קינדער פון אין קריג־געפאַלענע בירגער; די פּענסיע פון צוויי אָבאָלן אַ טאָג פאַר אינוואַלידן וואָס פאַרמאָגן ווייניקער ווי דריי מינען (60 דאָלאַר) און זייַנע

ניט פייאיק צו אַרבעטן, א. א. וו.

די גרעסטע סומע, 2,012 טאַלענטן (אַרום 1,733,800 דאָל.) האָט די פּאָלקסהערשאַפט פון אַטען אויסגעגעבן אַף קהלשע בנינים. דאָס איז געטאָן געוואָרן ניט בלויז צוליבן רום אין דער צוקונפט, נאָר הויפּטזעכלעך צוליבן נוצן פאַר דער געגנוואַרט, צו שאַפן אַרבעט... אָדער ווי פּלוטאַרך דריקט זיך אויס, „צו געבן פּרנסה כמעט דער גאַנצער שטאָט..."

„די וואָס האָבן געהאַט דעם נויטיקן עלטער און קרעפטן — זאָגט פּלוטאַרך — האָבן פאַר זייער מיליטער־דינסט געצויגן פון שאַצקאַמער א רייכלעכע הכנסה". נאָר כדי „די אַנדערע בירגער און האַנטווערקער זאָלן ניט דאַרפן אַרומגיין ליידיק", האָט די אַטענישע פּאָלקסווירטשאַפט, אונטער דער פירערשאַפט פון פּעריקלעס, געגעבן אַלע הענט גענוג צו טאָן דורך בויען „גרויסע און אָנגעזעענע" קהלשע בנינים. ס'האָבן דערביי געאַרבעט סטאָליערס, סקולפּטאָרס, קאָטלער (קופּערשמידן), שטיינהאַקער, פאַרבערס, גאָלדשמידן, עלפאַנטביין־שניצער, מאָלער, שמוקלער, און טאָקער.

צו קריגן און ברייננגען די נויטיקע מאַטעריאַלן — „שטיינער, מעטאַלן, עלפאַנטביין, גאָלד, עבנהאָלץ און ציפּרעסהאָלץ" — האָט מען געדאַרפט האָבן „אַפן ים: סוחרים, מאַטראָזן, רודערער; אַף דער יבשה: טאַטשקעסשלעפּער, איינשפּאַנער, בעלי־עגלות, שטריקמאַכער, וועבער, רימער, וועגמאַכער און בערגלייט". הינטער אָט די אַרבעטער איז נאָכגעגאַנגען „א חיל פון דעם גאָר אונטערשטן פּאָלקס־קלאַס" וואָס האָט זיי אַרויסגעהאָלפן אין דער אַרבעט. און אַף דעם אופן, ענדיקט פּלוטאַרך, „האָבן געקאָנט היפּש פאַרדינען פערזאָנען פון יעדן עלטער און פון יעדן שטאַנד".

נאָר אָט דער „היפּשער" פאַרדינסט איז די אָרעמע מאַסן קוים געווען גענוג אַף ברויט און געזאַלצענע פיש. פלייש פלעגן זיי פאַרזוכן בלויז ביי א יום טוב, ווען זיי האָבן עס געגעסן פון די קרבנות צו די געטער אַפן חשבון פון קהל.

כדי ספּעקולאַנטן זאָלן ניט מאַכן צו טייער דאָס ברויט, דאָס הויפּט שפּייז פון די אָרעמע מאַסן, האָט די פּאָלקסהערשאַפט איינגעפירט א מאָנאָפּאָל אַף תבואה. די תבואה־סוחרים האָבן געמוזט צושטעלן קהל צוויי דריטל פון זייער תבואה־אריינפיר. דער שטאַט האָט עס פאַרקויפט צו די תבואה־קרעמער, וואָס האָבן אים געצאָלט א געוויסן שטייער, מיטן באַדינג, אַז זיי טאָרן ניט האַלטן ביי זיך אין קלייט מער ווי 50 קערב קאָרן. באַאַמטע האָבן אַכטונג געגעבן, אַז די מילנער זאָלן ניט נעמען מער ווי דעם באַשטימטן פרייז פאַר מעל און אַז די בעקער זאָלן געבן די באַשטימטע וואָג ברויט פאַרן באַשטימטן מקח, לויטן מאַרק־פּרייז פון דער תבואה.

צו דעקן אירע גרויסע אויסגאַבן, האָט די אַטענישע פאָלקסהערשאַפט געלייגט הויכע שטייערן אַף די רייכע קלאַסן. (די טעטן און די פויערים זיינען געווען פריי פון יעדן שטייער). נאָר דאָס איז ניט געווען גענוג, האָט אַטען זיך באַנוצט אויך מיט די 460 טאַלענטן (625,000 דאָלאַר) אַ יאָר, וואָס אירע עליים פון „דעלישן בונד" (געגרינדעט 447 פ. ק.) האָבן געצאָלט אויסצוהאַלטן דעם אַטענישן פלאָט און פאַר אַנדערע אויסגאַבן פאַרן אַלגעמיינעם שוץ. אַטען האָט אַריבערגעפירט צו זיך די בונד'ס קאַסע קיין דעלאָס, אַף וועמענס נאָמען דער בונד האָט זיך גערופן, און געטאָן דערמיט וואָס זי האָט געוואָלט. אירע עליים האָט זי באַטראַכט פאַר אונטערטאַנען, וועלכע דאַרפן איר צאָלן צינזן און גאָרניט קריגן דערפאַר. דעם הויכן ראַט פון די עליים האָט זי ניט מער צוזאַמענגערופן. זי האָט זיך אויך אָפט אַריינגעמישט אין זייערע אינווייניקסטע אינטערעסן און אין וויכטיקע פראָצעסן געצוואונגען זייערע בירגער צו קומען צום געריכט אַזש קיין אַטען.

אין די לענדער פון „דעלישן בונד" האָט דערפאַר געהערשט גרויס אומצופרידנהייט מיט דער אויבערהערשאַפט פון אַטען. לאָיאַל זיינען געווען בלויז די שטאַטן מיט אַ דעמאָקראַטישער מערהייט און מיט אַ יאָנישער באַפעלקערונג, פון שטאַם צו וועלכן אַטען האָט געהערט. דאָרט וואו די קעגנער פון פאָלקסהערשאַפט זיינען געווען אין מאַכט און די באַפעלקערונג איז געווען אַ דאָרישע, פון שטאַם צו וועלכן ספּאַרטאַ האָט געהערט, איז מען געשטאַנען אין געהיימער פאַרבינדונג מיט דעם פעלאָפּאָנעזישן בונד אונטער ספּאַרטאַ'ס פירערשאַפט. בפרט אַז די קאָנסערוואַטיווע יונקערשע ספּאַרטאַ האָט זיך באַנומען אַ סך דעמאָקראַטישער צו אירע עליים ווי אַטענ'ס אימפּעריאַליסטישע דעמאָקראַטן. באַלד איז די אַטענישע אימפּעריע געקומען אין בלוטיקן צוזאַמענשטויס מיט ספּאַרטאַ און אין יאָר 431 פ. ק. האָט זיך אָנגעהויבן די 27־יאָריקע פעלאָפּאָנעזישע מלחמה, וואָס האָט געפירט צום אונטערגאַנג פון דער אַטענישער אימפּעריע.

מלחמה־צייט איז די רעגירונג אַריין אין די הענט פון די נייע גבירים (פעריקלעס איז געשטאָרבן אין 429 פ. ק. ווען די פעסט האָט געבושעוועט אין אַטען און געטויט אַרום אַ דריטל פון אירע איינוואוינער). דער רייכער גאַרבער־פאַבריקאַנט קלעאָן, וואָס האָט פאַרנומען דעם הויכן אַמט פון סטראַטעגאָס (ציווילער און מיליטערישער הויפּט פון אַטענישן שטאַט), האָט געזוכט צו פאַרקלענערן די שטייערן פון רייכן קלאַס. נאָר די מלחמה האָט געפאָדערט אַלץ גרעסערע אויסגאַבן. דערצו האָט מען געמוזט צאָלן די בירגער צו דריי אָבאָלן אַ טאָג צום לעבן. האָט קלעאָן פאָרגעשלאָגן און דורכגעפירט אין דער עקלעזיאַ, אַז די צינזן פון „דעלישן בונד" זאָלן ווערן גע־

העכערט פון 460 צו 1,000 טאַלענטן (אַרום 1,500,000 דאָלאַר) אַ יאָר. דאָס האָט געמיינט אַן אומגעהויערע אויסזויגונג פון די אונטערטאַנען, ווייל די אַלטע גריכן האָבן ניט געהאַט קיין שטייער־באַאַמטע, נאָר פלעגן פאַרדינגען דעם שטייער צו קאָנטראַקטאָרס וואָס פלעגן דערביי מאַכן זייער גרויסע פּראָפיטן. די אינווייניקסטע שונאים פון דער אַטענישער אימפּעריע האָבן זיך דערפאַר שטאַרק פאַרמערט און איר עקזיסטענץ איז געוואָרן אַלץ קריטישער.

אין דעם קריטישן מאָמענט פון דער אַטענישער אימפּעריע אין יאָר 413 פ. ק., ווען איר עקספּעדיציע אין סיציליע, אונטער דער פירערשאַפט פון רייכן שקלאַפן־האַלטער ניקיאַס, האָט צוזאַמענגעבראָכן מיט מוראדיקע פאַרלוסטן און ספּאַרטאַ׳ס אַרמיי איז שוין געשטאַנען אין דעקלעאַ, 20 מייל אין צפון פון אַטען, האָט זי געקראָגן אַ שרעקלעכן קלאַפּ דורך דעם סטרייק פון אירע מיינער.

די מלחמה איז פאַר אַטען געווען זייער קאָסטבאַר. די קריג־אויסגאַבן האָבן געהאַלטן כסדר אין שטייגן. האָט די אַטענישע רעגירונג געזוכט אַרויסצוקריגן וואָס מער פּראָפיט פון אירע זילבער און גאָלדמינען. האָט זי זיי איבערגעגעבן צו קאָנטראַקטאָרס, ועמען זי האָט צוגעשטעלט אויך אומזיסטע אַרעסטאַנטן־אַרבעטער. זיינען דאָרט געווען באַשעפטיקט אַרעסטאַנטן, שקלאַפן, מעטאָקן („פרייע" אַרבעטער פון אויסלענדישער אָפּשטאַמונג), מענער און פרויען, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר אַ הונגער־לוין, אונטער דער בייטש פון אויפזעער.

נאַטירלעך זיינען אָט די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן ניט געווען אַזוי פּאַטריאָטיש ווי יענע פּריווילעגירטע בירגער, וואָס האָבן פּראָפיטירט פון דער אַטענישער דעמאָקראַטיע און איר אימפּעריע. זיי האָבן געהאַסט זייער פּאָטערלאַנד ווי די שווערע אַרבעט און דעם באָס. צווישן די מעטאָקן זיינען געווען עכטע אַטענער, מיט אַלע זייערע מעלות און חסרונות, נאָר זייער בלוט איז ניט געווען פון ריינעם אַטענישן יחוס, האָבן זיי ניט געקאָנט ווערן קיין בירגער. אַ טייל פון די שקלאַפן האָבן אפשר געשטאַמט פון יענע 5,000 געפּסלטע בירגער, וואָס מען האָט מיט קנאַפּע 40 יאָר פריער אַרונטערגעזעצט צום שקלאַפן־שטאַנד.

די איבער 20,000 אַרבעטער און געלערנטע מעכאַניקער אין די זילבער־מינען פון לאַריום, 30 מייל אין דרום פון אַטען, האָבן דערפאַר מיט אַ לייכט האַרץ אויסגענוצט דעם קריזיס פון דער אַטענישער אימפּעריע צו פאַרבעסערן זייער לאַגע. פון דעקלעאַ, פופציק מייל אין צפון, זיינען געקומען אַגענטן פון ספּאַרטאַ, וואָס האָבן אָנגעבאָטן די סטרייקער אַ דראַכמע אַ טאָג,

אזוי פיל ווי מ׳האָט דעמאָלט געצאָלט די בעסטע סאָלדאַטן. מ׳האָט זיי אויך צוגעזאָגט באַהאַנדלונג לויט די געזעצן פון „עראַנאָס”. אָן אַנדער אָנבאָט איז געווען, זיי זאָלן אַרבעטן אַליין אָן שום באַלעבאָס איבער זיך און נאָר דערפאַר געבן אַ געוויסן פּראָצענט צו די אונטערנעמער.

די מיינער האָבן גוט געוואוסט, אַז אין פאַרגלייך מיט אַטען איז ספּאַרטאַ אַ באַרבאַריש לאַנד. זיי האָבן אויך געהאַט גענויע ידיעות איבער די העסלעכע שחיטות וואָס די ספּאַרטאַנישע יונקער האָבן אַראַנזשירט אַף זייערע שקלאַפן, די העלאָטן. נאָר די אַרבעטער האָבן אויך געוואוסט, אַז איצט מוז ספּאַרטאַ צו זיי אָנקומען. זייער אויפהערן פּראָדוצירן זילבער פאַר אַטען מיינט העלפן ספּאַרטאַ געווינען די מלחמה. וועלן זיי דערפאַר קריגן די מעגלעכקייט צו לעבן בעסער ווי אַ סך פרייע בירגער פון אַטען. די פון זיי, וואָס זיינען שקלאַפן, וועלן זיין אימשטאַנד זיך אויסצוקויפן פריי. זיינען זיי צוזאַמען מיט די סטאַדעס, שלעפּ־אָקסן און פערד פון די מינען אַריבער אין לאַגער פון שונא. דער פּופּציק מייליקער וועג איז געווען פול מיט סכנה און ווען זיי פאַלן אַריין אין די הענט פון אַטען וואָלט מען זיי זיכער באַשטראָפט מיט די ערגסטע עִנויים, נאָר דער אָנבאָט איז געווען צו גוט זיי זאָלן ניט איינשטעלן זייער לעבן אין קאָן.

דער סטרייק און דאָס אַנטלויפן פון די אַרבעטער האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג אין אַטען, וואו די אַרבעטער אין די אַמוניציע־פאַבריקן זיינען באַשטאַנען פון דעם זעלבן עלעמענט ווי די מיינער. אַ געוויסע צייט איז די אַרבעט אין די מינען געווען דעמאָראַליזירט. דער שטראָם פון זילבער האָט אויפגעהערט און ס׳איז ניט געווען מיט וואָס צו צאָלן פאַר וואָפן. די בירגער פון אַטען זיינען געוואָרן אַנטמוטיקט און אין לאַגער פון ספּאַרטאַ זיינען געוואָרן אויפגעוועקט נייע האָפענונגען. די אַטענער דעמאָקראַטיע האָט דעמאָלט געמוזט נאָכגעבן אַלע פאָדערונגען פון די צעכן. זי האָט אָנגעשטעלט בלויז זייערע אַרבעטער און זיי געצאָלט די פון „עראַנאָס”־באַשטימטע שכירות פאַר אַן אַכט־שטונדיקן אַרבעטסטאָג.

אָן צווייפל האָט דער סטרייק פון די מיינער געהאָלפן צום זיג פון די פּריצים איבער דעם בירגערטום. נאָר אין דעם זיינען אַליין געווען שולדיק אַט די עגאָאיסטישע פּריווילעגירטע בירגער, וואָס האָבן פאַראַכט די אַרבעט און געמאַכט רעכטלאָז די באַשאַפער פון אַלע רייכטימער.

## פלאַנירער פון אידעאַלע צוקונפט-שטאַטן

די „גילדערנע יוגנט" פון די אַריסטאָקראַטישע משפחות אין אַטען האָט כסדר געחלומט פון אַ קאָנטער־רעוואָלוציע אײַנצופירן אַן אָליגאַרכיע — די הערשאַפט פון די ווייניקע איבער די פילע. נאָר די בלוטיקע רעוואָלוציעס קעגן די אָליגאַרכן אין אַנדערע שטעט האָבן זיי אַנטמוטיקט. זיי האָבן דערפאַר געמוזט זיך באַנוגענען מיט גרינדן געהיימע קלובן, וועמעס מיט־גלידער פלעגן שווערן צו אַרבעטן קעגן די אינטערעסן פון די מאַסן.

נאָך דער גרויסער מפּלה, וואָס אַטען האָט געהאַט אין יאָר 413 פ. ק., האָבן די פּריצים געדיינקט, אַז די בירגערלעכע דעמאָקראַטיע איז געװאָרן דיסקרעדיטירט, און האָבן באַשלאָסן אָנצוהויבן די הכנות צו דער קאָנטער־רעוואָלוציע. זיי האָבן זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט פּערסיע, און, אַזוי ווי ספּאַרטאַ, איר אָנגעבאָטן די גריכישע שטאָטן און קליין־אַזיע, כדי ז' זאָל זיי העלפן איבערנעמען די הערשאַפט איבער דער אַטענישער אימ־פּעריע. אין יאָר 411 פ.ק. ווען זיי האָבן דערוואַרט פּערסישע הילף, האָבן די פּריצים פאַרכאַפּט די רעגירונג־מאַכט פון אַטען. דאָס איז זיי געלונגען נאָכדעם ווי זיי האָבן אין אַ ריי אַטענטאַטן אויסגעהרגעט די אײַנפלוסרייכ־סטע פירער פון די מאַסן.

די זיגרייכע קאָנטער־רעוואָלוציע האָט באַשטימט אַ רעגירונג פון 400 אָליגאַרכן, וואָס איז פאַראַנטוואָרטלעך בלויז צו די פון זיי באַשטימטע 5,000 פּערזאָן. די גרויסע מערהייט פון די אַטענער בירגער זײַנען געוואָרן רעכטלאָז און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן־עמיגראַציע פון אַטען, וואו עס האָט געהערשט דער פּריצישער טעראָר. נאָר באַלד איז אָנגעקומען די אַרמיי און פלאָט, וואָס זײַנען געבליבן טריי דער פאָלקסהערשאַפט און געמאַכט אַ סוף צו דער אָליגאַרכיע. די מערסטע פון די 400 זײַנען געוואָרן געטויט. די איבעריקע זײַנען אַנטלאָפן נאָך אויסלאַנד.

ערנסטער איז געווען די קאָנטער־רעוואָלוציע פון יאָר 404 פ. ק., ווען אַטען האָט פאַרלאָרן אַפן ים און אויף דער יבשה, און די שטאָט איז געוואָרן אַרומגערינגלט פון שונא. נאָכדעם ווי די פּריצים האָבן דערהרגעט דעם לירע־מאַכער קלעאָפאָן, דעם פירער פון די פּאַטריאָטישע בעלי מלאכות, און אַנדערע פאָלקס־פירער, האָט זיך אַטען באַדינגונגסלאָז אונטערגעגעבן. די דעקאַסטעריען (פאָלקס־געריכטן) און די עקלעזיאַ (פאָלקס־פאַרזאַמלונג) זײַנען אָפּגעשאַפט געוואָרן. די גאַנצע מאַכט איז געלעגן אין די הענט פון 30 פּריצישע קאָמיסיאָנערן, געשטיצט פון ספּאַרטאַ'ס האַרמאָסט (מילי־

טערישן פּאַרטרעטער) מיט זיינע 700 סאָלדאַטן. די טריי־געבליבענע פּאַר־שטייער פון די מאַסן, וועלכע עס האָט ניט געלונגען צו אַנטלויפן, ווערן דער־מאָרדעט. די 30 קאָמיסיאָנערן פּאַראורטיילן אויך צום טויט אַ טייל רייכע לייט, כדי צו קאָנען אַוועקנעמען זייער פאַרמעגן. באַזונדערס טוען זיי עס צו די רייכע מעטאָקן („מעטא־איקאָס", פון קענגאיבערדיקן הויז. עס מיינט אַזוינע איינוואוינער, וואָס האָבן איינגעוואַנדערט פון אַנדערע מלוכות, אָדער זייערע עלטערן זיינען געווען אויסלענדער אָדער באַפרייטע שקלאַפּן). צום סוף באַשליסט די אָליגאַרכיע אויסצואווייזן פון אַטען אַלע טעטן (אָרעמע מאַסן) און איבערלאָזן דאָרט בלויז די 3,000 טרייע אָנהייגער פון דער פּריצים־הערשאַפט.

דערמיט האָבן די אָליגאַרכן אונטערגעשריבן זייער טויט־אורטייל. די גרויסע מערהייט אַטענער אויסערהאַלב אַטען האָבן אויפגעגעבן זייער פּאַסיוויטעט. הונדערטער העלדישע טעטן זיינען אַריינגעדרונגען אין שטאָט און באַפאַלן די אָליגאַרכן מיט זייערע ספּאַרטאַנער העלפער. אַ טייל אָליגאַרכן זיינען געפאַלן טויט צוזאַמען מיט זייער פירער קריטאַ, אַ תלמיד פון סאָקראַטן. די איבעריקע זיינען צעלאָפן. אין סעפּטעמבער 403 איז ווידער געוואָרן איינגעפירט די הערשאַפט פון פאָלק אין אַטען. אַנדערע שטעט האָבן נאָכגעפאָלגט איר ביישפּיל און ספּאַרטאַ איז ניט געווען אימשטאַנד צו העלפן די פּריצים קעגן די מאַסן.

די אַריסטאָקראַטן וועלכע זיינען אַנטלאָפן אין אויסלאַנד, אַזוי ווי די, וואָס זיינען געבליבן אינם לאַנד, האָבן זיך געמוזט באַנוגענען מיט קריטי־קירן די בירגערלעכע דעמאָקראַטיע, וואָס איז געוואָרן אָנגעפירט פון דעמאַ־גאָגן און קאָרופּטע פּאָליטישנס. נאָר קעגן אָט דער דעמאָראַליזירטער דעמאָקראַטיע איז אויך אַרויסגעטראָטן אַ טייל פון די אָרעמע מאַסן און זייערע אידעאָלאָגן, די אידעאַליסטישע געלערנטע, וועלכע האָבן געשטרעבט צו אַ בעסערער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג.

---

די גרעסטע שונאים פון דער בירגערלעכער הערשאַפט זיינען, נאַטירלעך, געווען די יורשים פון אַמאָליקן הערשנדיקן אַדל. אָף זייער זייט איז אויך געשטאַנען אַ צאָל ניי אויפגעקומענע גבירים, וואָס האָבן זיך ניט געקאָנט אָנזעטיקן מיט רייכקייט און מאַכט. די פּריציש־גבירישע פּאָליטיקער פלעגן ריידן מיט גאַל קעגן דער הערשאַפט פון „גראָבן המון" און איר שטעלן אַנט־קעגן דער ממשלה פון דער „איידעלער אַריסטאָקראַטיע". די קליגערע פון זיי פלעגן עס טאָן פאַרשטעלטערהייט, בלומרשט קריטיקירן די הערשאַפט פון „ברוטאַלן קהל" איבער די אויסדערוויילטע יחידים.

אין די מינדלעכע און שריפטלעכע דעבאטן צווישן די קעגנזעצטע ריכ־טונגען אין בירגערטום און אין קאמף צווישן די קלאסן האבן זיך א סך גריכן הויך אנטוויקלט. אט די אינטעליגענטע עלעמענטן האבן אנאליזירט און קריטיקירט די אלטע געזעצן און די פארשידענע רעגירונגס־סיסטעמען, וועלכע דאס לאנד האט דורכגעמאכט. זיי האבן אויך ניט געשוינט די אלטע אמונה, זיטן און מנהגים.

די טרעגער פון אט די נייע אידייען זיינען געווען הויפטזעכלעך די דעמאלט נייע לערער, די אזוי־גערופענע סאפיסטן (חכמים).

דער פריערדיקער לערער, דער פאידאגאגאס (מדריך — וועג־ווייזער — פון א קינד) איז געווען געוויינלעך אן אלטער שקלאף, אן אויסגעדינטער סאלדאט, אדער א פאראָרעמטער בירגער. יעדער האט געקאנט עפענען א חדר און ווערן א דרדקי־מלמד, אבי ער האט דאס קינד ניט אראפגעפירט פון דרך הישר (דערעך האיאשער). דער שכר לימוד איז געווען קליין און ניט בעסער איז געשטאנען דער סדר הלימוד. א גוטער אינגל איז געווען דער, וואס האט געקאנט אויסנווייניק א פרשה האמער. אן עילוי — ווער ס'האט געקאנט אויסווייניק גאנצע הייליקע ספרים.

די נייע צייט פון פאלקס־הערשאפט, פארטיי און קלאסנקאמף, האט ארויסגעשטעלט נייע פאדערונגען צו דער דערציאונג פון נייעם דור. די רייכע לייט, וואס זיינען געווען אימשטאנד אנצושטעלן גוטע לערער פאר זייערע זין, האבן דער עיקר געפאדערט צוצוגרייטן זייערע קינדער אין אראטאריע און רעטאריק. דער ציל איז געווען, זיי זאלן זיך קאנען אויס־דריקן שיין און פאלקאם, ווען זיי וועלן אויפטרעטן אין פאלקס־געריכט אדער אין דער עקלעזיא (פאלקס־פארזאמלונג). דורכדעם האט דער רייכער קלאס געהאפט צו באהערשן די מאסן און אויסנוצן די דעמאקראטיע פאר זיינע פערזענלעכע צוועקן. די פאדערונג אף נייע לערער האט צוגעצויגן קיין אטען געלערנטע לייט פון פארשיידענע גריכישע שטעט און לענדער אין קליין־אזיע און אייראפע. דער שכר־לימוד איז געווען א סומע אינם ווערט פון היינטיקע 60 ביז 80 דאלאר פון א תלמיד פאר א קורס אין רעטאריק. דער קורס האט געדויערט עטלעכע יאר. אזוי איז אטען געווארן דער מיטלפונקט פון געלערזאמקייט אין גריכנלאנד.

דער נייער לערער, דער סאפיסט, איז מערסטנס געווען געקומען פון אויסלאנד. ער האט געזען פאר זיך גרויסע מעגלעכקייטן אונטער דער הערשאפט פון פאלק. נאר באלד האט ער אויסגעפונען, אז די „דעמאָ־קראטיע” איז בלויז פאר א קליין־פריווילעגירטן טייל פון אטען; די גרויסע מערהייט פון די ארבעטסזאמע מאסן באשטייט פון מעטעקן און

קנעכט (די קנאַפּע 40,000 איינוואוינער פון אַטען האָבן געהאַט אַרום 400,000 שקלאַפן); אַז אויך די „פּריווילעגירטע" בירגער זיינען ניט אַלע צופרידן, ווייל דער אָרעמער האָרעפּאַשניק האָט געלעבט אין גרויס נויט כאָטש ער האָט געאַרבעט שווער.

די פאָדערונג פון עקאָנאָמישער גלייכהייט און אינטערנאַציאָנאַלער פאַרברידערונג האָט דערפאַר געפונען אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון אַ טייל די נייע לערער. די סאָפיסטן, מיט ווייניק אויסנאַמען, זיינען געוואָרן די וואָרט־פירער פון די נייע אידייען און זיי אַנטוויקלט ווייטער. דערביי האָבן די סאָפיסטן זיך געשטיצט אַף די לערן פון זייערע רביים, די נאַטור־פאָרשער.

די נאַטור־געלערנטע האָבן דערקלערט זייערע וויסנשאַפטלעכע סיסטעמען מיט ביישפילן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און דערמיט אויך אָנגעצייגט וואָס זיי דיינקען איבער דעם שייכות פון יחיד צו דער געזעלשאַפט. די אידעאָלאָגן פון די פאַראָרעמטע און רעכטלאָזע מאַסן האָבן באַגרינדעט זייערע פאָדערונגען פאַר גלייכהייט און פרייהייט אַף די נאַטורגעזעצן. זייער אַרגומענט איז געווען: אין דער נאַטור איז ניטאָ קיין שום אונטערשייד צווישן מענטש און מענטש. די איינטיילונג אין אָרעם און רייך, הערשער און אונטערדריקטע איז קעגן די געזעצן פון דער נאַטור. אַף אָט דעם „נאַטור־רעכט", די גלייכהייט צווישן מענטשן, האָבן זיך אויך געשטיצט די פּאַרטיידיקער פון די דעמאָלטיקע קאָמוניסטישע פּלענער. זיי האָבן דערקלערט, אַז אין דער נאַטור איז ניטאָ קיין פּריוואַט אייגנטום; אַלץ איז פאַר אַלעמען. דערפון פאָלגט אַז אַ געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, וואָס איז געבויט אַף פּריוואַט־אייגנטום איז קעגן דער נאַטור און איז באַגרינדעט אַף אומגערעכטיקייט. די אידעאָלאָגן פון די אָרעמע און אונטערדריקטע האָבן אויך געגעבן אַ וויסנשאַפטלעכע באַגרינדונג די טענדענץ פון די אָרעמע מאַסן צו אידעאַליזירן די ווייטע פאַרגאַנגענהייט, די פאַרשוואונדענע „אַלטע גוטע צייטן" פון פרייהייט און גלייכהייט. עס האָט געהייסן, אַז אַמאָל האָבן מענטשן געלעבט פריי, ערלעך און גערעכט, ווייל זיי זיינען געשטאַנען נאָענט צו דער נאַטור און זיך אויפגעפירט לויט אירע געזעצן און רעכטן. עס איז אויך דערציילט געוואָרן, אַז די נאַטור־געלערטע פון אַלע צייטן זיינען געשטאַנען פאַר אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג: פּיטאַגאָר האָט באַגרינדעט זיין אידייע פון גערעכטיקייט אַף דעם, וואָס ביי דער נאַטור זיינען אַלע מענטשן גלייך. דאָס נאַטור־רעכט איז אויך געווען דער באַזיס פון פּיטאַגאָר'ס רעליגיעז־קאָמוניסטישע ברודערשאַפטן, וועמעס מאָטאָ איז געווען: „ביי פריינט איז אַלץ בשותפות". טהאַלעס האָט נאָך אין אָנהויב פון 6טן יאָרהונדערט פ. ק. אַגיטירט פאַר אַ פעדעראַטיוון

שטאַט. קסענאָפאַנעס (540—500 פ. ק.) האָט אויסגעלאַכט דעם אַלטן גלויבן אין געטער, וואָס זיינען גנבים, רויבער, הולטאַיעס א. א. וו. ער האָט דערמיט געבראָכן די אויטאָריטעט פון די פריצים, פון וועמען די געטער זיינען געווען אַ מוסטער... פּאַרמעניד האָט געזוכט איינפירן נייע געזעצן און זענאָן האָט געקעמפט קעגן אַ טיראַן. עמפּעדאָקל האָט זיך אָפּגעזאָגט פון צו ווערן אַ קעניג; ער האָט צעשטערט די אָליגאַרכיע (דער קאָקוס פון די 1,000, וואָס האָט געהערשט איבער זיין שטאָט), און איז געוואָרן דער פירער פון די מאַסן אין זייער קאַמף פאַר גלייכהייט. אַפילו העראַקליט (אינם פינפטן יאָרהונדערט פ. ק.), וואָס האָט פאַרטראָטן דעם אויסערסטן אינדיווידואַליזם און די אידייע אַז פאַר די געטער עקזיסטירט ניט קיין גוט און בייז, האָט אונטערגעשטראָכן די וויכטיקייט פון גערעכטיקייט צווישן מענטשן.

---

זייער קריטיק אָפן שטאַט האָבן די קעגנער פון רעכטס און לינקס אָפּט אויסגעדריקט אין דער פאָרם פון אַ קאָנסטיטוציע אָדער אַן אוטאָפּיע פון אַן אידעאַל־שטאַט. אָט די אוטאָפּיעס, „פּאָליטיאַס" און „רעפּובליקן" זיינען פאַר זייערע פאַרפאַסערס ניט געווען קיין צוקונפט־מוזיק, נאָר אַ פּראַקטישע טאָג־פראַגע, אין וועלכער זיי זיינען געווען בלוטיק פאַראינטערעסירט.

צוליב די גרויסע צאָל שטאַט־רעגירונגען אין גריכנלאַנד, און די אָפטע ענדערונגען אין זייער אַדמיניסטראַציע, האָבן געלערנטע לייט אָפט געקראָגן אַ געלעגנהייט אויסצואַרבעטן אַ קאָנסטיטוציע פאַר דעם אָדער יענעם שטאַט. אַזאַ אוטאָפּיע האָט אויך פאַרפאַסט דער גרויסער אַרכיטעקט היפּאָדאַם פון מילעט, וואָס האָט געבויט גאַסן, קאַנאַלן און האַפנס אין אַטען פון פעריקלעס'עס צייט. אָט דער אַרכיטעקט, וואָס איז געוואָרן באַרימט פאַר זיין אויפטו צו בויען שטעט, איינגעטיילט אין קוואַרטאַלן, פאַרביי וועלכע ס'שניידן זיך דורך די גאַסן, איז געוואָרן אַן אָנהייגגער פון די פרימיטיווע קאָמוניסטישע אידייען פון די פיטאַגאָריער. האָט ער אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון אַ געזעלשאַפט, אין וועלכער די מענטשן קאָנען לעבן אין רו און פרידן.

היפּאָדאַמ'ס פּלאַן איז געווען געבויט אַף טריכאָטאָמיע, אַף דרייפאַכיקייטן. אַלץ איז געטיילט אין דרייהייטן. דאָס פאָלק באַשטייט פון קריגער, פויערים, האַנטווערקער. דאָס לאַנד באַשטייט פון טעמפּל־באָדן, שטאַט־באָדן (פאַר די קריגער) און פּריוואַט־באָדן. די אַדמיניסטראַציע איז געטיילט אין דעפּאַרטמענטן פאַר בירגער, מעטעקן און אויסלענדער. דער קרימינאַל־קאָדעקס איז איינגעטיילט אין געזעצן וועגן שעדיקן דעם צווייטנס ערע, אייגנטום און לעבן. די אַדמיניסטראַציע, ווי אויך דאָס העכסטע אַפּיל־

גערעכט, וואָס באַשטייט פון אַלטע לייט, ווערן געוויילט דירעקט פון גאַנצן פאָלק. פערזאָנען וואָס מאַכן דערפינדונגען פאַרן נוצן פון כלל קריגן ספּעציעלע באַלוינונג.

גרינטלעכער פון היפּאָדאַם איז פּאַלעאַס פון כאַלקעדאָן. ער איז איבערצייגט, אַז אַלע בירגערלעכע סכסוכים האָבן עקאָנאָמישע מאָטיוון. זיין „פּאָליטעיא" באַצוועקט איינצופירן אַ גלייכע צעטיילונג פון באָדן ביים גרינדן נייע קאָלאָניעס. נאָך צוגלייך ווייזט ער אָן, אַז אויך אַן אַלטער שטאַט קען אָנפירן די גלייכהייט פון אייגנטום פאַר אַלע בירגער דורך פאַרשידענע וועגן. למשל, דורך אַ נדן־געזעץ — רייכע זאָלן געבן אַ סך נדן און אַליין גאָר ניט נעמען; די אָרעמע זאָלן נעמען נדן, נאָר אַליין גאָרניט געבן...

פּאַלעאַס איז געווען איבערצייגט, אַז אויב די האַנטווערקער וועלן זיין אָנגעשטעלט פון שטאַט און די פּויערים וועלן האָבן גלייכע טיילן לאַנד וועט הערשן פרייהייט און גלייכהייט. זיין פּלאַן איז געווען „צו פאַרשטאַטלעכן די גאַנצע אינדוסטריע און מאַכן אַלע אָנגעהעריקע פון די אַרבעטנדיקע קלאַסן צו דינענדיקע אָרגאַנען פון אַ שטאַטלעכער קאָלעקטיווער ווירטשאַפט". ער האָט אויך אַריינגענומען אין זיין געזעלשאַפטלעכער סיסטעם גלייכע געלעגנהייטן פאַר בילדונג, גלייכע בילדונג פאַר אַלעמען.

באַזונדערס צאָלרייך זיינען געווען די פּלענער פון אידעאַלן שטאַט אין די שווערע צייטן פון דעם אויבן דערמאָנטן פּעלאָפּאָנעזישן קריג, וואָס האָט אַריינגעצויגן אין זיך כמעט אַלע גריכישע שטאַטן אין אייראָפּע און אַזיע. אין יענער צייט האָט אַפילו דער דראַמאַטיקער קראַטינוס זיך אָפּגעגעבן מיט שילדערן אַ צוקונפט־שטאַט. אויך דער גרויסער קאָמעדיען־שרייבער אַריסטאָפאַן (443—380 פ. ק.), וועמעס מערסטע ווערק האָבן געהאַט פּאָליטישע צילן (קריטיק פון אַטענ׳ס בירגערלעכער דעמאָקראַטיע און אַגיטאַציע פאַר שלום מיט ספּאַרטאַ), האָט אין זיינער אַ שפּעטערער קאָמעדיע („עקלעזיאַצוזאַע" אָדער די ווייבער אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג) אַ סצענע, וואו ער גיט איבער די קאָמוניסטישע אָנזיכטן פון די אָרעמע מאַסן.

עס קומט פאָר אַ דיאַלאָג צווישן פּראַקסאַגאָראַ, די פירערין פון די אַטענישע רעוואָלוציאָנערע פרויען, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די עקלעזיאַ, און איר מאַן בלעפּירום:

פּראַקסאַגאָראַ: — — — איך וועל דורכפירן, אַז אַלע זאָלן באַזיצן זאַכן קאָלעקטיוו און געניסן פון דעם זעלבן אייגנטום; ניט אַז איינער זאָל זיין רייך און אַן אַנדערער שרעקלעך אָרעם; ניט אַז איינער זאָל באַזיצן אַ סך לאַנד און אַן אַנדערער זאָל ניט האָבן גענוג אַפילו פאַר אַ קבר; אויך ניט, אַז איינער זאָל האָבן צופיל שקלאַפן און אַן אַנדערער

אַפילו ניט קיין באַדינער. איך וועל מאַכן, אַז די לעבנס־מיטלען זאָלן געהערן צו אַלעמען און אַלע זאָלן האָבן גלייך.

בלעפּירוס: ווי אַזוי וועט עס געהערן צו אַלעמען?

פּראַקסאַגאָראַ: — — — צום אַלעם ערשטן וועל איך מאַכן די ערד פאַר געזעלשאַפטלעכן אייגנטום. אויך דאָס זילבער און די אַנדערע זאַכן, אַזויפיל וויפיל יעדער איינער האָט. דערפון וועלן מיר, אַלס גוטע ווירטינס, אויך אויפהאַלטן, שפּייזן און קליידן און אין אַלגעמיין זאָרגן פאַר אייך.

בלעפּירוס: אָבער ווי אַזוי וועט עס זיין, אויב מיר פאַרמאָגן ניט קיין לאַנד, נאָר זילבער און דאַריקס (גאָלדענע מטבעות) אַלס פּריוואַטער אייגנטום (ווי אַזוי וועסטו עס קענען פאַרגעזעלשאַפטלעכן)?

פּראַקסאַגאָראַ: ער וועט עס דאַרפן אַריינגעבן פאַר דעם אַל־געמיינעם פאָלקס־נוצן; און אויב ער וועט עס ניט אַריינגעבן וועט מען אים היסן שווערן.

בלעפּירוס: ער האָט עס דאָך געקראָגן אַף דעם וועג (דורך פאַלש שווערן און שווינדל)?

פּראַקסאַגאָראַ: קיינער וועט ניט טאָן קיין שלעכטע זאַכן צוליב אָרעמקייט, ווייל אַלע וועלן פאַרמאָגן אַלצדינג: לעבלעך ברויט, רויפטלעך געזאַלצענע פיש, גערשטן־קיכלעך, קליידער, ווין, בלומען, אַרבעס. אַזוי אַז וואָס פאַר אַ נוצן וועט עס זיין ניט אַריינצוגעבן האָס פאַרמעגן? מען וועט עס אויך אויסגעפינען און באַקאַנט מאַכן.

בלעפּירוס: אָבער זיינען דען ניט די גרעסטע גנבים, די וואָס האָבן דעם גרעסטן רייכטום?

פּראַקסאַגאָראַ: יאָ, פריער, מיין גוטער הער, ווען מיר האָבן זיך באַנוצט מיט די פריערדיקע געזעצן. אָבער איצטער — ווען אייגנ־טום וועט זיין אַלגעמיין — וואָס וועט זיין דער נוצן פון ניט אַריינגעבן דאָס (אין דער קהלשער קאַסע)?

אַריסטאָפאַן איז ניט געווען דער איינציקער און ניט דער ערשטער דיכטער וואָס האָט געשטעלט זיין קונסט אין דינסט פון זיינע געזעלשאַפט־לעכע אידייען. שוין אַ היפּשע צייט פריער האָט דער גרויסער טראַגיקער עסקיל אויפגעפירט זיין רעוואָלוציאָנערן „פּראָמעטעאוס", ווען דאָס פאָלק האָט צעבראָכן די מאַכט פון די טיראַנען און פּראָקלאַמירט די הערשאַפט פון די מאַסן. דער מעסיקער סאָפאָקל (496—400 פ. ק.) האָט געדינט טריי די הערשאַפט פון פאָלק. נאָר גאַנץ דורכגעדרונגען פון די נייע ראַדיקאַלע אידייען איז געווען איירופּיד (485 אָדער 480—406 פ. ק.). ער האָט געהאַלטן אַז „די גאַנצע ערד איז דאָס פאָטערלאַנד" און געלאָזט זאָגן אַ שקלאַף: „מיר זיינען אויך מענטשן אַזוי צו זאָגן"... אין אַן אַנדער פּלאַץ שילדערט איירופּיד דעם שקלאַפן־עלנט און זאָגט: „עס זיינען פאַראַן פרייע, וואָס פאַרמאָגן ניט אַזאַ טוגנט ווי די שקלאַפן".

צווישן די שרייבער פון אוטאָפּיעס און קאָנסטיטוציעס (אינם פינפטן יאָרהונדערט פ. ק.) זיינען געווען פאַרטראָטן אַלע ריכטונגען פון דער קאָמו־ניסטישער ביז צו דער אַריסטאָקראַטישער. דער ווייטגייענדיקסטער וואָרט־פירער פון לינקס איז געווען אַלקידים. ער האָט געפאָדערט די אָפּשאַפונג פון שקלאַפעריי, אַן אידעאַל צו וועלכן די שפּעטערע פילאָזאָפן פּלאַטאָן און אַריסטאָטל האָבן זיך נאָך ניט געקאָנט דערהויבן. אַלקידים האָט דערקלערט:

„די געטער האָבן אַלעמען געשאַפן פריי. די נאַטור האָט קיינעם ניט געמאַכט פאַר קיין שקלאַף."

דער ווייטגייענדיקסטער וואָרטפירער פון רעכטס איז געווען דער אָראַטאָר אַנטיפאָן, וואָס האָט אָנגעפירט די קאָנטער־רעוואָלוציע פון 411 פ. ק. און איז געוואָרן פאַראורטיילט צום טויט. מעסיקער זיינען געווען טהעראַמען, וועמען די אָליגאַרכיע האָט געלאָזט הינריכטן (אין יאָר 403 פ. ק.) און דער געלערנטער פּראָטאַגאָר (ארום 490—415 פ. ק.), דער פאַרפאַסער פון אַן אוטאָפּיע, „רעפּובליק".

די מערסטע געלערטע זיינען געשטאַנען אויף דער זייט פון דער פאָלקס־הערשאַפט. אַזוי אויך דער אַלטער היסטאָריקער העראָדאָט און זיין גרויסער נאָכפאָלגער טהיקידיד. העראָדאָט (490—420 פ. ק.) איז געקומען קיין אַטען ווען דאָס פאָלק האָט שווער געליטן פון מלחמה, דאָך האָט די עקלעזיאַ אים באַלוינט פאַר זיין ווערק מיט דער גרויסער סומע פון 10 טאַלענטן (12,000 דאָלאַר). טהיקידיד (465—400 פ. ק.), וואָס איז אַרויסגעטראָטן 30 יאָר שפּעטער, האָט זיין געשיכטע באַגרינדעט אויף מאַטעריעלע מאָטיוון און ניט פאַרשווייגן אויך די עולות קעגן די פאָלקס־מאַסן.

פריי אויסגעשפּראָכן פאַר דער הערשאַפט פון פאָלק איז געווען דער פילפאַכער געלערנטער און קינסטלער היפּיאַס, וואָס האָט איינגעוואַנדערט קיין אַטען אין צייט פון פעלאָפּאָנעזישן קריג. ער איז געווען דער ערשטער אונטערצושטרייכן די סתירה צווישן אייביקע נאַטור געזעצן און מענטשלעך־געמאַכטע געזעצן, וואָס זיינען נאָר אין די אינטערעסן פון די, וואָס מאַכן זיי... אין אַ רעדע צו די אַטענער האָט היפּיאַס געזאָגט אַזוי:

„כ'האַלט אייך פאַר קרובים, בעלי משפחה און חברים־בירגער פון נאַטור. כאָטש ניט לויטן געזעץ; *) ווייל ענלעכע צו אייך זיינען פון נאַטור קרובים צו אייך; נאָר דאָס געזעץ, דער טיראַן פון דער מענטשהייט צווינגט אָפט דורך געוואַלט צו זיין קעגן דער נאַטור"...

---

*) אַלס אַ מעטעקע, אַן איינגעוואַנדערטער פון אַנאַנדער שטאָט, האָט היפּיאַס לויטן געזעץ ניט געקאָנט זיין קיין בירגער פון אַטען.

נאָך גענויער דריקט זיך אויס אָרום דער זעלבער צייט דער פילאָזאָף דעמאָקריט. ער זאָגט:

„ליבער וויל איך זיין אָרעם, נאָר לעבן פריי אין אַ דעמאָקראַטיע, איידער לעבן אין וואוילטאָג, נאָר זיין אָפּהייניגיק פון דער אַריסטאָקראַטיע". — „דער פילאָזאָף קען לעבן אין יעדן לאַנד, און אַ בראַווער כאַראַקטער האַלט די גאַנצע וועלט פאַר זיין פאָטערלאַנד."

---

דער באַדייטנדיקסטער פּלאַנירער פון אַן אידעאַל־שטאַט אין גריכנלאַנד איז געווען דער פילאָזאָף פּלאַטאָן (געלעבט אומגעפער פון 427 ביז 347 פ. ק.).

פּלאַטאָן האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע. ער האָט דערפאַר געהאַט ווייניק סימפּאַטיע פאַר דער אַטענער דעמאָקראַטיע. נאָר אַלס פילאָזאָף האָט אים אויך ניט געקענט געפעלן די פּריצישע רעפּובליק פון ספּאַרטאַ, וועמעס גייסטיק לעבן איז געשטאַנען אויף אַ סך אַ נידעריקערער מדרגה ווי אין אַטען. אונטער דעם איינפלוס פון זיין לערער סאָקראַטעס און פון די פּיטאַגאָרישע און אַנדערע רעליגיעז־קאָמוניסטישע ברודערשאַפטן אין גריכנלאַנד, מצרים, איטאַליע, סיציליע, וועלכע ער האָט באַזוכט אויף זיינע רייזעס, האָט פּלאַטאָן, ווי אַ סך אַנדערע פילאָזאָפן פון יענער צייט, אָנגעהויבן פּלאַנירן אַזאַ אידעאַל־שטאַט, וואו מענטשן זאָלן קאָנען לעבן אין פרידן.

פאַר פּלאַטאָנען איז געווען קלאָר, אַז אין אַ שטאַט געבויט אויף פּריוואַט־אייגנטום קען ניט הערשן קיין גערעכטיקייט. ער איז איינפאַרשטאַנען מיט די אָרעמע פאָלקסמאַסן אין זייער אידעאַליזירן די פאַרגאַנגענהייט. פּלאַטאָן אַנערקענט די טראַדיציע אַז אין דער פאַרצייטיקער פּרימיטיווער געזעלשאַפט, ווען די מענטשן זיינען געווען אָרגאַניזירט אין משפּחות און שבטים, קלאַנען און שטאַמען, האָבן זיי געלעבט אין פרייהייט, גלייכהייט און גערעכטיקייט. עס זיינען ניט געווען קיין אָרעמע און קיין רייכע. קיינער האָט ניט געהאַט צו ווייניק און קיינער האָט ניט געהאַט צופיל. דערפאַר, זאָגט פּלאַטאָן, איז ביי זיי ניט געווען קיין קנאה־שנאה. קיינער האָט זיך ניט געהאַלטן העכער פון צווייטן. עס זיינען ניט באַגאַנגען געוואָרן קיין אומגערעכטיקייטן. דערפאַר האָבן די מענטשן דעמאָלט געקאָנט זיין גוט, פּשוט און באַשיידן. זיי זיינען ניט געווען אַזעלכע גוטע בעל־מלאכות ווי היינט, נאָר דערפאַר זיינען זיי געווען גוטמוטיקער, אָרנטלעכער און גערעכטער. זיי האָבן אַפילו ניט געדאַרפט האָבן קיין געזעצגעבער. זיי האָבן ניט געקאָנט שרייבן, נאָר זיי האָבן סאַי ווי ניט באַדאַרפט קיין געשריבענעם געזעצבוך. זיי האָבן זיך געפירט לויט די מנהגים און טראַדיציעס, וואָס זיי האָבן איבערגענומען פון

זייערע עלטערן.

דאָך רופט ניט פּלאַטאָן צוריק צו דער נאַטור, צום פּרימיטיוון לעבן פון די אבות, ווי דאָס האָבן געטאָן בן־רכב אין ישראל און לאָאָ־צע אין כינע מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר פריער. פּלאַטאָן רופט ניט צוריק צו דער פאַרגאַנגענהייט. נאָר ער פּלאַנירט אויס אַן אידעאַלן שטאַט, וואו מענטשן קאָנען לעבן בעסער ווי אונטער דער הערשאַפט פון פּריוואַט־אייגנטום. פּלאַטאָן האָט אויך, ווי מאָנג־צע אין כינע, זיך ביטער אַנטוישט ווען ער האָט געזוכט אַ גערעכטן קעניג, וואָס זאָל אים העלפן פאַרווירקלעכן זיין אידעאַל־שטאַט. נאָר דער אַריסטאָקראַטישער פילאָזאָף האָט קיינמאָל קיין פאַרזוך ניט געמאַכט זיך צו ווענדן צו די מאַסן און זוכן מיט זייער הילף צו פאַרווירקלעכן זיינע פּלענער.

פּלאַטאָן אַנערקענט, אַז דער בעסטער שטאַט איז דער, וואָס איז געבויט אַף כלל אייגנטום. פאַרקערט, יעדער שטאַט וואָס איז געבויט אַף פּריוואַט־אייגנטום מוז סוף־כל־סוף צוזאַמענברעכן. פּלאַטאָן האַלט, אַז ערלעכקייט און רייכקייט פאַרהאַלטן זיך איינע צו די אַנדערע „פּונקט אַזוי ווי זיי וואָלטן אַרויפגעלייגט געוואָרן אַף צוויי וואָגשאָלן, אַז ווען איינע הייבט זיך אויף מוז זיך די אַנדערע דורכאויס אַרונטערלאָזן". דערפון פאָלגט, דערקלערט פּלאַטאָן, אַז אויב אין אַ שטאַט ווערן געאַכט רייכע און רייכקייט, קאָנען דאָרט ניט געאַכטעט ווערן ערלעכע און ערלעכקייט. „אָט אַזאַ שטאַט מוז מיט זיך פאָרשטעלן עפּעס אַזוינס ווי צוויי באַזונדערע שטאַטן. איינעם שטעלן צוזאַמען די אָרעמע און אַ צווייטן — די רייכע. זיי לעבן צוזאַמען און פליסן זיך צו שעדיקן איינער דעם צווייטן. דער רעזולטאַט איז, אַז די רייכע זיינען ניט אימשטאַנד צו פירן מלחמות, ווייל דערצו דאַרפן זיי זיך באַנוצן מיט די פאָלקס־מאַסן, וועלכע, אויב זיי זיינען נאָר באַוואָפנט, קאָנען זיי פאַרן שטאַט (פון די רייכע) ווערן געפערלעכער ווי דער ערגסטער שונא"...

פּלאַטאָן איז דערפאַר איבערצייגט, אַז דער אידעאַל־שטאַט דאַרף זיין אַ קאָמוניסטישער. דאָס הייסט, ער דאַרף זיין געבויט אַף כלל־אייגנטום. נאָר דער אַריסטאָקראַטישער פילאָזאָף פּלאַטאָן קאָן זיך ניט פאָרשטעלן אַ קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט. ער קאָן ניט צוגעבן, אַז די פּשוטע אַרבעטנדיקע מאַסן, די „דעמאָס" און די „דעמאָורגיען", בפרט די שקלאַפן, זאָלן שטיין אַף איין שטאַפּל מיט די פּריצים. פּלאַטאָן שטעלט זיך דעריבער פאָר אַ קאָמוניסטישן שטאַט לויטן מוסטער פון ספּאַרטאַ, וואו די פּריצים פירן אַ שותּפותן לעבן אַפן חשבון פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. די פּריצים אַליין אַרבעטן ניט, נאָר זיי פאַרצערן געמיינשאַפטלעך, וואָס זייערע שקלאַפן האָבן

פראָדוצירט. דער אידעאַליזם פון פלאַטאָנ׳ס „רעפובליק”, ווי ער רופט אָן זיין אידעאַל־שטאַט, באַשטייט אין דעם וואָס די רייכע זוכן ניט אויסצוזויגן דאָס פאָלק פאַר זייערע עגאָאיסטישע צוועקן. פאַרן הערשנדיקן קלאַס עקזיסטירט ניט קיין פריוואַט־אייגנטום. *) יאָגן זיך ניט מער די פריצים און גבירים אויסצוזויגן די אַרבעטנדיקע מאַסן. פאַרקערט, זיי זיינען זייערע טרייע „וועכטער”, וואָס גיבן אַכטונג אַף דעם פאָלק, פאַרטיידיקן זיינע אינטערעסן און דערציען אים בדרך הישר. דער אַריסטאָקראַטישער וועכטער־קלאַס גייט ניט איבער בירושה, ווי אַמאָל דער פריצים־קלאַס. צום אַריסטאָקראַטישן וועכטער־קלאַס ווערן אויסגעוויילט די טיכטיקסטע קינדער און ווערן ספּעציעל דערצויגן דערצו. פלאַטאָן גיט אָן אַלע איינצלהייטן ווי אַזוי די מענטשן וועלן לעבן אין זיין אידעאַלער רעפובליק. אויסלאָזנדיק אַ טייל דעטאַלן, שטעלט מיט זיך פאָר פלאַטאָנ׳ס רעפובליק פאָלגנדעם בילד:

אין אַ פרוכטבאַרן טאָל, אַרומגערינגלט מיט אַ צאַם פון הויכע בערג, ליגט אויסגעשפּרייט אַ גאָרטן־שטאָט. איר קליינע גריכישע באַפעלקערונג, וואָס באַשטייט פון 5,040 נפשות, באַשעפטיקט זיך מיט לאַנדווירטשאַפט און פי־צוכט.

די פעלדער זיינען פאַרזייט מיט קאָרן, ווייץ און גערשטן. אין די סעדער וואַקסן איילבירט־ביימער און וויינטרויבן. דער קלימאַט איז אַ מילדער, ניט צו קאַלט, ניט צו וואַרעם.

די מענטשן זיינען גוטע. זיי לעבן פרידלעך. אַלע אַרבעטן און העלפן איינער דעם צווייטן. זיי בייטן זיך אויך מיט זייערע פּראָדוקטן. צום ביישפּיל: דער פיצוכטער קריגט גערשטן פאַר קעז און דער ערד־אַרבעטער באַקומט מילך פאַר תבואה.

זומער אַרבעטן זיי אַלע נאַקעט און באָרוועס אַף די פעלדער און אין די גערטנער. ווינטער גייען זיי באַשוכט און באַקליידט. זיי נייען זיך אַליין אויף די קליידער און בויען זיך אַליין הייזער. זיי דערנערן זיך מיט די פּראָדוקטן פון זייערע אייגענע פעלדער און גערטנער. זיי סערווירן דאָס

---

*) די פּראָדוצירנדיקע עלעמענטן, די פויערים און בעל־מלאכות האָבן אין פלאַטאָנ׳ס צייטן געמוזט האָבן פריוואַט־אייגנטום. עס זיינען דעמאָלט ניט געווען אַזוינע לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען מיט וועלכע מען קאָן באַאַרבעטן גרויסע שטרעקעס לאַנד, ווי למשל די טראַקטאָרס אין די סאָוועטישע „קאָלכאָזן” (קאָלעקטיווע ווירטשאַפטן). עס זיינען אויך ניט געווען אַזוינע געצייג און מאַשינען אין דער אינדוסטריע, וואָס זאָלן דערמעגלעכן די בעל־מלאכות צו אַרבעטן קאָלעקטיוו. יעדער פויער און יעדער בעל־מלאכה האָט דערפאַר אין פלאַטאָנ׳ס רעפובליק געמוזט האָבן פריוואַט־אייגנטום כדי צו זיין פּראָדוקטיוו.

עסן אַף פֿרישע ראַגאַזעס, אויסגעפֿלאָכטן פֿון פּאַלמען־בלעטער, זיצנדיק צווישןביימער און בלומען. זיי טרינקען אייגנענעם געמאַכטן וויין, און זייערע קעפּ זיינען באַצירט מיט גירלאַנדן, אַ מתנה פֿון די קליינע קינדער.

אָט די פֿרידלעכע גריכישע גאָרטן־שטאָט, איז אַ רעפּובליק פֿאַר זיך. זי איז טאַקע אויך באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „די רעפּובליק". אירע איינוואוינער לעבן זייער שפּאָרזאַם. זיי פֿילן דעם גרעסטן עקל קעגן לוקסוס, ווייל דאָס פֿירט צו אָרעמקייט און מלחמות. דער לוקסוס פֿון איין טייל באַפֿעלקערונג, זאָגן זיי, מיינט נויט און עלנט פֿאַר די מאַסן. זיי וועלן ליירן הונגער; וועלן מוזן זוכן נאָך לאַנד, פּאַשע, פֿעלדער, גערטנער; וועלן קומען אין צוזאַמענשטויס מיט די אַרומיקע שכנים און זיין געצוואונגען צו פֿירן מלחמות.

דערפֿאַר פֿירט זיך טאַקע אין דער רעפּובליק, אַז אַלע קריגן נאָר וויפֿיל זיי באַדאַרפֿן. האָט עמיץ מער וויפֿיל ס׳איז נייטיק, נעמט מען עס אָפּ פֿאַרן כּלל. נאָר דאָס טרעפֿט זעלטן, ווייל זיי לעבן אין פֿרידן און אין האַרמאָניע. יעדער זאָרגט פֿאַר אַלע און אַלע פֿאַר יעדן.

זייער גוטסקייט און צופֿרידנקייט שטאַמט דערפֿון, וואָס זיי לעבן לויט דער נאַטור. אַלע קענען זיך זעלבסט זייער גוט און יעדער ווייס צו וואָס ער איז פֿייאיק לויט דער נאַטור. אַלע זיינען דערפֿאַר צופֿרידן צו קאָנען טאָן, דאָס צו וואָס זיי זיינען געשאַפֿן און גענייגט.

די העכסטע טוגנט איז דער רעפּובליק איז גערעכטיקייט. באַזונדערס די גערעכטע איינטיילונג פֿון דער אַרבעט. איר מאָטאָ איז: אַ פּלאַץ פֿאַר יעדן, און יעדער אַף זיין פּלאַץ. די בירגער פֿילן זיך ווי די גלידער פֿון איין מענטשן: די הענט אַרבעטן און דער מוח דיינקט און רעגולירט. דער פּויער באַאַרבעט דאָס פֿעלד; דער בעל־מלאכה שאַפֿט אַלע נייטיקע זאַכן; די גבורים זיינען די „העלפֿער", וואָס באַשיצן די שטאָט קעגן אַן אָנפֿאַל פֿון רויבער, און די חכמים, די פֿילאָזאָפֿן, זיינען די „וועכטער", וואָס שטייען אַף דער וואַך, אַז אַלץ זאָל אין דער רעפּובליק ווערן געפֿירט לויט די פּרינציפּן פֿון יושר.

אַלע מיטגלידער פֿון דער רעפּובליק זיינען העכסט דיסציפּלינירט. די פּויערים און בעל־מלאכות מאַכן דורך אַ טערמין ווי לערן־אינגלעך, איידער זיי איז דערלויבט זיך אָפּצוגעבן מיט זייער באַרוף.

די שטרענגסטע דיסציפּלין אָבער ווערט אָנגעווענדט אַף די וועכטער און העלפֿער.

אַ וועכטער טאָר ניט האָבן קיין באַזונדערע היים, קיין באַזונדערע אינטערעסן. זיין ווייב און קינד געהערן דעם כּלל. זיין משפּחה איז די

גאַנצע רעפּובליק, און זיין היים — די שטאַט.

אזוי לאַנג, ווי די קינדער זיינען יונג, ווערט אַלץ געלערנט שפּילעוור־דיקערהייט. די מיידלעך, אזוי ווי אינגלעך, לערנען מוזיק, גימנאַסטיק און אַלע אַנדערע לימודים. נאָר ווען די קינדער ווערן עלטער הייבט מען אָן מיט זיי לערנען סיסטעמאַטישע געגנשטאַנדן. די קינדער ווערן דאַן אָפּט אויסגעפּרובירט ווי וויט ס'דערגרייכן זייערע פיזישע און גייסטיקע כחות און לויט דעם ווערן זיי קלאַסיפיצירט פאַר זייער באַרוף אינם לעבן.

ווען עס קומט דער טאָג איינצוטיילן די קינדער לויט זייערע פייאיקייטן, ווערן פאַרזאַמלט די פאָטערס און דער הויפּטוועכטער האַלט פאַר זיי פאָלגנדע רעדע:

— בירגער! איר זייט אַלע ברידער, נאָר די געטער האָבן אייך געשאַפן פאַרשיידן. געוויסע פון אייך האָבן מאַכט צו באַפעלן. אָט די באַשטייען פון גאָלד און קריגן די גרעסטע אויסצייכענונגען. אַנדערע באַשטייען פון זילבער, ווערן זיי העלפער. און די וואָס באַשטייען פון מעש און אייזן זיינען בעל־מלאכות און ערד־ארבעטער. נאָר אזוי ווי איר שטאַמט אַלע פון איין משפּחה, קאָן א „גאָלדענער" טאַטע האָבן א „זילבערנעם" זון, און א „זילבערנער" טאַטע א „גאָלדענעם" זון. ס'קאָן אויך פּאַסירן, אַז א זון פון א גאָלדענעם אָדער זילבערנעם טאַטן, זאָל אין זיך האָבן א ביימישונג פון מעש און אייזן. דאַן מוז קומען אַן ענדערונג אין די ראַנגען.

דער העכסטער וועכטער טאָר ניט קוקן מיט רחמנות אויף זיין קינד, דער־פאַר וואָס דאָס וועט „ארונטער" א שטופּע און ווערן א פּויער אָדער א בעל־מלאכה. יעדערער צו וואָס ער איז פייאיק. און ווען דער זון פון פּויער אָדער בעל־מלאכה איז באַגאַבט מיט חכמה אָדער גבורה, דאַרף ער ווערן דערצויגן ווי א וועכטער אָדער העלפער.

און כדי צו פאַרהיטן די מיטגלידער פון דער רעפּובליק פון קנאה־שנאה, צוליב דעם וואָס איינעמס קינדער זיינען מער געראָטן ווי דעם צווייטנס, איז איינגעפירט, אַז די קינדער ווערן דערצויגן אויפן חשבון פון קהל, און רעכענען זיך אַלעמענס קינדער. געזונטע, געראָטענע כלה־מיידלעך ווערן דערמוטיקט צו הייראַטן געזונטע, פייאיקע חתן־בחורים, כדי זיי זאָלן וואַרן טאַטע־מאַמע פון געזונטע, געראָטענע קינדער. אַלע קינדער וואָס ווערן געבאָרן אין דעם זעלבן פּעריאָד פון זיבן מאָנאַטן, הייסן ברידער און שוועסטער און רופן אָן פאָטער יעדן פאַרהייראַטן מאַן, ביי וועמען ס'איז געבאָרן געוואָרן א קינד אין דער זעלבער צייט. ער, ווידער, רופט זיי אָן

זיינען זין און טעכטער. *)

נאך אלע עקזאמענס ווערן די בעסטע אינגלעך ארייננענומען אין קאַזארמעס, וואו זיי גייען דורך די שטריינגע דיסציפלין פון ווערן וועכטער. זיי טארן ניט האבן קיין פריוואטע וואוינונגען. זיי לעבן, עסן און שלאפן אלע צוזאמען. זיי טארן זיך ניט באנוצן מיט גאלד און זילבער. אין דער רעפובליק ווערט געזאגט א שפריכווארט, אז „איידעלע מעטאלן דארפן זיך געפינען אין די נשמות, נאר ניט אין די קעשענעס".

ביז צו זייער פינף און דרייסיקסטן יאר רעכענען זיך די וועכטער פאר העלפער. פון 35 ביז 50 יאר זיינען זיי די פראקטישע טוער אין דער הילפס־ארמיי און אין דעם וועכטער־אמט, די רעגירונג פון שטאט, און קריגן דער־פארונג אין פראקטישן לעבן. נאך 50 יאר גיבן זיך די געלערנטע אפ מיט פילאזאפיע. נאר ווען ס'איז נייטיק, לייגט עמיץ פון זיי אוועק זיינע ביכער און פירט די שטאט א געוויסע צייט, ביז ער גרייט צו זיין פייאיקן נאכפאלגער.

די הויפט אויפגאבע פון די וועכטער איז צו זארגן פאר דער צוקונפט פון דער רעפובליק. זיי האבן ווייניק וואס זיך צו מישן אין די עסקים פון מענטש און מענטש. דאס טוען די מיטגלידער פון דער רעפובליק אליין, וואס שטייען אלע פאר אמת, אחדות און יושר. די הויפט זארג פון די וועכטער איז דערפאר אפגעגעבן דעם נייעם דור. זייער פליכט איז צו דער־ציען א נייע, געזונטע יוגנט. זיי מוזן זארגן, אז די געזעלשאפט זאל זיך כסדר באנייען. דער נייער דור זאל איבערנעמען אלע גוטע אייגנשאפטן פון זייערע עלטערן און ארויסברייננען נאך א בעסערן געשלעכט ווי זייערע טאטעס און זיידעס זיינען געווען.

---

פלאטא'ס „קאמוניזם" איז שפעטער שארף קריטיקירט געווארן פון זיין באלעבאטישן תלמיד, אריסטאטל (384—322 פ. ק.). דער לעצטער האט ארויסגעשטעלט קעגן קאמוניזם אזוינע טענות, וואס ווערן באנוצט פון די באלעבאטישע אידעאלאגן פון אלע פעלקער ביז אף היינטיקן טאג.

אריסטאטל האט ניט אנערקענט, אז אין די אוראלטע צייטן האבן מענטשן געלעבט אין א פרימיטיוו־קאמוניסטישן צושטאנד. ער האט געהאלטן אז קאמוניזם איז קעגן דער מענטשלעכער נאטור. אריסטאטל באטראכט דעם מענטשן פאר עקסטרעם עגאאיסטיש. ער האלט אז דער מענטשלעכער

*) פלאטאן שלאגט פאר צו פארמישן די קינדער, קיינער זאל ניט וויסן וועמעס קינד איז און ווער וועמעס עלטערן זיינען.

עגאָאיזם, דעם מענטשנס אויסזיכט אָנצוזאַמלען וואָס מער אייגנטום איז זיין טרייב־קראַפט צו אַרבעטן און פּראָדוצירן. נעמט מען אַוועק פון דעם מענטשן די מעגלעכקייט צו שטרעבן נאָך רייכקייט, צו דערווערבן וואָס מער פּריוואַט־אייגנטום, וועט ער פאַרלירן דעם חשק צו אַרבעטן און שאַפן. אַריסטאָטל האַלט אויך, אַז קאָמוניזם וועט ניט ברענגען קיין פרידן צווישן מענטשן, ווייל דער מענטש איז בטבע שלעכט און פאַרדאָרבן. די שלעכטע נאַטור וועט זיך דערפאַר ניט ענדערן דורך אַנאַנדער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם. אַריסטאָטל טרעט דערפאַר אַרויס פאַר געזעלשאַפטלעכע פּשרות, פאַר אָנהאַלטן דעם גלייכגעוויכט צווישן אָרעם און רייך דורך פאַרשיידענע סאָציאַלע־רעפאָרמען. ער איז אָבער קעגן אָפּשאַפן פּריוואַט־אייגנטום און איינפירן אַ געזעלשאַפט אַף קאָמוניסטישע יסודות. די איינציקע שותפות צווישן מענטש, וואָס אַריסטאָטל האַלט פאַר מעגלעך, איז אין פאַרברויכן. ער האַלט פאַר גוט און מעגלעך, אַז דער באַזיץ זאָל זיין אַ פּריוואַטער, נאָר די מענטשן זאָלן עס פאַרברויכן געמיינשאַפטלעך.

# מארטירער-טויט פון א פילאזאפישן שטיינהאקער

נאך דער מפלה פון דער אריסטאקראטישער קאנטער־רעוואלוציע און דער ממשלה פון די דרייסיק אליגארכן, איז די פאלקס־הערשאפט אין אטען געווארן פעסטער עטאבלירט ווי פריער. נאר די באנייטע דעמאקראטיע האט געליטן א מאנגל פון גרויסע און ערלעכע פירער. עס האבן זיך ארויסגעהויבן דעמאגאגן און קאריעריסטן, וואס האבן געחנפעט דאס פאלק, געלויבט זיינע פעלערן, אים צוגעזאגט צו דערפילן זיין יעדער וואונטש, אבי ער זאל זיי לאזן שטיין ביים רודער, וואו זיי קאנען געווינען רייכקייט און מאכט.

די אמנעסטיע פאר פאליטישע פארברעכנס האט צוריקגעבראכט קיין אטען די אנטלאפענע אריסטאקראטן. נאר זייער לעבן איז שוין ניט געווען מער אזוי זארגלאז ווי פריער. די באלד דריי צענדליק יאר מלחמה און די צוויי בירגער־קריגן האבן געבראכט דאס לאנד צו א קריזיס. די וואליוטע איז כסדר געפאלן און דער יקרות איז געשטיגן. מען האט דערפאר געמוזט העכערן די צאלונגען פון די פאלקס־ריכטער, סענאטארן א. א. וו. צולעצט האט מען אנגעהויבן צאלן די בירגער פארן באזוכן די עקלעזיא (פאלקס־פארזאמלונג), צוערשט אן אבאל (דריי און א האלב סענט) און שפעטער ניין און א האלב אבאלן א טאג. א סך בירגער פון אטען האבן דערפאר געפירט א פאראזיטן־לעבן. זיי האבן ניט געטאן קיין פראדוקטיווע ארבעט, נאר געלעבט אפן חשבון פון די רייכטימער, וואס די רייכע האבן דערווארבן דורך דער פראצע פון זייערע שקלאפן. כדי צו דעקן די אלע גרויסע הוצאות האט אטען שטארק באשטייערט די פריצישע גיטער. א סך פריצים זיינען דערפון פארארעמט געווארן. נאר קעמפן קעגן דער פאלקס־הערשאפט איז זיי ניט געווען מער מעגלעך. זיי האבן זיך געמוזט באנוגענען בלויז מיט אויסלאכן איר.

איראניזירט אן ארעמער פריץ, אין קסענאפאנ׳ס דיאלאג „סעודה״, אז ער איז „העכסט צופרידן״ מיט זיין ארעמקייט. פריער, זאגט ער, האט מען אים כסדר אלץ מער און מער באשטייערט. מען האט אים אויך ניט דערלויבט צו זוכן גליק אין פרעמדע לענדער. איצט, אז ער איז ארעם, איז אים גוט ווי די וועלט. ער קאן שלאפן רואיק, פארטרויען אפן שטאט, אז ער וועט אים ניט לאזן ליידן קיין הונגער. ער קאן בלייבן אין לאנד אדער רייזן וואוהין ער וויל. די גבירים שטעלן זיך פאר אים אויף, מאכן פאר אים פלאץ ווען זיי באגעגענען אים אים גאס... ער פירט אויס:

— איצט בין איך א האר און פריער בין איך געווען ענלעך צו א

שקלאַף. פריער האָב איך געצאָלט צינזן דעם פאָלק, היינט דאַרף דער שטאַט מיר צאָלן צינזן און דערנערן...

אָט די פאַראָרעמטע פריצים, וואָס זיינען נאָך אַלץ געווען גענוג רייך צו לעבן ניט דאַרפנדיק אַרבעטן, האָבן כסדר געזוכט צו דיסקרעדיטירן און פּאַרמיאוסן די הערשאַפט פון די בירגערלעכע מאַסן. דאָס איז זיי אויך אָנגעקומען לייכט אין דער צייט וואָס אין דער עקלעזיאַ האָבן געשפּילט אַ ראָל די קליינבירגערלעכע דעמאַגאָגן און קאַריעריסטן.

פאַרלירנדיק זייער אימפּעריע זיינען די פאַראָרעמטע אַטענישע בירגער געווען זייער אייפערזיכטיק אַף זייער דעמאָקראַטיע און ניט געקאָנט פאַר־טראָגן קיין קריטיק. יעדער צווייפל אין דעמאָקראַטיע האָט שטאַרק אויפ־געלעגט די, וואָס האָבן ערשט דורכגעמאַכט אַזאַ שווערן קאַמף איר ווידער צו געווינען. באַזונדערס האָט זיי דערביטערט די קריטיק, וואָס איז געקומען פון אייגענעם לאַגער, פון די פּריווילעגירטע בירגער. וואָרום אויך אין דער באַנייטער דעמאָקראַטיע האָט ניט געהאַט קיין בירגער־רעכט די גרויסע מערהייט פון די מעטעקן און די שקלאַפן.

גרויס איז דערפאַר געווען די פאַרביטערונג פון די אַטענער בירגער קעגן דער קריטיק פון דעם אַלטן, באַרוועסן, אָפּגעריסענעם „סאָפיסט״ סאָקראַט, וואָס האָט געהאַט אַ געוואַלדיקן איינפלוס אַף זייער יוגנט.

---

סאָקראַט איז געבאָרן געוואָרן אינם יאָר 469 אָדער 470 פ. ק. אין אַ קליין שטעטל פון שטאַט אַטען. זיין פאָטער איז געווען אַ שטיינהאַקער און זיין מוטער אַ הייבאַם. זיינע קינדער־יאָרן האָט דער אויסערגעוויינלעך פּייאיקער סאָקראַט פאַרבראַכט אַזוי ווי אַלע אַנדערע גריכישע קינדער פון יענער צייט. ביז צו זעקס יאָר אין שפּיל מיט רייף און דריידל און נאָכדעם אין קינדער־שול. נאָר צייטנווייז האָט ער פאַרמאַטערט זיין מוטער מיט אַלערליי פראַגעס.

ווען סאָקראַט האָט אָנגעהויבן גיין אין שול פלעגט אים זיין מוטער אויפוועקן פון שלאָף, ווען אין דרויסן איז נאָך געווען פינצטער. דער פאָטער פלעגט דערפאַר אים באַגלייטן און טראָגן זיינע שול־זאַכן: די וואַקסענע שרייב־טאָוועלעך, דעם ביינערנעם שטעכער (אויסצוקריצן בוכשטאַבן אַפן וואַקס), דעם שוואַם (אָפּצומעקן דאָס געשריבענע), די בלייערנע ליניע און די לירע.

פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג האָט דאָס אינגל פאַרבראַכט אין דער שול. ער האָט געלערנט לייענען, שרייבן, צייכנען, מאָלן, שפּילן אַף דער לירע, זינגען, גימנאַסטישע איבונגען און פאַרשידענע שפּילן.

די אָרעמע אַרבעטער־עלטערן האָבן ניט געקאָנט שיקן זייער גראָטעגעם זון אין אַ העכערן בילדונגס־אַנשטאַלט. ער האָט דערפאַר זיך פרי גענומען צום טאַטנס מלאכה. ער איז געוואָרן אַ קינסטלער אין זיין פאַך. זיינס אַ יוגנט־ווערק איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַפן שענסטן פּלאַץ פון דער שטאָט אַטען.

נאָר דער יונגער שטיינהאַקער סאָקראַט האָט ניט געזוכט קיין כבוד און רייכקייט. זיין העכסטע אַמביציע איז געווען צו פאַרשטיין ריכטיק אַלץ וואָס ער זעט און הערט. ער פּלעגט אָפּטראַכטן גאַנצע טעג איבער אַזוינע זאַכן, וואָס אַלע מענטשן האָבן געמיינט, אַז זיי ווייסן.

דער קלוגער גוטער שטיינהאַקער סאָקראַט האָט ניט געקאָנט צוזען רואיק קיין אומוויסנהייט און שלעכטס. ער האָט באַשלאָסן אָפּצוגעבן זיין לעבן צו מאַכן די מענטשן קליגער און בעסער. ער איז כסדר ארומגעגאַנגען צווישן מענטשן, זיי געשטעלט פראַגן און זיי דערמונטערט צו זוכן ענטפערס. אַף אַזאַ אופן האָט ער זיי געהאָלפן אַליין אויסצוגעפינען, וואָס איז אמת און וואָס איז שקר, וואָס איז רעכט און וואָס איז אומרעכט.

ווי אַלע אָרעמע אַרבעטער אין גריכנלאַנד פּלעגט דער שטיינהאַקער סאָקראַט ארומגיין באָרועס, סאַי זומער, סאַי ווינטער. זיינע קליידער זיינען געווען פון ביליקן שטאָף און שטאַרק אָפּגעטראָגן. נאָר דאָס האָט אים ניט געשטערט צו זיין אַלעמאָל אין גוטן הומאָר און פול מיט לעבנס־פרייד.

קסאַנטיפּע, סאָקראַט'ס ווייב, איז געווען שטאַרק פאַרביטערט קעגן אים. עס האָט איר פאַרדראָסן, פאַרוואָס סאָקראַט באַנוצט ניט זיין קלוגשאַפט אָנצוזאַמלען רייכטימער.

עס ווערט דערציילט, אַז איינמאָל, ווען סאָקראַט איז געזעסן ארומגע־רינגלט פון אַ גרופּע מענטשן, וואָס האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו זיינע רייד, איז אָנגעקומען קסאַנטיפּע און אויסגעלאָזן צו אים איר ביטער האַרץ. ווען זי האָט געזען, אַז אירע געשרייען ווירקן ניט, האָט זי אים אָפּגעגאָסן מיט אַ קרוג וואַסער. נאָר סאָקראַט האָט בלויז באַמערקט מיט אַ שמייכל צו זיינע צוהערער: „האָב איך אייך ניט געזאָגט, אַז נאָכן דונער קומט רעגן"...

אַזוי ווי די סאָפיסטן, האָט סאָקראַט געטראַכט ליבער וועגן מענטשלעכע אָנגעלעגנהייטן איידער וועגן זאַכן, וואָס זיינען איבער דער נאַטור. נאָר באַזונדערס האָט סאָקראַט זיך פאַרטיפט אין סאָציאַלע און מאָראַלישע פּראָבלעמען.

אַלס ראַציאָנאַליסט, וואָס בויט זיינע פאָרשונגען אַפן ריינעם פאַרשטאַנד,

איז סאָקראַט געווען איבערצייגט אין דעם אמת פון די רעזולטאַטן וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט על פּי שכל. ער איז געווען זיכער, אַז אויב מיר באַשטימען מיטן שכל דעם באַגריף פון ערלעכקייט, אָדער גערעכטיקייט, אמת, שיינקייט א. ד. גל. גילט אָט דער באַגריף פאַר אַלע מענטשן און פאַר אַלע צייטן.

זיין מעטאָדע צו באַשטימען גענוי און קלאָר אַ געוויסן באַגריף, אָדער אַ געוויסן וואָרט, איז באַשטאַנען אין אינדוקציע, אין אונטערזוכן און פאַרגלייכן איינצלנע פאַלן, און אַזוי קומען — דורך פראַגן און ענטפערס — פון טפל צום עיקר, פון פּרט צום כלל. דערביי פלעגט ער אַרויסברענגען די ריכטיקע דעפיניציע, דעם ריכטיקן זין פון דער זאַך. אָט די מעטאָדע זיינע האָט סאָקראַט אָנגערופן „מעאַאיטיק”, די הייבאַם־קונסט. ער פלעגט זאָגן: די מאַמע האָט געהאָלפן געווינעריגס געבוירן קינדער; איך העלף מענטשן געבוירן ריכטיקע געדאַנקען.

אָט די מעטאָדע האָט ער אויך אָנגעווענדט אַף די פראַגן: וואָס איז גערעכטיקייט, אמת; וואָס איז רעכט און וואָס איז אומרעכט; וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט. אין די אַלע אונטערזוכונגען און פאָרשונגען איז ער אַרויס פון שטאַנדפּונקט אַז אַלץ וואָס איז גוט, איז נוצלעך פאַרן מענטשן. טוגנט איז די העכסטע גוטסקייט און גליקזעליקייט, איז זי דערפאַר נוצלעך פאַרן מענטשן. אויסוויילן שלעכטס קאָן אַזאַ מענטש, וועלכער ווייס ניט וואָס איז באמת פאַר אים נוצלעך (און נוצלעך מיינט ניט בלויז פאַרן יחיד אַליין, נאָר פאַר אים אַלס אַ טייל פון כלל, מענטשהייט). נאָר דער, וועלכער ווייס וואָס אים ברענגט באמת גליק, וואָס פאַר אים איז באמת גוט און נוצלעך, נאָר אַזאַ מענטש איז טוגנטהאַפט. טוגנט איז דערפאַר וויסן און וויסן איז טוגנט.

נאָר ווען סאָקראַט קומט צום לעצטן אַנאַליז, צו דעם קוואַל פון טוגנט, גיט ער צו, אַז וויסן אַליין איז ניט גענוג. דער מענטש פון וויסן מוז אויך האָבן אַ געוויסן. נעמענדיק זיך אַליין פאַר אַ ביישפּיל איז סאָקראַט זיכער אַז אין מענטשן איז דאָ אַ „דאַעמאָניאָן”, די שטימע פון געוויסן, וואָס וואָרנט אים קעגן טאָן שלעכטס. אָט דער גאָט אין הארצן איז דערפאַר אַ וועג־ווייזער וואָס פירט דעם מענטשן צו דער טוגנט, צו גוטע מידות. וואָס דער מענטש דאַרף טאָן, איז זיך באַקענען גרינטלעך מיט זיין געוויסן. דעם באַוואוסטן ווערטל פון טעמפּל פון דעלפי: „גנאָטי זאַאויטאָן” (דערקען זיך אַליין), האָט סאָקראַט פאַרטייטשט: „ווער באַקאַנט מיט דיין אייגענעם געוויסן”.

מיט דער זעלבער מעטאָדע האָט סאָקראַט באַלויכטן אַלע ווינקעלעך פון פּאָליטישן און סאָציאַלן לעבן און דערפאַר זיך דערוואָרבן אַזוי פיל שונאים. למשל, ער פרעגט: וועלכע איז די בעסטע רעגירונג־פאָרם? און דורך אַ

ריי פראַגן און ענטפערס קומט ער צום שלוס, אַז די בעסטע הערשער זיינען די, וואָס זיינען דערווײלט פון פאָלק און רעגירן פון זיין נוצן וועגן. פרעגט ער אָבער ווייטער, ווי אַזוי ווייסן זיי צו הערשן גוט? און דערביי מאַכט ער קלאָר, אַז פירן אַ שיף טרויט מען אַ שיפסקאַפיטאַן, בויען אַ הויז — אַן אַרכיטעקט, היילן קראַנקע — אַ דאָקטאָר, א. אַ. וו. אַזוי, אַז יעדע באַשעפטיקונג מוז האָבן אַ ספעציאַליסט אין איר פאַך. דערפון פאָלגט נאַטירלעך, אַז כדי צו רעגירן גוט, מוז מען זיין אַ פאַכמאַן אין רעגירן. האָט טאַקע סאָקראַט אָפגערעדט ערלעכע יונגעלייט פון אַריינלאָזן זיך אין פאָליטיק ביז וואַנען זיי וועלן ניט דערלערנען ריכטיק דעם ענין פון רעגירן, פאַרוואַלטן, און אַזוי ווייטער.

סאָקראַט האָט זיך ניט געהאַלטן פאַר קיין סאָפיסט, פאַר קיין פראָפעסיאָנעלן פילאָזאָף. ער האָט איבערהויפט קיינמאָל ניט פרעטענדירט אַף געלערזאַמקייט. פאַרקערט, ער פלעגט זיך פאָרשטעלן אַלס עם הארץ און שטעלן יעדן ספעציאַליסט פראַגן, יענער זאָל אים, סאָקראַטן, „אויפקלערן”. נאָר אויסגעלאָזן האָט זיך אַלע מאָל דערמיט, וואָס יענער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן עם הארץ אין זיין אייגענעם פאַך, און דער אַרומיקער עולם פלעגט איינזען קלאָר, אַז סאָקראַט איז קליגער און געלערנטער פאַר יענעם. אָט אַזוי איז סאָקראַט מיט דער צייט געוואָרן באַרימט אַלס דער קליגסטער מענטש אין גריכנלאַנד.

סאָקראַט האָט צוגעזען מיט אַ ווייטיק אין האַרצן ווי אַזוי דעמאַגאָגן און קאַריערניסטן, פערזאָנען וואָס פאַרשטייען ניט די עלעמענטאַרסטע עקאָנאָמיע, נעמען זיך אונטער צו פירן די געשעפטן פון שטאַט. ער האָט דאָס אויך שאַרף קריטיקירט. דערביי האָט סאָקראַט אָנגערירט די יסודות פון דער אַטענישער דעמאָקראַטיע. ער האָט דערקלערט, אַז אויסקלייבן מענטשן צו עמטער על פי גורל איז אַ שטות. מ'דאַרף אויסוויילן ספעציאַליסטן, די, וואָס ווייסן די זאַך און זיינען פייאיק דערצו. נאָר דאָס זיינען אויך געווען די אַרגומענטן פון די אַריסטאָקראַטן, וואָס האָבן געטענהט, אַז דאָס אומוויסנדיקע פאָלק קאָן זיך אַליין ניט רעגירן און נויטיקט זיך דעריבער אין דער הערשאַפט פון אַן אויסדערוויילטער מינדערהייט, אַן אָליגאַרכיע. די אַטענער פאָלקס־מאַסן האָבן דערפאַר געקוקט מיט אומצוטרוי אַף אַזאַ קריטיק פון זייער דעמאָקראַטיע. דאָס האָט פאַרשטאַרקט זייער חשד אַז סאָקראַט, וועמען זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַ סאָפיסט, פירט אָן אַ פראָפאַגאַנדע פאַר די אידייען פון די אַריסטאָקראַטן, די שונאים פון די פאָלקס־מאַסן.

שוין אין די ערשטע יאָרן פון דער פעלאָפאָנעזישער מלחמה האָבן זיך

געטראָגן קלאַנגען קעגן די סאָפיסטן, אַז זיי, די לערער פון די גבירישע און אַריסטאָקראַטישע קינדער, זיינען פיינטלעך צו דער דעמאָקראַטיע. אין דער אמתן אָבער זיינען די מערסטע סאָפיסטן געווען איבערגעגעבן די אינ־טערעסן פון די ברייטע מאַסן. אַלס אינדיווידואַליסטן און קאָסמאָפּאָליטן זיינען זיי געווען קעגן שטאַט, וואו דער איינצלנער מוז זיך אונטערוואַרפן דעם ווילן פון דער מערהייט און דאָס געזעץ אונטערשיידט צווישן בירגער און אויסלענדער. אַ טייל סאָפיסטן, צווישן זיי אויך אַרכע־לאַאָס, סאָקראַט׳ס רבי, האָבן אָנגעוויזן אויף די ווידערשפּרוכן צווישן די מענטשלעכע און נאַטור־געזעצן, באַזונדער אין דעם פּרט פון אינדיווידועלער פרייהייט און וועלטבירגערשאַפט. סאָקראַט איז גראָד געווען אַן אויסנאַם צווישן די געלערנטע פון זיין צייט. ער האָט געשטעלט דעם קאָלעקטיוו העכער ווי דעם אינדיוויד, דעם כלל איבער דעם פּרט. זיינען יענע געווען „אַנאַרכיסטן" איז סאָקראַט געווען דער „קאָמוניסט", אָדער קאָלעקטיוויסט. די אויטאָריטעט פון שטאַט, אָדער, גענויער, דער באַשלוס פון דער מערהייט פון דער אָרגאַניזאַציע צו וועלכער ער געהערט, לויט זיין פרייען ווילן, איז פאַר אים אַ נאַטור־געזעץ. ער האָט באַטראַכט דעם שטאַט פאַר „די העכערע אָרדענונג באַגרינדעט אין געטלעכן וועלט־פּלאַן". דאָך האָט אויך סאָקראַט׳ס אויפקלערונגס־לערע געקאָנט אָנגענומען ווערן פאַר אינדיווידואַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם, ווייל אויפקלערונג, די ריינע אידייע, אַבסאָלוטער אמת און יושר שטייט דאָך פאַר סאָקראַטן איבער פאַטערלאַנד און איבער דער עפנטלעכער מיינונג פון דער געזעלשאַפט. עס האָבן דערפאַר דעמאָלט אפילו אינטעליגענטע אַטענער ניט געקאָנט אייננזען קלאָר דעם אונטערשייד צווישן סאָקראַטן און די אַנדערע סאָפיסטן.

אַריסטאָפאַן, און נאָך אים אַנדערע קאָמעדיען־שרייבער, האָבן דערפאַר אויסגעוויילט דעם פּאָפּולערן, כאַראַקטעריסטישן, באַרוּעסן סאָפיסט אַלס הויפט־העלד פון זייער חוזק אויף די נייע אידייען. אין דער קאָמעדיע „וואָלקנס" פון אַריסטאָפאַן רעדט סאָקראַט ווי אַ טיפּישער סאָפיסט, וועמען דער הומאָריסטישער דיכטער האָט דערפירט ביז צו אַבסורד און לעכער־לעכקייט. די וואָס האָבן געקאָנט סאָקראַטן פּערזענלעך האָבן עס באַטראַכט אַלס אַ קאַריקאַטור, וואָס האָט ווייניק ענלעכקייט מיט דעם באַשיידענעם, ערלעכן, קלוגן דיינקער. נאָר אין די קעפּ פון אַ סך פּראָסטע, אומוויסנדיקע קליינבירגער איז געבליבן דער איינדרוק, אַז סאָקראַט איז אַ געפערלעכער מענטש, רעדט ווילדע רייד, פירט אַראָפּ די יוגנט פון דרך הישר, מאַכט פון ווייס שוואַרץ און פון שוואַרץ ווייס. עס איז דערפאַר געווען זייער לייכט אים צו שטעמפּלען אַלס פאָלקס־פיינט, אַלס פאַר־

דארבער פון דער יוגנט. איבערהויפט ווען קריטיאס, „דער אלץ איינשלינגענדיקסטער, געוואלטעטיקער און בלוטדורשטיקער פון אלע אליגארכן", איז געווארן באטראכט פאר סאקראט'ס א תלמיד. דאס גלייכן אלקיביאד, וואס האט געהאט א נאמען אלס עגאאיסט און אלס פאררעטער פון זיין פאטערלאנד. אלקיביאד און א רייע אנדערע יונגעלייט פון סאקראט'ס צוהערער זיינען אויך אין מיטן פעלאפאנעזישן קריג געווען אנגעקלאגט אין דער פארשוועכונג פון באליבטן אטענישן גאט הערמעס, וועמעס סטאטועז זיי האבן פארקריפלט.

נאטירלעך איז סאקראט ניט געווען פאראנטווארטלעך פאר די מענטשן וואס האבן זיך גרופירט ארום אים, צו הערן זיינע קלוגע פראגן און ענטפערס. ס'איז אבער אויך געווען אמת, אז זיין מעטאד פון אויפקלערן מענטשן דורך שטעלן זיי פראגן איבער דעם עצם פון זאכן האט אויפגעוועקט אין א סך מענטשן דעם קריטישן פארשטאנד. זיי האבן אויך נאכגעדיינקט איבער אזוינע פראגן און געצויגן שלוסן פון וועלכע סאקראט האט בכלל ניט גערעדט. ער אליין האט געהאלטן פאר א טוגנט אפצוהיטן די געזעצן און מנהגים פון שטאט. נאר זיינע יונגע צוהערער וואס האבן אנאליזירט די געזעצן און מנהגים פון זייער פאלק און אויסגעפונען זייערע פעלערן, האבן זיך דערצו באנומען גאר אנדערש ווי זייער גרויסער לערער.

אלנפאלס האבן די אטענישע קליינבירגער געהאט גענוג אורזאכן חושד צו זיין סאקראטן, אז ער איז א קעגנער פון זייער גלויבן, פאטריאטיזם און דעמאקראטיע, כאטש ער האט ניט אפגעלייקנט, ווי קריטיאס, די עקזיסטענץ פון די געטער. ער איז אויך צוויי מאל געגאנגען אין מלחמה פאר אטען און געשטעלט זיין לעבן אין סכנה, ניט אויספאלגנדיק דעם באפעל פון די דרייסיק אליגארכן, אין צייט פון דער קאנטער־רעוואלוציע, ער זאל גיין ארעסטירן א דעמאקראט, וועמען זיי האבן געזאלט הינריכטן. די הערשער פון אטען האבן ווארשיינלעך געוואוסט, אזוי ווי זיין גרויסער תלמיד פלאטאן, אז סאקראט איז זייער אנגעזען ביי די רעליגיעז־קאמוניסטישע פיטאגאריער און אז ער איז אין סימפאטיע מיט די ארפישע מיסטעריעס (סודותדיקע גאטעסדינסטן), בעת אלע בכבודיקע בירגער פון אטען פארהייליקן די עלעאוזיאנישע מיסטעריעס. די רעכטלאזע מאסן און שקלאפן פלעגן ניט ווערן צוגעלאזן צו די מיסטעריעס פון הערשנדיקן קלאס. האבן דערפאר די ארפישע מיסטיקער און די פיטאגאריער ברודערשאפטן רעקרוטירט זייערע מיטגלידער פון די סאמע רעכטלאזע שיכטן אדער צווישן אזוינע יחידים פון העכערן קלאס, וואס זיינען געווען אין אפאזיציע צו דער דעמאקראטישער בירגערשאפט און אלע אירע אנשטאלטן. ס'האבן צו זיי אויך געהערט א סך מיטגלידער

פון די עראַנאָסן (פּאַך־פּאַראיינען), מיט וועלכע סאָקראַט, אַלס שטיינהאַקער, איז געווען פאַרבונדן.

ס'איז אויך פאַר קיינעם ניט געווען קיין סוד, אַז סאָקראַט האַלט די וואונדער מעשיות פון די געטער פאַר „ליגנס, וואָס פּאָעטן דערציילן". אַ סך האָבן אויך אַליין געהערט זיינע אַרגומענטן קעגן דער דערוויילונג פון געזעצגעבער על פּי גורל און ניט לויט פייאיקייט און וויסן, זיינע ציטאַטן פון האָמער און העסיאָד קעגן דער פאַראַכטונג פון אַרבעט, זיינע ויכוחים מיט די רייכע ליידיקגייער, וואָס האָבן געלעבט פון פרעמדער פּראַצע, וועלכע ער האָט געצוואונגען אַליין צוצוגעבן, אַז זיי שטייען נידעריקער ווי זייערע שקלאַפן...

ס'פאַרשטייט זיך, אַז די פּאָליטישנס, און אַפילו די ערלעכע דעמאָ־קראַטן האָבן באַטראַכט דעם אַלטן, אומדערמידלעכן דעבאַטאַנט פאַר אַ געפערלעכער פּערזאָן, וואָס גראָבט אונטער דעם צוטרוי צו דער דעמאָקראַ־טישער מלוכה און אירע אַנשטאַלטן. באַזונדערס ווען אַזאַ מענטש גייט אַרום כסדר אַגיטירן און דעבאַטירן. אָט איז ער אָפּן מאַרק אַרומגערינגלט פון אייגענע און פרעמדע יונגעלייט, וואָס קוועלן אָן פון זיינע רייד. אָט דרייט ער זיך אַרום אָפּן באַזאַר, אין די געסלעך פון די בעלי־מלאכות, וואו ער איז זייער פּאָפּולער. פאַראַן אַפילו דאָרט אַ שוסטער, וואָס פאַרשרייבט סאָקראַט'ס יעדן וואָרט און האָט שוין אַ גאַנצן בוך „לעדערנע שמועסן". נאָר דאָס ערגסטע איז, וואָס ער חברט זיך מיט די געהיימע אָרגאַניזאַציעס פון די רעכטלאָזע אַרבעטנדיקע מאַסן.

די דעמאַגאָגן און פּאָליטישנס וואָס האָבן געציטערט פאַר סאָקראַט'ס בליק — זיי האָבן געוואוסט אַז אים קאָנען זיי ניט נאַרן, און ווען ער נעמט זיי אַף אַ קרייץ־פאַרהער ווייזן זיי זיך אַרויס אין זייער עכטער קליינלעכער געשטאַלט; די פרומע לייט וואָס האָבן געגלייבט אַז סאָקראַט איז שולדיק וואָס די יוגנט גייט אין נייע וועגן; די דעמאָקראַטן און פּאַטריאָטן וואָס האָבן אים חושד געווען אין סימפּאַטיע מיט דער אַריסטאָקראַטן־הערשאַפט פון ספּאַרטאַ, דעם שונא פון אַטען; די בירגערלעכע קבצנים, וואָס האָבן געלעבט אָפּן חשבון פון דעמאָקראַטישן שטאַט און געהאַסט זיינע קריטיקער, האָבן זיך אַלע פאַראייניקט פּטור צו ווערן פון דעם „פּאָלקס־פיינט" אין זייערע אייגענע רייען.

אים אויסווייזן פון שטאַט דורך „אָסטראַקיזם", ווען 6,000 בירגער שרייבן אויף זיין נאָמען אַף אָסטראַקאָנס (שערבלעך), איז ניט מער געווען געזעצלעך. מאַכן אַף אים אַ בלבול, אַז ער איז געווען אין סימפּאַטיע מיט דער אָליגאַרכיע האָט די אַמנעסטיע געמאַכט פאַר ניט מעגלעך. מען האָט

דערפֿאַר אויסגעפּונעץ אַן אַלטן געזעץ, לויט וועלכן מען קען אָנקלאָגן אַ בירגער פֿאַר ניט פֿרומקייט און פֿאַר אַראָפּפֿירן די יוגנט פֿון גלייכן וועג. און אַזוי ווי דאָס אַטענער געזעץ האָט געגעבן דעם אָנגעקלאָגטן די ברירה ניט צו קומען צום געריכט, נאָר פֿאַרלאָזן די שטאָט, זיינען די גוטע פֿרומע לייט פֿון אַטען געווען זיכער, אַז זיי וועלן אַף דעם אופֿן דערגרייכן זייער ציל, אַז דער זיבעציק יעריקער „אַגיטאַטאָר" וועט אויפֿהערן צו באַאיינפֿלוסן זייער יוגנט. זיי האָבן אָבער געמאַכט דעם חשבון אָן באַלעבאָס. סאָקראַט איז געווען גרייט ליבער צו שטאַרבן איידער אויפֿצוגעבן זיין אויפֿקלערונגס־אַרבעט.

---

סאָקראַט איז אָנגעקלאָגט געוואָרן אין צוויי שווערע פֿאַרברעכנס: דינען עבודה זרה און פֿאַרדאַרבן די יוגנט. פֿאַר יעדן איינעם פֿון אָט די פֿאַרברעכנס האָט געקומט טויט שטראָף.

צווישן די 501 ריכטער פֿאַר וועמען דער סאָקראַט־פּראָצעס איז פֿאָר־געקומען, זיינען געווען ווייניק מענטשן, וועלכע האָבן פֿאַרשטאַנען די גרויס־קייט פֿון דעם אַלטן שטיינהאַקער, וואָס איז פֿאַר זיי געשטאַנען צום געריכט. אַפֿילו די דיינקער פֿון אַטען האָבן דעמאָלט נאָך ניט אַלע באַגריפֿן דעם אונטערשייד צווישן סאָקראַטן און די אַנדערע סאָפֿיסטן.

דער הויפּט „קאַטעגאָראָס" (אָנקלאָגער — קטגר) איז געווען מעלעטוס, אַ יונגער דיכטער, וואָס האָט געגאָלטן פֿאַר אַ געוואַלטיקן פּאַטריאָט. לויט סאָקראַט'ס פֿריינט האָט עס דער יונגער דיכטער געטאָן, ערשטנס, כדי צו ווערן פּאָפּולער און מאַכן אַ קאַריערע אַלס אַדוואָקאַט, צווייטנס, צו נעמען נקמה פֿון סאָקראַטן פֿאַר זיין אָנווייזן, אַז די דיכטער פֿאַרשטייען ניט דעם עצם פֿון זייער אייגענער קונסט און קאָנען זיך ניט אויסדריקן קלאָר. די אַנדערע צוויי אָנקלעגער זיינען געווען: דער לעדערהענדלער אַניטאָס, אַ דעמאָקראַטישער פֿירער, און ליקאָן, אַ דעמאָקראַטישער פּאָליטישן.

סאָקראַט האָט זיך ניט געוואָלט באַנוצן מיט דער פֿאַרטיידיקונגס־רעדע, וואָס אַ גרויסער אַדוואָקאַט האָט פֿאַר אים אָנגעשריבן, לויט דעם כּקאַרבאָוון נוסח פֿון יענער צייט. ער האָט זיך אַליין פֿאַרטיידיקט און דערביי אָנגעווענדט זיין אייגענע „הייבאַם"־מעטאָדע. דער אָנקלעגער האָט זיך אויסגעדריקט אין זיין אָנקלאַגע, אַז סאָקראַט איז אַן אַטעאיסט. דריקט אים צו סאָקראַט צום וואַנט: אַ מענטש, וואָס גלויבט אין אַ וועלכער עס איז גאָטהייט איז אַן אַטעאיסט אָדער ניין? מוז דער אָנקלעגער צוגעבן אַז נים. פֿרעגט אים ווייטער סאָקראַט: טאָ ווי אַזוי באַשולדיקסטו מיך אין דינען פֿרעמדע געטער? האָט דער אָנקלעגער געמוזט צוריקציען די

קלאגע אין אַטעאיזם. בפרט, אַז די שווערע שטראָף איז געקומען ניט פאַר פריי דיינקען אָדער פריי ריידן, אַפילו ניט פאַר קריטיקירן אָדער אויסלאַכן אַ גאָט, נאָר פאַר ניט אָפּהיטן די געזעצלעכע רעליגיעזע צערעמאָניעס, און דער עיקר פאַר דינען פרעמדע געטער. דערמיט האָט די אָנקלאַגע געמיינט סאָקראַט'ס באַטייליקן זיך אין די מיסטעריעס (געהיימע גאָטעסדינסטן) פון די אָרעמע ארבעטנדיקע מאַסן אין פּירעאוס, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט זייערע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס.

די געמיינזאַמע סעודות פון די „עראַנאָ־טהיאַסאָסן" זיינען אַלעמאָל געווען פאַרבונדן מיט רעליגיעזע צערעמאָניעס פאַר דער גאָטהייט אונטער וועמעס שוץ דער עראַנאָס איז געשטאַנען. די מערסטע אַרבעטער אָרגאַני־זאַציעס פון דער אַלטער צייט זיינען געווען צוגלייך געהיימע לאַדזשן און די „איינשוועערונג", די צערעמאָניע אַריינצופירן אַ נייעם מיטגליד, איז גע־וואָרן באַטראַכט פאַר דער הייליקער מיסטעריע פון זייער גאָטהייט. די מערסטע עראַנאָסן האָבן פאַרגעטערט דיאָניס־נעאָס, דעם דערלייזער, אָדער דעם „קאַטהעגעמאָן", דעם אָנזאָגער פון דער גאולה פאַר אַלע אונטערדריקטע און ליידנדיקע.

דרייסיק יאָר פאַר סאָקראַט'ס משפּט, האָבן די אַטענער הינגעריכטעט אַ פּריסטער, אָדער פּריסטערין, פון „דער גרויסער מוטער", די געטין קובעלאַ, וואָס איז געקומען פון אַזיע אָרגאַניזירן אַן „עראַנאָ־היאַסאָס", אַן עקאָנאָמיש־רעליגיעזן פאַראיין אונטער איר שוץ. די הינריכטונג איז פאָרגעקומען דורך אַרונטערוואַרפן פון אַ הויכן פעלז אין אַ טיפן טאָל. נאָר אַזוי ווי באַלד נאָכדעם האָט אויסגעבראָכן אַ מגפה אין אַטען, האָבן די אַטענער געזוכט איבערבעטן די באַליידיקטע פרעמדע געטין דורך אויפבויען אַ מאָנומענט פאַר איר דערמאָרדעטן פּריסטער, וואו עס איז געשטאַנען איר סטאַטוע, אויסגעאַרבעט פון גרויסן סקולפּטאָר פידיאַס. דאָך איז נאָך אַ לאַנגע צייט ניט געווען דערלויבט צו דינען צו אָט דער „עבודה זרה" און די אָרעמע מאַסן, וואָס האָבן איר אָנגענומען פאַר זייער שוץ־געטין, האָבן צו איר געדינט אין געהיים.

סאָקראַט'ס באַטייליקן זיך אין די געמיינזאַמע מאָלצייטן פון די מאַטראָזן, פישערלייט, לאַסט־טרעגער, שיף־בויער א. א. וו. אין פּירעאוס, די האַפּנשטאָט פון אַטען, איז דערפאַר געווען אַ געניגנדיקער באַווייז, אַז ער געהערט צו די שונאים פון דער אַלטער אָרדענונג, רעליגיעז, פּאָליטיש און סאָציאַל. ווי זיין תלמיד פּלאַטאָן דערציילט, האָט סאָקראַט פאַנאַנדערגע־וויקלט דעם פּלאַן פון אַ קאָמוניסטישן אידעאַל־שטאַט טאַקע אויף אַ מאָלצייט אין פּירעאוס, אין צענטער פון דער אַטענישער אָרעמקייט.

דער 70־יאָריקער אַגיטאַטאָר איז דערפֿאַר געווען איבערראַשט ווען 220 פֿון 501 ריכטער האָבן אים באַטראַכט פֿאַר ניט שולדיק. ווען ער געווינט אַריבער מיט זיין צווייטער רעדע 31 ריכטער, ווערט ער באַפֿרייט. נאָר סאָקראַטעס איז געווען צוערשט און צולעצט אַ פֿרייהייט קעמפֿער, אַן אַגיטאַטאָר פֿאַר אַ נייעם אמת, און דער עיקר איז פֿאַר אים געווען דער זיג פֿון זיין אידייע. אָנשטאָט צו בעטן גנאָד אָדער זיך אָפּזאָגן פֿון צו אַגיטירן, האָט סאָקראַט געהאַלטן אַ רעדע צו פֿאַרטיידיקן זיין אויפֿקלערונגס־אַרבעט. אָנשטאָט פֿאָרצולייגן אַ קלענערע שטראָף, ווי עס איז געווען דער מנהג אין אַטען, האָט ער פֿאַרלאַנגט עפֿנטלעכע אַנערקענונג פֿאַר זיין נוצלעכער אַרבעט פֿאַר דער יוגנט פֿון אַטען...

נאָכדעם, ווי די דיקאַסטעריאַ (פֿאָלקס־געריכט) פֿון אַטען האָט מיט 281 קעגן 220 שטימען געפֿונען סאָקראַטן שולדיק אין דעם אָנקלאָג קעגן אים, האָט דער פּראָקוראָר פֿאָרגעשלאָגן טויט־שטראָף. לויטן געזעץ האָט סאָקראַט געהאַט דאָס רעכט צו מאַכן אַ קעגן־פֿאָרשלאַג, האָט ער פֿאָרגעשלאָגן, אַז אַטען זאָל אים באַלוינען פֿאַר זיין אַרבעט אויפֿצוקלערן די יוגנט. סאָקראַט באַגרינדעט זיין פֿאָרשלאַג אַזוי:

„ער (דער אָנקלאָגער) שלאָגט פֿאָר טויט־שטראָף. און וואָס זאָל איך פֿאָרשלאָגן פֿון מיין זייט, אַטענער? נאַטירלעך, דאָס, וואָס מיר קומט. נאָר וואָס קומט מיר צו באַצאָלן אָדער קריגן? וואָס זאָל מען טאָן יענעם מענטשן, וואָס האָט ניט פֿאַרשווענדט זיין לעבן אין באַקוועמלעכקייט? כ'האָב פֿאַרנאַכלעסיקט די זאַכן, וואָס די מערסטע מענטשן האַלטן פֿאַר וויכטיק, ווי רייכקייט, פֿאַמיליע־אינטערעסן, קאָמאַנדירן אַרמייען, האַלטן רעדעס איז דער עקלעזיאַ, פֿאַרנעמען הויכע עמטער, זיין פּראָמינענט אין קלובן און פּאַרטייען פֿון אַטען. כ'האָב געדיינקט, אַז כ'בין באמת צו ערלעך צו קאָנען לעבן, זיך אָפּגעבנדיק מיט אַזוינע זאַכן. כ'בין דערפֿאַר ניט געגאַנגען דאָרט, וואו כ'האָב ניט געקאָנט טאָן גוטס, ניט אייך און ניט זיך. אָנשטאָט דעם בין איך געגאַנגען צו יעדן איינעם פֿון אייך באַזונדער, וואו כ'האָב געדיינקט צו קאָנען טאָן די בעסטע זאַך. כ'האָב יעדן איינעם געזוכט צו איבעררעדן, אַז ער זאָל צוערשט זיך אַליין דער־קענען, זיך מאַכן אַזוי פֿאָלקאָם און אַנטוויקלט, ווי מעגלעך, איידער ער גיט זיך אָפּ מיט זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן. דאָס גלייכן זאָל ער פֿריער פֿאַרשטיין, וואָס איז אַזוינס דער שטאַט, איידער ער גיט זיך אָפּ מיט שטאַטס־אַנגעלעגנהייטן; און אַזוי זאָל ער אויך טראַכטן און האַנדלען אין אַלע אַנדערע ענינים.

„נו, וואָס קומט אַ מענטשן פֿאַר אַזאַ לעבן? געוויס עפּעס רעכטס, אַטענער, אויב ער זאָל ווירקלעך קריגן זיין שכר, און אַזאַ גוטע זאַך, וואָס זאָל זיך פֿאַר אים ריכטיק פּאַסן. וואָס פֿאַר אַ שכר קאָן דערפֿאַר פּאַסן פֿאַר אַן אָרעמען מענטשן, וואָס איז אייער וואוילטעטער, און נויטיקט זיך אין

פריער צייט, כדי אייך צו קאָנען אויפקלערן? ס׳קאָן ניט זיין קיין פּאַסנדיקערע באַלוינונג, אַטענער, ווי אים אויסהאַלטן (אַף קהל׳ס חשבון) אין פּריטאַנעאום (סענאַט־קלוב). ער פאַרדינט עס זיכער מער, ווי דער בירגער, וואָס האָט געוואונען דעם פּריז ביי די אָלימפּישע שפּילן אין די פערד אָדער רייטוועגן געוועטן. אַזאַ מאַן גיט אייך בלויז דעם שיין פון גליקזעליקייט, און איך גיב אייך די ווירקלעכע גליקזעליקייט. ער נייטיקט זיך אויך ניט אין דעם (אין ווערן אויסגעהאַלטן פון שטאַט) און איך בין אין נויט. אויב איך דאַרף דערפאַר באַשטימען, וואָס פאַר אַ שטראָף כ׳האָב ערלעך פאַרדינט, דערקלער איך, אַז על פי יושר קומט מיר צו ווערן אויסגעהאַלטן אין פּריטאַנעאום.

„מעגלעך, אַז איר באַטראַכט מיך פאַר אַן עקשן און עזות פּנים וועגן דאָס, וואָס איך זאָג איצט, אַזוי ווי וועגן דעם, וואָס כ׳האָב געזאָגט איבער די געבעטן און טרערן.

(סאָקראַט האָט אין אָנהויב פון זיין פאַרטיידיקונגס־רעדע דערקלערט, אַז ער וועט ניט נאָכפאָלגן די געוואוינהייט פון אַנדערע אָנגעקלאָגטע — זיך צו ווענדן צו די ריכטער מיט געבעטן און טרערן, נאָר וועט בלויז פאָדערן גערעכטיקייט.)

„ניין, אַטענער, דאָס איז ניט דער פאַל. כ׳רייד אַזוי בלויז דערפאַר, ווייל איך בין איבערצייגט, אַז איך האָב קיינמאָל קיינעם ניט געקריוודעט בכיון, הגם איך קאָן אייך אין דעם ניט איבערצייגן, ווייל מיר האָבן זיך צו ווייניק דורכגערעדט. ווען דאָ, אין אַטען, וואָלט געווען אַ געזעץ, ווי אַנדערשוואו, ניט צו ענדיקן אַ פּראָצעס פון לעבן און טויט אין אַן איינציקן טאָג, דעמאָלט, דיינק איך, וואָלט מיר געווען מעגלעך עס אייך איבערצוצייגן. נאָר איצט איז די צייט צו קורץ. איך קאָן ניט אין אַ רגע אָפּלייקענען גרויסע פאַרלוימדונגען; און, אַזוי ווי איך בין איבערצייגט, אַז איך האָב קיינמאָל קיינעם ניט געקריוודעט, וועל איך זיכער אויך ניט קריוודען זיך אַליין. איך וועל ניט זאָגן אַף זיך, אַז מיר קומט טאָן בייז, אָדער פאָרשלאָגן עפּעס שלעכטס אַלס אַ שטראָף. פאַרוואָס זאָל איך עס טאָן? דערפאַר, וואָס איך האָב מורא פאַר דער טויט־שטראָף, וואָס מעלעטוס (דער אָנקלאָגער) שלאָגט פאָר? און כ׳ווייס ניט, צי טויט איז אַ גוטע אָדער אַ שלעכטע זאַך, צו וואָס זאָל איך פאָרשלאָגן אַ שטראָף, וואָס וועט זיכער זיין אַ שלעכטע?

„זאָל איך פאָרשלאָגן טורמע? פאַרוואָס זאָל איך ענדיקן מיינע יאָרן אין געפיינגעניש, און זיין דער קנעכט פון די (באַשטימטע) באַאַמטע פון יעדן יאָר, די (אַזוי גערופענע) עלף? אָדער זאָל איך פאָרשלאָגן אַ געלט־שטראָף, און טורמע, ביז די שטראָף וועט ווערן באַצאָלט? האָב איך פריער געזאָגט, פאַרוואָס איך וויל עס ניט טאָן. כ׳וועל מוזן בלייבן אין טורמע, ווייל איך האָב גאָר קיין געלט ניט און קאָן ניט באַצאָלן. זאָל איך אפשר פאָרשלאָגן אויסווייזונג פון לאַנד? מעגלעך, אַז דערצו וואָלט איר גערן מסכים געווען. נאָר איך מוז זיין גאָר פאַרבלענדט פון ליבע צום לעבן, ווען איך זאָל זיך קאָנען איינריידן, אַז פרעמדע וועלן גוטמוטיק טאָלערירן מיינע דיסקוסיעס און אַרגומענטן, ווען איר, מיינע חברים־

בירגער, קאָנט זיי ניט לײדן, און איר האָט זיי געפונען פאַר אַזוי אומדערטרעגלעך און עקלהאַפט פאַר אײך, אַז איר זוכט מיטלען ווי פון זיי פטור צו ווערן. ניין, אַטענער, דאָס איז ניט מעגלעך. און וואָס פאַר אַ לעבן וועט עס זיין פאַר אַן אַלטן מאַן ווי איך בין, וואַנדערנדיק פון שטאָט צו שטאָט, און כסדר אַרויסגעטריבן ווערן! כ'וויס דאָך גאַנץ געווי, אַז אומעטום, וואו איך וועל קומען, וועלן די יונגע האָרכן מיינע רייד, פונקט ווי דאָ. וועל איך פון זיך פאַרשטויסן די יוגנט, וועט זי אויסווירקן, אַז אירע עלטסטע זאָלן מיך פאַרטרייבן; וועל איך זי לאָזן זיך גרופירן אַרום מיר, וועלן אירע טאַטעס און קרובים מיך דערפאַר אַרויסטרייבן.

„אפשר וועט עמיצער זאָגן: פאַרוואָס קאָנסטו ניט, סאָקראַט, פאַרלאָזן אַטען און שווייגן; וועסט דאָך דעמאָלט קענען לעבן רואיק אין יעדן פלאַץ?

„דאָס איז די שווערסטע זאַך אייך צו געבן צו פאַרשטיין. ווען איך זאָל אײך זאָגן, אַז איך קאָן ניט שווייגן, ווייל דאָס וועט הייסן ניט אויספאָלגן אַ געטלעכן באַפעל, וועט איר ניט גלייבן, אַז איך מיין עס ערנסט. נאָך ווייניקער וועט איר מיר גלייבן, ווען איך וועל אייך זאָגן, אַז דאָס גרעסטע גליק פאַר אַ מענטשן איז צו ריידן יעדן טאָג וועגן טוגנט און די אַנדערע זאַכן, וועגן וועלכע איר האָט מיך געהערט אויספאָרשן זיך און אַנדערע און אַז אַ לעבן, וואָס גיט זיך ניט אָפּ קיין דין וחשבון איז ניט ווערט געלעבט צו ווערן. נאָר דאָס איז דער אמת, מיינע פריינט, הגם עס איז ניט לייכט אייך איבערצוצייגן אין דעם. נאָכמער, איך בין ניט געוואוינט צו דיינקען, אַז איך פאַרדין וועלכע עס איז שטראָף. וואָלט איך געהאַט געלט, וואָלט איך פאָרגעשלאָגן עס אַוועקצוגעבן אַלס שטראָף. דאָס וואָלט מיר קיין בייז ניט געטאָן. נאָר איר זעט דאָך, אַז איך פאַרמאָג גאָרנישט, סיידן איר זייט ווילִיק אַליין צו באַשטימען אַ סומע לויט מיינע מיטלען."

די בירגער, אויפגערעגט פון סאָקראַט'ס „חוצפה" פאַראורטיילן אים צום טויט. אויך די „נייטראַלע" בירגער זעען איין, אַז דער באָרוועסער שטיינהאַקער איז באמת אַ געפערלעכער אַגיטאַטאָר. סאָקראַט ווערט דערפאַר פאַראורטיילט צום טויט (דורך טרינקען אַ בעכער גיפט) דורך אַ גרעסערע מערהייט, ווי די, וואָס האָט אים געפונען שולדיק. סאָקראַט האַלט דעמאָלט זיין לעצטע רעדע, אין וועלכער ער זאָגט צווישן אַנדערס אַזוי:

„איך האָב פאַרלאָרן מיין פּראָצעס, ניט דערפאַר ווייל מיר האָט געפעלט אַרגומענטן, נאָר ווייל איך האָב זיך ניט געווענדט צו אייך, ווי אייך האָט זיך געוואָלט, מיט געוויין, יאָמער און קלאָג, און מיט זאָגן און טאָן אַ סך זאַכן, וואָס איר זייט געוואוינט צו הערן פון אַנדערע, און וועלכע איך האַלט, פאַסן ניט פאַר מיר. נאָר איך האָב געדיינקט, אַז איך דאַרף ניט טאָן עפּעס דערנידעריקנדעס אין שעה פון געפאַר. איך האָב אויך ניט קיין חרטה אַף דעם אופן, ווי איך האָב זיך פאַרטיידיקט. בעסער שטאַרבן און

רײדן אַף מײן שטײגער, אײדער רײדן אַף זײער שטײגער און לעבן.

„איצט, אַטענער, וויל איך אײך זאָגן אַ ביסל נביאות. איך גײ דאָך שטאַרבן, און דאָס איז די ריכטיקע צײט, ווען מענטשן באַזיצן נביאותשע קראַפט. איך זאָג דערפאַר נביאות צו אײך, די, וואָס האָבן מיך פאַר־משפט צום טויט, אַז אײך דערוואַרט אַ גרעסערע שטראָף, ווי די, וועלכע איר האָט אַרויפגעלײגט אַף מיר און זי וועט אײך באַפאַלן אַזוי גיך, ווי איך וועל זײן טויט. איר האָט געטאָן אָט די זאַך (פאַראורטײלט צום טויט), ווײל איר דײנקט, אַז איר ווערט באַפרײט פון דאַרפן אָפּגעבן אַ חשבון פון אײערע לעבנס. נאָר איך זאָג, אַז דער רעזולטאַט וועט זײן גאָר אַן אַנדערער. עס וועלן אַרויסטרעטן מער מענטשן, וואָס וועלן פון אײך פאָדערן רעכענונג, וועמען איך האָב צוריקגעהאַלטן און וועמען איר האָט ניט געזען. זײ וועלן אויך זײן שטרײנגערע מײסטערס צו אײך, ווי איך בין געווען. וואָרים זײ וועלן זײן אינגער, און איר וועט אַף זײ זײן מער בײז. אויב איר דײנקט, אַז איר קאָנט פאַרווערן מענטשן אײך צו שטראָפן פאַר אײערע שלעכטע לעבנס, דורך משפטן זײ צום טויט, מאַכט איר אַ גרויסן טעות. אַף אָט דעם אופן צו אַנטלויפן איז זײער שווער, און עס לוינט זיך אויך ניט. שוין אַ סך בעסער, און פיל גרינגער ניט צו מאַכן שווײגן די, וואָס טרעטן אַרויס קעגן אײערע שלעכטע מעשים, נאָר זיך אויסבעסערן און ווערן אַזוי גוט, ווי נאָר מעגלעך. דאָס איז מײן אָפּשײד־נבואה צו אײך, די, וואָס האָבן מיך פאַראורטײלט צום טויט.“

נאָך זײן ווערן פאַראורטײלט האָט סאָקראַט געהאַט די מעגלעכקײט, אַ



סאָקראַט.



פּלאַטאָן.

דאַנק זײנעם אַן איבערגעגעבענעם פרײנט, צו אַנטלויפן פון אַטען. נאָר ער האָט זיך דערפון אָנטזאָגט. ווײל דער עיקר איז פאַר אים געווען לעבן פאַרן

אידעאַל. און אויב ער קאָן ניט מער אַגיטירן, אויפקלערן די, וואָס נויטיקן זיך אין דעם, איז אים געווען ליבער צו שטאַרבן טריי זיינע איבערצייגונגען.

שטאָלץ, ווי אַ זיגער אַרומגערינגלט פון זיינע טרייע תלמידים, האָט סאָקראַט, אין מערץ 399 פ. ק., אויסגעטרונקען מוטיק דעם גיפט־בעכער, וואָס דער שטאַט האָט אים געגעבן.

מיט זיין פולן באַוואוסטזיין איז געשטאָרבן סאָקראַט אַ מאַרטירער־טויט, כדי זיין אידייע זאָל לעבן. ער האָט אויך ניט געמאַכט קיין טעות. זיינע תלמידים האָבן פאַרגעזעצט זיינע לערעס און ער איז געוואָרן דער מוסטער פאַר דורות פון דעם „אָרנטלעכסטן, בעסטן און קליגסטן מענטשן".

---

סאָקראַט׳ס פּראָצעס און טויט זיינען באַשריבן פון זיין תלמיד פּלאַטאָן אין זיינע ביכער „אַפּאָלאָגיאַ" און „פעדאָן". באַזונדער איינדרוקספול שילדערט פּלאַטאָן סאָקראַט׳ס לעצטע שעה. ער דערציילט אַזוי:

סאָקראַט איז געזעסן אויפן בעט, און די תלמידים האָבן זיך אַרומגעזעצט. ווי ווער עס האָט געקאָנט. נאָענטער פון אַלע איז געזעסן פעדאָן; ער האָט געהאַט שיינע, לאַנגע האָר, און סאָקראַט האָט ליב געהאַט זיי צו גלעטן, ווען ער האָט גערעדט. אויך דאָס מאָל איז סאָקראַט׳ס האַנט געלעגן ביי פעדאָן אויפן קאָפּ.

— נו, וואָס, פעדאָן, — האָט געזאָגט דער לערער, — וואו וועלן מאָרגן זיין דיינע שיינע ווייסע האָר?

(ביי די גריכן איז געווען אַ מנהג אָפּצושניידן די האָר פאַר אַ צייכן פון טרויער און עס לייגן אויפן קבר פון דעם, נאָך וועמען מען טרויערט.)

אייניקע תלמידים האָבן אָנגעהויבן וויינען, האָט סאָקראַט געזאָגט:

— מיינע פריינט, איך האָב ניט קיין מורא פאַרן טויט. צו שטאַרבן איז ניט שרעקלעך; שרעקלעך איז צו פאַרברענגען אַ זינדיקן, נאַרישן לעבן.

סאָקראַט איז שטיל געבליבן. מיר האָבן געוואַרט, וואָס וועט ער נאָך זאָגן.

— איך וועל גיין מיך איינוואַשן, — האָט סאָקראַט געזאָגט, — איך וועל ניט באַמיען אַנדערע אָפּצוואַשן מיין טויטן קערפּער.

אין צימער וואו די תלמידים זיינען געזעסן, האָט דער וועכטער אַריינגעלאָזן סאָקראַט׳ס קרובים, זיין ווייב און קינדער; דריי זין, איינער אַן עלטערער און צוויי קליינע. אין גיכן איז אַריין סאָקראַט. ער האָט זיך אָנגעהויבן געזעגענען מיט זיי. די ווייבער האָבן אויפגעהויבן אַ גרויס געיאָמער, האָט סאָקראַט געבעטן מען זאָל זיי אַרויספירן.

— סאָקראַט, זאָג אונז דיין לעצטן ווילן, דו ווילסט אפשר מען זאָל וואָס טאָן פאַר דיינע קינדער? — האָט קריטאָן געפרעגט.

— קוקט זיך גוט צו צו אייער אייגענער אויפפירונג, דאָס איז אימער געווען מיין פאַרלאַנג. איר וועט דערמיט טאָן אַ געפעליקייט מיר און די מייניקע און זיך אַליין.

— ווי ווילסטו זאָל מען דיך מקבר זיין? — האָט קריטאָן ווייטער געפרעגט.

— ווי אַזוי איר ווילט אייך אַליין. איך האָב געזאָרגט פאַר מיין קערפּער נאָר צוליב דעם, כדי עס זאָל קאָנען דינען מיין גייסט. ווען אָבער מיין גייסט וועט שוין מער אין קערפּער ניט זיין, איז מיר אַלץ איינס וואָס מען וועט מיט דעם טאָן.

דו שטונדע פון זונען־אונטערגאַנג איז שוין געווען גאַנץ נאָענט. באַלד איז אריין דער וועכטער און זיך געשטעלט קעגן סאָקראַטן, זאָגנדיק:

— סאָקראַט! דו, דער בעסטער, איידלסטער מאַן, וואָס איז געווען אין אָט דעם פּלאַץ, פּילסט געוויס צו מיר ניט די בייזע געפילן פון יענע, וואָס פּלעגן מיך באַגעגענען מיט קללות און זידלעריי, ווען איך ברענג זיי דעם גיפט אָפּן באַפעל פון די ריכטער. לעב וואויל און טראָג מוטיק אריבער דיין גורל, דו ווייסט מיין שליחות.

אַ שטראָם טרערן האָט זיך אַ גאָס געטאָן פון זיינע אויגן, און ער האָט זיך אָפּגעקערט פון סאָקראַט׳ס בעט.

— זיי געזונט, — האָט סאָקראַט געזאָגט, — איך וועל אַלץ דערפילן ווי עס באַדאַרף צו זיין. לאָז מען ברענגען דעם בעכער.

— וואָס איז די איילעניש, — האָט אויסגערופן קריטאָן, — די זון באַרירט נאָך אַלץ די שפּיצן פון די קליינע בערג. אַנדערע געפאַנגענע בשעת זונען־אונטערגאַנג עסן נאָך און טרינקען און טוען זיך פאַרגעניגן. עס איז נאָך דאָ צייט.

— זאָלן אַנדערע אַזוי טאָן, — האָט געענטפערט סאָקראַט, — זיי איז ליב כאָטש אַ רגע פאַרלייגערן דאָס לעבן. מיין לעבן אָבער איז שוין געענדיקט און ניטאָ וואָס צו ציען.

קריטאָן האָט אַ וואונק געטאָן צום וועכטער, און יענער האָט באַלד געבראַכט דעם בעכער סם.

— אַ דאַנק דיר, מיין פריינט, — האָט סאָקראַט געזאָגט, — זאָג מיר, ווי אַזוי זאָל איך זיך באַגיין.

— דאַרפסט נאָר אומגיין, ביז דיינע פיס וועלן מיד ווערן, דאַן זיך אַוועקלייגן, און דער סם וועט אָנהייבן ווירקן.

אַנטשלאָסן און מונטער האָט סאָקראַט אויסגעטרונקען דעם בעכער סם ביזן דעק. ביז איצט האָבן די מערסטע פון אונז נאָך קאָנטראָלירט אונזער גרויסן שמערץ. מער האָבן מיר זיך ניט געקאָנט צוריקהאַלטן. קעגן מיין ווילן האָבן זיך געגאָסן מיינע טרערן. איך האָב ניט אים, נאָר זיך באַוויינט, אַז איך פאַרליר אַזאַ חבר. אַפּאָלאָדאָר, וואָס האָט געוויינט די גאַנצע צייט, האָט איצט אויסגעבראָכן אין אַ האַרצרייסנדן יאָמער, וואָס האָט אונז אַלעמען געמאַכט פאַר פּחדנים.

— וואָס טוט איר, מיינע פריינט, — האָט סאָקראַט זיך אָפּגערופן, — איך האָב אַוועקגעשיקט די פרויען, זיי זאָלן ניט וויינען, און איר באַגייט זיך ניט בעסער.

מיר האָבן זיך פאַרשעמט און איינגעהאַלטן אונזערע טרערן. ער איז אַרומגעגאַנגען ביז, ווי ער האָט געזאָגט, די פיס האָבן אויפגעהערט צו דינען, און דאַן זיך געלייגט אין בעט און צוגעדעקט דאָס געזיכט. דער וועכטער האָט אים אַ דריק געטאָן די פיס און געפרעגט, אויב ער פילט, און ער האָט געענטפערט „ניין”. דאַן האָט ער אים געדריקט איבער דער קני, און אונז געוויזן, אַז ער ווערט קאַלט און שטייף. „ווען דער גיפט וועט צוקומען צום האַרצן, דאַן וועט זיך אַלץ ענדיקן”, — האָט ער צו אונז באַמערקט.

סאָקראַט האָט שוין אָנגעהויבן ווערן קאַלט, האָט ער אָפּגעדעקט דאָס פּנים און געזאָגט:

— קריטאָן, איך בין שולדיק אַ האָן צו עסקולאַפּן *) וועסט געדיינקען צו באַצאָלן דעם חוב?

— דער חוב וועט באַצאָלט ווערן, — האָט געענטפערט קריטאָן, — האָסט אפשר נאָך וואָס צו פאַרזאָרגן?

אַף אָט דער פראַגע איז קיין ענטפער ניט געקומען. באַלד האָט סאָקראַט אַ ציטער געטאָן. דער וועכטער האָט אים אָפּגעדעקט. ער איז געווען טויט. קריטאָן האָט אים צוגעמאַכט די אויגן און דאָס מויל.

אָט דאָס איז געווען דער סוף פון אונזער פריינט, וועמען איך קאָן אויפריכטיק אָנרופן דעם קלוגסטן, אָרנטלעכסטן און בעסטן מענטשן, וואָס איך האָב ווען געקענט.

---

*) אין גריכנלאַנד פון סאָקראַט'ס צייטן איז געווען אַ מנהג מקריב צו זיין אַ האָן צום גאָט פון היילונג עסקולאַפּ, ווען מען ווערט אויסגעהיילט פון אַ קראַנקהייט.

# פרויען-מאַרטירער פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט

סאָקראַט איז געווען דער איינציקער מאַרטירער אינם אַלטערטום, וואָס האָט געהאַט אַזוינע תּלמידים, ווי דער קינסטלער און דיינקער פּלאַטאָן און דער היסטאָריקער קסענאָפאָן, צו באַשרייבן זיין לעבן און טויט. אַ סך מאַרטירער אינם אַלטערטום זיינען דעריבער פאַרגעסן געוואָרן. אַנדערע ווידער זיינען פאַרצייכנט געוואָרן פון פיינטלעכע כראָניקער פאַר פּשוטע פאַרברעכער. באַזונדער איז עס געווען דער פאַל מיט אַ ריי פרויען־מאַרטירער אינם אַלטן גריכנלאַנד.

דאָס טיף־פילנדיק מוטער־האַרץ פון דער פרוי האָט ניט געקאָנט בלייבן גלייכגילטיק צו דער אונטערדריקונג פון מענטש דורך מענטש. נאָר אַליין אַ ליידנס־מוטער, אָן אונטערדריקט ווייב און אַ פאַרשקלאַפטע טאָכטער, האָט זי בלויז געקאָנט מיטהעלפן טראָגן דעם שווערן יאָך.

דאָך, ניט געקוקט אויף איר פאַרזענלעכן ליידן, האָט די פרוי שוין אין גרויען אַלטערטום געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דעם קאַמף פאַר פרייהייט.

די מערסטע פון די פרויען־קעמפערינס זיינען געבליבן נאָמענלאָז, ווי די ביבלישע „פרוי פון תּבץ", וואָס האָט געטויטעט דעם טיראַן אבימלך. מיר ווייסן בלויז די נעמען פון אַ קליינער צאָל, און אויך די ווערן דאָס רוב דערמאָנט אינדירעקט, צופעליק.

אַזוי דערוויסן מיר זיך אויך פון די פאַרצייטיקע היסטאָריקער די נעמען פון זעקס גריכישע פרויען, וועלכע זיינען געוואָרן אָנגעקלאָגט אין דעם זעלבן פאַרברעכן, ווי סאָקראַט — אין אַריינפירן נייע געטער און פאַרדאַרבן די יוגנט. נאָר די פון זיי, וועלכע מען האָט הינגעריכטעט, האָט מען ניט געגעבן אַזאַ לייכטן טויט, ווי די אָנגעקלאָגטע פון מענער־געשלעכט. זיי, די שוואַכע, צאַרטע פרויען האָט מען ניט געגעבן טרינקען, ווי סאָקראַטן, דעם בעכער גיפט, נאָר מען האָט זיי אַרונטערגעשליידערט פון אַ הויכן פעלז אין טיפן טאָל...

די ערשטע פון אָט די באַוואוסטע מאַרטירערינס פון אַלטערטום איז געווען אַ יונגע מיידל מיטן נאָמען נינאָס, אָדער נינאָן, ווי דער אַלט־אידישער היסטאָריקער יאָזעפוס רופט איר אָן. זי האָט ניט געקאָנט צוזען די ליידן פון די אין־אָרעמקייט־אונטערגייענדיקע האָרעפּאַשניקעס. זי האָט זיי אָרגאַניזירט אין ערדאַנאָסן. נאָר אין יענער אַלטער צייט איז אַלץ געווען אַרומגעשפּונען מיט רעליגיע, און יעדער ערדאַנאָס איז, ווי שוין אויבן דער־מאָנט, אויך געווען אַ טהיאַסאָס, אַ רעליגיעזע געמיינשאַפט און אַ קאָאָפּעראַ־

טיווע געזעלשאַפט. יעדער נייער מיטגליד האָט אויך געדאַרפט ווערן איינגעשוואָרן לויט געוויסע רעליגיעזע צערעמאָניעס. ביי די געמיינשאַפטלעכע מאָלצייטן פון דעם עראַנאָ־טהיאַסאָס פלעגט מען אויך זאָגן אַ תפילה אָדער זינגען אַ הימן צום שוץ־גאָט פון דער געזעלשאַפט. ניגאָס האָט אָרגאַניזירט אירע געזעלשאַפטן אונטער דעם שוץ פון דער נייער (אין אַטען פרעמדער) גאָטהייט, דיאָניזוס קאַטהעגעמאָן, דער פאַרלויפער, אָדער אָנזאָגער פון דער מענטשלעכער גאולה. לויטן געזעץ פון אַטען איז געווען שטראָפבאַר מיט טויט צו גרינדן אַזאַ אָרגאַניזאַציע אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון דער עקלעזיאַ. נאָר קריגן אַזאַ דערלויבעניש איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע סומען געלט, וועלכע די אָרעמע ניגאָס איז ניט געווען אימשטאַנד צו שאַפן.

ניגאָס האָט געהאַט אַף זיך נאָך אַ שווערע אָנקלאַגע. זי האָט זיך באַנוצט מיט אירע אָרגאַניזאַציעס צו באַפרייען שקלאַפן. אַטען, מיט ווייניקער ווי 40,000 איינוואוינער, האָט אין יענער צייט פאַרמאָגט אַרום 400,000 שקלאַפן. זי האָט דערפאַר געהאַט גענוג אורזאַכן מורא צו האָבן פאַר יעדן פרייהייט־געדאַנק צווישן זיי. עס איז דערפאַר געווען געפערלעך



טיפּ פון אַ גריכיש מיידל אין פאַרצייטיקן אַטען.

אָנצוקלאָגן עמיצן דירעקט פאַר אָרגאַניזירן די אָרעמע מאַסן און פאַר באַפרייען קנעכט. ניגאָס, אַזוי ווי סאָקראַט, ווערט דערפאַר אָנגעקלאָגט הויפּטזעכלעך אַלס פאַרדאַרבערין פון דער יוגנט. אַף אַ שיין, יונג מיידל האָט מען עס נאָך מער געגלויבט, ווי אַף דעם אַלטן, באָרוועסן שטיינהאַקער. איר אָנקלאָגער, דעמאָסטהען, וועלכער איז געווען אַ בריה צו פאַרדרייען פאַקטן און פאַרלוימדן די, וועמען ער האָט אָנגעקלאָגט, האָט פון דער איינשווערונג־צערעמאָניע אין ניגאָס'עס אָרגאַניזאַציעס אויסגעשפּינט די באַשולדיקונג, אַז זי האָט צעשטערט די מאָראַל פון דער יוגנט דורך פאַרקויפן און געבן ליבע־געטראַנקען.

דער זעלבער באַליבטער אַדוואָקאַט פון די רייכע און פּריווילעגירטע אַטענער בירגער, האָט אויך געפירט דעם פּראָצעס פון אַן אַנדער מאַרטירערין, טהעאָרים. די שיינע טהעאָרים איז געווען אַ פּריסטערין פון אַ פרעמדער גאָטהייט, ביי וועלכער די אָרעמע אומוויסנדיקע מאַסן האָבן געזוכט שוץ. אַזוי ווי נינאָס, אַזוי האָט אויך די יונגע טהעאָרים זיך אָפּגעגעבן מיט באַפרייען שקלאַפן דורך אירע ערגאַנאַ־טהיאַסאָסן.

דאָס קויפן שקלאַפן און זיי פאַרקויפן אין פרייהייט צו אַ באַליבטן גאָט איז געווען געזעצלעך אין אַלטן גריכנלאַנד. מען האָט עס אפילו פּראַק־טיצירט אין רייכן, אַריסטאָקראַטישן טעמפּל פון דעלפי. עס האָט געהייסן, אַז דער שקלאַף איז געוואָרן פאַרקויפט צום גאָט פון טעמפּל,* און נאָכדעם ווי ער אַרבעט דאָרט אָפּ אַ געוויסע צייט פאַר דעם אויסלייז־געלט, ווערט ער אַ פרייער מענטש. קיינעם האָט ניט געאַרט, ווען דאָס האָט געטאָן אַ רייכער שקלאַפן־האַלטער, וואָס האָט אַמאָל געוואָלט באַלוינען זיינעם אַ שקלאַף. נאָר די שקלאַפן־האַלטער האָבן עס באַטראַכט מיט שרעק, ווען דאָס איז געוואָרן פּראַקטיצירט אין מאַסן פון די געהיימע פּראָלעטאַרישע אָרגאַ־ניזאַציעס, אין דעם נאָמען פון געטער, וואָס וועלן דערלייזן אַלע מענטשן פון שקלאַפעריי.

(לויט דער מיינונג פון שעמאַן, אַ גרינטלעכער פאָרשער פון גריכישן אַלטערטום, האָט זיך טהעאָרים דער עיקר אינטערעסירט מיט עקאָנאָמישע פּראָבלעמען און האָט זיך כּלל ניט אָפּגעגעבן מיט רעליגיעזע ענינים. נאָר די פּאַרצייטיקע גריכישע שרייבער, וועלכע דערמאָנען איר נאָמען, זאָגן, אַז זי איז פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט ווייל זי האָט אַריינגעבראַכט אין לאַנד פרעמדע אָפּגעטער.)

אַן אַנדער פרוי וועלכע דער רייכער אַדוואָקאַט דעמאָסטהען האָט אָנגע־קלאָגט פאַר דעם זעלבן פאַרברעכן וואָס נינאָס און טהעאָרים זיינען באַגאַנגען, איז געווען גלאַוקאָטהעאַ, די מוטער פון אַטענישן שטאַטסמאַן עסכינעס. דעמאָסטהען איז געווען אַ באַזיצער פון צוויי ווערקשטאַטן, איינעם פון מעסערס און שווערדן, דעם צווייטן פון אייזערנע בעטן. עס האָבן ביי אים געאַרבעט אַ סך שקלאַפן, וועלכע פלעגן זיך אָפט צעבונטעווען. איינמאָל האָבן אפילו די שקלאַפן דערהרגעט דעם פאַרוואַלטער פון זיין געשעפט. דער גרויסער אַדוואָקאַט איז דערפאַר געווען שטאַרק פאַרביטערט קעגן די שקלאַפן, קעגן די אַרבעטער און קעגן די אַלע וועלכע סימפּאַטיזירן מיט זיי. ווען ער איז צעקריגט געוואָרן מיט דעם איינפלוסרייכן עסכינעס, וועלכער איז אויך געווען אַ גלענצנדיקער רעדנער, האָט דעמאָסטהען געזוכט צו נעמען נקמה פון זיין שונא דורך אָנקלאָגן זיין מוטער אין אָרגאַניזירן אומגעזעצלעכע

ערגאָ־טהיאַסאָסן אין נאָמען פֿון פֿרעמדע אָפּגעטער. דעמאָסטהען האָט אויסגעפֿונען דורך זיינע שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרס אַלע איינשווערונגס־מיסטעריעס פֿון גלאַוקאָטהעאַ׳ס געהיימע פּראָלעטאַרישע געזעלשאַפֿטן. ער האָט אויך אויסגעפֿונען, אַז דער גרויסער עסכינעס זעלבסט איז דאָרט אַ מיטגליד און האָט זיך איינגלווייז אויך באַטייליקט אין איינשווערן נייע מיטגלידער.

גלאַוקאָטהעאַ׳ס מאַן, עסכינעסעס פֿאָטער, איז, לויט דעמאָסטהענ׳ס דערקלערונג, געווען אַ געוויסע צייט אַ שקלאַף. נאָכדעם האָט ער זיך פֿאַר־דונגען פֿאַר אַ סאָלדאַט אין אַזיע. צולעצט האָט ער געעפֿנט אַ „סקאָלע״ (שול) אין אַטען אין וועלכער גלאַוקאָטהעאַ און אויך דער יונגער עסכינעס האָבן מיטגעאַרבעט. גלייכצייטיק האָבן זיי אָנגעהויבן אָרגאַניזירן געהיימע געזעלשאַפֿטן און די טעטיקייט האָט די מוטער ניט אויפֿגעגעבן אויך שפּעטער, ווען איר געראָטענער זון איז געשטיגן פֿון אַ שיק־אינגל צו אַן אַקטיאָר, און פֿון אַ סאָלדאַט צו אַ פּראָמינענטן שטאַטסמאַן. דעמאָסטהענ׳ס אויפֿדעקונגען האָבן אונטערגעמינעוועט עסכינעסעס איינפֿלוס און ער האָט געמוזט פֿאַר־לאָזן אַטען. נאָר צי ער איז געווען אימשטאַנד צו ראַטעווען זיין אַלטע מוטער איז ניט באַוואוסט.

גאָר ווייניק איז באַקאַנט וועגן דעם לעבן פֿון די מאַרטירערינס נעעראַ (אויך איר אָנקלאָגער איז געווען דעמאָסטהען) און טריפֿעראַ. פֿון דער לעצטער איז געבליבן בלויז דער נוסח פֿון איר מצבה. מער איז באַקאַנט וועגן דער שיינער פֿרינע, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פֿון טויט אַ דאַנק דעם רעספּעקט פֿאַר שיינקייט ביי די אַלטע גריכן. זי איז געווען אַ מאָדעל פֿון דער ווענוס, וואָס אַ גרויסער גריכישער סקולפּטאָר האָט געמאַכט. גלייכ־צייטיק האָט זי געהערט צו אַ פּראָלעטאַרישער געזעלשאַפֿט, אַ טהיאַסאָס, אונטער דעם שוץ פֿון דעם זעלבן פֿרעמדן אָפּגאָט וואָס ניניאָס, טהעאָרים און אַנדערע מאַרטירערינס זיינען געשטאַנען. דאָס דערמאָנטע איז געווען דער אויבנדערמאָנטער דיאָניס קאַטהעגעמאָן, אָדער „איסאָדאַיטעס״ (גלייך צעטיילן, געבן אַלעמען גלייכע חלקים). אין דער אָנקלאַגע קעגן איר האָט דער באַשולדיקער געזאָגט:

„איך האָב איך, אַטענער, געוויזן פֿרינע׳ס גאָטלעסטערונג. זי האָט זיך אָן שום בושה אָפּגעגעבן צו אויסגעלאַסנקייט. זי האָט איינגעפֿירט אַ נייעם אָפּגאָט. זי האָט פֿאַרזאַמלט די אומגעזעצלעכע מיטגלידער פֿון דעם טהיאַסאָס, וואָס איז באַשטאַנען פֿון מענער און פֿרויען.״

דאָס צוגעבן צו דער אָנקלאַגע אויסגעלאַסנקייט, איז געווען בלויז אַ

מיטל זי צו דערנידעריקן. טויט־שטראָף איז געקומען בלויז פאַר אַריינפירן אַ נייעם אָפּגאָט. באַזונדערס ווען דאָס איז דער גאָט פון אַ ברידערשאַפט, וואָס איז קעגן שקלאַפעריי און וואו עס הערשט גלייכהייט אויך צווישן מענער און פרויען.

פרינע האָט געהאַט דאָס גליק צו האָבן פאַר איר אַדוואָקאַט דעם גלענצנ־דיקן אַטענישן רעדנער היפעריד. ער איז געשטאַנען פאַר געבן בירגער־שאַפט צו די מעטעקן, (די אויסלענדישע איינוואוינער פון אַטען), און פריי־לאָזן די שקלאַפן. שפּעטער, ווען די מאַקעדאָניער האָבן פאַרנומען גריכנ־לאַנד איז ער געשטאָרבן אַ מאַרטירער טויט.

ווען היפעריד האָט געזען, אַז דער באַשולדיקער (מעגלעך אַז דאָס איז געווען דער דערמאָנטער דעמאַסטהען) קריגט מער איינפלוס אויף דעם פאָלקס־געריכט פון 50 מיטגלידער, האָט ער אַרונטערגעריסן פון איר לייב דעם מאַנטל און געוויזן די געשוואָרענע ריכטער איר אויסערגעוויינלעכע שיינקייט. דערביי האָט ער געדונערט: ווילט איר צעשטערן אָט די געטלעכע שיינקייט, וואָס איז דער אָריגינאַל פון די סטאַטועז פון אייערע אומשטערבלעכע געטי־נען? דאָס האָט געווירקט און זי איז באַפרייט געוואָרן.

נאָר אַזוינע „נסים” פלעגן זעלטן פּאַסירן. די מערסטע פרויען וואָס האָבן אָפּגעגעבן זייער לעבן אין דינסט פון פרייהייט און גלייכהייט, האָבן געטיילט דעם מאַרטירער־טויט פון נינאָס, טהעאָרים און זייער גלייכן.

# פּרעדיקער פון אַסקעטיזם

באַלד נאָך סאָקראַט׳ס מאַרטירער־טויט האָט זיך באַשטעטיקט זיין דער־קלערונג אין געריכט, אַז זיין טויט וועט אַרויסברענגען קעגן דער בירגער־לעכער געזעלשאַפט אַ סך מענטשן, וועמען ער האָט צוריקגעהאַלטן.

די באַוואוסטע אַריסטאָקראַטישע זין, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום סאָקראַטן, זיינען נאָך זיין הינריכטונג זיך צעלאָפן נאָך אויסלאַנד. נאָר זיינע נאָמענלאָזע תלמידים צווישן די אָרעמע מאַסן האָבן אָנגעהויבן אַנט־וויקלען זיינע אידייען אויף אַ זייער ברייטן מאַסשטאַב.

דער הויפּט צווישן אָט די פּראָלעטאַרישע אַגיטאַטאָרס איז געווען סאָקראַט׳ס אַן עלטערער תלמיד, אַנטיסטהען (444—365 פּ. ק.). זיין מוטער האָט געשטאַמט פון טראַקיע, און ער איז דערפאַר אַלס אַ מעטעקע אויס־געשלאָסן געווען פון דער פּריווילעגירטער בירגערשאַפט. ווען אַנטיסטהען ווערט אָרעם און לעבט צווישן די האָרעפּאַשנע מאַסן אין פּירעאוס, די האַפן־שטאָט פון אַטען, דערוויסט ער זיך פון סאָקראַט׳ס לערן. אַנטיסטהען גייט דאַן יעדן טאָג צופוס פון פּירעאוס נאָך אַטען, כדי צו הערן סאָקראַטן ריידן. אָפט ברענגט אַנטיסטהען מיט עטלעכע פון זיינע פּראָלעטאַרישע חברים.

נאָך סאָקראַט׳ס הינריכטונג האָט אַנטהיסטען אָנגעהויבן האַלטן רעדעס אין אַטען פאַר די סאַמע אָרעמסטע מאַסן. זייער פאַרזאַמלונג־פּלאַץ האָט געהייסן קינאָס־אַרגעס. די אָנהייגער פון דער נייער לערע האָט מען דערפאַר אָנגערופן קיניקער אָדער ציניקער. שפּעטער, ווען זיי זיינען געוואָרן פּאָפּולער־און באַוואוסט אַלס קעגנער פון דער בירגערלעכער געזעלשאַפט אין אַלע אירע פאָרמען האָט מען אַריינגעלייגט אין דעם וואָרט דעם צונעמעניש הינט (קיאָן). די קיניקער האָבן זיך דערמיט ניט געשעמט, און זייערער אַ דיכטער, קערקידאָס, האָט זיי באַזונגען אַלס „הימלישע הינט״, אַן אָנדייטונג אויפן שטערן, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „הונט״.

אַרונטערוואַרפן מיט געוואַלד די אומגערעכטע געזעלשאַפטלעכע אָרדע־נונג פון זייער צייט זיינען די ניט־באַוואָפנטע גריכישע אָרעמע לייט און שקלאַפן ניט געווען אימשטאַנד. זיי האָבן דערפאַר געמאַכט פון זייער נויט אַ טוגנט און פאַרניינט אַלע ערדישע תענוגים. די אומווויסנדיקע און אַבער־גלויבערישע צווישן די אָרעמע מאַסן האָבן זיך אַריינגעלאָזן אין מאַגיק, און אַלערליי מיסטעריעס און צויבערייען. זיי האָבן זיך גרופּירט אַרום יעדער נייער גאָטהייט, אפשר קאָן זי זיי מיט וואָס עס איז העלפן. די אויפגע־קלערטע און דיינקענדיקע עלעמענטן צווישן די אָרעמע מאַסן האָבן זיך

אָנגעכאַפּט אָן סאָקראַט׳ס לערע, אַז דער העכסטער ציל פון מענטשן איז טוגנט, טאָן גוטס. נאָר אַזוי ווי סאָקראַט האָט דערקלערט, אַז טוגנט פירט צו גליקזעליקייט, האָבן זיי זיך געשטעלט די פראַגע: וואָס מיינט גליקזעליקייט? און געענטפערט, אַז גליקזעליקייט מיינט האָבן וואָס מען באַדאַרף. איז דאָך אָבער די צרה, אַז זיי, די אָרעמע און אונטערדריקטע פעלט אַזוי פיל באַדערפענישן. האָבן זיי מבטל געמאַכט די אַלע באַדערפענישן, וואָס פעלן זיי, און זיינען געוואָרן גליקזעליק...

דער אמתער גוטער מענטש, האָבן דערקלערט אָט די פּרעדיקער פון אַסקעטיזם, דאַרף זיך באַנוגענען מיט אַזוי ווייניק, ווי מעגלעך, וואָרום וואָס ווייניקער ער באַדאַרף, אַלץ גרינגער איז אים צו דערפילן זיינע באַדערפענישן און דערגרייכן גליקזעליקייט. זיי האָבן דערפאַר באַטראַכט די מערסטע ערדישע גליקן פאַר אַן „אַדיאַפאָראָן", אַ גלייכגילטיקע זאַך. דער עיקר איז נאָר טראַכטן ווי צו טאָן גוטס און זיך דערווייטערן פון שלעכטס.

און אין דער צייט, וואָס אַנדערע ראַדיקאַלע ריכטונגען האָבן גע־שטעלט דעם טראָפּ אויף דער גלייכהייט — איזאָנאָמי (אַלע גלייך פאַרן געזעץ), איזאָטאָמי (אַלע גלייכע מיוחסים), איזאָגאָריא (אַלע גלייך פאַר פרייער רעדע), האָבן אָט די אַסקעטישע אינדיווידואַליסטן געלייגט די הויפּט־געוויכט אויף דער פרייהייט. זיי האָבן געוואָלט זיין פריי ניט בלויז פון אַלע צאַמען, וואָס די מענטשלעכע געזעלשאַפט האָט פאַר זיי געמאַכט, נאָר אויך פון די אייגענע ליידנשאַפטן און פאַרלאַנגען. זיי האָבן דערפאַר מיט באַזונדער אייפער געפּריידיקט די מדה פון זעלבסט־קאָנטראָל, מיט וועלכער סאָקראַט האָט זיך אויסגעצייכנט. זייער אידעאַלאַנג, אַנטיסטהען, איז געווען אַ מאַן מיט אַן אייזערנעם ווילן און מיט אַן אומפאַרגלייכלעכן זעלבסט־קאָנטראָל.

די קיניקער האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס ביי זיי איז ניט געווען קיין חילוק צווישן טעאָריע און פּראַקטיק. זיי האָבן געלעבט טריי צו זייערע אידייען. זייער לערער אַנטיסטהען האָט אַליין געגוי פּראַקטי־צירט, וואָס ער האָט געפּרעדיקט פאַר אַנדערע. זיינע באַדערפענישן האָט ער רעדוצירט צו אַ מינימום. זיין גאַנץ אייגנטום איז באַשטאַנען פון אַ מאַנטל פון גרויען לייוונט, וואָס ער האָט געטראָגן סאַי זומער און סאַי ווינטער, אַ טאָרבע און אַ שטעקן. אָט דער הילוך האָט הונדערטער יאָרן נאָכאַנאַנד געגאָלטן אַלס מוסטער פאַר אַלע קיניקער אין גריכנלאַנד און אין אַנדערע לענדער.

ווי עס איז שוין דערמאָנט געווען אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל האָבן די אָרעמע מאַסן אינם אַלטערטום אידעאַליזירט זייערע טראַדיציעס פון אַ פריי־

מיטיוועך קאָמוניסטישער אור־געזעלשאַפט. אַזוי ווי די עגיפּטישע, אידישע און אַנדערע פֿאָלקמאַסן, האָבן אויך די געקריוודעטע, פּאַראָרעמטע, פאַר־שולדיקטע און פאַרשקלאַפטע גריכישע מאַסן געגלויבט אין אַ „פאַרלאָרענעם גן־עדן", אין דער „מלוכה פון סאַטורן", אין אַלטע, גוטע צייטן, ווען מענטשן האָבן געלעבט אין גליק און פרידן, אין גלייכהייט און פרייהייט. נאָר די קיניקער זיינען געגאַנגען ווייטער אַף צוריק. זיי האָבן געהאַלטן, אַז אַזוי ווי די פּרימיטיווע מענטשן, אויך בהמות און חיות, האָבן נאָך ווייניקער באַ־דערפעניש, קומט אויס לאָגיש, אַז זיי זיינען אַ סך פרייער פאַר ציוויליזירטע מענטשן. די קיניקער האָבן דערפאַר, אַזוי ווי אַמאָל די אידישע „בני־רכב". אין נייגטן יאָרהונדערט פ. ק., און דער כינעזישער לאָא־צע, אין פינפטן יאָרהונדערט פ. ק., גערופן „צוריק צו דער נאַטור" !

מיט זיין שטאַרקער שאַפנדיקער פאַנטאַזיע האָט זייער פאָרשטייער אַנטי־סטהען געמאָלן אידיליעס פון דעם פּרימיטיוון לעבן, איידער די מענטשן זיינען געוואָרן איבערגעפירט דורך דער ציוויליזאַציע. צווישן די פראַגמענטן פון די פאַרלאָרענע צען בענד פון זיינע ווערק, געשריבן אין אַ שיינעם איינ־פאַכן סטיל, ווערט דערמאָנט איין ווערק, „איבער דער נאַטור פון חיות". דורך זיין מעטאָדע פון פאַרגלייכן און ציען פּאַראַלעלן און קאָנטראַסטן, שטעלט דאָרט אויף אַנטיסטהען די טעאָריע, אַז דער מענטש איז הילפלאָזער ווי חיות און עופות, ווייל די ציוויליזאַציע האָט אים דערווייטערט פון דער נאַטור און ניט געגעבן קיין געלעגנהייט צו אַנטוויקלען נאַטירלעכע שוצמיטלען, ווי אַנדערע באַשעפענישן. אַרויסגייענדיק פון זעלבן שטאַנדפּונקט, מאַכט אַנטיסטהען צו קליין דעם ווערט פון דעם פאַבלהאַפטן געטלעכן פרייהייט־קעמפער פּראָמעטעאוס. אַנטיסטהען דערקלערט, אַז צעאוס (דער גריכישער אויבערגאָט) האָט ניט באַשטראָפט פּראָמעטעאוסן פאַר גנבענען דעם הימלישן פייער און אים ברענגען צו די מענטשן, ווייל פּראָמעטעאוס האָט זיי דערמיט געטאָן „אַ בערישע טובה". דאָס פייער האָט די מענטשן געבראַכט די ציוויליזאַציע, די סבה פון אַלע זייערע אומגליקן...

צוליבן זעלבן מאָטיוו לאַכט אויס אַנטיסטהען דעם לעגענדאַרן העלד פּאַלאַמעדעס, וואָס ווערט באַטראַכט אַלס ציוויליזאַטאָר פון אַלטן גריכנלאַנד. לויט ווי די לעגענדע דערציילט, איז פּאַלאַמעדעס באַשולדיקט געוואָרן אַלס פאַררעטער אין דער מלחמה קעגן טראָי און ער איז פאַרשטיינערט געוואָרן. באַמערקט דערצו אַנטיסטהען, אַז די גריכישע מאַסן האָבן זיך ניט אָנגענומען פאַר אָט דעם העלד, ווייל זיי זיינען שוין געווען אַנטוישט אין די ברכות פון דער ציוויליזאַציע... אין אַן אַנדער ווערק, „דער שטאַטסמאַן", ווייזט אָן אַנטיסטהען, אַז די גרויסע גריכישע שטאַטסלייט, וואָס האָבן געמאַכט גרויס

זייערע מלוכות, האָבן דערמיט געבראַכט די אַלע אומגליקן פון אומגלייכהייט און אומגערעכטיקייט א. א. וו., וואָס פירן גריכנלאַנד צום אונטערגאַנג. פון זעלבן שטאַנדפּונקט מאַכט אויך אַנטיסטהען צו קליין דעם גריכישן גלאַנץ־פּעריאָד פון פּעריקלעסעס צייטן און לאַכט אויס די פּאַטריאָטישע אומאָפּהענגיקייט־מלחמות קעגן פּערסיע.

אַנטיסטהענ׳ס לערע איז געווען פאַרשטענדלעכער פאַר די אָרעמע מאַסן און שקלאַפן, ווי די לערן פון סאָקראַט. אַנטיסטהען האָט געליבט דעם אמת און אין אַלץ געזוכט דעם אמתן תוך. ער איז געווען קעגן סתם ספּעקו־לירן און האָט אויך ניט געהאַלטן פון סאָקראַט׳ס מעטאָדע אויפצושטעלן אַלגעמיינע אַבסטראַקטע באַגריפן. לויט אַנטיסטהענ׳ס מיינונג זיינען פאַראַן אין דער נאַטור בלויז איינצלנע זאַכן און ניט קיין אַלגעמיינע אידייען. „איך זע אַ פערד, ניט קיין פערדהייט״, האָט ער דערקלערט. זאָגן, אַז אַ בוים איז אַ פלאַנץ, האָט ער באַמערקט, איז ניט מער לאָגיש, ווי זאָגן, אַז אַ בוים איז אַ בוים. ער האָט דערפאַר ליבער אָנגערופן יעדע זאַך מיטן ריכטיקן נאָמען, און זיך אויסגעדריקט אַזוי איינפאַך און קלאָר, אַז אַלע זיינע חברים פּראָלעטאַריער האָבן אים געקאָנט פאַרשטיין.

אין איינקלאַנג מיט דעם רוף „צוריק צו דער נאַטור״, האָט אַנטיסטהען געלערנט, אַז דער מענטש דאַרף לעבן לויט די געזעצן פון דער נאַטור און זיך ניט רעכענען מיט געזעצן, מנהגים און עטיקעטן פון דער געזעלשאַפט. שקלאַפעריי שטאַמט ניט פון דער נאַטור, דאַרף זי ניט עקזיסטירן. די ליבע דאַרף זיין פריי, די קינדער דערצויגן פון דער געזעלשאַפט. די גאַנצע וועלט איז דאָס פאָטערלאַנד פון דעם פאַרשטענדיקן מענטשן. עס דאַרפן דעריבער אָפּגעשאַפט ווערן די באַזונדערע שטאַט־מלוכות, און די גאַנצע וועלט דאַרף זיין איין גרויסע מדינה פון פרייע מענטשלעכע גרופּעס, אָדער קאָמונעס. די פיל־געטעריי איז געבויט אויף שקר. אין אמתן איז דאָ בלויז איין גאָט, די רעגולירנדיקע קראַפט פון דער נאַטור. אים צו דינען דאַרף מען ניט קיין טעמפּל און פּריסטער. זיין גאָטעסדינסט איז — לעבן לויט די פּרינציפּן פון דער טוגנט, צו טאָן דאָס, וואָס איז גוט.

אַנטיסטהענ׳ס תלמיד, דיאָגען פון סינאָפּע, ביים שווארצן ים, איז דער פּאָפּולערסטער פון אַלע אַלט־גריכישע פּראָלעטאַרישע פילאָזאָפן. ער איז געווען נאָך מוטיקער, געוואַגטער פון אַנטיסטהענען. דיאָגענען האָט מען באַ־טראַכט פאַר אַ קאַריקאַטור אויף סאָקראַטן. די קעגנער האָבן אים גערופן „דער משוגע געוואָרענער סאָקראַט״. ער האָט געלעבט זייער לאַנג. עס ווערט געזאָגט, אַז ער איז געשטאָרבן מיט אַלעקסאַנדער מוקדנען אין איין טאָג, אין 323 פ. ק. ווען ער האָט פאַרלאָזן זיין אַלטע היים, פון וואַנען מ׳האָט

אַרויסגעטריבן זיין פאָטער, אַ חלפן, וואָס איז געווען אָנגעקלאָגט אין מאַכן פאַלשע געלט, איז ער געווען באַגלייט פון אַ שקלאַף. האָט ער געזאָגט: „אויב מאַנעס קאָן אויסקומען אָן דיאָגענען, פאַרוואָס ניט דיאָגען אָן מאַנעסן״, און ער איז אַוועק פון אים. אין אַטען איז ער געוואָרן אַ תלמיד פון אַנטי־סטהענען. שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין קאָרינט, וואו ער איז געווען דער לערער פון אַ גבירס צוויי זין. לויט אַ טראַדיציע איז ער דאָרט געקומען אַלס שקלאַף. פּיראַטן האָבן אים געכאַפּט פאָרנדיק אַפן ים און אים פאַר־קויפט אין שקלאַפעריי. ווען מען האָט אים געפרעגט, וואָס איז זיין באַ־שעפטיקונג, האָט ער געענטפערט: רעגירן איבער מענטשן... אויב איינער דאַרף האָבן אַ מייסטער איבער זיך, זאָל ער מיך קויפן...

אַזוי ווי סאָקראַט, איז דיאָגען געווען אַ קעגנער פון די עלעאוזיאַנישע מיסטעריעס, וואו די רעכטלאָזע מאַסן פלעגן ניט ווערן צוגעלאָזן. דיאָגען האָט פון זיי חוזק געמאַכט, און אָנגעוויזן, אַז לויט די, וואָס גלויבן אין דעם, קומט אויס, אַז ווען אַ גנב ווערט איינגעשוואָרן אין די עלעאוזיאַנישע מיס־טעריעס, איז ער זיכער מיט זעליקייט אַף דער וועלט און אַף יענער וועלט, ווי די סאַמע בעסטע און גרעסטע מענטשן...

דיאָגען איז אַלעמאָל געווען שלאָגפערטיק, גראָב־סאַרקאַסטיש צו די רייכע און מעכטיקע, איידל־עלעגאַנט צו די אָרעמע און פאַרפאָלגטע. נאָר כאָטש ער האָט די רייכע שטאַרק אויפגערעגט, האָבן זיי אים ניט פאַרפאָלגט.



דיאָגען.

דיאָגענ׳ס פּרעדיקן אַסקעטיזם, זיין לערנען די אָרעמע מאַסן צו רעדוצירן זייערע באַדערפעניש צו די פון בהמות און חיות, און צו ליידן און דולדן, איז שטאַרק געווען געפעלן די פּריצים און גבירים. עס איז דערפאַר קיין

חדוש ניט, וואָס דער הערשנדיקער קלאַס האָט באַהאַנדלט דיאָגענען מיט רעספּעקט. עס ווערט אַפילו דערציילט, אַז אַלעקסאַנדער מוקדן אַליין האָט באַזוכט דיאָגענען און אים געפרעגט, מיט וואָס ער קאָן אים דינען, און אַז דיאָגען האָט געענטפערט, אַז דער קעניג זאָל זיך אָפּרוקן אַביסל, ווייל ער פאַרשטעלט אים די זון...

אויך פון דיאָגענ׳ס ווערק איז ווייניק געבליבן. פון זיינע זיבן ביכער דראַמען זיינען געבליבן נאָר שורות, וואו ער רעדט קעגן „שמוציקן לוקסוס". די אָרעמע מאַסן זיינען ניט געווען אימשטאַנד צו פאַרהיטן פון צעשטערונג די ווערק פון זייערע לערער. נאָר דער עצם פון דיאָגענ׳ס לערע איז באַוואוסט. עס זיינען אויך פון אים באַקאַנט מאַסן ווערטלעך און פּאַראַדאָקסן. עס ווערט דערציילט, אַז ער האָט אויך אויסגעאַרבעט אַן אוטאָפּיע „רעפּובליק", אין וועלכער ער האָט פאָרגעשלאָגן אָפּצושאַפן אַלע נאַציאָנאַלע, סאָציאַלע און געשלעכטלעכע גרענעצן. ער האָט דאָרט אויך ניט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן גריכן און אַנדערע פעלקער, העלענען און באַרבאַרן. פּריוואַט־אייגנטום אַפּן באָדן האָט ער ניט דערלויבט, און באַוועגלעכע גיטער האָט ער שטאַרק באַשריינקט. דאָס געלט זאָל, ווי אין אַלטן ספּאַרטאַ, ניט באַשטיין פון איידעלע מעטאַלן, כדי עס זאָל ניט האָבן קיין ווערט. דיאָגען שלאָגט פאָר די מטבעות זאָלן זיין פון שטיינער און ביינער... ווי אַנטיסטהען, איז אויך דיאָגען קעגן די שטאָט־מלוכות און פאַר אַ וועלט־מלוכה פון פרייע קאָמונעס.

בבלל אונטערשיידן זיך דיאָגענ׳ס לערן ווייניק פון אַנטיסטהענ׳ס. נאָר ער שטרייכט אונטער שאַרפער דאָס אָפּזאָגן זיך פון יעדער זאַך, אָן וואָס מען קאָן אויסקומען. עס ווערט דערציילט, אַז ווען דיאָגען האָט געזען אַ פּויער טרינקען מיט די הענט, האָט ער (דיאָגען) צעבראָכן זיין הילצערנע שיסעלע, פון וועלכער ער פלעגט טרינקען... ווי איינער פון די אידישע תהלים־דיכטער, זאָגט דיאָגען, אַז יסורים און הונגער העלפן צו דערגרייכן דאָס גוטע... אַלס אידעאָלאָג פון די, וועמען די נויט האָט געצוואונגען זיך פון אַלץ אָפּצוזאָגן האָט דיאָגען געזוכט זיך און זיי איינצורעדן, אַז אַ פאַרשטענדיקער מענטש האָט די פרייע בחירה צו טאָן וואָס ער וויל און איז אומאָפּהענגיק פון שיקזאַל...

# העלאָטן־בונטאַרן און דעמאָס־קאָמוניסטן

ספּאַרטאַ, דער מעכטיקסטער שטאָט אין אַלטן גריכנלאַנד, איז געווען באַרימט פאַר דער שטריינגער דיסציפּלין און מיליטערישער דערציאונג פון איר הערשנדיקן קלאַס.

דער הערשנדיקער קלאַס פון ספּאַרטאַ איז באַשטאַנען פון אַ מיליטע־רישער ברודערשאַפט, אַ קאָמונע פון פּריצים, וואָס לעבן אָפּן צווייטנס חשבון.

אַליין אַ מינדערהייט, וואָס באַהערשט די גרויסע באַפעלקערונג פון לאַקעדאַימאָניער און העלאָטן אין דרום־גריכנלאַנד, האָבן די ספּאַרטיאַטאַי, אָדער ספּאַרטאַנער, שוין אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט אָנגענומען מיטלען ווי אַזוי צו בלייבן די הערשנדיקע מאַכט. לויט זייער טראַדיציע, האָט דער געזעצגעבער ליקורג, אין 9טן יאָרהונדערט פ. ק., איינגעפירט צווישן זיי אָט דעם מיליטערישן קאָמוניזם, מיט וועלכן זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט.

ליקורג׳ס „רהעטרען״ (תורה־ווערטער) זיינען ניט געווען פאַרשריבן, נאָר זיי זיינען איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל צו די שפּעטערע דורות. אַלע זיטן און מנהגים פון ספּאַרטאַ האָבן זיך גערעכנט פאַר זיין ווערק. עס האָט געהייסן, אַז ער האָט איינגעפירט אַלע געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, דעם דאָפּל־קעניגטום, כדי איין קעניג זאָל שטערן דעם צווייטן און ביידע זאָלן זיך מוזן אונטערוואַרפן דעם ווילן פון די בירגער; די געזעצגעבנדיקע קערפּערשאַפטן, די עפאָרי (העכסטע ריכטער), די גערוזיע (אַ מין סענאַט), און די אַפּולאַ (פאָלקס־פאַרזאַמלונג) א. אַ. וו. נאָר באַ־זונדער איז זיין נאָמען געווען פאַרבונדן מיט דער אַגאָגע (די עפנטלעכע זיטן) און מיט דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט צווישן די פּריצים.

יעדער ספּאַרטאַנער בירגער האָט געדאַרפט האָבן אַ גלייכן טייל לאַנד, באַאַרבעט פון זיבן העלאָטן־משפּחות. „העלאָטן״ האָבן געהייסן די לייב־אייגענע, די פאַנשטשיזניקעס פון די ספּאַרטאַנער. די העלאָטן זיינען ניט געווען קיין פּערזענלעכע שקלאַפן, נאָר שטאַט׳ס אייגנטום. קיינער האָט זיי ניט געטאָרט טויטן, פאַרקויפן, פאַרשיינקען, אַרויספירן פון לאַנד א. אַ. וו. דאָך האָבן זיי געמוזט טאָן שקלאַפן־אַרבעט פאַר יעדן ספּאַרטאַנער, וואָס האָט זיך גענויטיקט אין דעם, אפילו ווען ער איז ניט געווען דער האַר פון דעם באָדן, וואָס זיי האָבן באַאַרבעט. די העלאָטן פלעגן דאַרפן צושטעלן די פּריצים אַרום 120 בושל גערשטן און אַ געוויסע מאָס אויל און וויין, וואָס פלעגט צוזאַמען באַטרעפן אַ העלפט פון די פּרוכט פון זייער אַרבעט.

די העלאָטן זיינען געווען אין גרויסע מאַסן. זיי האָבן אויך ביי יעדער

געלעגנהייט געמאַכט אַ פאַרזוך אַרונטערצואַוואַרפן דעם יאָך פון זייערע האַרן. האָבן די לעצטע געזוכט אָנצוהאַלטן זייער ממשלה דורך פאַרשיידענע מיטלען. צוערשט דורך זייער מיליטערישער דיסציפּלין, דאַן דורך אָנהאַלטן צווישן זיך אַ געוויסע מאָס גלייכהייט כּדי צו בילדן אַן איינהייטלעכן פראָנט קעגן זייערע העלאָטן. זייער יוגנט פלעגט זיך אויפהאַלטן אין קאַזאַרמעס, און אַלע האָבן זיי געהאַט זייערע געמיינשאַפטלעכע מאָלצייטן, וואו זיי פלעגן עסן די זעלבע ברויט און פלייש, לויט די אַלטע פאָרשריפטן פון כשרקייט אָדער ריינקייט. קיינער האָט ניט געטאָרט עסן אין דער היים קיין טייערע געריכטן און טרינקען באַרוישנדיקע געטראַנקען, ליגנדיק אויסגעשפּרייט אַף קאָסטבאַרע דיוואַנען, ווי דאָס פלעגן טאָן די רייכע לייט אין אַנדערע שטאַטן. זוער עס האָט ניט אָפּגעהיט אָט די עפנטלעכע מנהגים אין עסן, קליידונג, דערציאונג א. אַ. וו., האָט פאַרלאָרן זיין בירגער־רעכט.

כּדי אָנצוהאַלטן די גלייכהייט, עס זאָל ניט אַנטשטיין אָרעם און רייך צווישן אָט די ספּאַרטאַנער פּריצים און זיי זאָלן ניט ווערן שונאים איינע די אַנדערע, האָבן זיי באַשטימט, אַז דער באָדן געהערט צום שטאַט. קיינער טאָר דערפאַר ניט פאַרקויפן, ניט אַוועקשיינקען, ניט לאָזן ירושה און ניט צעטיילן זיין לאַנד. דאָס לאַנד מוז בלייבן אין דער פאַמיליע, אונטער דער פירערשאַפט פון עלטערן זון. אַ ברודער, וואָס האָט גענוג לאַנד, קאָן ניט ווערן קיין יורש פון דער גאַנץ־אויסגעשטאָרבענער הויז. אין אַזאַ פאַל קערט זיך אום דאָס לאַנד צוריק צום שטאַט. די קינדערלאָזע ספּאַרטאַנער פלעגן דערפאַר אַדאָפּטירן זין פון קרובים, וואָס האָבן אַ סך קינדער, אָדער נעמען פאַר איידעמס אַזוינע מענער, וואָס זיינען געבליבן אָן לאַנד. ווען נאָך אָט די אַלע מיטלען איז דאָך געוואָרן צו ווייניק לאַנד פאַר דער ניי־אָנוואַקסנדיקער יוגנט, זיינען די ספּאַרטאַנער באַפאַלן פרעמדע לענדער און צעטיילט צווישן זייער יוגנט דעם דעראָבערטן באָדן און געמאַכט די דאָרטיקע באַפעלקערונג פאַר העלאָטן.

די העלאָטן האָבן זיך כּסדר געבונטעוועט, באַזונדערס די פון די שפּעטער־דעראָבערטע לענדער, וואָס האָבן נאָך גוט געדיינקט דעם טעם פון אומאָפּהיינגיקייט. האָבן די האַרצלאָזע ספּאַרטאַנישע יונקער אויסגעטראַכט אַלערליי מיטלען, ווי אַזוי צו מאַכן פּאָגראָמען אַף די העלאָטן, וואָס קאָנען זיי ווערן געפערלעך אין צייט פון אַ מלחמה.

איינס פון אָט די אויסראָטונג מיטלען איז געווען דער אָנפאַל אין געהיים אַף די אומבאַוואָפנטע העלאָטן ביי דער אַרבעט אַפן פעלד. דאָס פלעגט צוגיין אַף אַזאַ מין אופן:

יעדן יאָר פלעגן ווערן דערוויילט פינף הייכע ריכטער, אָדער משגיחים,

די עפאָרי, וועלכע פלעגן דאַרפן אָפּהיטן דעם פּרינציפּ פון גלייכהייט און דעמאָקראַטיע צווישן די הערשנדיקע ספּאַרטאַנער. אָט די משגיחים אַף דעמאָקראַטיע פלעגן, אַריינטרעטנדיק אין זייער אַמט, דערקלערן קריג די העלאָטן, כדי זייער שחיטה זאָל זיין כשר. די עפאָרי פלעגט דאַן אויסקלייבן אַ געוויסע צאָל פון די חשובסטע בירגער, וועלכע זיינען געווען אָרגאַניזירט אין דער „קריפּטייא", אַ מין זשאַנדאַרמעריע קעגן די העלאָטן. אָט די יונגע לייט זיינען אַלע געווען אַטלעטן און געוואוסט גוט ווי צו באַנוצן דעם קינזשאַל.

„דער אָנפירער פון אָט די יונגע", שרייבט דער גריכישער היסטאָריקער פלוטאַרך, „פלעגט באַפעלן די קליגסטע, כיטרעסטע (יונגע לייט) פון צייט צו צייט זיך צו פאַרשפּרייטן איבערן לאַנד, מיטנעמענדיק מיט זיך בלויז זייערע קינזשאַלן און די סאַמע נויטיקסטע באַדערפענישן. בייטאָג פלעגן זיי זיך באַהאַלטן און רוען אין די פריוואַטסטע פלעצער, וואָס זיי האָבן געקאָנט געפינען. נאָר ביינאַכט פלעגן זיי זיך פאַרשפּרייטן אַף די וועגן און דערמאָרדן אַלע העלאָטן, וועלכע זיי האָבן געקאָנט טרעפן. יאָ, אַמאָל אויך אין מיטן טאָג פלעגן זיי באַפאַלן זיי, אַף די פעלדער (ביי דער אַרבעט) און אויסשלאַכטן די טיכטיקסטע און שטאַרקסטע פון זיי."

אַ באַזונדער פאַרברעכן קעגן די העלאָטן איז געוואָרן באַגאַנגען אין דער צייט פון פעלאָפּאָנעזישן קריג, ווען ספּאַרטאַ און אירע פעלאָפּאָנעזישע עליים האָבן געפירט מלחמה קעגן אַטען. וועגן דעם דערציילט דער היסטאָריקער טהוקידיד, וואָס האָט אַליין דורכגעלעבט יענע שטורמדיקע צייט.

ווען די מלחמה איז געוואָרן אַלץ שווערער, און ספּאַרטאַ האָט זיך גענויטיקט אין אַלץ מער און מער סאָלדאַטן, האָט זי געמוזט פאַרבויגן איר כבוד און זיך ווענדן נאָך הילף צו די העלאָטן. זי האָט זיי דערפאַר צוגעזאָגט פרייהייט. די העלאָטן האָבן געקעמפט ווי העלדן, און 2,000 פון זיי האָבן זיך באַזונדערס שטאַרק אויסגעצייכנט און פאַרדינט כשר זייער פרייהייט. נאָר ווי אַזוי ספּאַרטאַ האָט זיי באַלוינט, דערציילט אונז טהוקידיד מיט פאָלגנדע ווערטער:

„צווישן די העלאָטן, וואָס האָבן געהאַט דאָס רעכט און דעם וואונטש צו ווערן אָפּגעשיקט אהיים, האָט זיך באַוויזן אין דער שטאָט פילאָס אַ גרויסע מאַסע, וואָס האָבן געדינט די לאַקעדאַימאָניער, די ספּאַרטאַנער, אַלס טרייע סאָלדאַטן און גוואַרדיסטן. נאָך אַן אונטערזוכונג איז באַשטימט געוואָרן, אַז פאַר זייער מוטיקער אויפפירונג פאַרדינען זיי צו ווערן פריי. עס האָט געזאָלט פאָרקומען אַ צערעמאָניע פון ערנהאַפטער באַפרייאונג, אין וועלכער זיי זאָלן ווערן געקריינט מיט גירלאַנדן, אַזוי גיך ווי עס וועט ווערן באַשטימט

גענוי די צאָל פון די, וואָס האָבן עס פאַרדינט. צומלעצט זיינען צוויי טויזנט פון זיי געוואָרן אויסגעקליבן פון דער גרויסער מאַסע צו ווערן באַדעקט מיט לאָרבער־קראַנצן און זיינען געוואָרן געפירט צום מזבח פאַר הייליקער איינ־שווערונג. באַלד נאָכדעם זיינען זיי פון דעם פּלאַץ געהיימניספול פאַר־שוואונדן, יעדער איינער פון זיי. קיינער האָט ניט געקאָנט אויסגעפינען, וואוהין זיי זיינען פאַרשוואונדן."

אָט די שוידערהאַפטע בלוט־באַד אַף די אויסדערוויילטע פּראָלעטאַרישע העלדן האָט ארויסגערופן גרויס אויפרעגונג ניט בלויז צווישן די העלאָטן, נאָר צווישן אַלע אַנדערע אונטערדריקטע קלאַסן פון ספּאַרטאַ.

לויטן געזעץ זיינען אַלע ספּאַרטאַנער — אָרעם און רייך, געבילדעטע און אומוויסנדיקע — געווען איין דעמאָס (פאָלק) פון האָמאָיען (הארן), אַן „עם סגולה", און אָט דאָס אויסדערוויילט פאָלק, דאָס האָמאָיען־דעמאָס, שטייט אַנטקעגן זיינע אונטערטאַנען אַלס פּריווילעגירטער הערשנדיקער פּריצים־שטאַנד. נאָר צווישן זיך אַליין איז אָט דער „דעמאָס" פון די „האָ־מאָיען" צעפאַלן אין צוויי קלאַסן — 1) אין אַ מינדערהייט, וואָס האָט, ניט געקוקט אַף אַלע געזעצן אַנצוהאַלטן גלייכהייט, געוואָרן רייך און אָנגעזען, האָט פאַרכאַפּט אַלע השובע עמטער און זיך אויסגעבילדעט אַלס עכטער אַדל־שטאַנד; 2) אַ מערהייט פון די אָרעמע און אומוויסנדיקע, וואָס איז געוואָרן דער „המון" קעגן יענע „פּני".

נידעריקער פון אָט דעם המון אָרעמע, אומוויסנדיקע בירגער זיינען געשטאַנען די „היפּאָמייאַנעס" (מינדערבאַרעכטיקטע). זיי זיינען געווען עכטע ספּאַרטאַנער פון געבורט, דאָך ניט קיין גלייכבאַרעכטיקטע האָמאָיען־דעמאָס, ווייל זיי האָבן ניט געקאָנט דערפילן די באַדינגונגען פון אַ פולן בירגער.

אַ פולער בירגער האָט געדאַרפט אָפּהיטן די „אַגאָגע", די געבאָטן פון ליקורג. ווער עס האָט ניט אָפּגעהיט די ספּאַרטאַנישע דינים און מנהגים, איז געוואָרן אויס האָמאָיע און איז אַרונטערגעזונקען צום שטאַנד פון די מינדערבאַרעכטיקטן היפּאָמייאַנען. דאָס גלייכן האָט פאַרלאָרן זיין האָמאָ־יען־רעכט יעדער ספּאַרטאַנער, וואָס האָט ניט געצאָלט דעם באַשטימטן שטייער פאַרן געמיינזאַמען מאָלצייט. די אָרעמע ספּאַרטאַנער האָבן דער־פאַר אָפט פאַרלאָרן זייער בירגער־רעכט, זייער „פּאָליטעיאַ", דאָס רעכט צו וויילן און ווערן דערוויילט צו אַן אַמט.

רעכטלאָזער ווי די מינדערבאַרעכטיקטע ספּאַרטאַנער זיינען געווען די פּעריאָיקן, די לאַקעדאַמאָניער אונטערטאַנען, די גרויסע מאַסן פּויערים, סוחרים און בעלי־מלאכות פון לאַקאָניע. די פּעריאָיקן זיינען געווען מער ווי

דריי מאָל אַזוי פיל, ווי די ספּאַרטאַנער. זיי האָבן געהאַט אַף זיך אַלע פליכטן, געדאַרפט גיין אין מלחמה און צאָלן הויכע שטייערן, נאָר ניט גע־האַט קיין שום רעכטן. די באַאַמטע פון זייערע געמיינדן האָבן געמוזט זיין ספּאַרטאַנער. זייער לעבן איז ניט געווען קיין סך טייערער ווי פון די העלאָטן. אויך זיי האָבן די עפאָרן געמעגט הייסן טויטן אָן שום משפט.

נאָר זייענדיק אַ מיטלקלאַס, צעטיילט אין רייכע און אָרעמע, האָבן זיי נאָך וויניקער ווי די העלאָטן געהאַט מוט זיך אַרויסצושטעלן קעגן זייערע ספּאַרטאַנער הערשער. די ספּאַרטאַנער האָבן ניט געטאָרט אַרבעטן און האַנדלען, זיינען די פּעריאָיקן געווען די בעלי מלאכות און סוחרים, שיף־בויער און פאַבריקאַנטן; זייערע פאַבריקן זיינען געווען גערימט אין אויס־לאַנד פאַר זייערע גוט־אויסגעאַרבעטע קענדלעך, וואָגנס, וואַפן, שוכוואַרג, מאַנטלען א. אַ. וו. עס זיינען אויך געווען צווישן זיי גרויסע מייסטער אין פאַרשיידענע קונסטן. זייערע פּויערים פלעגן אַליין באַאַרבעטן די ערד, אָדער מיט דער הילף פון שקלאַפן, נאָר ניט מיט העלאָטן, וואָס זיינען געווען שטאַטס־אייגנטום און געהערט צו דער פּריצישער־מיליטערישער קאָמונע.

צווישן די פּעריאָיקן און די העלאָטן זיינען געשטאַנען די „נעאָדאַמאָדן", די פרייגעלאָזענע העלאָטן, אָדער ערשט זייערע קינדער. זיי האָבן געמעגט, ווי פּעריאָיקן, זיך אָפּגעבן מיט מלאכה און מסחר, זיין טאָג־אַרבעטער, פּעכטער א. אַ. וו. און אַפילו קויפן לאַנד צווישן די פּעריאָיקן. אָן אויסנאַם צווישן זיי זיינען געווען די קינדער פון ספּאַרטאַנישע אַדעליקע טאַטעס און העלאָטישע מאַמעס. זיי האָבן דורך אַ ספּעציעלער דערלויבעניש פון שטאַט געקאָנט קריגן בירגער־רעכט, ווען זייערע אַדעליקע טאַטעס האָבן זיי לעגיטימירט, אַדאָפּ־טירט און געלאָזן רייכע ירושות. אַזוינע „מאָטהאַקער" האָבן אויך געקאָנט ווערן הויכע באַאַמטע. נאָר זיי זיינען ניט געווען חשובער ווי די „עפּעאונ־אַקטן" (בעט־גענאָסן). די קינדער פון העלאָטישע טאַטעס און ספּאַרטאַנישע מאַמעס (וועלכע מען האָט דערלויבט צו הייראַטן מיט די העלדישע פּראָלע־טאַרישע העלאָטן, נאָך אַ מלחמה, ווען עס איז ניט געווען גענוג מענער פאַר די ספּאַרטאַנער כלה־מיידלעך און קינדערלאָזע יונגע אַלמנות).

אַף אַ נידעריקערן שטאַפּל פון די נעאָדאַמאָדן זיינען געשטאַנען די פריי־געלאָזענע אָדער האַרנלאָזע שקלאַפן, די אַ־דעספּאָטאָאי (דעספּאָטלאָזע). זיי זיינען באַשטאַנען ניט פון העלאָטן, נאָר פון געקויפטע אָדער קריגס־גע־פאַנגענע פּריוואַט־שקלאַפן.

אויפצוהויבן אָט די אַלע אונטערדריקטע קלאַסן צו אַ פּאַראייניקטער טאַט קעגן די ספּאַרטאַנער האַרן איז דערפאַר ניט געווען קיין לייכטע אונטער־נעמונג. דאָך האָט זיך געפונען אין ספּאַרטאַ אַ יונגער, מוטיקער העלד,

קינאַדאָן, וואָס האָט געוואָגט אונטערצונעמען אָט די שווערע אויפגאַבע.

## קינאַדאָן

דער יונגער קינאַדאָן איז געווען אַ היפּאָמייאָן, אַ מינדעררעכטיקער ספּאַרטאַנער. דאָך האָט ער, אַ דאַנק זיין העלדישקייט, מוט און אינטעליגענץ, זיך דערוואָרבן אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין ספּאַרטאַ. די עפאָרן האָבן אים אָפט אָנגעטרויט שווערע געהיימע שליחותן. ער האָט געקענט גענוי די „סבירדי" (געהיים פּאָליציי) און געוואוסט ווי זיך אויסצוהיטן פון זיי. עס איז אים אויך געלונגען אונטערצודריקן די קנאה־שנאה פון די פאַרשיידענע אונטערדריקטע קלאַסן צווישן זיך און זיי צו פאַראייניקן מיט די העלאָטן צו אַ גרויסער מאַכט, אין די שטעט און אויפן לאַנד, קעגן ספּאַרטאַ׳ס מיליטערישער דעספּאָטיע.

נאָר ווי אין אַלע צייטן, זיינען אויך דעמאָלט געווען אין ספּאַרטאַ מער פּחדנים ווי העלדן. עס האָט אויך ניט געפעלט דער פאַררעטער, וואָס האָט פאַרקויפט זיינע חברים פאַר געלט. האָט מען עס געמאָלדן די עפאָרן. עס האָט געהייסן, אַז די געטער האָבן געוואָרנט דעם קעניג.

קסענאָפאָן, דער באַוואוסטער תלמיד פון סאָקראַט, וואָס האָט שפּעטער געוווינט אין ספּאַרטאַ, גיט איבער גענוי די ווערטער פון מסור. דער פאַררעטער איז געשטאַנען מיט קינאַדאָנען אויפן מאַרק־פּלאַץ. האָט קינאַדאָן געזאָגט:

— צייל אויס, וויפיל ספּאַרטאַנער זיינען דאָ אויפן מאַרק־פּלאַץ.

איבערציילנדיק דעם קעניג, די עפאָרן, געראָנטן (סענאַטאָרן) און נאָך 40 אַנדערע, האָט דער פאַררעטער געפרעגט:

— פאַרוואָס, קינאַדאָן, הייסטו מיר ציילן אָט די מענער?

— זיי וויסן, — האָט קינאַדאָן געענטפערט, — אַז אָט די מענער זיינען דיינע שונאים, און אַלע איבעריקע אויפן מאַרק־פּלאַץ, איבער 4 טויזנט אין צאָל, זיינען דיינע פריינט. קוק אויף די גאַסן און איך וועל דיר ווייזן איין שונא דאָ און אַן אַנדערן דאָרטן. אַלע איבעריקע וועלן זיין אויף אונזער זייט. גיי אַרויס אויף די גיטער פון די ספּאַרטאַנער, און פאַר יעדן קעגנער, וואָס דו וועסט געפינען צווישן די האַרן, וועלן זיין מאַסן נאָכפאָלגער צווישן די פּויערים.

ווי דער פאַררעטער האָט דערציילט, איז די גאַנצע פאַרשווערונג געווען אָנגעפירט פון אַ קליינער צאָל פערזאָנען, וועמען קינאַדאָן האָט פאַרטרויט. און יענע האָבן געהאַנדלט זייער קאָנספּיראַטיוו. נאָר קינאַדאָן האָט אים

געזאָגט:

אַלע זיינען גרייט בייצוטראָגן זייער טייל, העלאָטן און נעאדאמאָדן, לאַקאָניער (פּעריאָיקן) און אונזערע אייגענע (ספּאַרטאַנער) הייפּאָמייאַנען. וואָרום צווישן אָט די אַלע איז ניטאָ איינער, וואָס זאָל ניט ריידן פון די ספּאַרטאַנער (הארן), ווי ער זאָל זיי וועלן איינשלינגען רויערהייט...

אויף דער פראַגע פון די עפאָרן: ווי אַזוי האָט קינאַדאָן געזאָלט באַוואָפּענען די מאַסן, האָט דער פאַררעטער געענטפערט, אַז קינאַדאָן האָט אַזוי געזאָגט:

— עס פאַרשטייט זיך, אַז די פון אונז, וואָס זיינען אין דער אַרמיי, האָבן זייערע אייגענע וואָפן. און וואָס איז נוגע די מאַסן, זע (ער האָט אים געוויזן דעם אייזן־מאַרק, וואו עס זיינען געלעגן מאַסן מעסערס, שווערדן, שפּיזן, לאָמען, העק, קאָסעס א. ד. גל.), אָט די אַלע וואָפן, מיט וועלכע מענטשן באַאַרבעטן דאָס לאַנד, האַקן האָלץ און שטיין, קאָנען אויך זיין וואָפן. דאָס גלייכן די מערסטע געצייג פון אַנדערע מלאכות.

די עפאָרן זיינען געווען אין טויט־שרעק, ווען זיי האָבן דערהערט פון קינאַדאָנ׳ס פאַרשווערונג. זיי האָבן אפילו ניט געוואָגט אָפּצוהאַלטן אַ פאַרמעלע זיצונג וועגן דעם, נאָר זיך געטראָפן דאָ און דאָרט, ווי קאָנספּיראַטאָרס. אין שטאָט גופא האָבן זיי אים מורא געהאַט צו אַרעסטירן, עס זאָל ניט אויסברעכן קיין אויפשטאַנד. האָבן זיי געשיקט קינאַדאָנען אויף אַ געהיימער מיסיע צו אַרעסטירן געוויסע פּעריאָיקן און העלאָטן, און אים מיטגעגעבן אַ באַוואָפנטע וואַך, וואָס האָט געהאַט דעם באַפעל אים צו אַרעסטירן. ערשט ווען ער איז געווען אין זייערע הענט, האָבן זיי אויך אַרעסטירט זיינע מיטהעלפער, דעם נביא טיסאָמען און אַנדערע, וועמעס נעמען עס ווערן ניט דערמאָנט.

מען האָט זיי געשמידט אין קייטן, אַרויפגעלייגט שווערע אייזנס אויף זייערע אָרעמס און העלזער, און מיט שמייץ און קלעפּ געטריבן דורך די גאַסן, ביז זיי האָבן אויסגעהויכט זייערע לעצטע אָטעמס (397 פ. ק.).

---

נאָענט פון 200 יאָר זיינען פאַרגאַנגען נאָך דער הינריכטונג פון קינאַדאָן ביז צום זיג פון די העלאָטן איבער זייערע הארן פון ספּאַרטאַ.

אינצווישן האָט ספּאַרטאַ דורכגעמאַכט אַ לאַנגע עפּאָכע פון מלחמה און בירגער־קריג.

די פאַרשווערונג פון קינאַדאָן אין יאָר 397 פ. ק. האָט געוויזן די הארן פון ספּאַרטאַ, אַז זיי זיינען פאַרהאַסט ביים גאַנצן האָרעפּאַשנעם פאָלק פון וועמעס פּראַצע זיי לעבן. זיי האָבן דערפאַר פּרובירט אָפּציען די אויפמערק־

זאמקייט פון פאָלק אין אַנדערע ריכטונגען. דער בעסטער מיטל דערצו איז געווען דעמאָלט, אַזוי ווי היינט, פירן דאָס פאָלק אין מלחמה. נאָר די מלחמות האָבן זיך געענדיקט זייער טראַגיש פאַר ספּאַרטאַ און דער קלאַסנ־קאַמף אין אירע רייען איז געוואָרן אומפאַרמיידלעך.

אין איר מלחמה קעגן דער אימפּעריע פון אַטען, האָט די פּריצישע ספּאַרטאַ אָנגענומען די לאָזונג פון פולער אומאָפּהענגיקייט פאַר יעדער גריכישער שטאָט־מלוכה. נאָר אַזוי גיך ווי ספּאַרטאַ האָט געזיגט, האָט זי אָנגעהויבן באַהאַנדלען די גריכישע שטעט־רעפּובליקן ווי אירע אונטערטאַנען. זי האָט אין יעדער שטאָט אַריינגעשיקט סאָלדאַטן און אומעטום געשטיצט די פּריצים קעגן די בירגער. די לעצטע האָבן רעוואָלטירט, דערשלאָגן די פּריצים און פאַרטריבן די ספּאַרטאַנער סאָלדאַטן. די זיגער טראָגן אויך באַלד אַריבער דעם קאַמף אַפן באָדן פון ספּאַרטאַ. אין יאָר 370 האָט אַריינ־געמאַרשירט אַ בירגערלעכע אַרמיי (פון טעבן) אין דער שטאָט ספּאַרטאַ גופא, וואָס האָט הונדערטער יאָרן ניט געזען קיין שונא אין אירע גאַסן, און איז געלעגן אָפן, ניט אַרומגעצאַמט מיט קיין פעסטונג, נאָר פאַרטרויט אַף אירע העלדישע קריגער. דער אַלטער מעכטיקער בונד פון די פּעלאָפּאָ־נעזישע שטעט אונטער ספּאַרטאַ איז פאַנאַנדערגעפאַלן. אַ טייל פון זיי האָבן געגרינדעט אַ נייע פעדעראַציע מיט אַ נייער עקסטרע אויסגעבויטער הויפּט־שטאָט, מעגאַלאָפּאָליס (גרויס־שטאָט). פּעלאָפּידאַס, דער קאָמאַנדיר פון דער טעבאַנישער פאָלקס־אַרמיי, האָט געפאָדערט אַ פרייע פעדעראַציע פון אַלע גריכישע שטעט און אינזלען אונטער דער הערשאַפט פון פאָלק. לויט זיין פאָרשטעלונג פון דער וועלט האָט דאָס געמיינט די פאַראייניקונג פון דער גאַנצער ציוויליזירטער מענטשהייט אין אַ לעבן פון גליק און פרידן.

דער קאַמף פון די פאָלקסמאַסן קעגן די פּריצים האָט זיך פאַרשפּרייט אויך אין קאָנסערוואַטיוון דרום, וואָס איז הונדערטער יאָרן געשטאַנען אונ־טערן איינפלוס פון ספּאַרטאַ. די ספּאַרטאַנער פּריצים האָבן זיך שוין ניט געקאָנט מער פאַרלאָזן אַף זייערע קליינבירגערלעכע אונטערטאַנען, די פּעריי־אָיקן. ספּאַרטאַ זאָגט דעמאָלט צו פרייהייט פאַר די העלאָטן, זיי זאָלן איר ליפערן טרייע סאָלדאַטן. נאָר באַלד דרינגט אַריין די טעבאַנישע אַרמיי אין מעסעניע, דעם מיטלפּונקט פון די העלאָטן און די לעצטע דאַרפן ניט מער קעמפן פאַר זייער פרייהייט ביי ספּאַרטאַ.

ספּאַרטאַ ווערט געראַטעוועט פון אונטערגאַנג בלויז מיט דער הילף פון אירע אַמאָליקע שונאים, די אַטענער דעמאָקראַטן. נאָר צו איר אַמאָליקער מאַכט איז זי שוין מער ניט צוריקגעקומען. פון די אַרום 10,000 ספּאַרטאַנער „האָמאָיען־דעמאָס" (האַרן־פאָלק) זיינען געבליבן ווייניקער ווי 2,000 און

אויך די האָבן זיך געהאַלטן כסדר אין פאַרמינדערן. גלייכצייטיק האָט אויך אָנגעהויבן צוזאַמענברעכן די „אַגאָגע", די אַלטע מנהגים פון דיסציפּלינירטער דערציאונג און מיליטערישן שטאַט־סאָציאַליזם.

שוין פאַרן פּעלאָפּאָנעזישן קריג, האָבן די רייכע ספּאַרטאַנער געפונען וועגן און מיטלען ווי אַזוי אויסצומיידן די „אַגאָגע". למשל, לויטן אַלטן ניט־געשריבענעם געזעץ איז געווען פאַרבאָטן צו האָבן איידעלע מעטאַלן, גרויסע גיטער און פירן געשעפטן. פּלעגט דער שטאַט האַלטן זיין שאַץ־קאַמער אין טעמפּל פון דעלפי און די רייכע לייט האָבן געהאַלטן זייער גאָלד און זילבער אין אַרקאַדיע. געשעפטן האָבן זיי געפירט אַפן נאָמען פון די פּעריאָיקן.

נאָכן פּעלאָפּאָנעזישן קריג, ווען ספּאַרטאַ איז אַ וויַיל געווען די הער־שערין פון גריכנלאַנד, האָט דער שטאַט אָנגעהויבן האַלטן זיין גאָלד איז ספּאַרטאַ גופא. די זיגרייכע מלחמה האָט געמאַכט רייך אַ סך ספּאַרטאַנער, באַזונדערס די האַרמאָסטן (גענעראַל גובערנאַטאָרן), וועלכע האָבן אויס־געזויגן די באַפעלקערונג פון די באַזועצטע שטעט. די רייך־געוואָרענע הער־שער פון ספּאַרטאַ זאָגן זיך אָפּ פון די לעצטע שפּורן פון דעם טראַדיציאָנעלן ליקורגישן קאָמוניזם. זיי האָבן אָפּגעשאַפט דעם פאַרבאָט צו פאַרקויפן באָדן, וואָס האָט לויטן אַלטן געזעץ געהערט צום שטאַט. דערמיט האָט זיך געעפנט אַ וועג פאַר פּריוואַט־אייגנטום אויך אַפן לאַנד און באַלד זיינען אַנטשטאַנען צווישן די ספּאַרטאַנער גרויסע גוט־באַזיצער און באַזיצלאָזע. אַ סך זיינען אויך געוואָרן באַזיצלאָז צוליבן פאַרלוסט פון מעסעניע. צום סוף פון 4טן יאָרהונדערט פ. ק., ווען עס זיינען געבליבן בלויז 700 עכטע ספּאַרטאַנער בירגער, זיינען צווישן זיי געווען 100 רייכע גוטבאַזיצער און 600 אָרעמע בירגער. די לעצטע האָבן זיך געמוזט אָפּגעבן מיט מלאכה אָדער ווערן פאַכטער און אַרבעטן אַזוי ווי פּשוטע העלאָטן, כאָטש אַן עכטער ספּאַר־טאַנער האָט זיך ניט געטאָרט אָפּגעבן מיט האַנדל און מלאכה.

די רייכע פּלעגן נאָך כלומרשט אָפּהיטן אַ טייל פון דער „אַגאָגע". קומען אין דער פידיטאַ (געמיינשאַפטלעכע קיך) און עטוואָס געניסן פון די געמיינ־שאַפטלעכע מאכלים צוזאַמען מיט די אָרעמע בירגער, נאָר נאָכדעם פּלעגן זיי אַוועק אין זייערע רייכע היימען, וואו זיי האָבן געלעבט אין גרויס לוקסוס און פרעסן און זויפן און הולטאַיעווען ווי די גבירים פון אַנדערע שטעט.

די גבירישע עפאָרן (די העכסטע ריכטער) וואָס זיינען געווען די משגי־חים אַף דער „אַגאָגע", האָבן זיך אַליין אַרויסגענומען פון כלל. זיי האָבן נאָר אַכטונג געגעבן אַז די אָרעמע בירגער זאָלן אָפּהיטן די אַלע מנהגים, צאָלן זייער טייל שטייער פאַר די געמיינזאַמע מאָלציַיטן א. א. וו. אַט די

יחסנים האָבן זיך שוין אויך ניט מער פאַרלאָזן אַף זייערע אייגענע כּחות צו האַלטן אין צאַם זייערע פּעריאָיקן, העלאָטן א. א. וו. זיי האָבן דערפאַר געדונגען סאָלדאַטן פון דער פרעמד און אויך אַרומגענומען די שטאָט מיט פעסטונגען.

נאָר אָט די אַלע מיטלען האָבן ניט געקאָנט פאַרמיידן דעם צוזאַמענ־שטויס צווישן אָרעם און רייך. די אָרעמע ספּאַרטאַנער בירגער האָבן זיך פאַראייניקט מיט די פּעריאָיקן און געפאָדערט אַ נייע צעטיילונג פון באָדן, אַזוי ווי עס האָבן געפאָדערט די אָרעמע פּויערים פון אַטען אין צייט פון סאָלאָן מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר פריער.

די אָרעמע מאַסן בירגער און פּעריאָיקן האָבן געפאָדערט די באַנייאונג פון דעם טראַדיציאָנעלן ליקורגישן געזעץ, וואָס האָט געראַנטירט גלייכהייט. זיי האָבן זיך געשטיצט אַף די אַלטע טראַדיציעס, אַז אויך אין ליקורג׳ס צייט האָבן די רייכע פאַרכאַפּט דאָס לאַנד, נאָר ליקורג האָט דורכגעצוואונגען אַ נייע צעטיילונג פון דעם לאַנד. די וואָרטזאָגער פון די פאַראָרעמטע בירגער זיינען געווען הויפּטזעכלעך פּאַטריאָטן. זיי האָבן געחלומט פון יענע אַלטע גוטע צייטן, ווען ספּאַרטאַ האָט געוואָרפן אַן אימה אַף אירע שכנים. כּדי ווידער צו באַנייען דעם אַלטן ספּאַרטאַנישן אָדער לאַקעדאַימאָנישן שטאַט, האָבן זיי געהאַלטן פאַר וויכטיק אויסצופילן דעם אָפּגרונט צווישן אָרעם און רייך. אַלע זאָלן האָבן גלייכע חלקים לאַנד און אַ גלייכע צאָל העלאָטן וואָס זאָלן פאַר זיי אַרבעטן... דעמאָלט וועט זיין מעגלעך ווידער צו דערציען אַ דור פון דיסציפּלינירטע העלדן, וואָס באַנוגענען זיך מיט ווייניק, לעבן אין שותּפותדיקע געצעלטן, עסן שותּפותדיקע מאָלצייטן און אַנטלויפן קיינ־מאָל ניט פאַר קיין שונא, נאָר זיגן אָדער פאַלן.

אין מיטן פון 4טן יאָרהונדערט פ. ק. זיינען די נאַציאָנאַל־סאָציאַלע רעפאָרמער פון ספּאַרטאַ אַרויסגעטראָטן מיט אַזאַ מין פּלאַן: דער רעשט פון די ספּאַרטאַנער, צוזאַמען מיט די „בעסערע״ לייט צווישן די פּעריאָיקן און אויסלענדער, אין צאָל פון 4,500 פאַמיליע־פאָטערס וועלן באַשטימט פאַר עכטע ספּאַרטאַנער, „האָמאָיען־דעמאָס״, און זיי צעטיילן צווישן זיך דעם באָדן פון דער אייגנטלעכער ספּאַרטאַ אין גלייכע 4,500 חלקים. די איבע־ריקע מיליטעריש־פּייאיקע 15,000 קליינבירגער, די פּעריאָיקן, קריגן צע־טיילט אין גלייכע חלקים דעם באָדן פון לאַקאָניע (לאַקעדאַימאָן).

די טראַדיציעס און לעגענדעס פון ליקורג׳ס צייטן זיינען געוואָרן צוגע־פּאַסט צו די נייע אומשטענדן פון טאָג. דאָס אָרעמע בירגערטום האָט זיי באַנוצט אַלס אַ מעכטיקן וואָפן אין קריג קעגן די אַלץ איינשלינגענדיקע גבירים. די סאָציאַלע רעפאָרמער האָבן דערציילט אַזאַ מעשה:

„אַמאָל, אין דער גאָר אַלטער צייט, האָט געהערשט גרויס אומגלייכ־הייט אין דער מלוכה פון ספּאַרטאַ. זי איז געווען פול מיט אָרעמע נויט־ליידנדיקע מענטשן. די גאַנצע רייכקייט איז געוואָרן צוזאַמענגעקליבן אין ווייניקע הענט.

„כדי צו קאָנען פאַריאָגן פון לאַנד גאווה, קנאה, לוקסוס, פאַרברעכן, ווי אויך נאָך ערגערע איינגעוואָרצלטע קראַנקהייטן, פון איין זייט דורך נויט און פון דער אַנדערער זייט דורך איבערפלוס, האָט ליקורג (אין יאָר 804 פ. ק.) באַאיינפלוסט די רייכע בירגער זיך אָפּצוזאָגן פון זייערע גיטער און מסכים זיין אויף אַ נייער צעטיילונג פון דעם לאַנד, כדי אַלע זאָלן לעבן אויף אַ גלייכן שטייגער. ער האָט צעטיילט דאָס לאַנד אין ספּאַרטאַ גופא אין 9,000 חלקים. און דאָס לאַנד פון לאַקאָניע אין 30,000 חלקים. יעדער חלק איז געווען גענוג צו האַלטן די קערפּערס אין גוטן געזונט און אין שטאַרקייט.

„אַלס מיטל אָנצוהאַלטן גלייכקייט צווישן די בירגער און צו פאַרמיידן גייציקייט און האַבזוכט, האָט ליקורג אויך באַפוילן אַז גאָלד און זילבער זאָלן זיך געפינען נאָר אין דער קהלשער קאַסע און צירקולירן זאָלן בלויז אייזערנע מטבעות..."

אַזוי איז אידעאַליזירט געוואָרן דאָס מיליטעריש לעבן פון אַלט־ספּאַרטאַ, מיט אירע געמיינשאַפטלעכע קוואַרטירן (קאַזאַרמעס) און געמיינשאַפטלעכע סעודות און איר גאַנצער געזעלשאַפטלעכער לעבן, כדי דאָס זאָל דינען אַלס מוסטער פאַר די נייע רעפאָרמען, וואָס דאָס אָרעמע בירגערטום האָט גע־פאָדערט.

נאָר די אָרעמע בירגערלעכע מאַסן פון ספּאַרטאַ זיינען געווען צו נידער־געשלאָגן אַליין צו קעמפן. זיי האָבן געוואַרט אויף אַ פירער פון אויבן. אַזאַ פירער האָט זיך געפונען אין דער פּערזאָן פון דעם יונגטלעכן פּרינץ, אַגיס, וועלכער איז אין יאָר 244 פ. ק. געוואָרן איינער פון די צוויי קעניגן פון ספּאַרטאַ.

## אַגיס

ספּאַרטאַ האָט געהאַט צוויי קעניגן. גאָר קיין גרויסע מאַכט האָבן זיי ביידע ניט געהאַט. די הויפּט דעה איז געלעגן אין דער עפאָרי (העכסטן געריכט) און אין דער גערוזיא (ראַט פון די זקנים). די עפאָרן און די גראָנטן (וואָס האָבן געמוזט זיין אַלט איבער זעכציק יאָר), זיינען באַשטאַנען פון די רייכסטע פאַמיליעס פון לאַנד און געהאַט ווייניק סימפּאַטיע פאַר די פאָדע־רונגען פון די אָרעמע מאַסן.

דער עלטערער פון די צוויי קעניגן פון ספּאַרטאַ, לעאָניד, האָט פאַר־בראַכט אַ היפּשע צייט אין פּערסיע, וואו ער האָט זיך איינגעוואוינט צו קוקן אַף די מאַסן מיט די אויגן פון אַן אָריענטאַלישן דעספּאָט. פּאַרקערט, דער יונגער אַגיס, וואָס איז געוואָרן קעניג נאָך ניט זייענדיק אַלט קיין צוואַנציק יאָר, איז שטאַרק באַאיינפלוסט געוואָרן פון די גריכישע סאָציאַל־פילאָזאָפן, פון די סאָציאַלע פאָדערונגען פון דער פאַראָרעמטער בירגערשאַפט פון ספּאַרטאַ און פון די טראַדיציעס און לעגענדעס פון ליקורג׳ס קאָמוניזם אין פאַרצייטיקער ספּאַרטאַ. אַגיס איז דערפאַר גרייט געווען אויסצונוצן זיין קעניגלעכן איינפלוס צו באַנייען, אָדער איינפירן אין ספּאַרטאַ דעם ליקורגישן קאָמוניזם. ער געווינט אויך פאַר זיין אידייע זיין פרוי אַגיאַ, זיין מוטער אַגעסיסטראַ און זיין באָבן ארכידאַמיאַ, וועלכע האָבן געהערט צו די רייכסטע פונם לאַנד. זיי האָבן אפילו אָנגעהויבן אַגיטירן פאַר אַגיסעס אידייען צווישן זייערע באַקאַנטע אַריסטאָקראַטישע פרויען, וועלכע האָבן געהאַט גרויס איינפלוס אַף די מענער פון ספּאַרטאַ.

צולעצט האָט אַגיס דורכגעפירט, אַז זיין אָנהייננגער ליסאַנדער זאָל ווערן אויסגעקליבן אַלס איינער פון די פינף עפאָרן. יענער האָט ביי דער ערשטער געלעגנהייט אַריינגעבראַכט אין דער גערוזיאַ אַגיס׳עס „רהעטראַ” (געזעץ־פאָרשלאַג) מבטל צו מאַכן אַלע חובות און צוצעטיילן דאָס לאַנד פון דאָס־ניי אין גלייכע חלקים, אַפּן זעלבן שטייגער, ווי די טראַדיציע האָט דערציילט פון ליקורגן.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די אַלטע רייכע געראָנטן זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן אַזאַ פאָרשלאַג. ליסאַנדער רופט דערפאַר צוזאַמען די אַפּעלאַ, די גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג פון אַלע בירגער. דאָרט האָט אַגיס׳עס אָנהייננגער אַזוי גערעדט:

„איך טאָר ניט דערלאָזן, אַז ספּאַרטאַ זאָל בלייבן אין אַזאַ מיאוסער לאַגע, כדי צופרידנצושטעלן אַ הייפל רייכע לייט, וואָס הערשן איבער אייך. געדיינקט די אָראַקלס (געטלעכע שפּרוכן) פון דער אַלטער צייט, וועלכע האָבן אייך געוואָרנט זיך צו היטן פון ליבע צו געלט, אַלס די גרעסטע סכנה און מעגלעך דער חורבן פון ספּאַרטאַ.”

צולעצט איז אויפגעטראָטן דער יוגנטלעכער אַגיס אַליין. ער האָט דערקלערט, אַז אויב עס וועט ווערן אָנגענומען דאָס געזעץ, וואָס איז פאָר־געשלאָגן געוואָרן פאַר זייער טובה וועגן, וועט ער (אַגיס) צעטיילן צווישן זיי זיין גאַנצע ירושה, פעלדער, און לאָנקעס. אויסער דעם וועט ער זיי אויך צעטיילן זיין גרויס פאַרמעגן אין באַר געלט. דאָס זעלבע וועלן אויך טאָן זיין מוטער, באָבע און אַלע זיינע פריינט און קרובים, וועלכע זיינען

די רייכסטע לייט פון ספּאַרטאַ.

די פּאַראַרעמטע בירגער זיינען אריין אין גרויס התלהבות. זיי האָבן געיובלט. ענדלעך, האָט זיך באַוויזן אין ספּאַרטאַ אַ קעניג לויט זייער וואונטש. נאָר דער צווייטער קעניג, דער אַלטער לעאָניד און די אַלע אַנדערע רייכע לייט, זיינען געווען אויסער זיך פאַר צאָרן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויב דאָס געזעץ ווערט אָנגענומען, וועלן זיי מוזן נאָכפאָלגן אַגיס׳עס ביישפּיל. זיי וועלן פאַרלירן זייער רייכקייט און דעם קרעדיט דערפאַר וועט קריגן אַגיס. לעאָניד האָט זיך דעריבער געפּלייסט צו באַווייזן, אַז אַגיס׳עס פאָרשלאַג שטימט ניט מיט דער טראַדיציע פון ליקורג. דער לעצטער האָט צעטיילט דאָס לאַנד נאָר צו די ספּאַרטאַנער און אַגיס וויל אַריינגעמען אין חשבון אויך אויסלענדער, פעריאָיקן און מעטעקן.

אַגיס האָט אַף דעם געענטפערט:

— קיין וואונדער, וואָס לעאָניד, וועלכער האָט געלעבט און חתונה געהאַט אין אויסלאַנד, און איז אַ מחותן מיטן פּערסישן קעניגלעכן הויף, ווייס אַזוי ווייניק פון ליקורגן אָדער זיינע געזעצן. ליקורג האָט מבטל געווען די חובות און צוגענומען דאָס געלט פון פּריוואַט־אייגנטימער. ער איז געווען קעגן אויסלענדער, וואָס זיינען פרעמד צו דער נייער אָרדענונג, וואָס ער האָט איינגעפירט, כדי זיי זאָלן ניט פאַרפּעסטן די שטאָט מיט דער ליבע צו רייכקייט און מיט די לוקסעריעזע געוואוינהייטן. נאָר אַזוינע אויסלענדער ווי דער געלערנטער טהאַלעס און אַנדערע דיכטער און פילאָזאָפן האָט ליקורג שטאַרק מקרב געווען, ווייל ער האָט איינגעזען, אַז זיי זיינען אין זייערע לידער און פילאָזאָפיע דורכגעדרונגען פון דעם זעלבן גייסט וואָס ער.

ווען די גערוזיא האָט דורכגעוואָרפן אַגיס׳עס פּלאַן מיט אַ מערהייט פון איין שטים, האָט אַגיס אַרונטערגעזעצט מיט געוואַלט די רייכע עפאָרן און אויסגעפילט זייער אָרט מיט זיינע נאָכפאָלגער. אָט די גאַנצע איבערקערע־ניש האָט אַגיס דורכגעפירט אָן שום בלוט־פאַרגיסונג. ער האָט אויך ניט געלאָזט טויטן דעם קעניג לעאָניד, נאָר אים געגעבן די מעגלעכקייט צו אַנטלויפן פון שטאָט.

אַגיס האָט איצט געהאַט אַ פרייע האַנט און אָנגעהויבן דורכפירן זיינע קאָמוניסטישע פּלענער. נאָר זיין פעטער אַגעסיל (וואָס האָט זיך בלומרשט פאָרגעשטעלט פאַר אַגיס׳עס אַ נאָכפאָלגער) און אַנדערע רייכע גוטבאַזיצער, וואָס זיינען געווען שולדיק אַ סך חובות, האָבן באַאיינפלוסט דעם יונגן אומ־דערפאַרענעם אידעאַליסט, ער זאָל פריער מבטל זיין אַלע חובות און ערשט נאָכדעם צעטיילן דאָס שולדן־פרייע לאַנד. נאָר אַזוי גיך ווי דאָס מבטל זיין

די שולדן איז געוואָרן דורכגעפירט, האָבן די אַלע לאַנד־אייגנטימער אָנגעהויבן שטערן די דורכפירונג פון דער געפּלאַנטער לאַנד־חלוקה. אינצווישן איז ספּאַרטאַ איינגעלאַדן געוואָרן צו שיקן הילף אירער אַ פאַרבינדעטער מלוכה, וואָס איז אַטאַקירט געוואָרן פון אַ שונא. די אַריסטאָקראַטן נוצן אויס די געלעגנהייט אַוועקצושיקן פון שטאָט אַגיסן, ער זאָל פירן די אַרמיי אין שלאַכט. ווען אַגיס קומט צוריק קיין ספּאַרטאַ געפינט ער אַן איבערקערעניש. יענע גרונט־באַזיצער, וואָס האָבן אים פריער נאָכגעפאָלגט, כדי פּטור צו ווערן פון זייערע גרויסע שולדן, זיינען איצט געוואָרן נאָך ערגער ווי די אַלטע רעאַקציאָנערן פון לעאָניד׳ס צד. דאָס פאָלק האָט דערפאַר פאַרלאָרן דעם צוטרוי צו זיין פּאַרטיי, וואָס האָט ניט דורכגעפירט די פאַרשפּראָכענע לאַנד־צעטיילונג. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביטערער קאַמף קעגן זיין פּעטער אַגעסילַ, וואָס האָט אַלס עפּאָר רעגירט דאָס לאַנד, און אונטערדריקט די מאַסן ווי אַ טיראַן. דאָס האָבן אויסגענוצט די אָנהייגער פון קעניג לעאָניד און האָבן אים געבראַכט צוריק פון גלות. די מאַסן האָבן אַזוי געהאַסט די רעפאָרמער, וואָס האָבן זיי אָפּגענאַרט, אַז זיי האָבן אָנגענומען פאַר ליב דאָס צוריקקומען פון אַלטן לעאָניד.

אַגיס איז ניט געווען מער זיכער מיט זיין לעבן אַף דער פריי. עס האָט אים דערוואַרט די ברוטאַלע נקמה פון די רייכע עפּאָרן. אַגיס זוכט דערפאַר שוץ אין אַ טעמפּל, וואו ער איז געווען פאַרזיכערט קעגן זיינע שונאים. קעניג לעאָניד האָט אים אפילו פאַרזיכערט, אַז ער קאָן פאַרלאָזן דעם טעמפּל און זיך זעצן צוריק אַפן טראָן און זיי וועלן ווידער זיין ביידע גלייכע קעניגן. אַגיס האָט ניט געטרויט אָט דעם פאָרשטייער פון די רייכע לייט. נאָר ער האָט זיך פון זייער נקמה ניט אויסגעהיט. צופיל האָט ער געטרויט מענטשן. אַגיס האָט זיך פאַרלאָזן אַף עטלעכע יונגע לייט, וואָס האָבן אים פאַרראַטן צו זיינע שונאים. זיינע פאַלשע פריינט האָבן אָפּגעהיט, ווען ער איז אין געהיים זיך געגאַנגען באָדן אויסערהאַלב דעם טעמפּל. זיי זיינען אים באַפאַלן און אים אַוועקגעשלעפּט אין געפיינגעניש. לעאָניד האָט גלייך אַרומגערינגלט דעם געפיינגעניש מיט סאָלדאַטן, כדי צו זיין באַוואָרנט פון אַן אָנפאַל פון אַגיס׳עס פריינט. אינעווייניק אין געפיינגעניש האָבן לעאָניד, די עפּאָרן און אַ טייל געראָנטן אַף שנעל אימפּראָוויזירט אַ געריכט קעגן אַגיסן.

ווען אָט דאָס „געריכט" האָט אויפגעפאָדערט אַגיסן זיך צו פאַרטיידיקן קעגן זיין „פאַרברעכן" איינצופירן עקאָנאָמישע גלייכהייט, האָט ער זיי ניט געענטפערט מיט קיין וואָרט, נאָר אַף זיי געקוקט מיט אַ פאַראַכטנדיקן שמייכל. ווען זיי האָבן אים אָבער געפרעגט צי האָט אים דער אָדער יענער באַאיינפלוסט צו זיין טאַט, האָט ער געענטפערט, אַז ער איז דערצו באַוועגט

געוואָרן בלויז פֿון דעם ביישפּיל פֿון ליקורג און האָט געוואָלט רעגירן לויט יענעמס פּרינציפּ. אויף דער פֿראַגע צי ער האָט ניט קיין חרטה, האָט אַגיס געענטפֿערט:

— ווען איך זאָל אַפֿילו דאַרפֿן דערפֿאַר ליידן די שווערסטע שטראָף, קאָן איך קיינמאָל קיין חרטה ניט האָבן אויף אַזאַ געראַכטן און שיינעם פּלאַן.

זיי האָבן אים פֿאַראורטיילט צום טויט דורך דערשטיקן. נאָר קיין באַאַמטער האָט ניט געוואָלט זיין דער הייזקער.

דערווייל האָט זיך פֿאַרשפּרייט די נייס איבער דער שטאָט, אַז די עפֿאָרן און געראָנטן דערמאָרדן דעם יונגן אידעאַליסטישן קעניג. עס האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז אַגיס האָט געהאַט מער פֿריינט, ווי ער האָט געגלייבט. פֿון אַלע געגנטן פֿון שטאָט האָט דער עולם אין אָוונט אָנגעהויבן שטראָמען צו דער געפֿיינגעניש מיט פֿאַקלען אין די הענט. די עפֿאָרן האָבן דערפֿאַר באַשלאָסן שנעל צו טויטן אַגיסן, אין דער פֿינצטערקייט פֿון דער נאַכט, איידער דאָס פֿאָלק וועט אים קאָנען אַרויסרייסן פֿון זייערע הענט. די עפֿאָרן האָבן מיט זייערע אייגענע הענט אים גענומען שלעפּן צום טויטן־צימער. ווען ער האָט באַמערקט, אַז איינער פֿון די באַאַמטע, אַ קינד פֿון פֿאָלק, פֿאַרגיסט טרערן אויף זיין (אַגיס'עס) שיקזאַל, האָט אַגיס צו אים אויסגערופֿן:

— וויין ניט, פֿריינט, פֿאַר מיר, וואָס שטאַרבט אומשולדיק דורך דער אומגעזעצלעכער טאַט פֿון שלעכטע מענטשן, מיין לאַגע איז אַ סך בעסער ווי זייערע.

באַלד נאָכדעם ווי ער האָט אַרויסגערעדט אָט־די ווערטער האָט ער אָן שום צייכן פֿון מורא אויסגעשטרעקט זיין האַלז צום שלייף, וואָס האָט אים דערשטיקט.

די אַפֿאָרן האָבן אַריינגענאַרט אין געפֿיינגעניש אַגיס'עס מוטער און באָבען, כלומרשט אים צו זען. צוערשט האָבן זיי דערשטיקט די אַלטע, שוואַכע באָבע. אַגיס'עס מוטער אַגעסיסטראַ, האָט דאַן אַריינגענומען אין אירע אָרעמס דעם טויטן קערפּער פֿון איר זון, געקושט זיינע טויטע באַקן און צו אים גערעדט:

— אָ, מיין זון! דיין גרויס מילדקייט און גוטסקייט האָט דיך און אונז געבראַכט צום אונטערגאַנג!

איינער פֿון די דריי פֿאַררעטער, אַ מיטגליד פֿון דער עפֿאָרי, האָט אויסגעשריען צו איר:

— ווי באַלד דו ביסט אַזוי באַגייסטערט פֿאַר דיין זונ'ס מעשים, פֿאַר־דינסטו דאָך אויך צו געניסן פֿון זיין שכר.

האָט זי זיך אויפֿגעהויבן שטאָלץ און אויסגעשטרעקט איר האַלז צום

היינקער׳ס שלייף און באמערקט:

— איך ווינטש בלויז, אז מיין טויט זאָל זיין צום גוטן פאר ספּארטאַ!

אזוי איז אַ גאנצע פאמיליע געשטאָרבן אַ מארטירער־טויט פאַרן קאָמו־ניסטישן אידעאַל, ווי ער איז פארשטאַנען געוואָרן אין גריכנלאנד מיט 22 הונדערט יאָר צוריק.

## קלעאָמען

די אָרעמע קליינבירגער פון ספּארטאַ זיינען ניט געווען פייאיק פאַר־צוזעצן די ארבעט פון זייער דערמאָרדעטן פירער אגיס. נאָר דער מאַטירער־טויט פון דעם ליקורגישן קאָמוניסט האָט געפונען זיין נקמה־נעמער אין הויז פון זיינע מערדער — אין דעם זון פון קעניג לעאָניד.

לעאָניד, האָט אזוי ווי דער אידישער קעניג אחאב, „געמאָרדעט און געירשנט" זיין קרבן. און כדי צו קאָנען איבערנעמען געזעצליך דעם גרויסן פארמעגן פון די דריי דערמאָרדעטע: קעניג אגיס, זיין מוטער און באָבע, האָט קעניג לעאָניד געצוואונגען אגיס׳עס אלמנה אגיאַ, חתונה צו האָבן מיט לעאָניד׳ס אינגל קלעאָמען.

דער יונגער בחור, וואָס האָט פארגעטערט די שיינע און קלוגע אגיאַ, האָט באלד אויסגעפונען, אז דער איינציקער וועג צו געווינען איר אויפמערק־זאמקייט, איז נאָכצופאָלגן די אידעאַלן פון אגיסן. קלעאָמען איז דערפאַר געוואָרן אַ פלייסיקער סטודענט פון די טעאָריעס, וואָס האָבן באאיינפלוסט דעם יוגנטלעכן אגיס צו זיינע קאָמוניסטישע פּלענער. באַזונדערס האָבן געפונען ביי דעם מוטיקן קריגער קלעאָמען אן אָפּקלאַנג די ווערטער פון אגיס, אז ספּארטאַ, באַנייט דורך ליקורג׳ס קאָמוניזם, קאָן ווידער ווערן די פירנדיקע מאַכט אין גריכנלאנד.

ווען לעאָניד איז געשטאָרבן און קלעאָמען איז געוואָרן קעניג (אין יאָר 235 פ. ק.), האָט ער אָנגעהויבן פּלאַנען ווי צו פארווירקלעכן אגיס׳עס פּלענער. נאָר ער איז ניט געווען אזוי ווייכהארציק ווי אגיס. קלעאָמען האָט געקאָנט גרינטלעך די אונטערדריקער פון פאָלק און געהאַלטן פאר גערעכט יעדן מיטל, דורך וועלכן ער קאָן ברעכן זייער מאַכט.

אזוי איז קלעאָמענען געלונגען אין צייט פון אַ מלחמה אין אויסלאנד זיך אומצוקערן פּלוצלינג אַהיים און מיט זיינע טרייע סאָלדאַטן באַפּאַלן אגיס׳עס מערדער, די עפאָרן, די העכסטע ריכטער, וואָס האָבן טיראַניזירט דאָס לאנד. ער האָט זיי געטויט צוזאַמען מיט אַ טייל פון זייערע אָנהייננגער און אָפּגעשאפט זייער אַמט. גלייכצייטיק האָט ער אויסגעוויזן פון ספּארטאַ

אַלע רעאַקציאָנערע רייכע פּריצים. דאָס איבעריקע איז שוין געגאַנגען לייכט. די אָרעמע בירגער האָבן נאַטירלעך מסכים געווען מיט ביידע הענט אַף דער גלייכער צעטיילונג פון באָדן און זיך אויך אָנגענומען אָפּצוהיטן שטרייַנג די „אַגאָגע", צו דערציען די קינדער לויט דער אַלטער ליקורגישער דיסציפּלין: וואוינען אין קאַזאַרמעס, עסן געמיינשאַפטלעכע מאָלצייטן, טראָגן פּראָסטע קליידער א. אַ. וו. קלעאָמען האָט אויך איבערגעלאָזן גלייכע חלקים לאַנד פאַר די אויסגעוויזענע אַריסטאָקראַטן, אין פאַל זיי וועלן זיין גרייט זיך אונטערצואוואַרפן די נייע אָרדענונג.

קלעאָמען האָט אויך פאַרווירקלעכט אַגיס'עס אידעאַל, דער ספּאַרטאַנישער קעניג זאָל זיין אַ מוסטער פאַר זיין פאָלק. קלעאָמען האָט צעטיילט זיין לאַנד גלייך מיט אַלעמען, און געטראָגן די זעלבע קליידער און געגעסן די זעלבע שפּייז וואָס זיינע סאָלדאַטן. דאָס האָט געווירקט, אַז די נייע ספּאַרטאַנער, וועלכע ער האָט מערסטנס רעקרוטירט פון אָרעמען מיטלקלאַס, פון די פעריאָיקן און אויסלענדער, זאָלן שטיין אייזנפעסט פאַר דער נייער אָרדענונג און אַרויסגעבן פון זיך גוט-דיסציפּלינירטע מוטיקע סאָלדאַטן. באַלד האָט זיך עס גענומען פילן אין אויסלאַנד און ספּאַרטאַ האָט אָנגעהויבן ווערן פון דאָס ניי אַן אָנגעזעענע מאַכט ווי אַגיס האָט פאָראויסגעזאָגט. אַ שטאָט נאָך אַ שטאָט האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם נייעם בונד מיט ספּאַרטאַ און עס האָט אויסגעזען, אַז באַלד וועט ווערן פאַרווירקלעכט דער חלום פון די גריכישע סאָציאַל-פילאָזאָפן — אַ פעדעראַציע פון פרייַע גריכישע שטאַטן.

נאָר אָט דער חלום איז גיך צערונען געוואָרן. די שונאים פון דער נייער ספּאַרטאַ האָבן זיך געווענדעט נאָך הילף צו מאַקעדאָניע. די אָרעמע ספּאַרטאַ האָט ניט געהאַט גענוג געלט צו פירן מלחמה קעגן די רייכע יורשים פון אַלעקסאַנדער מוקדן, און איז באַלד באַזיגט געוואָרן. אומזיסט האָט קלעאָמען געגעבן אַ משכן צום עגיפּטישן קעניג פאַר דער צוגעזאָגטער הלואה זיין אַלטע מאַמע און אַלע זיינע קינדער (זיין פרוי אַגיאַ איז שוין געווען טויט). איידער די הלואה איז געקומען, איז שוין דער שונא געשטאַנען ביי די טויערן פון ספּאַרטאַ און איינגעפירט צוריק די הערשאַפט פון די קאָנסערוואַטיווע פּריצים (אין 221 פ. ק.).

קלעאָמען מיט זיין סוויטע פון דרייסיק איבערגעגעבענע אידעאַליסטן האָבן זיך געראַטעוועט קיין מצרים. נאָר באַלד איז דאָרט געוואָרן קעניג אַ הולטאַי און אַן אויסוואורף, וואָס האָט דערמאָרדעט זיין אייגענע מוטער און ברודער. קלעאָמענ'ס אַ באַמערקונג וועגן דער מיאוסער אויפפירונג פון עגיפּטישן דעספּאָט, האָט געפירט צו זיין (קלעאָמענ'ס) אַרעסט. ער רייסט

זיך ארויס פון זיין פירשטלעכער געפאנגעניש און צוזאמען מיט זיינע דרייסיק העלדן מארשירט ער איבער די גאסן פון אלעקסאנדריע און רופט דעם עולם צום קאמף פאר פרייהייט. נאר זיין רוף „פרייהייט״! „פרייהייט״! געפינט ניט קיין אפקלאנג. „אויב ניט פרייהייט איז טויט״ רופט אויס קלע־אמען צו זיינע דרייסיק העלדן און זיי נעמען זיך אלע דאס לעבן. דער עגיפטישער דעספאט זוכט צו דערנידעריקן דעם טויטן העלד. ער באפעלט אויפצוהייגען דעם קערפער פון קלעאמען צוזאמען מיט זיינע קינדער, די אלטע מאמע און אלע אירע הויף־דאמען.

## נאַביס

מיט דעם טראגישן טויט פון קעניג קלעאמען און זיין הויזגעזינט, האט זיך געענדיקט די בירגערלעכע רעוואלוציע פון ספארטא. נאר די פריצים האבן איצט געהאט פאר זיך א מעכטיקערן שונא ווי פריער. דאס איז געווען דער אויפגעוואכטער העלאט.

אגיס און קלעאמען זיינען געווען די אידעאלאגן און מארטירער בלויז פון ארעמען בירגערטום. קלעאמען האט באפרייט א פאר טויזנט העלאטן, וואס האבן דערפאר באצאלט יעדער א געוויסע סומע, מיט וועלכער ער האט אנגעפירט זיינע מלחמות. ער האט אבער כלל ניט געדיינקט, אז אויך די העלאטן און שקלאפן האבן אזוי ווי אלע מענטשן א רעכט אף פריי־הייט און גלייכהייט. נאר די העלאטן און שקלאפן האבן אנדערש געטראכט. זיי זיינען אויך געווען מוטיקער ווי דאס פאראָרעמטע ספארטא־נער „הארן־פאלק״ און די קליינבירגערלעכע פעריאיקן. זייער רעוואלוציע, אונטער דער פירערשאפט פון נאביס, איז דערפאר געווען אזא בלוטיקע, ווי די אונטערדריקונג, וואס האט איר געבארן.

נאביס, דער פירער פון די העלאטן און שקלאפן־רעוואלוציע אין דרום־גריכנלאנד, איז ניט געווען קיין גריך, נאר א סעמיט. די העלאטן און שקלאפן האבן ניט געהאט אזוינע סימפאטישע ביאגראפן ווי דאס האבן געהאט יענע, וואס האבן געקעמפט פאר די אינטערעסן פון די בירגערלעכע מאסן. מיר האבן דערפאר א סך וויניקער אינפארמאציע וועגן נאביסן ווי וועגן אגיסן און קלעאמאנען. לויט בירגערלעכע כראניקעס איז נאביס גע־בארן געווארן אין סיריע, אין יאר 225 פ. ק. און האט זיך דערצויגן אלס פרייער מענטש. נאר אין צייט פון קריג איז ער געפאנגען געווארן און אלס דרייצן־פערצן יאריק אינגל פארקויפט געווארן פאר א שקלאף אין מעגאלא־פאליס, די הויפטשטאט פון דרום־גריכנלאנד. דער פייאיקער און וואויל־

געלערנטער אינגל האָט זיך געוואונען דעם צוטרוי און די ליבע פון די העלאָטן און שקלאַפן פון דער געגנט. און ווען דער בירגער קריג און די מלחמות פון ספּאַרטאַ און אירע שכנים האָבן אַריינגעצויגן די העלאָטן אין קאַמף, איז נאַביס געוואָרן דער פירער פון אַ שטאַרקער אַרמיי פון העלאָטן. אינם עלטער פון 18 אָדער 19 יאָר האָט נאַביס פאַרנומען ספּאַרטאַ און געמאַכט די אַמאָליקע פּריצים־רעפּובליק פאַרן מיטלפּונקט פון דער העלאָטן־הערשאַפט.

דער העלאָט, וואָס איז הונדערטער יאָרן געווען פאַראַכטעט און דער־נידעריקט אין ספּאַרטאַ, האָט זיך דערפילט פריי נאָכצוגעבן זיין געפיל פון נקמה צו זיינע אונטערדריקער. פאַר די פּריצים און גבירים פון ספּאַרטאַ און אַנדערע דרום־גריכישע שטעט איז דעמאָלט אָנגעקומען דער לאַנג־דערוואַרטער „טאָג פון רעכענונג און באַצאָלונג". בירגערלעכע כראָניקער דערציילן, אַז די רייכטימער פון די הארן, זייערע הייזער און פעלדער, פרויען און קינדער זיינען דעמאָלט צעטיילט געוואָרן צווישן די זיך־באַפרייטע העלאָטן און שקלאַפן, אָן אונטערשייד פון היימישע און אויסלענדישע.

(די קאָנסערוואַטיווע היסטאָריקער פּאָליביוס און ליווי, דערציילן, אַז דער העלאָטן־פירער נאַביס האָט געלאָזט פּייניקן די רייכע לייט מיט ספּעציעלע פאָלטער־מאַשינען, זיי זאָלן אַרויסגעבן זייערע באַהאַלטענע רייכ־טימער. נאָר זיי גיבן צו, אַז פאַר זיך אַליין האָט נאַביס גאָרנישט גענומען. ער האָט אַלץ צעטיילט צווישן די באַפרייטע שקלאַפן, וועלכע זיינען אויפגעשטאַנען קעגן די מאַקעדאָניער און רייכע פּריצים.)

די יעניקע הארן פון ספּאַרטאַ, וועלכע עס איז געלונגען זיך צו ראַטעווען אין אויסלאַנד, האָבן דאָרטן כסדר געהעצט קעגן נאַביסן, וועמען זיי האָבן, ווי עס פאַרשטייט זיך, פאַרגעשטעלט פאַר אַ מוראַדיקן טיראַן. זיי האָבן געקלאָגט, אַז ער פאַרוואַנדלט שקלאַפן אין הארן און הארן אין שקלאַפן. צו־לעצט איז די שונאים פון די באַפרייטע העלאָטן און שקלאַפן געלונגען צו קריגן די הילף פון דער אַלץ מעכטיקער און ערנדיקער רוים. די רוימישע הארן האָבן אַריינגעשיקט אַ גרויסע אַרמיי אין דרום־גריכנלאַנד און נאָך אַ שווערער מלחמה געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט נאַביסן, ער זאָל זיך צוריקציען פון אַלע פאַרנומענע פרעמדע שטעט (אויסער ספּאַרטאַ), אָפּגעבן זיין פלאָט צו רוים און נאָך דערצו איר באַצאָלן אַ היפּשע סומע קאָנטריבוציע. נאָר אַזוי גיך ווי די רוימישע אַרמיי האָט פאַרלאָזן דאָס לאַנד האָט נאַביס ווידער אָנגעהויבן צו באַזעצן די פון אים אָפּגעלייזדיקטע געגנטן. די העלאָטן און שקלאַפן זיינען ווידער געוואָרן פרייע בירגער אויף זייערע פעלדער און אין זייערע וואַר־שטאַטן.

ניט קוקנדיק באַזיגן די העלאָטן און שקלאַפן אין אָפענעם קאַמף,

האָבן זייערע שונאים פון לאַנד און אויסלאַנד זיי געזוכט צו דעמאָראַלי־זירן דורך טעראָר. עס איז זיי אויך געלונגען צו דערמאָרדן דעם העלדישן נאַבים גופא (אין יאָר 192 פ. ק.). נאָך כעראָן, דער נייער פירער פון די העלאָטן און שקלאַפן איז ביי די פריצים און גבירים נאָך מער פאַרהאַסט געווען ווי נאַבים.

דער זיג פון די אויסלענדישע פריצים, פיר יאָר שפּעטער, אין יאָר 188 פּ. ק., האָט צוריקגעבראַכט די אַנטלאָפענע ספּאַרטאַנער פריצים און גבירים. די „קאָנסטיטוציע פון ליקורג", וואָס די העלאָטן און שקלאַפן האָבן פּראָ־קלאַמירט איז אָפּגעשאַפט געוואָרן. נאָר די באַפרייטע העלאָטן און שקלאַפן האָבן אָפּגעטאָן זייער אַרבעט אַזוי גרינטלעך, אַז די אַלטע פריצישע אָרדענונג פון ספּאַרטאַ איז שוין געווען צעשטערט פאַר אַלע צייטן.

# קאַמף צווישן פּלעבעיער און פּאַטריציער

דער אַלט־רוימישער שטאַט איז געוואָרן מאָדעלירט לויט דעם מוסטער פון דער משפחה.

יעדע אַלט־רוימישע משפחה איז געשטאַנען אונטער דעם אַבסאָלוטן קאָנטראָל פון דעם פאַטער פאַמיליאַס (פאַמיליע־פאָטער). דער פאַמיליע־פאָטער איז געווען דער פולער האַר איבער אַלע מיטגלידער פון זיין הויז־געזינט, קינדער, איידעמס, שניר, ברידער און שוועסטער, זייערע קינדער, איידעמס און שניר א. א. וו. ער איז געווען דער בעל הבית איבער דעם פאַמיליען אייגנטום און געמעגט באַשטראָפן אַפילו מיט טויט יעדן מיטגליד פון זיין הויזגעזינט. נאָר אין אַזאַ פאַל האָט ער זיך געדאַרפט באַראַטן מיט דעם פאַמיליע־ראַט, וואָס איז באַשטאַנען פון די עלטסטע און חשובסטע אין דער משפחה.

אַלס הויפּט פון אַ הויז־געזינט איז דער פאַטער־פאַמיליאַס געווען אַ מיטגליד פון דער געמיינדע. דאָרט האָט ער אויך פאַרטראָטן זיינע דערוואַקסענע זין און אייניקלעך.

אַט די פאַמיליעס זיינען געווען פאַראייניקט אין דער גרויסער משפחה, אין דעם קלאַן, פון וועלכן די אַלע פאַמיליעס האָבן אָפּגעשטאַמט. אַט די גרויסע משפחה איז געווען פאַראייניקט דורך געמיינשאַפטלעכע מנהגים און רעליגיע.

אין די אַלטע צייטן האָט זיך דערפאַר גערעכנט פאַר אַ בירגער פון רוים בלויז יענער מיטגליד פון דער פאַמיליע און גרויסער משפחה, וואָס איז געווען באַרעכטיקט צו ווערן אַ פאַטער־פאַמיליאַס נאָך דעם טויט פון זיין פאָטער. אַט דאָס רעכט האָבן געהאַט בלויז יענע זין, וואָס זיינען געווען געבאָרן פון אַ רעליגיעז־אָנערקענטער הייראַט. די רעליגיעז ניט געזעצלעכע קינדער זיינען גערעכנט געוואָרן צו דער נידעריקער מדרגה פון שקלאַפן. אַזוי אַז די עכט־רוימישע שקלאַפן זיינען געווען בלוט און פלייש פון רוימישע בירגער.

נאָר אויך די וואָס זיינען ניט געווען קיין שקלאַפן אין דעם זין ווי דאָס איז אַנטוויקלט געוואָרן שפּעטער, זיינען אָבער אונטערגעוואָרפן געווען די פאַמיליעס און געדאַרפט פאַר זיי אַרבעטן.

די צאָל פון אַט די רעכטלאָזע רוימער האָט בסדר געהאַלטן אין שטייגן. צוערשט דורך די פאַראָרעמטע פאַמיליעס זעלבסט. אין אַ פאַמיליע אָרעם געוואָרן דורך אַן אומגערעטעניש אַף איר פעלד, אַ מגפה אַף אירע בהמות

און נאָך אַזעלכע אומגליקן, האָט זי געמוזט אָנקומען נאָך אַ הלואה צום רייכן שכן. דער רוימישער פּאַטער־פאַמיליאַס איז געווען אַ שווידער־האַפטער וואָכערניק. ער פלעגט באַוואָרענען זיין חוב מיט אַזוינע גרויסע פּראָצענטן, אַז דער געפּאַלענער שכן האָט שוין זעלטן געקאָנט קומען צו זיך. אין די מערסטע פאַלן האָט דער אָרעמער פויער ניט געקאָנט באַצאָלן זיין חוב, נאָר האָט געמוזט ווייטער לייען, ביז ער איז צולעצט געוואָרן אַזוי פאַר־שולדיקט, אַז ער האָט פאַרלאָרן צוערשט זיין פעלד און סטאַדע און צולעצט אויך די פרייהייט פון זיין פאַמיליע. ער ווערט דעמאָלט מיט זיין גאַנץ הויז־געזינט אָפּהייננגיק פון דעם רייכן מלוה און פאַרלירט אַלע פּריווילעגיעס פון אַ פּאַטער־פאַמיליאַס.

אַ צווייטער קוואַל פון וואַנען די צאָל רעכטלאָזע רוימער האָבן געצויגן נייע רעקרוטן איז געווען דער אויסלענדישער סוחר אָדער בעל מלאכה, וואָס האָט זיך עטאַבלירט אין רוים און איז געווען אונטערגעוואָרפן דעם שוץ פון אַ רוימישער פּריווילעגירטער פאַמיליע.

די גאַנצע מאַכט פון שטאַט איז דערפאַר געלעגן אין די הענט פון די פּאַטער־פאַמיליאַס, די וואוילהאָבנדיקע פאַמיליע פּאַטערס, וואָס זיינען גע־וואָרן שפּעטער באַקאַנט אונטערן נאָמען פּאַטריציער. דער „פּלעבס" (פּעבל, המון) האָט געקוקט אַף דעם מיט פאַרדרוס, נאָר ער האָט זיך ניט געקאָנט העלפן. די רייכע פּאַטערס, אָדער פּאַטריציער, האָבן געהאַט אַף זייער זייט די הסכמה פון דער רעליגיע און דער טראַדיציע. די פּלעבעיער (פּויערים, בעלי־מלאכות, קליין־הענדלער א. א. וו.) האָבן אַפילו געהאַט דאָס רעכט פון קדמונים אָן צו שטימען אין פאָלקס־פאַרזאַמלונגען, נאָר די גאַנצע סיסטעם איז געווען אַזוי אויסגעאַרבעט, אַז זייערע שטימען זיינען געווען פון קנאַפּן ווערט, אויב זיי האָבן געהאַט קעגן זיך דעם פּאַראייניקטן ווילן פון די פּאַטריציער.

אין דער זעלבער צייט האָבן די רעכטלאָזע מאַסן געדאַרפט אָפּגעבן זייער לעבן אין מלחמה צו פאַרטיידיקן דעם באַזיץ פון די פּאַטריציער. אָפט האָבן די לעצטע געשלאָגן אַ שונא אָדער דעראָבערט אַ שטיק שכניש לאַנד מיט דער הילף פון די פּלעבעיער סאָלדאַטן. נאָר ווען די זיגרייכע סאָלדאַטן האָבן זיך צוריקגעקערט פון שלאַכט זיינען זיי ווידער געוואָרן רעכטלאָזע פּלעבעיער.

נאָר די זיגער אַפן שלאַכטפעלד האָבן ניט געקאָנט מער געדולדיק צוזען ווי די קליינע צאָל פּאַטריציער הערשט איבער דער גרויסער פּלעבעיער־מערהייט. דאָס מיליטעריש לעבן האָט זיי אויך אויסגעלערנט צו זיין אָרגאַניזירט און דיסציפּלינירט.

דער ערשטער ארויסטריט פון די פּלעבעיער קעגן די פּאַטריציער האָט דערפאַר אָנגענומען די פאָרם פון אַ מיליטערישן „גענעראַל סטרייק". די פּלעבעיער סאָלדאַטן זאָגן זיך אָפּ צו גיין אין קריג. זיי דערקלערן:

— די פּאַטריציער ווילן האָבן די גאַנצע מאַכט, טאָ זאָלן זיי אַליין גיין אין מלחמה, זאָלן זיי אַליין פאַרטיידיקן דעם שטאַט, אין וועלכן די פּלעבעיער האָבן קיין שום דעה ניט.

די גוט־אָרגאַניזירטע פּלעבעיער סאָלדאַטן פאַרלאָזן דעמאָנסטראַטיוו די שטאָט רוים (אין יאָר 490 פ. ק.). זיי מאַרשירן אַוועק צו אַ באַרג דריי מייל אין צפון פון שטאָט. דאָרט שטעלן זיי אַוועק זייערע מיליטערישע ביידלעך און ווײַלן אויס צוויי פאָרשטייער צו פאַרהאַנדלען מיט די פּאַטריציער. די באַוואָפנטע פּלעבעיער גיבן דערביי אָפּ אַ שבועה, צו פאַרטיידיקן מיט זייערע לעבנס אָט די פאָרשטייער זייערע און צו נעמען נקמה פון יעדן איינעם וואָס וועט זיי שלעכטס טאָן.

די פּאַטריציער האָבן איינגעזען, אַז אָן דער מיליטערישער הילף פונם פּלעב זיינען זיי הילפלאָז אין זייערע מלחמות קעגן די אַרומיקע שטעט. די פּאַטריציער גייען דערפאַר איין אויף אַ פּשרה. זיי גיבן נאָך די הויפּט־פאָדערונג פון די באַוואָפנטע פאָלקסמאַסן — צו האָבן זייערע אייגענע פאָרשטייער, „טריבוני פּלעבים" (פאָלקס־טריבונען), וואָס זאָלן געזעצלעך פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון די מאַסן און כלל, ווי אויך פון יעדן איינצל־נעם פון זיי קעגן דער טיראַניי פון זייערע פּריצים, די פּאַטריציער. דער באַרג אויף וועלכן די פּלעבעיער סאָלדאַטן האָבן אויפגעשטעלט זייערע ביידלעך האָט פון דעמאָלט אָן באַקומען דעם נאָמען „מאָנס סאַקער" (הייליקער באַרג). עס האָט געהייסן, אַז דאָרט האָט דאָס רוימיש פאָלק, דער פּלעבס, מיט זיינע אייגענע כחות זיך דערוואָרבן אַ ביסל מענטשן־רעכט.

נאָר רעכט אָן מאַכט איז נאָך קיינמאָל ניט געווען מעגלעך. די פאָלקס־טריבונען האָבן דערפאַר אָפּט באַצאָלט מיט זייערע לעבנס פאַר זייער איינ־שטעלן זיך ערנסט פאַר די אינטערעסן פון די מאַסן, ווען די לעצטע זיינען ניט געווען גענוג אָרגאַניזירט זיך אַליין צו באַשיצן.

דער פּשרה־אָפּמאַך ביים „הייליקן באַרג" האָט איבערגעלאָזן די הויפּט־מאַכט אין די הענט פון די פּאַטריציער. זייער סענאַט האָט געהאַט דאָס רעכט צו דערוויילן דעם מאַגיסטראַט, דעם העכסטן באַאַמטן אינם לאַנד. נאָר כדי די פּלעביער זאָלן זיך ניט פילן געקרייוודעט דורך דעם פּאַטריציער מאַגיסטראַט, זאָלן זייערע טריבונען (וואָס מוזן שטאַמען פונם פּשוטן פאָלק, ניט פון פּריצים־יחוס) האָבן דאָס רעכט ניט צו דערלאָזן דעם מאַגיסטראַט אויסצופירן זיין אורטייל קעגן אַ פּלעביער.

די פאָלקס־טריבונען האָבן באַלד איינגעזען, אַז זייער „רעכט" האָט אַ קנאַפּן ווערט, כל־זמן זיי האָבן ניט הינטער זיך די פולע מאַכט פון די, וועמען זיי זיינען בארופן געזעצלעך צו באַשיצן. זיי האָבן דערפאַר אָנגע־הויבן זוכן מיטלען, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די פאָלקסמאַסן. זיי האָבן צו־זאַמענגערופן גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונגען (קאָנציליאַ פּלעבים) און דאָרט אָנגענומען רעזאָלוציעס (פּלעביסציטאַ), וואָס האָבן אויסגעדריקט די פאָדע־רונגען פון די פּלעבעיער. נאָר די פּאַטריציער האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט איגנאָרירן די רעזאָלוציעס פון די פּלעבעיער. זיי האָבן אָנגעווענדט קעגן זיי אַלערליי קונצשטיק און אויך געוואַלדמיטלען. צוערשט האָבן די פּאַט־ריציער געזוכט אונטערצוקויפן אַ פאַלשן טריבון, ער זאָל שטערן דעם גוט־מיינענדיקן טריבון דורכצופירן זיינע רעזאָלוציעס. דאָס ניט געשריבענע געזעץ האָט געפאָדערט, אַז פאָלקס־טריבונען מוזן זיין איינשטימיק אין זייער פאָדערונג. און האָט איינער געזאָגט: „איך בין ניט מסכים", האָט די רעזאָלוציע ניט געקענט אָנגענומען ווערן. דער ערלעכער טריבון איז אַף אַזאַ אופן געשטערט געוואָרן אין זיין אַרבעט און האָט נאָך אָפט באַצאָלט מיטן לעבן פאַר זיין ערנסטער איבערגעגעבנהייט צו די אינטערעסן פון די מאַסן. די פּאַטריציער האָבן צום סוף פון זיין אַמט אים געזעצלעך פאַר־אורטיילט צום טויט, דורך זייער געוויינלעכן שקר־בלבול, אַז ער זוכט פּאָפּו־לאַריטעט ביי די מאַסן, כדי צו ווערן אַ טיראַן, אַן אַבסאָלוטער הערשער. ווען דאָס איז זיי ניט געלונגען, אָדער זיי האָבן ניט געקאָנט וואַרטן ביז ער וועט ענדיקן זיין אַמט, האָבן זיי פּשוט אָנגעשטעלט מערדער, וואָס זאָלן אים דערהרגענען ביי דער ערשטער בעסטער געלעגנהייט.

---

**אין די ערשטע צוואַנציק יאָר פון טריבונאַט (די טריבונען פלעגן ווערן** דערוויילט אַף אַ משך פון אַ יאָר), פון 490 ביז 470 פ. ק. האָבן אַ היפּשע צאָל טריבונען פאַרלאָרן זייער לעבן. נאָך נאָך דעם מאָרד פון טריבון גענוציוס, אין יאָר 473, האָט אַ מאַן פון פאָלק, וואָלער פּובליל, ווידער אויפגעהויבן די מאַסן קעגן הערשנדיקן קלאַס. די פּאַטריציער האָבן אים געוואָלט אָפּגעבן פאַר אַ סאָלדאַט. נאָר פּובליל האָט ניט געוואָלט גיין פאַרגיסן זיין בלוט פאַר די פּריצים. איז ער אַרויסגעלאָפן אַפן מאַרק, אַפן פאָרום פון רוים, און גערופן דאָס פאָלק מען זאָל אים באַשיצן. מען האָט אים געראָטן: אַפּעליר צום טריבון. נאָר פּובליל האָט געענטפערט: די טריבונען אַליין נויטיקן זיך אין הילף. זייער לעבן איז הפקר. איר אַליין מוזט קומען מיר צו הילף און דערמיט אויך אייער טריבון און זיך אַליין.

די מאַסן האָבן דערהערט דעם רוף און גענומען שטראָמען אין די גאַסן.

אַן אימה איז געפאַלן אױף די באַאַמטע פון די פּאַטריציער און זײ זײַנען זיך צעלאָפן. באַלד איז אױך דער מוטיקער פּובליל דערװײלט געװאָרן פאַר טריבון און עס האָט זיך אָנגעהױבן אַ נײַער קאַמף קעגן די פּאַטריציער. די פאָלקס־מאַסן האָבן געפאָדערט, אַז זײער פאָלקס־פאַרזאַמלונג, די „קאָנציליאַ פּלעבּיס" זאָל װערן אַנערקענט פאַר אַ געזעצלעכער קערפּערשאַפט און אַז דער טריבון זאָל האָבן דאָס פאָרמעלע רעכט פאָרצושלאָגן און דורכצופירן געװיסע „פּלעבּיסציטאַס" אין אָט דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג.

דאָס איז געװען אַ װײטערער שריט אױפן װעג צו פאָלקס־הערשאַפט. די פּאַטריציער האָבן אַפילו געטענהט, אַז די „פּלעבּיסציטאַ", דער באַשלוס פון פאָלקס־פאַרזאַמלונג, איז בלױז אַ רעקאָמענדאַציע, נאָר ניט קײן געזעץ. זײ האָבן זיך אָבער, װעלנדיק ניט װעלנדיק, געמוזט רעכענען מיט די אָנגענומענע באַשלוסן פון דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג.

די פאָלקס־פאַרזאַמלונג, קריגנדיק מער אױטאָריטעט, האָט באַלד גענומען פאַרהאַנדלען די לאַנד־פראַגע, װאָס האָט אינטערעסירט די אָרעמע מאַסן מער װי אַלע אַנדערע אַנגעלעגנהײטן. פון דעם אַלטן פּרימיטיװן קאָמוניזם איז געבליבן די רױמער אַ ירושה קהלש לאַנד, װאָס יעדער בירגער האָט געהאַט דאָס רעכט צו באַאַרבעטן פאַר זײַן געברױך. נאָר כאָטש דאָס קהלשע לאַנד האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט דורך די דעראָבערונגען פון די שכנישע טערי־טאָריעס, האָט דאָך דער אָרעמער פּױער אַפילו ניט געהאַט װאָו צו פּאַשן זײַנע פאָר שטיקלעך בהמות. די רײַכע לײַט, הױפּטזעכלעך די פּאַטריציער, האָבן פאַרכאַפּט דאָס קהלש לאַנד און פאַרנומען גאָר די פּאַשע פאַר זײערע גרױסע סטאַדעס.

פּובליל און דער צװײטער טריבון, לאַטאָר, האָבן דערפאַר אָנגעהױבן צוצוגרײטן פאַר דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אַ געזעץ־פּראָיעקט, װי אַזױ צו לײזן די לאַנד־פראַגע. נאָר באַלד זײַנען זײ געקומען אין צוזאַמענשטױס מיט דעם כיטרעסטן און האַרצלאָזסטן פון די רױמישע פּאַטריציער פון יענער צײַט. דאָס איז געװען דער קאָנסול אַפּיוס קלױדיוס. צוערשט האָט ער פּרובירט דעם אַלטן פּאַטריציער קונץ אָנצוקלאָגן אַ פּאָפּולערן טריבון, אַז ער װיל װערן אַ טיראַן און אים פאַראורטײלן צום טױט. נאָר זײַן ערשטער פאַרזוך צו אַרעסטירן דעם טריבון לאַטאָר און אים געזעצלעך פאַראורטײלן איז ניט גע־לונגען. טױזנטער פּלעבּעיער זײַנען געקומען דעם לעצטן צוהילף און אַפּיוס קלױדיוס האָט געמוזט אױפגעבן זײַן פּלאַן. נאָר סײַ װי האָבן אָט די בײדע ערלעכע פאָלקס־טריבונען, פּובליל און לאַטאָר פאַרלאָרן זײערע יונגע לעבנס אין קאַמף פאַר פרײַהײט. אַפּיוס קלױדיוס האָט זײ ניט געקאָנט טױטן געזעצלעך, האָט ער זײ דערמאָרדעט אױף אַזאַ װעג, װען דאָס פאָלק האָט זײ

ניט געקאָנט קומען צו הילף. נאָר די טיראַניי פון אַפּיוס האָט סוף־כל־סוף געבראַכט זיין אונטערגאַנג. די פּלעבעיער האָבן דעמאָלט ניט געהאַט קיין טיכטיקן פירער, וואָס זאָל זיי אָרגאַניזירן צום אָפענעם קאַמף קעגן די פּאַט־ריציער, זיי אַרויספירן אין אַ גענעראַל סטרייק. זיי האָבן זיך גענומען צו סאַבאָטאַזש, צום פּאַסיוון ווידערשטאַנד. זיי זיינען געגאַנגען אין מלחמה, וואוהין דער סענאַט האָט זיי געשיקט, נאָר ווען זייער קאָמאַנדיר איז געווען דער קאָנסול אַפּיוס קלוידיוס זיינען זיי זיך צעלאָפן ביים ערשטן צוזאַמענ־שטויס מיטן שונא און דער קאָנסול האָט געליטן אַ מפּלה נאָך אַ מפּלה.

דער ביטרער אַפּיוס קלוידיוס האָט גוט געוואוסט, אַז ער ווערט סאַבאָ־טאַזשירט. ער האָט איינגעפירט די שווידערהאַפּטסטע שטראָף פאַר זיינע פּלעבעיאישע אָפיצערן, ער האָט זיי געלאָזט עפנטלעך שמייסן, אַנדערע האָט ער געקעפּט. נאָר דאָס האָט אים ווייניק געהאָלפן. באַלד האָט דאָס פאָלק ווידער געקראָגן ערלעכע, מוטיקע טריבונען וואָס האָבן אָנגעקלאָגט דעם טיראַ־נישן קאָנסול פאַר דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג, און אים געפונען שולדיק. דער פּאַטריציער סענאַט האָט ניט געוואַגט אים צו פאַרטיידיקן, און ער איז פאַר־שוואונדן פון דער סצענע. מען גלויבט, אַז ער האָט זיך אַליין גענומען דאָס לעבן.

נאָך דעם פאַל פון טיראַנישן אַפּיוס קלוידיוס, האָבן די אָרעמע פּלעבעיער אָנגעהויבן שטאַרק פאָדערן אַ געשריבענעם געזעץ. זיי האָבן געהאָפט, ערשטנס, אַז דאָס געזעץ וועט דאַן מוזן רעגולירן די פראַגע פון קהלש לאַנד. צווייטנס, האָבן זיי געוואָלט האָבן אַ באַשטימטן געזעץ וועגן פּראָצענט, שולדן א. אַ. וו. ווייל די לאַגע פון אָרעמען פּויער איז געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. האָט ער געליען אַ הלואה ביים פּריץ, האָט ער זיך שוין ניט געקאָנט מער אַרויסדרייען, און זיין פעלד, זיינע בהמות, זיין ווייב און קינדער און צולעצט אויך ער אַליין זיינען געוואָרן גאַנץ אָדער טיילווייז דאָס אייגנ־טום פון דעם פּריץ. דער ריכטער איז געווען פון פּאַטריציער קלאַס און גע־משפּט ניט לויט אַ געשריבענעם געזעץ, נאָר לויט אַ טראַדיציאָנעלן, אַ מינד־לעכן, פון וועלכן דער פּויער און זיינע ראַטגעבער האָבן קיין השגה ניט געהאַט. עס ווערט דערפאַר פּאָפּולער דער רוף : מיר ווילן אַ געשריבענעם געזעץ.

אין יאָר 462 פ. ק. האָט די פאָלקס־פאַרזאַמלונג אָנגענומען אַ פאָרשלאַג צו באַשטימען אַ קאָמיסיע, וואָס זאָל אויסאַרבעטן געזעצן צו באַשריינקען די מאַכט פון די קאָנסולן, די העכסטע ריכטער און באַאַמטע פון לאַנד. עס פאַרשטייט זיך, אַז די פּריצים האָבן זיך אָוועקגעשטעלט קעגן אַזאַ באַשלוס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביטערער קאַמף וואָס האָט געדויערט צען יאָר. צולעצט זיינען ביידע צדדים איינגעגאַנגען אַף אַ פּשרה : 1) די קאָמיסיע

זאָל באַשטיין ניט פון פּלעבעיער, נאָר פון צען פּאַטריציער; 2) דאָס געזעץ וואָס זיי וועלן אויסאַרבעטן זאָל גילטן פאַר פּאַטריציער און פּלעבעיער צוגלייך; 3) די „דעצימער", די קאָמיסיע פון צען, זאָל אַ גאַנץ יאָר האָבן דאָס רעכט פון אַ העכסטן געריכט פון וועלכן עס איז ניטאָ מער קיין אַפּיל.

די פּאַטריציער האָבן נאַטירלעך געהאָפּט צו באַשווינדלען די מאַסן, נאָר דאָס איז זיי ניט געלונגען. דער פאַרזוך פון די „דעצימער" ניט אָראָפּצוגיין פון ביינקל סוף יאָר האָט געפירט צו אַ נייעם גענעראַל סטרייק פון די מאַסן, ווי מיט 40 יאָר פריער ביים „הייליקן באַרג". די פּאַטריציער האָבן ווידער געמוזט עפּעס נאָכגעבן. אין יאָר 450 פ. ק. איז געוואָרן פּראָקלאַמירט דאָס נייע געזעץ, באַקאַנט אַלס „דאָס געזעץ פון די צוועלף טאָוולען". די מאַסן זיינען אַרוים פון אָט דעם קאַמף אַ סך שטאַרקער ווי פריער. זייערע קעמפער זיינען ניט געפאַלן אומזיסט. דאָס מאַרטירערטום פון זייערע טריבונען האָט געבראַכט פרוכט.

זינט דעם מיטן פון פינפטן יאָרהונדערט איז די פאָלקס־פאַרזאַמלונג געוואָרן אַ באַדייטנדיקע מאַכט. אַ פּלעביסציטאַ (פאָלקס־באַשלוס), באַשטעטיקט פון די פּאַטריציער אין סענאַט, איז געוואָרן אַ געזעץ, גילטיק פאַר פּלעבעיער און פּאַטריציער צוגלייך. אָנרירן די פּערזענלעכקייט פון פאָלקס־טריבון, ווען ער איז אין אַמט, איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַזאַ פאַרברעכן, פאַר וועלכן דאָס גאַנצע פאָלק (פּלעבעיערטום) דאַרף נעמען נקמה. אַרום יענער צייט (455 פ. ק.) האָט אויך אַ פּלעביסציטאַ אָפּגעשאַפט דעם אַלטן געזעץ, וואָס איז געווען פאַרהייליקט דורך דער רעליגיע, אַז אַ פּלעבעיער קאָן ניט הייראַטן די טאָכטער פון אַ פּאַטריציער, און אַז אַזאַ הייראַט איז ניט געזעצלעך. דערמיט איז צוזאַמענגעבראָכן דער שטאָלצער יחוס פון די פּאַטריציער. די רייכע אויפגעקומענע פּלעביער האָבן זיך אַריינגעריסן אין די אַלטע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס און דורכדעם געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר דער שפּעטערדיקער צעטיילונג אין אָרעם און רייך, אָן אונטערשייד צי זיי שטאַמען פון פּאַטריציער אָדער פּלעבעיער.

די פּלעבעיער האָבן באַקומען מער רעכט. אַ טייל פון זיי זיינען אויך געוואָרן רייכע סוחרים, איינגעפונדעוועטע בעלי־בתים, און דורך זייער רייכקייט אויך קרובים פון די פּאַטריציער.

דער נײַ־אויפגעקומענער רייכער קלאַס הייבט אָן פאָדערן פאַר זיך די עמטער פון קאָנסולן, די העכסטע מאַגיסטראַטן, ריכטער און רעגירער פון לאַנד, וואָס זיינען ביז דעמאָלט אויסגעקליבן געוואָרן אויסשליסלעך פון דער פּאַטריציער אַריסטאָקראַטיע. די פּאַטריציער האָבן צוערשט געזוכט אויסצומיידן אָט די „חרפּה" צו ווערן רעגירט פון אַ קאָנסול, וואָס שטאַמט

ניט פון פאטריציער יחוס, וואס, לויט זייער פאטריציער רעליגיעזער הייראטס פארם איז אפשר גאר ניט קיין געזעצלעך קינד. זיי זיינען דערפאר איינ־געגאנגען בלויז אף דער פשרה, אז די פאלקס־פארזאמלונג זאל אנשטאט א קאנסול דערוויילן זעקס מיליטערישע טריבונען מיט קאנסולישער מאכט; און פאר אט די מיליטערישע טריבונען זאלן קאנען דערוויילט ווערן סאי פאטריציער און סאי פלעבעיער. דאס האט אזוי געדויערט שיינע עטלעכע צענדליק יאר. נאר די פלעבעיער האבן כסדר געזוכט צו דערוויילן א קאנסול פון זייער קרייז. ווען דאס איז זיי ניט געלונגען, האבן זיי געזוכט דורכצופירן, אז די מערהייט פון די זעקס טריבונען זאלן זיין פלעבעיאישע, מיט קאנסול־מאכט.

נאר דערווייל איז אנטשטאנען א נייער צושטאנד, וואס האט געשטערט די פלעבעיער איבערצונעמען די גאנצע מאכט פון די פאטריציער און אוועק־צושטעלן די פלעבעיאישע פאלקס־פארזאמלונג איבער דעם פאטריצישן סענאט. דאס איז געווען די צעשפאלטונג פון די פלעבעיער אין ארעמע און רייכע. די ארעמע פויערים און די ארעמע שטאטישע מאסן האבן זיך ווייני־קער געזארגט פאר דעם כבוד צו האבן א פלעבעיאישן קאנסול, ווי פאר זייער פאדערונג פון א נייער צעטיילונג פון דעם קהלשן לאנד, וואס די פריצים און גבירים האבן פארכאפט. זיי זיינען אויך געשטאנען אין נאענטער



רוימישער פויער ביי דער ארבעט.

באציאונג מיט די שקלאפן, וועלכע זיינען נאך דעמאלט געווען אין גרעסטן טייל רוימער, קינדער פון ניט געזעצלעכע הייראטן, קינדער פון שקלאפינס, וועמען זייערע פאטערס, פאטריציער אדער רייכע פלעבעיער, האבן איבער־

געליפערט צו שקלאַפעריי. אַ גרויסער טייל שקלאַפן איז באַשטאַנען פון אָרעמע, פאַרשולדיקטע געוועזענע פויערים, וועלכע זיינען פאַרקויפט גע־וואָרן אין שקלאַפעריי דערפאַר, ווייל זיי זיינען ניט געווען בכח צו באַצאָלן זייערע שולדן. אויך די אויסלענדישע שקלאַפן, די פאַרשקלאַפטע קריגס־געפאַנגענע, זיינען געווען כמעט אַלע פון אַרומיקע שטעט, וואָס האָבן גע־שטאַמט פון קרובישע ראַסן און גערעדט אַ שפּראַך, וואָס איז געווען ענלעך צו דער רוימישער.

אַזוי איז אין מיטן קאַמף צווישן די פּלעבעיער און פּאַטריציער פאַר פּאָליטישער מאַכט, אַנטשטאַנען אַן אָרעמע מאַסע פון פאַראָרעמטע פויערים, קליינע בעלי־מלאכות, טאָג־אַרבעטער און שקלאַפן, וואָס האָט געפּאָדערט מען זאָל תיכף פאַרבעסערן איר עקאָנאָמישע לאַגע.

## קאַסיוס, מעליוס און מאַנליאוס (קאַפּיטאָלין)

די פרייהייט באַוועגונג פון די רוימישע מאַסן האָט צו פאַרצייכענען אַ היפּשע צאָל העלדן און מאַרטירער. דעם גרעסטן צאָל מאַרטירער האָבן געליפערט יענע פרייהייט־קעמפער, וואָס האָבן געוואָלט לייזן די לאַנד־פראַגע, וואָס האָט אין דער אַלטער וועלט פאַרנומען אַזאַ פּלאַץ, ווי איצט די אַרבעטער־פראַגע. יעדער איינער וואָס איז אַרויס מיט אַ פּלאַן אַוועק־צונעמען פון די רייכע לייט דאָס קהלשע לאַנד, דאָס „אַגער פּובליקוס", וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט, און עס צעטיילן צווישן די באַזיצלאָזע מאַסן, איז ניט געווען זיכער מיטן לעבן. נאָר די דערנער־קרוין פון אַ מאַרטירער האָט קיינ־מאָל ניט אָפּגעשראָקן דעם אַוואַנגאַרד וואָס גייט אויף מסירת נפש.

זיינען טאַקע אין יעדן דור אַרויסגעטראָטן העלדישע רעוואָלוציאָנערע רוימער, וואָס האָבן זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די אָרעמע מאַסן קעגן די הערשנדיקע קלאַסן. צווישן אָט די רעוואָלוציאָנערע העלדן זיינען אויך געווען אַזוינע יחידים, וואָס האָבן געשטאַמט פון הויכן אַדל און זיך געהאַט אויסגעצייכנט אַלס קריגספירער און שטאַטסלייט.

דער ערשטער פון אָט די פּאַטריצישע (אַדליקע) מאַרטירער פאַר דער זאַך פון די אָרעמע מאַסן איז געווען דער קאָנסול ספּוריוס קאַסיוס. אַלס קאָנסול האָט זיך קאַסיוס אַזוי אויסגעצייכנט, אַז ער איז געוואָרן דערווײלט דריי מאָל (502, 493 און 486 פ. ק.) צו אָט דעם העכסטן מיליטערישן און ציווילן אַמט פון רוים. ער האָט באַזיגט רוימ׳ס שונאים, פאַרגרעסערט איר טעריטאָריע, באַנייט דעם רוימישן בונד מיט די לאַטיינישע פעלקער און דורכגעפירט אַנדערע ענלעכע שטאַטמענישע אַקטן פאַרן נוצן פון זיין לאַנד.

נאָר דאָס אַלץ איז אים ניט בייגעשטאַנען ווען ער איז אַרויסגעטראָטן מיט זיין געזעץ־פאָרשלאַג צוצעטיילן אַף אַ גערעכטן אופן דאָס קהלשע לאַנד, וואָס די רייכע האָבן אומגעזעצלעך פאַרכאַפּט. (לויטן רוימישן היסטאָריקער ליווי, האָט קאַסיוס געוואָלט געבן קהלש לאַנד אויך צו די לאַטיינער. מעגלעך, אַז ער האָט דערביי געהאַט אין זינען אויסצובילדן פון רוימיש־לאַטייניש פּעל־קער־בונד אַן איינהייטלעכע נאַציע.) דער סענאַט האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען, אַז דאָס געזעץ זאָל ניט דורכגיין, און סוף קאָנסול־יאָר, ווען קאַסיוס איז אַרויס פון אַמט, איז ער אָנגעקלאָגט געוואָרן אין הויכפאַרראַט. די רייכע גוט־באַזיצער האָבן קאַסיוסן באַשולדיקט, אַז ער האָט אַריינגעבראַכט זיין פאָרשלאַג צו געבן לאַנד צו די אָרעמע מאַסן, כדי זיי זאָלן אים קרוינען פאַר קעניג. דער משפּט איבער קאַסיוסן איז געווען בלויז אַ פאָרמאַליטעט. זיין אורטייל איז שוין פאָראויס באַשטימט געווען. צוערשט האָט מען דעם פּאָפּולערן קריגס־העלד דערנידעריקט דורך עפנטלעך שמייסן. נאָכדעם האָט מען אים אַרונטערגעוואָרפן פון טאַרפּעאישן באַרג, וואו ער איז צעריסן און צעשאָטן געוואָרן אַף שטיקלעך.

די פאַמיליע קאַסיוס ציילט זיך פון דעמאָלט אָן צווישן די פּלעביער. עס איז ניט באַוואוסט, צי די פּאַטריציער האָבן אויסגעשלאָסן די קאַסיוס־משפּחה פון זייערע רייען, אָדער קאַסיוס'עס קינדער, האָבן זיך נאָך דער הינריכטונג פון זייער פאָטער אָפּגעזאָגט פון זייער פּריצעשאַפט און זיך אָנגעשלאָסן אָן די רייען פון פּלעביערטום. אַלנפאַלס האָבן די אָרעמע רוימישע מאַסן געהאַלטן הייליק קאַסיוס'עס אָנדיינק און אויפגעשריבן זיין נאָמען אַף אַן ערנטאָוול, וואָס זיי האָבן אויפגעשטעלט אַפן „פאָרום" (מאַרק־פּלאַץ) פון רוים.

אַ האַלבער יאָרהונדערט איז פאַרגאַנגען זינט קאָנסול קאַסיוס איז געפאַלן אַ מאַרטירער פאַר דער זאַך פון די אָרעמע מאַסן. די פּלעביער האָבן אויס־געקעמפט אַ סך פּאָליטישע רעכטן, וואָס זיינען אָבער געווען מער ניצלעך פאַר די רייכע ווי פאַר די אָרעמע. די פּלעביער האָבן שוין געהאַט ביידערליי בירגערלעכע רעכטן (ציוויטאַס); די „יורא פּובליקאַ" — דאָס געזעלשאַפט־לעכע רעכט צו האַלטן אַן אַמט (האָנאָרעס) און דאָס רעכט צו שטימען (סופראַגיוס) און די „יורא פּריוואַטאַ", דאָס פּריוואַט רעכט צו באַזיצן אייגנ־טום, שליסן קאָנטראַקטן, א. אַ. וו. און אויך צו מעגן הייראַטן פון בירגער־שטאַנד אין פּריצים־שטאַנד (אַ פּריווילעגיע, וועלכע האָט הויפּטזעכלעך גע־נוצט די פאַראָרעמטע פּריצים, ווען די רייכע פּלעביער טעכטער האָבן, אַזוי ווי די היינטיקע רייכע אַמעריקאַנערינס, געגעבן ריזיקע סומען נדן כדי זיך איינצוקויפן אין פּאַטריצישן יחוס). זיי האָבן אויך אויסגעפירט, אַז אין

דער אַלגעמיינער פאָלקס־פאַרזאַמלונג זאָל מען ניט שטימען ווי אַמאָל לויט די „קוריעס" (ברידערשאַפטן), וואו געוויסע משפחות האָבן געהאַט די הויפּט־דעה; אויך ניט לויט די „צענטוריען" (מיליטערישע הונדערטן), וואו די רייכע האָבן געהאַט מער שטימען, נאָר לויט די „טריבן" (שבטים), וואו אַלע האָבן געשטימט גלייך.

נאָר ווי וויכטיק עס זיינען געווען די געוואונענע פּאָליטישע רעכטן, באַזונדערס די „קאָמיציאַ טריבוטאַ", וואָס איז געוואָרן אַ מעכטיקער וואָפן אין די הענט פון די פּלעב־פירער, האָבן דאָך די פּראָלעטאַרישע מאַסן ווייניק געוואונען. ווען אין רוים האָט אויסגעבראָכן אַ הונגער (אין דער צווייטער העלפט פונם פינפטן יאָרהונדערט .פ .ק), האָט דער הערשנדיקער רייכער קלאַס קיין זאַך ניט געטאָן צו ראַטעווען די אָרעמע מאַסן פון אַ הונגער־טויט. עס טרעט דעמאָלט אַרויס פון צווישן די רייכע פּלעבעיער דער גוטהאַרציקער מעליוס, וואָס זוכט צו טאָן אויף זיין אייגענער רעכענונג דאָס, וואָס דער גלייכגילטיקער הערשנדיקער קלאַס האָט געדאַרפט טאָן און ניט געטאָן. נאָר ליבן די אָרעמע מאַסן, מיטפילן זייער עלנט, זוכן צו לינדערן זייער נויט, איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות נפשות. דער הערשנדיקער קלאַס האָט געקוקט מיט שרעק אויף יעדן איינעם פון זיינע רייען, וואָס שטעלט זיך אויף דער זייט פון די אונטערדריקטע. מעליוס ווערט דערפאַר אָנגעקלאָגט אין פּלאַנען אַ פאַרשווערונג קעגן דער רעפּובליק. עס ווערן צוגעשטעלט עדות, אַז אין זיין הויז קומען פאָר געהיימע פאַרזאַמלונגען. מעגלעך, אַז דאָס איז אויך געווען אמת, אַז פון פילאַנטראָפּיע האָט מעליוס געזאָלט איבערגיין צום אַקטיוון קאַמף פון די נויטליידנדיקע מאַסן קעגן זייערע אונטערדריקער, די לאַנד־פאַרכאַפּער און פּראָצענטניקעס.

לויטן געזעץ פון טריבונאַט האָט דער פּלעב מעליוס ניט געקאָנט ווערן געמשפּט פון פּאַטריצישן געריכט, נאָר פון פּלעבעיאישן טריבון. דער סענאַט האָט דעריבער, אַזוי ווי אין צייט פון גרויס געפאַר, באַשטימט אַ דיקטאַטאָר, וואָס האָט די מאַכט איבער טויט און לעבן פון יעדן רוימער. מעליוס איז באַלד געשטעלט געוואָרן פאַרן משפּט פון דיקטאַטאָר, צו ענטפערן אויף דער באַשולדיקונג אין הויכפאַרראַט, אַז ער האָט געשטיצט די אָרעמע, כדי פּאָפּו־לער צו ווערן און געקרוינט צו ווערן פאַר קעניג. מעליוס האָט באַלד פאַרשטאַ־נען, אַז אים דערוואַרט דער שיקזאַל פון קאַנסול קאַסיוס און האָט אַפּעלירט צו די מאַסן נאָך הילף. דער וויצע־דיקטאַטאָר אַהאַלאַ כאַפּט דאַן אַרויס אַ קינזשאַל און שטעכט עס אַריין מעליוסן אין ברוסט. די צוזאַמענגעלאָפענע מאַסן ווערן פאַרגליווערט פון שרעק ביים אָנבליק פון אָט דעם מיאוסן מאָרד. נאָר באַלד קומען זיי צו זיך און ווילן נעמען נקמה פאַר מעליוס'עס טויט.

אהאַלאַ מוז דאַן אַנטלויפֿן פֿון רוים און דער נאָמען מעליוס ווערט גלייכ־געשטעלט מיט דעם פֿון קאַסיוס, אַלס מאַרטירער פֿאַר דער זאַך פֿון די אָרעמע מאַסן.

און ווידער איז אַ האַלבער יאָרהונדערט פֿאַרגאַנגען. רוים איז אַלץ גרעסער און מעכטיקער געוואָרן. זי האָט געוואָרפֿן אַן אימה אַף אירע שכנים. נאָר די אָרעמע רוימער איז דערפֿון ניט געוואָרן בעסער. אדרבה, יעדע מלחמה, אַפילו די זיגרייכסטע, האָט זיי פֿאַראורזאַכט נייע ליידן. נאָר באַזונדערס שלעכט איז געווען די לאַגע פֿון די רוימישע פּראָלעטאַריער נאָך דעם חורבן פֿון רוים דורך די קעלטן (גאַלן) אין יאָר 390 פֿ. ק. די קעלטן האָבן באַזיגט די רוימישע אַרמיי עלף מייל פֿון שטאָט. זיי האָבן באַלד אַריינגעמאַרשירט אין רוים, איר אויסגעפּלינדערט און אונטערגעצונדן פֿון אַלע זייטן. בלויז איין פּלאַץ האָבן זיי ניט געקאָנט איינגעמען. דאָס איז געווען די טעמפּל־פֿעסטונג אַפֿן באַרג קאַפּיטאָל, וואָס איז געוואָרן פֿאַר־טיידיקט פֿון דעם העלדישן קריגער, דער קאָנסול מאַרקוס מאַנליאוס.

העכער אַ האַלב יאָר האָט דער העלדישער מאַנליאוס פֿאַרטיידיקט דעם קאַפּיטאָל קעגן די קעלטן. אַ לעגענדע דערציילט, אַז די קעלטן זיינען איינ־מאָל אין אַ פֿינצטערער נאַכט באַפֿאַלן דעם קאַפּיטאָל. נאָר די „הייליקע" גענז אין טעמפּל האָבן דערשפּירט דעם אָנקום פֿון שונא און זיך פֿאַנאַנדער־געשריען. זייער קול האָט אויפֿגעוועקט מאַנליאוסן און ער האָט צוריק־געשלאָגן די אַטאַקע פֿון שונא. צולעצט האָבן די קעלטן, זאַט אין רויב, איינגעוויליקט פֿאַר אַ גרויסער סומע גאָלד צו פֿאַרלאָזן רוים.

די פּריצים און גבירים זיינען שנעל ווידער געקומען צו זיך. נאָר די אָרעמע מאַסן האָבן געליטן אַ סך עלנט און נויט.

איינמאָל, ווען דער העלד פֿון קאַפּיטאָל איז געגאַנגען איבער די גאַסן פֿון רוים האָט ער דערזען ווי איינער פֿון זיינע מוטיקע סאָלדאַטן, אַ פּלעב, ווערט געשלעפּט און געפּייניקט פֿאַר ניט קאָנען באַצאָלן זיין חוב. קאַפּי־טאָלין (ווי דאָס פֿאָלק האָט אָנגערופֿן מאַנליאוסן פֿאַר זיין פֿאַרטיידיקן דעם קאַפּיטאָל) האָט גלייך אָפּגעשטעלט די געפּיינגעניש־וועכטער און באַצאָלט דעם סאָלדאַט'ס חוב. נאָר באַלד האָט קאַפּיטאָלין איינגעזען, אַז דאָס איז ניט קיין איינציקער פֿאַל. ער באַשליסט דאַן אָפּצוגעבן זיין גאַנץ פֿאַרמעגן פֿאַר „פּדיון שבוים", אויסלייזן אָרעמע פּלעבעיער פֿון צו זיצן אין געפּיינגעניש און פֿאַרלירן זייער בירגער־רעכט. מאַנליאוס פֿאַרקויפֿט אַלע זיינע גיטער און באַפֿרייט דערמיט פֿיר הונדערט פּלעבעיער פֿון זייערע שולדן צו די פּראָ־צענטניקעס. נאָר מיט דעם אַליין האָט זיך מאַנליאוס ניט באַנוגנט. ער האָט איינגעזען די סיבה פֿון עלנט און געוואָלט איר אויסרייסן פֿון וואָרצל.

ווערט מאַנליאוס פון אַ פּילאַנטראָפּ אַן אַגיטאַטאָר און הויבט אָן אויפקלערן די אָרעמע מאַסן ווי זיך צו באַפרייען פון זייערע רייכע אונטערדריקער.

שוועך איז געווען אָנצוקלאָגן און פאַראורטיילן דעם העלד פון קאַפּיטאָל אַלס פאַררעטער פון זיין פאָטערלאַנד. דאָך, האָט דער רייכער קלאַס עס צושטאַנד געבראַכט (אין יאָר 385 פ. ק.). קאַפּיטאָלין (מאַנליאוס) איז, אַזוי ווי קאַסיוס און מעליוס, באַשולדיקט געוואָרן אין וועלן ווערן קעניג. נאָר אים פאַרמשפּטן איז ניט אָנגעקומען אַזוי לייכט ווי יענע. ווען די סענאַטאָרן האָבן אים אין סענאַט דערקלערט פאַר שולדיק, האָט קאַפּיטאָלין זיי געוויזן דורכן פענצטער אָפן קאַפּיטאָל, וועלכן ער האָט אַזוי מוטיק פאַרטיידיקט. דאָס האָט פאַראַליזירט די סענאַטאָרישע צינגער. זיי האָבן ניט געוואַגט אָנצורופן „פאַררעטער פון דער מדינה" דעם יעניקן, וואָס האָט זי אַזוי מוטיק פאַרטיידיקט מיט זיין בלוט. נאָר דער הערשנדיקער קלאַס האָט גוט באַגריפן ווי געפערלעך עס איז פאַר אים אַזאַ אַגיטאַטאָר ווי קאַפּיטאָלין — אַן אַריסטאָקראַט, וואָס האָט אָפּגעגעבן זיין פאַרמעגן און איז גרייט אויך אָפּצוגעבן זיין לעבן פאַר דער זאַך פון די אָרעמע מאַסן. דער סענאַט האָט מאַנליאוסן פּראָצעסירט פון דאָס ניי, און דאָס מאָל ווייט פון קאַפּיטאָל. ביים צווייטן פּראָצעס האָבן די סענאַטאָרן פאַראורטיילט מאַנליאוס-קאַפּיטאָלינען צום טויט און אַרונטערגעוואָרפן פון טאַרפּעאישן פעלז זיין קערפּער, וואָס איז געווען באַדעקט מיט מלחמה-וואונדן פאַר זייערע אינטערעסן.

דער טראַגישער סוף פון העלדישן קאַפּיטאָלין איז געוואָרן באַזונגען פון דיכטער און דראַמאַטיזירט פון פּיעסן-שרייבער. די רוימישע מאַסן האָבן אים אַריינגעשטעלט אין דעם צעטל פון זייערע הייליקע מאַרטירער. פון דער געשיכטע פון קאַפּיטאָלינ'ס לעבן און טויט איז אַנטשטאַנען דאָס רוימישע שפּריכוואָרט: „עס איז בלויז אַ טריט פון קאַפּיטאָלישן באַרג צום טאַרפּעאישן פעלז" — פון דער העכסטער גדולה צום מאַרטירערטום.

## פינף יאָר „פּעבל-הערשאַפט"

דער מאַרטירער-טויט פון העלדישן קאַפּיטאָלין האָט ניט אָפּגעשטעלט די פרייהייט-באַוועגונג פון די אָרעמע מאַסן אין רוים. אדרבא, די הינ-ריכטונג פון דעם ערלעכן פּאַטריציער, וואָס האָט איינגעשטעלט זיין לעבן פאַר זייערע אינטערעסן, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט זייער פאָדערונג צו ליקווידירן די חובות און אָוועקצונעמען פון די רייכע דאָס קהלשע לאַנד, וואָס זיי האָבן פאַרכאַפּט.

די זיגרייכע מלחמות פון רוים האָבן פאַרגרעסערט דעם רייכטום פון די

רייכע און די אָרעמקייט פון די אָרעמע. די אָרעמע בירגער האָבן כסדר געמוזט אָנקומען צו די רייכע נאָך הלוואות. די רייכע לייט האָבן גע־ריסן מוראדיקע פּראָצענטן און אויך גענומען פּראָצענט פאַר דעם פּראָ־צענט, וואָס דער אָרעמאַן האָט ניט איינגעצאָלט אין צייט. דער סוף איז געווען, אַז אין אַ גאָר קורצער צייט איז איבערגעגאַנגען מאַסן פּויעריש לאַנד צו די רייכע וואָכערניקעס. די רייכע לייט האָבן אויך אַ דאַנק די מלחמות געקראָגן אַ סך ביליקע שקלאַפן, רוימישע און אויסלענדישע, פון די איבעריקע פעלקער אין איטאַליע. דער רייכער קלאַס האָט זיך ניט מער געניטיקט אין באַצאָלטער אַרבעט. די אומזיסטע שקלאַפן־אַרבעט האָט נאַטירלעך געבראַכט צו בעטל־ברויט דעם דאָרפישן לאַנד־אַרבעטער און אויך די שטאָטישע בעלי־מלאכות און טאָג־אַרבעטער. די געפייגענישן זיינען פול געוואָרן מיט ערלעכע בעלי־מלאכות, טאָג־אַרבעטער און אויך פויערים, וואָס האָבן ניט געקאָנט באַצאָלן זייערע שווערע שולדן. עס האָט זיך אויך ניט מער געפונען קיין גוטהערציקער קאַפּיטאַלין זיי פון דאָרט אויסצולייזן.

און האָט געהונגערט דער פּראָלעטאַריאַט, האָט אויך שווער געליטן דער מיטלקלאַס. זיי האָבן זיך דערפאַר ביידע פאַראייניקט אין זייער קאַמף פאַר אַ בעסערן לעבן. זייערע אָנפירער זיינען געווען די צוויי טריבונען ליציניוס און סעקציוס, וועלכע זיינען אויסגעוויילט געוואָרן יעדן יאָר, 20 יאָר נאָכאַנאַנד (377—357 פּ. ק.) זייערע פאָדערונגען האָט ליציניוס פאָרמולירט אין פאָלגנדיקער פּראָגראַם:

באַשריינקען די צאָל שאָף און רינדער, וואָס מעגן זיך פּיטערן אויף קהלשן באָדן (וואו די רייכע פּריצישע סטאַדעס פלעגן אויפפרעסן גאָר דאָס גראָז און ניט איבערלאָזן קיין ברעקל פאַשע פאַר די ביסל בהמות פון די אָרעמע פויערים). און דער עיקר, באַשריינקען די צאָל אַקער־לאַנד וואָס אַ יחיד מעג באַזיצן פון קהלשן באָדן.

יעדער גוט־באַזיצער און יעדער אַרבעטס־געבער זאָל מוזן באַשעפטיקן אַ געוויסע צאָל באַצאָלטע אַרבעטער אין פּראָפּאָרציע צו דער צאָל אומזיסטע שקלאַפן וואָס ער באַזיצט.

אָננעמען מיטלען צו באַפרייען די איינגעשולדיקטע פון דעם יאָך פון זייערע פּראָצענטן.

איינפירן ווידער דעם אַמט פון די צוויי קאָנסולן (די העכסטע ציווילע און מיליטערישע באַאַמטע פון רוים,וואָס זיינען אויך געווען די פאָרזיצער פון סענאַט) אַנשטאָט וועלכן דער פּאַטריצישער סענאַט האָט אין די לעצטע יאָרן אויסגעקליבן מיליטערישע טריבונען און געהאַט איבער זיי דעם פולן

קאָנטראָל. איינער פון אָט די צוויי קאָנסולן זאָל זיין אַ פּלעבעיער.

די פּלעבעיער זאָלן ווערן צוגעלאָזן צום פּריסטער קאָלעגיום. *)

די פּאַטריצישע סענאַטאָרן האָבן כלומרשט איינגעשטימט נאָכצוגעבן אַלע עקאָנאָמישע פּאָדערונגען, ווייל זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז די רייכע פּלעביער, וואָס גייען כלומרשט צוזאַמען מיטן אָרעמען המון וועלן אַליין אָנווענדן אַלע מעגלעכע מיטלען צו שטערן דער דורכפירונג פון אָט די פּונקטן. די רייכע פּלעבעיער האָבן געהאַט פאַרכאַפּט מאַסן קהלשן לאַנד און געליען געלט אַף אומגעהויערע פּראָצענטן, פּונקט אַזוי ווי די אַריסטאָקראַטישע פּאַטריציער. אַפילו דער טריבון ליציניוס אַליין האָט פאַרמאָגט מער קהלש לאַנד ווי זיין אייגן געזעץ־פּראָיעקט האָט דערלויבט. ער האָט טאַקע אויך שפּעטער, ווען זיין געזעץ איז געוואָרן דורכגעפירט, געמוזט באַצאָלן דערפאַר שטראָף. דער סענאַט האָט זיך דערפאַר געקאָנט אויסשטעלן פאַר די מאַסן אַלס אַן אומפּאַרטייאישע קערפּערשאַפט, וואָס האָט פאַר אירע אויגן די אינטערעסן פון דער גאַנצער נאַציע. (אויסער די הויכע אַריסטאָקראַטישע פּאַטריציער, וואָס האָבן באַקומען זייערע פּלעצער אין סענאַט בירושה, פלעגן דאָרט אויך זיצן אַלע געוועזענע קאָנסולן און אַנדערע הויכע באַאַמטע. כמעט אַלע סענאַטאָרן פון יענער צייט זיינען דערפאַר געווען אָנגעזעענע זקנים, און האָט אַרויסגערופן גרויס רעספּעקט ביים דורכשניטלעכן עולם.)

דער חשבון פון סענאַט איז געווען אַ ריכטיקער. די רייכע פּלעבעיער האָבן, אַזוי ווי די גבירים פון די שפּעטערדיקע בורזשואַזיע רעוואָלוציעס, דער עיקר געזוכט פּריווילעגיעס פאַר זיך אַליין. זיי האָבן אויסגענוצט די פּראָלעטאַריער און די אָרעמע מיטלקלאַסן בלויז פאַר אַ בייטש קעגן דער אַריסטאָקראַטיע, מיט וועלכער זיי האָבן געוואָלט טיילן גלייך די הערשאַפט איבער די אָרעמע מאַסן. די רייכע פּלעב־פירער האָבן דערפאַר געלייגט די הויפּט־געוויכט אַף די פּאָליטישע פּאָדערונגען — דאָס רעכט אויסצואוויילן אַ פּלעבעיער פאַרן אַמט פון קאָנסול און אַלס מיטגליד פון פּריסטער־קאָלעגיום.

עס פאַרשטייט זיך, אַז צווישן די רייכע אינטעליגענטע פּלעב־פירער האָבן זיך געפונען אַזוינע אויסנאַמען, וואָס זיינען געשטאַנען ערלעך אַף דער זייט פון די אָרעמע מאַסן, וועמעס אינטערעסן זיי האָבן פאַרטראָטן. אָט־די ערלעכע פּלעב־פירער האָבן געגלויבט באמת, אַז אַלע עקאָנאָמישע געווינסן

---

*) דער רוימישער פּריסטער־קאָלעגיום איז געווען דאָס העכסטע געריכט אין לאַנד, אַזוי ווי דער „סופּרים־קאָרט" אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. ער האָט געהאַט די מאַכט צו דערקלערן יעדן גוטן געזעץ, וואָס די פּלעבעיער האָבן אַרויסגעריסן פון די פּאַטריציער, פאַר כלומרשט ניט געפעליק אין די אויגן פון די געטער און דערפאַר „ניט קאָנסטיטוציאָנעל".

וועלן ניט האָבן קיין ממשות אַזוי לאַנג ווי די פּלעבעיער וועלן ניט האָבן די מאַכט צו קאָנטראָלירן די קאָנסולשאַפט און דעם פּריסטער־קאָלעגיום. בפרט דעם לעצטן, וואָס קאָן מבטל זיין אַלע אויסגעקעמפטע סאָציאַלע פאַר־בעסערונגען מיט דער דערקלערונג, אַז די געטער זיינען כלומרשט דערמיט ניט צופרידן, אָדער דאָס שטימט ניט מיט די אַלטע, הייליקע רעליגיעזע טראַדיציעס.

אַזוי ווי דער פּאַטריצישער סענאַט האָט ניט נאָכגעגעבן די פאָדערונג צו וויילן אַ פּלעבעיער פאַר קאָנסול און מיטגליד אין פּריסטער־קאָלעגיום, האָבן די צוויי פאָלקס־טריבונען, ליציניוס און סעקציוס, געמאַכט אָבסטרוק־ציעס און ניט געלאָזן דעם סענאַט דורכפירן קיין געזעץ. זינט דעם יאָר 373 פ. ק. האָבן זיי אים אויך ניט געלאָזט מער אויסקלייבן קיין מיליטערישע טריבונען. און אַזוי ווי קיין קאָנסול איז אויך ניט געווען, איז געלעגן די גאַנצע רעגירונג־מאַכט אין די הענט פון די פאָלקס־טריבונען.

קלאָגט דער רוימישער היסטאָריקער ליווי, אַז פינף יאָר נאָכאַנאַנד, ביזן יאָר 367, איז רום געווען אָן אַ רעגירונג. „עס זיינען ניט געווען קיין וואַלן אויסער פאַר די עדילן (די קאָמיסאַרן פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט) און פאַר די טריבונען פון פעבל. ליציניוס און סעקציוס זיינען געוואָרן ווידער דערוויילט פאַר טריבונען און עס איז געווען אוממעגלעך אויסצופילן דעם אָרט פון העכסטן מאַגיסטראַט. אַזוי איז דאָס לאַנד געווען אָן אַ רעגי־רונג פאַר אַ משך פון פינף יאָר. ווייל ווען דער פעבל האָט דורכגעפירט די דערוויילונג פון זיינע צוויי טריבונען, האָבן יענע ניט דערלאָזן מער דערוויילן (די פּאַטריציער) קיין מיליטערישע טריבונען אָדער קאָמאַנדירן (וואָס האָבן פאַרנומען דעם אָרט פון די צוויי קאָנסולן), און אַזוי האָט דער פעבל געהאַלטן די שטאָט פאַר אַ משך פון פינף יאָר.״

דער „פעבל״ האָט זיך קענטיק געפילט גאַנץ גוט אונטער זיין אייגענער ממשלה. די קאָמיסאַרן פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט האָבן איבערגעגעבן אַלע קאָנטראַקטן פאַר בויען שאָסייען, בריקן, שטאָטישע געביידעס א. א. וו. צו די קאָלעגיומס (צעכן) פון די אַרבעטער, וואו די שכירות זיינען געווען הע־כער און די שטונדן קירצער ווי ביי פּריוואַטע אונטערנעמונגען. די טריבונען האָבן אויך באַשיצט די אָרעמע פויערים און מיטלקלאַס קעגן דעם געשלעפּט ווערן אין געפיינגעניש פאַר זייערע שולדן צו די פּראָצענטניקעס.

די „ממשלה פון פעבל״ האָט סוף־כל־סוף געבראַכט צו אַ פאַראייניקונג פון די אַריסטאָקראַטישע פּאַטריציער מיט די רייכע פּלעבעיער. ליציניוס׳עס פאָדערונגען זיינען געוואָרן אַ געזעץ. די רייכע פּלעבעיער האָבן געקאָנט ווערן קאָנסולן, מיטגלידער אין פּריסטער־קאָלעגיום א. ד. גל. הויכע עמטער.

עס איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַ קאָמפּראָמיס וועגן די חובות. אָנשטאָט זיי צו ליקווידירן, ווי די אָרעמע פּלעבעיער האָבן פאַרלאַנגט, זיינען די רייכע איינגעגאַנגען אויף אַ פּשרה, אַז די אויסגעצאָלטע פּראָצענטן רעכענען זיך ווי אויסגעצאָלט אַפּן קרן, און די בעלי חובות קריגן דריי יאָר צייט אויסצוצאָלן דעם רעשט. אויך די צאָל אַקער קהלשע לאַנד, וואָס אַ יחיד מעג באַזיצן און וויפיל בהמות ער מעג פּיטערן אויף די קהלשע לאָנקעס איז באַשטימט געוואָרן ניט ווי די אָרעמע האָבן געוואָלט. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ מינימום פון 300 אַקער לאַנד, בעת די אָרעמע האָבן באַזעסן זייער אייגנס, העכסטנס צו עטלעכע אַקער. באַלד האָבן אויך די רייכע דורכגעשמוגלט אַ געזעץ, אַז יעדער פּויער האָט אַ רעכט צו פאַרקויפן זיין חלק קהלשן באָדן, און עס האָט ניט גענומען לאַנג און כמעט דאָס גאַנצע לאַנד איז איבערגעגאַנגען „געזעצלעך” אין די הענט פון הערשנדיקן קלאַס. אויך די אַרבעטער פאָדערונגען זיינען שטאַרק מאָדיפיצירט געוואָרן אין די אינטערעסן פון די רייכע. כדי די אַרבעטער זאָלן שווייגן האָט מען זיי געגעבן רעגירונגס-קאָנטראַקטן צו פאַבריצירן די וואָפן מיט וועלכע רוים האָט באַלד אָנגעהויבן אירע מלחמות פאַר וועלט-דעראָבערונג.

דערווייל האָט זיך פאַרענדיקט דער יאָרהונדערטער לאַנגער קאַמף צווישן פּאַטריציער און פּלעבעיער. ביסלעכווייז זיינען ביידע שטאַנדן געוואָרן פולשטענדיק גלייך און די רייכע פּלעבעיער האָבן אריינגעדרונגען אפילו אין אַריסטאָקראַטישן סענאַט. רוים האָט לכבוד אָט דעם שלום אויסגעבויט אַ טעמפּל פון „קאָנקאָרד” (איינשטימיקייט). נאָר אָט די איינשטימיקייט צווישן אַריסטאָקראַטישע פּאַטריציער און רייכע פּלעבעיער האָט געעפנט דעם וועג פאַר אַ נייער צעטיילונג — אין אָרעם און רייך. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער ביטערער בלוטיקער קאַמף אין וועלכן די מאַרטירער זיינען ניט געווען מער אויסדערוויילטע יחידים, נאָר די נאָמענלאָזע אָרעמע פּויערים, אַרבעטער און שקלאַפן.

## אַ סטרייק פון מוזיקער ביי אַ נאַציאָנאַל-רעליגיעזן יום-טוב

די רוימישע היסטאָריקער גיבן ווייניק אינפאָרמאַציע וועגן דעם קלאַסנקאַמף פון די אַרבעטער קעגן זייערע פּאַטריצישע און פּלעבעיאישע אַרבעטגעבער. די רוימישע כראָניקער דערמאָנען אַן אַרבעטער-קאַמף בלויז דעמאָלט, ווען זיי דערקלערן דורך דעם אַ געוויסן געזעץ אָדער מנהג, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן. אָט אַזוי דערציילן זיי פון אַ מוזיקער-סטרייק פון יאָר 309 פ. ק. וואָס איז געוואָרן די סיבה פון אַ שטענדיקן מוזיקער-יום-טוב אינם אַלטן רוים.

די זינגער, מוזיקער און שוישפּילער אין אַלטן גריכנלאַנד און רוים, זיינען געווען אָרגאַניזירט אין איין אינטערנאַציאָנאַלער געזעלשאַפט. איר אָנהויב איז געווען פאַרוויקלט אין טונקעלע טראַדיציעס פון אַלטע פאַרשוואונדענע צייטן, אין בבל און מצרים. אין דער צייט פון דער רוימישער אימפּעריע האָט דער „ערא‌נאָס", אָדער „קאָלעגיום" (פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין) פון די אַרטיסטן געהאַט אָפּטיילונגען אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון די ציווי־ליזירטע לענדער אין אזיע, אַפריקע און אייראָפּע.

צו אָט דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרטיסטן געזעלשאַפט, אָדער „די גרויסע געמיינדע", אונטער דעם שוץ־גאָט דיאָניס, אָדער באַקכוס, האָבן געהערט אויך די אַלע אַנדערע פּראָלעטאַריער, וועמעס פּראָפעסיעס זיינען געשטאַנען אין דינסט פון די דריי קונסטן — געזאַנג, מוזיק און שוישפּיל. אַזוי האָבן געהערט צו אָט דעם אַרטיסטן אינטערנאַציאָנאַל די אַרבעטער פון מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, די סצענע־מאָלער און דעקאָראַטאָרן, די קליידער־מאַכער, די געצעלטן־מאַכער („סטיידזש־קאַרפּענטער") א. ד. גל. ווי אויך די אַקערבויער, גערטנער, קוכער, וואַסערטרעגער און דער גלייכן אַרבעטער, וואָס האָבן געמאַכט מעגלעך די עקזיסטענץ פון די קאָמונעס. ווייל דער פאַרצייטיקער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין איז אויך, ווי שוין אויבן דערמאָנט, געווען אַ ברידערשאַפט, פאַראייניקט אונטער אַ רעליגיעזן נאָמען אין אַ קאָמונע, וואָס האָט געגעסן געמיינשאַפטלעכע מאָלצייטן און געלעבט ווי איין משפחה. עס פאַרשטייט זיך, אַז צו אָט דעם אַרטיסטן־פאַראיין האָבן אויך געהערט די געזאַנג־לערער, מוזיק־לערער, רעטאָריק־לערער א. אַ. וו. ווי אויך די דיכטער און פּיעסן־שרייבער.

דאָס רוב אַרטיסטן זיינען געווען האָרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן אַליין אי געזונגען און געשפּילט, אי געשריבן נאָטן און געמאַכט אינסטרומענטן, אי געבויט דיביידלעך און אי געמאָלן די סצענעס, א. אַ. וו. זיי פלעגן וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט און פון דאָרף צו דאָרף, און אויפטרעטן אויף די מערק און יארידן און ביי פאַרשיידענע יום־טובדיקע געלעגנהייטן. אַמאָל פלעגט זיי אויך געלונגען צו ווערן אָנגעשטעלט פון דער מלוכה אָדער פון די שטאָט־פאַרוואַלטונגען און דעמאָלט זיינען זיי, מער אָדער ווייניקער, געווען באַזאָרגט מיט חיונה. אַזוי האָט אַלעקסאַנדער מוקדן, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט פון אינדיע קיין בבל פאַרזאַמלט אַרום זיך 3,000 אַרטיסטן (זינגער, מוזיקער און שוישפּילער) אויפצופירן גרויסע ספּעקטאַקלען מיט מוזיק און טענץ.

לויט ווי פלוטאַרך דערציילט, זיינען אָט די 3,000 אַרטיסטן געקומען פון פאַרשיידענע לענדער, פון מעסאָפּאָטאַמיע און דרום־גריכנלאַנד, און דאָך האָבן זיי געאַרבעט האַרמאָניש. דאָס באַווייזט, אַז די קונסט פון אָט־די

אַרטיסטן האָט שוין דעמאָלט געהאַט באַשטימטע פֿאָרמען, וואָס זיינען געווען אָנערקענט אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט פֿון יענער צייט; אַז מוזיק־נאָטן, געשריבן אין גריכנלאַנד (פֿון וועלכע מען האָט אין 19טן יאָר־הונדערט געפֿונען אָריגינעלע עקזעמפּלאַרן) זיינען געווען גוט פֿאַרשטענדלעך אין ווייטן בבל.

די וואַנדערטרופּן פֿון זינגער, מוזיקער, מימיקער, טענצער א. אַ. וו. פּלעגן מערסטנס אויפֿפירן אַזוינע שפּילן, וואָס האָבן געשילדערט דעם מאַר־טירערטום פֿון די פֿאָלקהעלדן — אַדאָניס, אָזירים, דיאָניס קאַטהע־געמאָן (דער דערלייזער), און פּראָמעטהעאוס. יעדער פֿון אָט די מאַרטירער, וואָס זיינען געווען שטאַרק באַליבט ביי די אָרעמע פּויערים, אַרבעטער און שקלאַפֿן פּלעגט אויסהויכן זיין נשמה מיט אַזאַ מין פֿאַרגעבונג־תּפֿלה אַף זיינע ליפּן: „גרויסער פֿאָטער זיי מוחל מיינע פֿאַרפֿאָלגער און זאָל מיין טויט ברענגען דערלייזונג פֿאַר דער מענטשהייט!" דערביי פּלעגן ווערן געזונגען רעליגיעזע הימנען. אָפֿט פּלעגט אַזאַ שפּיל אַריינברענגען אין גרויס עקסטאַז דעם פֿאַרזאַמלטן עולם, וואָס איז געזעסן אַף שטיינערנע טרעפּ אונטערן פֿרייען הימל. באַזונדערס שטאַרק באַגייסטערט פּלעגן ווערן די מיטגלידער פֿון די געהיימע געזעלשאַפֿטן דערהערנדיק פֿון די זינגער און שפּילער דעם געהיימען שפּרוך, וואָס האָט זיי פֿאַראייניקט.

דאָס אָרעם פֿאָלק פּלעגט אָפּגעבן זיינע שווער־פֿאַרהאָרעוועטע פּרוטות צו זען און הערן אָט די באַליבטע וואַנדערנדיקע פּראָלעטאַרישע אַרטיסטן. נאָר די הכנסה איז געווען קוים גענוג צו דערהאַלטן זייער לעבן. דערפֿאַר האָבן די אַרטיסטן געגאַרט צו ווערן אָנגעשטעלט פֿון דער מלוכה אָדער פֿון דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, כּדי צו זיין זיכער מיט זייער אָרעמער אויסקומעניש.

אַן אַלטע אויפֿשריפֿט, וואָס איז געפֿונען געוואָרן אין טעאָס, קליין־אַזיע, וואו עס איז געווען די הויפּט־קוואַרטיר פֿון דעם אַרטיסטן־אינטער־נאַציאָנאַל, באַווייזט ווי סאָלידאַריש אָט די פֿאַרצייטיקע אַרטיסטן זיינען געווען איינע צו די אַנדערע. די אויפֿשריפֿט דערציילט אַזוי:

אַן „עראַנאָס" פֿון שוישפּילער אין טעאָס איז געווען אין גרויס נויט. די געזעלשאַפֿט איז געווען פֿאַרשולדיקט איבערן קאָפּ און זיך ניט געקאָנט אַרויסדרייען. האָט זי אַפּעלירט נאָך הילף צו דער „סינאָדע" (די פֿעדעראַציע פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען). אין אַ געהיימער זיצונג האָבן די דעלע־גאַטן פֿון דעם שוישפּילערישן עראַנאָס פֿאַרגעלייגט זייער „אַפּיל" און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצונוצן דעם פּאָליטישן איינפֿלוס פֿון דער סינאָדע, אַז די שטאָטישע קאָמיסאַרן פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט זאָלן אַראַנזשירן יענע שוישפּילער צו די שטאָטישע שפּילן, וואָס האָבן באַלד געדאַרפֿט ווערן

געגעבן לכבוד די ימים־טובים. די סינאַדע פון איר זייט האָט זיך פאַר־פליכטעט צוצושטעלן די נויטיקע מיטגלידער פון אַנדערע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, כדי די פאָרשטעלונגען זאָלן זיין דערפאָלגרייך.

אָט די אָרגאַניזירטקייט און אחדות צווישן די ארטיסטן האָט זיך אויך ארויסגעוויזן אין דעם סטרייק פון די מוזיקער אין רוים, אין יאָר 309 פ. ק.

נאָך איינער פון די רוימישע מלחמות אין יענער צייט, ווען די פינאַנ־ציעלע לאַגע פון דער שטאָט איז געווען אין אַ שלעכטן צושטאַנד, האָבן אירע הערשער באַשלאָסן צו עקאָנאָמיזירן אַפן חשבון פון די אָרגאַניזירטע ארטיסטן. דער סענאַט האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דערלויבן דעם מוזיקער־„קאָלעגיום" צו שפּילן ביים יופּיטער יום־טוב אַפן חשבון פון שטאָט.

די מוזיקער אַליין האָבן ניט געדינט צו יופּיטערן, דעם גאָט פון די רייכע האַרן. די אָרעמע ארטיסטן, דאָס רוב האָרעפּאַשניקעס אין רוים, האָבן געדינט צו מינערוואַ, די שוץ־געטין פון ארבעט. נאָר איינמאָל אַ יאָר פלעגן זיי אויפטרעטן ביים גרויסן גבירישן יום־טוב פאַר יופּיטער און קריגן דערפאַר גוט באַצאָלט. די רוימישע ארבעטער־קאָלעגיומס זיינען געווען אָרגאַניזירט אין אַ פעדעראַציע. זיי פלעגן שטימען אין דער פאָלקס־פאַר־זאַמלונג און העלפן דערוויילן די „עדילן", די קאָמיסאַרן פאַר געזעלשאַפט־לעכער ארבעט. די לעצטע פלעגן דערפאַר געבן די „קאָלעגיומס" קאָנטראַקטן פאַר אַזוינע מלוכה־ארבעטן ווי בויען בריקן, שאָסייען, א. ד. גל. ווי אויך אָנשטעלן יוניאָן־מוזיקער ביי די שטאָטישע ימים־טובים. דער דעקרעט פונם סענאַט, ניט צו לאָזן שפּילן די מוזיקער אַפן חשבון פון דער מלוכה איז דער־פאַר באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ פאַרזוך קעגן די רעכטן פון די ארבעטער. דער מוזיקער־„קאָלעגיום" פון רוים האָט דערפאַר באַשלאָסן ארויסצוגיין אין סטרייק.

אָנגעפירט פון זייער מיליטערישער אָפּטיילונג, האָבן די מוזיקער אוועק־געמאַרשירט אונטער זייער פלאַמענדיק־רויטער פאָן קיין טיבאָר, אַ היפּש שטיקל וועג פון רוים. דער חשבון פון דער יוניאָן איז געווען אַזאַ: די רוימישע האַרן וועלן ניט וואַגן צו באַליידיקן זייער גאָט יופּיטער, אַז לכבוד זיין יום־טוב זאָל ניט זיין קיין מוזיק און שפּיל. דאָס איז געווען ריכטיק נאָר די פּריצים האָבן זיך ארויסגעוויזן כיטרער, ווי די נאַאיווע מוזיקער, וואָס האָבן ניט געוואוסט פון קיין הינטערוועגן.

דער רוימישער סענאַט האָט גענוי פאַרשטאַנען דעם פּלאַן פון די סטרייקער. ער האָט דעריבער געשיקט אַ קאָמיסיע צו דער שטאָט טיבאָר, וואו די סטרייקער האָבן זיך באַזעצט, און געבעטן די דאָרטיקע האַרן אים צו העלפן באַאיינפלוסן די מוזיקער אויפצוטרעטן ביי יופּיטער׳ס יום־טוב אָן

געצאָלט. די רוימישע סענאַט־קאָמיסיע איז דאָרט אויפגענומען געוואָרן פריינטלעך און געקראָגן די געלעגנהייט צו פאַרהאַנדלען מיט די מוזיקער. נאָר די לעצטע זיינען געווען פאַרעקשנט און ניט איינגעגאַנגען אַף קיינע פשרות. דערווייל איז געוואָרן ערב יום־טוב. מאָרגן מוזן די מוזיקער זיין אין רוים, ווען ניט, וועט שוין זיין צו שפּעט, און יופּיטער'ס יום־טוב וועט בלייבן אָן מוזיק. די סענאַטאָרן האָבן דערפאַר אָנגעווענדט אַזאַ מין שפּיצל:

זיי האָבן געבעטן די מוזיקער עפּעס וואָס שפּילן. די מוזיקער האָבן זיך ניט אָפּגעזאָגט פון צו שפּילן און נאָך ווייניקער פון צו טרינקען דעם גוטן וויין. זיי האָבן געטרונקען אַזוי לאַנג ביז זיי האָבן ניט געוואוסט וואו זיי זיינען אין דער וועלט. מען האָט זיי פאַרפּאַקט אין ווייכע קאַרעטן און זיי געבראַכט צו פירן צום רוימישן פאָרום, דעם גרויסן מאַרק־פּלאַץ ביים טעמפּל פון יופּיטער. דאָרט איז שוין אַלץ געווען גרייט פאַרן גרויסן יום־טוב, וואָס האָט געדאַרפט זיך אָנהויבן באַלד באַגינען. דער פּלאַץ איז געווען אָנגעפילט מיט די רוימישע מאַסן וואָס זיינען געקומען זען דעם גרויסן פּאַראַד. ווען די מוזיקער האָבן זיך אויפגעכאַפּט און דערהערט דעם גרויסן הוראַ, מיט וועלכן דער עולם האָט זיי באַגעגנט, האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז מען האָט זיי אַריינגענאַרט. דאָך האָבן זיי ערשט אָנגעהויבן שפּילן ווען דער סענאַט האָט זיי גאַראַנטירט דאָס רעכט צו פייערן דעם 13טן יוני פון יעדן יאָר דורך מאַרשירן מיט מוזיק אונטער זייער רויטער פאָן דורך די גאַסן פון רוים און זאַמלעןביישטייערונגען.

# דער קאַמף פאַר איבערטיילן דאָס לאַנד און זיינע מאַרטירער

מער ווי 200 יאָר זיינען אריבער זינט רוים האָט (אין יאָר 367 פ. ק.) אָנגענומען דאָס געזעץ, אַז קיין פערזאָן טאָר ניט באַזיצן מער ווי 500 יוגעראַ (אַרום 300 אַקער) פון קהלשן באָדן. נאָר דאָס געזעץ איז געבליבן בלויז אַפן פּאַפּיר. די רייכע האָבן פאַרכאַפּט דאָס קהלשע לאַנד און אויך אַוועקגענומען פאַר פּראָצענט די פּריוואַטע שטיקלעך ערד פון די אָרעמע פּויערים.

אַמאָל האָט דער פאַראָרעמטער פּויער כאָטש געקאָנט בלייבן אַף זיין שטיקל ערד אַלס לאַנד־אַרבעטער פאַרן פּריז אָדער פּראָצענטניק. נאָר די זיגרייכע מלחמות האָבן אָנגעפילט רוים און איטאַליע מיט מיליאָנען שקלאַפּן און פאַר באַצאָלטער אַרבעט איז ניט געווען מער קיין פּלאַץ. און אַזוי ווי תבואה האָבן צוגעשטעלט פּראָווינצן אַלס שטייער, האָט די רייכע ניט געלוינט צו פאַרנעמען זיך מיט אָט דער פּראָדוקציע. האָבן זיי פאַרוואַנדלט די פרוכטבאַרסטע פעלדער אין פּאַשע פאַר זייערע גרויסע סטאַדעס, געפיטערט פון אומזיסטע שקלאַפּן.

די פאַראָרעמטע פּויערים און לאַנד־אַרבעטער זיינען אַרונטערגעזונקען צו בעטלערייי אָדער האָבן זיך גענומען צום רויבן. זיינען גאַנצע געגנטן אין איטאַליע געוואָרן אויסגעליידיקט פון פרייע פּויערים און אַרבעטער. זייערע וועגן זיינען געוואָרן ניט זיכער פון רויבערישע אָנפאַלן, און איבער די גאַסן פון זייערע רואינירטע שטעט האָבן אַרומגעבלאָנקעט הונגעריקע, אָפּגעריסענע בעטלער.

אַפן פּאַפּיר זיינען אַלע רוימער געווען בירגער פון אַ דעמאָקראַטישער רעפּובליק. נאָר אַזוי ווי רוים האָט ניט געוואוסט פון דעם מיטל צו דערווײלן פאַרטרעטער, האָבן אַף אירע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען געקאָנט קומען בלויז די, וואָס וואוינען אין שטאָט גופא. און שפּעטער, ווען רוים האָט געציילט אין שטאָט הונדערטער טויזנטער בירגער, האָבן די גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונגען אַפן מאַרק־פּלאַץ ניט געקאָנט געניו באַטראַכטן אַ פראַגע. מען האָט געשטימט בלויז יאָ אָדער ניין, און דאָס רוב איז אַ גרויסער בעטלערישער עולם געווען אונטערגעקויפט פון די, וואָס האָבן אים אויסגעהאַלטן מיט זיינע נויטיקע באַדערפעניש און אַראַנזשירט פאַר אים אַלערליי פעסטן און אַמוזירונגען.

די פּויערים און מיטלקלאַסן וואָס האָבן געוואוינט ווייט פון שטאָט

און ניט געקאָנט קומען צו די וואַלן און אָפּשטימונגען, זיינען פּאַקטיש געווען אויסגעשלאָסן פון בירגערשאַפט. נאָך ווייניקער רעכט האָבן געהאַט די איבעריקע געגנטן פון איטאַליע, וואָס האָבן זיך גערעכנט פאַר „פאַרבינדעטע" פון רוים און זיינען געווען באמת אונטערטאַנען. זיי האָבן געדאַרפט דער־פילן אַלע פליכטן צום לאַנד, גיין אין מיליטער, א. א. וו., נאָר ניט געהאַט קיין רעכט צו וויילן אָדער ווערן געוויילט, אפילו ווען זיי זיינען געקומען אין דער שטאָט רוים. זיי האָבן שטענדיק געפאָדערט בירגער־רעכט, נאָר די רוימישע בעטלער וואָס האָבן געצויגן זייער אָרעמע עקזיסטענץ פון זייער בירגערשאַפט, האָבן ניט געוואָלט זיך טיילן מיט אַנדערע אין אָט דער פּריווילעגיע. האָבן די הערשנדיקע קלאַסן געהאַט אַ שטאַרקע שטיצע אין אָט די מיוחסדיקע רוימישע בעטלערישע בירגער און זיך געקאָנט שטעלן פעסט קעגן יעדן פאָרשלאַג אויסצושפּרייטן דאָס רוימישע בירגער־רעכט איבער גאַנץ איטאַליע.

דער סענאַט איז געלעגן אויסשליסלעך אין די הענט פון די רייכע. אַמאָל איז דער סענאַט געווען כּמעט פּאַטריאָטיש און געהאַט פאַר זיינע אויגן „די אינטערעסן פון גאַנצן לאַנד", לויט דעם באַגריף פון די רייכע קלאַסן. נאָר די אומגעהויערע רייכקייט און לוקסוס, וואָס האָט שרעקלעך דעמאָראַ־ליזירט דעם הערשנדיקן קלאַס, האָט אויך דעמאָראַליזירט זיין סענאַט. זייט דעם יאָר 160 פ. ק. האָט מען געקאָנט אונטערקויפן די מערסטע סענאַטאָרן. זיי זאָלן שטימען אפילו קעגן די אינטערעסן פון רוימישן פאָטערלאַנד, אפילו לויט זייער באַגריף. יעדער סענאַטאָר האָט בלויז געטראַכט ווי צו ווערן אַלץ רייכער און לעבן אין לוקסוס און הולטאַיסטווע פון פרעמדער אַרבעט.

ניט בעסער זיינען געווען די „ריטער", די נייע מלחמה גבירים, וואָס האָבן אָנגעזאַמלט גרויסע רייכטימער אַלס אַרמיי־ליפעראַנטן, פּאַדריאַט־שיקעס, פּראָצענטניקעס א. א. וו.

אָט די „ריטערלעכע" פּראָצענטניקעס האָבן געליען געלט אויף גרויסע פּראָצענטן, פון 40 ביז 100, צו די וואָס האָבן געדאַרפט אונטערקויפן די בעטלער־בירגער פון רוים, צו ווערן פון זיי דערוויילט פאַר קאָנסיל, פּרעטאָר, אָדער אַנאַנדער הויכער אַמט. ווען אָט די לייט זיינען געוואָרן דערוויילט אויז נאָכדעם געזוכט אַרויסצונעמען זייער געלט פון דער פּראָווינץ, וואָס זיי האָבן רעגירט, האָבן זיי אויך געגעבן די געלעגנהייט צו זייערע פּראָצענטניקעס אויסצוזויגן די דאָרטיקע באַפעלקערונג.

אָפט האָבן אָט די „ריטער" אָנגענומען ביי דער רוימישער רעגירונג דעם קאָנטראַקט איר צוצושטעלן די צינזן פון אַ געוויסער פּראָווינץ. נאַטירלעך האָבן זיי אויף איר אַרויפגעלייגט אַזוינע שטייערן, וואָס זי האָט ניט געקאָנט

באַצאָלן. האָבן זיי איר געליען געלט אַף הויכע פּראָצענטן, זי זאָל קאָנען באַצאָלן אירע צינזן צו רוים. און ווען די רעגירונג האָט דערווייל, איידער זי קריגט אַריין די צינזן, געדאַרפט האָבן געלט אַף צו באַצאָלן די פּאָדריאַט־שיקעס, האָבן אויך איר די פּראָצענטניקעס געליען אַף גרויסע פּראָצענטן. אַזוי אַז דאָס געלט פון די אַלע פּראָווינצן איז סוף־כל־סוף געפלאָסן צו די זעלבע קעשענעס פון די רוימישע „ריטער", די פּאָדריאַטשיקעס און פּראָ־צענטניקעס. זיי האָבן אויך געוואוסט, אַזוי ווי די איצטיקע מלחמה־פּראָ־פיטירער, די קונסט צוצושטעלן דער אַרמיי די ביליקסטע פּראָדוקטן און נעמען די טייערסטע פּרייזן. אָדער גאָר ניט צושטעלן און קריגן באַצאָלט גרויסע סומען.

דער רוימישער „ריטער" האָט אויך געהאַט געגרינדעט אַקציען־געזעלשאַפטן, אין וועלכע עס האָבן זיך אויך באַטייליקט די מיטל־קלאַסן און דורכדעם, אַזוי ווי די היינטיקע קליינבירגער, געוואָרן פאַר־אינטערעסירט עקאָנאָמיש אין דעם אימפּעריאַליזם פון זייער שטאַט און אין דער אויסזויגונג פון זיינע קאָלאָניעס און מאַנדאַטאָריעס. די פּראָפיטן פון אָט די אַקציען־געזעלשאַפטן זיינען געווען אומגעהויער גרויס. אַזוי האָט שפּעטער די געזעלשאַפט פון אַזיאַני, וואָס האָט געליען דעם רוימישן שטאַט די סומע פון 20,000 טאַלענטן (25 מיליאָן דאָלאַר) צוועלף יאָר שפּעטער געמאָנט ביי דער רוימישער מלוכה די סומע פון 120,000 טאַלענטן (150 מיליאָן דאָלאַר).

די אַלע רייכטימער פון די סענאַטאָרן און ריטער, קאָנסולן און פּרעטאָרן, פּאָדריאַטשיקעס און פּראָצענטניקעס, זיינען ניט געוואָרן באַנוצט צו פאַר־גרעסערן די פּראָדוקציע, נאָר בלויז פאַר לוקסוס צוועקן. אין דער צייט, וואָס רוים האָט פאַרצערט די פּראַצע פון טויזנטער יאָרן פון פלייסיקער אַרבעט פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, האָט זי אַליין, איר אייגענע באַפעלקערונג, ווייניק אָדער גאָרניט פּראָדוצירט. מינען און שטיינהאַקערייען, אַזוי ווי אירע פעלדער זיינען געוואָרן באַאַרבעט פון געצוואונגענער שקלאַפן אַרבעט, וואָס האָט כסדר געפירט צו אויפשטאַנדן און צו דער פאַרוויסטונג פון לאַנד.

כדי אָנצוהאַלטן זייער ווירטשאַפט, געבויט אַף שקלאַפעריי, האָבן די רוימער געזוכט אַריינצובריינגען וואָס מער שקלאַפן און צו ביליקע פּרייזן. ווען רוים האָט איינגענומען סאַרדיניע האָט מען פון דאָרטן געבראַכט מאַסן שקלאַפן וואָס מען האָט אָנגעבאָטן צו אַזוינע ביליקע פּרייזן, אַז עס איז גע־וואָרן אַ רוימיש שפּריכוואָרט: ביליק ווי סאַרדיניער.

נאָר וואָס מער דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן פון רוים האָט זיך געשטיצט אַף די ביליקע שקלאַפן, אַלץ ערגער איז געוואָרן די לאַגע פון דעם פּויער און

אַרבעטער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בייַנקשאַפט נאָך די אַלטע גוטע צייטן ווען יעדער פּויער האָט באַארבעט זיין לאַנד און דער אַרבעטער האָט געקאָנט לעבן פון זיין אַרבעט.

און אַזוי ווי ניט אַלע פאַראָרעמטע פּויערים און אַרבעטער האָבן אויס־געווײלט דאָס לעבן פון בעטלער אָדער רויבער, איז געוואָרן אַ באַוועגונג: „צוריק צום לאַנד!" זאָלן די רייַכע אָפּגעבן אַ טייל פון דעם פאַרכאַפּטן קהלש לאַנד צו די, וואָס האָבן גאָרניט. גלייכצייטיק האָבן די רעכטלאָזע איינוואוינער פון איטאַליע אָנגעהויבן שטאַרקער פאָדערן גלייכע רעכטן פאַר גלייכע פליכטן. דער רוימישער בעטלער־בירגער איז טאַקע געווען קעגן טיילן זיך מיט זיין „פּריווילעגיע" מיט די רעכטלאָזע איינוואוינער פון איטאַליע, נאָר די אַלע עלעמענטן וואָס האָבן ניט געלעבט פון שנאָרעריי און געשטרעבט צו אַ לעבן פון אייגענער אַרבעט, האָבן דערזען אין דעם רעכט־לאָזן איטאַליענישן סאָלדאַט פון דער רוימישער אַרמיי אַ חבר אין קאַמף קעגן די לאַנד־פאַרכאַפּער און פּראָצענטניקעס. די פירער פון די פאַראָרעמטע פּויערים און אַרבעטער זיינען געווען גרייט אַריינצונעמען אין זייער פּראָגראַם דאָס געבן די איטאַליענישע בירגער רעכט, אפשר וועט מיט פאַראייניקטער קראַפט געלינגען אומצוקערן צוריק די „אַלטע גוטע צייטן" פון פרייע פּויערים און פרייע אַרבעט. די דאָפּלטע באַוועגונג — צוריק צום לאַנד און גלייכע רעכטן פאַר אַלע איינוואוינער פון איטאַליע, איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און באַלד האָבן זיך אויך געפונען די גרויסע פירער, וואָס זיינען געוואָרן אירע פאָרקעמפער און מאַרטירער. דאָס זיינען געווען די באַרימטע צוויי ברידער גראַקך.

## טיבער גראַקך

די ברידער גראַקך זיינען דערצויגן געוואָרן אין רייכקייט ביי עלטערן פון העכסטן ראַנג אין דער געזעלשאַפט. דער טאַטע, טיבער סעמפּראָן גראַקך דער עלטערער, איז געווען צוויי מאָל רוימישער קאָנסול, דער העכסטער אַמט אין דער גרעסטער וועלט־מאַכט פון יענער צייט. ער איז אויך געווען פּרעטאָר, צענזאָר, און אַמבאַסאַדאָר. די מאַמע קאָרנעליאַ, די אינטע־ליגענטסטע פרוי פון רוים, איז געווען די טאָכטער פון סקיפּיאָ אַפריקאַנוס, דער באַליבטער העלד וואָס האָט באַזיגט דעם גרויסן קאַרטהאַגישן קאָמאַנ־דיר, האַניבאַל (חנן־בעל) וועלכער איז שוין געשטאַנען ביי די טויערן פון רוים. די זיידעס און עלטער־זיידעס — קאָנסולן און גענעראַלן. זיינען פאַר די שיינע, קרעפטיקע הויכגעבילדעטע ברידער גראַקך געווען אָפן די העכסטע

ציווילע און מיליטערישע שטעלעס אין לאנד. נאָר די ערלעכע ברידער גראַקך, דערצויגן אַף דער פילאָזאָפיע פון די סטאָיאיקער, די נאָכפאָלגער פון סאָקראַטן, האָבן ניט געקאָנט בלייבן גלייכגילטיק צום הילפס־רוף פון פאַראָרעמטן פויער, פון פאַרשקלאַפטן אַרבעטער, פון עקספּלואַטירטן לעגיאָנער.



טיבער גראַקך. גאַאי גראַקך.

טיבער סעמפּראָן גראַקך, דער עלטערער פון די צוויי ברידער גראַקך, איז געבאָרן געוואָרן אין יאָר 163 פ. ק. ווען זיין פאָטער איז צום צווייטן מאָל געווען קאָנסול פון רוים. ער האָט זיך דערצויגן אונטער דער אויפזיכט פון זיין געבילדעטער מוטער, מיט דער הילף פון דעם רעטאָריקער דיאָפאָן און דעם סטאָיאיקער בלאָסיוס.

אין עלטער פון 24 יאָר האָט זיך טיבער גראַקך אויסגעצייכנט ביי דער לעצטער מלחמה קעגן קאַרטהאַגע, וואו ער איז געווען דער ערשטער אַרויפצוקלעטערן אַף אירע מויערן. דריי יאָר שפּעטער, ווען אַ רוימישע אַרמיי איז געוואָרן באַזיגט אין דער מלחמה קעגן די נומידן און איז געווען אין געפאַר פון פאַרניכטונג, האָט דער רוימישער גענעראַל געשיקט טיבער

גראַקכן צו פאַרהאַנדלען מיטן שונא. די נומידן האָבן קיינעם ניט געטרויט אויסער דעם זון פון אַלטן קאָנסול און אַמבאַסאַדאָר, ווען זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַ מוסטער פון ערלעכקייט און איידלקייט.

אַף זיין וועג צוריק אַהיים האָט טיבער גראַקך דורכגערייזט איטאַליע און דערזען וואָס רוימ׳ס נצחונות האָבן פון איר געמאַכט — פּרוכטבאַרע פעלדער פאַרוואַנדלט אין פּאַשע פאַר די סטאַדעס פון די רייכע גוטבאַזיצער, געפיטערט פון האַלב־נאַקעטע פאַרהונגערטע קנעכט. אויפן־קום פון מיליאָנען פרעמדע שפּאָט־ביליקע שקלאַפן אַף דעם אָרט פון די פאַרשוואונדענע פרייע פויערים און אַרבעטער. דאָס אַרומבלאָנקען, ווי שלעפּער, אָפּגעריסן און פאַרמאָרעט, פון געוועזענע לעגיאָנערן וואָס האָבן געוויזן העלדישקייט אין מלחמה. ער האָט קלאָר פאַרשטאַנען, אַז דער מענטשן־האַנדל, די שקלאַפעריי, וואָס האָט פאַרטריבן דעם פויער פון זיין באָדן און געמאַכט פון פרייען אַרבעטער אַ שנאָרער, אַ קנעכט, אָדער אַ רויבער, וועט פירן צום אונטערגאַנג פון גאַנצן רוימישן לאַנד. און ווען ער האָט צוריקגעקערט נאָך רוים האָט ער זיך דערפאַר אָנגעשלאָסן אָן דער באַוועגונג איבערצוטיילן דעם באָדן. ער איז אויך באַלד אַרויסגעטראָטן פאַר די ברייטע מאַסן מיט רעוואָלוציאָנערע רעדעס, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אָט די ווערטער:

„די ווילדע חיות פון איטאַליע האָבן זייערע היילן, און זייערע לאַגערן אַף וועלכע זיי רוען, נאָר די בראַווע מענער וואָס פאַרגיסן פאַר איר זייער בלוט, באַזיצן ניט קיין זאַך אויסער לופט און ליכט, ווייל מען קאָן דאָס פון זיי ניט אַוועקרויבן. ניט האָבנדיק קיין הייזער און קיין באַשטימטע וואוינונגען, זיינען זיי געצוואונגען צו וואַנדערן פון אָרט צו אָרט מיט זייערע ווייבער און קינדער. זייערע גענעראַלן מאַכן בלויז חוזק פון זיי, ווען בראש פון זייערע אַרמייען, דערמונטערן זיי זייערע סאָלדאַטן צו קעמפן פאַר זייערע פאַמיליע־קברים און פאַמיליע־געטער; ווייל צווישן אַזוי פיל רוימער איז אפשר ניטאָ קיין איינציקער וואָס באַזיצט אַ מזבח וואָס האָט געהערט צו זיינע אבות. זיי האָבן ניט קיין היים און קיין נחלה פון זייערע אבות צו באַשיצן. די פּראָסטע סאָלדאַטן קעמפן און פאַלן בלויז צו פאַרגרעסערן דעם לוקסוס און די רייכטימער פון די הויכע לייט. זיי ווערן אָנגערופן די האַרן פון דער וועלט, בעת אין דער אמתן באַזיצן זיי ניט קיין איינציקן פוס באָדן, וואָס זיי זאָלן קאָנען אָנרופן זייער אייגן.“

קיין וואונדער, אַז טיבער גראַקך איז געוואָרן דער באַליבטער פירער פון די אומצופרידענע מאַסן. אין יאָר 133 איז ער געוואָרן דערוויילט פאַר אַ פאָלקס־טריבון, און ער האָט זיך באַלד גענומען ערנסט דורכצופירן די נויטיקע סאָציאַלע ענדערונגען אין לאַנד. נאָר אָנשטאָט פאַרצושלאָגן די עקספּראָפּריאַציע פון דעם לאַנד, וואָס אַ פּאָר טויזנט גבירים האָבן פאַרכאַפּט,

האָט טיבער גראַקך אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט, וואָס איז געווען מילדער צו די רייכע ווי דאָס געזעץ פון טריבון ליצין מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר פריער. ליצינ׳ס געזעץ האָט באַשטימט, אַז קיין פּערזאָן טאָר ניט פאַר־נעמען פון דעם קהלשן לאַנד מער ווי 500 אינגערא (אַרום 300 אַקער), בעת טיבער גראַקך האָט דערלויבט נאָך צו 150 אַקער פאַר יעדן זון. אויך די איבעריקע האָט ער ניט געוואָלט אַוועקנעמען אומזיסט, נאָר דער שטאַט זאָל די רייכע דערפאַר באַגיטיקן. נאָר אַפילו אָט דער מילדער פּראָיעקט האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג צווישן די רייכע לייט, און זיי האָבן באַשלאָסן ניט צו דערלאָזן עס דורכפירן. זיי האָבן זיך דערצו באַנוצט מיט דעם אַלטן אויסגעפּרובירטן מיטל, צו קריגן אַ פאָלקס־טריבון וואָס זאָל ניט מסכים זיין אויף גראַקכ׳ס פאָרשלאָג און אים דערמיט מאַכן פאַר ניט געזעצלעך.

אומזיסט האָט גראַקך אַרגומענטירט מיטן צווייטן טריבון און אים געֿ־סטראַשעט מיטן צאָרן פון די מאַסן, די „פּאָפּולאַרעס". יענער איז געבליבן טריי די אינטערעסן פון די גבירים, די „אָפּטימאַטעס", וואָס האָבן זיך מיט אים „געזען". אין דעם מאָמענט האָט זיך גראַקך אַ הייב געטאָן אויף דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע וואָס האָט אים געטראָגן. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון צו זיין „געזעצלעך" אין די אויגן פון די גבירים. ער האָט דערקלערט, אַז דאָס פאָלק האָט דאָס פולע רעכט אַרונטערצוזעצן אַ טריבון וואָס האָט פאַרראַטן די אינטערעסן פון זיינע וויילער.

נאָכדעם איז שוין אַלץ געגאַנגען שנעל. די פאָלקס־פאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען דעם „סעמפּראָנישן געזעץ" (אָפּן מיטלנאָמען פון טיבער גראַקך, וואָס באַדייט זיין אָפּשטאַם פון דער אַלטער משפּחה סעמפּראָן), און באַ־שטימט דריי קאָמיסאַרן עס דורכצופירן אין דער פּראַקטיק. נאָר די רייכע האָבן ניט געשוויגן. זיי האָבן אָרגאַניזירט אַלע זייערע כחות צו שטערן די קאָמיסאַרן אין דער אַרבעט. דערצו האָט זיי אַ סך מיטגעהאָלפן דער פאַקט, וואָס טיבער גראַקך האָט געוואָלט אָפּנעמען דאָס לאַנד פאַר געצאָלט. די קאָמיסאַרן האָבן געמוזט אָפּשאַצן דעם ווערט פון יעדן גרויסן מאַיאָנטעק, כדי צו באַשטימען די אַנטשעדיקונג וואָס דער שטאַט דאַרף באַצאָלן א. א. וו. די גוט־אָרגאַניזירטע גבירים האָבן אויסגענוצט יעדן מיטל צו שטערן די אַרבעט פון די קאָמיסאַרן.

אינצווישן איז געשטאָרבן דער רייכער קעניג אַנטאַל פון פּערגאַמאָן אין קליין־אַזיע, און איבערגעלאָזן זיין גאַנצע מלוכה מיט אַלע זיינע אוצרות אַ מתנה צו דער רוימישער רעפּובליק, וועמעס ווערקצייג ער איז געווען.

גראַקך האָט גוט געוואוסט, אַז די רוימישע גבירים וועלן זיך באַלד

אַ וואָרף טאָן אַף דעם רייכן לאַנד ווי ווילדע חיות. איר פרידלעכע אַרבעט־זאַמע באַפעלקערונג וועט, אַזוי ווי די איטאַליענישע, ווערן אַרונטערגעזונקען צו בעטלעריי און קנעכטשאַפט. די רייכטימער וועלן באַנוצט ווערן צו מאַכן נייע מאַסן מענטשן פאַר שקלאַפן און בעטלער, כדי צו העלפן די ביסל גבירים זיך צו דערוואַרבן נאָך רייכטימער. האָט ער פאָרגעשלאָגן אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג, אַז די אוצרות פון פערגאַמאָנישן קעניג זאָלן פאַרקויפט ווערן און די הכנסה דערפון זאָל באַנוצט ווערן צו שאַפן בהמות און לאַנד־ווירטשאַפטלעכע געצייג פאַר די אָרעמע פּויערים און אַרבעטער, וואָס וועלן קריגן לאַנד. גלייכצייטיק האָט טיבער גראַקך אַריינגעבראַכט אַ גאַנצע ריי פּראָיעקטן, וואָס האָבן געצילט צו מאַכן די רוימישע רעפּובליק פאַר אַ לאַנד פון פרידלעכע אַרבעטזאַמע פּויערים און אַרבעטער. ער האָט פאָרגעשלאָגן צו פאַרקירצן די צייט פון מיליטער־דינסט, כדי דער פּויער זאָל ניט ווערן אָפּגעריסן פון לאַנד; צו פאַרלייגערן די צייט פון אָפּעלירן פון די ריכטער צו דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג; אָפּצושאַפן די פּריווילעגיע פון די סענאַטאָרן צו זיין די איינציקע געשוואָרענע ריכטער; צו געבן בירגער רעכט צו אַלע פרייע איינגעבאָרענע איינוואוינער פון איטאַליע, א. אַ. וו.

די גבירים האָבן געקוקט מיט שרעק אַף די אַלע געזעצן און אַף דער גאַנצער פרידלעכער טעטיקייט פון טיבער גראַקך. פאַר זיי איז ער געווען אַ געפערלעכער רעוואָלוציאָנער. נאָר זיי האָבן מורא געהאַט אים טויטן, צוליב דער אַלטער שבועה, אַז דאָס גאַנצע פאָלק דאַרף נעמען נקמה פאַר דעם מאָרד פון אַ טריבון. זיי האָבן דערפאַר באַשלאָסן אים צו לאָזן ענדיקן זיין איין־יאָר טערמין, נאָר זיך אָנשטריינגען צו דערוויילן אַף זיין אָרט אַזאַ טריבון, וואָס וועט ניט אונטערנעמען קיין זאַך קעגן די רייכע. זיי האָבן אַפּעלירט צום „פּאַטריאָטישן געפיל" פון דעם אומוויסנדיקן און נאַרישן עולם, קעגן גראַקך'ס פאָרשלאַגן צו פאַרקירצן דאָס מיליטער דינסט (וואָס קאָן ווערן אויסגעטייטשט ווי אַ פאַרזוך אָפּצושוואַכן רוים'ס מיליטע־רישע מאַכט) און צו געבן די „אויסלענדער" בירגער־רעכט. אין אָט דער פּאַטריאָטישער פּראָפּאַגאַנדע האָבן די רייכע לייט געהאַט די שטיצע פון יענע געפאַלענע בעטלערישע בירגער, וואָס האָבן געמאַכט אַ געשעפט פון זייער בירגערטום און וועמעס שטימען פּאָליטישנס האָבן געקויפט און פאַרקויפט.

נאָך טיבער גראַקך איז פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג געפירט געוואָרן צו אַ וויטערער „ניט געזעצלעכער טאַט". ער האָט געוואוסט, אַז כדי דורכצופירן די נייע צעטיילונג פון לאַנד מוז ער בלייבן טריבון נאָך אַ טערמין. האָט ער ווידער אָנגענומען די קאַנדידאַטור. אומזיסט האָט דער

סענאַט דערקלערט, אַז דאָס איז קעגן געזעץ, אַז אַ טריבון טאָר ניט אויס־געקליבן ווערן צוויי יאָר נאָכאַנאַנד. גראַקך און זיינע חברים האָבן זיך ניט מער גערעכנט מיט דער אָפּאָזיציע און זיך געווענדט דירעקט צו די מאַסן. די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע כּחות פּלאַנען דאַן אַ באַוואָפנטן אָנפאַל אויף גראַקכן און זיינע אונטערשטיצער. נאָר די מאַסן שטעלן ארויס פון זיך אַן ערנוואַך, 3,000 רעוואָלוציאָנערן, צו באַוואַכן טיבער גראַקך׳ס הויז און אים באַגלייטן וואו נאָר ער גייט.

דער טאָג פון די וואַלן איז געקומען. די רייכע און זייערע געדונגענע שלעגער, און די אויפגעהעצטע פּאַטריאָטן, האָבן געמאַכט סקאַנדאַלן און די פאַרזאַמלונג האָט זיך געענדיקט אין אומאָרדענונג. דאָך האָט זיך ארויס־געוויזן, אַז די ערשטע שבטים, וואָס האָבן געשטימט, האָבן אָפּגעגעבן זייערע שטימען פאַר טיבער גראַקכן. די גבירים באַשליסן דאַן אים אָפּצו־ראַמען פון וועג אונטער אַלע אומשטענדן. צוערשט פאַרשפּרייטן זיי אַ קלאַנג, אַז טיבער גראַקך האָט אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אָנגערירט זיין קאָפּ מיטן האַנט אַלס צייכן, אַז ער וויל מען זאָל אים קרוינען פאַר קעניג. דער גבירישער סענאַט האָט אויף דעם גרונט זיך געווענדט צום קאָנסול סקאַוואָלאַ ער זאָל פאַראורטיילן טיבער גראַקכן צום טויט, אַלס פאַררעטער, וואָס וויל ווערן טיראַן, קעניג פון רוים. נאָר דער קאָנסול האָט קענטיק מורא געהאַט פאַר אַ בלוטיקן בירגער קריג וואָס אַזאַ טויט וועט ארויסרופן, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט דורכצופירן דעם וואונטש פון סענאַט. דער פירער פון די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע כּחות, אַ געוויסער נאַסיקאַ וואָס האָט אויסגעשריען, אַז דער קאָנסול האָט פאַרראַטן דאָס לאַנד, אָרגאַניזירט אַליין דעם אָנפאַל אויף טיבער גראַקכן און זיינע נאָכפאָלגער.

די נאַכט איז אַריבער רואיק. טיבער גראַקך איז באַוואַכט געוואָרן פון זיינע טרייע וועכטער. אין דער פרי האָבן זיך די מאַסן פאַרזאַמלט אויפן פאָרום (מאַרק־פּלאַץ) פון רוים און דערוואַרט זייער באַליבטן טריבון. טיבער גראַקך איז געגאַנגען לאַנגזאַם און ניט ווילנדיק. אין שטוב און אויפן וועג האָבן פּאַסירט אַזוינע געשייענישן, וואָס די אַבערגלויבישע רוימער האָבן אָנגענומען פאַר „שלעכטע סמנים". מעגלעך אַז דאָס האָט, ווי אין אַ סך אַנדערע אַזוינע פאַלן, אָפּגעשוואַכט דעם קאַמפּס־מוט פון זיינע פּראָלעטאַרישע נאָכפאָלגער. נאָר גראַקך׳ס פריערדיקער לערער און שפּעטערדיקער טרייער נאָכפאָלגער, דער סטויאיקער בלאָסי, אַ פּאַטריציער גביר וואָס האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די אָרעמע מאַסן, האָט זיך געווענדט צו טיבער גראַקכן מיט אַזוינע ווערטער:

„טיבער גראַקך, דאָס אייניקל פון סקיפּיאָ אַפריקאַנוס, און דער טריבון

פון די רוימער, זאָל זיך איבערשרעקן פאַר אַ וואַראַנע, און אַנטוישן די מאַסן, וואָס האָבן זיך פאַרזאַמלט צו קריגן זיין שטיצע, וואָלט געווען אַן אומדערטרעגלעכע שאַנד. זיינע שונאים וואָלטן ניט בלויז לאַכן פון אַזאַ נאַרישקייט, נאָר זיי וואָלטן אים פאַרלוימדן פאַרן פשוטן עולם אַלס חוצפּה־דיקן טיראַן."

דערווייל זיינען אָנגעקומען אַנטקעגן פריינטלעכע שלוחים מיטצוטיילן, אַז די מאַסן זיינען פאַרזאַמלט און וואַרטן מיט אומגעדולד אויף זייער טריבון, און אַז אַלץ גייט רואיק.

נאָר נאָענט פון באַרג קאַפּיטאָל איז טיבער גראַקך באַגעגנט געוואָרן פון דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער מחנה. ער האָט קענטיק געוואָלט אויס־מיידן די אומפאַרמיידלעכע בלוטבאָד און זיך געזוכט צוריקציען אויפן באַרג. נאָר ער האָט זיך אויסגעגליטשט און געפאַלן. זיינען די שונאים צוגעלאָפן און אים געגומען שלאָגן מיט שטיקער האָלץ ביז זיי האָבן אים דערהרגעט. אין דעם אַלגעמיינעם געשלעג וואָס האָט נאָכגעפאָלגט, האָט דער פּראָ־לעטאַריאַט געליטן אַ מפּלה און פאַרלאָרן 300 הרוגים. ביינאַכט האָבן די סענאַטאָרן געלאָזט אַריינוואַרפן אין טייך טיבער די קערפּערס פון דעם דערמאָרדעטן טריבון און זיינע נאָכפאָלגער.

די קאָנטער־רעוואָלוציע איז געווען אין זאָטל, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן רעפּרעסיעס קעגן אַלע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין רוים און אין אויסלאַנד.

---

די דערמאָרדונג פון אַ רוימישן פאָלקס־טריבון אין מיטן פון זיין טערמין, איז געווען אַ געוואַגטער שריט פון די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע כחות. די וואַלן פאַר אַ רוימישן טריבון, אַזוי ווי די וואַלן פאַר אַן אַמעריקאַנישן פּרעזידענט, פלעגן פאָרקומען מיט פינף חדשים פריער איידער דער נייער טערמין האָט זיך אָנגעהויבן. די טריבון־וואַלן זיינען געווען אין חודש יולי און דער ניי־דערווייל־טער טריבון איז אַריין אין אַמט ערשט דעם 10טן דעצעמבער.

לויט דער אַלטער שבועה, ביים אָפּמאַך צווישן די פּאַטריציער און פּלעבעיער מיט אַ פּאָר הונדערט יאָר פריער, האָט דאָס גאַנצע רוימישע פאָלק געדאַרפט נעמען נקמה פאַר דעם מאָרד פון טיבער גראַקך. נאָר די פּויערים זיינען געווען פאַרנומען אויפן פעלד און דער שטאָטישער פּראָלע־טאַריאַט איז געווען טעראָריזירט, ווייל די זיגרייכע קאָנטער־רעוואָלוציע האָט אָרגאַניזירט אַ ריי בלוטיקע אָנפאַלן אויף די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן אין רוים און אין אירע קאָלאָניעס. אויסער די 300 רעוואָלוציאָנערן, וואָס

זיינען געפאַלן גלייכצייטיק מיט זייער טריבון, זיינען מאַסן פּראָלעטאַריער דערמאָרדעט געוואָרן אויף אַ כּלומרשט „געזעצלעכן" אופן.

נאָך דער דערמאָרדונג פון טיבער גראַקך, האָבן די גוט אָרגאַניזירטע קלאַסנבאַוואוסטזיניקע אַריסטאָקראַטן און גבירים באַשטימט אַ קאָמיטע, אונטערצוזוכן די „שלעכטע מעשׂים" פון דעם רעוואָלוציאָנערן טריבון און זיינע חברים. אַ סך פון די אָנגעקלאָגטע גראַקכיסטן זיינען פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט. מען האָט זיי אויפגעהאָנגען אויף צלמים אָדער אַרונטער־געשליידערט פון הויכן פעלז אין טיפן אָפּגרונט. „געזעצלעך" איז עס דאָך ניט געווען, ווייל לויטן געזעץ האָט דער רוימישער קאָנסול ניט געקאָנט פאַראורטיילן צום טויט אין רוים אַ בירגער, אָן דער צושטימונג פון טריבון. אַזאַ מאַרטירער־טויט האָט אויך געפונען דער געלערנטער דיאָפאַן, טיבער גראַקכ'ס לערער פון רעטאָריק, וואָס האָט אים געמאַכט באַקאַנט מיט די אידייען פון די אַלט־גריכישע פּריוואַט־קעמפער.

צווישן די, וואָס איז געלונגען צו אַנטלויפן פון רוים, אָדער זיינען אָפּגעקומען מיט אויסוואַנדערונגען פון איטאַליע, איז געווען דער צווייטער לערער און אָנהייבער פון טיבער גראַקך, דער אויבן דערמאָנטער סטויאיקער בלאָסי.

ציצעראָ, אַ קעגנער פון די פאָלקס־מאַסן, דערציילט, אַז ווען בלאָסי איז געוואָרן עקזאַמינירט פון אונטערזוכער לאַעלי, און דערקלערט, אַז ער האָט בלויז דורכגעפירט די באַפעלן פון זיין גרויסן פירער, האָט אים לאַעלי געפרעגט:

— וואָס וואָלסטו געטאָן ווען גראַקך וואָלט דיך געהייסן חרובֿ מאַכן דעם בית־המקדש פון גרויסן יופּיטער? וואָלסטו ניט דורכגעפירט דעם וואונטש פון אָט דעם מאַן?

— גראַקך וואָלט מיר קיינמאָל ניט געגעבן אַזאַ באַפעל, ווייל ער איז געווען אַ צו קלוגער מאַן צו טאָן אַזוינס. ער האָט בלויז קיין מורא ניט געהאַט צו פאָדערן דאָס וואָס איז רעכט, אפילו ווען ער האָט געהאַט קעגן זיך דעם גאַנצן סענאַט — האָט געענטפערט בלאָסי.

„נאָר דאָס וואָס האָט נאָכגעפאָלגט — שרייבט ציצעראָ — איז געווען געוואַגטער און געפערלעכער. ווייל ווען ער איז געוואָרן געפרעסט ווייטער פון לאַעלין, וואָס האָט דורכאויס געוואָלט אַרויסקריגן דעם דירעקטן ענטפער, האָט בלאָסי צוגעגעבן, אַז אויב גראַקך וואָלט אים געגעבן אַזאַ באַפעל וואָלט ער אים געהאָרכט."

# גאַאי גראַקך

דער מאַרטירער־טויט פון עלטערן ברודער גראַקך האָט ניט אָפּגעהאַלטן דעם אינגערן צו גיין אויפן זעלבן רעוואָלוציאָנערן וועג.

ווען זיין ברודער, דער פאָלקס־טריבון טיבער גראַקך, איז געוואָרן דער־מאָרדעט פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע, אין יולי, 133 פ. ק., האָט דער צוואַנציק יעריקער גאַאי, אָדער קאַאי, געדינט אין דער רוימישער אַרמיי אין שפּאַניע. נאָך צוריקקומענדיק אַ יאָר שפּעטער קיין רוים, האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אָן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, פון וועלכן זיין ברודער איז געווען דער פירער. ווען די באַוועגונג איז געוואָרן שטאַרק און אַ גראַקכיסט, קאַרבאָ, איז געוואָרן טריבון, האָט די פאָלקס־פאַרזאַמלונג דער־ווײַלט גאַאין פאַר איינעם פון די דריי קאָמיסאַרן, צו קאָנטראָלירן די נייע צעטיילונג פון לאַנד לויטן געזעץ, וואָס טיבער גראַקך האָט דורכגעפירט. דער יונגער גאַאי איז אויך אַרויסגעטראָטן אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אַלס רעדנער, ווען ער האָט פאַרטיידיקט קאַרבאָ'ס פּראָיעקט, אַז אַ טריבון זאָל קאָנען ווערן געוויילט צוויי מאָל נאָכאַנאַנד

גאַאי איז געווען זייער באַליבט ביי די מאַסן פון רוים און איטאַליע. זיי האָבן דערוואַרט, אַז ער וועט אַמאָל דורכפירן אַלע פּלענער פון זיין דערמאָרדעטן ברודער און אויך נעמען נקמה פון די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון די טויזנטער רעוואָלוציאָנערן. דאָס האָט אַרויפגעוואָרפן אַ מורא אויף די אָפּטימאַטן, די אַדעליקע און גבירים, און זיי האָבן געזוכט אים צו האַלטן ווייט פון פאָלק. נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגע־דינט צען יאָר אין דער אַרמיי האָט מען אים געגעבן דעם אַמט פון פינאַנ־ציסט (ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אין פינאַנץ) ביי דער אַרמיי, וואָס האָט געדאַרפט אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד אין סאַרדיניע. די אָפּטימאַטן האָבן געהאָפט, אַז דער שלעכטער קלימאַט, אָדער אַ קינזשאַל פון אַ סאַר־דיניער רעוואָלוציאָנער וועט אָפּראַמען פון וועג דעם יונגן גראַקך. נאָר גאַאי האָט געפירט אַ ריינעם לעבן און האָט זיך געוואוסט ווי אויסצוהיטן פון צו ווערן קראַנק. דערצו האָט זיין שיינע ערלעכע באַנעמונג צו די רוימישע סאָלדאַטן און צו דער איינגעבאָרענער באַפעלקערונג אים געמאַכט אַזוי ליב און פּאָפּולער, אַז ווען ער איז צוריקגעקומען קיין איטאַליע, האָבן אים די מאַסן באַגעגנט ווי אַ זיגרייכן העלד.

די צעשראָקענע קאָנסערוואַטיוון האָבן אים פּרובירט אָנקלאָגן אין געריכט. ערשטנס, דערפאַר וואָס ער איז צוריקגעקומען פון סאַרדיניע אָן אַ דערלויבעניש פון אַ סענאַט; צווייטנס, אַלס מיטשולדיקער אין אַן אויפ־

שטאַנד קעגן דער רעגירונג. נאָר גאַאי איז געווען פון דעם סאָרט גלענצנדיקע רעדנער, ווי לאַסאַל, און האָט אַזוי ווי דער לעצטער אַ פּאָר טויזנט יאָר שפּעטער, פאַרוואַנדלט זיין פאַרטיידיקונג אין אַן אָנקלאַגע קעגן זיינע קלעגער. ער האָט באַוויזן, אַז מען האָט אים געהאַלטן צו לאַנג אין דער אַרמיי און צו לאַנג אין סאַרדיניע און אַז ער האָט ניט געהאַט קיין שייכות מיט די אויפשטאַנדן וואָס די קאָרופּטירטע הערשער האָבן אַרויסגערופן קעגן זיך. אַזוי האָט גאַאי נאָך געוואונען אין פּאָפּולאַריטעט און געזען פאַר זיך אָפן דעם וועג אָנצוהויבן די אַרבעט, וואָס זיין דערמאָרדעטער ברודער האָט געלאָזן ניט פאַרענדיקט.

אין זומער 124 פ. ק. האָט גאַאי אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור פאַר פאָלקס־טריבון. אַ שרעק איז געפאַלן אַף די אָפּטימאַטן און זיי האָבן אָנגעווענדעט אַלע מיטלען צו שטערן זיין דערוויילונג. נאָר פון גאַנץ איטאַליע האָבן זיך געצויגן ווילער קיין רוים, אַזוי, אַז מענטשן האָבן געמוזט שלאָפן אַף די גאַסן, ניט קריגנדיק קיין נאַכטלעגער אין די איינגע איבערגעפילטע הייזער. דער סוף איז געווען, אַז גאַאי איז אין יולי 124 פ. ק. געוואָרן אויסגעווילט פאַר טריבון מיט אַן אומגעהויער גרויסער מערהייט.

באַלד ווי גאַאי איז אַריין אין אַמט, דעם 10טן דעצעמבער, 124 פ. ק., האָט ער אַריינגעבראַכט אַ ריי פאָרשלאַגן, וואָס האָבן געצילט צו באַשטראָפן דעם ברודער׳ס מערדער, דורכפירן זיינע סאָציאַלע רעפאָרמען און פאָרשלאַגן, ווירקזאַמערע און וויטגייענדיקערע.

איין פאָרשלאַג האָט ער געמוזט באַלד צוריקציען. דאָס איז געווען, אַז אַ טריבון, וועמען דאָס פאָלק האָט אַרונטערגעזעצט, טאָר מער ניט זיין קיין קאַנדידאַט. דערמיט האָט גאַאי גראַקך געוואָלט פאַרהיטן, אַז דער געוועזענער טריבון מאַרק אָקטאַוו, וואָס האָט געשטערט זיין ברודער׳ס רעפאָרמען, זאָל ניט ווידער ווערן קיין טריבון. נאָר קאָרנעליאַ, די מוטער פון די גראַקכן איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם. זי האָט עס אָנגערופן פערזענלעכע נקמה. האָט עס גאַאי צוריקגעצויגן.

אַ באַלדיקע ווירקונג האָט געהאַט זיין פאָרשלאַג צו באַשטראָפן אַ ריכטער, וואָס ווייזט אויס אומגעזעצלעך רוימישע בירגער פון איטאַליע. דאָס איז געווען געצילט קעגן דעם ריכטער, וואָס האָט אַרויסגעוויזן מאַסן גראַקכיסטן פון לאַנד. יענער איז באַלד אַנטלאָפן פון איטאַליע.

וויכטיקער זיינען געווען די סאָציאַלע רעפאָרמען פון גאַאי גראַקך. נאָר כאָטש ער איז געווען ענערגישער און וויטזיכטיקער ווי זיין עלטערער ברודער, איז ער דאָך ניט אַוועק קיין סך וויטער אין זיינע מעטאָדן. אויך ער האָט ניט געוואַגט אָנצואווענדן רעוואָלוציאָנערע מיטלען פאַר זיינע רעוואָ־

לוציאָנערע צילן. אויך ער האָט געזוכט צו זיין „געזעצלעך" און זיך באַנוצט מיט פּאַליאַטיוון, מיט דערווייליקע מיטלען, מיט לייגן לאַטעס אַף אַן אַלטן בגד, אַנשטאָט צו מאַכן אַ נייעם.

זיין ציל איז געווען אַרויסצורייסן די ממשלה פון די הענט פון די סענאַטאָרן, די שונאים פון די אָרעמע, ברייטע מאַסן. נאָר אַנשטאָט אויפצור־הויבן די מאַסן קעגן סענאַט און איינפירן די הערשאַפט פון פּראָלעטאַריאַט, האָט זיך גאַאי גראַקך באַנוצט מיט דער בורזשואַזיע, די געלט־„ריטער" פון רוים. זיין פּלאַן איז געווען צו צעשפּאַלטן די שונאים פון די אָרעמע מאַסן אין צוויי זיך באַקעמפנדיקע לאַגערן, אין פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, און ווען יענע וועלן זיך אַרומרייסן, וועט דערווייל דאָס פאָלק קאָנען קומען צו זיין רעכט. צו דעם צוועק האָט ער דורכגעפירט אַ געזעץ, אַז די געריכט־הייזער זאָלן זיין אין די הענט פון די ריטער, אַנשטאָט פון די סענאַטאָרן. דערמיט האָט ער צוגענומען פון סענאַט זיין גאָלד־גרוב פון כאַבאַר און די גאַנצע מאַכט איז אַריבער אין נייע הענט. נאָר ברעכנדיק די מאַכט פון סענאַט, האָט גאַאי אַרויסגערופן צום לעבן אַן אַנדער מאַכט, וואָס איז געווען ניט ווייניקער קאָרופּטירט.

עס איז אָבער ניטאָ קיין ספק, אַז גאַאי גראַקך האָט דערמיט געמיינט די טובה פון די מאַסן. ווען ער האָט דורכגעפירט אָט דעם געזעץ האָט ער אויסגערופן: „איצט ליגט דער שווערד די שונאים אַפּן האַלז. דאָס איבעריקע מעג גיין ווי דער שיקזאַל וויל". ער האָט בעת מעשה זיך כלל ניט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז ביי דער ערשטער געפאַר פון דער זייט פון די מאַסן, וועלן זיך די פּריצים און גבירים פאַראייניקן ווידער אין איין לאַגער.

ניט קיין בעסערן מזל האָט אויך געהאַט גאַאי גראַקכ'ס „לעקס פרומענ־טאַריאַ" (תבואה געזעץ), כאָטש אויך דערביי האָט ער געהאַט די בעסטע אַבזיכטן.

רוים האָט דעמאָלט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון אַ האַלבן מיליאָן נפשות. די לאַנדווירטשאַפט פון איטאַליע, באַאַרבעט דורך שקלאַפן, האָט ניט געקאָנט שפּייזן אַזאַ גרויסע שטאָטישע באַפעלקערונג און כאָטש די נייע צעטיילונג פון לאַנד האָט געשאַפן 80,000 פּויערים־ווירטשאַפטן און פאַרגרעסערט די צאָל וואָפן־פייאיקע מענער פון 318,823 אין יאָר 131 צו 394,736 אין יאָר 125 פ. ק., האָט דאָך איטאַליע ניט געקאָנט פּראָדוצירן די נויטיקע מאָס תבואה. בפרט אַז דער פרייער תבואה־אריינפיר פון די פּראָווינצן (קאָלאָניעס) און די ביליקע טראַנספּאָרטירונג, האָט צייטנווייז געמאַכט קאָרן אַזוי ביליק, אַז עס האָט זיך דער לאַנדווירטשאַפט ניט געלוינט צו פּראָדוצירן אין גרויסע מאַסן. דאָך זיינען די אָרעמע פּראָלעטאַריער ניט

אַלעמאָל געווען אימשטאַנד צו באַצאָלן דעם מאַרק־פּרייז פֿאַר דער נויטיקער תבואה, וועמעס פּרייז האָט זיך כסדר געביטן לויט דער גערעטעניש און לויט די מאַכינאַציעס פֿון די ספּעקולאַנטן מיט לעבנסמיטל.

גאַאי גראַקך האָט דערפֿאַר דורכגעפֿירט אַ געזעץ, וואָס זאָל באַשטימען אַ שטענדיקן פּרייז פֿאַר תבואה, און ווען עס איז טייערער, זאָל די רעגירונג דעקן דעם דעפֿיציט. דער פּרייז איז געוואָרן באַשטימט אַ מאָדי ווייץ, (אַ שעפֿל, וואָס האַלט איבער דריי בושעל) פֿאַר זעקס און אַ דריטל אַס (אַן „אַס" איז געווען אַ צענטל פֿון זילבערנעם „דענאַרי", אָדער „דינר" ווי די אידן האָבן אים אָנגערופֿן), בעת דער דורכשניטלעכער פּרייז איז געווען 16 אַס.

גראַקך האָט געווים געמיינט גוט. ער האָט געדיינקט, בעסער אַ האַלבן לעבל היינט איידער אַ גאַנצן מאָרגן. האָט ער געוואָלט גלייך לינדערן זייער עקאָנאָמישע נויט, ניט רעכענענדיק זיך דערמיט, ווי דאָס קאָן ווירקן אויף זייער צוקונפֿט. מעגלעך אַז ער האָט דערביי אויך געהאַט די כונה, צו געווינען דורך דעם די מאַסן פֿאַר זיינע העכערע צילן, און ער האָט ערנסט געגלויבט, אַז זיין תבואה־געזעץ איז אַ ריינער מיטל צו אַ הייליקן צוועק.

נאָר אויסגעלאָזן האָט זיך דער היפּוך פֿון דעם, וואָס ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט. די ביליקייט פֿון תבואה אין דער שטאָט רוים האָט צו איר צוגעצויגן די אָרעמע מאַסן פֿון גאַנצן לאַנד. רוים איז געוואָרן פֿול מיט אומפּראָדוקטיווע עלעמענטן, וואָס זיינען געווען אָנגעוויזן אויפֿן חסד פֿון זייערע הערשער. יענע האָבן שפּעטער אונטערגעקויפֿט אָט די בעטלער מיט ביליקע אָדער אויך אומזיסטע לעבנסמיטלען, מיט פֿעסטן, בלוטיקע גלאַדיאַטאָר־שפּילן, א. ד. גל.

גאַאי גראַקך האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי צו העלפֿן פּראָלעטאַריער זיך דערהויבן צו אַ העכערער מדרגה, כדי צו שאַפֿן אַ בעסערע, גערעכטערע געזעלשאַפֿטלעכע סיסטעם. ער האָט אָבער ערנסט זיך באַמיט אָפּצושאַפֿן אַרבעטסלאָזיקייט און צו פֿאַרוואַנדלען צענדליקע טויזנטער רוימישע בעטלער אין פּראָדוקטיווע אַרבעטער. ער האָט דורכגעפֿירט אַ געזעץ צו בויען וועגן, שאָסייען, תבואה מאַגאַזינען, א. אַ. וו. ער האָט זיך אויך ניט פֿאַרלאָזן אויף קאָנטראַקטאָרס, אַרבעטער־פֿיינטלעכע פּאַרלייט, א. ד. גל., נאָר האָט איבערגעגעבן די אַרבעט דירעקט צו די קאָלעגיומס (טרייד יוניאָנס) און אַליין געווען זייער אויפֿפּאַסער. ער איז שטענדיק געווען באַגלייט פֿון מאַסן אַרבעטער, מעכאַניקער און סאָלדאַטן, וואָס האָבן אים געהאָלפֿן אין דער אַרבעט. ער האָט אַכטונג געגעבן אַז די וועגן זאָלן זיין געבויט אין אַ געוויסער סימעטריע, זיי זאָלן זיך איינע די אַנדערע דורכקרייצן אין אַ גלייכמאָסיקן אופֿן. ער האָט געלאָזן אויסטריקענען זומפּן, שטעלן מייל־שטיינער,

א. א. וו. אַלץ איז געטאָן געוואָרן גרינגלעך און מיט געשמאַק. נאָר די אַרבעטסלאָזיקייט און די אָרעמקייט אין שטאָט און לאַנד איז נאָך געווען ווייט פון צו ווערן פאַרענטפערט.

די סענאַטאָרן, וואָס האָבן אַ דאַנק גאַאי גראַקך פאַרלאָרן זייער איינפלוס אין לאַנד, האָבן די גאַנצע צייט געזוכט מיטלען, ווי אַזוי אָפּצושוואַכן זיין פּאָפּולאַריטעט ביי די מאַסן. זיי האָבן גוט געוואוסט, אַז ער מיינט ערנסט אָפּצושאַפן אָרעמקייט און נויט. נאָר אַזוי ווי ער גייט צו זיין רעוואָלוציאָנערן ציל לאַנגזאַם, דורך פאַרשיידענע רעפאָרמען, קאָן מען אים אונטערשטעלן אַ פיסל. עס דאַרף זיך בלויז געפינען אַזאַ פאָלקס־טריבון וואָס זאָל פאַרשלאָגן כלומרשט „ראַדיקאַלערע" און „פאָלקס־פריינטלעכערע" פּלענער. מען קאָן אפילו ריזיקירן מיט אַן אמת ראַדיקאַלן פאָרשלאַג, ווייל אַזוי גיך ווי גאַאי גראַקך וועט פאַרלירן זיין פּאָפּולאַריטעט און ווערן אויס טריבון, קאָן מען אַלץ לייכט צוריקנעמען פון דעם ניט־אַנטוויקלטן, אומאָרגאַניזירטן פאָלק. האָבן זיי באַשטימט, אַז זייער טיכטיקער רעדנער ליווי דרוז זאָל רעזיגנירן פון סענאַט און ווערן אַ קאַנדידאַט פאַר פאָלקס־טריבון. דער פּלאַן איז געלונגען און ביי די טריבון־וואַלן, ווען גאַאי גראַקך איז דערווײלט געוואָרן צום צווייטן מאָל, איז אויך דרוז געוואָרן אַ טריבון פאַרן יאָר 122 פ. ק.

דרוז האָט אָנגעהויבן קאָנקורירן מיט גאַאי גראַקכן אין פאָרלייגן גוטע געזעצן. האָט גראַקך פאָרגעשלאָגן מחמת די זעלבע מאָטיוון, וואָס זיין תבואה־געזעץ — צו גרינדן דריי קאָלאָניעס, טאַרענט, קאַפּוא און קאַרטהאַגע, זיי צו באַזעצן מיט אומבאַשעפטיקטע אַרבעטער און סוחרים, און דערמיט שאַפן נייע צענטערס פון האַנדל און אינדוסטריע, האָט דרוז געמאַכט אַן אַמענדמענט אַף צען קאָלאָניעס; האָט גראַקך אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, אַז די אָרעמע קאָלאָניסטן זאָלן עס ניט קריגן אַלס צדקה, נאָר זאָלן צוריקצאָלן דעם שטאַט זיינע אויסגאַבן, האָט דרוז פאָרגעשלאָגן, אַז זיי זאָלן דערפון זיין פּטור.

די סענאַטאָרן וואָס האָבן באַקעמפט גראַקכ'ס מילדערע פאָרשלאָגן, האָבן געשטיצט דרוז'ס כלומרשטע ראַדיקאַלערע געזעצן. דרוז פלעגט אויך אַלע מאָל באַמערקן: „איך שלאָג עס פאָר מיט דער הסכמה פון סענאַט, וואָס זאָרגט שטענדיק פאַר די אינטערעסן פון רוימישן פאָלק".

גלייכצייטיק האָבן די סענאַטאָרן געזאָרגט דערפאַר, אַז גאַאי גראַקך זאָל פאַרלאָזן פאַר אַ לייגערע צייט דאָס לאַנד, כדי זיי זאָלן אין דער צייט פאַרלוימדן און דיסקרעדיטירן די גראַקכיסטן און אויך אונטערמינעווען דעם צוטרוי פון די מאַסן צו גראַקכן גופא.

גאאי גראקך האָט זיי אַליין געגעבן די געלעגנהייט דערצו, דורך זיין פּלאַן ווידער אויפצובויען די חרובע קארטהאגא. האָבן זיי געהאָלפן אים אַליין באַשטימען צו מאַכן אַ רייזע אין קארטהאגא און איינאָרדענען איר ווידער־אויפבוי, אונטערן נאָמען „גאאי יונאָניאַ״. אַזוי האָט גאאי גראקך פאַרלאָזן רוים און זיינע שונאים אין סענאַט האָבן געקראָגן אַ פרייע האַנט פאַר זייערע אינטריגעס און פארלוימדונגען.

---

גאאי גראקך האָט פאַר זיך געהאַט צוויי צילן: ערשטנס, די פאַר־אייניקונג פון גאַנץ איטאַליע (רוימער, לאַטיינער און איטאַליענער) אין איין מדינה מיט גלייכע רעכטן. צווייטנס, אָפּשאַפן פון לאַנד אָרעמקייט, נויט און שקלאַפעריי.

אין דעם רעוואָלוציאָנערן קרייז צו וועלכן ער האָט געהערט, איז מען שוין געווען גוט קלאַסנבאַוואוסט. אַ פאַרצייטיקער היסטאָריקער, דיאָניס, וואָס שילדערט יענע צייט, שרייבט אַזוי:

> „מיר האָבן זיך צעשפּאָלטן אין צוויי מדינות, פון וועלכע איינע ווערט באַהערשט פון אָרעמקייט און עלנט, די אַנדערע פון איבערפלוס און איבערמוט.״

אַן אַלט־רוימישער היסטאָריקער, ליווי, גיט איבער די רעדע פון אַן אַגיטאַטאָר, וואָס ווענדט זיך צו די מאַסן אַזוי:

> „מערקט איר דען ניט אין וואָס פאַראַ פאַראַכטונג איר לעבט? ווען זיי (די רייכע) דאַרפן וואָלטן זיי פון אייך גענומען זייער חלק אויך פון זון־ליכט. זיי זיינען שוין בייז וואָס איר אָטעמט נאָך, וואָס איר לאָזט נאָך פון זיך אַרויס אַ קול, וואָס איר האָט אַ מענטשלעכע געשטאַלט.״

דער אינגערער גראקך האָט געפּלאַנט אָפּצושאַפן דעם אָפּגרונט צווישן די קלאַסן, דורכדעם וואָס ער וועט אויפהויבן די מאַסן אויף אַ העכערן שטאַפּל, נאָר די רוימישע מאַסן האָבן בלויז געוואָלט עסן צו זאַט, זיך אַמוזירן מיט פאַרשיידענע שפּילן. ווייטער האָט זיי ניט געאַרט וואָס דער פריץ און גביר שטייען העכער פון זיי. בפרט, אַז די בעטלערישע בירגער פון רוים האָבן זיך געהאַלטן פאַר בעסערע מענטשן, פאַר אַריסטאָקראַטן, קעגן די „אויסלענדער״, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין בירגער־רעכט.

גראקך איז דערפאַר געווען פּאָפּולער ביי די רוימישע מאַסן אַזוי לאַנג ווי זיי האָבן אין אים געזען אַ געבער, וואָס גיט ביליקע ברויט און שטעלט זיך איין זיי זאָלן נאָך האָבן פוטער דערצו. נאָר אַזוי גיך ווי זיי האָבן געמערקט אַז ער וויל פון זיי וואָס נעמען, אַז ער וויל זיי זאָלן טיילן

זייער רוימישע בירגערשאַפט מיט די „אויסלענדער", האָבן זיי אים פאַר־לאָזן, אָדער גאָר געוואָרן שונאים.

נאָר באַזונדער עגאָאיסטיש און ברוטאַל זיינען אין רוים געווען די גבירים, וועלכע גאַאי גראַקך האָט געגעבן פּריווילעגיעס, כדי צו האָבן זייער שטיצע קעגן די פּריצים, די סענאַטאָרן. די אויפגעקומענע נגידים האָבן גערן אָנגענומען אַלע פּעטע ביינער וואָס גראַקך האָט זיי צוגע־וואָרפן, נאָר קיין פריינט זיינען זיי אים ניט געווען. זיי האָבן געזען וואוהין ער צילט. ער האָט געגלויבט, אַז ער קאָן גיין אַ ווייל מיט זיי צוזאַמען קעגן דעם אַלגעמיינעם שונא, די מעכטיקע אַריסטאָקראַטן, וואָס האָבן זיך איינגעפונדעוועט אין סענאַט, און נאָכדעם וועט ער איינפירן די הערשאַפט פון די, וואָס אַרבעטן און שאַפן. נאָר די אויפגעקומענע רייכע האָבן געטראַכט פאַרקערט — זיי וועלן אויסנוצן גראַקכן צו קריגן אַלערליי פּריווילעגיעס און ווערן אַ שטאַרקערע מאַכט אָדער אַ גלייכע מאַכט ווי די סענאַטאָרן און נאָכדעם וועלן זיי שוין געפינען אַ מיטל ווי פון אים פּטור צו ווערן.

דאָך, כל זמן גראַקך איז געווען אין רוים און גערעדט צו די אָרעמע מאַסן, האָט ער זיי באַגייסטערט. ער האָט זיי אויפגעהויבן איבער זייערע קליינלעכע אינטערעסן און זיי געמאַכט פילן און דיינקען ווי מענטשן. נאָר אַזוי ווי ער האָט ניט געוואַגט גיין דירעקט צום ציל און אַרויסטרעטן אָפן אין קאַמף אַפּצושאַפן די אַלטע אָרדענונג, האָבן די מאַסן אין אים געזען בלויז דעם פריינט וואָס טוט זיי כסדר טובות, נאָר ניט דעם רעוואָלוציאָנערן פירער, וואָס וויל מיט זייער אייגענער הילף איבערבויען די גאַנצע געזעל־שאַפט.

מען האָט זיי דערפאַר געקאָנט לייכט איינריידן, אַז דער דעמאַגאָג ליווי דרוז, וואָס שלאָגט פאַר זיי צו געבן מער מאַמענטאַלע הילף איז זיי מער פריינט ווי גאַאי גראַקך. מען האָט אויך פאַרלוימדעט גראַקכ'ס רעכטע האַנט, דעם רעוואָלוציאָנער פולווי פלאַק, וועלכער האָט נאָך מיט עטלעכע יאָר פריער, ווען די מאַסן האָבן אים דערווײלט פאַר קאָנסול, געוואָלט אויסנוצן זיין הויכן אַמט צו געבן בירגער־רעכט צו אַלע איינוואוינער פון איטאַליע.

גאַאי גראַקך האָט דערפאַר שנעל געענדיקט זיין אַרבעט אין קאַר־טהאַגאָ, וואו דער סענאַט האָט אים געשיקט און איז צוריקגעקומען קיין רוים. ער האָט באַלד איינגעזען, אַז זיינע לאַטעס האָבן דעם אַלטן בגד ניט געמאַכט שטאַרקער. האָט ער אָנגעהויבן פּלאַנען דורכצופירן ענערגישער זיינע הויפּט־צילן — צו געבן די מאַסן פון איטאַליע בירגער־רעכט און

באַפעסטיקן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אַף די פּראָדוקטיווע כחות פון גאַנצן לאַנד. און כדי די פּריווילעגירטע בעטלער פון רוים זאָלן עס ניט שטערן, האָט ער ווידער פּרובירט מאַכן אַ קאָמפּראָמיס. ער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז פולע בירגער־רעכט זאָלן קריגן בלויז די לאַטיינער, וואָס זיינען פון זעלבן שטאַם ווי די רוימער און די איבעריקע איינוואוינער פון איטאַליע זאָלן בלויז קריגן שטימרעכט.

נאָר אויך זיין מילדע „לעקס דע ציוויטאַטע" (בירגער־רעכט געזעץ) האָט אַרויסגערופן קעגן זיך אַלע כחות פון רעאַקציע, שאָוויניזם און עגאָאיזם. די סענאַטאָרן און אַלע אַנדערע שוואַרצע כחות האָבן געהעצט דאָס פאָלק: „איצט האָט איר אַלערליי אומזיסטע פעסטן און שפּילן, איר זייט די גאַנצע באַלעבאַטים פון רוים. גראַקך וויל איר זאָלט זיך אין אַלץ טיילן מיט די אויסלענדער."

און ווען גאַאי גראַקך האָט אַרויסגעלאָזן אַ רוף צו די מאַסן פון גאַנצן לאַנד, צו קומען נאָך רוים לאָזן הערן זייער שטים איבער אָט דער פראַגע, האָט דער סענאַט אַפּעלירט צום קאָנסול ניט צו דערלויבן קיין ניט־רוימישן בירגער אַריינצופאָרן אין רוים. דער קאָנסול פאַני, אַ גראַקכיסט, וואָס האָט פאַרראַטן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל ניט צו דערלויבן קיין ניט־רוימער נאָענטער ווי 40 סטאַדיען (אַרום פינף אַמעריקאַנער מייל) פון שטאָט. גלייכצייטיק האָט דער פאַלשער פאָלקס־טריבון, דרוז, באַקומען אַן אויפטראָג פון די סענאַטאָרן ניט צו דערלאָזן גראַקכן דורכפירן אַ געזעץ אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אַריינצולאָזן די איטאַליענער אין רוים.

דאָך איז נאָך גאַאי גראַקך געווען פערזענלעך גענוג באַליבט צו ווערן אויסגעקליבן צום דריטן מאָל פאַר טריבון ווען אַפילו מיט אַ קליינער מערהייט. נאָר זיינע שונאים האָבן אים באַשווינדלט ביי די וואַלן און ער איז דורכגעפאַלן. דעם 10טן דעצעמבער, 122 פ ק. איז אַריין אין אַמט פון טריבון איינער מינוצי, וואָס האָט באַלד אָנגעהויבן אָפּשאַפן יעדן געזעץ וואָס גראַקך האָט דורכגעפירט.

גאַאי גראַקך האָט נאָך געהאַט צוויי עמטער פאַר וועלכע דאָס פאָלק האָט אים פריער אויסגעקליבן: דעם אַמט פון אַ קאָמיסאַר פון טיילן לאַנד און דער פאַרוואַלטער צו קאָלאָניזירן קאַרטהאַגאָ. האָט דער נייער טריבון, וואָס איז געווען אַ ווערקצייג אין די הענט פון די סענאַטאָרן, געשטערט גראַקכן אויך אין אָט דער אַרבעט. מען האָט אים פאַרבאָטן צו קאָלאָניזירן אין קאַרטהאַגאָ די 6,000 טיכטיקע קאָלאָניסטן וואָס ער האָט אויסגעקליבן פון גאַנץ איטאַליע. די סענאַטאָרן האָבן דערקלערט, אַז די געטער זיינען

קעגן ווידער־אויפבויען די פאַרשאָלטענע קאַרטהאַגאָ.

צו שפּעט האָט גאַאי גראַקך איינגעזען, אַז אַ רעוואָלוציע וועט ניט דורכגעפירט מיט שיינע רעדעס. צו שפּעט האָט ער גערופן די פּראָלעטאַריער פון רוים צום באַוואָפנטן קאַמף קעגן זייערע שונאים. דאָך האָבן זיך נאָך געפונען אין רוים גענוג רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַריער, וואָס זיינען געווען גרייט אָפּצוגעבן זייער לעבן פאַר פרייהייט און רעכט.

„צו די וואָפן! צו די וואָפן!" איז געגאַנגען דער רוף פון מויל צו מויל, און פון אַלע זייטן האָבן זיך געצויגן באַוואָפנטע פּראָלעטאַריער צום באַרג קאַפּיטאָל, וואו דער עלטערער גראַקך האָט מיט צוועלף יאָר פריער געפונען זיין מאַרטירער־טויט.

דער פּלאַן איז געווען צו באַזעצן די טעמפּל־פעסטונג אויפן קאַפּיטאָל און פון דאָרט אָנפירן דעם באַוואָפנטן קאַמף קעגן די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן. נאָר די לעצטע האָבן אויך ניט געשוויגן און אויך זיי האָבן געהאַט גרייט זייער מחנה׳ אויפן קאַפּיטאָל.

דערווייל האָט דער ערשטער קאָנסול אָפּימי, וואָס איז אויך געווען דער כהן־גדול, געבראַכט דעם קרבן תמיד אין טעמפּל פון יופּיטער. זיין געהילף נאַטולי, וואָס האָט געטראָגן דורכן טעמפּל־הויף די אינגעווייד פון קרבן, האָט אויסגערופן צו די רעוואָלוציאָנערן: „לאָזט דורך דעם לאַיאַלן, איר שלעכטע בירגער". ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט ווי עמעצן צו טויטן, האָט יענער אים צוערשט אריינגעשטאָכן דעם קינזשאַל און ער איז געפאַלן טויט.

ווען אָפּימי האָט דאָס דערהערט איז ער געוואָרן מלא שמחה. אַף אַזאַ גליקלעכער געלעגנהייט צו באַשולדיקן די רעוואָלוציאָנערן אין דערמאָרדן זייערן אַ שונא אין בית־המקדש פון יופּיטער האָט ער זיך גאָר ניט געריכט. פאַרקערט, גאַאי גראַקך איז געווען שטאַרק אויפגערעגט איבערן מאָרד און האָט עס אַפילו באַטראַכט פאַר אַ פּראָוואָקאַציע.

דער קאָנסול אין אַמט אַלס כהן־גדול, האָט אין אַ פייערלעכער רעדע אויפגעפאָדערט דאָס פאָלק צו נעמען נקמה פון די שענדער פון בית־המקדש. ער האָט אָנגעוואָרפן אַף דער אומוויסנדיקער מאַסע אַ מורא פאַרן צאָרן פון די באַליידיקטע געטער. אומזיסט האָט גאַאי גראַקך און פולווי פלאַק געזוכט צו באַרואיקן די מאַסן. יענע האָבן ניט געוואָלט הערן די רייד פון גאָטלעסטערער און טעמפּל־שענדער. האָבן גאַאי גראַקך און פולווי פלאַק זיך צוריקגעצויגן מיט זייער רעוואָלוציאָנערער נאָכפאָלגער־שאַפט פון קאַפּיטאָל צום באַרג אַווענטין, אין האַרץ פון פּראָלעטאַרישן קוואַרטאַל.

איצט האָט דער טעמפּעראַמענטפולער גאַאי געוואָלט דורכפירן זיין גאַנצע פּראָגראַם אַף אַמאָל. ער האָט אפילו גערופן די שקלאַפן צו רעוואָל־טירן קעגן זייערע הארן און אים העלפן איינאָרדענען אַ נייע רוים געבויט אַף גלייכהייט און פרייהייט פאַר אַלע מענטשן. נאָר עס איז שוין געווען צו שפּעט. איצט האָבן די שקלאַפן שוין מורא געהאַט צו ריזיקירן זייער לעבן.

די רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך באַפעסטיקט אַרום טעמפּל פון מינערווא אָדער דיאַנאַ, וועלכע דער רוימישער פּראָלעטאַריאַט האָט באַטראַכט פאַר זייער שוץ־געטין. אין יענע טעמפּלען האָט מען אויך געלערנט די גלייכהייט פון מענטשן און אַז אפילו דער דערנידעריקסטער שקלאַף האָט אַ נשמה.

פון זייער באַפעסטיקטן פּלאַץ האָבן גראַקך און פלאַק געשיקט אַ פרידנס־שליח צו פאַרהאַנדלען מיטן סענאַט. די סענאַטאָרן האָבן דערווייל באַשטימט אַ געריכט צו משפּטן דעם געוועזענעם טריבון און דעם געוועזענעם קאָנסול פאַר דעם מאָרד אין הייליקטום פון קאַפּיטאָל. האָט דער סענאַט געענטפערט, אַז גראַקך און פלאַק מוזן אַליין קומען אומבאַוואָפנט אין סענאַט און זיך שטעלן צום געריכט. גאַאי גראַקך איז געווען גרייט צו גיין. נאָר זיינע רעוואָלוציאָנערע באַגלייטער האָבן אים ניט דערלויבט. האָבן זיי געשיקט נאָכאַמאָל דעם זעלבן שליח, קווינטי, אַ יונגן בחור, דער זון פון געוועזענעם קאָנסול פלאַק.

ווען קווינטי איז ווידער געקומען אין סענאַט, האָט קאָנסול אָפּימי אים דערקלערט פאַר אויס פרידנס־שליח און אים אַרעסטירט. גלייכצייטיק האָט ער אָרגאַניזירט אַן אָנפאַל אַפן אַווענטין, דעם פּראָלעטאַרישן קוואַרטאַל, וואו די רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך באַפעסטיקט. דער אָנפאַל איז געוואָרן דורכגעפירט מיט שווער באַוואָפנטע פרעמדע סאָלדאַטן, פון אינזל קרעטא. פולווי פלאַק און זיין עלטערער זון צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע רעוואָלוציאָנערן זיינען אַריינגעפאַלן אין פּלען און געוואָרן דערמאָרדעט גלייך אַפן אָרט. ווען גאַאי גראַקך האָט דערזען, אַז די רעוואָלוציע איז פאַרשפּילט, האָט ער זיך צוריקגעצויגן אין טעמפּל פון מינערווא אָדער דיאַנאַ, וואו ער האָט זיך געוואָלט טויטן. האָבן זיינע חברים אַרויסגעריסן דעם שווערד פון זיין האַנט און אים געצוואונגען צו אַנטלויפן פון שטאָט. נאָר די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן האָבן אים נאָכגעיאָגט. האָבן צוויי העלדישע רעוואָלוציאָנערן זיך געשטעלט ביים בריק און אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצע מחנה נאָכפאָלגער. נאַטירלעך, האָבן זיי דערביי פאַרלאָרן זייער לעבן, נאָר זייער ציל איז געווען דערגרייכט. גאַאי גראַקך איז שוין געווען ווייט אַוועק פון זיינע נאָכפאָלגער, אַפן הייליקן פעלד פון די פורינא. ער האָט אָבער סאַי ווי ניט געהאַט מער קיין אינטערעס אין לעבן, האָט ער געבעטן זיין לעצטן באַגלייטער, דעם

שקלאַף פּילאָקראַט, אָדער אײפּער, אים צו טױטן. יענער האָט אים דער־שטאָכן און דערנאָך זיך אַלײן.

אַזױ האָט געענדיקט זײַן לעבן דער צװײטער ברודער פון די גראַקכן. און װידער, אַזױ װי נאָך זײַן עלטערן ברודער׳ס טױט, האָבן זיך אָנגעהױבן מאַסן פאַרפאָלגונגען אױף די רעװאָלוציאָנערן. אױסער די 250 פּראָלעטאַריער װאָס זײַנען געפאַלן אױפן אַװענטין, זײַנען נאָך 3,000 געװאָרן פאַראורטײלט צום טױט. אַלע קערפּערס, אױך דער פון גאַאי גראַקך, זײַנען אַרײַנגעװאָרפן געװאָרן אין טײַך. זײער פאַרמעגן איז געװאָרן קאָנפיסקירט און זײערע פרױען האָט מען פאַרבאָטן צו טראָגן טרױער.

באַלד איז אױך דורכגעפירט געװאָרן אַ געזעץ, אַז די פּױערים מעגן פאַרקױפן דאָס קהלשע לאַנד װאָס די גראַקכן האָבן זײ אײַנגעטײלט — נאָכ־דעם האָט מען יעדן אָרעמען פּױער געצװאונגען צו „פאַרקױפן“ כמעט פאַר אומזיסט זײַן באָדן צוריק צו די גבירים. איצט האָט שױן דאָס לאַנד געהערט „געזעצלעך“ צו די רײַכע. צװערשט האָבן די באַזיצלאָזע געװאָרענע פּױערים געקראָגן עפּעס אַ פאַרגיטיקונג, נאָר באַלד האָט מען אױך דאָס ביסל הילף צוריקגעצױגן און די לאַגע פון די אָרעמע איז געװאָרן אַלץ ערגער און ערגער.

## מאַרי, סאַטורנין און דרוז

„בלוט איז ניט קײן װאַסער“ און פאַרגאָסן מענטשלעך בלוט װערט ניט זעלטן אָפּגעװאַשן מיטן בלוט פון פאַרגיסער. אָפט ציט זיך לאַנג אַ רױטער שטראָם אין װעלכן עס מישט זיך צונױף דאָס בלוט פון מאַרטירער און מערדער. אַזאַ רױטער שטראָם האָט אָנגעהױבן פליסן אין רױם זינט דער שחיטה אױף די פּראָלעטאַריער װאָס האָבן זיך גרופּירט אַרום די ברידער גראַקך. צולעצט האָט ער זיך פאַנאַנדערגעגאָסן אין אַ גרױסן ים, אָנגעפילט מיט דעם בלוט פון איבער אַ מיליאָן מענטשן, װאָס האָט דערטרונקען די גאַנצע רױמישע רעפּובליק.

די שחיטות אױף די פּראָלעטאַרישע מאַסן אין רױם האָבן אָפּגעשטעלט אױף אַ װײַלע די רעװאָלוציאָנערע באַװעגונג, נאָר אױסראָטן איר אינגאַנצן זײַנען זײ ניט געװען בכח. דער זיג פון דער רעאַקציע האָט שטאַרק פאַר־ערגערט די לאַגע פון די מאַסן און יעדע אומצופרידנהײט האָט געהאַלטן בסדר אין שטײַגן. עס זײַנען ניט אַװעק קײן צװײ צענדליק יאָר, זינט דעם מאַרטירער־טױט פון גאַאי גראַקך, פולװי פלאַק און די טױזנטער נאָמענלאָזע רעװאָלוציאָנערן, און װידער האָבן די פּראָלעטאַרישע מאַסן זיך אָרגאַניזירט

צום קאמף. נאָר זיי האָבן עפּעס וואָס געלערנט פון דער פאַרגאַנגענהייט. זיי האָבן געוואוסט, אַז כדי צו זיגן קעגן דער רעאַקציע מוז זייער רעכט זיך שטיצן אַף מאַכט.

נאָר ווידער האָבן זיי געמאַכט אַ טעות. אַנשטאָט צו געווינען פאַר זיך דירעקט די פּראָלעטאַרישע סאָלדאַטן, האָבן זיי געזוכט צו געווינען דעם פּאָפּולערן גענעראַל. אַזוי האָט דער פאָלקס־טריבון סאַטורנין געהאָלפן דערוויילן אין יאָר 102 פ. ק., פאַרן פערטן טערמין פון קאָנסול, דעם פּאָפּולערן קריגס־פירער גאַאי מאַרי

גאַאי מאַרי איז געווען אַ קינד פון פאָלק און אין עלטער פון. 36 יאָר (אין 119 פ ק.) איז ער געוואָרן דערוויילט פאַר אַ פאָלקס־טריבון. ער האָט באַלד אָנגעהויבן פּלאַנעווען אָפּצושוואַכן די מאַכט פון די פּריצים ביי די וואַלן. דאָס איז געווען ערשט צוויי יאָר נאָכן טויט פון גאַאי גראַקך. די רעאַקציע איז געווען אין זאָטל. האָבן די פּריצים אים באַלד אָפּגעהאַקט די פליגל און ניט געלאָזן מער שטייגן פּאָליטיש. נאָר די אומפייאיקייט פון דער קאָרופּטער פּריצעשאַפט אין פירן די מלחמות פון רוים האָבן געגעבן מאַרין די געלעגנהייט פון זיין לעבן. די פירער פון די מאַסן האָבן אויפ־געהויבן אַ טומל, אַז די אומפייאיקע פּריצים ברענגען אונטער די רוימישע מדינה און אַף זיי אַרויפגעצוואונגען מיט געוואַלד מאַרין פאַר קאָנסול און הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי.

מאַרי, וואָס האָט זיך מיט אייגענע כחות דערהויבן פון אַ פּראָסטן סאָלדאַט צו אַן אָפיציר, האָט, אַזוי ווי 19 הונדערט יאָר שפּעטער די באַרימטע קריגס־העלדן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אַרויסגעוויזן אומגעהייערע קריגס־פייאיקייטן. ער האָט געפייערט אַ זיג נאָך אַ זיג קעגן די מעכטיקסטע שונאים פון רוים. ער האָט געשאַפן אַ נייע אַרמיי, אין וועלכער ער האָט אַריינגעצויגן די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן פון גאַנץ איטאַליע און אויך פון אַ טייל פּראָווינצן און מיט אָט דער קאָסמאָ־פּאָליטישער פּראָלעטאַרישער אַרמיי האָט ער געוויזן וואונדער. קעגן זייער ווילן האָבן די פּריצים געמוזט דולדן זיין ווידערדערוויילונג פאַר קאָנסול אין די יאָרן 104 און 103 פ ק. אין 102 האָבן זיי פּרובירט אים דורכוואַרפן. האָט דער טריבון סאַטורנין מאָביליזירט אַלע כחות פון די רוימישע פּראָלע־טאַריער אים ווידער צו דערוויילן. און ווען ער איז צוריקגעקומען נאָך רוים, אין יאָר 101 פ. ק. האָט אים די פאָלקס־פאַרזאַמלונג פּראָקלאַמירט פאַרן „ריטער פון פאָטערלאַנד" און אים אַראַנזשירט אַן אומפאַרגלייכלעכן טריאומף צוג.

סאַטורנין און די איבעריקע פירער פון די מאַסן זיינען געווען זיכער,

אַז מאַרי וועט זיי שטיצן מיט זיין גאַנצער מאַכט דורכצופירן אַלע זייערע געפּלאַנטע סאָציאַלע רעפאָרמען. האָבן זיי אים געהאָלפן דערוויילן פאַר קאָנסול צום פינפטן און זעקסטן מאָל (אין די יאָרן 101 און 100 פ. ק.) סאַטורנין האָט נאָך אין יאָר 103 פאָרגעשלאָגן צו געבן צו 100 אַגערא (60 אַקער) לאַנד אין אַפריקע צו יעדן אויסגעדינטן סאָלדאַט. ווערנדיק ווידער דערוויילט טריבון אין יאָר 100, האָט סאַטורנין פאָרגעשלאָגן אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג זיי צו באַזעצן אין צפון איטאַליע, סיציליע, גריכנ־לאַנד און מאַקעדאָניע. נאָר אַזוי ווי ער האָט פאָרגעשלאָגן אריינצונעמען אין כלל אויך איטאַליע, וואָס דאָס האָט געמיינט אַנערקענען אַז זיי האָבן גלייכע רעכט מיט די רוימער, האָבן די רעאַקציאָנערן אויפגעהויבן קעגן אים די זעלבע פאַטריאָטישע העצע וואָס קעגן די ברידער גראַקך. נאָר סאַטורנין, געשטיצט אַף דער מאַכט פון קאָנסול מאַרי און פרעטאָר גלויקיא, אַ פירער פון דער פאָלקס־פּאַרטיי, האָט דורכגעפירט אַ פּונקט, אַז אין פינף טעג נאָכן אָננעמען דאָס געזעץ, מוז יעדער סענאַטאָר שווערן עס אָפּצוהיטן, אָדער ווערן אויסגעוויזן פון רוים, און צאָלן שטראָף. האָבן אַלע סענאַטאָרן אַ חוץ איינעם אָפּגעגעבן אַ שבועה.

ווען סאַטורנין האָט פאָרגעשלאָגן צו מאַכן נאָך ביליקער דעם פּרייז פון קאָרן, און דערמיט געוואונען אַף זיין זייט אויך דעם ניט זיכערן רוימישן לומפּן־פּראָלעטאַריאַט, האָבן די רעאַקציאָנערן עס געזוכט צו שטערן. דער סענאַט האָט דערקלערט די פאַרזאַמלונג פאַר אומגעזעצלעך, ווייל עס דונערט... האָט סאַטורנין געענטפערט: „זאָל דער סענאַט בעסער שווייגן, אויב ניט וועט נאָכן דונער קומען אַ האָגל"...

אין יולי פון זעלבן יאָר איז סאַטורנין געוואָרן געוויילט טריבון צום דריטן מאָל. גלויקיא האָט געוואָלט ווערן קאָנסול. נאָר מאַרי האָט אים ניט געשטיצט. איז געוואָרן דערוויילט אַ רעאַקציאָנער. דאָס האָט געפירט צו גאַסן־געשלעגן ביי וועלכע אַ קאַנדידאַט פון דער סענאַט־פּאַרטיי איז געפאַלן טויט. דער סענאַט האָט עס אויסגענוצט צו דערקלערן סאַטורנין און אַלע אַנדערע רעוואָלוציאָנערע פירער פאַר שונאים פון פאָלק. דערביי האָט דער סענאַט אַפּעלירט צום קאָנסול מאַרי זיי צו באַשטראָפן.

אָנשטאָט אַרויסצוטרעטן קעגן סענאַט, האָט דער געזעץ־אָפּהיטנדיקער מאַרי, ווען אַפילו אָן חשק, זיך געשטעלט קעגן זיינע פּראָלעטאַרישע פריינט. זיי זיינען געוואָרן באַזיגט דעם 10טן מאַי, אין דעם טאָג, ווען סאַטורנין האָט געדאַרפט אָנהייבן צום דריטן מאָל זיין אַמט פון פאָלקס־טריבון. ווייסנדיק, אַז דאָס מיינט זייער טויט, האָבן זיי זיך באַפעסטיקט אַפן באַרג קאַפּיטאָל. האָט מען זיי אָפּגעשניטן די וואַסער־ליטונג און זיי דורך

דורשט געצוואונגען זיך אונטערצוגעבן. מאַרי פאַרזיכערט זיי זיין שוץ ביז איבערן משפט. נאָר די אַריסטאָקראַטן האָבן זיך אַריינגעריסן דורכן דאַך און זיי אַלעמען דערמאָרדעט. מאַרי האָט באַלד איינגעזען אַז ער איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכן און האָט זיך צוריקגעצויגן פון רוים.

ווידער זיינען אַוועק יאָרן פון נויט און עלנט פאַר די מאַסן. נאָר באַלד האָבן זיך די פּראָלעטאַריער ווידער גענומען גרייטן צום קאַמף. אין יאָר 91 פ. ק. איז געוואָרן דערוויילט פאַר פאָלקס־טריבון מאַרק ליווי דרוז, דער זון פון יענעם פאַלשן טריבון וואָס האָט געשטערט גאַאי גראַקך דורכפירן זיינע סאָציאַלע רעפאָרמען. נאָר דער זון איז געווען ערלעכער פון טאַטן און האָט געזוכט ערנסט צו פאַרבעסערן די לאַגע פון די מאַסן. הגם ער איז ניט געווען קיין שטאַרקער ראַדיקאַל האָט ער דאָך איינגעזען די גערעכטע פאָדערונגען פון די מאַסן. איז ער אַרויסגעטראָטן אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג מיט די פאָרשלאָגן צו באַשטראָפן די ריכטער וואָס נעמען כאַבאַר; די ריכטער זאָלן ווערן רעקרוטירט ניט מער פון די אויפגעקומענע גבירים די „ריטער", נאָר פון סענאַט. דערפאַר זאָלן 300 „ריטער" ווערן סענאַטאָרן. דערצו זאָל קאָרן ווערן ביליקער. עס זאָלן ווערן געגרינדעט קאָלאָניעס פון די אַרבעטסלאָזע און די איטאַליענער זאָלן קריגן גלייכע רעכט. זיינע מילדע ליבעראַלע פאָרשלאָגן האָבן אויפגערעגט קעגן אים די קאָרופטע ריכטער און אַלע אַנדערע שונאים פון פאָלק און זיי האָבן אים אין געהיים דערמאָרדעט.

דער מאָרד פון דעם טריבון דרוז האָט אויפגערודערט גאַנץ איטאַליע. די איטאַליענער מאַסן האָבן עס אָנגענומען פאַר אַ צייכן אַז רוים וועט זיי בשום אופן ניט געבן קיין גלייכע רעכט. האָבן זיי דערקלערט זייער אומ־אָפּהייגגיקייט און איינגעפירט אַן אייגענע רעפּובליק מיט אַן אייגענער הויפּט שטאָט. דריי יאָר האָט געדויערט אָט דער בירגער־קריג. 300,000 מענטשן זיינען געפאַלן טויט. נאָר די איטאַליענער האָבן געקראָגן גלייכע רעכט און פון איצט אָן איז רוים ניט מער געווען קיין שטאָט־מלוכה נאָר די הויפּטשטאָט פון אַ גאַנצע מדינה.

אין אָט דעם בירגער־קריג האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זיין ברוטאַליטעט דער פּריצישער גענעראַל סולאַ — איינער פון די ערגסטע שונאים פון די אָרעמע מאַסן. האָבן די פּריצים געזען ער זאָל ווערן באַ־שטימט פאַרן הויפּט קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי. די רוימישע מאַסן זיינען געווען קעגן זיין באַשטימונג. האָט די פאָלקס־פאַרזאַמלונג דערוויילט מאַרין (וואָס איז אין צייט פון בירגער־קריג געקומען העלפן רוים) פאַרן הויפּט־קאָמאַנדיר. סולאַ איז באַפאַלן רוים מיט זיינע פּראָפעסיאָנעלע און טרייע

סאָלדאַטן, געמאַכט אַ שחיטה אױף די פּראָלעטאַריער און דערקלערט די פֿאָלקס־פּאַרטײ אױסערן געזעץ. ער האָט אױך באַשטימט אַז דער סענאַט איז די העכסטע אינסטאַנץ און די פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג האָט קײן שום רעכט ניט.

דער אַלטער מאַרי און דער פֿאָלקס־טריבון סולפּיק רופֿוס האָבן געמוזט אַנטלױפֿן קײן אױסלאַנד. נאָר אַ שטורעם האָט געבראַכט די שיף, װאָס האָט געפֿירט מאַרין, צוריק נאָך איטאַליע. ער האָט אַרומגעװאַנדערט הונ־געריק און לײדנדיק. צולעצט איז ער געװאָרן געכאַפּט אין אַ פּאָרט־שטאָט און פֿאַראורטײלט צום טױט. אַן אױסלענדישער סאָלדאַט איז געװאָרן באַשטימט אים אַרונטערצונעמען דעם קאָפּ. נאָר דער אַלטער קאָמאַנדיר האָט אױף אים אָנגעשטעלט זײנע פֿײערדיקע אױגן און אױסגערופֿן: „מאַן, װאַגסט צו טײטן גאַאי מאַרי?" האָט יענער געװאָרפֿן די שװערד, און אַנטלאָפֿן שרײַענדיק: „איך קאָן ניט טײטן גאַאי מאַרי!" האָט אים די באַפֿעלקערונג געלאָזן אַנטלױפֿן. ער איז געקומען קײן קאַרטהאַגאָ און אין יענער שטאָט געפֿונען אַ װינקל װאו זיך אױסצובאַהאַלטן.

נאָר אַזױ גיך װי סולאַ איז אַװעק מיט זײן אַרמײ קײן אַזיע פֿירן מלחמה, האָט דאָס פֿאָלק געמאַכט אַ פֿאַרזוך צוריקצונעמען די מאַכט אין זײנע הענט. אײנער פֿון די צװײ קאָנסולן, קינאַ, האָט געהאַלטן מיט די מאַסן און געװאָלט אָפּשאַפֿן אָפֿיציעל די רעאַקציאָנערע געזעצן פֿון סולאַ. נאָר דער צװײטער קאָנסול אָקטאַװ, אַ רעאַקציאָנער, איז באַפֿאַלן מיט מילי־טער די פֿאָלקס־פֿאַרזאַמלונג. 10,000 פּראָלעטאַריער זײנען געטױט געװאָרן אױף מאַרק־פּלאַץ פֿון רױם.

קינאַ, װעמען אָקטאַװ האָט אַרונטערגעזעצט פֿון מאַכט האָט זיך דערמאָנט אין נאָמען פֿון די מאַסן געװענדעט צום אַלטן מאַרי ער זאָל קומען צו הילף דעם רױמישן פּראָלעטאַריאַט. מאַרי האָט אַרױסגעלאָזן אַ רוף צו זײנע אַלטע װעטעראַנען, האָט באַלד אָרגאַניזירט אַ פּראָלעטאַרישע אַרמײ פֿון אַרבעטער, באַפֿרײטע שקלאַפֿן, פֿאַראָרעמטע איטאַליענער א. אַ. װ. װאָס האָט אָפּגענומען רױם פֿון די רעאַקציאָנערן. איצט איז געקומען דער טאָג פֿון רעכענונג און באַצאָלונג פֿאַר די רעאַקציאָנערן. אָקטאַװ איז געװאָרן אױפֿגעהאָנגען אױף מאַרק־פּלאַץ, װאו ער האָט אױסגעקױלעט 10,000 פּראָלעטאַריער. נאָך פֿינף טעג זײנען די מערסטע פּריצישע סענאַטאָרן, ריכטער א. אַ. װ. געװען טױט. מאַרי איז דערװײלט געװאָרן קאָנסול צום זיבעטן מאָל. נאָר דרײ װאָכן שפּעטער, דעם 13טן יאַנואַר, 86 פ. ק., איז ער געשטאָרבן פֿון פֿיבער, װאָס ער האָט געקראָגן אין זײן גלות.

װען סולאַ איז צוריקגעקומען פֿון אַזיע, װאו ער האָט געזיגט און אַרױס־

געפּרעסט פון די באַזיגטע מאַסן אַרום דרייסיק מיליאָן דאָלאַר קאָנטריבוציע, איז ער גלייך באַפאַלן רוים. 8,000 פּראָלעטאַריער זיינען אַריינגעפאַלן אין זיין האַנט, האָט ער געהייסן זיי אַלעמען טויטן. דער רוימישער היסטאָריקער ליווי דערציילט, אַז די 8,000 פּראָלעטאַריער זיינען געוואָרן דערשלאָגן מיט בולאַוועס אַזוי ווי בהמות אין יאַטקע און זייערע קולות האָבן אָנגעפילט דעם סענאַט הויז וואו סולאַ איז געזעסן רואיק און גערעדט צו די סענאַטאָרן. אַן אַנדער היסטאָריקער דערציילט, אַז אַ דיכטער פון ליבע לידער, וואָס האָט געזען די שוידערהאַפטע סצענע האָט געוואָרפן אַן אומחן אַף די מענטשן, און זיך צוריקגעצויגן אין איינזאַמקייט. דאָס גלייכן האָט סולאַ געלאָזט דערשלאָגן ביז איינעם די 12,000 אָדער מער געפאַנגענע פּראָלעטאַריער אין פּרענעסטאַ. ער האָט קיין צייט ניט, האָט ער דערקלערט, צו עקזאַמינירן ווער עס איז שולדיק און ווער עס איז אומשולדיק. סולאַ האָט אויך אַרויס־געשטעלט שוואַרצע צעטלען מיט 5,000 נעמען פון זיינע קעגנער און אַרויס־געלאָזן אַ פּראָקלאַמאַציע, אַז ווער עס וועט איינעם פון זיי דערמאָרדן וועט דערפאַר קריגן באַצאָלט 2,500 דאָלאַר. פּלוטאַרך דערציילט, אַז „קיין טעמפּל, קיין גאַסטפריינטלעכע היים, קיין פאָטער הויז איז ניט געווען פריי פון מאָרד". צוזאַמען האָט סולאַ געלאָזן דערמאָרדן אַרום 50,000 פּראָלעטאַריער אויסער די 100,000 וואָס זיינען געפאַלן אין שלאַכט. די קעפּ פלעגט ער הייסן ברענגען קיין רוים, וואו ער פלעגט זיי אויסשטעלן פאַרן פאַרגעניגן פון די פּריצים און גבירים. ער האָט חרוב געמאַכט גאַנצע שטעט און פאַר־וואַנדלט פרוכטבאַרע געגנטן אין מדבריות. ער האָט אַוועקגענומען דאָס לאַנד פון די פּויערים און אויך פון יענע גוטבאַזיצער וואָס האָבן סימפּאַ־טיזירט מיט די מאַסן. צום סוף האָט ער זיך דערקלערט פאַר אַ דיקטאַטאָר און אַוועקגענומען אַלע רעכטן פון פאָלק. נאָך נאָך דריי יאָר דיקטאַטאָר האָט ער געמוזט רעזיגנירן צוליב זיין קראַנקהייט, (סיפילים) וואָס האָט אים באַלד געגעבן אַ מיאוסן טויט. נאָר כאָטש ער איז געלעגן אין יסורים האָט ער ביז זיין לעצטער מינוט געשעפּט נחת פון מאָרד און געהאַט הנאה צוצוקוקן ווי מען דערמאָרדעט מענטשן

נאָכן טויט פון אָט דעם עקלהאַפטן מערדער, אין יאָר 78 פ. ק. האָט קאָנסול לעפּיד פּרובירט צוריק אויפשטעלן די הערשאַפט פון דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג. נאָר דער יונגער רעאַקציאָנערער גענעראַל פּאָמפּיי האָט אים באַזיגט. די אָנהייגער פון אַ פאָלקס־רעגירונג האָבן זיך דאַן גרופּירט אַרום דעם ראַדיקאַלן קריגס־העלד און שטאַטסמאַן סערטאָרי אין שפּאַניע. ער האָט דאָרט אָרגאַניזירט אַ רעפּובליק נאָכן רוימישן מוסטער און געזוכט צו ציוויליזירן די שפּאַניער און צוזאַמען מיט די רוימישע רעוואָלוציאָנערע

אימיגראַנטן אויסבילדן אַ ציוויליזירטן שטאַט. ער איז געווען זייער באַליבט ביי די מאַסן, וואָס האָבן אים אָנגערופן „דער נייער האַניבאַל" (אַפן נאָמען פון דעם אויבן דערמאָנטן העלד פון קאַרטהאַגאָ). דער סענאַט האָט קעגן אים געשיקט זיין העלד פּאָמפּיי. נאָר סערטאָרי האָט אים באַזיגט. נאָר פּאָמפּיי האָט קעגן אים אָנגעווענדעט די זעלבע אינטריגעס, וואָס ער האָט שפּעטער דורכגעפירט מיט דערפאָלג אין פּאַלעסטינע קעגן די מאַקאַבייער, און אין יאָר 72 פ. ק. איז סערטאָרי דערמאָרדעט געוואָרן אין שפּאַניע.

# קאַמף קעגן פרעמדן אונטערדריקער

## די מאַקאַבעיער

דאָס קליין אידן־פעלקל, אונטער די סעלעאוקידן, איז געווען איינגעטיילט אין דריי שאַרף־אָפּגעגרענעצטע שיכטן: 1) די אַריסטאָקראַטיע, וואָס איז באַשטאַנען פון די אַלטע כהנים און פריצים פאַמיליעס; 2) דער מיטלקלאַס, פון סוחרים, באַאַמטע, בעלי־מלאכות און ניט אַמטלעכע כהנים, וואָס זיינען ניט פאַרבונדן מיטן גאָטעסדינסט אין בית־המקדש פון ירושלים; 3) דער „עם הארץ", די פויערים און לאַנד אַרבעטער.

די אַריסטאָקראַטיע איז געווען פאַרבונדן מיט אַ סך פעדים מיט דעם קעניגלעכן הויף און מיט די אָנגעזעענע אידן אין מצרים. נאָר די, וואָס זיינען ניט אַנטלאָפן קיין מצרים ווען די סעלעאוקידן האָבן אָפּגענומען פאַלעסטינע פון די עגיפּטער, אין יאָר 198 פ. ק., זיינען אַריבער אַף דער זייט פון זיגער און אָנגעהאַלטן זייערע הויכע פּאָזיציעס.

דער מיטלקלאַס איז באַשטאַנען פון פאַרשידענע עלעמענטן. די סוחרים וואָס האָבן געפירט מסחר מיט אויסלאַנד און געקומען אין באַרירונג מיט פאַרשידענע פעלקער און קולטורן, זיינען געווען אויפגעקלערט, העלעניזירט און קאָסמאָפּאָליטיזירט. זיי האָבן, אַזוי ווי זייער קעניג, געוואָלט זען די מלוכה וואו זיי וואוינען זאָל אַריינגעמען אין אירע גרענעצן אַלע גריכיש־רעדנדיקע פעלקער. זיי זיינען אויך געווען גרייט איינצוגיין אַף די ראַדי־קאַלסטע רעפאָרמען אין אידיש־רעליגיעזן לעבן. פון דער אַנדערער זייט זיינען געווען צווישן די סוחרים אַ באַדייטנדיקע צאָל שטאַרקע קאָנסערוואַ־טיוון.

צום מיטלקלאַס האָבן אויך געהערט די באַאַמטע און שטייער־מאָנער. זיי זיינען געווען די עקסטרעמסטע רעפאָרמער. זיי האָבן אויסגעזויגן אידן און ניט־אידן צוגלייך און האָבן זיך בלויז גערעכנט מיט די אינטערעסן פון דער סעלעאוקידן־מלוכה, וועלכע האָט געפאָדערט אַ פעסטע האָמאָגענע, דורך איין שפּראַך און איין קולטור פאַראייניקטע, אימפּעריע. דער קאָנסערוואַ־טיווסטער טייל פון מיטלקלאַס איז געווען דער בעל־מלאכה און דער פּראָווינ־ציעלער, ניט העלעניזירטער כהן. דער בעל־מלאכה האָט כמעט קיינמאָל ניט פאַרלאָזן דאָס לאַנד, האָט איבערגענומען פון זיין טאַטן בירושה צוזאַמען מיט דער אַלטער מלוכה אויך דעם אַלטן לעבנסשטייגער. ער האָט זעלטן אַריינגעבראַכט ענדערונגען אין זיין פּראָפעסיע און נאָך זעלטענער אין

זיינע מנהגים און זיטן. ענלעך צו אים איז אויך געווען דעם אמת פרומער פּראָווינציעלער כהן וואָס האָט געלעבט ווייט פון בית־המקדש פון ירושלים און האָט געקוקט מיט שרעק אויף דער וועלטלעכקייט פון אירע כהנים און די אויסגעלאַסנקייט און ברודער־מאָרד פון אירע כהנים־גדולים.

די אידישע פּויערים און לאַנד־אַרבעטער (דער „עם הארץ"), וועלכע האָבן זיך ווייניק געקימערט וועגן דער אידישער רעליגיע און אירע שטרע־מונגען, האָבן אָבער גוט געוואוסט, אַז מען רייסט פון זיי אראָפּ די הויט. זיי זיינען דערפאַר געווען גרייט צו העלפן יעדן קאַמף צו פאַרלייכטערן דעם יאָך פון זייערע שטייערן.

(לויט דעם אַלט־אידישן היסטאָריקער יוסף פלאַווי האָבן די אידישע פּויערים־מאַסן געצאָלט שטייער 33 פּראָצענט פון די פּראָדוקטן פון פעלד און 50 פּראָצענט פון די פּראָדוקטן פון פרוכט־גאָרטן. אויסערדעם האָבן זיי צוזאַמען מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג געצאָלט קאָפּ־שטייער, זאַלץ־שטייער און קרוין־שטייער — אַ ספּעציעלער שטייער, צוצושטעלן יעדן נייעם קעניג דעם ווערט פון אַ גילדענער קרוין.)

דאָס לאַנד איז געשטאַנען אויפן שוועל פון רעוואָלט. נאָר דער ניט געלונ־גענער פאַרזוך פון די פּראָ־עגיפּטישע אַריסטאָקראַטן, אונטערן געוועזענעם כהן־גדול יאַזאָן, צו פאַרכאַפּן ירושלים האָט ניט געקאָנט פּאַראייניקן אַרום זיך אַלע שיכטן פון אידישן פאָלק. די פּויערים וואָס האָבן צוליב דער שנאה צו די סירישע שטייער־מאָנער, וואָס האָבן געריסן העכערע שטייערן ווי די עגיפּטישע, אָנגעהויבן בענקען צוריק צו דער אַלטער אָרדענונג אונטער עגיפּטן, האָבן ניט געטרויט די פּריצים. די שנאה צווישן די העלעניזירטע אַריסטאָקראַטן און די פרומע קליינבירגער איז געווען צו גרויס צו פאַר־אייניקן די ביידע עלעמענטן. די צוריקגעקומענע אַריסטאָקראַטן באַפאַלן דערפאַר מיט רציחה דעם מיטלקלאַס. דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן זיך געמאַכט פאַר שונאים אויך אַזוינע עלעמענטן, וואָס האָבן זיי געקאָנט העלפן אין קאַמף קעגן די פּראָ־סירישע טשינאָווניקעס און שטייער־מאָנערס; נאָר פאַר דער רויב־זוכנדיקער מלוכה פון אַנטיאָך דעם פערטן, איז דער פאַרזוך פון די אידישע פּראָ־עגיפּטישע אַריסטאָקראַטן געווען אַ גענוגנדיקע פּרע־טענזיע זיך אַרויפצוואַרפן אויף דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג. ער האָט געוואָלט זיין זיכער, אַז ער וועט ניט האָבן קיין שונא אין רוקן, ווען ער מאַרשירט אַרויס מיט זיין אַרמיי קעגן עגיפּטן. ער האָט געשטעלט גאַנץ פּאַלעסטינע אונטער קריגס־צושטאַנד, געהאַלטן אַ שאַרף אויג אויף די אידן אין אויף די שמרונים, און דערהויבן נאָך העכער דעם פאַן־העלעניסטישן כהן־גדול מענעלאַ, וועלכער איז געווען טריי און איבערגעגעבן דער מלוכה פון

ד׳ סעלעאוקידן.

נאָר די אַלע באַוואָרענישן פון אַנטיאָך האָבן אים ניט געהאָלפן צו פאַרנעמען עגיפּטן. שוין נאָענט פון זיין ציל, האָט אים רוים געוואָרנט, ער זאָל לאָזן צורו עגיפּטן, אָדער זיין געגרייט צו אַ מלחמה קעגן רוים. אַנטיאָך האָט געמוזט אָפּלייזיקן עגיפּטן (אין יאָר 168 פ. ק.). מאַרשירנדיק אַהיים דורך דער ניט־פריינטלעכער אידישער באַפעלקערונג, האָט ער באַשלאָסן אַנצונעמען ראַדיקאַלע מיטלען אַז פּאַלעסטינע זאָל ניט ווערן צוריק עגיפּטיש.

צוערשט האָט ער, ווי די טיראַנען פון אַלע צייטן, געזוכט אַנצושרעקן די באַפעלקערונג דורך טעראָר. ער האָט טעראָריזירט אַלע שיכטן פון אידישן פאָלק און אויך אַ טייל אידן פאַרקויפט פאַר שקלאַפן. ירושלים האָט ער געזוכט אויסצורייניקן פון אַלע ניט־לאָיאַלע עלעמענטן. עס זיינען אין איר געבליבן בלויז היידן און פאַן־העלעניסטן אָדער אָפּטריניקע, ווי די פרומע אידן האָבן זיי אָנגערופן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געוואַלדזאַמע העלעניזירונג פון די אידן און שמרונים אין פּאַלעסטינע און סיריע. דער בית־המקדש אין ירושלים און דער בית־המקדש אין שכם זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טעמפּלען פון צעאוס, דער גאָט פון גריכישן אָלימפּ. אַלטע אידישע מנהגים און זיטן זיינען פאַרבאָטן געוואָרן און זייער איבערטרעטונג דערמוטיקט.

ירושלים איז געוואָרן אַ העלענישע שטאָט מיט אַ טעמפּל פון צעאוס. די אידן אין עגיפּטן האָבן זיך געהאַט זייער אייגענעם בית־המקדש, וואָס איז איצט געבליבן דאָס איינציקע הייליקטום פון יהוה וואו אַלע זיינע דינער האָבן געוועגדט זייערע אויגן. דערמיט איז דאָס דינען יהוה געוואָרן פאַר דער סעלעאוקידן מלוכה דער סימבאָל פון פאַרראַט, דער צייכן פון אָנהיינגער־שאַפט פון עגיפּטן. די דינער פון יהוה ווערן דערפאַר געהעצט און פאַר־פאָלגט און יעדער סימן פון דער אידישער רעליגיע און אירע מנהגים ווערט זייער שטריינג באַשטראָפט.

די זעלבע געוואַלדזאַמע העלעניזירונג־פּאָליטיק האָט אַנטיאָך אָנגעפירט אויך קעגן אַלע אַנדערע אַלטע רעליגיעס אין זיין גרויסער אַזיאַטישער אימפּעריע. ער האָט דערביי געהאַט צוויי צילן: ערשטנס, צו שאַפן אַן איינהייטלעכע באַפעלקערונג אין זיין מלוכה, וואָס זאָל זיין פאַראייניקט דורך איין קולטור און רעליגיע. צווייטנס, צו קאָנען אויספּלינדערן די גרויסע רייכטימער פון די טעמפּלען, וואָס האָבן דורך אָט די נייע רעפאָרמען פאַר־לאָרן זייער אַלטע הייליקייט.

נאָר וואָס מער די סעלעאוקידישע אימפּעריע האָט געזוכט צו העלעניזירן אָדער ציוויליזירן, אירע פעלקער מיט געוואַלד, אַלץ מער אומרוען האָבן

אויסגעבראָכן אין לאַנד. סעלעאוקידאַ׳ס מפּלה אין מערב, איר ריקצוג פון עגיפּטן האָט דערמוטיקט די פעלקער פון מזרח אָרונטערצואוואַרפן דעם יאָך פון די סעלעאוקידן. דערצו האָט סעלעאוקידאַ׳ס גרויסע געדונגענע אַרמיי פאַרשלונגען אומגעהויער גרויסע סומען און דער איינקונפט פון די שטייערן איז דורך דער פאַרמעגן פון די מאַסן געוואָרן אַלץ קלענער. סעלעאוקידאַ נעמט דערפאַר אונטער אַ קריגס־צוג אין מזרח, וואו זי האָט געהאַט פאַר זיך צוויי צילן — צוריקצושלאָגן די פּאַרטיער, וואָס האָבן אַריינגעדרונגען אין יאָר 174 פ. ק. אין מעסאָפּאָטאַמיע, און פאַראייניס איינמאָנען דאָרט די צוריקשטייענדיקע צינזן און אויספּליגדערן די רייכטימער פון די אַלטע מזרח־טעמפּלען.

דער אָפּמאַרש פון דער סעלעאוקידישער אַרמיי קיין פּערסיע איז געווען דער צייכן פאַר אַ פאַרשטאַרקטער אַנטי־מלוכה טעטיקייט אין יהודה.

עגיפּטן איז געווען מאַכטלאָז אָפּצונעמען פּאַלעסטינע, האָט זי זיך באַנוגנט מיט אויפהעצן די אומצופרידענע עלעמענטן אַף איר גרענעץ קעגן דער מלוכה און זיי אויך אויפרייצן איינע קעגן די אַנדערע. עס האָט דערפאַר ניט גענומען לאַנג און אין דער פּראָווינץ יהודה האָט זיך אָנגעהויבן אַ ראַסן און קלאַסן קאַמף.

דער מיטלפּונקט פון דעם אויפשטאַנד איז געווען דאָס דערפל מודיעין אין די דרום־בערג פון יהודה. דער אויפשטאַנד איז געוואָרן אָנגעפירט פון אַ פרומער כהנים־פאַמיליע, אַ פאָטער, מתתיהו און זיינע פינף זין. זיי האָבן זיך געשטעלט עפנטלעך קעגן דעם פאַרזוך פון דער מלוכה זיי צו העלעניזירן מיט געוואַלד. זיי זיינען באַפאַלן די פאַרהאַסטע רעגירונג־באַאַמטע און אויפגעהויבן די פאָן פון מרידה.

באַלד האָבן זיך אַרום זיי גרופּירט מאַסן פויערים און לאַנד־אַרבעטער וואָס האָבן געוואַרט אַף אַ געלעגנהייט פּטור צו ווערן פון די טשינאָווניקעס און שטייער־מאָנער. שפּעטער זיינען צו זיי אויך צוגעשטאַנען די רעליגיעזע פאַנאַטיקער, די חסידים.

די חסידים, וואָס האָבן געשטאַמט פון מיטלקלאַס, האָבן זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט לערנען תורה און אָפּהיטן מצוות. פון דער וועלט און אירע פריידן האָבן זיי זיך גאַנץ אָדער טיילווייז אָפּגעזאָגט. זיי האָבן געהאַלטן פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד און זיך געלאָזט אויסקוילען ווי שעפּסן, ניט אויס־פּאָלגנדיק די באַפעלן פון דער מלוכה. אָבער אויך די וואָס האָבן אַנערקענט דאָס רעכט זיך צו פאַרטיידיקן מיט וואָפן, האָבן געפונען אַ סך שטערונגען אַף זייער וועג. ערשטנס, האָבן זיי זיך ניט געשלאָגן אום שבת, נאָר געזעסן ווי די קאַראַאימען פאַרשפּאַרט אַ גאַנצן טאָג אין זייערע אונטערערדישע

היילן. האָט מען זיי דאָרט ארומגערינגלט און אויסגעשאָכטן. זיי האָבן אויך ניט געקאָנט זיך פאַראייניקן אין קאַמף מיט די אידישע פּויערים און לאַנד־ארבעטער, וואָס זיינען פאַר זיי געווען אַן אומריינע קאַסטע, צו וועלכער זיי טאָרן זיך אַפילו ניט צורירן. די אידישע דינים פון טומאה און טהרה זיינען בכלל געווען אַ גרויסע שטערונג פאַר די חסידים צו גיין אין אַ מלחמה, וואו מען קאָן זיך אָנרירן אָן אַ טויטן. נאָר אין פאַרלויף פון דעם אויפ־שטאַנד האָבן זייערע אויטאָריטעטן, אונטערן איינפלוס פון די רעוואָלוציאָ־נערע פּאַטריאָטן, דורכגעפירט אייניקע רעפאָרמען. עס איז זיי געוואָרן דערלויבט זיך צו פאַרטיידיקן מיט וואָפן אַפילו אום שבת. עס זיינען אויך געמילדערט געוואָרן די געזעצן פון טומאה און טהרה א. אַ. וו.

דער בונטאַרישער „עם הארץ", דער פאַנאַטישער חסיד און דער פּאַטריאָטישער קליינבירגער, אָנגעפירט פון די העלדן פון מודיעין, האָבן אָנגעפירט אַ טיכטיקן „גאָרילאַ" קריג קעגן דער רעגירונג. זיי האָבן צוריק־געשלאָגן די אָנגריפן פון אירע פּראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטן און איר צולעצט געצוואונגען צו פאַרהאַנדלען מיט זיי ניט ווי מיט „באַנדיטן" און „רויבער", נאָר ווי מיט דער אַרמיי פון אַ פאָלק, וואָס קעמפט פאַר זיין אומאָפּהענגיקייט.

———

„דער האַמער" (האַמאַקאַבי), איז געווען דער צונאָמען פון דעם מיט־לעגענדן־באַפוצטן העלד יהודה, וואָס האָט אָנגעפירט די אידישע רעוואָלוציאָ־נערע באַנדעס קעגן דער אימפּעריע פון די סעלעאוקידן אין סיריע און מערב־אַזיע.

לויט אַן אַלט־אידישער שריפט, דאָס צווייטע מאַקאַבייער־בוך, איז יהודה האַמאַקאַבי געווען צווישן די צען אידישע בונטאַרן וואָס זיינען אַנטלאָפן אין מדבר, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די געוואַלדזאַמע העלעניזירונג, און אירע קעגנער זיינען געטויט אָדער פאַרקויפט געוואָרן אין שקלאַפעריי. די זעלבע שריפט דערציילט אויך, אַז יהודה האַמאַקאַבי איז געווען דער יעניקער וואָס האָט די קעגנער פון דער מלוכה, און איר געוואַלדזאַמער העלע־ניזירונג, אָרגאַניזירט אין געהיים אין פרייהייט־באַנדעס.

ביים ערשטן צוזאַמענשטויס מיט די רעגולערע רעגירונג־סאָלדאַטן זיינען אַ סך פון יהודה'ס אָנהייגער צעלאָפן. צווישן די געבליבענע זיינען געווען צוויי דריטל אידן און אַ דריטל גוים, עכטע העלענען. עס פאַרשטייט זיך, אַז אָט די העלענען האָבן זיך ניט געשלאָגן פאַר יהוה קעגן צעאוס, פאַרן אידנטום קעגן העלענעטום. זיי זיינען געווען פאַראינ־טערעסירט בלויז צו העלפן צעברעכן די מאַכט פון דער פאַרהאַסטער מלוכה.

פונדעסטוועגן וואָלטן די העלדישע אידישע רעוואָלוציאָנערע באַנדעס,

מיט זייערע העלענישע מיטהעלפער, ווייניק וואָס געקאָנט אויפטאָן קעגן דער מאַכט פון דער סעלעאוקידן־מלוכה, ווען זי וואָלט געקאָנט אַרויסטרעטן קעגן זיי מיט איר פולער קראַפט. נאָר די סעלעאוקידישע רעגירונג־לייט זיינען געווען פאַרנומען מיט אינערלעכע שטרייטיקייטן. זיי זיינען אויך געוואָרנט געוואָרן פון רוים, צו לאָזן די אידן צורו. רוים האָט זיך שטענדיק אַרויסגעשטעלט אַלס פאַרטיידיקערין פון קליינע פעלקער אין פרעמדע אימפעריעס. דאָס מאַקאַבעיער בוך גיט אָן אַלס איינעם פון יהודה האַמאַקאַבי׳ס מאָטיוון פאַר ווענדן זיך נאָך רוים, דאָס וואָס זי איז אַ רעפובליק און קלייבט אויס יעדן יאָר אַ נייעם הערשער (קאָנסול).

יהודה האַמאַקאַבי פירט אָן זיין קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט ביז ער פאַלט אין שלאַכט (160 פ. ק.). זיינע ברידער יהונתן און שמעון גייען איין אַף אַלערליי פשרות מיט די סעלעאוקידן און עטאַבלירן אַף דעם אופן די מאַקאַבעיער דינאַסטיע. שמעונ׳ס זון, יוחנן הירקאַן, באַוואָרנט זיך אויך מיט דער שטיצע פון רוים.

רוים האָט געשטיצט יעדן פאַרזוך אָפּצושוואַכן די מאַכט פון דער סעלעאוקידישער אימפעריע. בפרט ווען די פאַרטיי פון סאָציאַלע רעפאָרמען, אָנגעפירט פון די ברידער גראַקך איז געקומען צו מאַכט, האָט יעדעס אונטערדריקט פאָלק געפונען סימפּאַטיע אין רוים. יוחנן הירקאַן שיקט דאַן אַ דעלעגאַציע קיין רוים בעטן זי זאָל באַשטעטיקן די אומאָפּהענגיקייט פון אַ אידישער מלוכהלע און ניט דערלויבן די סעלעאוקידן איר צוצערייסן. דער גראַקכיסטישער פרעטאָר, פאַני, האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג צוזאַמען מיט דעם אינגערן ברודער גראַקך. זיי האָבן אויסגעהערט די אידישע טענות און אָפּגעשיקט די אידישע שלוחים צוריק קיין ירושלים אָפּן חשבון פון דער רוימישער מלוכה. נאָר צוגלייך האָבן זיך די אידן אַרויסגעוויזן פאַר אַ „געפערלעכן" עלעמענט אין רוים. מיטגלידער פון דער דעלעגאַציע, אָדער צו גלייכער צייט איינגעוואַנדערטע אידישע סוחרים, האָבן אָנגעהויבן פירן אַן אַגיטאַציע פאַר האַלטן שבת. קענטיק אַז די רוימישע פאָלקס־מאַסן איז געווען שטאַרק געפעלן די אידייע פון אַ טאָג רו און די אידן געווינען אַ סך אָנהייגער. די רוימישע מאַכט האָט זיי דערפאַר תיקף אויסגעוויזן פון לאַנד.

דער ברודער־קריג צווישן די סירישע פרינצן האָט געגעבן הירקאַנען די געלעגנהייט צו פאַרשטאַרקן זיין מאַכט. ער האָט אויסגעראַבירט די רייכע אוצרות אין די קברים פון דער דוד דינאַסטיע וואו ער האָט אַרויסגעקראָגן די סומע פון 3,000 טאַלאַנטן (אַרום 3,175,000 דאָלאַר) און געקאָנט אויסגעבן גרויסע סומען געלט צו דינגען פרעמדע סאָלדאַטן. מיט דער הילף פון געדונגענע גרויסע אַרמייען איז ער באַפאַלן שמרון, חרוב

געמאַכט איר בית־המקדש אַפן באַרג גריזים, איינגענומען אדום און מיט געוואַלד געמאַכט איר באַפעלקערונג פאַר אידן. אַזוי האָט ער מיט געוואַלד אויסגעשמידט פון פאַרשידענע פעלקער און ראַסן אַ אידישע מלוכה, וואָס איז געווען אונטערגעוואָרפן דעם בית־המקדש און דער געזעצגעבונג פון ירושלים.

געלט צו צאָלן זיינע געדונגענע סאָלדאַטן האָט יוחנן הירקאַנען ניט געפעלט. אויסער די אוצרות, וואָס ער האָט אויסגעפּלינדערט פון די אַלטע קעניגלעכע קברים האָט זיך געצויגן צום בית־המקדש אין ירושלים אַן אומ־אויפהערלעכער שטראָם גאָלד.

דער בית־המקדש האָט אַריינגעקראָגן יערלעך מיליאָנען דאָלאַרס פון די האַלבע שקלים (אַרום 40 סענט) וואָס יעדער אידישער נפש, פון צוויי יאָר אָן און עלטער, האָט געצאָלט צום בית־המקדש. די אידן פון אַזיע, אַפריקע און אייראָפּע, וועלכע האָבן זיך שטאַרק פאַרמערט ניט בלויז דורך זייער צואוואוקס, נאָר אויך דורך מאַסן גרים, האָבן אַ חוץ אָט דעם קאָפּ־שטייער אויך געשיקט גרויסע סומען פאַר קרבנות און נדבות. אין די גרענעצן פון דער מאַקאַבייער מדינה האָט די באַפעלקערונג, געבאָרענע און געוואָרענע אידן, געמוזט צאָלן צום בית־המקדש אַ חוץ דעם אַלגעמיינעם קאָפּ־שטייער נאָך אויך מעשר (אַ צענטל) פון אַלע פעלד־פּראָדוקטן, ווי אויך די ערשט געבאָרענע בהמות. די בכורים פון כשרע בהמות פלעגן דאַרפן ווערן צוגעשטעלט אין בית־המקדש. די טרפה בהמות (אייזלען, קעמלען, פערד א. ד. גל.) פלעגן דאַרפן ווערן אויסגעלייזט מיט געלט און די סומע צוגעשטעלט צום בית־המקדש. דאָס גלייכן פלעגן די מענטשלעכע בכורים דאַרפן אויסגעלייזט ווערן. אָט דער „פדיון הבן" האָט געקאָסט פינף שקלים (בערך פיר דאָלאַר). אויסער מעשר און תרומה, בכורים און פדיונים, קאָפּ־שטייער, נדרים און נדבות, און געלט פאַר קרבנות, פלעגן די כהנים אין בית־המקדש אויך אַריינקריגן דירעקט מאַסן בהמות און עופות, אויל, מעל א. אַ. וו., וואָס דער עולם האָט געבראַכט פאַר אַ קרבן. וואָס ווייטער האָבן די כהנים אַזוי „רעפאָרמירט" דאָס קרבן־ברייינגען, אַז דער עולם האָט שוין מער ניט געקראָגן, ווי פאַרצייטן, כמעט דאָס גאַנצע פלייש פון קרבן, און דער כהן בלויז אַ קליינעם טייל, נאָר פאַרקערט. „גאָטס חלק" איז כסדר געשטיגן און דערמיט די פּראָפיטן פון די כהנים.

די אידישע כהנים זיינען דערפאַר, אַזוי ווי די פּאַטריציער אין רוים, געווען די רייכסטע אין לאַנד און געהאַלטן פעסט אין זייערע הענט די לייצעס פון דער מלוכה. זיי האָבן פאַרשריבן אין דער תורה, אַז נאָר זייערע משפחות מעגן פראַווען די עבודה אין בית־המקדש. אַ פרעמדער — מעג ער אויך זיין אַ מלך אָדער אַ נביא — טאָר אפילו ניט אַריינגיין אינעווייניק אין

בית־המקדש. נאר צווישן זיך גופא האבן די כהנים אויך געמאכט א חלוק צווישן משפחה און משפחה. די יעניקע כהנים־משפחות, וואס האבן יארן לאנג געהאט אין זייער מאכט דעם קאנטראל איבער דער כהונה־גדולה, און דערמיט די פולע דעה איבער די אומגעהויערע רייכטימער, זיינען נאטירלעך געווען די רייכסטע און די פארנעמסטע. אפט זיינען זיי אויך געווען, אזוי ווי די רוימישע פאפסטן און קארדינאלן פון דער רענעסאנס־עפאכע, די אויפגעקלערטסטע און די פרייזיניקסטע אין לאנד, און אזוי ווי יענע אנגע־האלטן די רעליגיעזע צערעמאניעס בלויז צוליב פאליטישע און עקאנאמישע אינטערעסן.

אין די הענט פון אט די רייכע כהנים־אריסטאקראטן, די „צדוקים" איז אויך געלעגן דער „סנהדרין", די העכסטע אידישע געזעצגעבונג. אזוי אז די גאנצע רעליגיעזע און ציווילע מאכט איז געלעגן אין די הענט פון דער זעלבער רייכער קליקע, וואס האט דאס פאלק פארשקלאפט גייסטיק און מאטעריעל.

האבן אבער פרומע כהנים, וואס זיינען ניט צוגעלאזן, אדער געפסלט (אויסגעשלאסן) געווארן פון דער עבודה אין בית־המקדש, זיך אפגעגעבן מיט דער לערע פון די אלטע הייליקע שריפטן, וואס זיינען שוין דעמאלט געווען באקאנט און אפילו איבערזעצט אין אנדערע שפראכן, אזוי ווי אנדערע געלערנטע אידן, די „סופרים", שרייבער, שריפט־געלערנטע. אט די סופרים וואס האבן געלעבט צווישן די מאסן האבן אויפגעקלערט דאס פאלק, אז די רייכע כהנים אין בית־המקדש, די מלוכה, די כהונה־גדולה און דער סנהדרין טייטשן אוים „פאלש" די אלטע תורה. עס זיינען אנטשטאנען צווייערליי אויסטייטשונגען פון אידישן געזעץ און אפילו פון דער רעליגיע, איינע א פאלקיסטישע און איינע אן אריסטאקראטישע. די אריסטאקראטישע אויס־טייטשונג פון דער תורה, וועלכע איז געווען ניט פאר זיך, נאר פאר אנדערע, איז געווען זייער שטרייננג. די רעליגיעזע געבאטן דארפן אפגעהיט ווערן אפילו ווען זיי זיינען א שווערע לאסט אפן פאלק. דאס געזעץ איז הארט און ווייסט ניט פון קיין „מדת הרחמים". עס שטייט געשריבן: „אן אויג פאר אן אויג" — מיינט דאס טאקע אן אויג. די פאלקיסטישע אויס־טייטשונג איז געווען דער היפוך: די תורה איז פאר דעם מענטשן און דער מענטש פאר דער תורה. „ער זאל לעבן דורך זיי (אירע געבאטן) און ניט שטארבן דורך זיי". „מען קאן ניט מאכן א געבאט וואס דאס רוב עולם קאן ניט עקזיסטירן דורך אים".

אין אט דעם זין זיינען געווען די מערסטע אויסטייטשונגען פון ביידע צדדים. די פאלקיסטישע שריפטגעלערנטע האט אפילו ניט געקימערט אויב

מען „נאַרט אָפּ" דאָס געבאָט פון דער תורה און מען דרייט זיך אויס פון צו געבן די כהנים וואָס זיי קומט, אַזוי לאַנג ווי דאָס ווערט געטאָן אויף אַ „פרומען אופן" — לויט זייער אויסטייטשונג פון אַ פסוק. נאָר אויך זיי, אָט די פרומע קליינבירגערלעכע געלערנטע, האָבן געהאַט ווייניק אָדער גאָר ניט קיין סימפּאַטיע מיט דעם „עם־הארץ", דעם פּראָסטן פּויערים־פאָלק, וואָס האָט זיך ניט גערעכנט מיט קיין תורות און מיט קיין פסוקים אין זיין אָנשטריי־גונג זיך אַרויסצודרייען פון צו צאָלן שטייער צו דער מלוכה אָדער צום בית־המקדש.

די שריפטגעלערנטע זיינען געווען באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּרושים", אָפּגעטיילטע. מען גלעט, אַז זייער אָנהויב האָט געשטאַמט פון עזרא און נחמיה'ס צייט, ווען די פרומע האָבן זיך „אָפּגעטיילט" פון זייערע ניט־אידישע שכנים און אויך פון אידישן פּויערים־פאָלק, וואָס האָט ניט אָפּגעהיט די געזעצן פון טומאה און טהרה און אויך געטאָן שידוכים מיט גוים. אליין האָבן זיך די פּרושים אָנגערופן „חברים". זיי זיינען געווען גוט אָרגאַניזירט און האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף די שטאָטישע מאַסן, קליינהענדלער, בעלי־מלאכות, אָרעמע פּריסטער א. ד. גל. שפּעטער ווען דער קלאַסנקאַמף האָט זיך פאַרשאַרפט אינם אַלטן אידנלאַנד זיינען אָט־די פרומע קליינבירגער־לעכע לומדים וואָס ווייטער אַלץ מער קאָנסערוואַטיוו געוואָרן. נאָר אין דער צייט פון דער מאַקאַבעיער מלוכה זיינען די פּרושים געווען ראַדיקאַל און אַפילו געהאַט אַן איינפלוס אויף אַ טייל פּויערים.

אַזוי לאַנג ווי דאָס הויז פון די חשמנאים־פּריסטער, די מאַקאַבעיער־דינאַסטיע האָט אין איר שטרעבן צו מאַכט זיך געשטיצט אויף די אידישע מאַסן האָט זי זיך געחברט מיט די פאָלקיסטישע פּרושים. נאָר ווען די מאַקאַבעיער דינאַסטיע ווערט באַפעסטיקט, הערט זי זיך אויף חברן מיט די אידישע דעמאָס אָדער פאָלקבעיער. יוחנן הירקאַן („יוחנן כהן־גדול") גייט עפנטלעך אַריבער אויף דער זייט פון די אַריסטאָקראַטישע צדוקים און זיין אַלעק־סאַנדער ינאַי פאַרפאָלגט די פּרושים אַזוי שטאַרק, אַז 8,000 פון זייערע חברים מוזן אַנטלויפן קיין עגיפּטן.

די אידישע מאַסן זען איין, אַז עס האָט זיך ניט געלוינט צו פאַרגיסן אַזוי פיל מענטשן־בלוט, כדי צו פאַרבייטן די ממשלה פון די כהנים פון צדוק'ס הויז אויף דער פונם חשמנאי'ס הויז. זיי הייבן זיך אָן בונטעווען קעגן דער מאַקאַבעיער מלוכה, אַזוי ווי פריער קעגן דעם פרעמדן סעלעאוקי־דישן אונטערדריקער. די מאַקאַבעיער דריקן אונטער די אידישע בונטאַרן מיט שטאַרקער האַנט. לויט דעם אַלט־אידישן היסטאָריקער, יאָזעפוס, האָט אַלכסנדר ינאַי אין פאַרלויף פון זיין רעגירונג־צייט, פון 104 ביז 78 פ. ק.,

אויסגעהרגעט אַרום 50,000 אידן. באַזונדערס גרויזאַם איז ער געווען צו די באַוואוסטזיניקע רעוואָלוציאָנערן. 800 פון זיי האָט ער געלאָזט קרייציקן, אויפהייננגען אַף צלמים, לויטן רוימישן מנהג, און דערביי געשכורט און געהולטאַיעוועט מיט זיינע פּלגשים. און בעת די אידישע רעוואָלוציאָנערן האָבן געגוססט אַף זייערע צלמים־תליות, האָט דער מאַקאַבייער־קעניג און כהן־גדול געהייסן שעכטן פאַר זייערע אויגן זייערע פרויען און קינדער.

## דער פּאַסטוך וויריאַטהוס

צוערשט האָט רעוואָלטירט דער פּאַראָרעמטער פּויער וואָס האָט נאָך געדיינקט די צייט וואָס ער איז געווען פריי און אומאָפּהייננגיק. דער ערשטער באַדייטנדיקער פּויערים אויפשטאַנד אין איטאַליע האָט אויסגעבראָכן אין יאָר 196 פ. ק. אין דער פּראָווינץ עטרוריא, אין צפון פון רוים.

עטרוריא איז געווען די ציוויליזירטסטע מדינה אין דער אַלטער איטאַליע. נאָך היינט באַוואונדערן מיר איר קונסט און די רעשטן פון איר הויכער קולטור, וואָס די באַרבאַרישע רוימער האָבן צעשטערט. דורות לאַנג האָבן אירע פּויערים באַאַרבעט זייער לאַנד און געלעבט פריי און אומאָפּהייננגיק, נאָר זינט רוים האָט איינגענומען די שיינע הויך־אַנטוויקלטע פּראָווינץ, האָבן זיך דאָרט אַ לאָז געטאָן אירע פריצים, באַאַמטע און פּראָצענטניקעס און געבראַכט דעם פּויער צו בעטל־ברויט און שקלאַפעריי.

האָט זיך דער עטרוריער פּויער געבונטעוועט קעגן זיינע רוימישע פריצים, אַזוי ווי די אירלענדער קעגן זייערע ענגלישע לענדלאָרדס. ביז דער בונט האָט אָנגענומען די פאָרם פון אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד. עס פאַרשטייט זיך, אַז רוים האָט באַלד אַריינגעשיקט אַהין אירע גוט אָרגאַניזירטע און גוט באַוואָפנטע לעגיאָנערן און אונטערדריקט דעם פּויערים בונט מיט דער גאַנצער ברוטאַליטעט פון אַן אימפּעריאַליסטישן שטאַט אין זיין קאָלאָניע.

דער רוימישער היסטאָריקער ליווי דערציילט, אַז אַ סך פון זיי (די פאַראָרעמטע עטרוריער פּויערים און טאָג־אַרבעטער) זיינען געוואָרן דערהרגעט; אַ סך זיינען געוואָרן גענומען געפאַנגען; אַנדערע האָט מען געשמיסן און אויפגעהאַנגען אַפן קרייץ.

עטרוריא איז געוואָרן צעשטערט, אַנטפעלקערט. אירע פעלדער זיינען געוואָרן שלעכט באַאַרבעט פון פרעמדע שקלאַפן, אָדער פאַרוואַנדלט אין

פאַשע פאַר די גרויסע סטאַדעס פון די רוימישע גבירים. נאָר אויב די עטרוריער זיינען ניט געווען מער בכח צו רעוואָלטירן, האָבן עס צען יאָר שפּעטער געטאָן די לאַנד־אַרבעטער און פאַסטוכער פון דער געגנט פון אַפּולאַ ביי די בערג לעבן אַדריאַטישן ים. אויך דאָרט איז ניט שווער געווען רוים צו שיקן אירע לעגיאָנערן און אויסשלאַכטן די שלעכט באַוואָפנטע און שוואַך אָרגאַניזירטע רעבעלן. 7,000 אָרעמע לאַנד־אַרבעטער און פאַסטוכער זיינען געוואָרן פאַראורטיילט צו קאַטאָרגע אין די שטיינהאַקערייען און מינען. די באַדייטנדיקסטע פון זייערע העלדישע פרייהייט־קעמפער זיינען געקרייציקט געוואָרן, ווי די רעבעלן פון עטרוריאַ. נאָר די פרייהייט־באַוועגונג פון די אונטערדריקטע מאַסן אין דער רוימישער אימפּעריע האָט דורך אָט די גרויזאַמע באַרבאַרייען ניט אויפגעהערט.

אומזיסט האָט דער הערשנדיקער קלאַס פון רוים פאַרלוימדעט די „באַקכאַנאַליעס”, די געהיימע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס פון די אָרעמע לאַנד־אַרבעטער און פאַסטוכער. עס האָט אויך ניט געהאָלפן דער שטרייגער פאַרבאָט אָן זיי צו געהערן. זיי זיינען געוואָרן אונטערערדיש און האָבן זיך צענטראַליזירט אין דרום־איטאַליע, וואו די באַפעלקערונג האָט אָנגעפירט אַ לאַנגן האַרטנעקיקן פרייהייטס־קאַמף.

איר זיג איבער קאַרטאַגאָ האָט רוים געבראַכט אַ רייכע ירושה — די שיינע שפּאַניע. נאָר אַזוי ווי אין עטרוריאַ, אַזוי אויך אין שפּאַניע, זיינען צוזאַמען מיטן רוימישן זיג געקומען חורבן און פאַרניכטונג.

אַזוי ווי אין גריכנלאַנד, סיריע, יהודה א. אַ. וו. אַזוי אויך אין שפּאַניע האָט רוים אָנגעווענדט איר פּאָליטיק פון „צעטייל און באַהערש”, אַרויסגערופן קריגערייען, געדונגען מערדער אַראָפּצוראַמען מעכטיקע קעגנער, אַריינגענאַרט די באַפעלקערונג מיט שיינע רייד אין אַ פּאַסטקע און זיי דערנאָך אויסגעקוילעט אָדער פאַרקויפט אין שקלאַפעריי.

אין מיטן פון צווייטן יאָרהונדערט פ. ק. האָט דער רוימישער פּרעטאָר גאַלבאָ געקעמפט קעגן די לוסיטאַניער באַפעלקערונג אין שפּאַניע. דער רוימישער קאָמאַנדיר האָט געכאַפּט אַ מפּלה נאָך אַ מפּלה, אַזוי ווי די רוימישע קאָמאַנדירן פאַר אים. נאָר ער איז געווען פאַרעקשנט און ניט געוואָלט איבערלאָזן די פרייע בערג באַוואוינער אין פרידן, האָט ער אַ גאַנץ יאָר זיך געגרייט און מיט דער הילף פון אַ צווייטן גענעראַל אַרומגערינגלט זייערע בערג. זיינען די לוסיטאַניער געוואָרן גרייט צו שליסן פרידן מיט רוים.

דער רוימישער קאָמאַנדיר האָט אויפגענומען פריינטלעך די שלוחים פון די לוסיטאַניער פויערים, פאַסטוכער און יעגער און זיי דערקלערט, אַז אויך

רוים איז גרייט צו שליסן מיט זיי אַ פרידנס־אָפּמאַך. ער האָט זיי דאַן איינ־געלאַדן צו קומען אין פאַרשיידענע פּלעצער וואו מען וועט פייערן צוזאַמען דעם שלום. יענע זיינען אַזוי געוואָרן צעטומלט און אויך געקומען אומ־באַוואפנט, האָבן זיי די באַוואפנטע רוימער אומעטום אַרומגערינגלט און אויסגעקוילעט. אַנדערע ווידער האָט מען געמאַכט פאַר שקלאַפּן צו באַ־אַרבעטן די זילבער מינען פון שפּאַניע, וואָס איז געווען דער ציל פון רוימישן הערשנדיקן קלאַס. נאָר איינציקע לוסיטאַנער האָט געלונגען זיך צו ראַטעווען.

די צאָל פון די דערמאָרדעטע לוסיטאַניער איז ניט גענוי באַשטימט. איין רוימישער היסטאָריקער, מאַקסים, באַשרייבט זייער צאָל אַף 7,000, אַן אַנדערער, סועסאָן, הויבט אויף זייער צאָל ביז 30,000. אַלנפאַלס האָט אָט דער מאָרד אַרויסגערופן אַ שטורם אפילו אין רוים גופא. מען האָט זיך געשראָקן, אַז אַזאַ אָפענער פאַרראַט וועט רוים טאָן מער שאָדן ווי נוצן. מען וועט איר מער אין ערגעץ ניט טרויען און עס וועט אויך קומען צו נקמה אָקטן. דער אַלטער קאַטאָ, וואָס האָט געפירט די העצע קעגן קאַרטאַגאָ איז אַן אַלטער און שוואַכער געקומען אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג אָנקלאָגן דעם פּרעטאָר גאַלבאָ, וועמעס טאַט ער האָט באַטראַכט פאַר אַ פּאָליטיש שעדלעכן. נאָר רוים איז געווען זייער מילד צו די, וואָס זיינען באַגאַנגען פאַרברעכנס אין נאָמען פון פּאַטריאָטיזם און דערמיט פאַרגרעסערט איר אימפּעריע. עס איז דערפאַר גענוג געווען, אַז גאַלבאָ, איינער פון די גלענצנדיקסטע רעדנער פון זיין צייט, זאָל זיך פאַנאַנדערוויינען און מען זאָל אים מוחל זיין. באַלד איז אויך אין רוים אַליץ פאַרגעסן געוואָרן און גאַלבא איז געבליבן דער גרויסער גביר און מיוחס און פאַרנומען די העכסטע שטעלעס.

נאָר די לוסיטאַניער האָבן ניט געקאָנט פאַרגעסן די מוראַדיקע שחיטה אַף זייערע פּאַטערס, ברידער און זין. עס איז אויך געווען איינער, וואָס האָט זיי דערמאָנט צו געדיינקען די שחיטה און אויפצונעמען דעם פרייהייט־קאַמף פון די דערמאָרדעטע דורך פאַרראַט. אָט דער מאַן איז געווען דער פּאַסטוך און יעגער וויריאַטהוס.

וויריאַטהוס איז געווען צוערשט אַ פּאַסטוך. נאָר שפּעטער האָט אים זיין פרייהייטס־גייסט פאַרטראָגן אַף די בערג, וואו ער האָט געלעבט אַלס יעגער. מוטיק, קרעפטיק, אַ שמשון הגבור, האָט ער זיך באַטייליקט אין קאַמף קעגן רוים און עס האָט אים אויך געלונגען זיך צו ראַטעווען פון גאַלבאַ׳ס שחיטה. ער האָט אָנגעוויזן דעם רעשט פון די לוסיטאַניער אַף וואָס רוים איז פייאיק און זיי דערמונטערט צום קאַמף. ער איז געוואָרן זייער

קריגס־פירער און עס האָט אים אויך געלונגען אויפצוהויבן די שכנישע שבטים קעגן רוים.

אַכט יאָר, אָדער צוואַנציק, לויט אַנדערע היסטאָריקער, האָט וויריאַטהוס באַזיגט איין רוימישע אַרמיי נאָך דער אַנדערער. ער איז געווען אויסגעצייכנט אין דעם קאַמף אַרום די בערג. ער פלעגט קיינמאָל ניט געבן די רוימער קיין געלעגנהייט אים צו באַפאַלן און איבערוועגן מיט זייער גרויסער צאָל. ער האָט זיי אַלעמאָל באַגעגנט דאָ וואו זיי האָבן ניט דערוואַרט. ער פלעגט זיי דורך זיין סטראַטעגיע פאַרפירן אין טאָלן צווישן באַוואַלדיקטע בערג און פעלזן און פון די געדיכטע בוימער אַף זיי צילן און זיי אויסשלאַכטן ווי הילפלאָזע חיות. עס איז אים אַפילו געלונגען צו פאַרניכטן גאַנצע רוימישע אַרמייען צוזאַמען מיט זייערע קאָמאַנדירן. ער האָט, אַזוי ווי שפעטער, די מאַקאַבייער קעגן די סיריער, געזיגט מיט הונדערטער קעגן טויזנטער.

צולעצט האָט רוים געשיקט קעגן אים אַן אַרמיי פון 50,000 סאָלדאַטן מיט מאַסן פערד און אַפילו עלעפאַנטן. נאָר אויך אָט די ריזיקע אַרמיי אונטער דער קאָמאַנדע פון עמעליוס, דער זון פון דעם זיגער איבער מאַצעדאָניע, האָט ניט געקאָנט ביישטיין קעגן דער סטיכישער קראַפט פון דעם לוסיטאַניער פאַסטוך קעגן וועמעס סטראַטעגיע רוים איז געווען מאַכטלאָז.

דער פאַסטוך־גענעראַל האָט אָפּגעהיט אַ צייט, ווען דער רוימישער קאָמאַנדיר האָט באַלאַגערט אַ שטאָט. ער איז אים באַפאַלן אין זיינע שוואַכסטע „פליגלען" און אים אַריינגעטריבן צווישן די פעלזן, וואו די רוימישע אַרמיי איז געווען הילפלאָז צוזאַמען מיט אירע פערד און עלעפאַנטן. נאָר ווי טיכטיק וויריאַטהוס איז געווען אין קריג, איז ער אַלץ געבליבן דער נאַאיווער פּראָלעטאַריער. ער האָט שוין פאַרגעסן אָן דעם פאַרראַט פון די רוימער האַרן און געווען געגרייט מיט זיי שליסן פרידן ווען זיי זיינען געווען אין זיינע הענט.

נאָר זיין איידלמוט האָט אים געקאָסט זיין לעבן און די לוסיטאַניער פויערים און פאַסטוכער זייער פרייהייט.

רוים האָט גערן אָנגענומען די פרידנס־באַדינגונגען פון העלדישן פאַסטוך און געשלאָסן מיט אים אַן אָפּמאַך, אַז לוסיטאַניע איז רוים'ס אַ פאַרבינדעטע, אַ גלייכע מאַכט מיט וועלכער רוים זוכט צו לעבן אין שלום. נאָר הינטער זיינע פּלייצעס האָט רוים אָרגאַניזירט אַ נייע אַרמיי און אים באַפאַלן ווען ער האָט געגלויבט, אַז די צייט פון מלחמה איז שוין לאַנג פאַראיבער. דער נאַאיווער פּראָלעטאַריער האָט געשיקט צום רוימישן לאַגער דריי שלוחים נאָך אַ דערקלערונג. ער האָט ניט געקאָנט גלויבן, אַז עס זיינען דאָ מענטשן,

וואָס זיינען ערגער ווי ווילדע חיות און ווייסן ניט וואָס הייסט דאַנקבאַרקייט, צוטרוי, א. אַ. וו. דער ענטפּער פון רוימישן קאָמאַנדיר איז געווען אַ גרויסע סומע כּאַבאַר צו די שלוחים, זיי זאָלן דערמאָרדן זייער פירער. זיי האָבן עס געטאָן. און ווידער האָט רוים אַריינגענאַרט די לוסיטאַניער פּויערים און פּאַסטוכער. דער רוימישער קאָמאַנדיר האָט אפילו ניט באַצאָלט די מערדער פאַר זייער מיאוסער אַרבעט. פּאַרקערט, ער האָט, אַזוי ווי שפּעטער פּילאַטוס אין ירושלים, אָפּגעוואַשן זיינע הענט און זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אַ פּריינט און פאַרערער פון גרויסן קעמפער. די היפּאָקריטישע רוימער האָבן לכבוד דעם דערמאָרדעטן וויריאַטהוס ,אַראַנזשירט אַ גרויסן פּאַראַד, אַ צירקוס מיט גלאַדיאַטאָרן און פאַרגאָסן דערביי טייכן בלוט פון זיינע פּראָלעטאַרישע ברידער און שוועסטער, וועלכע זיי האָבן פאַראורטיילט צום טויט פאַר זייער קאַמף קעגן דער מאַסן־שקלאַפעריי אין די מינען פון שפּאַניע.

וויריאַטהוס איז געווען טויט. דער פרייהייט־קאַמף פון די לוסיטאַניער דעמאָראַליזירט. די געוועזענע פרייע פּויערים און פּאַסטוכער זיינען געוואָרן קאָנטראַקט־שקלאַפּן אין די שפּאַנישע זילבער מינען. נאָר דער גייסט פון פרייהייט איז ניט געווען טויט. ער האָט דערוואַכט מיט מער אימפּעט אין שכנות פון רוים, אין דרום־איטאַליע.

## „בירגער פון דער זון"

פּערגאַמאָן, אָדער פּערגאַמאָס, אין צפון־זייט פון סמירנא, איז געווען איינע פון די ציוויליזירטסטע גריכישע מלוכות אין קליין־אַזיע. שוין אין פינפטן יאָרהונדערט פ. ק. איז זי געווען אַ מיטלפּונקט פון מסחר און אינדוסטריע. אירע פּויערים, בעלי־מלאכות און אַרבעטער זיינען געווען אָרגאַניזירט אין עראַנאָסן, אין פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און קאָאָפּעראַטיוון. זי האָט זיך אויך אויסגעצייכנט אַפן געביט פון קונסט, און די רעשטן פון איר אַרכיטעקטור און סקולפּטור ציילן זיך צווישן די באַדייטנדע קונסטווערק פון דער אַלטער וועלט.

רוים האָט געשטיצט די הערשער פון פּערגאַמאָן קעגן זייערע שטאַרקערע שכנים. אַ דאַנק דעם האָט רוים געקראָגן אַן איינפלוס אין קליין־אַזיע. נאָר גלייכצייטיק האָבן די רוימישע פאָרשטייער אין פּערגאַמאָן אויסגענוצט יעדן מיטל צו פאַרוואַנדלען דאָס שיין לאַנד אין אַ רוימישער קאָלאָניע, אָדער פּראָווינץ, ווי דאָס האָט דעמאָלט געהייסן. אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט די רוימער נאָך דעם טויט פון קעניג איימאַן. לויטן געזעץ האָט געדאַרפט ווערן קעניג איימאַנ׳ס עלטערער זון אַריסטאָניק, נאָר דער לעצטער איז

געווען דער זון פון א מאַמען פון פראָסטן פאָלק, די טאָכטער פון א מוזיקער. דער קעניגלעכער הויף האָט דערפאַר, קענטיק מיט רוימישער הילף, באַשטימט פאַר א קעניג איימאַנ׳ס פלימעניק, דעם גרויזאַמען אטאַל.

אטאַל האָט געוואוסט, אז דאָס פראָסטע פאָלק סימפאַטיזירט מיט אַריסטאָניקן, וועלכן זיי באַטראַכטן פאַר א זייעריקן. אטאַל האָט זיך דער־פאַר כסדר געשראָקן פאַר א פאַרשווערונג און טעראָריזירט די ברייטע מאַסן פון פערגאַמאָן. נאָך א פינף יעריקער בלוטיקער הערשאַפט (פון 138 ביז 133 פ. ק.) האָט אטאַל, האַלב משוגע פאַר אייפערזוכט און שרעק, צוזאַמענ־געבראָכן. דאָך האָבן די רוימער באַוויזן אַרויסצוקריגן פון דעם האַלב־משוגענעם גוסס א צוואה, אז ער מאַכט רוים פאַרן יורש פון פערגאַמאָן און אַלע קעניגלעכע אוצרות.

א פחד איז געפאַלן אף אַלע ברייטע מאַסן פון פערגאַמאָן. זיי האָבן גוט געוואוסט וואָס זיי דערוואַרט אונטער רוימישער קאָלאָניאַלער הערשאַפט. די אכזריותדיקע אויספּלינדערונג פון אַלע רייכטימער פון לאַנד, און די דעגראַדירונג פון די פרייע בירגער צו בעטלער און קנעכט. די שקלאַפן האָבן אויסגענוצט די צעררודערטקייט אין לאַנד און אַרויסגעטראָטן אין קאַמף קעגן זייערע הארן. קענטיק, אז זיי האָבן אין דעם געהאַט די שטיצע פון א גרויסן טייל פרייע אַרבעטער, קליין־פּויערים, קליין־סוחרים און בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן זיך ביים נאָמען „רוים" געפילט ווי ערב־שקלאַפן און סימ־פאַטיזירט מיט די אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע. בפרט אַז די פּראָלע־טאַרישע מאַסן, וואָס זיינען געווען אָרגאַניזירט אין די עראַנאָסן, זיינען אַלעמאָל געווען די באַשיצער פון די שקלאַפן.

די נייעס, אז אין סיציליע איז געוואָרן געגרינדעט א שקלאַפן־מלוכה אונטער דעם שוץ פון דער געטין פון פרוכטבאַרקייט און דעם גאָט פון דער זון, האָט שטאַרק דערמוטיקט די שקלאַפן פון פערגאַמאָן. אויך זיי האָבן דערוואַרט זייער דערלייזונג פון זון־גאָט און זיין פרוי, די פרוכטבאַרקייט־געטין. עס האָט זיי בלויז געפעלט א משיח, וואָס זאָל ווערן זייער מלך. אויך דאָס האָט זיך באַלד געפונען אין דער פּערזאָן פון דעם קרוין־פּרינץ אַריסטאָניק.

אַריסטאָניק איז אַרויסגעטראָטן מיט דער דערקלערונג, אז ער איז דער געזעצלעכער קעניג פון פערגאַמאָן, און אטאַל האָט ניט געהאַט קיין שום רעכט אָוועקצושײנקען רוים זיין מלוכה און זיינע רייכטימער. גלייכצייטיק האָט ער זיך דערקלערט פאַר די זיך־באַפרייטע שקלאַפן, זיי צוגעזאָגט אַ ערן־פּלאַץ אין זיין אַרמיי און די אויפשטעלונג פון דער מלוכה, צו וועלכער זיי שטרעבן. מעגלעך, אז אונטערן איינפלוס פון דעם רעוואָלוציאָנערן

געלערנטן בלאָסי, דער לערער און חבר פון טיבער גראַקך, האָט אַריסטאָניק באמת געפּלאַנט צו פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל פון די שקלאַפן און די פרייע פּראָלעטאַריער פון פערגאַמאָן. אַלנפאַלס האָט ער אויפגעשריבן אַף זיין פאָן זייער אידעאַל: „העליאָ פּאָליטאַאי“ — בירגער פון דער זון — אַ פרייע מלוכה, די „זון צווישן די פעלקער“, אַן „עם סגולה“, וואָס באַשטייט פון גלייכע קינדער פון דער געטלעכער טאַטע־מאַמע — זון און פרוכט־באַרקייט.

די „בירגער פון דער זון“, ווי די פּראָלעטאַרישע קעמפער האָבן זיך אָנגערופן, האָבן געהאָלפן אַריסטאָניקן איינגעמען יענע שטעט, וואָס האָבן מחמת מורא פאַר רוים, אָדער מחמת סימפּאַטיע מיט די שקלאַפן־האַלטער און אונטערדריקער, ניט געוואָלט וויסן פון דער געפּלאַנטער מלוכה פון דער זון. נאָר אײדער די „העליאָ פּאָליטאַאי“ האָבן געהאַט צייט צו אָרגאַניזירן זייער „העליאָפּאָליס“, די מלוכה פון דער זון, זיינען אָנגעקומען די רוימישע לעגיאָנען און עס האָט זיך אָנגעהויבן די בלוטיקע מלחמה, וואָס האָט געדאַרפט אַנטשיידן דעם גורל פון פערגאַמאָן — צו פרייהייט אָדער שקלאַפעריי.

באַלד ווי רוים איז געוואָרן פאַרטיק מיט אונטערדריקן די שקלאַפן־רעוואָלוציע אין סיציליע, האָט זי אויסגעריכט אַן אַרמיי אויסצוראָטן די זון־בירגער פון פערגאַמאָן. דער בירגער־קריג אין רוים האָט ווידער אָנגענומען קאָנסטיטוציאָנעלע פאָרמען. פאַרן טריבון איז געוואָרן געוויילט דער גראַקך־כיסט קאַרבאָ, וועלכער האָט באַלד דורכגעפירט אַ געזעץ, אַז אַ טריבון מעג געוויילט ווערן איינמאָל נאָכן צווייטן. באַלד האָט אויך געמוזט פאַרלאָזן איטאַליע דער פירער פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע, קאָנסול נאַסיקאַ, וואָס איז געווען דירעקט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער דערמאָרדונג פון פאָלקס־טריבון טיבער גראַקך. אַף נאַסיקאַ׳ס פּלאַץ איז געוואָרן דערוויילט טיבער גראַקכ׳ס פריינט, קראַסי, וועמעס טאָכטער, ליציניאַ, איז געווען די פרוי פון טיבער׳ס אינגערן ברודער גאַיוס. לויטן רוימישן מנהג האָט דער קאָנסול קראַסי ניט געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס לאַנד. מען האָט דערפאַר פאָרגעשלאָגן פאַרן הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי קעגן פערגאַמאָן, דעם באַרימטן העלד סקיפּיאָ אַפריקאַנוס דער אינגערער (אַן אַראָפּטירטער זון פון סקיפּיאָ אַפריקאַנוס דער עלטערער, — דער זיידע פון די גראַקכס). נאָר כאָטש סקיפּיאָ איז געווען אַ שוואָגער פון די גראַקכס (זיין פרוי איז געווען זייער שוועסטער), האָבן די מאַסן געהאַט אַף אים אַ האַרץ פאַר זיין קעגנערשאַפט צו טיבער גראַקכ׳ס רעפאָרמען. זיי האָבן דערפאַר באַשטימט, אַז ליבער זאָל מען ברעכן אַ מנהג און שיקן אין פערגאַמאָן דעם קאָנסול קראַסי, אַבי סקיפּיא זאָל ניט ווערן הויפּט־קאָמאַנדיר. קראַסי האָט אויך געהאַט די

מעלה וואָס ער האָט געקאָנט גרינטלעך גריכיש און גערעדט אַלע אירע אַזיאַטישע דיאַלעקטן, ווייל רוים האָט זיך באַנוצט קעגן אירע קעגנער סאַי מיטן שווערד און סאַי מיט דיפּלאָמאַטישע אינטריגעס. די רייכע לייט זיינען אויך געווען צופרידן פּטור צו ווערן אין לאַנד פון אַ קאָנסול, וואָס איז גראַקכ׳ס אַ נאָענטער פריינט און אַן אָנהייגער פון זיינע סאָציאַלע רעפאָר־מען. מען האָט אים אויך ניט געגעבן געווג מיליטער און וואַפן, ער זאָל קענען אָפּהאַלטן אַ לייכטן זיג און זיך באַלד צוריקקערן מיט טריאומף קיין רוים.

ווי אַלע בירגערלעכע ליבעראַלן איז קראַסי געווען מער פּאַטריאָט, ווי הומאַניסט. ער האָט בכלל ניט געטראַכט וועגן דעם, אַז די פּראָלעטאַרישע מאַסן פון פּערגאַמאָן זיינען פון זעלבן מין ליידנדיקע מענטשן, מיט וועלכע ער סימפּאַטיזירט אין אייגענעם לאַנד. פאַרקערט, ער האָט אָפּגעהאַלטן קאָנפערענצן מיט די קעניגן פון די אַרומיקע לענדער, זיי זאָלן העלפן אונטער־דריקן די „קראַמאָלע" אין פּערגאַמאָן, וואָס קאָן ווערן געפערלעך אויך פאַר זייער הערשנדיקן קלאַס. נאָר אַריסטאָניק איז ניט געזעסן ליידיק. אַ חוץ זיינע באַגייסטערטע „בירגער פון דער זון" האָט ער אויך געדונגען פּראָ־פעסיאָנעלע סאָלדאַטן פון טראַקיע.

די מלחמה האָט זיך פאַרצויגן ביז עס האָט זיך געענדיקט קראַסי׳ס טערמין אַלס קאָנסול און ער האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן אָפּצופאָרן צוריק נאָך רוים. איז אים אַריסטאָניק פּלוצלונג באַפאַלן, צעקלאַפּט זיין אַרמיי און אים גענומען געפאַנגען. האָט קראַסי באַשלאָסן ליבער שטאַרבן איידער פירן דאָס לעבן פון אַ שקלאַף. ער האָט מיטן גאַנצן כח אַ שמיץ געטאָן זיין רייט־בייטש אין אויג פון זיין וועכטער, אַ טראַקישער סאָלדאַט. יענער איז אַרויס פון געדולד פאַר יסורים און אים תיכף דערשטאָכן. קראַסי׳ס קאָפּ איז געוואָרן אָפּגעשיקט צו אַריסטאָניקן און זיין קערפּער באַגראָבן אין סמירנא.

דערווייל איז אין רוים געוואָרן דערוויילט אַ נייער קאָנסול, מאַרק פּאַפּערנא. ער האָט געקראָגן אַ גרויסע גוט־באַוואָפנטע אַרמיי צו קאָנען באַזיגן אַריסטאָניקן מיט איין קלאַפּ. דאָס איז אים אויך געלונגען. ער איז פּלוצלונג באַפאַלן אַריסטאָניקן, ווען יענער האָט זיך ניט געריכט, סוף פעב־רואַר אָדער אָנהויב מערץ, 130 פ. ק. און אים גענומען אין פּלען צוזאַמען מיט זיין גאַנצן גענעראַל־שטאַב. די רוימער האָבן באַלד אָנגעהויבן „באַ־רואיקן" דאָס לאַנד, אַפן זעלבן שטייגער ווי אין סיציליע. אַ גאַנצן זומער האָט געדויערט די שחיטה אף די פּראָלעטאַריער פון פּערגאַמאָן, באַזונדערס אף די שקלאַפן, און דאָס גאַנצע לאַנד איז געווען פול מיט געקרייציקטע מאַרטירער. ערשט אין הערבסט האָט זיך פּאַפּערנא גענומען איילן אַהיים

כדי אַריינצופאָרן מיט טריאומף אין רוים, מיטן געפאַנגענעם קעניג און די רייכע אוצרות פון פערגאַמאָן. נאָר דערווייל האָבן זיינע שונאים אויס־געפונען, אַז ער איז ניט קיין פולער רוימישער בירגער און האָט זיך געלאָזט דערווייל פאַר קאָנסול אונטער אַ פאַלשער פּרעטענזיע. ער איז אונטער די אויגן פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט, און געמוזט אַנטלויפן אין אַ פרעמדן לאַנד.

נאָר די „בירגער פון דער זון" האָבן דורך פאַפּערנאַ'ס מפּלה גאָרניט געוואונען. זייער קעניג, אַריסטאָניק, איז געוואָרן געבראַכט קיין רוים געשמידט אין קייטן. מען האָט אים פאַרשפּאַרט אין תפיסה און דאָרט דערשטיקט (אין יאָר 129 פ. ק.). זייער טרייער פריינט, דער סטאָיאיקער בלאָסי, האָט זיך אַליין גענומען דאָס לעבן, אויס פאַרצווייפלונג.

אַזוי האָט זיך געענדיקט דער זוניקער חלום פון די פּראָלעטאַריער פון פערגאַמאָן. נאָר די זון האָט ניט אויפגעהערט צו שיינען ווייטער אויף דער ערד. זי האָט באַלד אויפגעוועקט נייע האָפענונגען און אויפגעשטעלט נייע אַרמייען אין קאַמף קעגן קנעכטשאַפט און אונטערדריקונג.

# שקלאַפן-אויפשטאַנדן, זייערע העלדן און מאַרטירער

די גרויסע דעראָבערונגען פון רוים האָבן פאַרפלייצט איטאַליע מיט ביליקע שקלאַפן. אין דער מלחמה קעגן מאַקעדאָניע (אין יאָר 169 פ. ק.) האָט רוים אין איין טאָג חרוב געמאַכט 70 שטעט אין עפּירוס, פון וועלכער זי האָט פריער אַרויסגעריסן אַרום צען מיליאָן דאָלאַר אין צינזן, און פאַר־קויפט 150,000 איינוואוינער פאַר שקלאַפן.

אינמיטן פון צווייטן יאָרהונדערט (פאַר קריסטוס) זיינען געווען אין איטאַליע אַרום 14,000,000 שקלאַפן, צוזאַמענגעשלעפּט פון פאַרשידענע פעלקער, און בלויז אַרום 2,000 רייכע רוימישע פאַמיליעס. דאָך זיינען אָט די שקלאַפן ניט געווען אימשטאַנד זיך צו באַפרייען. זיי זיינען ניט געווען אָרגאַניזירט. זיי האָבן אויך צווישן זיך געהאַט אַ מערהייט פון אומוויסנ־דיקע, אומציוויליזירטע מענטשן, וואָס זיינען געוואָרן פאַרברוטאַליזירט און פאַרגרעבט דורך דער גרויזאַמער באַהאַנדלונג, דורך אַרבעטן אין קייטן, אונטער די שמיץ פון בייטשן. זיי זיינען געהאַלטן געוואָרן ערגער ווי פערד און אייזלען, ווייל זיי האָבן געקאָסט אַ סך ביליקער. פאַר איין רייט־פערד האָט מען געקאָנט קויפן מער ווי אַ צענדליק קרעפטיקע שקלאַפן. די שקלאַפן זיינען געווען פול מיט נקמה־געפילן. זיי האָבן ניט געהאַט קיין האָפענונג זיך צו באַפרייען, סיידן צעלויפן אין די בערג און וועלדער און ווערן רויבער און באַנדיטן אָדער אַריבערגיין די גרענעץ, אין לאַנד פון רוימ׳ס אַ שונא. דאָך זיינען זיי תמיד געווען גרייט זיך צו זאַמלען אַרום אַ פירער וואָס זאָל זיי פירן אין קאַמף קעגן זייערע הארן. נאָר ניט געקוקט אויף זייער מסירת נפש האָבן זיי ניט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַזיגן די גוט־אָרגאַניזירטע מעכטיקע רוימישע אימפּעריע.

אָט די ביליקע שקלאַפן זיינען ניט געוואָרן געהאַלטן אַלס אָנגעהעריקע צו דער שטוב, ווי אין די אַמאָליקע יאָרן. די מערסטע פון זיי האָבן אפילו ניט געקאָנט זייער האַר. זיי זיינען געווען בלויז אַ מיטל צו מאַכן פּראָפיטן און צוליב זייער ביליקייט האָט מען זיי עקספּלואַטירט גאָר אָן שום איינ־זעעניש אויף זייער געזונט און לעבן. מען האָט זיי באַשעפטיקט מאַסנווייז אין שטיינהאַקערייען פון מאַרמאָר און אַנדערע קאָסטבאַרע שטיינער, און אין מינען פון גאָלד, זילבער, קופּער, אייזן, שוועבל, א. אַ. וו. מען האָט זיי באַטראַכט פאַר „ריידנדיקע געצייג" (אינסטרומענטן וואָקאַלע) און זיי געשטעלט אין איין ריי מיט די בהמות, די „אינסטרומענטן סעמי וואָקאַלע" (די געצייג וואָס האָבן שטימען, נאָר קאָנען ניט ריידן) און מיט די „שטומע

געצייג" די „אינסטרומענטום מוטואום". זיי האָבן געלעבט אין גרויסע שטאַלן, נאָר געזאָרגט האָט מען פאַר זיי ווייניקער ווי פאַר בהמות, ווייל זיי האָבן געקאָסט ביליקער. סטרייקן איז ניט געווען דערלויבט. און האָט אַ שקלאַף זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן האָט מען אים דערשלאָגן צום טויט.

נאָך ערגער איז געווען די לאַגע פון יענע שקלאַפן וואָס זיינען געווען פאַרדונגען צו קאָנטראַקטאָרס, אין מינען, ביי בוי־אַרבעט, א. אַ. וו. דער קאָנטראַקטאָר, וואָס האָט זיי אָפּגעדונגען אויף אַ געוויסן טערמין ביי זייער אייגנטימער, האָט געזוכט אַרויסצוקריגן פון זיי וואָס מער פּראָפיט. פלעגט ער פון זיי אַרויסזאָגן די נשמה, ניט געבן קיין מעגלעכקייט זיך אָפּצורוען, צו דערפרישן.

דער פאַרצייטיקער היסטאָריקער דיאָדאָר, וואָס האָט געלעבט אין מיטן פון ערשטן יאָרהונדערט פ. ק. שילדערט די לאַגע פון די שקלאַפן אין די זילבער מינען פון שפּאַניע, וואָס האָט געהערט צו רוים, מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

> „ווען די רוימער זיינען געוואָרן די האַרן פון איבעריע (שפּאַניע), האָבן זיך געפונען ביי די מינען אַ סך איטאַליקער, וואָס האָבן דורך זייער געלט־גיריקייט אָנגעקליבן גרויסע רייכטימער. זיי פלעגן קויפן אַ מאַסע שקלאַפן און זיי איבערגעבן די אויפזעער איבער די מינען.
>
> „יענע שקלאַפן, וואָס אַרבעטן אין די מינען, ברענגען אַריין זייערע האַרן אומגלויבלעכע הכנסות. נאָר זיי אַליין, וואָס אַרבעטן אונטער דער ערד, שטרייכגען אָן טאָג און נאַכט זייערע קערפּערס אין די גריבער, שטאַרבן אויס פון איבעראַרבעטן זיך. ווייל זיי האָבן קיין אָפּרו און קיין דערפרישונג, נאָר ווערן כסדר געצוואונגען דורך די קלעפּ פון זייערע אויפזעער אַריבערצוטראָגן די גרעסטע יסורים און זיך איבעראַרבעטן צום טויט. איניקע, די וואָס האָבן אַ סך כח און געדולד עס אויסצוהאַלטן, פאַרלייגערן בלויז דורכדעם זייער עלנט, וואָס מאַכט זיי ווינטשנסווערטער דעם טויט ווי דאָס לעבן."

די גרויזאַמע רוימישע באַהאַנדלונג פון די שקלאַפן האָט דעם לאַנד געבראַכט מער שאָדן ווי נוצן. די אַרבעט אין די מינען און שטיינהאַקערייען האָט זיך טאַקע פאַרגרעסערט, נאָר די פּראָדוקטיוויטעט פון דער גאַנצער באַפעלקערונג האָט זיך פאַרקלענערט. אַט די פאַרקלענערונג פון דער פּראָדוקציע איז פאָרגעקומען אויף צוויי אופנים. ערשטנס, דורכדעם וואָס די שקלאַפן האָבן אַ סך ווייניקער פּראָדוצירט ווי פרייע אַרבעטער.

(קאַרל מאַרקס ברענגט אין „קאַפּיטאַל" אַ סך פאַקטן, וואָס באַווייזן אַז שקלאַפן קאָנען ניט פּראָדוצירן אַזוי פיל ווי אַ פרייער אַרבעטער. די שקלאַפן־אַרבעט לאָזט אויך ניט אַנטוויקלען קיין טעכניק. דער שקלאַף האָט

דעם באַלעבאָס, נעמט ער נקמה פון די בהמות און געצייג. גיט מען אים אין האַנט אַזוינע פּרימיטיווע און אומגעלומפּערטע געצייג מיט וועלכע מען קאָן איבערהויפּט ניט שאַפן קיין סך.)

צווייטנס, לאָזט ניט די שקלאַפן־אַרבעט עס זאָל זיך אַנטוויקלען אַ פרייער אַרבעטער־שטאַנד. אמת, דער שקלאַף אַרבעט ערגער, נאָר דערפאַר קאָסט ער כמעט גאָרניט. צוליבן זעלבן מאָטיוו צעשטערט די שקלאַפן־אַרבעט אויך דעם פרייען פּויערים־שטאַנד. דער פּריץ, וואָס איז דאָס רוב אַ פּראָצענטניק, נעמט אַוועק דאָס פּויערים־לאַנד און קאָנצענטרירט אין זיינע הענט גרויסע לענדערייען, וואָס ער באַאַרבעט דורך שקלאַפן.

דאָס רוב קלייבט זיך אַריבער דער רוימישער פּויער אין שטאָט, וואו ער דערוואַרט צו לעבן פון זיין בירגערשאַפט, ווייל דער רוימישער בירגער האָט געדאַרפט שטימען אין דער פאָלקס־פאַרזאַמלונג בלויז דירעקט און ניט דורך געוויילטע פאַרטרעטער ווי עס פירט זיך אין די איצטיקע פאַרלאַמענטן. די איינוואוינער פון רוים האָבן דערפאַר געשפּילט אַ גרויסע ראָל, זינט עס האָט אויפגעהערט דער קאַמף צווישן פּאַטריציער און פּלעבעיער, און אַלע האָבן גע־האַלטן גלייכע רעכט, אַפן פּאַפּיר. עס פאַרשטייט זיך, אַז די רעגירונג איז גע־לעגן אין די הענט פון די רייכע. דער סענאַט איז באַשטאַנען פון רייכע לייט, אָן אונטערשייד צי זיי האָבן געשטאַמט פון פּאַטריציער אָדער פּלעבעיער. נאָר אָט די רייכע לייט האָבן צווישן זיך קאָנקורירט ווער עס זאָל הערשן. איבער־הויפּט איז אָנגעגאַנגען אַ קאָנקורענץ איבער די עמטער פון קאָנסול, פּרעטאָר, א. ד. גל. וואָס פלעגן דאָס צווייטע יאָר פון זייער אַמט פאַרברייינגען אין אויסלאַנד אַלס הויפּט־קאָמאַנדירן אָדער גענעראַל־גובערנאַטאָרן איבער די דעראָבערטע פּראָווינצן. אָט די שטעלעס זיינען געווען גאָלד־גרובן. פון די אויסלענדישע פּראָווינצן האָט מען געקאָנט אַרויסרייסן אַלץ וואָס דאָרט איז געשאַפן געוואָרן אין פאַרלויף פון הונדערטער, אויב ניט טויזנטער יאָרן פון פלייסיקער אַרבעט. עס האָט געלוינט דערפאַר צו געבן גרויסע סומען דירעקטן און אומדירעקטן כאַבאַר צו די בירגער זיי זאָלן אים דערוויילן. די אָרעמע בירגער פון רוים האָבן דעריבער געפירט אַ שנאָרער לעבן. זיי האָבן געלעבט אַפן חשבון פון די רייכע (און אומדירעקט אַפן חשבון פון די שקלאַפן און די אויסלענדישע פּראָווינצן). דער רוימישער פּויער וואָס האָט פאַרלאָרן זיין שטיק לאַנד איז אַריבער קיין רוים, וואו ער האָט געפירט אַ שנאָרער־לעבן ווי די איבעריקע לומפּן־פּראָלעטאַרישע רוימער.

נאָר דער פּויער אָדער העלדישער רוימישער לעגיאָנער, וואָס האָט צוריקקומענדיק פון דער זיגרייכער מלחמה פאַרלאָרן זיין לאַנדווירטשאַפט־לעכע באַלעבאַטישקייט און ניט געוואָלט פירן קיין שנאָרער־לעבן, ווי

הונדערטער טויזנטער ליידיקגייער פֿון רוים, האָט צוערשט געזוכט צו ווערן אַ לוין־אַרבעטער. נאָר זעלטן האָט זיך עמיץ גענויטיקט אין באַצאָלטער פֿרייער אַרבעט, ווייל אַלץ האָבן געטאָן די שקלאַפֿן. איז ער געוואָרן אַ רויבער, אַ באַנדיט, אַזוי ווי מאַסן פּאַראָרעמטע פּויערים און לאַנד־אַרבעטער. וואָס זיינען ניט געווען קיין בירגער פֿון רוים. האָט מען אים געכאַפּט איז זיין גורל ניט געווען בעסער ווי די שקלאַפֿן ביי קאָנטראַקט אַרבעט.

אַביסל לייכטער, ווי די שקלאַפֿן אין שטיינהאַקערייען און מינען איז געווען די לאַגע פֿון די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע שקלאַפֿן. אויך זיי האָבן גע־אַרבעט אין מאַסן אונטער דער בייטש פֿון אויפֿזעער און געלעבט ערגער ווי בהמות. נאָר ווי שווער עס איז געווען די פֿעלד־אַרבעט האָט זי דאָך געהאַט מאָמענטן פֿון אָפּרו. אמת, ליידיק האָט מען ניט געלאָזט די שקלאַפֿן זיצן אויך אין ווינטער. זיי האָבן געדאַרפֿט אויסאַרבעטן פֿון האָלץ וואָגנס, רעדער, אַקערס, בראָנעס, א. א. וו. גאַרבן פֿעלן, מאַכן טעפּ, שפּינען, וועבן, א. א. וו., ניט נאָר פֿאַר דעם געברויך פֿון דעם גרויסן מאַיאָנטעק, אַף וועלכן זיי האָבן געאַרבעט, נאָר אויך פֿאַרן אויסוואַרטיקן מאַרק. קיין הוצאות האָבן זיי דעם איינגנטימער ניט געקאָסט. זיי פֿלעגן שוין אַפֿן לאַנד ווי עס איז זיך שפּייזן און קליידן.

בעסער פֿון זיי איז געווען דעם שטאָטישן שקלאַף, וואָס האָט געדינט אין הויז פֿון האַר. צוליב דער ביליקייט פֿון שקלאַף אין רוים, האָט אַ רייכער מאַן זיך געקאָנט דערלויבן דעם לוקסוס אָנצוהאַלטן גאַנצע מחנות שקלאַפֿן. די רוימישע האַרן פֿלעגן ניט אַריינלייגן זייערע פּראָפֿיטן אין ווייטערע אונטערנעמונגען, ווי די היינטיקע קאַפּיטאַליסטן. דאָס פֿעלד פֿון אונטער־נעמונג איז געווען באַשריינקט (פּראָצענט, עמטער, פּאָדריאַדן פֿאַר דער אַרמיי, א. ד. גל.) און אַלץ וואָס איז געווען מעגלעך אַרויסצוציען פֿון זיינע שקלאַפֿן האָט ער סאַי ווי געטאָן. האָט ער זיינע פּראָפֿיטן פֿאַרשווענדט אַף פּאַלאַצן, טעמפּלען, גרויסע סעודות, הוליאַנקעס, וואו מען האָט געפֿרעסן, געזויפֿט און געהולטאַיעוועט נאָך מער ווי אין די געוויסע מיליאָנערסקע קרייזן פֿון אַמעריקע. מען פֿלעגט לאָזן צעגיין קאָסטבאַרע פּערל אין שטאַרקע משקאות און זיי טרינקען. דערביי פֿלעגט מען זיך אויך אויסשטעלן מיט די הונדערטער אָדער טויזנטער שקלאַפֿן וואָס האָבן יעדן באַדינט, באַגלייט אהיים, א. א. וו.

אַזוינע שקלאַפֿן האָבן געהאַט גענוג וואָס צו עסן, זיינען געווען באַקליידט, און אַמאָל פֿלעגן זיי אויך שכורן און הולטאַיעווען צוזאַמען מיט זייערע האַרן. נאָר ווי איז געווען דעם שקלאַף וואָס האָט אַ ווייל פֿאַרגעסן ווער ער איז, אָדער עפּעס געטאָן אַזוינס, וואָס האָט אויפֿגערעגט זיין האַר. גאָר

אָפּט האָט ער דערפאַר באַצאָלט מיט זיין לעבן און געשטאָרבן אַ געוואַלט־זאַמען און גרויזאַמען טויט.

מיט דעם זיג איבער גריכנלאַנד, דרום־איטאַליע, מערב־אַזיע און שפּעטער אויך עגיפּטן, האָט רוים אַריינגעקראָגן מאַסן אינטעליגענטע שקלאַפן, וואָס זיינען געשטאַנען אָן אַ שיעור גייסטיק העכער ווי זייערע הארן. האָבן רייכע לייט זיך איינגעקויפט פאַר שקלאַפן פילאָזאָפן, דאָקטוירים, אַקטיאָרן, מוזיקער, שרייבער, לערער, א. אַ. וו.

די שטאָטישע שקלאַפן האָבן, אַזוי ווי די רוימישע בירגער, ווייניק אָדער גאָרניט פּראָדוצירט און זיי האָבן געלעבט אַפן חשבון פון די פּראָדוצירנדיקע שקלאַפן פון זייערע הארן. אַ סך שטאָטישע שקלאַפן האָבן, אַזוי ווי זייערע הארן, זיך באַשעפטיקט מיט גנבה און רויב, כדי זיך צו קאָנען אויסלייזן. אַנדערע, וואָס האָבן זיך אויסגעלייזט, האָבן שפּעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָל, פאַרנומען הויכע עמטער אין לאַנד און אָנגעזאַמלט אומגעהויערע רייכטימער.

אין רוים גופא האָט זיך דערפאַר צוערשט ניט געפילט אַזוי שטאַרק דער גרויסער עלנט פון לאַנד. די שטאָט האָט זיך ממש געבאָדן אין רייכקייט. מען האָט געהאַלטן אין איין בויען רייכע קינסטלערישע בנינים, פּאַלאַצן און טעמפּלען. קינסטלער זיינען געוואָרן געשטיצט פון מעצענאַטן. די מערסטע אַרבעט איז אַפילו דורכגעפירט געוואָרן פון קאָנטראַקט־שקלאַפן, דאָך האָבן אויך געהאַט וואָס צו טאָן יענע אַרבעטער וואָס זיינען געווען אָרגאַניזירט אין אַ קאָלעגיום (טרייד־יוניאָן) און אַליין גענומען קאָנטראַקטן פון דער רעגירונג. אויך די אָרעמע לומפּן־פּראָלעטאַריער האָבן ניט געליטן קיין נויט. די שיריים, דער אָפּפאַל פון די רייכע, איז געווען גענוג ניט צו לאָזן הונגערן די רוימישע שנאָרער־בירגער. דערצו האָט די מלוכה אָנגעווענדט אַלערליי מיטלען, דורך צירקן, פאַראַדן א. ד. גל. אַרויסצורופן ביים עולם פּאַטריאָטישע באַגייסטערונג איבער די רוימישע טריאומפן און מלחמה, כדי דורכדעם צו פאַרגעסן זייער אייגענע נויט.

נאָר קוים איז מען אַרויס פון שטאָט אין לאַנד האָט מען געמוזט באַמערקן דעם גרויסן חורבן וואָס דאָרט איז אָנגעגאַנגען. די צאָל פרייע פּויערים איז געוואָרן כסדר קלענער און די פרעמדע שקלאַפן, מיט וועלכע דער הערשנדיקער קלאַס האָט פאַרפלייצט דאָס לאַנד זיינען געווען פול מיט שנאה און נקמה געפיל צו רוים. אויפשטאַנדן פון אויסגעזויגענע און אונטערדריקטע מאַסן זיינען געוואָרן אָן אָפּטע דערשיינונג און נאָך איידער די רוימישע מאַכט האָט אויסגעלאָשן די פלאַמען פון מרידה אין איין פּלאַץ האָבן זיי זיך שוין פאַנאַנדערגעפלאַקערט אין אַ צווייטן.

# די קריגס-געפאַנגענע העלדן פון קאַרטאַגאָ

די קנעכטשאַפט פון מצרים איז געווען אַ גליקלעכע צייט אין פאַרגלייך מיט דער שקלאַפעריי אין רוים. קיין פרעה האָט ניט אַזוי גרויזאַם באַהאַנדלט זיינע שקלאַפן ווי דאָס האָבן געטאָן די האַרצלאָזע רייכע רוימער.

ביליק איז געווען דער שקלאַף אין רוים, הויפּטזעכלעך זינט מען האָט אים געקראָגן אין מאַסן אַלס קריגס-געפאַנגענעם.

דער קריגס-געפאַנגענער שקלאַף, אָפט אַ סך אינטעליגענטער פון זיין רוימישן האַר, האָט געמוזט טאָן קאַטאָרזשנע אַרבעט, געשמידט אין קייטן. גאַנץ אָדער האַלב נאַקעט, ניט באַשיצט פון רעגן און קעלט, פון זונענשטיך, מאַלאַריע א. אַ. וו. זיין עסן איז געווען קאַרג און פון אַזאַ מין וואָס מען גיט אַ בהמה, אויב ניט נאָך ערגער. און איז דער שקלאַף געוואָרן שוואַך אָדער קראַנק, האָבן זיינע האַרן אים געלאָזט קראַפּירן פון הונגער. אָפט פלעגן די האַרן אַפילו ניט באַגראָבן אָדער פאַרברענען זיין קערפּער, נאָר אים געלאָזן פוילן, אָדער צעפרעסן ווערן פון הינט אָדער רויב-פייגל.

און זינט די שקלאַפן האָבן אָנגעהויבן אַרויסווייזן אומצופרידנהייט, פלעגט מען זיי האַלטן ביינאַכט אין אונטערערדישע היילן, געשמידט אין קייטן, אין פינצטערניש און שמוץ, וואו זיי פלעגן אויספאַלן ווי די פליגן. באַדויערט האָט עס קיינער ניט. ווייל רוים האָט כסדר געזיגט און דער שטראָם פון שקלאַפן האָט ניט אויפגעהערט אַ ווייל צו פליסן אין איר לאַנד.

אַזוי לאַנג ווי דער שקלאַף איז געווען אַ בלוט-אייגענער, דער אינגערער ברודער, וואָס מוז דינען דעם עלטערן, דאָס קינד פון דער ניט-געזעצלעך געהייראַטער מוטער, א. ד. גל. אייגן בלוט און פלייש, איז דער שקלאַף געווען געבונדן מיט גייסטיקע קייטן. די פּריסטער האָבן אים איינגערעדט, אַז ער מוז דינען זיין ברודער, זיין פאָטער א. אַ. וו. אויב ניט וועלן די פאַמיליע-געטער פון אים נעמען ביטערע נקמה. ווייל אַנטלויפן פון שקלאַפעריי, מיינט זיך אָפּרייסן פון פאַמיליע-הייליקטום, פון לאָקאַלן גאָט און נעמען דינען די פרעמדע געטער און פרעמדע הייליקטימער. דער בלוט-אייגענער שקלאַף, וואָס האָט געהערט לויט זיין בלוט צו אַ געוויסער משפחה און געווען פאַרבונדן מיט איר פאַמיליע-גאָט און פאַמיליע-הייליקטום, האָט געהאַט דאָס רעכט צו ברענגען קרבנות צום לאָקאַלן הייליקטום און צו ווערן באַגראָבן לויט די רעליגיעזע צערעמאָניעס. דאָס האָט פאַרן שקלאַף געהאַט אַ באַדייטנדיקע ווערט און ער איז געווען גרייט צו טראָגן דעם יאָך פון קנעכטשאַפט אַבי צו קומען צו קבר-משפחה, צו ווערן באַגראָבן מיט לייטן-גלייך.

נאָר די לאַגע האָט זיך געענדערט מיט דעם אָנקום פון פרעמדע שקלאַפן, וואָס האָבן געדינט צו פרעמדע געטער, פון וועלכע זיי זיינען געוואָרן אָפּ־געריסן. יענע האָבן בלויז געזען די ליידן ביים לעבן און ניט געהאַט קיין שום טרייסט און האָפענונג אַף נאָכן טויט. די ברוטאַליטעט פון די הארן, דאָס זיין מער הפקר ווי בהמות און עופות, האָט אויפגעטרייסלט זייערע נשמות ביזן גרונט און זיי האָבן אָנגעהויבן פלאַנען נקמה־אַקטן. זיי האָבן ניט געהאַלטן די שקלאַפעריי פאַר אַ פון־גאָט־באַשטימטער אינסטיטוציע, ווי עס האָבן געדיינקט די אַלטע בלוט־אייגענע שקלאַפן, און האָבן באַטראַכט די הארן ניט פאַר העכערע מענטשן, נאָר פאַר ערגערע, גרויזאַמערע, וועמען מען מעג, אויב מען קאָן נאָר, אויסראָטן ווי אומריינע שרצים און ווילדע בעסטיעס.

דער ערשטער פאַרצייכנטער פאַרזוך פון אַ בלוטיקער נקמה קעגן די רוימישע הארן, איז געוואָרן געפּלאַנט פון די שקלאַפן אין יאָר 417 פ. ק.

דאָס איז געווען אין דער זעלבער צייט ווען אין גריכנלאַנד האָבן 20,000 מינען־אַרבעטער, קאָנטראַקט־אַרבעטער, אָדער פאַרדונגענע שקלאַפן, אַוועק־געלייגט די אַרבעט און אַריבער אין לאַגער פון שונא, מיט וועמען זייערע באַלעבאַטים זיינען געשטאַנען אין קריג. דער שונא האָט זיי געגעבן בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען און די מעגלעכקייט זיך אויסצולייזן פון שקלאַפעריי. די שקלאַפן אין רוים, וועלכע האָבן געהאַט באַציאונגען מיט זייערע קלאַסן־ברידער אין אויסלאַנד, האָבן קענטיק געוואוסט געניי, וואָס עס קומט פאָר אין אַנדערע לענדער. אַזוינע פאַרבינדונגען און באַציאונגען זיינען אויך אַלע מאָל געווען אָנשטעקנדיק, און די אומוויסנדיקע שקלאַפן אין רוים האָבן באַשלאָסן זיך אָפּצורעכענען מיט זייערע באַרבאַרישע אונטער־דריקער. דער פּלאַן איז געווען אַזאַ ווי עס האָט געפּאַסט פאַרן גייסטיקן צושטאַנד פוןביידע צדדים.

די שקלאַפן האָבן געפּלאַנט אונטערצינדן מיט איין מאָל אַ סך הייזער אין פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט. און ווען די הייזער וועלן האַלטן אין מיטן ברענען און די רוימישע הארן וועלן אַרומלויפן ווי צעמישטע, וועלן זיי, די שקלאַפן, באַפאַלן די וואָפן־סקלאַדן, זיך באַוואָפענען און אויס־שלאַכטן אַלע הארן. זיי וועלן דאַן צעהאַקן די קייטן פון יענע שקלאַפן, וואָס ווערן געהאַלטן אין די געפיינגענישן, און צוזאַמען פאַרענדיקן דעם חורבן פון דער באַרבאַרישער שטאָט. דערנאָך וועלן זיי פאַרנעמען די פעסטונגען אין דעם קאַפּיטאָל וואו זיי וועלן זיך באַזעצן און לעבן ווי הארן. די פרויען און טעכטער פון די רוימישע הארן האָבן די שקלאַפן געפּלאַנט צו לאָזן לעבן און זיי מאַכן פאַר זייערע ווייבער.

באַזונדערס ערנסט פֿאַר די רוימישע האַרן איז די שקלאַפֿן באַוועגונג געוואָרן אונטער דער גלענצנדער פֿירערשאַפֿט פֿון די קאַרטהאַגער קריגס־געפֿאַנגענע. דאָס איז געווען נאָך דעם רוימישן זיג איבער קאַרטהאַגאָ, ווען די סעמיטישע קרעמערשע פּאָליטישנס האָבן פֿאַרראַטן זייער טיכטיקסטן קריגספֿירער האַניבאַל און דערמיט צוגעגרייט זייער אייגענעם אונטערגאַנג. רוים האָט דעמאָלט געהאַט אַ גרויסע צאָל קריגס־געפֿאַנגענע סעמיטישע און אַפֿריקאַנישע העלדן פֿון האַניבאַל׳ס צעשלאָגענער אַרמיי, ווי אויך אַ געוויסע צאָל קאַרטהאַגישע משכנות. אין יענער צייט, אין אָנהויב פֿון צווייטן יאָרהונדערט פּ. ק., איז איטאַליע געווען פֿול מיט רויבער און באַנדיטן, וואָס זיינען באַשטאַנען פֿון פֿאַראָרעמטע פּויערים און אַנטלאָפֿענע שקלאַפֿן.

ניט געקוקט אַף דעם געזעץ, וואָס דער טריבון ליצין האָט דורכגעפֿירט, אַז קיינער טאָר ניט באַזיצן מער ווי 300 אַקער פֿון דאָס „אַגער פּובליקוס" (קהלשע לאַנד), האָבן דאָך די ביסל רייכע צווישן זיך צעטיילט כמעט דאָס גאַנצע לאַנד און די פּויערים, וואָס זיינען געוואָרן באַזיצלאָז האָבן אויך ניט געקאָנט פֿאַרדינען אַלס לאַנד־אַרבעטער, ווייל די צאָלרייכע שקלאַפֿן האָבן געטאָן יעדע אַרבעט און האָבן כמעט גאָרניט געקאָסט. האָבן די אָרעמע הונגעריקע פּויערים זיך גענומען צו רויבעריי. אַלע וועלדער זיינען געווען פֿול מיט אויסגעהונגערטע פּויערים־רויבער, וואָס האָבן געוואַרט אַף אַ געלעגנהייט צו באַפֿאַלן האַנדלס־קאַראַוואַנען און פּריצישע גיטער.

אָט די פּויערים האָבן דערמוטיקט די שקלאַפֿן אַרויסצוטרעטן אין אַ בונט קעגן זייערע האַרן. צו פֿאַרלאָזן די שווערע שקלאַפֿן־אַרבעט און זיך אָנשליסן אָן די פֿרייע רויבער באַנדעס. צולעצט האָבן זיי געקראָגן די שטיצע פֿון די קאַרטהאַגער און פֿון צופֿעליקער רויבעריי איבערגעגאַנגען צו אַ פּלאַנמעסיקער אַטאַקע קעגן דער מאַכט פֿון זייערע רוימישע האַרן.

זייער פּלאַן איז געווען צו באַפֿאַלן די רייכע שטאָט סעטיאַ אין צייט פֿון אירע פֿעסטן, ווען די האַרן־באַפֿעלקערונג איז ניט געווען אַף דער וואַך, אויספֿלינדערן די וואָפֿן־סקלאַדן און אויסשלאַכטן אַלע האַרן. אויב עס געלינגט די האַרן־שחיטה אין סעטיאַ, זאָל מען זיך תיכף נעמען צו אַ צווייטער און אַ דריטער שטאָט, ביז גאַנץ איטאַליע, און אויך די שטאָט רוים אין כּלל, זאָל זיין פֿריי פֿון שקלאַפֿן־האַלטער און פּריצים. די שקלאַפֿן האָבן זיך אַפֿילו פֿאָרגעשטעלט, אַז דערמיט וועלן זיי צעשטערן די שקלאַפֿעריי פֿון דער גאַנצער וועלט און „ווידער ווי אַמאָל" וועלן מענטשן לעבן אין פֿרייהייט און גלייכהייט.

דאָס איז געווען אין יאָר 198 פּ. ק. און אַזוי ווי מיט 200 יאָר פֿריער,

אין 419 פ. ק. האָבן די פּחדנים און מוסרים פאַרראַטן דעם שקלאַפן־אויפשטאַנד.

דער קאָנסערוואַטיווער רוימישער היסטאָריקער ליווי דערציילט, אַז צוויי שקלאַפן האָבן פאַרראַטן זייער קלאַס. זיי זיינען געקומען קיין רוים אין מיטן נאַכט און תּיקף באַגינען עם געלאָזט וויסן דעם רוימישן פּרעטאָר (הערשער) מערולאַ. ער האָט באַלד צונויפגערופן דעם סענאַט, און יענער האָט אים באַפולמעכטיקט אָפּצומאַרשירן אויף יענעם פּלאַץ מיט פינף אָפּטיילונגען סאָלדאַטן. אויף דעם וועג האָט ער געקראָגן פאַרשטאַרקונג און איז פּלוצלונג באַפאַלן די שקלאַפן ביי סעטיאַ מיט 2,000 באַוואָפנטע סאָלדאַטן. די צוויי מוסרים האָבן געקראָגן יעדער אַ פּרייז פון 25,000 מטבעות און זייער פרייהייט. די שקלאַפן־האַלטער האָבן געקראָגן באַצאָלט פאַר יעדן שקלאַף זייערן, וואָס די סאָלדאַטן האָבן דערמאָרדעט.

ווי ליווי דערציילט ווייטער האָט דער אויפשטאַנד פון די שקלאַפן ניט אויפגעהערט מיט דעם פּלוצלונגן איבערפאַל אויף זיי ביי סעטיאַ. זיי האָבן באַלד געמאַכט פאַרזוכן צו באַפאַלן אַנדערע שטעט. ליווי שרייבט אַזוי:

> „אַ פּחד איז געפאַלן אויף דעם לאַנד. עס איז געוואָרן נויטיק אָוועקצונעמען די קאַרטהאַגער משכּנות און קריגס־געפאַנגענע. אין רוים און איבער די שטעט און דערפער זיינען באַשטימט געוואָרן (מיליטערישע) וועכטער און אַ שטאַרקע וואַך איז געשטעלט געוואָרן אַרום דער גרויסער תפיסה און די אונטערערדישע שטיינהאַקערייען, וואו מען האָט די קריגס־געפאַנגענע געשטעלט אַרבעטן. דער פּרעטאָר האָט אַרויסגעלאָזן אַ דעקרעט איבער גאַנץ לאַטיום (איטאַליע), אַז פון איצט אָן און ווייטער זאָלן די קריגס־געפאַנגענע אַרבעטן איינציקווייז און ניט האָבן מער די פּריווילעגיע אויפצוטרעטן אין דער עפנטלעכקייט. די וואָס זיינען ניט קיין קאַרטהאַגער משכּנות זאָלן טראָגן אויף זיך קייטן וואָס זאָלן וועגן ניט ווייניקער פון צען פונט און זאָלן זיין פאַרשפאַרט אין ניט קיין אַנדערן ווי אין קהלשן געפיינגניש."

(דער קהלשער געפיינגעניש, דער קאַרצער לוטומיע, איז געווען אַ פאַר־פעסטעטע הייל 12 פוס אונטער דער ערד. די געפאַנגענע פלעגן קיינמאָל ניט זען די ליכט פון דער זון. זייער עסן פלעגן זיי קריגן אַריינגעוואָרפן דורך אַ לאָך. זייער אַרבעט, אויסהאַקן שטיינער, פלעגן זיי טאָן ביים ליכט פון לעמפּלעך.)

אַזוי האָבן די פרייהייט־ליבנדע קאַרטהאַגער קריגס־העלדן פאַרלאָרן דאָס ביסל מענטשלעכע באַהאַנדלונג, וואָס זיי האָבן פריער גענאָסן, אויס רעספּעקט פאַר זייערע העלדנטאַטן. אַ סך פון זיי האָבן פאַרלאָרן דאָס לעבן צוזאַמען מיט די 2,500 פערזאָן, וואָס זיינען געוואָרן הינגעריכטעט

„געזעצלעך". אויסער די טויזנטער, וואָס זיינען געפאַלן אין צוזאַמענשטויס מיט די גוטבאַוואָפנטע רוימישע סאָלדאַטן.

דאָך האָבן די שקלאַפן שוין ניט מער געטראָגן געדולדיק זייער יאָך. זיי האָבן אפילו באַלד געוואָגט (ווי ליווי דערציילט) „אַ פאַרשווערונג צו באַפרייען די קאַרטהאַגישע משכנות", צו וועמען זיי האָבן געפילט אַ סך דאַנקבאַרקייט.

רוים האָט אונטערדריקט אויך אָט די פאַרשווערונג. נאָר דער פרייהייט־קאַמף האָט שוין ניט מער אויפגעהערט ביז צום צוזאַמענברוך פון דער רוימישער וועלט־מאַכט, אין וועמעס צעשטערונג די שקלאַפן האָבן גענומען אַ טעטיקן אַנטייל.

# דרימאַק

דער גריכישער אינזל כיאָס, איז געווען פול מיט שקלאַפן. דאָס רוב זיינען עס געווען געבאָרענע פרייע מענטשן, וועלכע מען האָט געפאַנגען און פאַרקויפט אין אויסלאַנד ווי בהמות.

אָט די שקלאַפן האָבן געטאָן כמעט אַלע אַרבעט אַפן פעלד און אַלע מלאכות אין שטאָט. זיי האָבן אויך באַדינט פערזענלעך זייערע גרויזאַמע הארן. נאָר קיין האר האָט ניט געהאַט קיין צוטרוי צו זיינע שקלאַפן. ער האָט זיי געהאַלטן שטענדיק אונטער אַ וואַך, אָפט געשמידט אין קייטן ביי דער נאַכט און אין אַ סך פּלעצער אויסגעברענט אַף זיי דעם שאַנד־צייכן פון שקלאַפעריי.

יעדער שקלאַף, וועמעס מענטשנווירדע איז נאָך ניט געווען אינגאַנצן אויסגעלאָשן האָט רעוואָלטירט קעגן אַזאַ צושטאַנד.

באַלד האָבן זיי אויך געפונען זייער ריכטיקן פירער אין איינעם פון זייערע אייגענע רייען, אין דעם שקלאַף דרימאַק.

דרימאַק איז געווען יונג און קרעפטיק, מיט אַן אומבויגזאַמען ווילן. ער האָט געהאַט אַ זעלטן־גוטן כאַראַקטער. ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן קיין עולות און איז שטאַרק אויפגערעגט געוואָרן פון יעדן אומרעכט. ווען דרימאַק באַשליסט ארויסצוטרעטן אין קאַמף קעגן די שקלאַפן־האַלטער אַנטלויפט ער פון זיין האַר'ס פעלד (אַרום יאָר 164 פ. ק.) און מאַכט זיין היים אַף די הויכע פעלזן, וואו יעדער שפּיץ איז געווען אַ מעכטיקע פעסטונג. דאָרט האָט דרימאַק אויך אָנגעהויבן זאַמלען זיין רעוואָלוציאָנערע אַרמיי.

נאַקעט זיינען געשטאַנען די פעלזן און אויסער רויב פאַרן יעגער האָבן זיי גאָרניט געהאַט מיט וואָס מכבד צו זיין זייערע ניט געבעטענע אורחים.

נאָר דרימאַק און זיינע העלדן האָבן זיך ניט איבערגעשראָקן. זיי האָבן זיך דאָרט אויסגעבויטביידלעך און אויפגעשטעלט טישן און בייגק. באַלד האָבן זיי אויך אָנגעפילט זייער נייע היים מיט שפּייז און וואָפן, וועלכע זיי האָבן געקראָגן מיט דער הילף פון די שקלאַפן אונטן אַף די פּרוכטבאַרע פעלדער און אין דער רייכער שטאָט.

דאָרט אין שטאָט האָבן זיך די האַרן באַוואָפנט צום גײעג אַף די אַנטלאָפענע שקלאַפן אין די בערג. די לאָזונג איז געווען: מען מוז די רעבעלן צוריקברייגגען לעבעדיק אָדער טויט. נאָר די שקלאַפן האָבן דערזען אין דרימאַקן זייער משיח, וועלכער וועט זיי אויסלייזן פון שקלאַפן־יאָך. האָבן זיי אָנגעהויבן לויפן אין מאַסן צו די בערג און מיטגענומען מיט זיך אַזוי פיל שפּייז און וואָפן וויפיל עס איז זיי נאָר געלונגען צו קריגן.

די פרומע כיאָסער, וואָס האָבן שטענדיק מורא געהאַט פאַר אַ געטלעכער שטראָף צוליב זייער באַנוצן זיך מיט געפאַנגענע פרייע מענטשן פאַר שקלאַפן, זיינען געוואָרן אויסער זיך פון שרעק. זיי האָבן אויך גוט געדיינקט די געשיכטעס פון נקמה אַקטן, וואָס שקלאַפן זיינען באַגאַנגען קעגן זייערע האַרן.

זיי האָבן דערפאַר ניט גאָר אָן מורא אַרויסגעשיקט אַן אַרמיי קעגן זייערע אַנטלאָפענע שקלאַפן. זייער מורא איז אויך ניט געווען אומזיסט. דרימאַק האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ טיכטיקן סטראַטעג. ער האָט די האַרן־אַרמיי אויסגעמאַנעווורירט, אַרומגערינגלט און פאַרניכטעט. די שקלאַפן האָבן אַזוי אַריינגעקראָגן אַ סך שפּייז און וואָפן און לייכט באַזיגט די האַרן אויך אין די ווייטערע שלאַכטן. צולעצט האָבן די אַנטלאָפענע, וועמעס מחנה עס האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט, אָרגאַניזירט אַ פעסט־דיסציפּלינירטע מלוכה אַף די בערג און באַשטימט דרימאַקן פאַר זייער הויפּט־קאָמאַנדיר און הערשער מיט דיקטאַטאָרישער מאַכט.

די זיגרייכע שקלאַפן־מלוכה האָט דאַן איינגעלאַדן די באַזיגטע האַרן פון כיאָס צו אַ פרידנס־קאָנפערענץ. יענע האָבן אָנגענומען די איינלאַדונג און געשיקט אַהין זייערע גענעראַלן און הויכע ריכטער. ווען די קאָנפערענץ האָט זיך געעפנט, האָט דרימאַק זיך געווענדט צו די האַרן־דעלעגאַטן מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

— אַן אָראַקל (געטער־שפּרוך) איז געוואָרן אָנגעפרעגט און אונזער אויפשטאַנד האָט פון אָנהויב אָן געהאַט די הסכמה פון די געטער. מיר וועלן קיינמאָל ניט אַוועקלייגן אונזערע וואָפן. מיר וועלן זיך קיינמאָל מער ניט אונטערוואַרפן דעם יאָך פון קנעכטשאַפט. מיר זיינען זיכער אין אונזער זאַך און האַנדלען אונטער דעם ראַט פון אַלמעכטיקן. פונדעסטוועגן, אויב

איר וועט פאָלגן מיין עצה און זיך האַלטן שטריינג טריי צו איר, נאָכן אונטערשרייבן אָט דעם אָפּמאַך און קאָנטראַקט, וועט זיין געענדיקט די מלחמה און עס וועט אויפהערן דאָס בלוט־פאַרגיסונג. מיר קאָנען דעמאָלט קעגנזייטיק לעבן אין רו און פרידן אַף אַזוינע באַדינגונגען וואָס וועלן זיין פאַרן גליק פון דער גאַנצער מדינה, פון וועלכער מיר זיינען אַלע מיטגלידער.

ווען די האַרן האָבן מסכים געווען צו אַנערקענען זייערע געוועזענע שקלאַפן ווי פרייע בירגער פון אַ קעגנערישער מלוכה, האָט דרימאַק פאַר זיי פאָרגעלייענט די פרידנס־באַדינגונגען אין פאָלגנדיקע ווערטער:

— וואָס מיר ווילן, איז האָבן גענוג צו עקזיסטירן — ניט מער. אין דער צוקונפט, ווען הונגער און נויט וועט אונז באַפאַלן (אַף די אומפּראָדוקטיווע פעלזן) וועלן מיר זיך אַרונטערלאָזן צו אייערע תבואה־שפּייכלער, סטאַדעס און קראָמען, און נעמען אַלץ וואָס מיר באַדאַרפן. נאָר שטענדיק וועלן מיר אַלץ נעמען לויט אַ באַשטימטער וואָג און מאָס (לויטן אָפּמאַך). די מאָסן און וואָגן וועלן זיין די וואָס מיר וועלן מיטברענגען און אייך באַווייזן. דאָ איז אַ זיגל, מיט וועלכן מיר שלאָגן אייך פאָר צו פאַרזיגלען אייערע מאַגאַזינען און שפּייכלער נאָכדעם, ווי מיר וועלן נעמען, וואָס מיר באַדאַרפן. איר וועט אַזוי קאָנען אַלעמאָל אונטערשיידן צווישן אונזער אָפּקנעמען און סתם רויבערייען. בנוגע די שקלאַפן, וואָס וועלן אין דער צוקונפט אַנטלויפן פון אייך אין אונזער לאַגער, וועלן מיר אַף אַ גערעכטן אופן אונטערזוכן די סיבות צוליב וועלכע יעדער שקלאַף באַזונדער איז אַנטלאָפן. מיר וועלן באַטראַכטן אויפמערקזאַם אַלץ וואָס ער דערציילט, און עס עקזאַמינירן אָן שום פאָראורטייל. אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז ער האָט געליטן אומגערעכטיקייט פון אייער האַנט, אַז איר האָט אים געקריוודעט, וועלן מיר אים באַשיצן. פאַרקערט, אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז דער שקלאַף האָט ניט קיין שום גענוגנדיקע סיבות זיך צו באַקלאָגן, וועלן מיר אים אומקערן צוריק צו זיין האַר.

דרימאַק'ס רעדע האָט געוויזן די האַרן פון כיאָס, אַז זייערע באַפרייטע שקלאַפן זיינען ניט פרינציפּעל קעגן שקלאַפעריי. זיי ווילן בלויז מען זאָל געבן די שקלאַפן אַ מענטשלעכע באַהאַנדלונג. די כיאָסער האַרן האָבן דערפאַר גערן איינגעשטימט אַף אָט דעם פרידנס־אָפּמאַך מיט דער באַרג־מלוכה פון די געוועזענע שקלאַפן.

יאָרן נאָכאַנאַנד האָבן די געוועזענע שקלאַפן געקראָגן זייער צינז אין שפּייז פון זייערע האַרן. זיי פלעגן נעמען די באַשטימטע מאָס און וואָג, ניט מער. דערפאַר האָבן זיי אַכטונג געגעבן, אַז דער אינזל כיאָס זאָל זיין פריי פון גנבים און רויבער. זיי האָבן אויך דורכגעפירט גרינטלעך דעם

אַפּמאַך װעגן אַנטלאָפענע שקלאַפן. דאָס האָט געװירקט, אַז די הארן פון כיאָס זאָלן באַהאַנדלען זייערע שקלאַפן װי מענטשן. די הארן האָבן גע־װאוסט, אַז פאַר יעדער אומרעכט צו אַ שקלאַף װעלן זיי דאַרפן אָפּגעבן דין וחשבון פאַר די ריכטער דאָרט אַף די הויכע פעלזן, װאו עס נעסטן די פרייע מענטשן. די שקלאַפן־דיקטאַטור אַף די פעלזן האָט דערפאַר אין אַ געװיסן זין אויך אויסגעשפּרייט איר ממשלה איבער דעם גאַנצן אינזל פון כיאָס

דרייסיק יאָר זיינען פאַרגאַנגען. דער דיקטאַטאָר דרימאַק איז געװאָרן אַן אַלטער מאַן. די הארן פון כיאָס האָבן די גאַנצע צייט געטראָגן אַ האַרץ אַף דרימאַקן. צולעצט האָבן זיי באַשטימט אַ גרויסע באַלוינונג פאַר זיין קאָפּ. פאַרבלענדט פון זייער שנאה, האָבן זיי געגלויבט, אַז אויב עס װעט צעפאַלן די דיקטאַטור פון די שקלאַפן דאָרט אַף די פעלזן, װעט כיאָס װידער קאָנען באַהאַנדלען אירע שקלאַפן װי בהמות. זיי האָבן אויך געקראָגן זיין קאָפּ. נאָר עס װערט פאַרזיכערט, אַז דאָס איז געװען אין אַ געװיסער מאָס אַ זעלבסט־מאָרד. דער אַלטער שװאַכער דרימאַק האָט געהאַלטן, אַז זיין לעבן איז שוין ניט מער ניצלעך, האָט ער אַליין באַאײנפלוסט אַן אויס־לענדישן בחור, אַ יונגן אַנטלאָפענעם שקלאַף פון כיאָס, װעמען ער האָט שטאַרק ליב געהאַט, ער זאָל אים אַרונטערנעמען דעם קאָפּ און מיט דעם לוין זיך אומקערן צוריק אין זיין לאַנד אַ פרייער מאַן.

נאָר אויב דרימאַק האָט װירקלעך אַליין געפּלאַנט זיין טויט, האָט ער דערמיט די כיאָסער שקלאַפן־האַלטער שװער באַשטראָפט. די דיקטאַטור אַף די פעלזן איז טאַקע צוזאַמענגעבראָכן, װייל זי איז געװען געשטיצט אַף דעם גרויסן צוטרוי צו איין מענטשן. נאָר כיאָס האָט דערפון געהאַט „צו זינגען און צו זאָגן". עס האָבן זיך אָנגעהויבן פון דאָס־ניי בלוטיקע שלאַכטן קעגן די הארן. אַזוי, אַז די הארן האָבן אָנגעהויבן בײנקען נאָך דרימאַק׳ס צייטן. זיי האָבן זיך אויך דערקלערט פאַר דעם גלויבן פון די שקלאַפן אין דרימאַק׳ס אָנזען ביי די געטער. זיי האָבן אַפילו אויסגעבויט לכבוד אים אַ טעמפּל און אים דאָרט פאַרגעטערט. אָט אַזוי האָבן די הארן געזוכט װידער צו געװינען די פריינטשאַפט פון די געװעזענע שקלאַפן, װעלכע האָבן ניט געגעבן קיין רו צו די פאַררעטערישע שקלאַפן־האַלטער פון כיאָס, װאָס האָבן פאַראורזאַכט דעם טויט פון באַליבטן שקלאַפן־פירער.

## צען יאָר שקלאַפן־מלוכה

שיין און פרוכטבאַר איז סיציליע, װאו די זון לייכט און װאַרעמט כמעט דעם גאַנצן יאָר. נאָר אונטערדריקונג און שקלאַפעריי קאָנען פאַרװאַנדלען

דעם גן־עדן אין אַ גהינום און די פּרוכטבאַרע פעלדער אין טרוקענע מדבריות.

ווען רוים האָט דעראָבערט דאָס שיין לאַנד (210 פ. ק.) האָט זי עס באַטראַכט פאַר איר תבואה־קאַמער. נאָר די מעכטיקע רוים אַליין איז געווען הילפלאָז אין די הענט פון אירע פּריצים און פּראָצענטניקעס. האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן אַף דעם באַזיגט לאַנד ווי ווילדע חיות און רויב־פויגלען. האָט ניט גענומען לאַנג, און די פרייע באַפעלקערונג פון פויערים און אַרבעטער זיינען געוואָרן פאַרוואַנדלט אין שקלאַפן, לומפּן־פּראָלעטאַריער, רויבער און באַנדיטן.

נאָר דאָס ביסל היימישע שקלאַפן זיינען ניט געווען גענוג צו פאַרוואַנדלען זייער פּראַצע אין גאָלד. די רוימישע הארן האָבן דעריבער אָנגעפילט סיציליע מיט די אומגעהויערע מאַסן שקלאַפן, וואָס זיי האָבן געמאַכט פון די געפאַנגענע העלדן אין פרייהייטס־קריג קעגן רוים. אַזוי איז סיציליע געווען פול מיט די בערג־באַוואוינער פון סיריע און קליין־אַזיע, פון גריכנלאַנד, קאַרטהאַגאָ א. אַ. וו.

די אין קייטן געשמידטע פרייהייט־קעמפער זיינען באַהאַנדלט געוואָרן ווי בהמות און געאַרבעט כמעט מוטער־נאַקעט אונטער די בייטשן פון זייערע שקלאַפן־טרייבער. זייערע הענט און פיס, זייערע שטערנס און רוקנס האָבן געהאַט די אויסגעברענטע שאַנד־צייכנס פון שקלאַפעריי. דאָס עסן איז געווען שלעכט, און די שוץ קעגן נעץ און קעלט איז געווען נול. האָבן זיי אַזוי ווייניק פּראָדוצירט, אַז בלויז די סאַמע פרוכטבאַרסטע טאָלן האָט געלוינט צו באַאַרבעטן. זיינען גרויסע שטרעקעס לאַנד געלעגן אומבאַאַרבעט און געוואָרן וויסט און לער.

איינס פון די פרוכטבאַרסטע פלעצער אין סיציליע איז געווען די געגנט אַרום דער שטאָט ענאַ.

ענאַ איז געווען באַרימט אין דער אַלטער וועלט צוליב איר הייליקטום פון דעמעטער, אָדער סערעס, די געטין פון לאַנדווירטשאַפט און פרוכטבאַרקייט. (ענאַ איז פון די גלויביקע היידן באַטראַכט געוואָרן אַלס דער פּלאַץ, וואו פּלוטאָ, דער גאָט פון דער אונטערוועלט, האָט פאַרפירט דעמעטער׳ס טאָכטער פּראָזערפּינע, ווען זי האָט געהאַלטן אין קלייבן בלומען אַף דער לאָנקע אויסן שטאָט.) די לאָנקע פון ענאַ האָט געהאַט אַ שם פאַר אירע זעלטן־שיינע בלומען, וועלכע האָבן אָנגעפילט די לופט מיט בשמים־ריחות. אין איר מיטן האָט געפליסט אַ ברייטער טייך, וואו עס האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן מאַסן קלאָרע וואַסערלעך, וואָס האָבן געפלאָסן פון די פילע קוואַלן אין נאָענטן פעלז, אין וועמעס היילן פּלוטאָ האָט, לויט דער לעגענדע, באַהאַלטן די פון אים פאַרפירטע פּראָזערפּינע. די וואונדערשיינע לאַנדשאַפט

ארום ענא איז אויך געווען זייער פּרוכטבאַר. ווייץ און אַנדערע תבואות זיינען געווען לרוב, און די גאַנצע געגנט איז געווען באַרימט פאַר איר גערעטעניש.

די געטין סערעס־דעמעטער אין טעמפּל פון ענא איז געווען באַטראַכט אין דער היידנישער וועלט אַלס די „מוטער ערד", די „מוטער פון דער וועלט", און פּילגער פלעגן קומען צו אירע יערלעכע ימים טובים פון ווייטע לענדער. די צערעמאָניעס פון איר גאָטעס־דינסט זיינען געווען באַגרינדעט אַף די גוט־פאַרשטאַנענע סימבאָלן פון פאַרערן און רעספּעקטירן די נאַטור: די פרוכט, די זריעה, ווערן „פאַרפירט" פון דעם גאָט פון דער אונטערוועלט. זיי ווערן פאַרפוילט, זיי שטאַרבן, נאָר שטייען אויף צו אַ נייעם לעבן אין פרילינג, אַזוי, אַז פּראָזערפּינע (דאָס בליען און וואַקסן) פאַרברענגט צוויי דריטל יאָר מיט איר „מוטער ערד" און בלויז איין דריטל מיט איר פאַרפירער פון דער אונטערוועלט. אין די „מיסטעריעס" פון די היידנישע אמונות האָט מען עס אויך אָנגעדייט אַף דער אומשטערבלעכקייט פון מענטשן און זיין האָפענונג אַף תחית המתים.

באַזונדער איז דעמעטער־סערעס געוואָרן באַטראַכט אַלס די שיצערין פון די, וואָס באַטייליקן זיך דירעקט אין דעם פּראָצעס פון שאַפן — די פּויערים און אַרבעטער — און ווען זיי האָבן זיך געפונען פאַרשקלאַפט, האָבן זיי געגלויבט, אַז די געטין איז אַף זיי בייז און האָט זיי פאַרלאָזן.

אין אַט דער צייט פון צווייפל און יאוש איז אויפגעשטאַנען צווישן די שקלאַפן אַ וואונדער־ווייזער, וואָס האָט גערעדט אין נאָמען פון דער געטין, און זיי מיטגעטיילט די פריילעכע בשורה, אַז זייער גאולה איז נאָענט און אַז ער גופא וועט זיין זייער משיח, וואָס וועט זיי פירן אין קאַמף פאַר דערלייזונג. זיין נאָמען איז געווען עינוס.

דער שקלאַף האָט געשטאַמט פון דער געגנט אַרום אַנטיוכיה, אין צפון פון פאַלעסטינע. ער איז וואַרשיינלעך געווען אין זיין סעמיטישער היים אַ פירער פון אַן אַרטיסטן־„עראַנאָס" און זיך באַזונדער אָפּגעגעבן מיט דעם „טהיאַסאָס", דעם געזעלשאַפטלעכן טייל פון זיין פּראָלעטאַרישער ברודערשאַפט. ער האָט געקאָנט אָרגאַניזירן אונטערנעמונגען, באַווייזן מאַגישע קונצן, שפּייען מיט פייער א. אַ. וו. אַזוי ווי ער פלעגט דאָס אַלץ טאָן אין נאָמען פון אַזוינע געטער, וואָס זיינען באַליבט געווען ביי די אָרעמע מאַסן, איז ער באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ כהן און נביא. ער אַליין האָט זיך אַזוי באַטראַכט און געגלויבט באמונה שלמה, אַז ער איז אויס־דערוויילט פון די געטער אויסצולייזן די שקלאַפן פון קנעכטשאַפט און ווערן זייער משיח און מלך.

זיין האַר, אַנטיגען, איז געווען אַ מיטגליד פון אַ רייכער רוימישער

אַקציען־געזעלשאַפט, וואָס האָט געפירט דעם שקלאַפן־האַנדל אַף אַ גרויסן מאַסשטאַב. ער האָט געהאַט אין ענאַ אַ רייכן פּאַלאַץ מיט מאַסן שקלאַפן און ליב געהאַט צו שפּאַסן מיט זיין „נאַרישן שקלאַף" עינוס, וואָס גלויבט צו ווערן אַ מלך. באַזונדערס פלעגט עס אַנטיגען טאָן ביי די הוליאַנקעס, וואָס ער פלעגט מאַכן פאַר זיינע רייכע שקלאַפן־האַלטערישע פריינט. ווען די אַריסטאָקראַטישע דאַמען און הערן פלעגן ווערן פריילעך און לוסטיק פון גוטן סיציליאַנישן וויין, פלעגט אַנטיגען אַרויסשטעלן פאַר זיי זיין שקלאַף עינוס, ער זאָל זיי משמח זיין מיט זיינע קונצן און נביאות. עינוס פלעגט זיך ניט לאָזן לאַנג בעטן. דאָס וואָלט אים בלויז געבראַכט שמיץ אַפן נאַקעטן לייב. פלעגט ער ווייזן מאַגיק, שפּייען מיט פייער און זאָגן נביאות, אַז ניט ווייט איז דער טאָג פון רעכענונג און באַצאָלונג. די הערן וועלן ווערן גרויזאַם באַשטראָפט פאַר יעדן פאַרברעכן, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען קעגן זייערע שקלאַפן. זייערע רייכע פּאַלאַצן וועלן אַוועק מיטן רויך, און אַף זייערע חורבות וועט אַנטשטיין אַ נייע מלוכה, וואו די שקלאַפן וועלן זיין הערן, און ער, עינוס, וועט זיין זייער מלך.

די שיכורע הערן און דאַמען פלעגן זיך קייקלען פון געלעכטער, הערנ־דיק אָט די „משוגעתן" פון דעם סירישן קונצן־מאַכער. לאַכנדיק, פלעגט אים עמיצער בעטן: זע, עינוס, איך בין צו דיר קיינמאָל ניט געווען שלעכט, איך פייניק אויך ניט מיינע שקלאַפן, ווי אַנדערע הערן. וועסטו מיך לאָזן לעבן, ווען דו וועסט ווערן מלך? און עינוס פלעגט אַף דעם ענטפערן גאַנץ ערנסט און מאַכן פאַרשפּרעכונגען, וועלכע ער האָט געמיינט צו דערפילן.

נאָר ווען עינוס האָט געשפּילט די ראָל פון „הויף־נאַר" פאַר די הערן, האָט ער גלייכצייטיק געערדט איבער זייערע קעפּ צו זייערע שקלאַפן, וואָס האָבן זיינע ווערטער גענומען זייער ערנסט. די שקלאַפן האָבן אים גוט געקענט און געגנוי פאַרשטאַנען צו וואָס ער צילט. ער פלעגט אויך אָפּהאַלטן מיט די שקלאַפן געהיימע פאַרזאַמלונגען, וואו ער פלעגט צו זיי ריידן אין נאָמען פון זייער גאָטהייט: „דעמעטער־סערעס האָט אונז ניט פאַרלאָזן. זי וואַרט נאָר, מיר זאָלן אָנהויבן דעם פרייהייטס־קאַמף, און זי וועט אונז העלפן מיט איר גאַנצער מאַכט". די שקלאַפן אין סיציליע האָבן כמעט אַלע זיך צוזאַמענגערעדט אַף גריכיש, וואָס איז געווען הונדערטער יאָר די שפּראַך פון סיציליע און דרום־איטאַליע. גריכיש איז אין יענער צייט אויך געווען גערעדט אין סיריע, פּאַלעסטינע, עגיפּטן א. א. וו., אַזוי, אַז די שקלאַפן־באַוועגונג האָט געהאַט ניט בלויז אַן איינהייטלעכן ציל, נאָר אויך אַן איינהייטלעכע שפּראַך. זיי זיינען אויך געווען געוואוינט פון זייער אַלטער היים צו זיין פאַראייניקט אין געהיימע אָרגאַניזאַציעס.

די ערשטע, וואָס זיינען געווען געגרייט איינצושטעלן זייער לעבן און אָנהויבן דעם אויפשטאַנד, זיינען געווען די שקלאַפן פון דעם גרויזאַמען פּאַרל דאַמאָפיל און מעגאַלים פון ענאַ.

דאַמאָפיל האָט באַזעסן גאַנצע מחנות שקלאַפן. ווען זיינע שקלאַפן, וואָס האָבן געאַרבעט נאַקעט, אונטער די בייטשן פון זיינע פּאַרלייט, האָבן ניט געקאָנט אויסהאַלטן די קאַלטע בערג־לופט ביינאַכט, און ביי אים געבעטן שמאַטעס פאַר זייער לייב, האָט ער זיי געענטפערט ציניש: „וואַנדערן ניט אַרום שטייער־מאַנער נאַקעט איבערן לאַנד, ווייל זיי מוזן אָפּגעבן זייערע זאַכן צו די, וואָס ווילן זיי? וועל איך דען ניט ווערן באַשטייערט פאַר די שמאַטעס, וואָס כ'וועל אייך געבן?"

דאָס איז געווען אַן אָנצוהערעניש, באַגלייט מיט שמיץ, צו קריגן זאַכן דורך רויב, וואָס אַ סך שקלאַפן האָבן אויך אָנגעהויבן פּראַקטיצירן.

נאָך ערגער פון דאַמאָפיל איז געווען זיין ווייב מעגאַלים. זי איז געווען גרויזאַם און בלוטדורשטיק. די שיינע שקלאַפינס, וועמעס לייבער דאַמאָפיל האָט ברוטאַל געשענדעט, האָט זי, מעגאַלים, פאַרשמיסן צום טויט, אָדער צעריסן גליד פאַר גליד. אַמאָל איז אויך געווען געוווג, מעגאַלים זאָל דערזען די רייצנדיקע שיינקייט פון אירער אַ שקלאַפין, אַז יענע זאָל דערפאַר באַצאָלן מיטן לעבן און שטאַרבן אַ מאַרטירער־טויט.

די שקלאַפן פון דאַמאָפיל און מעגאַלים זיינען דערפאַר געווען די ערשטע צו רעוואָלטירן. זייערע הערצער זיינען געווען איבערגעפילט מיט שנאה און נקמה פאַר זייערע אייגענע ליידן און באַזונדערס פאַר די ברוטאַלע מערדערייען פון זייערע ווייבער, טעכטער, שוועסטער און כלות. און אין אַ פינצטערער נאַכט, אונטער דער פירערשאַפט פון זייער אָרגאַניזירער און נביא עינוס, האָבן זיך פאַרזאַמלט 400 שקלאַפן אין אַ פעלד אויסן שטאָט. זייערע וואָפן זיינען געווען פּרימיטיווע — מעסער, העק, סערפּן, שטיקער אייזן, בולאַוועס א. ד. גל. נאָר זייער מוט איז געווען פון מאַרטירער און העלדן. און נאָכדעם, ווי זיי האָבן געשוואוירן מיט התלהבות צו האַלטן טריי צוזאַמען און קעמפן ביזן טויט, האָבן זיי אַריינגעמאַרשירט אין שטאָט.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער „יום־הדין", אַף וועלכן עינוס האָט נביאות געזאָגט. די 400 העלדן האָבן אויפגעבראָכן אַלע שקלאַפן־געפיינגענישן און צעהאַקט די קייטן פון די אין אייזן־געהאַלטענע קנעכט. די מחנה האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שחיטה אַף די הארן, וואָס איז געווען אַזוי גרויזאַם, ווי די טאַטן, וועלכע האָבן אַרויסגערופן אַט די שווידערהאַפטע נקמה.

הונגעריקע, פאַרפראָרענע, פאַרברוטאַליזירטע פון שמיץ און דערנידע־

רונגען, האָבן זיך די שקלאַפן געוואָרפן אַף די וואַרעמע נעסטן פון זייערע הארן, געשענדעט זייערע הארינטעס אין קעגנוואַרט פון זייערע געבונדענע מענער, וואָס האָבן געהאַט אַף זייער געוויסן די בעסטיאַלע שענדונג פון די מוטערס, טעכטער, שוועסטער און כּלות פון זייערע שקלאַפן. ווילד פון נקמה פאַר יאָרן־לאַנגער באַליידיקונג און שענדונג, האָבן די שקלאַפן, פרויען און מענער, יונג און אַלט, זיך געוואָרפן מיט רציחה אַף זייערע קרבנות און געוועזן טויב צום רוף פון מחילה און רחמנות.

ערשט ווען זייער נקמה־לוסט האָט זיך אָנגעזעטיקט, איז עינוס געווען אימשטאַנד זיי צו קאָנטראָלירן. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל קיינעם ניט צו טויטן אָן דין און משפּט. דעם שטאָטישן טעאַטער האָט ער פאַרוואַנדלט אין אַ פאָלקס־טריבונאַל און געהייסן דאָרט ברייגנען אַלע געפאַנגענע הארן צום געריכט. דאָרט האָט מען אויך געבראַכט געבונדן דאַמאָפיל און מעגאַ־ליס, וועמען עס האָט געלונגען זיך צו באַהאַלטן אויסן שטאָט, און מען האָט זיי געפאַנגען, ווען עינוס האָט שוין געהאַט דעם פולן קאָנטראָל איבער די אינסטינקטן פון די שקלאַפן־מאַסן.

אַ צעקלאַפּטער, אַ צעבלוטיקטער האָט זיך דאַמאָפיל פאַרטיידיקט פאַרן פאָלקס־געריכט. ער איז געווען זייער כיטרע און מיט זיינע צוקער־זיסע רייד געוואונען די סימפּאַטיע פון זיינע ריכטער. נאָר צוויי פון זיינע שקלאַפן, שטאַלצע גריכן, זייקס און הערם, אַף וועמעס לייב עס זיינען נאָך געווען פריש זיינע ברוטאַליטעטן, זיינען פלוצלונג צוגעשפּרונגען צום פאַרהאַסטן שקלאַפן־טרייבער, איינער האָט אים אַריינגעשטאָכן אַ קינזשאַל אין זייט, און דער צווייטער האָט אים אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ.

מעגאַליס, וועמען דאָס פאָלקס־געריכט האָט באַטראַכט פאַר אַ ווילדער בעסטיע, וואָס שטייט אויסערהאַלב יעדן געזעץ, איז געוואָרן אַ געבונדענע איבערגעגעבן צו אירע פרויען־שקלאַפן, זיי זאָלן טאָן מיט איר, וואָס זיי ווילן. די מוטערס, טעכטער, שוועסטער און חברטעס פון די פרויען, וואָס זי האָט פאַרפּייניקט און פאַרשמיסן צום טויט, האָבן אַליין אָראַנזשירט איבער איר אַ פּראָצעס. זיי האָבן אויסגערעכנט אירע אַלע פאַרברעכנס, נאָכדעם אַרונטערגעריסן אירע רייכע קליידער און צירונג און אַ נאַקעטע זי אַרונטערגעוואָרפן פון אַ הויכן פעלז אין אַ טיפן טאָל, וואו זי איז ווי אַ סך פון אירע שקלאַפינס, געוואָרן צעשאָטן אַף שטיקלעך.

נאָר אינמיטן פון אָט דער נקמה קעגן דעם גרויזאַמען מיליאָנערסקן פאָרפאָלק, האָט די שקלאַפן־מאַסע געדיינקט צום גוטן זייער יונגע טאָכטער, וואָס האָט אַלעמאָל אַרויסגעוויזן איר מיטגעפיל מיט די ליידנדע און גע־פּייניקטע. דער זעלבער גריך, הערם, וואָס האָט דערשלאָגן דעם ברוטאַלן

מיליאָנער, האָט אָנגעפירט די וואָך צו באַגלייטן די יונגע מענטשלעך־פילנ־דיקע הארן־טאָכטער צו אירע קרובים אין דער ווייטער פּאָרט־שטאָט קאטאנא.

דער פּאַרצייטיקער היסטאָריקער דיאָדאָר (געלעבט אין ערשטן יאָר־הונדערט פ ק.), באַמערקט דערצו אַזוי:

„אָט די סטרייקנדיקע שקלאַפן האָבן דערמיט דעמאָנסטרירט, אַז כאָטש זיי האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין רחמנות און קיין סימפּאַטיע צו די, וואָס זיינען געווען זייערע הארן, און זיך איבערגעגעבן צו זייער אויגענער ווילדקייט און צאָרן, איז דאָס, וואָס זיי האָבן געטאָן, ניט געווען באַוועגט דורך די מיאוסע אינסטינקטן פון באַרבאַריי, נאָר נאָך אַ גערעכטער באַצאָלונג, אָדער באַשטראָפונג, פאַר דער אומגערעכטיקייט, וואָס איז צו זיי געטאָן געוואָרן.“

---

דער אויפשטאַנד פון די שקלאַפן אין סיציליע האָט זיך כסדר פאַר־גרעסערט. אין אַ סך שטעט און דערפער האָבן שקלאַפן נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל פון זייערע ברידער און שוועסטער אין דער שטאָט ענא און גענומען בלוטיקע נקמה פון זייערע הארן.

נאָר ווען דער טאָג פון רעכענונג און באַצאָלונג איז געווען פאַראיבער, האָבן די מער ענערגישע און אינטעליגענטע צווישן די שקלאַפן אָנגעהויבן פּלאַנען אויפצובויען אַ נייע געזעלשאַפט. בלויז וויניקע פון זיי האָבן געהאַט פאַר זיך אַ פאָרשטעלונג פון אַ שטאַט וואו אַלע מענטשן זיינען גלייך, וואו עס זיינען ניטאָ קיין הארן און קיין שקלאַפן, נאָר אַלע זיינען גלייכע מענטשן, ברידער און שוועסטער, וואָס לעבן און שאַפן אין פרייהייט און פרידן. נאָר אַלע האָבן זיי געוואוסט, אַז זיי מוזן זיין גוט אָרגאַניזירט און דאַרפן זיין גרייט זיך צו באַגעגענען נאָכאַמאָל מיט רוים, וואָס האָט זיי אוועקגעפירט פון פרייהייט אין קנעכטשאַפט. זיי האָבן באַשטימט עינוסן פאַר זייער מלך, וועלכער איז געווען זייער אָרגאַניזירער, נביא און משיח. ער האָט זיך אַ נאָמען געגעבן אַנטיאָך, אַפן נאָמען פון די קעניגן פון זיין סירישער היים, און געפּלאַנט אויפבויען אַ מעכטיקע מלוכה, וואָס זאָל זיך פאַרטיידיקן קעגן דער רוימישער אימפּעריע. ער איז געווען קלוג און מוטיק, אַ קענער פון מענטשן און געוואוסט וועמען אויסצוקלייבן פאַר זיינע מילי־טערישע און ציווילע מיטהעלפער.

פאַר זיין הויפּט־קאָמאַנדיר האָט עינוס באַשטימט דעם גריכישן העלד אַכאַאוס, וועמען רוים האָט גענומען געפאַנגען און פאַרקויפט אין שקלאַפעריי מיט דריי יאָר פריער, אין 146 פ. ק., ווען זי האָט חרוב געמאַכט זיין גריכישע היים.

אַכאַאוס איז געווען אַ טיכטיקער גענעראַל און אַ קלוגער שטאַטסמאַן. ער איז געווען ענערגיש און מוטיק און האָט אויך געוואַגט אַנצואווייזן זיין מלך, עינוסן, אַף יעדן פעלער וואָס ער מאַכט. דער ערלעכער עינוס איז געווען אַנט־ציקט פון אַכאַאוס, האָט באַשטימט פאַר אים איינעם פון די שענסטע פּאַלאַצן פון דער הויפּט־שטאָט, ענאַ, און יענער האָט זיך גענומען צום אָרגאַניזירן אַן אַרמיי. אין די ערשטע דריי טעג פון זיין אַמט האָט שוין אַכאַאוס געהאַט רעקרוטירט 6,000 סאָלדאַטן. נאָר די שווערסטע אַרבעט איז געווען ניט דאָס רעקרוטירן די שקלאַפן פאַר סאָלדאַטן, נאָר זיי צו דיסציפּלינירן.

פון אַלע זייטן פון סיציליע האָבן זיך געצויגן צעבונטעוועטע מחנות שקלאַפן נאָך ענאַ, צו דער הויפּטשטאָט פון שקלאַפן־מלך עינוס. אַפן וועג האָבן זיי געעפנט אַלע קאַטאָרגעס, באַפרייט די אַלע וואָס האָבן געאַרבעט אין די אונטערערדישע שטיינהאַקערייען, צעהאַקט די קייטן פון די וואָס האָבן געאַרבעט געשמידטערהייט און די מחנות באַפרייטע שקלאַפן זיינען געוואָרן גרעסער מיט יעדן טאָג. נאָר אַף זייער וועג קיין ענאַ האָבן די שקלאַפן געבראַכט ניט בלויז פרייהייט, נאָר אויך טויט און פאַרוויסטונג. האָט אַכאַאוס שווער געאַרבעט אויסצולערנען די צעבונטעוועטע שקלאַפן צו היטן די תבואה מאַגאַזינען, ניט צו פאַרניכטן די פּראָדוקטן פון זייער אייגענער פּראַצע. ער האָט זיי אויסגעלערנט ניט אָנצורירן די פּויערים, וואָס באַאַרבעטן אַליין זייער פעלד. מערדער און שענדער זיינען פון אַכאַאוסן געוואָרן שטרייננג באַשטראָפט.

בכלל האָבן זיך די שקלאַפן אויפגעפירט גאַנץ אָרנטלעך. די ערגסטע פאַרברעכנס, מאָרד, שאַנד, זיינען געוואָרן באַגאַנגען פון די לומפּן־פּראָלע־טאַריער, די געוועזענע פּויערים, לאַנד־אַרבעטער און טאָג־אַרבעטער, וואָס זיינען צוליב דער שקלאַפן ווירטשאַפט אַרונטערגעזונקען צו בעטלעריי און רויבעריי. זיי זיינען געשטאַנען אָן אַ שיעור נידעריקער ווי די שקלאַפן, וואָס זיינען געווען מערסטנס קריגס־געפאַנגענע פרייע פּויערים, אַרבעטער, בעלי־מלאכות, פּראָפעסיאָנאַלן, באַאַמטע, א. אַ. וו.

דעם גרעסטן טייל סאָלדאַטן האָבן עינוסעס גענעראַלן רעקרוטירט פון די קאַטאָרזשניקעס, די קריגס־געפאַנגענע העלדן און די מוטיקע רעבעלן וועמען די רוימישע האַרן האָבן געהאַלטן געשמידט אין קייטן אין די אונטערערדישע שטיינהאַקערייען. אַף זייער אָרט האָט עינוס געוואָלט לאָזן אַרבעטן די געוועזענע האַרן. נאָר די באַפרייטע שקלאַפן האָבן געקוקט מיט חשד אַף יעדן לעבעדיקן האַר. מיט דער אויסנאַם פון די, וועמען עינוס האָט נאָך אין זיין שקלאַפעריי צוגעזאָגט צו לאָזן לעבן, האָבן די שקלאַפן זעלטן געלאָזט לעבן זייערע געוועזענע האַרן. בלויז יענע רוימער, וואָס האָבן געקאָנט

שמידן וואָפן האָבן די שקלאַפן געלאָזט לעבן, כדי זיי זאָלן פּראָדוצירן וואָפן פאַר דער שקלאַפן־אַרמיי. נאָר זיי האָבן געמוזט טאָן זייער אַרבעט מיט קייטן אויף די פיס.

רוים איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיטן בירגער קריג אין דער הויפּט־שטאָט און מיטל איטאַליע. די פאַראָרעמטע פּויערים און בעלי־מלאכות, די אַרבעטלאָזע טאָג־אַרבעטער און לאַנד־אַרבעטער האָבן זיך געבונטעוועט און פּאַראַליזירט די רעקרוטירונג פון די רוימישע לעגיאָנען. די שטייענדיקע אַרמיי אין סיציליע איז געווען זייער קליין. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס די שקלאַפן האָבן רעוואָלטירט אין סיציליע און רוים האָט דאָרט ניט געהאַלטן קיין ספּעציעלע וואַך, ווי אין מיטל־איטאַליע, אונטערצודריקן שקלאַפן אויפשטאַנדן. ערשט דריי יאָר נאָך דער עטאַבלירונג פון דער שקלאַפן מלוכה אין ענאַ, האָט רוים אַריינגעשיקט אַ קליינע אַרמיי. נאָר אַכאַאוס האָט איר באַלד צוריקגעשלאָגן.

די נייעס פון דעם זיג פון דער שקלאַפן־מלוכה איבער אַ רוימישער אַרמיי, האָט דערמוטיקט דעם אויפשטאַנד אין דרום־סיציליע, וואו די שרעקלעך ליידנדע שקלאַפן האָבן זיך שוין פריער אויך געבונטעוועט. נאָר פריער פלעגן זיי בלויז צעלויפן אין די בערג און ווערן באַנדיטן. איצט האָבן זיי זיך געזאַמלט אונטער דער פאָן פון דעם העלדישן סירישער קלעאָן.

קלעאָן און זיין ברודער קאָמאַ זיינען געווען אַנטלאָפענע שקלאַפן. נאָר ווען קלעאָן האָט דערהערט די נייעס, ווי אַזוי די שקלאַפן פון ענאַ האָבן רעוואָלטירט, אָרגאַניזירט אַן אייגענע מלוכה, וואו זיין לאַנדסמאַן עינוס איז דער מלך, און אַ געוועזענע סירישע שקלאַפן־מיידל איז זיין מלכה, האָט ער, קלעאָן, אָנגעהויבן רופן די שקלאַפן צום אָפענעם קאַמף קעגן די הארן. די שקלאַפן פון דרום־סיציליע האָבן געהערט דעם רוף און עס האָט ניט גענומען לאַנג און דער טיכטיקער קלעאָן האָט אויסגעמושטירט אַן אַרמיי פון 70,000 מאַן.

די הארן און זייערע סימפּאַטיזירער האָבן געהאָפט, אַז די שקלאַפן־גענעראַלן וועלן זיך איינע די אַנדערע באַקעמפן אויס אייפערזוכט, און דערווייל וועט רוים זיי אַלעמען פאַרניכטן. נאָר קלעאָן און זיינע סאָלדאַטן האָבן אַליין אויך געגלויבט, אַז עינוס איז זייער משיח און דער נביא פון זייער באַליבטער גאָטהייט. האָט קלעאָן געשטעלט זיין אַרמיי אין דינסט פון עינוס, און געוואָרן אַ גלייכער גענעראַל ווי אַכאַאוס.

אַזוי איז עינוס געוואָרן קעניג פון גאַנץ סיציליע, און דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון אַ שקלאַפן־אַרמיי, וואָס האָט געציילט צוזאַמען מיט אירע רעזערוון אַרום צוויי הונדערט טויזנט מאַן. די קלענערע רוימישע מחנות זיינען

לייכט געוואָרן באַזיגט, און יעדע רוימישע מפּלה האָט פאַרגרעסערט די שקלאַפן־אַרמיי. קעגן סיציליע זיינען געשיקט געוואָרן די בלוטיקסטע שונאים פון די שקלאַפן. און די מלחמה איז געווען ברוטאַל. קיין געפאַנגענע זיינען ניט גענומען געוואָרן און אַ מפּלה אין שלאַכט האָט געמיינט דער טויט.

באַלד צען יאָר האָבן די שקלאַפן אין סיציליע געהאַט זייער אייגענע מלוכה. נאָך יעדן זיג איבער רוים האָבן זיי פאַראַנשטאַלט גרויסע דעמאָנ־סטראַציעס, אַראַנזשירט טעאַטער פאָרשטעלונגען, געשפּילט קאָמעדיעס, וואָס האָבן געמאַכט חוזק פון די געוועזענע האַרן

די מערסטע שקלאַפן האָבן כלל ניט געוואוסט, אַז זיי האָבן צו פאַר־דאַנקען זייערע נצחונות די רוימישע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן דאָרט אין ווייטן רוים. זיי, אָט די שקלאַפן, האָבן געמיינט אַז זיי זיינען שוין געגוג זיכער קעגן אַן אָנפאַל פון רוים און ניט געשטאַנען מער אַף דער וואַך ווי אין אָנהייב. זיי זיינען נאַכלעסיק געוואָרן, זיך ניט גענוג צוגעגרייט. זיי האָבן זיך פאַרלאָזן אַף דער געטלעכער קראַפט פון זייער נביא און משיח, און זיין גדולה ביי דער געטין דעמעטער־סערעס.

נאָך מיט דער ערשטער מפּלה פון די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין רוים, האָט זיך גאַנץ געענדערט די לאַגע אויך אין סיציליע. באַלד נאָכדעם ווי די רעאַקציאָנערן האָבן דערמאָרדעט דעם איידעלן פאָלקס־טריבון טיבער גראַקך, האָבן זיי קאָנצענטרירט זייער גאַנצע מאַכט קעגן דער שקלאַפן־מלוכה אין סיציליע. נאָך איידער גראַקך איז געפאַלן אין די רוימישע האַרן געלונגען צו דערוויילן דעם רעאַקציאָנער פּיזאָ פאַר קאָנסול. און באַלד ווי גראַקך איז געפאַלן און די רעאַקציע איז געווען אין זאַטל אין רוים, איז פּיזאָ אָנגעפאַלן מיט אַ גרויסער אַרמיי אַף דער סיציליאַנישער פאָרט־שטאָט מעסינאַ. 8,000 שקלאַפן זיינען געפאַלן אין קאַמף ביים פאַרטיידיקן די שטאָט. די איבעריקע זיינען נאָכן רוימישן זיג געוואָרן אויפגעהאָנגען אַף צלמים.

באַרוישט פון זיין זיג איבער מעסינאַ, האָט קאָנסול פּיזאָ געוואָגט צו מאַרשירן מיט זיין אַרמיי פון 80,000 גוט באַוואָפנטע דערפאַרענע רוימישע סאָלדאַטן קעגן ענאַ, די הויפּטשטאָט פון דער שקלאַפן־מלוכה. נאָך דאָרטן האָט ער געטראָפן אַ מעכטיקן ווידערשטאַנד און די העלדישע אַרמייען פון אַכאַאוס און קלעאָן האָבן אָפּגעשלאָגן אַלע זיינע אַטאַקעס און אים צוריק־געטריבן צום ים. אין יאָר 132 פ. ק. האָט די זיגרייכע רעאַקציע אין רוים דערוויילט פאַר קאָנסול אַ געוועזענעם לאַנד ספּעקולאַנט און שטייער־זאַמלער אין סיציליע, מיטן נאָמען רופּילוס.

רופּילוס האָט זיך באַטייליקט אין דעם מאָרד פון דעם אידעאַליסטישן

סאָציאַל־רעפאָרמער טיבער גראַקך, און אויך געזוכט צו שענדן זיין אָנדיינק דורך „אונטערזוכן" זיינען כלומרשטע „שלעכטע מעשים". אָט דער בלוט־טיקער שונא פון פרייהייט איז געוואָרן געשיקט קיין סיציליע צו נעמען נקמה פון די זיך באַפרייטע שקלאַפן פון דער רוימישער אימפעריע.

אַלס שטייער־מאָנער און לאַנד ספעקולאַנט אין סיציליע, האָט ער גרינטלעך געקאָנט דאָס גאַנצע לאַנד, איר יעדן באַרג און טאָל. ער האָט אויך געוואוסט דעם צושטאַנד פון יעדער שטאָט. האָט ער באַלד אָנגעהויבן צו איזאָלירן געוויסע פעסטונג־שטעט און זיי אויסהונגערן דורך באַלאַגערן. אין באַזיג פון טיכטיקע באַלאַגערונגס־מאַשינען און אומבאַגרענעצטע מיטלען, האָט די רוימישע אַרמיי געמוזט סוף כל סוף באַזיגן די אויסגעהונגערטע שקלאַפן באַפעלקערונג.

די שטאָט טיראַמאַניאַ איז געוואָרן פאַרטיידיקט פון קלעאָנ'ס ברודער, קאָמאַ. ווען דער הונגער אין שטאָט איז געוואָרן שרעקלעך און געטריבן די באַפעלקערונג, אַזוי ווי שפּעטער אין ירושלים, צו מענטשן־פרעסעריי, האָט דער הונגעריקער קאָמאַנדיר זיך אַרויסגעגנבעט פון שטאָט, מעגלעך מיטן געדאַנק צו ברענגען הילף פון דרויסן, איז ער אַריינגעפאַלן צו די רוימער אין פּלען. עס ווערט דערציילט, אַז די רוימער האָבן געוואָלט אַרויסקריגן פון אים די פּאָר זיי נויטיקע אינפאָרמאַציע. ער האָט אָבער באַדעקט זיין קאָפּ מיט זיין מאַנטל, אַריינגעצויגן דעם אָטעם און ניט געאָטעמט ביז ער איז געבליבן טויט.

דורך אַ פאַרראַט פון אַ פאַרווילדעטן הונגעריקן אָפיצער האָבן זיך די רוימער שפּעטער אַריינגעריסן אין די מויערן פון שטאָט. און ווי איז געווען די באַזיגטע. די וואָס זיינען נאָך ניט געווען טויט פון הונגער, האָבן אויסגעהויכט זייערע אָטעמס אויפן צלם. רופּילוס האָט זיי אַלעמען געקרייציקט און אַרונטערגעשליידערט זייערע טויטע קערפּערס אין אַ טיפן טאָל.

דערמוטיקט דורך זיין זיג איבער טיראָמאַניאַ, האָט רופּילוס מאַרשירט קעגן ענאַ, די הויפּטשטאָט פון דער שקלאַפן־מלוכה. אַכאַאוס איז שוין געווען טויט און די שטאָט איז געוואָרן פאַרטיידיקט פון גענעראַל קלעאָן. נאָר כאָטש קלעאָן האָט געהאַט געגנוג מוט, האָבן אים אָבער געפעלט די זעלטענע איינפאַלן און די מעכטיקע ווילנסקראַפט פון דעם פאַרשטאָרבענעם שטאַטסמאַן און העלד.

קלעאָן פלעגט, ווי שפּעטער די אידישע העלדן פון דער באַלאַגערטער ירושלים, אָפט באַפאַלן די רוימישע באַלאַגערער און מאַכן אַ חורבן אין זייערע רייען. נאָר איינמאָל האָט ער זיך אָנגעטראָפן מיט אַ גרויסער צאָל רוימער, וואָס האָבן זיך געגרייט צו זיין אַטאַקע. האָט ער געקעמפט גלייך

מיט זיינע סאָלדאַטן ביז ער איז געפאַלן טויט.

דער טויט פון העלדישן קאָמאַנדיר האָט אַנטמוטיקט די באַלאַגערטע שקלאַפן און אַפילו עינוס אַליין האָט פאַרלאָרן די האָפענונג אַף אַ זיג. ווען די רוימער האָבן זיך דאָס דערוואוסט איז שוין זיי ניט געווען שווער צו קריגן פאַר געלט אַ פאַררעטער וואָס זאָל פאַר זיי עפענען די טויערן פון שטאָט. דער סוף איז געווען אַ טרויעריקער. טויזנטער שקלאַפן זיינען געוואָרן געקרייציקט, אויפגעהאָנגען אַף צלמים און טויזנטער שקלאַפן זיינען געוואָרן אַרונטערגעוואָרפן פון הויכע פעלזן אין טיפע אָפגרונטן.

עינוס מיט אַ וואַך פון 1,000 קעמפער האָבן זיך געראַטעוועט אין די בערג. נאָר די רוימער האָבן אויסגעפונען זייער באַהעלטעניש. די העלדן האָבן זיך ליבער איינער די אַנדערע אויסגעקוילעט, איידער זיך אונטערגעבן דעם שונא און שטאַרבן דעם שאַנד־טויט אַפן צלם. נאָר עינוס גופא איז אין די צען יאָר קעניגן געוואָרן פאַרווייכלעכט און ניט געהאַט קיין מוט זיך צו נעמען דאָס לעבן. ער האָט צוזאַמען מיט זיין בעקער, קוכער, בעדער און הויף־נאַר זיך באַהאַלטן אין אַ טיפן פעלזן־שפאַלט. די רוימער האָבן אים פון דאָרט אַרויסגעשלעפט, אויפגעהאָנגען אַף צלמים זיינע פיר באַגלייטער און אים אַליין אָפגעשיקט קיין רוים. דאָרט האָט מען אים פאַרשפאַרט אין אַן אונטערערדישער תפיסה, וואו ער איז געלעגן געשמידט אין קייטן, אין שמוץ און פינצטערניש, און איז אויפגעפרעסן געוואָרן פון לייז.

נאָך דעם צוזאַמענברוך פון ענאַ האָבן שוין די רוימער לייכט געקאָנט „באַרואיקן” דאָס לאַנד. די מערסטע געפאַנגענע שקלאַפן, וואָס זיינען געווען אין חשד, אַז זיי האָבן זיך באַטייליקט אין קאַמף קעגן רוים זיינען געוואָרן געקרייציקט. די איבעריקע האָבן די רוימער פאַרשפאַרט אין די אונטערערדישע שטיינהאַקערייען, וואו זיי האָבן געענדיקט זייער לעבן אַרבעטנדיק געשמידט אין קייטן. די וואָס האָבן זיך ניט באַטייליקט אין פרייהייטס־קאַמף, זיינען געוואָרן אומגעקערט צוריק צו זייערע געוועזענע הערן, אָדער זייערע יורשים.

אַזוי האָט רוים גענומען נקמה פון די סיציליער שקלאַפן וואָס האָבן זיך געוואָלט דערלייזן פון קנעכטשאַפט. נאָר אָט די צענדליקער טויזנטער מאַרטירער־טויטן אַפן צלם און אין טיפע פעלזן־שפאַלטן זיינען ניט געוואָרן קיין אָפשרעקנדיקער ביישפיל פאַר די מיליאָנען פאַרשקלאַפטע און געפייניקטע. פאַרקערט, עס האָט זיי באַגייסטערט צו נייע פאַרזוכן און וויטערער מסירת נפש פאַר פרייהייט און דערלייזונג.

# טריפאָן, אַטהעניאָ און סאַטיר

זייערע נעמען זיינען ניטאָ אַפילו אין דער אויספירלעכסטער ענציקלאָ־פּעדיע. זייערע העלדנטאַטן ווערן ניט דערמאָנט אין קיין לערבוך פון געשיכטע. קיין דיכטער האָט קיינמאָל ניט באַזונגען זייער פרייהייטס־קאַמף און העלדנטוים. דאָך האָבן די אַלטע רוימישע כראָניקער פאַרצייכנט אַ היפּש ביסל פאַקטן איבער דער טעטיקייט פון אָט די דריי פּראָלעטאַרישע קלאַסנקעמפער. אַלע דריי — טריפאָן (טרפון) אַטהעניאָ און סאַטיר — האָבן געלעבט און געווירקט אין סיציליע, וואו זיי האָבן אָנגעפירט די דאָרטיקע צווייטע שקלאַפן רעוואָלוציע, פון יאָר 104 ביז 99 פ. ק.

קנאַפּע דריי צענדליק יאָר זיינען פאַרגאַנגען זינט די ערשטע שקלאַפן־רעוואָלוציע אין סיציליע איז געוואָרן באַזיגט און צענדליקער טויזנטער פרייהייטס־ליבנדע פּראָלעטאַריער האָבן אויסגעהויכט זייערע אָטעמס אויף די רוימישע צלמים־תליות. נאָר דער פרייהייטס־גייסט איז ניט געוואָרן פאַר־טיליקט אין סיציליע. עס האָט בלויז געדאַרפט אַ שטראַל טאָן די האָפענונג אויף פרייהייט און פאַרשקלאַפטע פּראָלעטאַריער האָבן זיך ווידער גענומען צו די וואָפן.

די געלעגנהייט איז געקומען אין פרילינג 104 פ. ק. רוים איז, ווי שטענדיק, געשטאַנען אין מלחמה. נאָר איר ברויכבאַרער מענטשן־מאַטעריאַל פאַרן קריג איז אַלץ געוואָרן וויניקער אין אייגענעם לאַנד. האָט זי זיך געמוזט ווענדן נאָך סאָלדאַטן צו אירע פּראָווינצן און מאַנדאַ־טאָריען. אַזוי האָט זי זיך אויך געווענדט צום פּראָפּרעטאָר (גובערנאַטאָר) פון סיציליע איר צוצושטעלן אַ געוויסע צאָל סאָלדאַטן. נאָר יעדער פּראָ־לעטאַריער אין סיציליע איז געווען פאַרשקלאַפט. אויסער די אריינגעפירטע שקלאַפן פון אויסלאַנד, זיינען די מערסטע פרייע פויערים און ארבעטער געוואָרן פאַרקויפט אין קנעכטשאַפט פאַר ניט קאָנען צאָלן קיין שטייערן אָדער שולדן. דער איינציקער אויסוועג איז דערפאַר געבליבן צו באַפרייען די שקלאַפן און זיי מאַכן פאַר סאָלדאַטן.

האָט דער רוימישער גובערנאַטאָר ליציו נערוואַ, ארויסגעלאָזן אַ רוף, אַז די שקלאַפן וואָס וועלן גיין אין מלחמה פאַר רוים, וועלן קריגן זייער פרייהייט. האָבן די שקלאַפן־האַלטער פּראָטעסטירט און דערביי אויך געגעבן דעם רוימישן גובערנאַטאָר אַ היפּשן כאַבאַר ער זאָל צוריקציען זיין פאַרשפּרעכן.

ווען די ערשטע מחנה פון 800 העלדישע אַנטלאָפענע שקלאַפן האָבן זיך געמעלדעט צום רוימישן גובערנאַטאָר, האָט ער זיי געראַטן צו גיין צוריק

צו זייערע האַרן. נאָר די וואָס צעברעכן איינמאָל זייערע שקלאַפן־קייטן, קאָנען זיי פּריוויליק ניט אַנטאָן מער. זיי האָבן אויך געוואוסט וואָס פאַר אַ גרויזאַמע שטראָפן עס דערוואַרטעט זיי פון זייערע האַרן. זיינען זיי געלאָפן צום טעמפּל פון די פּאַליקאָאַי (געבויט פאַרן צווילינג פון יופּיטער און דער נימפע טהאַליאַ), וואָס איז געווען אַן עיר מקלט פאַר אַלע אַנטלאָפענע קנעכט.

דער טעמפּל פון די פּאַליקאָאַי, האָט זיך געפונען צווישן די אָזערעס אין מערב פון דער שטאָט סיראַקיוז. די געגנט איז געווען פול מיט פאַר־טויבנדיקע קולות פון וואַסערפאַלן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט דעם ריח פון שוועבל. אַרום און אַרום זיינען געווען וועלדער און זומפּן, וואָס האָבן געהאַט אַ נאָמען, אַז זיי זיינען פול מיט פאַרשיידענע שדים און רוחות, פעיען און נימפן. איבער גאַנץ סיציליע זיינען געווען פאַרשפּרייט אַלערליי וואונדער־מעשיות, נסים און נפלאות פון אָט דעם הייליקן פּלאַץ. עס האָט געהייסן, אַז די דאָרטיקע געטער און רוחות אונטערשיידן ניט צווישן האַרן און קנעכט, און ווי איז דעם האַר וואָס וויל אַוועקנעמען פון דאָרט זיין שקלאַף מיט געוואַלט.

צו אָט דעם פון וואונדער אַרומגעשפּונענעם „עיר מקלט״ זיינען אין אַ זומער־נאַכט פון יאָר 104 פ. ק. אָנגעקומען 800 אַנטלאָפענע שקלאַפן. זיי האָבן דאָרט אונטערן שוץ פון די וועלדער און זומפּן גרינטלעך אַרומ־גערעדט זייער לאַגע און באַשלאָסן אָנצוהויבן ווידער אַמאָל דעם קאַמף פאַר פרייהייט

נאָך דער ערשטער פאַרזוך האָט זיך געענדיקט פאַר זיי טראַגיש. איינער פון די רוימישע אַרומשלעפּער, אַן אַנטלאָפענער פאַרברעכער, גאַדאַע, האָט זיך אויסגעגעבן כלומרשט פאַר אַ פריינט פון די שקלאַפן און זיי פאַר־ראַטן ביי דער ערשטער געלעגנהייט צום גובערנאַטאָר. די אַלע, וואָס זיינען געוואָרן געכאַפּט, האָבן די רוימער געקרייציקט אָדער אַרונטערגעוואָרפן פון הויכע פעלזן.

נאָך אַזוי גיך ווי דער גובערנאַטאָר האָט פאַנאַנדערגעלאָזן זיין מיליץ, האָבן זיך די שקלאַפן ווידער גענומען אָרגאַניזירן צום קאַמף. דער ערשטער אויפשטאַנד האָט אויסגעבראָכן ביי העראַקלעאַ מינאָאַ, אין מזרח־דרום ים־ברעג פון סיציליע, אויף דעם גרויסן מאַיאָנטעק פון דעם מיליאָנערסקן רוימישן ריטער קלאָני. אונטער דער פירערשאַפט פון דעם שקלאַף סאַלווי האָבן 80 קנעכט צעבראָכן זייערע קייטן און זיך באַפרייט פון דער „ערגאַסטולאַ״ (די אונטערערדישע הייל וואו זיי פלעגן ווערן געהאַלטן געשמידט נאָך דער אַרבעט). זיי האָבן געטויט זייער גרויזאַמען האַר און אויפגעהויבן די פאָן

פון מרידה.

אין אַ קורצער צייט האָבן זיי שוין געהאַט אַרום זיך פאַרזאַמלט צוויי טויזנט אַנטלאָפענע שקלאַפן, באַוואָפנט מיט העק, סערפּן, פלעקער, א. ד. גל. זיי האָבן אויפגעשטעלט זייער לאַגער ביים טייך אַלאַבאַ, צופוסן פון באַרג קאַפּריאָן און געווען גרייט צו באַגעגענען די האַרן־אַרמיי.

אין פרילינג פון יאָר 103 פ. ק. איז געוואָרן אויסגעפּאַכטן די ערשטע רעגולערע מלחמה צווישן די שקלאַפן און די רוימישע האַרן. די פּאָר פריי־הייט קעמפנדיקע שקלאַפן האָבן באַזיגט די גוט־באַוואָפנטע רוימישע סאָל־דאַטן. באַלד נאָכדעם איז די פרייהייט־אַרמיי אויסגעוואַקסן צו זעקס טויזנט מאַן, גוט באַוואָפנט מיט רוימישע געווער. זיי האָבן געעפנט איין „ערגאַס־טולאַ" נאָך דער צווייטער, באַפרייט די שקלאַפן פון זייערע קייטן און פאַר־גרעסערט כסדר די רייען פון זייערע פרייהייטס־קעמפער. זיי האָבן אויס־געוויילט זייער פירער, סאַלווי, פאַר אַ קעניג און ער האָט געקראָגן דעם אויפטראַג ווידער אויפצושטעלן די מלוכה פון באַפרייטע שקלאַפן, וואָס די רוימער האָבן צעשטערט מיט דרייסיק יאָר צוריק.

דער געוועזענער שקלאַף סאַלווי איז געווען אַן ענערגישער, פּייאיקער בראַווער מאַן. ער האָט אויך געשפּילט אַפן פלייט און איז געוואָרן באַטראַכט פאַר דעם ליבלינג פון די געטער. די פּראָסטע שקלאַפן האָבן אים געהאַלטן פאַר זייער נביא און משיח און געהאַט צו אים אַ שטאַרקן צוטרוי. זיי האָבן זיך אין אים ניט גענאַרט. ער האָט איינגעטיילט זיין אַרמיי אין דריי דיוויזיעס אונטער פּייאיקע קאָמאַנדירן ער האָט זיי געלערנט ניט צעשטערן קיין זאַך וואָס קאָן נוצן די מאַסן. ער האָט זיי געוואָרנט קעגן הונגער אין פאַל זיי וועלן פאַרוויסטן דאָס לאַנד. יעדע דיוויזיע האָט באַקומען אַ באַפעל צו מאַרשירן דורך אַ געוויסער געגנט און זאַמלען נויטיקע פּראָוויאַנט און וואָפן. נאָכדעם זאָלן זיי זיך אַלע דריי דיוויזיעס צוזאַמענטרעפן. דער רעזולטאַט איז געווען אַ גוט־באַוואָפנטע, גוט־אויסגעמושטירטע און גוט־דיסציפּלינירטע אַרמיי פון 20,000 פוסגייער, 2,000 רייטער, באַזאָרגט מיט אַלע נייטיקע לעבנסמיטל אויף אַ לאַנגער צייט

די דערפאַרונג פון דער לעצטער שקלאַפן־מלוכה, ווי אַזוי די רוימער האָבן באַלאַגערט די באַפעסטיקטע שטעט און זיי אויסגעהונגערט, האָט סאַלווין געלערנט ליבער צו קעמפן אין אָפענעם שלאַכטפעלד. אָנשטאָט דעם איז ער אָנגעפאַלן אויף דער פון־שונא־באַפעסטיקטער שטאָט מאַרגאַנטיאָן. די רוימער און זייערע פאַרבינדעטע האָבן געכאַפּט אַ מפּלה. 600 זיינען געפאַלן אין דער שלאַכט און 4,000 איטאַליענער און גריכישע סאָלדאַטן זיינען גענומען געוואָרן געפאַנגען.

אַט דער זיג האָט געמאַכט די באַפרייטע שקלאַפן אַלס די האַרן פון מזרח און דרום־סיציליע. זיי האָבן געבראַכט קרבנות צום טעמפּל אין „עיר מקלט", וואו ס'איז פאָרגעקומען די ערשטע רעוואָלוציאָנערע בעראַטונג. סאַלווי האָט געענדערט זיין נאָמען אויף טריפאָן, אָנגעטאָן קעניג־קליידער און אָנגעהויבן איינפירן סיסטעמאַטיש די נייע מלוכה.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרייהייטס־באַוועגונג צווישן די שקלאַפן אין מערב־סיציליע. דער פירער איז געווען דער שקלאַף אַטהעניאָ, וואָס האָט געשטאַמט פון קיליקיע, קליין־אַזיע.

אַטהעניאָ איז געווען אַ פייאיקער אָרגאַניזאַטאָר. דאָס האָבן אויך אָנערקענט זיינע האַרן, וואָס האָבן אים באַשטימט פאַרן אויפזעער איבער די 200 שקלאַפן, וואָס האָבן געהאָדעוועט און געפיטערט זייערע בהמות. נאָר ער איז ניט געוואָרן קיין לאַקעי פון זיינע האַרן, נאָר געדינט די אינטערעסן פון די פּראָלעטאַריער און האָט זיי אָרגאַניזירט צום קאַמף. זיי האָבן אויפגעבראָכן די „ערגאַסטולאַ", וואו אויך זיינע און זייערע פאַמיליעס זיינען געווען פאַרשפאַרט. זיי האָבן געטויט זייערע האַרן, צוויי מיליאָנערסקע ברידער, און אין פינף טעג האָט אַטהעניאָ אָרגאַניזירט אַן אַרמיי פון 1,000 מאַן. די באַפרייטע שקלאַפן האָבן אים באַטראַכט פאַרן נאָכפאָלגער פון עינוס. זיי האָבן געגלויבט אַז ער קאָן ווייזן וואונדער, איז אַ שטערנזעער, אַ נביא, אַ משיח און דער ליבלינג פון דער פּראָלעטאַרישער געטין סערעס, אָדער דעמעטער.

די רוימער האָבן קעגן אים געשיקט אַרמייען, נאָר ער האָט זיי צוריקגעשלאָגן מיט גרויסע פאַרלוסטן. זיין רעוואָלוציאָנערע אַרמיי פון 10,000 מאַן איז באַשטאַנען בלויז פון דיסציפּלינירטע, מוטיקע, קרעפטיקע מענער. די איבעריקע אַנטלאָפענע שקלאַפן האָט ער געשיקט באַאַרבעטן לאַנד, כדי ניט צו האָבן דעם הונגער־סוף פון דער שקלאַפן־מלוכה מיט דרייסיק יאָר פריער.

טריפאָן האָט ניט געוואָלט דולדן קיין צוויי מלוכות פון שקלאַפן אין סיציליע. בפרט, אַז אַטהעניאָ האָט ליב געהאַט צו גיין אויסגעפּוצט אין אַ מאַנטל פון פּורפּור, מיט אַ זילבערנעם שטעקן אין האַנט און מיט אַ קרוין אַפן קאָפּ. האָט טריפאָן באַפוילן, אַטהעניאָ זאָל קומען צו אים אין קעניגשטאָט טריאָקאַלאַ, ביים טייך אַלאַבאַ. אַטהעניאָ האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פון צו קומען, נאָר ער האָט בלויז מיטגעבראַכט 3,000 מאַן פון זיין אַרמיי, די איבעריקע 7,000 מאַן האָט ער געלאָזן אין פעלד. דאָך האָט אים טריפאָן געהאַלטן אַרעסטירט און איז געבליבן דער איינציקער הערשער פון סיציליע, וואו ער האָט איינגעפירט אויסערלעך די רוימישע רעגירונגס־פאָרמען. ווען רוים האָט אַריינגעשיקט אַ נייעם גובערנאַטאָר, לוקול, מיט אַן אַרמיי פון

25,000 סאָלדאַטן (וואָס האָט מיט זיך געבראַכט פּאַרטיקע צלמים צו קרייציקן די געפאַנגענע שקלאַפן), האָט טריפאָן איבערגעגעבן אַטהעניאָן די קאָמאַנדע איבער דער אַרמיי. ער האָט אויך אָנגענומען זיין עצה ניט צו לאָזן זיך באַלאַגערן אין אַ פעסטונג, נאָר קעמפן אין אָפענעם פעלד — געווינען אָדער פאַרלירן.

אַטהעניאָ האָט געוויזן וואונדער אין דער שלאַכט קעגן די רוימישע הארן. ער האָט זיך אַריינגעריסן מיט זיינע רייטער אינמיטן פון דער רוימי־שער אַרמיי, און געקעמפט, ביז ער איז אַרונטערגעפאַלן פון פערד פאַר־וואונדעט. ביידע אַרמייען האָבן געקעמפט פאַרעקשנט, און די פאַרלוסטן פון ביידע צדדים זיינען געווען גרויס. דער שווער־פאַרוואונדעטער אַטהעניאָ איז געבליבן ליגן צווישן די טויטע. נאָר ער האָט זיך דערהאַלט און איז געקומען צוקריכן צוריק אין שטאָט. ניין טעג שפעטער, ווען די רוימישע אַרמיי האָט אָנגעהויבן מאַרשירן קעגן טריאָקאַלאַ, איז אַטהעניאָ שוין ווידער געשטאַנען אין שפיץ פון דער אַרמיי און צוריקגעטריבן די רוימער מיט גרויסע פאַרלוסטן און איר גאַנץ דעמאָראַליזירט. דערווייל איז טריפאָן געשטאָרבן, מעגלעך אין קאַמף, און אַטהעניאָ איז געוואָרן קעניג.

נאָך אַ פּאָר מלחמות מיט רוים, זיינען די באַפרייטע שקלאַפן געווען די הערשער פון כמעט גאַנץ סיציליע, און רוים האָט ווידער פאַרלאָרן איר קאָרן־קאַמער. האָט רוים געשיקט אין יאָר 101 פ. ק. איר ניי־דערוויילטן קאָנסול אַקוויל מיט אַ גרויסער אַרמיי. אַטהעניאָ האָט זיך ווידער אַריינ־געריסן אינמיטן פון דער רוימישער אַרמיי און זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן קאָנסול אַקוויל. ביידע זיינען געווען גוטע פעכטער מיטן שווערד; ביידע זיינען געוואָרן פאַרוואונדעט, נאָר צולעצט איז אַטהעניאָ געפאַלן טויט. דאָס האָט דעמאָראַליזירט די שקלאַפן־אַרמיי און זי האָט פאַרלאָרן די שלאַכט. פון די 20,000 מאַן אין דער פרייהייטס־אַרמיי זיינען די מערסטע געפאַלן אין קאַמף, אָדער געוואָרן אויפגעהאַנגען אויפן צלם. די איבעריקע זיינען צעלאָפן.

עס האָט זיך ווידער, ווי אַמאָל, אָנגעהויבן אַ געיעג נאָך די אַנטלאָפענע שקלאַפן־מאַסן. אַ טייל שקלאַפן האָט אַקוויל געלאָזט קרייציקן, אַנדערע האָט ער צוריקגעקערט צו זייערע הארן. אַף אַן אויפשריפט זיינעם, וואָס איז געפונען געוואָרן אין איטאַליע, דערציילט ער, אַז ער האָט צוריקגעקערט קיין איטאַליע 917 שקלאַפן, וואָס זיינען געווען אַנטלאָפן קיין סיציליע.

די אָפן שלאַכטפעלד באַזיגטע פרייהייטס־קעמפער, צו וועלכע עס האָבן געהערט ניט בלויז אַנטלאָפענע שקלאַפן, נאָר אויך אַ סך פרייע אַרבעטער און פויערים, האָבן אָנגעהויבן אַ גאָרילאַ־קאַמף קעגן די רוימישע הארן. דער פירער פון גאָרילאַ־קאַמף איז געווען דער העלדישער גריך, סאַטיר.

נאָך אַ צוויי־יאָריקן קאַמף האָט קאָנסול אַקוויל אויסגעוואָרצלט, אַז סאַטיר און זיינע העלדן זאָלן זיך אונטערגעבן. ער האָט זיי פֿאַרזיכערט צו באַ־האַנדלען ווי די קריגס־געפֿאַנגענע פֿון אַ חשובן שונא. נאָר באַלד, ווי זיי האָבן זיך אונטערגעגעבן, האָט ער זיי פֿאַרראַטן און זיי אַריינגעפֿירט קיין רוים, געשמידט אין קייטן. ער האָט זיי צוגעשטעלט אין צירק, וואו זיי זאָלן לכבוד זיין טריאומף קעמפֿן ווי גלאַדיאַטאָרן מיט ווילדע חיות. נאָר סאַטיר און זיינע העלדישע חברים האָבן באַשלאָסן ליבער זיך נעמען דאָס לעבן. האָבן זיי באַלד, ווי מען האָט זיי אַרויסגעפֿירט אויף דער בינע, שנעל זיך איינע די אַנדערע דערשטאָכן. דער לעצטער צו שטאַרבן איז געווען סאַטיר, וואָס האָט זיך אַליין געטויט.

די ברייטע מאַסן אין צירק האָבן זיך באַלד געשטעלט אויף דער זייט פֿון די פּראָלעטאַרישע מאַרטירער. דער טריאומף פֿון קאָנסול איז געווען זיין מפּלה. שפּעטער אַ ווייל איז ער געוואָרן אָנגעקלאָגט אין כאַבאַר, באַטרוג, א. אַ. וו. ער האָט זיך קוים געראַטעוועט מיטן לעבן, און איז אַוועק אין קריג אין קליין־אַזיע. דאָרט איז ער געפֿאַנגען געוואָרן און מען האָט אים געטויט דורך אַריינגיסן אים געשמאָלצענעם גאָלד אין האַלז. די פּראָ־לעטאַריער פֿון רוים האָבן עס באַטראַכט פֿאַר אַ גערעכטער שטראָף פֿאַר דעם היינקער פֿון די סיציליער פֿרייהייט־קעמפֿער

## ספּאַרטאַק

דער וועג פֿון פֿאָרשריט פֿירט איבער קברים. פֿאַר יעדן פֿאַרזוך צו פֿאַרמענטשלעכן דעם מענטשן, האָט דער פּראָלעטאַריאַט באַצאָלט מיט דעם בלוט פֿון לעגיאָנען נאָמענלאָזע העלדן און מאַרטירער.

די היסטאָריקער פֿון הערשנדיקן קלאַסן האָבן זעלטן זיך גענומען די מי צו פֿאַרצייכענען די נעמען אַפֿילו פֿון יענע אויסדערוויילטע יחידים, וואָס האָבן אָט די פּראָלעטאַרישע לעגיאָנען געפֿירט אין פֿרייהייטס־קאַמף. דאָס רוב האָט דער פֿיינטלעכער היסטאָריקער פֿאַרצייכנט אָט די קלאַסנקעמפֿער פֿאַר באַנדיטן און רויבער, אַזוי ווי ער האָט געשטעמפּלט די פֿאַר פֿרייהייט קעמפֿנדיקע מאַסע מיט די נעמען בעסטיע, קאַנאַליע, פּעבל, רינשטאָק א. ד. ג.

נאָר פֿון צייט צו צייט האָט זיך דערהויבן אַזאַ פּראָלעטאַרישער פֿירער, וועמעס נאָמען עס האָט דורות נאָכאַנאַנד אַרויסגעוואָרפֿן אַ פּחד אויף די אונטערדריקער און אויפֿגעוועקט די האָפֿענונג אויף דערלייזונג ביי מיליאָנען פֿאַרשקלאַפֿטע און אונטערדריקטע. אַזאַ נאָמען — ספּאַרטאַק — לייכט צו אונדז אַרונטער מיט פֿייערדיקע אותיות פֿון קלאַסישן אַלטערטום. נאָך

אין אונזער צייט— צוויי טויזנט יאָר נאָך זיין העלדן־טויט — איז זיין נאָמען געוואָרן די פאָן ארום וועלכער די מארטירער ראָזע לוקסעמבורג און קארל ליבקנעכט האָבן פארזאמלט דעם העלדישן דייטשישן פראָלעטאריאט צום קאמף פאר סאָציאלער באפרייאונג.

ווי יעדער אומשטערבלעכער העלד, איז ספארטאק ארומגעוועבט מיט לעגענדן, פאראייביקט פון דער קונסט אין דער פּאָעזיע, מוזיק, מאלעריי און סקולפּטור.



ספּאַרטאַק

די לעגענדע דערציילט, אז ספארטאק איז א שקלאף בן שקלאף. ד שנאה צו שקלאפעריי האָט ער איינגעזויגן מיט זיין מוטער'ס מילך. זיין פאָטער איז געשטאָרבן געשמידט אין שקלאפן־קייטן, און דאָס פופצן יעריק אינגל האָט דערביי געשוואָרן נקמה קעגן שקלאפעריי און שקלאפן־האלטער.

נאָך די היסטאָריע האָט פארצייכנט גאָר אנדערע פאקטן. ספארטאק איז געבאָרן געוואָרן אין פרייהייט, אין אן אלטער פאמיליע פון פירער און קעמפער אין דער גריכיזירטער טראקיע. ווי א סך אנדערע העלדישע זין פון זיין לאנד, האָט די רוימישע אויבערמאכט אים רעקרוטירט אין איר ארמיי.

נאָר דער פֿרייהייט־ליבנדער העלד האָט ניט געוואָלט אָפּגעבן זיין לעבן פֿאַר רוימ׳ס פֿעלקער פֿאַרשקלאַפֿונג. איז ער צוזאַמען מיט זיין גאַנצער אָפּטיילונג טראַקיער סאָלדאַטן אַנטלאָפֿן אין די בערג פֿון זיין לאַנד. נאָר רוימ׳ס האַנט האָט אים אויך דאָרט דערגרייכט און באַשטראָפֿט דורך פֿאַרקויפֿן אַלס שקלאַף.

דער יונגער, זעלטן־שיינער און אויסערגעוויינלעך שטאַרקער שקלאַף, האָט ניט געקאָנט בלייבן אומבאַמערקט. איז ער געוואָרן געקויפֿט און פֿאַר־קויפֿט, ביז ער איז אָנגעקומען צו אַזאַ האַר, וואָס האָט אים אויסגעוויילט פֿאַר דער קאַריערע פֿון אַ גלאַדיאַטאָר.

די גלאַדיאַטאָרן פֿלעגן אויפֿטרעטן אין פּריוואַטע און עפֿנטלעכע אַרענעס, וואו זיי פֿלעגן זיך ראַנגלען און פֿעכטן פֿאַרן פֿאַרגעניגן פֿון די הערן, ביז איינער פֿלעגט פֿאַלן טויט. דאָס רוב איז דער גלאַדיאַטאָר־קאַמף פֿאַר־געקומען מיט קינזשאַלן אין די הענט און אויך דער זיגער איז געוואָרן אָפּגע־גאָסן מיט בלוט. זעלטן וועןן אַ גלאַדיאַטאָר איז געשטאָרבן אַ נאַטירלעכן טויט. דער גרעסטער גיבור איז סוף־כל־סוף געפֿאַלן אַ צעשניטענער, אַ צעקריפּלטער אויף דער אַרענע. ביי געוויסע געלעגנהייטן פֿלעגן גלאַדיאַטאָרן




רוימישע גלאַדיאַטאָרן

אויך דאַרפֿן קעמפֿן מיט ווילדע חיות, מיט לייבן, טיגערס און לעמפּערטן, און פֿאַלן אויף דער אַרענע צעריסן אין שטיקער.

אויסער די אַמפֿיטעאַטערס פֿון רוים און אַנדערע שטעט, וואו די גלאַדיאַטאָרן פֿלעגן אויפֿטרעטן ביי פֿעסטן צו „אַמוזירן" די פֿאַר־

זאמלטע, האָבן די רייכע האַרן געהאַט אויך אייגענע פּריוואַטע אַרענעס אין זייערע פּאַלאַצן. דאָרט פלעגן די פּריצים און גבירים אָפט אַראַנזשירן אַזוינע „שפּילן" לכבוד זייערע געסט. באַזונדערס איז עס געוואָרן אַ מנהג צו האָבן אַ גלאַדיאַטאָר־שפּיל אַף דער הוליאַנקע, וואָס פלעגט ווערן אַראַנזשירט נאָך אַ לויה.

נאָכדעם ווי די אַריסטאָקראַטישע דאַמען און הערן פלעגן זיך גוט אָנשיכורן, פלעגן אויפטרעטן אַף דער אַרענע צוויי אָדער פיר גלאַדיאַטאָרן און פעכטן מיט קינזשאַלן, ביז איינער פלעגט דעם צווייטן טויטן. פאַרשיכורט פון וויין און בלוט, פלעגן די ברוטאַלע געסט אַפּלאָדירן יעדעס מאָל, ווען אַ גלאַדיאַטאָר פלעגט פאַלן שטערבלעך פאַרוואונדעט אין אַ טייך בלוט.

די גלאַדיאַטאָרן־שול פון טענטול באַציאַט, דער קצב פון קאַפּוא, וואו מען האָט העלדישע יונגע לייט געלערנט ווי אַזוי איינער דעם אַנדערן צו טויטן, האָט געהאַט אַ פּאָר הונדערט תלמידים — טראַקיער, גאַליער, דייטשן און אויך פּראָלעטאַרישע רוימער. ספּאַרטאַק, דער שענסטער, שטאַרקסטער און מוטיקסטער פון זיי אַלע, איז אויך געווען דער אינטעליגענטסטער. ער האָט גערעדט פליסיק גריכיש און לאַטיין און געווען גענוי אינפאָרמירט איבער דער לאַגע אין דער רוימישער מלוכה. ער האָט געוואוסט אַלע איינצלהייטן פון דעם קאַמף פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן אין רוים און אין איטאַליע, פון די שקלאַפן אויפשטאַנדן אין לאַנד און אויסלאַנד. ער האָט אויך קלאָר פאָראויסגעזען, וואָס די אַלע העלדישע גלאַדיאַטאָרן דערוואַרט, ווען זיי וועלן ווערן אַרויסגערופן אַף דער אַרענע זיך איינע די אַנדערע צו דערמאָרדן פאַר דעם פאַרגעניגן פון די האַרן.

ספּאַרטאַק איז בטבע געווען אַ פּאָעטישע נאַטור. ער האָט בסדר געטרוימט פון אַ לעבן אין רו און פרידן, צווישן די בערג פון זיין פאָטערלאַנד. נאָר ער האָט גוט געוואוסט פון דערפאַרונג, וואָס עס מיינט אַנטלויפן פון רוים. ער האָט דערפאַר געפּלאַנט צו אַנטלויפן ניט ביחידות, נאָר צוזאַמען מיט דער גאַנצער שול, זיך פאַראייניקן מיט די אומצופרידענע שקלאַפן און פרייע אַרבעטער און צוזאַמען אויסקעמפן זייער באַפרייאונג. אין אָט די אַלע פּלענער האָט ער געהאַט די פולע אונטערשטיצונג פון זיין קלוגער, העלדישער דייטשישער פרוי, אוריניע. זי איז געווען אַ פּריסטערין פון אַ פּראָלעטאַרישן טעמפּל און איז נביאות געזאָגט, אַז זיין לעבן וועט זיין רייך אין גרויסע טאַטן און ער וועט שטאַרבן אַ גליקלעכער.

אין דרויסן פון דער שול איז אָנגעגאַנגען אַ שווערער קלאַסנקאַמף. די זיגרייכע קאָנטער־רעוואָלוציע, דורכגעפירט פון דיקטאַטאָר סולאַ, האָט געצוכט צו אונטערדריקן די פּראָפעסיאָנעלע און די כלומרשט רעליגיעזע פּראָלע־

טאַרישע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע עס האָבן זיך אויך באַטייליקט שקלאַפן. די שטאָטישע אַרבעטער און אויך די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן אַפן לאַנד זיינען געווען שטאַרק אויפגערעגט קעגן די מאַכטהאָבער פון רוים.

די סאָלדאַטן־קאָלאָניעס, וואָס דער דיקטאַטאָר סולאַ האָט געגרינדעט אַף דעם באָדן, וואָס ער האָט צוגענומען פון די רעוואָלוציאָנערע פּויערים, זיינען צעפאַלן באַלד נאָך זיין טויט, אין יאָר 78 פ. ק. די שקלאַפן־האַלטער האָבן אָט דעם באָדן אויסגענאַרט פאַר שפּאָט־ביליק פון די נאַאיווע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אין שטאָט און פאַרגרעסערט די צאָל פונם אומזיכערן לומפּן־פּראָלעטאַריאַט. אַזוי זיינען נייע גרויסע טיילן פרוכטבאַר לאַנד געוואָרן פאַרוואַנדלט אין פּאַשע, וואו הונגעריקע, נאַקעטע שקלאַפן האָבן געפיטערט די סטאַדעס פון די גרויסגרונט באַזיצער.

קאַפּוּאַ, די שטאָט וואו ספּאַרטאַק האָט זיך געפונען, וואָס איז אַמאָל געווען אַרומגערינגלט פון פרוכטבאַרע פעלדער, באַאַרבעט פון פרייע פּויערים און לאַנד־אַרבעטער, האָט אין דער צייט פון ספּאַרטאַק'ס אויפטריט געהאַט אַרום זיך בלויז פרעמדע שקלאַפן — טראַקיער ,גאַליער א. אַ. וו. ביטערע שונאים פון רוים , וואָס האָבן געדורשט נאָכן טאָג פון רעכענונג און באַצאָלונג. די שטאָטישע אַרבעטער פון קאַפּוּאַ האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער פאַבריקאַציע פון פאַרפיומען און זיינען געווען אָרגאַניזירט אין אַ „קאָלעגיע" (פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין). דער פאַרזוך צו אונטערדריקן די פּראָלעטאַרישע קאָלעגיעס האָט אויך די אַרבעטער פון קאַפּוּאַ געהאַלטן אין אויפרעגונג. בפרט נאָך, אַז אין יענער צייט האָט אין זייער פאַך געהערשט אַרבעטלאָזיקייט און זייער לאַגע איז געווען קריטיש.

ספּאַרטאַק האָט פון דעם אַלעם געוואוסט און געפּלאַנט דאָס אַנטלויפן פון די גלאַדיאַטאָרן אין אַ פרייענטלעכער סביבה. נאָר ווי אין אַ סך אַנדערע פרייהייט־קאַמפן האָט זיך אויך געפונען אַ פאַררעטער, וואָס האָט מיטגעטיילט דער רעגירונגס־מאַכט דעם פּלאַן פון די גלאַדיאַטאָרן. צום גליק האָט זיך ספּאַרטאַק דערפון דערוואוסט אין צייט. ער האָט באַלד צוזאַמענגענומען 78 העלדן, און מיט דער לאָזונג: „בעסער שטאַרבן אין קאַמף פאַר פרייהייט, איידער זיך איינע די אַנדערע ממיתן פאַרן פאַרגעניגן פון די האַרן", האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן צום טיר, באַוואָפנט מיט לאַנגע קיךמעסער און בראָט־שפּיזן. די מיליטערישע וואַך ביים אַרויסגאַנג פון הויז־טיר און פון שטאָט־טויער איז געווען מאַכטלאָז קעגן זיי. זיי האָבן אויך לייכט צוריקגעשלאָגן די אָפּטיילונג סאָלדאַטן, וואָס האָט זיי נאָכגעיאָגט.

אַרויס אַף דער פריי, האָבן זיי זיך פאַרנומען אַפן וועג צום באַרג וועזוּואוּ, ביי דער פּאָרט־שטאָט נעאַפּל, 20 מייל אין דרום פון קאַפּוּאַ

אפן ווען האָבן זיי באַגעגנט אַ פור מיט וואָפן פאַר די סאָלדאַטן און גלאַדיאַ־טאָרן פון קאַפּוּאַ, האָבן זיי עס קאָנפיסקירט און אויסגעביטן זייערע קיך־מעסער און בראָט־שפּיזן אַף גוטע רוימישע וואָפן. אָנקומענדיק צום באַרג וועזוּווּ האָבן די גלאַדיאַטאָרן אַרויפגעקלעטערט 5,000 — 6,000 פוס אין דער הויך און אויפגעשטעלט זייער לאַגער צווישן די דאָרטיקע ווייַנגערטנער. בלויז איין וועג האָט געפירט אַהין. אַרום און אַרום זיינען געווען גלאַטע פעלזן־ווענט, דורך וועלכע מען האָט ניט געקאָנט ניט אַרויף, ניט אַראָפּ. זיי האָבן אויך אָפּגעהאַלטן אַ קריגס־ראַט און דערוויילט ספּאַרטאַקן פאַר זייער הויפּט־קאָמאַנדיר, און די גאַליער קריקס און ענאָמאַ פאַר זיינע לייטענאַנטן.

די האַרן פון קאַפּוּאַ האָבן געקלאַפּט „טרעוואָגע". זיי האָבן געוואוסט, אַז די אַרומיקע שקלאַפן און אַפילו די שטאָטישע אַרבעטער, זיינען אין סימפּאַטיע מיט די רעוואָלוציאָנערן. האָט רוים געשיקט אַ גענעראַל מיט אַן אַרמיי פון 3,000 מאַן צו פאַנגען די אַנטלאָפענע גלאַדיאַטאָרן און וואַרפן אַ מורא אַף די צעבונטעוועטע שקלאַפן.

דער רוימישער גענעראַל איז אָנגעקומען בייטאָג צום באַרג וועזוּווּ. ער האָט געגוי באַטראַכט די לאַגע און געשטעלט זיין גרויסע אַרמיי ביי דעם איינציקן אַרויפגאַנג צום באַרג.

ספּאַרטאַק האָט באַלד באַפוילן זיינע העלדן אויסצופלעכטן פון די ווייַנשטאָקן לאַנגע לייטערס. און ווען עס איז געוואָרן פינצטער, האָבן זיך די גלאַדיאַטאָרן אַלע אַרונטערגעלאָזן פּאַמעלעך דורך דער גלאַטער פעלזן־וואַנט, וואָס איז ניט געווען באַוואַכט. דער לעצטער מאַן האָט אויך אַזוי פּאַמעלעך אַרונטערגעלאָזן די וואָפן און נאָכדעם אַליין אַרונטער.

די רוימישע מחנה איז געווען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. דער גענעראַל איז געווען זיכער, אַז איר אָנוועזנהייט האָט געמאַכט שלאָפלאָז דעם הייפל פּראָלעטאַריער, אַף וועלכע מען וועט בייטאָג גיין אַף געיעג ווי אַף חיות און נאָכדעם זיי אויסהייגען אַף צלמים. נאָר פּלוצלונג האָבן ווילדע קריגס־קולות ווי פון אַ מחנה פון 10 טויזנט מאַן, דורכגעדרונגען די לופט. די רוימישע סאָלדאַטן האָבן אָנגעהויבן פליען ווי משוגעים אין איבערגעלאָזן אין ספּאַרטאַק'ס הענט באַוואָפענונג און פּראָוויאַנט פאַר 3,000 מאַן. עס זיינען אויך געווען אַ היפּשע צאָל טויטע און געפאַנגענע פון דער רוימישער זייט.

אַ שרעק איז געפאַלן אַף די האַרן, און רוים האָט גלייך אַרויסגעשיקט אַ גרויסע אַרמיי אונטער אַ קאָמפּעטענטן גענעראַל. נאָר דערווייל האָבן פון אַלע זייטן גענומען שטראָמען שקלאַפן און אומצופרידענע פרייע פּראָלע־טאַריער. עס זיינען אויך געקומען אַנטלאָפענע און אויסגעדינטע רוימישע

סאָלדאַטן, וואָס האָבן אָנגעבאָטן זייער דינסט דעם פרייהייטס־קאַמף קעגן די האַרן פון רוים. אַ סך האָבן מיטגעבראַכט אייגענע וואַפן. די איבעריקע האָט ספּאַרטאַק באַוואָפנט מיט די געווער פון באַזיגטן רוימישן לאַגער.

ספּאַרטאַק האָט אין אָנהויב געפּלאַנט בלויז אַרויסצופירן פון איטאַליע אַזוי פיל שקלאַפן, ווי מעגלעך, פון קנעכטשאַפט צו פרייהייט אין זייע־ע אַלטע היימען, טראַקיע, גאַליע, גערמאַניע א. אַ. וו., נאָר רוים האָט אים געצוואונגען צו קעמפן אין איטאַליע, האָט ער איר געגעבן אַ קאַמף, וואָס זי האָט געהאַט צו געדיינקען ביז איר לעצטן טאָג.

---

ספּאַרטאַק, אַלס געוועזענער סאָלדאַט אין דער רוימישער אַרמיי, איז געווען גענוי באַקאַנט מיט דער רוימישער קריגספירונג. ער האָט דערפאַר אויסגעמושטירט זיין פּראָלעטאַרישע אַרמיי לויטן רוימישן מוסטער און איר געהאַלטן גרייט צום קאַמף.

די הערשער פון רוים האָבן נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט, אַז אין ספּאַרטאַקן האָבן די פּראָלעטאַריער געקראָגן אַן אומפאַרגלייכלעכן פירער, אַ זעלטענעם אָרגאַניזאַטאָר און אַ סטראַטעגיקער פון ערשטן ראַנג. נאָר ספּאַרטאַק האָט געהיט זייער יעדע באַוועגונג. איין פאַלשער טריט פון זייערער אַן אַרמיי און די פּראָלעטאַריער וואָלטן זי פאַרניכטעט.

באַזונדערס האָט ספּאַרטאַק ניט אַרויסגעלאָזן פון אויג די רוימישע הויפּט־אַרמיי אונטער קאַסיני, וואָס איז געווען באַרימט פאַר זיינע העלדנטאַטן און סטראַטעגיק. ספּאַרטאַק האָט אָפּגעהיט די שטונדע ווען קאַסיני איז אַוועק זיך באָדן. האָט ער פון איין זייט געלאָזט אַרומרינגלען דעם באָד פּלאַץ, כדי צו פאַנגען דעם רוימישן גענעראַל, און צוגלייך אַטאַקירט די קאָמאַנדירלאָזע אַרמיי. דער רוימישער העלד האָט זיך אַרויסגעדרייט פון זיין פאַסטקע און געלאָפן ראַטעווען זיין אַרמיי. נאָר ער איז געקומען צו שפּעט און איז געפאַלן טויט אין שלאַכט. און ווידער האָט ספּאַרטאַק אַריינגעקראָגן אין זיינע הענט אַ רייכן רוימישן לאַגער מיט אַ סך פּראָוויאַנט און אַ מאַסע וואַפן.

דער פּראָלעטאַרישער נצחון איבער דער גרויסער רוימישער אַרמיי האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבער גאַנץ איטאַליע און פון אַלע זייטן האָבן זיך געצויגן מחנות אַנטלאָפענע שקלאַפן ווי אויך פרייע פּראָלעטאַריער זיך אָנצושליסן אין ספּאַרטאַק'ס פרייהייטס־קאַמף. עס זיינען אויך געקומען מאַסן אַנטלאָפענע רוימישע סאָלדאַטן און אויך די יעניקע געפאַנגענע רוימישע קריגער, וואָס האָבן געהערט צום פּראָלעטאַריאַט האָבן פאַרגעשלאָגן זייער דינסט פאַר זייער קלאַס.

נאָך דעם זיג איבערן רוימישן גענעראַל וואַריני, וואָס איז קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן, און האָט איבערגעלאָזן אין ספּאַרטאַק׳ס הענט זיין גענעראַלסקן פערד און די אָפיציעלע קליידונג מיטן סצעפּטער פון אַ פּרעטאָר, האָט ספּאַרטאַק געהאַט פאַר זיך פריי אַ גרויסן טייל פון איטאַליע. ער האָט זיך גענומען די מאַכט פון אַ רוימישן פּראָקאָנסול (גענעראַל גובערנאַטאָר) און אָנגעהויבן דורכפירן די נויטיקע סאָציאַלע רעפאָרמען. ער האָט גאַראַנטירט שוץ די אַלטע קאָלעגיעס און דערמוטיקט די גרינדונג פון נייע.

דער סענאַטאָר ציצעראָ (106—43 פ. ק.) וואָס איז געווען אַ שונא פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן רעדט וועגן דעם מיט גאַל: „ניט בלויז, — זאָגט ער, — האָבן די אַלטע קאָלעגיעס ווידער געקראָגן זייער רעכט צו זיין אָרגאַניזירט, נאָר דורך דעם גלאַדיאַטאָר (ספּאַרטאַק) זיינען צוגעקומען אומציילִיקע נייע” (קאָלעגיעס).

דעם ווינטער 73 פ. ק. האָט ספּאַרטאַק פאַרבראַכט מיט זיין פּראָלעטאַרישער אַרמיי אין לוקאַניאַ, דרום־איטאַליע. ער האָט דאָרט געהערשט אַזוי גערעכט, אַז אַפילו רוימישע היסטאָריקער מוזן, ניט ווילנדיק, בייגן פאַר אים דעם קאָפּ. מיט באַזונדערער באַגייסטערונג רעדט פון דעם דער ערלעכער רוימישער געלערנטער פּליני (79—23) אין זיין „נאַטור געשיכטע”. ער שרייבט אַזוי:

„גאָלדענע און זילבערנע זאַכן זיינען לוקסוס אַרטיקלען, וועלכע ווי מיר ווייסן ספּאַרטאַק האָט פאַרבאָטן אין זיין לאַגער. קיין סאָלדאַט איז ניט געווען דערלויבט צו באַזיצן גאָלד אָדער זילבער. דאָס ווייזט ווי נאָבעלער פאַר אונז עס זיינען געווען אונזערע אַנטלאָפענע שקלאַפן.”

אין ספּאַרטאַק׳ס לאַגער איז ניט געווען דערלויבט צו שיכורן און הולטאַיעווען ווי אין לאַגער פון די האַרן. עס איז געווען אַ מחנה פון קעמפער, וואָס האָט פאַר זיך געהאַט אַ גרויסן הייליקן ציל. אַ סך האָט אים אין דעם אויך געהאָלפן זיין איידעלע מוטיקע דייטשישע פרוי אוריאַנאַ, וואָס האָט אים באַגלייט ביז זיין לעצטער מינוט.

אומעטום וואו עס האָט דערגרייכט די מאַכט פון ספּאַרטאַקן זיינען באַפרייט געוואָרן אַלע שקלאַפן. די געפאַנגענע רוימער האָט ער באַהאַנדלט מיט מענטשלעכקייט. אין אַלע שטעט האָט ער איינגעפירט אָרדענונג. פון די וואָס האָבן געהאַלטן קהלשן לאַנד האָט ער געקליבן שטייערן פאַר קהלשע אויסגאַבן. די „פאַברים” (מעטאַל אַרבעטער), קאָטלער, שוסטער, פאַנצער מאַכער א. א. וו., וואָס האָבן געאַרבעט אין זיין לאַגער, זיינען אַלע געווע[ן] אָרגאַניזירט אין קאָלעגיעס.

ספּאַרטאַק האָט פאַר זיך געהאַט צוויי קלאָרע צילן. ערשטנס, העלפ[ן]

די רוימישע פּראָלעטאַריער קריגן מער מאַכט אין לאַנד. צווייטנס, אַרויספירן די פרעמדע שקלאַפן פון איטאַליע און זיי ברענגען צוריק אין זייערע היים־לענדער ווי פרייע מענטשן. ער האָט דערפאַר געפּלאַנט צוערשט איינעמען די שטאָט רוים, באַפעסטיקן דאָרט די מאַכט פון פּראָלעטאַריאַט און נאָכדעם אַרויסמאַרשירן פון לאַנד מיט די טראַקיער, גאַליער, דייטשן און אַזוי ווייטער.

נאָר זיינע שענסטע פּלענער זיינען געוואָרן צו גאָרניט צוליב דער צוריק־געשטאַנענקייט פון אַ גרויסן טייל שקלאַפן. זיי איז געווען מער געפעלן צו בלייבן אין איטאַליע און ראַבירן ביי די רייכע, איידער לעבן אין זייער לאַנד ווי פרייע מענטשן פון אייגענער אַרבעט. מיט אַזאַ עלעמענט האָט ער אויך ניט געקאָנט אונטערנעמען דעם מאַרש קעגן רוים, צו וועלכן ס'איז געווען נויטיק אומפאַרגלייכלעכער קוראַזש און דיסציפּלין. האָט ער דערפאַר אויסגעמידן זיך אַריינצולאָזן אין אַ מלחמה מיט די דריי נייע אַרמייען וואָס רוים האָט קעגן אים געשיקט, און מאַרשירט אַלץ ווייטער אין צפון, צו די היימען פון די גאַליער, טראַקיער, א. אַ. וו.

זיין לייטענאַנט, דער גאַליער קריקס איז געווען אייפערזיכטיק אַף ספּאַרטאַקן. מעגלעך אויך, אַז קריקס האָט געגלויבט, אַז ספּאַרטאַק ליבט מער זיין היים אין טראַקיע ווי די פרייהייט. האָט קריקס באַאיינפלוסט עטלעכע צענדליק טויזנט גאַליער און דייטשן צו מאַכן אַן אָנגריף אַף דער רוימישער אַרמיי קעגן ספּאַרטאַקס ווילן. באַלד איז אויך דער צווייטער גאַליער גענעראַל, ענאָמאַ, אַוועק מיט אַ מחנה קעגן ספּאַרטאַקס באַפעל. די רוימער האָבן נאָר געוואַרט אַף אַזאַ געלעגנהייט, צו האָבן קעגן זיך צעטיילטע פּראָלעטאַרישע מחנות. קריקס און ענאָמאַ זיינען געפאַלן אין שלאַכט, און יענע פּראָלעטאַריער וואָס האָבן זיך געראַטעוועט מיטן לעבן זיינען צוריקגעקומען אין אַלגעמיינעם פּראָלעטאַרישן לאַגער אונטער ספּאַרטאַקן. די רוימער קריגן מוט צו אַטאַקירן די מחנה אונטער ספּאַרטאַקן זעלבסט. נאָר זיי ווערן צוריקגעשלאָגן מיט גרויסע פאַרלוסטן. ער גיט אויך נאָך דעם פאַרלאַנג פון די גאַליער צו נעמען נקמה פאַר קריקס'ס טויט. ווערן אַ טייל געפאַנגענע רוימישע האַרן געצוואונגען צו שפּילן די ראָל פון גלאַדיאַטאָרן און זיך איינע די אַנדערע צעממיתן לכבוד דער לויה פון געפאַלענעם פּראָלעטאַרישן העלד, קריקס. ער שיקט אויך אַרונטער געפאַנגענע רוימישע שקלאַפן־האַלטער אַרבעטן אין די ערגאַסטולאַס, די אונטערערדישע היילן וואו מ'פלעגט האַלטן די שקלאַפן געשמידט אין קייטן ביי שווערער אַרבעט. ערלעכע רוימער האָבן עס שפּעטער פאַרשריבן פאַר אַן אַקט פון „פּאָעטישער גערעכטיקייט“.

נאָר רוים׳ס מאַכט אין מענטשן און קריגס־מאַטעריאַלן איז געווען אומ־דערשעפּלעך. ספּאַרטאַק האָט דערפאַר ניט דערגרייכט זיין ציל אַרויס־צוגיין פון איטאַליע און געמוזט פירן אַ מלחמה נאָך אַ מלחמה אין איטאַליע גופא. סטראַטעגישע מאָטיוון האָבן אים צוריקגעבראַכט קיין דרום, וואו קעגן אים איז געשטאַנען דער באַרימטער רוימישער מיליאָנער קאָנסול קראַס, וואָס איז שפּעטער געוואָרן איינער פון דעם טריאומווירעאַט — צעזאַר, פּאָמפּיי און קראַס — וואָס האָט פאַרכאַפּט די ממשלה איבער רוים.

קראַס האָט זיך ניט געוואָלט אַריינלאָזן אין אַ גענעראַל־שלאַכט מיט ספּאַרטאַק׳ס זיגרייכער פּראָלעטאַרישער אַרמיי. ער האָט געזוכט אָנצו־גרייפן איינצלנע שוואַכע טיילן אָדער אַריינגנאַרן ספּאַרטאַקן אין אַ פּאַסטקע. דאָך יעדע רוימישע אַרמיי, וואָס האָט געוואַגט צוצוקומען צו נאָענט פון ספּאַרטאַק׳ס לאַגער איז געוואָרן צוריקגעשלאָגן מיט גרויסע פאַרלוסטן. ווען ספּאַרטאַק האָט אַזוי צעקלאַפּט אַן אַרמיי פון 12,000 רוימישע סאָלדאַטן אונטער גענעראַל מומי, האָט קראַס די צוריקגעקומענע שטאַרק באַשטראָפט. דער רוימישער הויפּט־קאָמאַנדיר האָט אויסגעקליבן על פּי גורל איין סאָלדאַט פון יעדע צען און זיי געלאָזט דערשלאָגן מיט בולאַוועס אַזוי ווי בהמות אין יאַטקע. דאָס האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף די רוימישע קריגער און פאַרשטאַרקט זייער מאָראַל, וואָס די מורא פאַר דער פּראָלעטאַרישער אַרמיי האָט צעשטערט.

ספּאַרטאַק האָט באַלד איינגעזען, אַז קראַס איז זייער פאָרזיכטיק און אַן אָנגריף אויף זיין דיסציפּלינירטער אַרמיי פון 100,000 גוט אויסגע־מושטירטע פּראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטן וועט די פּראָלעטאַריער קאָסטן צו טייער. גלייכצייטיק האָט ער איינגעזען, אַז אַ טייל פון די רעוואָלטירנדיקע שקלאַפן איז געוואָרן שכור פון נצחון און האָט פאַרלאָרן יעדע מאָס פון פאָרזיכטיקייט און דיסציפּלין, און טראַכט מער פון רויב, ווי פון פרייהייט־ציל. ספּאַרטאַק האָט דערפאַר באַשלאָסן אַריבערפירן זיין אַרמיי קיין סיציליע, וואו ער איז געווען זיכער מיט אַ צושטראָם פון נייע פּראָלעטאַרישע קעמפער מיט די טראַדיציעס פון פרייהייטס־העלדן און מאַרטירער אַטהעניא, עינוס, טריפאָן און סאַטיר פון קנאַפּע דריי צענדליק יאָר צוריק. ער איז געווען זיכער, אַז דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט פון סיציליע, פּויערים, אַרבעטער און שקלאַפן וועלן באַגריסן די אַרמיי פון באַפרייער. דאָרט וועט אויך די באַגייסטערונג פון די סיציליער אָנשטעקן דעם דעמאָראַליזירטן אָדער־אומאָנטוויקלטן טייל פון זיינע באַפרייטע שקלאַפן מיט באַגייסטערונג. די פון רוים־צעשטערטע פּראָלעטאַרישע מלוכה וועט ווערן ווידער אויפגעשטעלט

און אַף אַזוינע מעכטיקע יסודות וואָס קיין האַרן אַרמיי וועט ניט מער קאָנען באַזיגן.

---

דורכגעדרונגען פון אַ גרויסן אידעאַל האָט די פּראָלעטאַרישע מחנה, אָנגעפירט פון ספּאַרטאַקן, געוואָרפן אַן אימה אַף דער וועלט־באַהערשנדיקער רוימישער מלוכה. די אַפּערוויליקייט, מוט און העלדישקייט פון די זיך באַפרייטע שקלאַפן האָט צעשטערט דעם אַבערגלויבן פון די גריכיש־רוימישע האַרן, אַז שקלאַפן האָבן ניט קיין נשמות, אַז וועד עס אַרבעט פיזיש באַזיצט אַ מינדערווערטיקן גייסט. זיי האָבן אויך צום ערשטן מאָל דערזען אַ קריגס־פירער פון די סאַמע אונטערשטע שיכטן פון פּראָלעטאַריאַט, וואָס שטייט אָן אַ שיעור העכער פאַר די בעסטע גענעראַלן, וואָס די רוימישע מאַכט קאָן אַרויסשטעלן קעגן אים.

פאַרשוואונדן איז די זיכערקייט פון די האַרן, און יעדע באַוועגונג פון זייערע באַפרייטע שקלאַפן האָט אַרויסגערופן אַ פּאַניק ביי די הערשנדיקע קלאַסן פון רוים. באַזונדערס האָבן זיי זיך דערשראָקן פאַר ספּאַרטאַק׳ס פאַרזוך אַריבערצופירן זיין אַרמיי קיין סיציליע.

אין סיציליע האָט דעמאָלט געהערשט דער רוימישער גענעראַל גובער־נאַטאָר ווערע, וואָס האָט מיט זיינע רויבערייען און אונטערדריקונגען אויפ־געבראַכט קעגן רוים גאַנץ סיציליע. עס איז דערפאַר געווען זיכער, אַז סיציליע וועט אויפנעמען די פּראָלעטאַרישע אַרמיי מיט אָפענע אָרעמס. די פּריצישע רוים וועט פאַרלירן איר תבואה־קאַמער און דער פּראָלעטאַריאַט וועט געווינען אַ מעכטיקע באַזע אָנצופירן זיין פרייהייטס־קאַמף מיט נייע כחות.

די שטאָלצע רוימישע וועלט־מאַכט האָט געמוזט זיך אַריינלאָזן אין פאַרהאַנדלונגען מיט גנזעצלאָזע פּיראַטן (ים רויבער). זי האָט זיי אונטער־געקויפט, זיי זאָלן ניט אַריבערפירן די פּראָלעטאַרישע אַרמיי קיין סיציליע. עס איז דערפאַר גאָרניט געוואָרן פון ספּאַרטאַק׳ס גלענצנדיקן פּלאַן, און ער איז שטיין געבליבן אַף דעם שמאָלן פּאַס ערד אין דרום פון איטאַליע.

דער פּאָרזיכטיקער רוימישער קאָנסול קראַס האָט פונדעסטוועגן ניט געוואַגט אָנצופאַלן אַף דער שלעכטער פּאָזיציע פון די פּראָלעטאַריער. ער האָט זיי ליבער געוואָלט דעמאָראַליזירן דורך הונגער. האָט ער זיי פאַרצאַמט דעם וועג אַף צוריק, דורך אַ וואַנט פון ים צו ים, 36 מייל די לייננ, פופצן פוס די הויך, וואָס איז געווען שטאַרק באַפעסטיקט און באַוואַכט פון אַ גרויסער שטאַרקער רוימישער אַרמיי.

נאָר ווען די רוימער האַרן האָבן געמיינט, אַז זיי האָבן שוין כמעט ווי

ליקווידירט די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע, האָט ספּאַרטאַק, אין אַ שטורעמ־דיקער ווינטער נאַכט, צעשטערט די וואַנט און צעשלאָגן אַלע רוימישע מחנות וואָס האָבן פאַרשטעלט דעם וועג. אין פרילינג פון יאָר 71 פ. ק. איז שוין די פּראָלעטאַרישע אַרמיי געשטאַנען זיגרייך אין לוקאַניאַ, איר ערשטע הויפּט־קוואַרטיר און איז געווען גרייט פאַר נייע קאַמפן און זיגן.

ספּאַרטאַק׳ס צוריקקער קיין לוקאַניאַ האָט אַרויסגערופן פאַרצווייפלונג אין רוים. דער שטאָלצער קאָנסול קראַס האָט פאַרלאָרן זיין מוט און גע־פאָדערט הילף. האָט רוים צוריקגערופן אירע זיגרייכע אַרמייען פון אויסלאַנד — די אַרמיי פון שפּאַניע, אונטער פּאָמפּיי, און די אַרמיי פון קליין־אַזיע, אונטער לוקול.

אַ גרויסער טייל פון ספּאַרטאַק׳ס אַרמיי האָט געוואָלט, ער זאָל תיכף אַטאַקירן די מחנה פון קראַס און איר פאַרניכטן איידער זי וועט דערהאַלטן די דערוואַרטעטע הילף פון אויסלאַנד און ספּאַרטאַק האָט זיך דערקלערט קעגן דעם פּלאַן. האָבן זיי אים געשטעמפּלט אַלס אַ פייגלינג און 50,000 שקלאַפן זיינען אַליין אַוועק אין מלחמה קעגן קראַס׳עס לעגיאָנען. קראַס האָט קיין בעסערע געלעגנהייט זיך ניט געקאָנט ווינטשן. זיין פיל גרעסערע אַרמיי פון אַלטע ,אויסגעפּרובירטע פּראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטן האָבן די אָנגרייפער צוריקגעשלאָגן מיט גרויסע פאַרלוסטן. לויט דעם רוימישן היסטאָריקער ליווי האָבן די שקלאַפן איבערגעלאָזן אויף שלאַכטפעלד 35,000 געהרגעטע. אַלע — אויך די צוויי פּראָלעטאַרישע גענעראַלן גאַניק און קאַסט — זיינען געפאַלן קעמפנדיק, און בלויז צוויי טויטע האָבן געהאַט וואונדן אין רוקן.

ניט געקוקט אויף אַט דער מפּלה האָט זיך די פּראָלעטאַרישע אַרמיי כסדר פאַרגרעסערט מיט נייע רעקרוטן — אַנטלאָפענע שקלאַפן, פרייע אַרבע־טער און געוועזענע סאָלדאַטן פון אַלע טיילן לאַנד. נאָר ספּאַרטאַק האָט געוואוסט, אַז ער וועט ניט קאָנען באַשטיין קעגן דער פאַראייניקטער מאַכט פון די דריי גרויסע רוימישע אַרמייען, וואָס וועלן אים אַרומרינגלען פון אַלע זייטן. ער האָט זיך דערפאַר פאַרשטענדיקט מיט די פּיראַטן, זיי זאָלן אַריבערפירן זיין אַרמיי קיין סיציליע. דאָרט איז ער געווען זיכער וועט דער באַוואָפנטער פּראָלעטאַריאַט זיין אומבאַזיגבאַר. ער האָט אויך אויס־געמידן דעם אַלטן וועג אין דרום־איטאַליע, נאָר האָט זיך פאַרנומען קיין מזרח, צום אַדריאַטישן פּאָרט פון ברינדיזי. אַ רוימישע אַרמיי וואָס האָט פּרובירט שטערן זיין מאַרש האָט ספּאַרטאַק אינגאַנצן צעקלאַפּט. דאָס האָט אַ טייל שקלאַפן ווידער געמאַכט שכור פון נצחון און זיי האָבן געוואָלט דורכאויס, אַז ספּאַרטאַק זאָל אַטאַקירן די הויפּט אַרמיי פון קאָנסול קראַס. דערווייל

האָבן זיי געשטערט דעם מאַרש קיין סיציליע און ווען זיי זיינען געקומען נאָענט פון אַ פּאָרט איז שוין געווען צו שפּעט. דאָרט האָבן זיי שוין באַגעגנט די ערשט געקומענע סאָלדאַטן פון אַזיע.

איצט זיינען שוין די שקלאַפן געווען גרייט אויפצונעמען ספּאַרטאַק'ס נאָך ערשטן פּלאַן, צו פאַרלאָזן איטאַליע און זיך אומקערן פרייע מענטשן צוריק אין זייער פאַטערלענדער — טראַקיע, גאַליע, גערמאַניע א. אַ. וו. נאָר דער וועג אין צפון איז געווען פאַרנומען פון דער אַרמיי וואָס איז אָנגעקומען פון שפּאַניע אונטער פּאָמפּיי. צוזאַמען האָבן די דריי רוימישע אַרמייען געהאַט אונטער זיך 400,000 מאַן פון די בעסטע און דערפאַרנסטע רוימישע סאָלדאַטן. איצט האָט שוין ניט אויסגעמאַכט וואו די שלאַכט וועט זיין. אומעטום זיינען די רוימער סאָלדאַטן געווען צאָלרייכער ווי די רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַריער. האָט ספּאַרטאַק געהייסן מאַרשירן אַפן וועג קיין רוים. נאָר די רוימישע גענעראַלן האָבן אים ניט געגעבן די געלעגנהייט צו באַזעצן די הויפּטשטאָט. זיי האָבן אים באַגעגנט אַפן וועג, און אין פעברואַר 70 פ. ק. האָט אויסגעבראָכן די אַנטשיידנדע שלאַכט צווישן די פּראָלעטאַריער און האַרן־אַרמייען,ביים טייך סילאַרוס, אין דרום פון נעאַפּל.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די גענעראַל־שלאַכט, איז ספּאַרטאַק אַרונטערגעשפּרונגען פון זיין גענעראַלן־פערד און אים דערשטאָכן. ער האָט דערקלערט: „זיגרייך, וועל איך קריגן גענוג פערד ביי דעם שונא, באַזיגט, דאַרף איך קיינעם ניט”... ער האָט אַרויסגעצויגן זיין שווערד פון שייד און מאַרשירט אין שלאַכט גלייך מיט זיינע סאָלדאַטן.

אַזוי ווי דער פירער פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע אין סיציליע, מיט דרייסיק יאָר פריער, האָט ספּאַרטאַק געזוכט צו טויטן דעם רוימישן קאָנסול, דעם סימבאָל פון רוים'ס האַרן־מאַכט. נאָר דער וועג צום קאָנסול איז געווען באַזעצט מיט העלדישע רוימישע סאָלדאַטן. ספּאַרטאַק האָט מיט זיין שווערד זיך אויסגעשניטן אַ וועג אין צוגעקומען נאָענט פון קאָנסול און געטויטעט צוויי פון זיינע לייטענאַנטן. נאָר פון אַלע זייטן זיינען ספּאַרטאַקן באַפאַלן רוימישע סאָלדאַטן און מיט זייערע שווערדן אים צעשניטן אַף שטיקער. נאָך אַרום ספּאַרטאַקן און אַף אים איז געלעגן אַ באַרג טויטע רוימער, וואָס זיינען געפאַלן פון זיין שווערד, אַזוי אַז צום סוף מלחמה האָט מען צווישן זיי ניט געקאָנט דערקענען זיין קערפּער.

ספּאַרטאַק'ס העלדן־טויט האָט ניט געקאָנט ענדערן דעם רעזולטאַט פון דער ניט גלייכער מלחמה. די פאַרצווייפלטע פּראָלעטאַריער האָבן געקעמפט ווי זייער גרויסער פירער, וואָס איז (ווי רוימישע שריפטשטעלער

האָבן זיך אויסגעדריקט) „געפּאַלן ווי אַ רוימישער אימפּעראַטאָר" פון די העלדן־לעגענדן. 60,000 פּראָלעטאַריער זיינען געבליבן ליגן טויט אויפן שלאַכטפעלד. 40,000 האָבן זיך צוריקגעצויגן אין די בערג, וואו זיי האָבן זיך רעאָרגאַניזירט און זיך ווידער געשטעלט אין קאַמף. זיי האָבן געקעמפט ביז וואַנען זיי זיינען אַלע געפאַלן. בלויז 6,000 מאַן פון דער גאַנצער פּראָלע־טאַרישער מחנה זיינען געכאַפט געוואָרן געפאַנגען. האָט מען זיי אַלעמען געקרייציקט, אויפגעהאַנגען אויף צלמים אויף דער גאַנצער לייַנג פון וועג, פון קאַפּוּאַ (וואו ספּאַרטאַק האָט אויפגעהויבן די פאָן פון רעוואָלוציע), ביז רוים.

זייערע סקעלעטן זיינען דאָרטן געהאַנגען חדשים לאַנג. די רייכע הארן פון גאַנצן לאַנד פלעגן קומען זען אָט דעם שוידערלעכן ספּעקטאַקל פון וועלכן זיי האָבן געקליבן נחת.

דער „גרויסער" פּאָמפּיי האָט זיך אַ האַלב יאָר נאָכאַנאַנד אָפּגעגעבן מיטן געיעג אויף מענטשן, אויסצוגעפינען און אויפהייגען אויפן צלם יעדן פּראָלעטאַריער וואָס האָט זיך גרופירט אַרום דער פאָן פון ספּאַרטאַקן.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די גרעסטע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע פון אַלטערטום. דער שווערד פון די שקלאַפן איז געווען צעבראָכן, נאָכדעם ווי אַ מיליאָן מענטשן־לעבנס האָבן פאַרלאָרן זייער קאַמף פאַר פרייהייט (זינט די שקלאַפן אויפשטאַנדן האָבן זיך אָנגעהויבן אין רוים). נאָר די רוימישע הארן האָבן ניט געקאָנט שוין מער אויסראָטן דעם שטרעבן פון די שקלאַפן צו פרייהייט און גלייכהייט.

## אונטערערדישע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס

נאָכדעם ווי די גרויסע שקלאַפן־רעוואָלוציע אונטער ספּאַרטאַקן איז באַזיגט געוואָרן, האָבן די הערשנדיקע קלאַסן פון רוים זיך גענומען צו דער אַרבעט אויסצוראָטן די אָרגאַניזאַציעס פון די אַזוי גערופענע „פרייע אַרבעטער".

יעדע „קאָלעגיע" אין רוים איז געווען אַן עקאָנאָמישע, פּאָליטישע און קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע. די מיטגלידער פון כמעט יעדער פּראָפעסיאָ־נעלער אָרגאַניזאַציע האָבן געלעבט קאָאָפּעראַטיוו, פלעגן עסן ביי איין טיש און זיך פילן ווי אַ ברודערשאַפט. זיי זיינען אויך געווען פאַראייניקט דורך זייער רעליגיע און געדינט צו אַ געמיינשאַפטלעכער שוץ־גאָטהייט. און אַזוי ווי יעדער רוימישער בירגער האָט געהאַט שטימרעכט, ביי די גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונגען אויפן פאָרום (מאַרק־פּלאַץ), וואו עס פלעגן אויך ווערן געוויילט

די פאָלקס־טריבונען, קאָנסולן, פרעטאָרן א. אַ. וו. האָבן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וואָס זיינען געווען אָרגאַניזירט אין אַ פעדעראַציע, געשטימט געמיינשאַפטלעך פאַר זייערע אינטערעסן. זיי האָבן אָפּגעגעבן זייערע שטימען פאַר יענע באַאַמטע וואָס האָבן צוגעזאָגט צו שטיצן זייערע פאָדע־רונגען. באַזונדערס זיינען זיי געווען פאַראינטערעסירט, אַז די קאָמיסאָרן פאַר עפנטלעכער אַרבעט זאָלן זיין פריינט פון די קאָלעגיעס און זיי געבן דירעקט די קאָנטראַקטן צו בויען וועגן, בריקן, א. אַ. וו.

די אַרבעטער־פאַראיינען האָבן דורך זייער אָרגאַניזאַציאָנעלער מאַכט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס ביי די אָפּשטימונגען און ביי די וואַלן. נאָך די הערשנדיקע קלאַסן האָבן כסדר געפּלאַנעוועט, צו אונטערדריקן יעדע פּראָ־לעטאַרישע אָרגאַניזאַציע. אַזאַ געלעגנהייט האָבן די פּריצים און גבירים געקראָגן נאָך זייער זיג איבער ספּאַרטאַקן.

די צעיושעטע האַרן פון רוים האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט דערמאָרדן און אויפהיינגען יעדן שקלאַף און אַרבעטער אַף וועמען ס׳עס איז געווען דער מינדסטער חשד, אַז ער האָט זיך באַטייליקט אין דער ספּאַרטאַקישער רעוואָלוציע, נאָר זיי האָבן געוואָלט געבן אַ טויטקלאַפּ דעם גאַנצן פּראָלע־טאַריאַט פון רוים, צעשטערן זיינע אָרגאַניזירטע קרעפטן און אים אינגאַנצן דעמאָראַליזירן.

דער פּריציש־גבירישער סענאַט האָט דערפאַר אַרויסגעלאָזן אַן אוקאַז, אויפצולייזן יעדע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע פון די מאַסן. נאָר דער סענאַט האָט זיך ניט געקאָנט דערלויבן צו פאַרבאָטן די רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס און באַזונדערס די „קאָלעגיאַ פונאַרי־טיציאַ (געזעלשאַפט צו באַגראָבן טויטע), וואָס איז געווען פאַרהייליקט פון אַלטע צייטן און געשיצט דורך אַלטע טראַדיציאָנעלע געזעצן. יעדער אַרבעטער־פאַראיין האָט דעריבער זיך דערקלערט פאַר אַ „חברה קדישא" און געאַרבעט בוכשטעבלעך אונטערערדיש, אין קאַטאַקאָמבן, אין די אונטער־ערדישע היילן, וואו עס זיינען געווען די פּראָלעטאַרישע בית־עלמינס.

די מיטגלידער פון אַן אַרבעטער־קאָלעגיע פלעגן זיך צוזאַמענקומען אין דער אונטערערדישער הייל, כלומרשט באַגראָבן אַ טויטן, זאָגן תפילות ביי אַ קבר, אָדער מאַכן אַ הוליאַנקע נאָך אַ לויה. דערביי פלעגן זיי זיך באַראַטן וועגן זייערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסן און אַזוי פאַרגעזעצט זייער אומלעגאַלע עקזיסטענץ.

דער סענאַט האָט דאָס גוט באַגריפן און זיין פירער, דער טיכטיקער אַדוואָקאַט און גלענצנדיקער רעדנער ציצעראָ, האָט אָנגעווענדט זיין גאַנצן רעדנער־טאַלאַנט צו דיסקרעדיטירן די פּראָלעטאַרישע רעליגיעזע אָרגאַניזאַ־

ציעס, כדי זיי צו קאָנען אונטערדריקן. ער האָט זיי געמאַכט שלעכטע נעמען און געשילדערט זייערע רעליגיעזע צוזאַמענקונפטן ווי זיי וואָלטן באַשטיין פון בעסטיאַלישער שכרות און אויסגעלאַסנהייט. נאָר אַלע ליגנס און פאַרלוימדונגען פון אָט דעם גרויסן שונא פון די אָרעמע מאַסן, האָט ניט געקאָנט אָפּשאַפן די אַלטע „לעקס קאָלעגיאַ פונאַריטיציאַ", דאָס געזעץ, וואָס דערלויבט רוימער זיך צו פֿאַראייניקן פאַרן צוועק פון באַגראָבן זייערע מתים. אַזוי, אַז אין דער צייט ווען אַלע אַנדערע רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס, אַלע עפנטלעכע גאָטעסדינסטן פון די פּראָלעטאַריער זיינען גאַנץ אָדער טיילווייז אונטערדריקט געוואָרן, האָבן די חברה קדישאָס פאָרגעזעצט צו פונקציאָנירן. זיי האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן דורכפירן אין זייערע היילן אויך זייערע רעליגיעזע באַדערפעניש און אַזוי זיינען די „קאַטאַקאָמבן" פון רוים געוואָרן ביסלעכווייז דער עיר מקלט פאַר די רעליגיעס פון אַלע פּראָלעטאַריער, אויך פאַר די אידישע און שפּעטער פאַר די פון זיי אַנט־וויקלטע קריסטלעכע קירכן.

נאָר דער רוימישער פּראָלעטאַריאַט, פאַרבלוטיקט און שטאַרק אָפּגע־שוואַכט נאָך דעם דורכפאַל פון זיין גרעסטער רעוואָלוציע, האָט דאָך ניט אָפּגעגעבן אָן אַ קאַמף זיין רעכט צו זיין אָרגאַניזירט.

געבליבן אָן פירער פון זייערע אייגענע רייען האָבן זיי זיך גרופּירט אַרום יעדן בירגערלעכן ראַדיקאַל וואָס האָט אויפגעהויבן די פאָן פון מרידה. דער אָנדיינק פון ספּאַרטאַקן און די הונדערטער טויזנטער געפאַלענע העלדן און מאַרטירער האָט באַגייסטערט מער ווי איין מענטשן אַריבערצוגיין פון דעם קלאַס אין וועלכן ער איז געוועזן געבאָרן און זיך שטעלן אויף דער זייט פון די ליידנדיקע אַרבעטער און שקלאַפן.

צווישן אָט די לעצטע פריי־הייט־קעמפער אונטער דער רוימישער רעפּובליק האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט די צוויי העלדן און מאַרטירער קאַטילינאַ און קלאָדי.

## קאַטילינאַ און קלאָדי

ביידע, קאַטילינאַ און קלאָדי, זיינען באַשמוצט און פאַרלוימדעט געוואָרן פון דעם רעאַקציאָנערן רעדנער און שרייבער ציצעראָ.

ציצעראָ'ס ליגנס און פאַרלוימדונגען ווערן געלערנט אין די בורזשואַזע מיטלשולן און אוניווערזיטעטן פון אַלע טיילן וועלט. מען פאַרסמט די מחות פון דער יוגנט קעגן זיי ביז היינטיקן טאָג.

קאַטילינאַ, געבאָרן אין יאָר 108 פ. ק. איז אין דער יוגנט געשטאַנען

אין די רייען פון דער רעאַקציע. ער האָט געהאָלפן אונטערדריקן דאָס פאָלק און איז דערפאַר געשטיגן הויך אין דער „פיינער געזעלשאַפט". אין עלטער פון 40 יאָר איז ער געוואָרן פּרעטאָר און אַ יאָר שפּעטער פאַרנומען די שטעלע פון אַ גענעראַל גובערנאַטאָר אין אַפריקע.

נאָר קומענדיק אין באַרירונג מיט די רוימישע קאָלאָניסטן, צווישן וועלכע עס זיינען געווען רעוואָלוציאָנערע עמיגראַנטן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלוציע פון ספּאַרטאַקן ווי אויך אין די פריערדיקע בירגער־קריגן, איז קאַטילינאַ געוואָרן אַן אַנדער מענטש. ער האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון די מאַסן און געפּלאַנעוועט צו פאַרלייכטערן זייער לאַגע, וואָס איז געוואָרן שווידערהאַפט זינט דעם דורכפאַל פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע. ער ווערט דורכדעם פאַרוויקלט אין אַ קאַמף מיטן סענאַט און זיין וואָרטפירער ציצעראָ.

צוערשט האָט קאַטילינאַ געפּרואווט פאָרלייגן זיינע רעפאָרמען אין סענאַט גופא, וואו ער איז געווען אַ חשובער מיטגליד. ער האָט אויך געזוכט צו באַאיינפלוסן ציצעראָן, צו וועמעס געוויסן ער האָט אַפּעלירט. נאָר באַלד האָט קאַטילינאַ אויסגעפונען, אַז ער רעדט צו טויבע אויערן, אַז דער סענאַט איז קאָרופּטירט, און ציצעראָ'ס „גאָלדענע צונג" איז פאַרקויפט צום קלאַס, וואָס קאָן צאָלן מיט גאָלד. קאַטילינאַ האָט דאַן געמאַכט אַ פּרואוו דערוויילט צו ווערן פאַר קאָנסול, דעם העכסטן אמט פון לאַנד, כדי דורכצופירן זיינע פּלענער. נאָר ער ווערט אין דעם געשטערט. כאַבאַר, אינטריגעס און כלערליי פאַלשקייטן זיינען אָנגעווענדט געוואָרן צו העלפן ציצעראָן צו קריגן אָט דעם אמט.

ווען קאַטילינאַ האָט געזען, אַז דאָס פאָלק קען ניט ווערן געהאָלפן אַזוי לאַנג ווי דער קאָרופּטירטער סענאַט שטייט אין וועג, האָט ער אָנגעהויבן פּלאַנען אים אָפּצוראַמען פון וועג. ער ווענדט זיך דירעקט צו די מאַסן און הייבט אָן זיי אָרגאַניזירן אין געהיים צום קאַמף קעגן דער אָליגאַרכיע, די הערשאַפט פון די רייכע און מיוחסים. ציצעראָ דערוויסט זיך דערפון (דורך זיינע שפּיאָנען), טרעט אַרויס מיט דער באַשולדיקונג, אַז קאַטילינאַ האָט געזאָלט באַפאַלן דעם סענאַט און חרוב מאַכן רוים מיט דער הילף פון אָרעמע אַרבעטער און שקלאַפן.

אומזיסט האָט קאַטילינאַ געזוכט צו דערקלערן די ריכטיקע לאַגע. די גאַנצע חברה רעאַקציאָנערן, אָנגעפירט פון דעם כיטרען ציצעראָ, האָבן אויפגעהויבן אַ געשריי „פאַררעטער!" זיי האָבן קאַטילינען ניט געלאָזט ריידן און געפאָדערט זיין טויט אורטייל. קאַטילינאַ פאַרלאָזט דעם סענאַט און די שטאָט רוים און צוזאַמען מיט מאַנלין און אַנדערע חברים זיינע,

אָרגאַניזירט ער אַ באַוואַפנטן אויפשטאַנד. דער סענאַט האָט זיי נאָטירלעך שוין פאַראויס אַלעמען פאַראורטיילט צום טויט און זיי האָבן ניט געהאַט וואָס צו פאַרלירן. קאַטילינאַ האָט געקעמפט מוטיק, אויך זיינע חברים האָבן אַרויסגעוויזן העלדנטאַטן, נאָר זייער צאָל איז געווען קלענער פון די רעגירונגס טרייע סאָלדאַטן און זיי זיינען אַלע געפאַלן טויט אַפן שלאַכט־פעלד (אין יאָר 62 פ. ק.).

ציצעראָ האָט זיך נוקם געווען אויך אָן זייערע קרובים און פריינט. ער האָט קאָנפיסקירט זייערע פאַרמעגנס און זיי אויסגעוויזן פון לאַנד. נאָר קאַטילינאַ׳ס טויט, ווען וועלט־דיכטער האָבן באַזונגען אין זייערע טראַ־געדיעס, איז ניט געבליבן אָן נקמה. דריי צענדליק יאָר שפּעטער איז אַרויסגעטראָטן דער יונגער קלאָדי פאַרן פירער פון די מאַסן און ער האָט ציצעראָן באַצאָלט „מדה כנגד מדה״, כאָטש ער האָט אים ניט געלאָזט טויטן.

קלאָדי, געבאָרן אין יאָר 93 פ. ק., האָט געשטאַמט פון גרעסטן רוימישן יחוס. אין עלטער פון 32 יאָר איז ער שוין געווען אַ הויכער באַאַמטער אין דער רוימישער אַרמיי אין סיציליע. נאָר קלאָדי האָט מיטגעפילט מיטן פּראָלעטאַריאַט. די סצענעס, וואָס ער האָט געזען ביים אונטערדריקן די ספּאַרטאַקישע רעוואָלוציע אין יאָר 71 און 70 פ. ק. האָבן זיך טיף איינ־געקריצט אין דעם מח פון דעם יונגן אידעאַליסט. אין דער רעוואָלוציאָנערער סיציליע איז ער נאָך געוואָרן נעענטער צו די מאַסן און קומענדיק צוריק אַהיים האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון זיין אַדל־טיטל און זיך געלאָזט אַדאָפּטירן פאַר אַ זון פון פּראָסטן פאָלק. ער איז אויך באַלד געוואָרן פאָלקס־טריבון, דעם 10טן דעצעמבער פון יאָר 59 פ. ק., און גענומען דורכפירן מיט אַ שטאַרקער האַנט זיינע סאָציאַלע רעפאָרמען. צוערשט האָט ער באַשטימט צו געבן עסן די הונגערליידנדיקע און געטיילט איינמאָל אַ חודש קאָרן אומזיסט. נאָכדעם האָט ער צוריק לעגאַליזירט די יוניאָנס און אַלע אַנדערע פּראָלע־טאַרישע אָרגאַניזאַציעס. צולעצט האָט ער צוגענומען פון פּריסטער־קאָלעגיום, דעם העכסטן געריכט אין רוים, דאָס רעכט צו באַשטימען ווען די געטער ווילן ניט האָבן קיין פאָלקס־פאַרזאַמלונג. דאַן האָט ער זיך גענומען צו ציצעראָן. קלאָדי האָט פאַרבאָטן אַרויסצוּוואַרפן אַ בירגער פון סענאַט און אים צו באַשטראָפן אָן אַן עפנטלעכן געריכט און אָן אַ פאַר־אורטיילונג. און ווייל דער אַלטער ציצעראָ איז באַגאַנגען אַזוינע פאַר־ברעכנס, האָט ער געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד. זיין פאַרמעגן איז קאָנפיס־קירט געוואָרן און זיין רייכן פּאַלאַץ האָט דאָס פאָלק פאַרברענט.

די רעאַקציע האָט קעגן קלאָדיִן געפירט אַ שווערן קאַמף, מיט כאַבאַר און אינטריגעס און מאָרדן. נאָר די מאַסן זיינען געשטאַנען הינטער אים

און ניט גענומען ערנסט די אַלע זלזולים און פאַרלוימדונגען מיט וועלכע ציצעראָ האָט אים אַרומגעשפּונען. אָנהויב יאָר 52, ווען עס איז געקומען צו בלוטיקע געשלעגן צווישן די רעוואָלוציאָנערע פּראָלעטאַריער און די רעאַקציאָנערן, האָט אַ מערדער אָפּגעהיט קלאָדין אויסן שטאָט און אים דער־הרגעט (דעם 20סטן יאַנואַר פון יאָר 52, פ. ק.).

קלאָדיס טויט האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג אין רוים. די אָרעמע מאַסן האָבן פאַרברענט דאָס סענאַט הויז און אַראַנזשירט קלאָדין אַ פּאַראַדנע לויה אַפן פאָרום פון רוים. די צעשראָקענע סענאַטאָרן באַשטימען פּאָמפּייען פאַר דיקטאַטאָר. ער אונטערדריקט די מאַסן און נעמט צוריק אַוועק פון זיי דאָס רעכט צו זיין אָרגאַניזירט. יעדע אַרבעטער אָרגאַניזאַציע מוז ווידער זיך דערקלערן פאַר אַ „חברה קדישא". נאָר אויך די רוימישע רעפּובליק מוז באַלד אַרונטער פון דער סצענע. נאָך דעם דיקטאַטאָר פּאָמפּיי קומט צעזאַר, און די מאַכט פון סענאַט גייט אַריבער צום קייסער.

# נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע קאַמפן

דער לעצטער יאָרהונדערט פאַר דער איצטיקער (קריסטלעכער) צייט־רעכענונג איז געווען פול מיט גרויסע געשייענישן.

די דעראָבערונג פון דער אַלטער קולטור־וועלט פאַר דער העלענישער ציוויליזאַציע, האָט געבראַכט אין באַרירונג די פעלקער און קולטורן פון אַזיע, אַפריקע און אייראָפּע. מיט איין שפּראַך, גריכיש, האָט מען געקאָנט זיך צו־זאַמענריידן פון שפּאַניע ביז קאַווקאַז און פון איטאַליע ביז אינדיע. קליין־אַזיע, סיריע און פּאַלעסטינע, מצרים און סיראַנאַיקאַ האָבן זיך וויניק אונ־טערגעשיידט פון גריכנלאַנד און מאַקעדאָניע. דער זיג פון די רוימער אין אַלע דריי וועלט־טיילן, דער נצחון־מאַרש פון די רוימישע לעגיאָנערן אין ווייטע לענדער און דער אומגעהויערער שקלאַפן־שטראָם, וואָס האָט זיך געצויגן פון אַלע טיילן וועלט נאָך רוים, האָט צונויפגעגאָסן אַלע ראַסן און קולטורן אין איין גרויסן שמעלץ־ציגל און זיי געפורעמט דורך נייע לעבנס־שטייגערס צו נייע וועלט־אָנשויאונגען.

אין די קלאַסנצעטיילונג ענלעך געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט. אומע־טום זיינען אַרבעטער געווען אָרגאַניזירט אין עראַנאָסעס און קאָלעגיעס, אין צעכן, ברידערשאַפטן און חברשאַפטן, און זיך געשטעלט אויף דער זייט פון שקלאַף קעגן האַר. עלנטע שקלאַפן און שקלאַפינס האָבן געפונען אומעטום אין זייער גלות אַן אויסגעשטרעקטע ברודער און שוועסטער־האַנט. יעדע פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציע אין דער רוימישער אימפּעריע האָט אַרויס־גערופן האָפענונגען אויף דערלייזונג ביי די אונטערדריקטע פון אַלע פעלקער. פאַרקערט, דער זיג פון רוימישן האַר איבערן שקלאַף, פון פריץ און פּראָ־צענטניק איבערן פויער און אַרבעטער, האָט שטאַרק דערמוטיקט די הער־שענדיקע קלאַסן אין אַלע לענדער און דער שקלאַפן־יאָך איז געוואָרן שווע־רער און דריקנדיקער.

דער זיג פון די רוימישע האַרן איבער די רוימישע מאַסן האָט געמאַכט די אַרמיי פאַר דער הערשערין איבער דער רוימישער אימפּעריע. די גענע־ראַלן, וועלכע האָבן געהאָלפן אונטערדריקן די רעוואָלוציעס אין רוים, ווערן באַלוינט מיט הויכע רעגירונג־שטעלעס. אַזוי האָט דער גענעראַל פּאָמפּעי געקראָגן דעם אַמט פון הויפּט־קאָמאַנדיר איבער דער אַרמיי אין מערב־אַזיע.

צעבראָכן אין קליינע מלכהלעך, צעשפּאָלטן אין פיינטלעכע קלאַסן און פּאַרטייען, איז די אַלטע העלעניזירטע קולטור־וועלט געלעגן הילפלאָז צו־

פוסן פון דעם רוימישן דעראָבערער. פּאָמפּעי האָט באַטראַכט די אַלע לענ־דער און פעלקער מיט די אויגן פון שפּאַנישן דעראָבערער פון מעקסיקאָ און פּערו. ער האָט זיך אַריינגעמישט אין זייערע אינעווייניקסטע שטריי־טיקייטן און זיי אַלעמען געמאַכט פאַר רוימישע קנעכט.

צווישן די מלוכות, אין וועלכע פּאָמפּעי האָט זיך אַריינגעמישט און געמאַכט „אָרדענונג", איז אויך געווען די מלוכה פון די מאַקאַבעיער. אַריס־טאָבול און הירקאַן, די צוויי מאַקאַבעיער־פּרינצן, האָבן זיך ניט געקאָנט צעטיילן מיט זייער פאָטערס ירושה, די קעניגלעכע קרוין פון דער כהנים־דינאַסטיע חשמנאי. אויף דער זייט פון אַריסטאָבול זיינען געשטאַנען די אַריסטאָקראַטן, די רייכע כהנים־משפּחות, און די מאַסן, וועלכע זיינען געווען אָפּהייגגיק פון זיי. נאָר דער עיקר האָט אַריסטאָבול, אַזוי ווי זיין פאָ־טער, זיך געשטיצט אויף געדונגענע סאָלדאַטן פון פרעמדע לענדער. אַרום היר־קאַנען, וואָס האָט פריער געהאַט דעם אַמט פון כהן גדול, האָבן זיך גרו־פּירט די פרומע מיטל־קלאַסן, ווי אויך אַ טייל פון די אויפגעקומענע גבירים, פון ניט־כהנישן יחוס. נאָר אויך הירקאַן האָט זיך ניט געשטיצט בלויז אויף זיין אידישן צד, נאָר אונטערגעקויפט די אַראַבער אים צו העלפן באַזיגן ירושלים. ביידע ברידער האָבן פאָרגעלייגט זייערע פּרעטענזיעס פאַר דעם מיליטערישן פאָרשטייער פון דער רוימישער אימפּעריע. יעדער פון זיי האָט אויך אָנגעבאָטן גרויסע סומען געלט פאַר אָננעמען זיין צד.

נאָר אויסער די צוויי צדדים איז אויך געווען אַ דריטער, פון די, וואָס האָבן אינגאַנצן ניט געוואָלט איבער זיך „קיין קעניג און קיין האַר". זיי האָבן ניט אָנערקענט קיין אַנדער העררשער אויסער זייער גאָט, דעם גאָט פון די אָרעמע און אונטערדריקטע, דעם גאָט פון אמת און יושר.

די וואָרטזאָגער פון אָט דעם נאַאיוון גלויבן זיינען געווען די פּאָלקיסטישע פּרושים. נאָר אָט די פרומע בירגערלעכע לומדים זיינען געווען קעגן דער מאָ־נאַרכיע, ניט אַזוי צוליב זייער שטרעבן נאָך דער העררשאַפט פון פאָלק, ווי דאָס איז געווען ביי די האָרעפּאַשנע מאַסן, נאָר הויפּטזאַכלעך דערפאַר, וואָס ביי זיי זיינען די אינטערעסן פון דער רעליגיע געשטאַנען העכער ווי פון דער מלוכה. אין אָט דעם זין האָבן זיי זיך געווענדט מיט אַ דעלעגאַציע צו דעם זעלבן פאָרשטייער פון דער רוימישער מאַכט. זיי האָבן געפאָדערט די אָפּשאַפונג פון אידישן קעניגטום און די ווידער־עטאַבלירונג פון אַ אי־דישן קירכנשטאַט (אונטער אַ רוימישן גובערנאַטאָר), וועמעס גייסטיקע מלוכה עס זאָל זיין די גאַנצע וועלט.

פּאָמפּעי האָט געזען, אַז אַריסטאָבול שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָרגאַני־זירטע רעגירונגס־מאַכט, מיט אייגענע מלוכה־שטרעבונגען. ער אַנטשיידט

זיך דעריבער פאר הירקאנען, דעם קאנדידאט פון מיטל־קלאס, מיט וועמעס הילף ער (פאמפעי) האט געהאפט צו פארכאפן א שטיק פרוכטבאר לאנד מיט א הארעפאשנער, קרעפטיקער באפעלקערונג, פון וועלכער מ'קאן ארויס־קריגן א סך שטייערן און סאלדאטן. ווען אריסטאבול האט זיך אפגעזאגט צו ווערן אוים קעניג, האט פאמפעי באלאגערט ירושלים און מיט דער הילף פון הירקאנס אנהייננגער, אידן און אראבער, האט ער איינגענומען די שטאט. 12.000 אידן זיינען געפאלן אין שלאכט. א גרויסע צאל האט פאמפעי פאר־קויפט אין קנעכטשאפט. אריסטאבולן און זיינע זין האט ער אוועקגע־שיקט קיין רוים.

---

די קאלאניאל־פאליטיק פון דער פארצייטיקער רוימישער אימפעריע איז געווען אין א סך פרטים ענלעך צו דער קאלאניאלער פאליטיק פון די היינטיקע אימפעריאליסטן.

רוים איז געווען גערן אנצוהאלטן אין אירע קאלאניעס דעם אויסערלעכן שיין פון קעניגטום. עס האט איר ניט געקימערט, אז דאס אידנלאנד זאל האבן אן אייגענעם אידישן קעניג, אויב ער זאל רעגירן זיין לאנד אין אירע אינטערעסן. אזוינע קעניגן ווי די מאהאראדזשים אין אינדיע און די סול־טאנען אין מאראקא, וואס טוען נאר, וואס זייערע ענגלישע און פראנ־צויזישע אימפעריאליסטישע אויבערהארן באפעלן, זיינען אויך רוים געווען ווילקאמען. טריי צו אט דער קאלאניאל־פאליטיק אירער האט רוים ניט פארוואנדלט באלד די מאקאבעיער מלוכה אין א רוימישער פראווינץ אויך אין נאמען. רוים האט אנגעווענדט די זעלבע טאקטיק, וואס זי האט מיט הונדערט יאר פריער דורכגעפירט מיט דערפאלג אין מאקעדאניע. זי האט צעטיילט די אידישע מדינה אין פינף באזונדערע רעפובליקן: ירושלים, גדרה, אמעט, יריחו און צפורי, אונטער רוימישער הערשאפט. דערביי איז ירושלים געבליבן ווי פריער, דער זיץ פון אידישן פאפסטנטום — דער מיטלפונקט פון דער אידישער וועלט־רעליגיע.

נאך דערוויל זיינען פארגעקומען גרויסע געשייעענישן אין רוים גופא. דער רוימישער סענאט האט ניט געוואלט נאכגעבן די פאדערונגען פון דעם טריאומפירנדיקן גענעראל פאמפעי. דער לעצטער האט געפאדערט, אז זיינע אויפטואונגען אין אזיע זאלן ווערן אפיציעל אנערקענט און זיינע אויסגעדינטע סאלדאטן זאלן באזארגט ווערן מיט לאנד. דער בלוטיקער רעאקציאנערער גענעראל ווערט דעמאלט דער אפאסטל פון גראקכישע אג־ראר־רעפארמען, כאטש ער האט זיי כלל ניט געהאט אין זין. פאמפעי פאר־אייניקט זיך דאן מיט נאך צוויי אמביציעזע רוימער, מיט דעם מיליאנער

קראַס, וואָס האָט געהאָלפן באַזיגן ספּאַרטאַקן, און מיט דעם יונגן צעזאַר, וואָס האָט געזאָלט ווערן קאָנסול אין רוים און נאָכדעם קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי אין גאַליע. אָט די דריי גענעראַלן פאָרמירן דעם ערשטן „טריאומוויראַט" (דריילינג), וואָס האָט געהערשט איבער רוים. צעזאַר ווערט קאָנסול און פירט דורך אַגראַר־רעפאָרמען, ניט בלויז פאַר פּאָמפּעיס סאָלדאַטן, נאָר אויך פאַר אַ טייל לומפּן־פּראָלעטאַריער פון רוים

די דריי גענעראַלן האָבן אינגאַנצן איגנאָרירט דעם רוימישן סענאַט און געאַרבעט יעדער איינער בלויז פאַר זיין אייגענער אַמביציע צו ווערן דער אַבסאָלוטער הערשער פון דער גרויסער רוימישער אימפּעריע. יוליוס צעזאַר, דער קליגסטער און פּייאיקסטער פון די דריי, האָט פאַרכאַפּט אין זיינע הענט די קאָמאַנדע איבער דער אַרמיי אין גאַליע, מיט וועלכער ער איז געווען בכוח צו קאָנטראָלירן די גאַנצע רוימישע וועלט. פּאָמפּעי און קראַס, וועלכע זיינען געבליבן אין רוים, האָבן זיך באַלד אַרומגעזען, אַז צעזאַר האָט זיי געשטעלט אין שאָטן. נאָר זיי זיינען געווען מאַכטלאָז. כדי צו זיין זיכער מיט די פּראָלעטאַרישע סאָלדאַטן אין זיין אַרמיי האָט צעזאַר געשטיצט אין רוים די ראַדיקאַלע פאָלק־פּאַרטיי. פון דער אַנדער זייט זוכט צעזאַר זיך צו באַוואָרענען קעגן פּאָמפּעיען און קראַסן, זיי זאָלן ניט אַריינגעמען אין זייערע הענט די הערשאַפט איבער דער הויפּט־שטאָט און פון דאָרט שטערן זיינע אַמביציעס. ער שליסט אַ נייעם בונד. ער פירט דורך זייער דערוויילונג פאַר קאָנסולן (55 פ. ק.) מיט דער גאַראַנטיע, אַז פּאָמפּעי זאָל באַלד נאָכדעם קריגן די הערשאַפט איבער שפּאַניע און קראַס — איבער מערב־אַזיע.

קראַס האָט זיך כלל ניט גערעכנט מיט די געפילן פון די אונטערטעניקע פעלקער. אָנשטאָט צו מאַכן אַנלייען פאַר די מלחמה־קאָסטן און צאָלן גרויסע פּראָצענטן, ווי יוליוס צעזאַר, האָט קראַס ליבער אויסגעפּלינדערט די פרעמדע באַפעלקערונג. ער האָט זיך אויך נישט אָפּגעשטעלט ביי די טויערן פון אירע הייליקטימער. ער האָט כמעט אויסגעליידיקט דעם אידישן בית־המקדש פון גאָלד און זילבער און אַוועקגענומען אַ פאַרמעגן אין ווערט פון צוועלף־דרייצן מיליאָן דאָלאַר. נאָר די אַלע אוצרות האָבן אים ניט געהאָלפן אין קאַמף קעגן פּאַרטיע, די באַנייטע פּערסיע. ער איז געפאַלן אין שלאַכט און די פּאַרטיער האָבן פאַרנומען סיריע, וואו זיי האָבן געפונען שטיצע אין יענע אידן, וועלכע האָבן געוואָלט זען נקמה אָן דעם פאַרשווערער און באַרויבער פון זייער הייליקטום. נאָר דערפאַר האָבן געקעמפט פאַר רוים, די אָנהייבער פון כהן גדול, הירקאַן, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון רוימישן אַגענט, אַנטיפּאַטער (איינער פון די נייע אַריס־

טאָקראַטן פון ניט־כהנימשן יחוס). מיט דער הילף פון דעם מאַקאַבעיער פרינץ און כהן גדול הירקאַן האָבן די רוימער געשלאָגן די אידן און פאַר־קויפט דרייסיק טויזנט פון זיי אין קנעכטשאַפט.

אין רוים האָט דער סענאַט ווידער באַזיגט די אומצופרידענע מאַסן. דאָס מאָל מיט דער הילף פון פּאָמפּעיס סאָלדאַטן פון שפּאַניע. פּאָמפּעי קריגט דערביי דיקטאַטאָרישע מאַכט און קומט באַלד אין צוזאַמענשטויס מיט יוליוס צעזאַרן. אין אָנהויב יאָר 49 מאַרשירט אַריין צעזאַר מיט זיין אַרמיי אין איטאַליע. פּאָמפּעי און דער סענאַט מוזן אַנטלויפן צוערשט פון רוים און נאָכדעם אויך פון איטאַליע. צעזאַר דערקלערט זיך פאַרן שטאַט און זיי פאַר רעבעלן.

אונטער דעם איינפלוס פון זיינע אידישע פריינט און אויך אויס קעג־נערשאַפט צו פּאָמפּעין, האָט יוליוס צעזאַר אָפּגעשיקט אַריסטאָבולן צוריק קיין יהודה און אים אויך מיטגעגעבן רוימישע לעגיאָנען צו פאַרנעמען זיין מלוכה און צו העלפן צעזאַרן קעגן זיינע שונאים — פּאָמפּעי און דעם סע־נאַט. אַריסטאָבול קריגט גרויסע מעגלעכקייטן אויסצובויען אַ מעכטיקן קעניגטום מיט צעזאַרס הילף און אונטער צעזאַרס שוץ. נאָר פּאָמפּעיס צד ראַמט אים אָפּ פון וועג דורך סם, און דערמאָרדערט אויך זיין זון אַלכּסנדרן. נאָר דערמיט האָבן פּאָמפּעיס אָנהייננער זייער זאַך ניט געהאָלפן, ווייל אונ־טער אַנטיפּאַטערס פירערשאַפט האָט הירקאַן זיך באַלד איבעראָריענטירט פון פּאָמפּעיען אויף צעזאַרן און צוזאַמען מיט די אַראַבער געפירט די אידן אין שלאַכט צו זיכערן מצרים פאַר צעזאַרס אַרמיי. אונטער הירקאַנס איינ־פלוס האָבן אויך די אידן פון מצרים געהאָלפן צעזאַרס לעגיאָנען.

יוליוס צעזאַר האָט געזוכט צוזאַמענצוהאַלטן די רוימישע אימפּע־ריע און אויך געווינען פאַר איר נייע פּראָווינצן דורך פאַרבינדן זיי מיט רוים דורך האַנדלס־אינטערעסן, אַ חוץ דורך רוימישע וואָפן. אין אָט דער אימפּעריאַלער פּאָליטיק זיינען צעזאַרן גוט צוניץ געקומען די אידישע סוחרים צוליב זייערע פאַרבינדונגען מיט אַ סך לענדער. אידישע הענדלער האָבן זיך אין צעזאַרס צייט שוין געפונען אין די ווייטסטע געגנטן, וואָס זיינען דאַמאָלט באַקאַנט געווען. די אידישע סוחרים אין רוים און אין די רוי־מישע פּראָווינצן זיינען דורכדעם נאָענט פאַרבונדן געוואָרן מיט צעזאַרס רעגירונג. זיי האָבן אים אַ סך אַרויסגעהאָלפן מיט אַנלייען און דערפאַר אַרויסגעקראָגן פון אים אַ סך פּריווילעגיעס פאַר די אידן אין רוים און אַנדערע לענדער, און אויך פּאַלעסטינע אין כלל.

* * *

נאָך רוים האָט ירושלים געהאַט די גרעסטע צאָל לומפּן־פּראָלעטאַ־

ריער.

ביידע וועלט־שטעט האָבן צוגעצויגן צו זיך די אַרבעטסלאָזע און די אָרעמע פון דער גאַנצער מדינה. אין רוים האָבן די נויט־באַדערפטיקע דערוואַרט ניט בלויז אומזיסטע אָדער ביליקע שפּייז און מאַסן־ספּעקטאַקלען, נאָר אויך נייע אַרבעטס־מעגלעכקייטן. אין ירושלים האָבן אָרעמע אידן דערוואַרט ניט בלויז צדקה פון פרומע פּילגער, נאָר אויך נייע פּרנסה־קוואַלן אַרום די רייכע געסט.

נאָענט צו אָט דעם אָרעמסטן שיכט פון פאָלק זיינען אויך געשטאַנען די בעל־מלאכות, וועלכע האָבן מערסטנס געאַרבעט פאַר זיך און געפירט אַן אָרעמען לעבן. זייערע רייען האָבן זיך כסדר אויך פאַרמערט דורך די צוריקגעקערטע באַפרייטע שקלאַפן און פאַראָרעמטע קרעמער און הענדלער.

די פּראָלעטאַריער פון ירושלים, אַזוי ווי זייערע קלאַסנברידער אין אויסלאַנד, זיינען אַלעמאָל געווען גרייט צום קאַמף. זייער גרויסע צאָל אין די קרומע איינגע געסלעך פון דער אַלטער שטאָט, וואו מען קאָן לייכט אויפשטעלן באַריקאַדן, האָט זיי געגעבן מוט אַרויסצוטרעטן אפילו קעגן די געדונגענע פּראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטן פון הערשנדיקן קלאַס.

אין פרידלעכע צייטן האָבן זיך אָט די בעל־מלאכות, טאָג־אַרבעטער, קעמל און אייזל־טרייבער, טרעגער, באַדינער און אויך בעטלער זיך געלאָזט פירן פון דער באַלעבאַטישער אינטעליגענץ, די פּרושים. צווישן אָט די פּרושים זיינען געווען אַ סך אויפריכטיקע פאָלקס־פריינט. זיי האָבן געזוכט אויסטייטשן דאָס געזעץ, און אויך די רעליגיעזע געבאָטן, אין די אינטערעסן פון די ברייטע מאַסן. נאָר ווי מיטגלידער פון באַזיצנדיקן מיטל־קלאַס זיינען זיי געשטאַנען פאַר „רו און אָרדענונג". זיי האָבן געזוכט צו געווינען סאָציאַלע רעפאָרמען פאַר די מאַסן דורך פרידלעכע מיטלען. מיט דער פאַרשאַרפונג פון די קלאַסן־קעגנזאַצן און פון דעם קלאַסנקאַמף האָט דערפאַר געמוזט קומען צו אַ שפּאַלטונג צווישן די פּראָלעטאַרישע מאַסן און די באַלעבאַטישע אינטעליגענטן. די פּרושים האָבן אַלץ מער דערנענטערט זיך צום הערשנדיקן קלאַס און די שטאָטישע פּראָלעטאַריער האָבן זיך איינגער פאַרבונדן מיט די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פון דאָרף.

דער פויער און פאַסטוך זיינען אויך שטאַרק אויסגעזויגן געוואָרן פון דער מאַקאַבעיער־מלוכה, נאָר די שווידערהאַפטסטע הויט־שינדעריי האָט זיך ערשט אָנגעהויבן, ווען די רוימער זיינען געוואָרן די הארן פון לאַנד.

די רוימישע הערשער, וועלכע האָבן געבראַכט זייער אייגענעם פויער צו בעטלברויט און קנעכטשאַפט, האָבן זיך נאַטירלעך וויניק צערעמאָ־

נירט מיטן אידישן פויער אָדער פּאַסטוך. די מוראדיקע שטייערן האָבן די אידישע לאַנדווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג אריינגעוואָרפן אין די אָרעמס פון די וואָכערער. די אומגעהויערע פּראָצענטן האָבן גיך געבראַכט דעם קליינעם פויער אָדער פּאַסטוך צו באַנקראָט. מען האָט פון אים צוגענומען זיין אייגנטום און אָפט אויך געמאַכט אים פאַר אַ קנעכט.

אַ טייל פון אָט די באַזיצלאָז־געוואָרענע דאָרפס־לייט האָט זיך געזוכט איינצואָרדענען אין ירושלים און האָט פאַרשטאַרקט די רייען פון דעם דאָרטיקן אומצופרידענעם פּראָלעטאַריאַט. דער מער ענערגישער טייל האָט זיך אָרגאַניזירט אין באַוואָפנטע פּאַרטיזאַנען. זיי פלעגן באַפאַלן ניט בלויז האַנדלס־קאַראַוואַנען, נאָר אויך מיליטערישע טראַנספּאָרטן. באַזונדערס איז דאָס געווען דער פאַל אין גליל, אין צפון פון פּאַלעסטינע, וואָס איז באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון אַ ווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג.

די רוימישע מלוכה און איר מאַקאַבעיער וואַסאַל האָבן נאַטירלעך באַטראַכט אָט די פּאַרטיזאַנען, געוועזענע פויערים, פּאַסטוכער און לאַנד־ווירטשאַפטלעכע טאָג־אַרבעטער פאַר פּשוטע רויבער. אמת, פון אַנדערן זייט ירדן פלעגן אַריבערקומען בעדואינער, וועלכע האָבן געלעבט בלויז פון רויב און דאָס באַטראַכט פאַר ווייניקער, אויב ניט מער, אָנשטענדיק ווי אַרבעטן אָדער האַנדלען. נאָר די באַזיצלאָז־געוואָרענע אידישע לאַנד־באַפעלקערונג האָט באַטראַכט איר אָנפאַל אויף די האַנדלס־קאַראַוואַנען בלויז פאַר אַ מיטל צו אַ העכערן ציל, צו באַפרייען דאָס לאַנד פון אונטערדריקער, אַזוי ווי אין די צייטן פון די מאַקאַבעיער־באַנדעס. די אידישע פּאַרטיזאַנען פון גליל האָבן זיך דערפאַר באַטראַכט פאַר פרייהייטס־קעמפער און זיינען אויך אַזוי באַטראַכט געוואָרן אפילו פון די בירגערלעכע פּירושים אין ירושלים.

ווען דער 25־יאָריקער הורדוס, אַ זון פון רוימס אידישן אַגענט אַנטי־פּאַטער, איז פון זיין פּאָטער באַשטימט געוואָרן גובערנאַטאָר פון גליל, האָט ער אָנגעהויבן אַן ענערגישן קאַמף קעגן די דאָרטיקע אידישע פּאַרטיזאַנען. די אידן האָבן אים דערפאַר באַטראַכט פאַר אַ פאַררעטער און שונא פון זיין לאַנד. ווען הורדוסן איז געלונגען צו דערמאָרדן דעם פּאַרטיזאַנען־אָנפירער, חזקיה (47 פ. ק.), זיינען די מאַסן פון ירושלים געווען העכסט אויפגעבראַכט. דער מאַקאַבעיער־הערשער, דער כהן גדול הירקאַן, וואָס האָט רעגירט מיט רוימס הילף און איז געשטאַנען אונטער דער השגחה פון הורדוסעס טאַטן, אַנטיפּאַטער, האָט געמוזט ניט וועלנדיק שטעלן הורדוסן פאַרן געריכט פון סנהדרין. נאָר הינטער הורדוסן איז געשטאַנען די ווירק־לעכע מאַכט אין לאַנד, די מאַכט פון רוים, און דער סנהדרין האָט ניט

געוואגט אים צו פאראורטיילן.

נאר אינגאנצן בארואיקן דעם גליל איז ניט געווען קיין לייכטע אר־בעט, אפילו פאר אזא ברוטאלן היינקער ווי הורדוס איז געווען. דאס האט הורדוס אויסגעפונען עטלעכע יאר שפעטער, ווען ער האט זיך געקויפט ביי די רוימישע מאכטהאבער דעם טיטל „קעניג" און גענומען איינפירן „ארדענונג" אין לאנד.

פאר א היפשן כאבאר האט אויך הורדוס געפועלט ביי אנטאניען — צעזארס יורש אין מערב־אזיע — ער זאל עפנטלעך שמייסן און אראפ־האקן דעם קאפ פון לעצטן מאקאבעיער־קעניג אנטיגאן־מתתיה, (37 פ. ק.). מיט דער הילף פון רוימישן מיליטער האט הורדוס איינגענומען ירושלים און אויסגעקוילעט דעם גרעסטן טייל פון איר באפעלקערונג. די איבערגע־בליבענע האבן זיך געמוזט אונטערווארפן זיין טיראניי, נאר זיי האבן אים קיינמאל ניט באטראכט פאר זייער געזעצלעכן קעניג. ער האט כסדר גע־ברענט און געמארדעט, פארקויפט גאנצע אידישע שטעט אין שקלאפעריי, פארברענט מאסן אידישע דערפער, נאר דעם פרייהייט־גייסט פון די אי־דישע פראלעטארישע מאסן האט ער ניט געקאנט טויטן. עס האט אים אויך וויניק געהאלפן, וואס ער האט ארומגערינגלט די אידישע מאסן מיט א גרויסער צאל שפיאנען און פראוואקאטארס.

באזונדער שווער איז הורדוסן אנגעקומען דער קאמף קעגן די רע־וואלוציאנערע הייל־באוואוינער פון גליל. הורדוס האט זיך בארימט מיט זיינע קונציקע איינפאלן ארונטערצולאזן סאלדאטן מיט פיקעס אין די פעלזן־שפאלטן, וואו אט די גאליליייער „רויבער" האבן געהאט זייערע היילן. נאר אפילו אט דער פארהאסטער היינקער האט געמוזט אנערקענען די העלדנטאטן פון אט די היילן־באוואוינער, וועלכע האבן ליבער אויסגע־קליבן דעם טויט, איידער צו לעבן אונטער זיין ממשלה.

פון די דערציילטע העלדנטאטן פון אט די רעוואלוציאנערע היילן־באוואוינער איז געווען באזונדערס פאפולער די מעשה פון דעם טאטן מיט די זיבן קינדער.

אין א הייל פון איינעם פון די טיפע פעלזן־שפאלטן — איז דערציילט געווארן — האט געלעבט אן אלטער רעוואלוציאנער מיט זיבן זין. הורדוס האט אים פון וויטן, דורך צייכנס, גאראנטירט זייער אלעמענס לעבן, אויב ער וועט זיך אונטערגעבן. נאר דער הארטנעקיקער היילן־באוואוינער האט פאר הורדוסעס אויגן געטויט מיט די אייגענע הענט אלע זיבן קינדער און נאכדעם זיך אליין.

א שווערן קאמף האט אויך הורדוס געהאט קעגן די רעוואלוציאנערן,

וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין אַ געגנט, וואָס איז געווען אַרומגע־רינגלט מיט זומפּן און דערפֿאַר געווען געשיצט קעגן זיין מיליטער. נאָר ווען עס איז אים געלונגען אויסצוראָטן די זומפּן־באַוואוינער אַזוי ווי די היילן־באַוואוינער, האָבן זיך אָנגעהויבן איינצלנע טעראָריסטישע אַקטן. צו אים אַליין איז ניט געווען מעגלעך צוצוקומען, האָבן די רעוואָלוציאָנערן אָרגאַניזירט אַטענטאַטן אויף זיינע שפּיאָנען. זיין פּייניקן די רעוואָלוציאָנערן האָט ניט אָפּגעהאַלטן ווייטערע איינצלנע אַרויסטרעטונגען. עס האָט אים אויך ניט געהאָלפן זיין שפּייזן די הונגעריקע באַפעלקערונג אין די שרעק־לעכע הונגער־יאָרן פון 24—23 פ. ק. ער האָט אויך ניט געוואונען פאַר זיך די פרומע מאַסן דורך זיין אויפבויען אַ נייעם פּראַכטפולן בית־המקדש. די פרומע האָבן אים ניט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ער האָט אָפן בית־המקדש אַרויפגעשטעלט אַ גאָלדענעם אָדלער, דעם סימבאָל פון דער רוימישער מאַכט. עס האָבן זיך אויך געפונען אַ פערציק העלדישע רעוואָלוציאָנערן צווישן די פרומע מאַסן, וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן און אַרונ־טערגעריסן דעם אָדלער פון בית־המקדש.. עס פאַרשטייט זיך, אַז הורדוס האָט זיי פאַרמשפּט צום טויט. נאָר וואָס מער הורדוס האָט געמאָרדעט, אַלץ שטאַרקער איז אָנגעוואָקסן די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע, וועלכע ער האָט צוריקגעהאַלטן מיט די שווערדן פון זיינע אויסלענדישע סאָלדאַטן, טראַקיער, דייטשן, גאַלאָטיער, א. א. וו. און באַלד ווי ער שטאַרבט (אין יאָר 4 פ. ק.) ברעכט צוזאַמען זיין גאַנצע סיסטעם. זיין גרויסע אַרמיי פון שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן ווערט דעזאָרגאַניזירט און דעמאָראַליזירט. זיינע געדונגענע פרעמדע סאָלדאַטן, מערסטנס גריכן און דייטשן, מיט וועמעס כוח ער פלעגט אָראַנזשירן שחיטות אויף די אידישע מאַסן, ווייסן ניט מער וואו זיי זיינען אין דער וועלט, צי הורדוסעס יורש וועט זיך נויטיקן אין זייער דינסט, אָדער זיי וועלן מוזן זוכן זייער באַשעפטיקונג אין אַנדערע לענדער.

הורדוסעס יורשים האָבן זיך צוערשט פּרובירט אַרויסשטעלן ווי פריינט פון פאָלק. זיי האָבן באַפרייט די אָנגעזעענע בירגער, וועלכע דער בלוט־דורשטיקער אידישער קעניג האָט געהייסן פאַרשפּאַרן אין גרויסן היפּאָד־ראָם פון ירושלים, וואו ס׳פלעגן פאָרקומען די פערד־לויפן, און געהייסן זיי טויטן באַלד, ווי ער וועט שטאַרבן, כדי דאָס גאַנצע פאָלק זאָל זיין אין טרויער... נאָר די מאַסן פון ירושלים האָבן זיך דערמיט ניט באַנוגנט. זיי האָבן געפאָדערט צו באַשטראָפן די שולדיקע אין דעם טויט פון די 40 מאַרטירער, וועלכע הורדוס האָט געלאָזט פאַרברענען דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַרונטערגעריסן דעם רוימישן אָדלער פון בית־המקדש, דעם צייכן פון רוימס אויבערהערשאַפט. נאָר הורדוסעס קרוין־פּרינץ, אַרכעלאַ, האָט

אָט די פאָדערונג ניט געקאָנט נאָכגעבן. דער פּראָצעס פון אָט די 40 רעוואָלוציאָנערן איז פאָרגעקומען אין טעאַטער פון ירושלים, פאַר די הויכע מלוכה־לייט, און אַ פאַרזוך צו באַשטראָפן די ריכטער און הײנקער פון די 40 מאַרטירער וואָלט געמיינט אַ הויך־איבערקערעניש. בפרט, אַז אַרכעלאַ איז נאָך כלל ניט געווען זיכער מיט זיין טראָן. ער האָט צוערשט זיך געדאַרפט מעלדן אין רוים, אָפּגעבן אַ באַריכט פון זיין פאָטערס צוואה און זיך פאַרלאָזן אַפן צעזאַר אויגוסט, דער זעלבסטהערשער פון דער רוימישער אימפּעריע, ווי אַזוי צוצעטיילן הורדוסעס ירושה, וועלכע רוים האָט באַטראַכט פאַר איר אייגנטום. דערצו איז נאָך הורדוסעס לעצטע צוואה פּראָטעסטירט געוואָרן פון דער „משפּחה". (הורדוסעס יורשים האָבן איינער דעם אַנדערן ניט געטרויט. יעדער איינער פון זיי איז געווען זיכער, אַז דער צווייטער וויל אים אָפּנעמען פון וועג. די בעסטע שוץ איז דעריבער פאַר זיי געווען רוים, וואוהין זיי האָבן באַגלייט דעם קרוין־פּרינץ, און געפלאַנט אים אויסצוריכטן דאָרט אַ שוואַרצן סוף.)

מיט די מעסיקע עלעמענטן פון לאַנד איז אַרכעלאַ איינגעגאַנגען צו פאָדערן אין רוים, צווישן אַנדערע רעפאָרמען, די פאָלגנדיקע: לייכטערע צינזן פאַר דער לאַנדווירטשאַפט, פאַרקלענערן די אינדירעקטע שטייערן און פּראָקלאַמירן אַן אַמנעסטיע. נאָר די נאַציאָנאַלע רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך דערמיט ניט באַנוגנט. האָבן זיי פאַראַנשטאַלט אַ מאַסן־טרויער נאָך די 40 מאַרטירער און אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג, אַז דער פון הורדוסן באַשטימטער כהן גדול זאָל רעזיגנירן. די לאַגע איז באַזונדערס געוואָרן ערנסט פאַר אַרכעלאַן ערב פּסח, ווען ירושלים איז געווען פול מיט פּילגער, צווישן וועלכע עס זיינען געווען אַ סך ניט לאָיאַלע עלעמענטן. אַרכעלאַ האָט געוואָלט וויזן פאַר רוים, אַז ער איז פּאַסיק צו זיין איר אַגענט. ער איז דערפאַר באַפאַלן מיט זיין געדונגענער אַרמיי די ניט באַוואָפנטע מאַסן אַפן באַרג פונם בית המקדש און געמאַכט דאָרט אַ שרעקלעכע שחיטה. 3000 הרוגים האָבן באַדעקט דעם „הייליקן באַרג", און ווער עס איז ניט געווען קיין שטענדיקער איינוואוינער פון ירושלים, איז אויסגעוויזן געוואָרן פון דער הויפּט־שטאָט.

די שחיטה אין ירושלים האָט ניט אַנטמוטיקט די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן. קנאַפּע צוויי חדשים שפּעטער, שבועות פון יאָר 3 פ. ק., האָט אויסגעבראָכן אַן ערנסטער אויפשטאַנד איבערן גאַנצן לאַנד. דעם אָנשטויס דערצו האָבן געגעבן די רוימישע הערשער. אַרכעלאַ און די גאַנצע הויפּט־משפּחה זיינען שוין געווען אין רוים. און אין ירושלים האָבן געהערשט די ווירקלעכע האַרן, די רוימישע באַאַמטע. נאָר ווען די לעצטע האָבן געמאַכט

א פאַרזוך צו פאַרכאַפּן הורדוסעס אָנגעראַבירט גאָלד, האָט ירושלים ז״ע־וואָלטירט. די שטאָט איז פול געווען מיט „עולי רגל״ פון אדום, גליל, עבר הירדן א. א. וו., וועלכע האָבן געלערנט פון פּאַגראָם אַף זיי ערב פּסח. זיי האָבן זיך דעריבער איינגעטיילט אין דריי מחנות. איינע האָט פאַרכאַפּט דעם היפּאָדראָם, א צווייטע דעם בית המקדש, און א דריטע דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ, און אַלע צוזאַמען האָבן געזוכט אַריינצונעמען די רוימישע סאָלדאַטן אין געפאַנגענשאַפט. נאָר רוים האָט געהאַט געגוג רעזערוון אין סיריע, דערצו גוט באַוואָפנט און גוט אויסגעמושטירט. זי האָט דערפאַר ליכט באַזיגט די ווייניק דיסציפּלינירטע און שלעכט־באַוואָפנטע אידישע מאַסן. די רוימישע אַרמיי האָט דערביי פאַרכאַפּט מאַסן גאָלד אין בית המקדש. איר גענעראַל אַליין, סאַבין, האָט אַף זיין חלק געקראָגן א סומע פון אַרום א האַלבן מיליאָן דאָלאַר.

אָט דעם ניט־געלונגענעם אויפשטאַנד פון יאָר 3 פ. ק. האָט די רוימישע מאַכט באַנוצט פאַר א פּרעטענזיע צו צעברעקלען הורדוסעס מלוכה און אַוועקנעמען פון איר יעדן שיין פון אומאָפּהייגניקייט. די דעמאָראַליזאַציע פון הורדוסעס משפּחה און די שנאה פון אידישן פאָלק קעגן איר, האָט געמאַכט ליכט פאַר צעזאַר אויגוסט צו שפּילן די ראָל פון א גערעכטן גוט־מוטיקן הערשער. ער האָט אויפגענומען א אידישע דעלעגאַציע פון 50 פּערזאָן, וועלכע איז געוואָרן באַגלייט צום פּאַלאַץ פון די צעזאַרס אין רוים פון א אידישער מאַסן־דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַ־טייליקט אַרום 8,000 נפשות. די דעלעגאַציע האָט אויסגערעכנט אַלע פאַר־ברעכנס פון הורדוסן — כאָטש יענער איז בלויז געווען א געצייג פון רוימישן צעזאַר — און פאַרלאַנגט די אָפּשאַפונג פון אידישן קעניגטום און די באַשטימונג פון א רוימישן גובערנאַטאָר.

נאָר רוים האָט ליבער געוואָלט אויסזויגן און אונטערדריקן די אידישע מאַסן דורך אידישע „קעניגן״, כדי זי זאָל קענען ריינוואַשן אירע הענט און זאָגן, אַז זי איז ניט שולדיק אין דעם פאַרגאָסן בלוט. צעזאַר האָט דע־ריבער געהאַלטן זיין גובערנאַטאָר אין סיריע און געלאָזט אין אידנלאַנד כלומרשט רעגירן אידישע קעניגן, וועלכע האָבן געמוזט צושטעלן רוים נאָענט פון א מיליאָן דאָלאַר א יאָר אין שטייערן. ווען די אידן האָבן זיך באַקלאָגט אַף דער טיראַניי פון אָט די קעניגלעך, וועלכע האָבן דאָך אַרויס־געריסן א סך געלט אויך פאַר זייערע אייגענע קעניג־הויפן פון אָריענטאַלישן לוקסוס, האָט די רוימישע מלוכה זיך ווידער כלומרשט איינגעשטעלט פאַר גערעכטיקייט. זי האָט באַשטראָפט די אידישע קעניגלעך און באַזעצט זייערע פּלעצער מיט רוימישע פּראָקוראַטאָרן. אזוי ווערט אַרכעלאַ פאַרשיקט קיין

גאַליע און הורדוס אַנטיפּאַס (דער העלד פון דער לעגענדע וועגן יוחנן דעם טויפער און סאַלאָמע) ווערט אויסגעוויזן פון לאַנד און מעגלעך געטויט.

די רוימישע הערשער האָבן זיך געמוזט רעכענען מיט דעם אידישן איינפלוס אין אַנדערע טיילן פון דער אימפּעריע, ווי אויך אין דער רוי־מישער הויפּט־שטאָט גופא. זיי האָבן דערפאַר געמוזט אַרויסווייזן אַ געוויסע מאָס רעספּעקט פאַר דער נאַציאָנאַל־רעליגיעזער הויפּט־שטאָט פון דער אי־דישער קירך. נאָך מיט דעם פאַרבייטן הורדוסעס יורשים אויף רוימישע פּראָקוראַטאָרן מוזן די רוימער וועלנדיק־ניט־וועלנדיק אַרויסווייזן זייער עכט געשטאַלט און דורכפירן זייערע בלוטיקע מעשים מיט זייערע אייגענע הענט. אַזוי האָט וואַרוס, דער רוימישער גענעראַל, וואָס איז שפּעטער גע־פאַלן אין שלאַכט קעגן די דייטשן, אין יאָר 9 נ. ק. שרעקלעך געבושעוועט אין אידנלאַנד, נאָך פאַרן אָנהויב פון ערשטן יאָרהונדערט נ. ק. ער האָט געקרייציקט 2,000 אידישע רעוואָלוציאָנערן, בלויז אין דער געגנט פון ירושלים. ער האָט חרוב געמאַכט צפורי, דעם מיטלפּונקט פון די רעוואָ־לוציאָנערן אין גליל, און פאַרקויפט איר גאַנצע באַפעלקערונג אין שקלאַ־פעריי. נאָר דאָס האָט ניט געבראַכט קיין „רו און אָרדענונג" אין אידנ־לאַנד. מעגלעך, אַז די רוימישע הערשער האָבן דאָס אויך ניט געוואָלט. די רוימישע אַרמיי אין פּאַלעסטינע איז אין אָנהויב פון ערשטן יאָר־הונדערט געווען גאַנץ דעמאָראַליזירט. זי האָט זיך אָפן באַשעפטיקט מיט רויבעריי. די רוימישע סאָלדאַטן האָבן ניט געפאָלגט זייערע קאָמאַנדירן און די לעצטע גופא האָבן בלויז געזוכט ווי גיך רייך צו ווערן.

דאָס לאַנד איז געווען פול מיט רויבער־באַנדעס, רויבער־הויפּטלינגס, „משיחים" און „קעניגן". הורדוסעס דעמאָראַליזירטע סאָלדאַטן האָבן אָנ־געהויבן צעשטערן זיינע קונסטפולע פּאַלאַצן. (אין אויפשטאַנד פון יאָר 3 פ. ק. זיינען געבליבן טריי דער רוימישער מאַכט בלויז 3,000 סאָלדאַטן פון הורדוסעס אַרמיי. די איבעריקע זיינען אַריבער אויף דער זייט פון די מאַסן). איינער פון הורדוסעס קנעכט, אַ געוויסער שמעון, האָט זיך דער־קלערט פאַר קעניג פון יהודה. אים האָבן די רוימער באַלד באַזיגט און געקעפּט. אַ שווערן, לאַנג־דויערנדיקן קאַמף האָבן די רוימער געהאַט קעגן אַן אַנדער „קעניג", דער פּאַסטוך אַטראָנג.

אַטראָנג האָט זיך דערקלערט פאַר קעניג, אָנגעטאָן אַ קעניגלעכע קרוין, צוזאַמענגערופן אַ נאַציאָנאַל־ראַט פון זיינע פּראָלעטאַרישע אָנהייגער, באַ־שטימט זיינע פיר העלדישע ברידער פאַר קאָמאַנדירן און זיך גענומען אויס־ראָטן די רוימישע סאָלדאַטן און די אידישע גבירים. אין גליל האָט יהודה, דער זון פון דעם פאָלקס־העלד חזקיה, וועמען דער יונגער הורדוס האָט

דערמאָרדעט, אָנגעפירט מיט דערפאָלג אַ פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילונג. ער איז באַפאַלן די דאָרטיקע וואָפן־מאַגאַזינען און שאַצקאַמערן און געקראָגן געווער און געלט צו באַוואָפּענען און שפּייזן זיין פּאַרטיזאַנען־אַרמיי. נאָר רוים האָט געקראָגן שטאַרקע שטיצע פון די מלוכות פון סיריע און אַראַביע און מיט זייער הילף געטריבט, געברענט און געמאָרדעט אידן אין אידנלאַנד. פון דער אַנדערער זייט אָבער איז ביסלעכווייז פאַרשוואונדן די דורך די כהנים אויפגעהאַלטענע שנאה צווישן אידן און שומרונים, אַזוי אַז די פּראָלעטאַריער פון יהודה און שומרון האָבן געקעמפט האַנט אין האַנט קעגן זייערע פרעמדע און אייגענע אונטערדריקער.

אָט דער צושטאַנד אין אידנלאַנד האָט סוף־כל־סוף געמוזט ווירקן אויף דער רעגירונג־קאַסע אין רוים. רוים האָט געשיקט דעם סענאַטאָר קווירין צו מאַכן אָרדענונג אין לאַנד און רעאָרגאַניזירן און סיסטעמאַטיזירן די שטייערן פאַר דער אימפּעריע. צוליב דעם צוועק האָט ער אויך געדאַרפט דורכפירן אַ פאָלקס־ציילונג, אויף וועלכער די אָרעמע האָבן געקוקט מיט שרעק. בפרט אַז זייער שרעק האָט געהאַט אַ חוץ רעליגיעזע מאָטיוון אויך אַן עקאָנאָמישן גרונט. עס האָט געמיינט צאָלן מער שטייערן און ווייניקער מעגלעכקייטן זיך אַרויסצודרייען.

די רייכע אידן האָבן אויפגענומען פריינטלעך דעם רוימישן סענאַ־טאָר און צוגעזאָגט צו צאָלן פּינקטלעך שטייער (נאַטירלעך אויפן חשבון פון די אָרעמע מאַסן). נאָר יהודה פון גליל, דער אָנפירער פון די רעוואָ־לוציאָנערע פּויערים, און צדוק, פון דעם לינקן פליגל פון די פּרושים, זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן. דאָס האָט צעשפּאָלטן די פּרושים־פּאַרטיי. דער רעכטער פליגל, די באַלעבאַטים און די באַלעבאַטישע אינטעליגענטן, האָט זיך דערנענטערט צו די צדוקים, די קליינע מעכטיקע פּאַרטיי פון פּריצים (מערסטנס כהנים) און גבירים, און איז געוואָרן דער זייל פון רע־אַקציע און פּראָ־רוים הערשאַפט. דער לינקער פליגל פון די פּרושים, די בעל־מלאכות, קליינקרעמער, טאָג־אַרבעטער און אַלע אָרעמע שטאָטישע עלעמענטן, האָבן זיך דערנענטערט צו די בונטאַרן פון דאָרף, די קליינע פּויערים און לאַנדאַרבעטער, און רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיזאַנען און צוזאַ־מען אַרויסגעשטעלט דעם פּאַראייניקטן פראָנט פון קנאים, אָדער „צעי־לאָטן" (פאַנאַטיקער, רעוואָלוציאָנערע פּאַטריאָטן) קעגן רוים און קעגן דער אייגענער אידישער פּריציש־גביריש־אינטעליגענטישער רעאַקציע.

דער אידישער גענעראַל און היסטאָריקער יוסף פלאַווי, אַליין אַ פירער פון פּראָ־רוימישע רעאַקציאָנערן, שרייבט וועגן די אידישע פּראָלעטאַרישע קעמפער אַזוי :

„זיינע (יהודה הגאַלילים) אָנהייגער האָבן געהאַלטן אין אַלע זאַכן (בנוגע רעליגיע און פילאָזאָפישע פראַגן) מיט די פּרושים, אויסער וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַ האַרטנעקיקע ליבע צו דער פרייהייט און האָבן דערקלערט, אַז מען דאַרף בלויז גאָט אַליין אַנערקענען פאַר האַר און פירשט. זיי האָבן אַ סך ליבער געליטן די גרעסטע מאַרטירעריייען און גע־לאָזט אויך ליבער מאַטערן זייערע פריינט און קרובים, איידער אָנצורופן אַ מענטשן זייער האַר. נאָר איך (יוסף פלאַווי) וועל דערפון ניט ריידן אויספירלעך, ווייל עס איז גענוג באַקאַנט, וואָס פאַר אַן עקשנות זיי האָבן אַרויסגעוויזן אין אַזוינע זאַכן. איך האָב קיין מורא ניט, אַז מען וועט מיר ניט גלויבן, נאָר פיל מער, אַז איך וועל ניט געפינען קיין ווערטער, כדי צו באַשרייבן ווי געהעריק מיט וואָס פאַר אַן העלדנמוט און מיט וואָס פאַר אַ פעסטקייט זיי האָבן אַריבערגעטראָגן די גרעסטע מאַרטירערייען.“

ווען דער פירער פון אַ פּאַרטיי, וואָס האָט ניט קיין אַנדערע נעמען פאַר די פּראָלעטאַרישע העלדן ווי „באַריאָנים“ (גענגסטערס), רשעים, רוצחים, א. א. וו., רעדט מיט אַזוי פיל רעספּעקט פון זייער מוט און מאַרטי־רערטום, קאָנען מיר זיך שוין פאָרשטעלן פון וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל עס זיינען באַשטאַנען אָט די פּראָלעטאַרישע קעמפער קעגן רוים.

# אַלט-אידישע רעליגיעז-קאָמוניסטישע געזעלשאַפטן

אין אַלע צייטן האָבן אונטערדריקטע מענטשן געחלומט פון פרייהייט און דערלייזונג. נאָר בלויז ווייניקע פון זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז אין זיי גופא ליגט די קראַפט צו פאַרוואַנדלען זייער חלום אין וואָר.

אָט די בונטאַרן און צאַמענברעכער האָבן גערופן דאָס פאַרשקלאַפט פאָלק צום קאַמף קעגן זיינע אונטערדריקער. האָט דאָס פאָלק ניט געהאַט דעם שטאַרקן ווילן דערצו, זיינען זיי אַליין געגאַנגען אין שלאַכט. זיי האָבן געוואוסט, אַז צו־קליין איז זייער צאָל אין דעם אומגלייכן קאַמף קעגן דער הערשנדיקער מאַכט. נאָר זיי זיינען געווען טיף איבערצייגט, אַז סוף־כל־סוף וועט זיגן אמת איבער שקר און רעכט איבער אומרעכט. האָבן זיי איינגעשטעלט זייער לעבן און געוואָרן אַ מוסטער פאַר די, וואָס האָבן זיי נאָכגעפאָלגט צו פירן קריג ביז צום זיג. זייער באַוועגונג איז געוויינלעך געווען אונטערערדיש און קאָנספּיראַטיוו. און ווי איז געווען דעם, אַף וועמען עס איז געפאַלן דער מינדסטער חשד, אַז ער געהערט צו אָט די ביטערע שונאים פון דער הערשנדיקער מאַכט.

געווען נאָך אַזעלכע פּראָלעטאַרישע טרוימער, וואָס ניט קוקנדיק אַף דעם, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט אַזוי פיל מוט, ווי די בונטאַרן, האָבן זיי דאָך ניט גערופן צום קאַמף און אויך אַליין ניט געגאַנגען אין שלאַכט קעגן דער הערשנדיקער מאַכט. זיי האָבן ניט געגלויבט, אַז עס איז נויטיק אַרונטערצורייסן דעם אַלטן בנין כדי צו שאַפן אַ נייעם. זיי האָבן געטראַכט: די ערד איז גענוג גרויס פאַר אַלערליי בנינים, און זיי קאָנען שוין איצט, אין זייער דור, אָנהויבן אַ נייע וועלט־אָרדענונג און פירן אַ נייעם לעבנס־שטייגער. זיי האָבן דערפאַר אויך פאַרלאַנגט פולע איינשטימיקייט פון אַלע זייערע מיטגלידער. זיי האָבן אַלע געמוזט זיין באַזעלט פונם זעלבן גייסט, אַנערקענען די גלייכע עקרים און זיי אויך גענוי דורכפירן.

די אידישע פּראָלעטאַריער פון אָט דער ריכטונג האָבן ניט דערוואַרט, ווי די נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערן, קיין דערלייזונג פון אַ זיג איבער רוים. זיי האָבן געוואוסט, אַז אידישע אַרבעטער קאָנען אומקומען פון הונגער און עלנט אויך אין אַן אומאָפּהייננגיקער אידישער מלוכה. האָבן זיי זיך דערפאַר גרופּירט אַרום זייערע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס, די אינטערנאַציאָנאַלע עראַנאָסן פון דער גריכיזירטער קולטור־וועלט, צו וועלכער עס האָט אויך געהערט דאָס אידישע לאַנד, און זייערע קאָאָפּעראַטיוון מיט געמיינזאַמע קיכן און מאָלצייטן, די טהיאַסאָסן, אָדער עראַנאָ־טהיאַסאָסן.

צווישן די פיל עראנאסן און טהיאסאסן, וועמעס שפורן און מאנומענטן מען האט געפונען ניט בלויז אין די גרענעצן פון אלטן אידנלאנד, נאר אויך אין סיריע, קליין־אזיע און גריכיש־עגיפטן, איז באזונדער בארימט דער פריינטשאפט־בונד פון די עסענער אדער עסייער.

די גרינדונג און דעם נאמען פון אט דער פראלעטארישער ארגאני־זאציע, וואס האט געציילט אין מיטן פון ערשטן יארהונדערט ארום 4,000 מיטגלידער אין דעם קליינעם אידנלאנד, איז נאך איינגעוויקלט אין א שלייער. פאראן א מיינונג, אז זייער נאמען איז א פארגרייזונג פון ארא־מייאישןווארט חסה (חסיד) אדער חסן, וואס מיינט פרום (אין דער צוויי־טער אידישער מלוכה האבן אידן גערעדט אראמייאיש). לויט אט דער מיי־נונג האבן די עסייער זיך געגרינדעט אין צייט פון דעם מאקאבעיער־אויפ־שטאנד אין צווייטן יארהונדערט פ. ק. און זיי זיינען דאס „די ערשטע חסידים", וואס ווערן דערמאנט מיט אזא רעספעקט אין דער אלט־אידישער ליטעראטור. אנדערע ווידער מיינען, אז דער נאמען עסייער־עסענער (אסיים אין העברעאיש) שטאמט פון אראמייאישן ווארט „אסיה", א רופא, א דאקטאר, ווייל זיי פלעגן זיך אפגעבן א סך מיט היילן קראנקע. א שטארקע ראיה דערצו ווערט געבראכט דערפון, וואס אן ענלעכע אידישע ארגא־ניזאציע אין גריכיזירטן מצרים האט זיך אנגערופן טעראפעאוטן, וואס מיינט היילער, דאקטוירים.

אין אידנלאנד האבן די עסייער געוואוינט מערסטנס אפן לאנד. ערשטנס, ווייל זיי האבן באטראכט ערד־ארבעט פאר דער ערלעכסטער בא־שעפטיקונג, און בכלל איז די קאמוניסטישע אידעאלאגיע אין יענער צייט געווען פארבונדן מיט די אלטע פרייהייט־זכרונות פון אוראלטן קאמו־ניזם אין דער פרייער נאטור. צווייטנס, ווייל אין שטאט איז געווען אומ־מעגלעך דורכצופירן זייער פולע קאמוניסטישע פראגראם. אין שטאט האבן זיי זיך געמוזט באשריינקען בלויז אף קאאפעראטיוון, וואוינען צוזאמען, עסן צוזאמען, א. ד. גל., בעת אפן לאנד האבן זיי אויך געקאנט פראדו־צירן צוזאמען. די מלאכה און אינדוסטריע אין אידנלאנד (ארץ ישראל) איז נאך געווען פרימיטיוו און זעלטן האבן געארבעט א סך ארבעטער אין איין ווערקשטאט אדער פאבריק. נאר אפן לאנד האבן די רייכע אידישע גוט־באזיצער געארבעט מיט גרעסערע מאסן ארבעטער, געוויינלעך שקלאפן, און איינגעפירט א גרויסע פראדוקציע. האבן אויך די עסייער זיך באנוצט מיט די זעלבע מעטאדן פאר זייערע קאמונעס און קאאפעראטיוון.

די עסייער, עסענער אדער אסיים, זיינען געווען עכטע אידן, קינדער פון די פאלקסמאסן, און אזוי פרום און גאטספארכטיק ווי אלע אידן פון

זייער צייט. נאָר זייערע מנהגים און זיטן, ווי אויך אייניקע עלעמענטן פון זייער אמונה — זייער פאַרערן די זון אַנשטאָט די לבנה, א. אַ. וו. — זיינען געווען גרונט־פאַרשידן פון דעם אידישן מיטלקלאַס, וועמעס אידע־אָלאָגן זיינען געווען די פרושים.

ביי די פרושים איז געווען פרומקייט דער עיקר. פרומע פרושים זיינען געווען הימל־מענטשן. האָבן אָפּגעהיט שטריינג אַלע דינים. נאָר די עסייער זיינען געווען ערד־מענטשן און דער עיקר איז ביי זיי געווען ערלעכקייט. די עסייער זיינען געווען צוגעבונדן מער צו דער ערד ווי צום הימל. זיי זיינען געווען געזעלשאַפטלעכע מענטשן און לינדערן די נויטן פון מענטשן איז געווען זייער הויפּטזאַך אין לעבן. פאַר די פרומע פרושים איז די ערד געווען אַ יאָמערטאָל און זיי האָבן דערוואַרט אַלערליי ערדישע גליקן פון אַ יענער וועלט. נאָר די עסייער האָבן באַטראַכט די וועלט פאַר דער איינ־ציקער ערדישער. זיי האָבן זיך ניט פאָרגעשטעלט קיין גן־עדן מיט לויתן, שור־הבר און יין־המשומר (פיש, פלייש און וויין) נאָכן טויט. זיי האָבן געגלויבט אין דער אומשטערבלעכקייט פון גייסט, נאָר האָבן זיך ניט פאָר־געשטעלט קיין תחית־המתים ווי די פרושים. פאַר זיי איז געווען אומ־שטערבלעך בלויז דאָס אומשטערבלעכע.

זיי האָבן זיך אויך אונטערגעשיידט פון די פרושים און אפילו פון די קנאים אין זייער ניט־וואַרטן אויף דערלייזונג דורך אַ משיח. פראַקטישע טוער האָבן די עסייער געזוכט שוין איצט צו פאַרווירקלעכן אַלץ, וואָס מען קאָן און וואו מען קאָן.

אין ליבע צו פרייהייט, אין קאַמף קעגן טיראַניי, האָבן די עסייער זיך אויסגעצייכנט אַזוי גוט ווי די נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערן. ניט געקוקט, וואָס די עסייער זיינען שטריינג קעגן פאַרגיסן בלוט אפילו פון אַ בהמה אָדער עוף (זיי זיינען אויך געווען קעגן קרבנות פון פלייש אין בית המקדש), האָבן זיי דאָך געקעמפט אין דער ערשטער ריי אין דעם אידישן פרייהייט־קאַמף קעגן רוים. און לויט די שוידערהאַפטע פּייניקונגען, וואָס זיי זיינען אויסגעשטאַנען פון די רוימער, ווי יוסף פלאַווי דערציילט, איז קענטיק, אַז זיי האָבן די פרעמדע אונטערדריקער בכלל ניט געשאַנעוועט. איינער פון זיי, יוחנן דער עסענער, איז געווען הויפּט־קאָמאַנדיר פון די אידישע רעוואָלוציאָנערע אַרמייען אין תמנה, לוד, יפו און עמאַאָס. ער האָט פּערזענלעך אָנגעפירט די אָפענסיווע אויף דער רוימישער אַרמיי אין אשקלון און געקעמפט צוגלייך מיט זיינע רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטן ביז ער איז געפאַלן טויט.

גוטהאַרציק, מענטשליבנדיק, שטענדיק גרייט צו העלפן יעדן לײדנ־

דיקן, זיינען די פריידנס־ליבנדיקע פּראָלעטאַרישע עסייער דאָך ניט געווען קיין פּחדנישע שלום־זוכער, קיין שקלאַפּישע פּשרה־מאַכער, ווי די באַ־לעבאַטישע אינטעליגענטן, די רעכטע פּרושים. מעגלעך, אַז פון די עסייער שטאַמט דאָס גמרא־ווערטל: „וויל דיך ווער טויטן, טויט אים דו פריער". אַז אַן עסייער פלעגט גיין אין וועג, פלעגט ער מיטנעמען מיט זיך ניט בלויז הילפסמיטל פאַר קראַנקע און הונגעריקע, נאָר אויך וואָפן קעגן אָנפאַלער.

דאָס פאָלק האָט שטאַרק רעספּעקטירט די עסייער. מעגלעך, אַז דאָס פאָלק האָט דאָס זיי געגעבן דעם נאָמען, וואָס מיינט גוטע, פרומע לייט, אָדער היילער, הילפסברייננגער. זיי אַליין האָבן זיך מעגלעך אָנגערופן „בוינים" (בויער) — די בויער פון אַ נייער וועלט, פאַר וועלכער זייערע קאָמונעס און קאָאָפּעראַטיוון זיינען געווען אַ מוסטער. . נאָר אין דער זעלבער צייט, וואָס דאָס פּראָסטע פאָלק האָט באַטראַכט די עסייער פאַר הייליקע און ריינע, האָבן די פּרושים זיי געשילדערט פאַר „ עמי הארצים", פּויערים.

נאָר די עסייער אין אידנלאַנד זיינען ניט געווען קיין חסידים און נזירים ווי די אידישע טעראַפּעאוטן אין מצרים, אָדער ווי ניט־אידישע נזירים און מאָנאַכן אין פּערסיע, מצרים, גריכנלאַנד, רוים א. אַ. וו. די עסייער אין אידנלאַנד האָבן געהאַט וויניק שייכות צו די לערן פון פּיטאַגאָר, זאַראַטוסטראַ (זאָראָאַסטער), בודאַ, א. ד. גל. כאָטש זיי האָבן זיך אָפּגע־געבן אויך מיט קבלה־מעשות און געהאַט קבלה־ספרים, וועמעס אינהאַלט איז שטאַרק ענלעך צו די געהיים־לערן פון אַנדערע פעלקער. די הייליקע סודות פון מעשה־בראשית (וועלט־באַשאַפונג), די נעמען פון די מלאכים, א. ד. גל. זיינען ביי די עסענעץ (עסייער) געווען בלויז אַ תפל, אַ צוגאָב צו זייער געזעלשאַפטלעכן אידעאַל. דער עיקר איז פאַר זיי געווען דער קאָ־מוניזם — דער אידעאַל צו לעבן אין פרייהייט און גלייכהייט.

ניט אומזיסט זיינען די עסייער געווען די שטאַרקסטע קעגנער פון שקלאַפעריי. זיי האָבן באַטראַכט די שקלאַפעריי פאַר אַן אומרעכט און געקעמפט קעגן איר עקזיסטענץ. זיי האָבן אויך דערפאַר טייער באַצאָלט. ווייל קעמפן קעגן שקלאַפעריי איז געווען אין אַלטן רוים אַזאַ שרעקלעך פאַרברעכן ווי קעמפן קעגן קאַפּיטאַליזם אין נייער רוים... (דער תנא אליעזר בן פּרטא דערציילט, אַז ווען די רוימער האָבן אים אַרעסטירט צוזאַמען מיט דעם מאַרטירער חנניה בן תרדיון, האָט מען אים צווישן זיינע פּאָליטישע פאַרברעכנס אויך אַריינגערעכנט די זינד, וואָס ער האָט באַפרייט זיין שקלאַף).

פון אַסקעטיזם, נזירות, פּייניקן דעם גוף א. אַ. וו. האָבן די עסייער

ניט געהאַלטן. זיי זיינען ניט געווען קיין פרומע לײדיקגייער, נאָר שווערע האָרעפּאָשניקעס, ערד־אַרבעטער, בעל־מלאכות, וואָס מוזן זיך ריכטיק דערנערן און קליידן כדי צו האָבן כוח צו אַרבעטן. זיי זיינען אויך ניט געווען קעגן חתונה האָבן, כאָטש די מערסטע פון זייערע קאָמונעס זיינען באַשטאַנען בלויז פון מענער. נאָר דאָס אָפּזאָגן זיך פון פרויען איז פאַר זיי געווען ניט קיין טעאָרעטישע, נאָר אַ פּראַקטישע פראַגע. פּרינציפּיעל זיינען זיי געווען פאַר הייראַטן און דערציען אַ נייעם דור. פאַרקערט, זיי האָבן דאָס באַטראַכט פאַר אַ הייליקן געבאָט פאַרצוזעצן דעם מענטשלעכן געשלעכט און צוגרייטן אַ נייעם דור. נאָר זיי האָבן ניט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט פון מאָנאָגאַמיע (צו זיין פאַרבונדן מיט איינער אָדער מיט איינעם אין אַ קאָמונע). זיינען פאַר זיי געווען צוויי אויסוועגן: אָדער איינ־פירן געמיינשאַפטלעכקייט אויך אין געשלעכט־לעבן, אָדער זיך אָפּזאָגן אינגאַנצן פון הייראַטן און דערמיט אויסמיידן אייפערזוכט און קריג. זיינען צווישן זיי געווען קאָמונעס מיט פרויען און קאָמונעס אָן פרויען. האָבן די, וואָס זיינען געווען אָן פרויען, גענומען צו זיך פרעמדע קינדער און זיי דערצויגן אין זייער גייסט. דערמיט האָבן זיי אויך דערפילט זייער פליכט צו דער געזעלשאַפט און פאָרגעזעצט די אַנטוויקלונג פון מענטשן־געשלעכט.

---

ברידערשאַפטן פון נזירים און מאַנאַכן זיינען ניט געווען קיין נייעס ביי די פעלקער פון יענער צייט. די שנאה צום לעבן פון רייכן קלאַס, די קנעכטשאַפט, די אונטערדריקונג, דער לוקסוס, די הולטאַיסטווע, א. אַ. וו., האָבן געבראַכט אַ סך שוואַכע נאַטורן צו פאַרצווייפלונג. זיי האָבן ניט געגלויבט אין דער מעגלעכקייט צו ענדערן ווען עס איז אָט דעם צושטאַנד, האָבן זיי געזוכט צו ראַטעווען זייערע נשמות דורך אַנטלויפן פון דער גע־זעלשאַפט. אַזוינע נזירים האָבן זיך דאַמאָלט געפונען ביי אַלע פעלקער, און באַזונדערס אין מצרים. די אַלטע עגיפּטישע ציוויליזאַציע, געבויט אויף קנעכטשאַפט און אונטערדריקונג, האָט נאָך אין דער אַלטער צייט אַרויסגע־רופן ברידערשאַפטן פון נזירים און מאַנאַכן, וואָס האָבן געוואָרפן אָן אומחן אויף דער גאַנצער ציוויליזאַציע און זיינען אַנטלאָפן פון דער גע־זעלשאַפט.

אַזאַ מין אידישע ברידערשאַפט, די טערעפּעאוטן, אין מצרים, ווערט באַ־שריבן פון דעם אידישן פילאָזאָף פילאָ (געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון ערשטן יאָרהונדערט). פילאָ דערציילט, אַז אָט די אידישע מאַנאַכן פלעגן צעטיילן זייער פאַרמעגן צווישן זייערע קרובים און פריינט, פלעגן פאַר־

לאָזן זייער היים, זייערע עלטערן, ווייבער און קינדער און זיך אָנשליסן אָן זייער אָרדן. זיי פּלעגן וואוינען אין באַזונדערע קעמערלעך, איינער נאָענט צום צווייטן און פאַרברייינגען די צייט אין תורה און עבודה. זייער שפּייז איז באַשטאַנען, ווי עס שטייט געשריבן אין „פּרק", פון ברויט מיט זאַלץ און וואַסער. שבת פלעגן זיי דאַוונען בציבור, אין זייער שולכל (די פרויען, נאַטירלעך, אין דער ווייבערשער שול). נאָר אויך שבת פלעגן זיי ניט עסן קיין פלייש און ניט טרינקען קיין וויין. זיי זיינען געווען שטרייננג קעגן שקלאַפעריי, קעגן לעבן אַף יענעמס חשבון און קעגן פּריוואַט־אייגנטום. נאָר זייער פּאַסיווויטעט און אָפּגעריסנקייט פון ארומיקן לעבן האָט זיי סוף־כל־סוף געצוואונגען זיך צו דערנערן פון פרעמדער ארבעט, פון צדקה.

ניט אַזוי זיינען געווען די רעליגיעזע קאָמוניסטן אין אידנלאַנד. זיי זיינען ניט געווען אָפּגעריסן פון לעבן. זיי האָבן ניט צעטיילט זייער פאַרמעגן, נאָר אים אַריינגעגעבן אין דער אַלגעמיינער קאַסע. זייער צייט איז ניט אַוועק אין פרומען גאָרניט טאָן, נאָר אין אַלערליי פּראָדוקטיווע ארבעטן. זיי האָבן דערפאַר ניט געדאַרפט אָנקומען צו קיינעמס הילף, פאַר־קערט, זיי זיינען געווען אימשטאַנד צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע, די אָרעמע און שוואַכע, און האָבן דאָס געטאָן אין פולער מאָס.

אַ קלאָר בילד פון זייער לעבן געפינען מיר אין די שריפטן פון דעם אידישן היסטאָריקער, יוסף פלאַווי, וועלכער האָט אַ געוויסע צייט געלעבט צווישן די עסענער. אַליין געבאָרן ביי אריסטאָקראַטישע עלטערן און אַ רייכער כהנים־משפחה, האָט ער דאָך אין זיין יוגנט אריבערגעשפּרייזט די טיפע מחיצה צווישן די צדוקים און פּראָלעטאַריער און האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אַן עסייער קאָמונע. נאָר לאַנג האָט דער גביריש־פּריצישער יונגערמאַן ניט געקאָנט אויסהאַלטן דאָס שטרייננגע קאָמונע־לעבן. איז ער אריבער אין לאַגער פון דער באַלעבאַטישער ליבעראַלער אינטעליגענציע, די פּרושים (פּאַריסעיער), וועמעס טיפּישער פאַרטרעטער ער איז געוואָרן. דאָך האָט ער ניט געקאָנט אַנדערש ווי רעספּעקטירן די פּראָלעטאַרישע רעליגיעזע קאָ־מוניסטן און ער באַמיט זיך צו שילדערן זייער לעבן אַזוי אָביעקטיוו ווי מעגלעך.

„די עסענער זיינען עכטע אידן — שרייבט יוסף פלאַווי — נאָר זיי שטייגן אריבער אַלע אַנדערע אידן מיט זייער ליבע איינער צום אַנדערן. — פאַראַן אפילו ביי זיי אַ ספּעציעלער געזעץ, אַז יעדער איינער, אָן אונטער־שייד, איז מחויב צו זאָרגן פאַר די באַדערפעניש פון זיינע חברים."

„זיי פאַראַכטן דאָס לעבן אין רייכקייט און וואונדערבאַר איז די גע־מיינשאַפטלעכקייט פון אייגנטום צווישן זיי, אַזוי אַז צווישן זיי איז ניטאָ

קיינער, וואָס זאָל האָבן פּריוואַט־אייגנטום. עס איז ביי זיי אַ געזעץ, אַז ווער ס'שליסט זיך אָן אין זייער געזעלשאַפט, גיט אַוועק זיין פאַר־מעגן פאַר דער געזעלשאַפט. איז צווישן זיי ניטאָ ניט די שאַנד פון אָרעמ־קייט, און ניט דער שטאָלץ פון רייכקייט, ווייל די גיטער פון אַלע יחידים זיינען פאַראייניקט און אַלץ געהערט אַלעמען, אַזוי ווי זיי וואָלטן געווען לייבלעכע ברידער."

אין זייער פּראַקטונג צו לוקסוס גייען זיי אַזוי ווייט, אַז זיי באַ־טראַכטן פאַר אַ זינד דאָס זאַלבן דעם קערפּער מיט בוימל, לויט דער דער־מאָלטיקער מאָדע (פון וואַנען עס שטאַמט אויך דאָס וואָרט „משיח", דער פון גאָט „געזאַלבטן" דערלייזער). דאָס „הייליק" אויל צו זאַלבן אַ קעניג און כהן גדול האָבן זיי געהאַלטן פאַר טמא.

„זיי האַלטן, אַז בוימל פאַראומרייניקט דעם קערפּער, און ווען איי־נער פון זיי — שרייבט יוסף פלאַוויו — איז געוואָרן געזאַלבט מיט בוימל אָן זיין ווילן, דאַרף ער גרינטלעך אָרומוואַשן זיין לייב. וואָרים אין זיי־ערע אויגן איז שענער פון אַלץ די הויט, וואָס איז ניט געוואָרן באַ־שמירט, און די קליידער, וואָס זיינען ווייס."

ניטאָ ביי די עסייער קיין זעלבסט־געקרוינטע פירער. די באַאמטע ווערן דערוויילט פון אַלע זייערע חברים; דאָס גלייכן די עלטסטע איבער יעדער זאַך ווערן דערוויילט פון אַלעמען.

די מערסטע עסייער זיינען געווען ערד־אַרבעטער און האָבן געוואוינט אין פּרוכטבאַרן ירדן־טאָל, אין דער געגנט פון ים־המלח. נאָר „זיי האָבן ניט געוואוינט בלויז אין איין שטאָט" — דערציילט יוסף פלאַוויו — נאָר האָבן זיך געפונען „צעזייט אין יעדער שטאָט און שטעטל". געווען אויך אַ טויער פון די עסייער אין ירושלים.

„זייערע מיטגלידער, וואָס קומען פון אַנדערע שטעט, גיבן זיי (די עסייער) די מעגלעכקייט זיך צו באַנוצן מיט זייער גאַנצן פאַרמעגן, אַזוי ווי ער וואָלט געווען זייערער — דערקלערט ווייטער יוסף פלאַוויו — אָט די געסט גייען אַרום ווי גוטע פריינט און פּאַרטרויטע אין די הייזער פון זייערע חברים, וועלכע זיי האָבן פריער קיינמאָל ניט אָנגעזען. דערפאַר נעמען זיי קיין זאַך ניט מיט, אַ חוץ וואָפן קעגן רויבער, ווען זיי מאַכן אַ רייזע. אין יעדער שטאָט געפינט זיך אַן אויפזעער (אַ קאָמיסאַר), איינער פון זייער געזעלשאַפט, וואָס ווערט אויסגעקליבן צו באַזאָרגן די געסט מיט קליידער און שפּייז.

„מיט זייערע באַשיידענע מלבושים, און מיט דעם אויסזען פון זיי־ערע קערפּערס זיינען זיי ענלעך צו קינדער, אַף וועלכע עס ליגט די מורא פאַר זייער לערער. זיי טוען ניט אָן קיין נייע קליידער און שיך, איידער די אַלטע זיינען געוואָרן צעריסן אָדער צעפאַלן פון אַלטקייט. זיי קויפן ניט

קיין זאַך איינער פֿון צווייטן און פֿאַרקויפֿן קיין זאַך איינער צום אַנ־דערן. פֿון זיינס גיט יעדער זיין חבֿר אַלץ, און וואָס יענער נויטיקט זיך, און נעמט פֿון יענעם אַלץ, וואָס ער באַדאַרף. אויך אָן געצאָלט זאָגט קיי־נער ניט אָפּ זיין חבֿר צו נעמען פֿון אים די זאַך, וואָס יענער וויל האָבן.

„אַף אַ באַזונדער שטייגער דינען זיי גאָט: איידער די זון גייט אויף לאָזן זיי ניט אַרויס פֿון מויל קיין געוויינטלעך וואָרט. זיי ווענדן זיך צו איר (צו דער זון) מיט תּפֿילות, וואָס זיי האָבן געלערנט פֿון זייערע על־טערן, אַזוי ווי זיי וואָלטן איר געבעטן זי זאָל אויפֿשיינען. נאָכדעם (ווי די זון איז אויפֿגעגאַנגען) שיקן זייערע פֿאָרשטייער זיי פֿאַנאַנדער יע־דערן צו זיין אַרבעט, וואָס ער קען. אַרבעטן זיי פֿלייסיק ביז צו דער פֿינ־טער שטונדע (ביז אַרום עלף אַזייגער). דעמאָלט פֿאַרזאַמלען זיי זיך אין אַ באַשטימטן אָרט, פֿאַרגאַרטלען זיך מיט אַ לייוונטענעם פֿאַרטוך און וואַשן דעם קערפּער מיט קאַלט וואַסער. נאָך אָט דער ריינִיקונג גייען זיי אין שפּייז־צימער, וואו עס האָט ניט קיין צוטריט קיינער, וועלכער געהערט ניט צו זייער געזעלשאַפֿט. זיי גייען דאָרט אַריין אַזוי זויבער און אַזוי ריין, ווי אין אַ היילִיקטום.

„זיי ווייזן קיינמאָל ניט אַרויס קיין כּעס, סיידן ווען עס איז אַ גערעכטער צאָרן. געוויינלעך קאָנטראָלירן זיי זייער טעמפּעראַמענט און זוכן אויפֿצוהאַלטן שלום צווישן מענטשן.

„יעדעס וואָרט, וואָס גייט אַרויס פֿון זייער מויל, איז ביי זיי האַר־בער ווי אַ שבֿועה. זיי שווערן בכּלל ניט. זיי זאָגן, אַז דאָס (שווערן אמת) איז ערגער ווי שווערן פֿאַלש. שוין פֿאַרזיגלט, זאָגן זיי, איז דער גזר פֿון יענעם מענטשן, וועמעס ווערטער עס ווערן ניט געגלויבט, סיידן ער דאַרף דערמאָנען גאָטס נאָמען.

„זיי פֿלייסן זיך מיט אַלע כּוחות צו לערנען די ביכער פֿון פֿאַרצייטן, באַזונדערס די, אין וועלכע זיי געפֿינען נוצן פֿאַר זייער גייסט און קער־פּער. פֿון זיי (פֿון אָט די ביכער) זוכן זיי און פֿאָרשן אויסצוגעפֿינען דעם כאַראַקטער פֿון יענע קרייטעכער, וואָס האָבן אַ היילונגס־קראַפֿט, און יענע שטיינער, וואָס זיינען בכּוח אַוועקצונעמען קראַנקהייטן.

„וויל זיך איינער אָנשליסן אין זייער געזעלשאַפֿט, ווערט ער ניט אַריינגענומען באַלד. צוערשט דאַרף ער בלייבן אַ יאָר פֿון דרויסן (אַף „פּראָבעישאָן“) און נאָר גיין אין זייערע וועגן. צו אָט דעם צוועק גיבן זיי אים אַ גראָב־אייזן צו האַלטן ריינלעכקייט דורך באַגראָבן יעדן שמוץ, דעם אויבנדערמאָנטן לייוונטענעם גאַרטל און אַ ווייסן מלבוש. נאָכדעם ווי ער האָט די גאַנצע צייט אויסגעהאַלטן די פּראָבע און באַוויזן, אַז ער קאָן זיך באַהערשן, ווערט ער נאָך נענטער צו זייער לעבנס־שטייגער און ער באַטייליקט זיך אין זייער באָדן־זיך אין ריינִיקונג־וואַסער. דאָך ווערט אים נאָך אַלץ ניט דערלויבט צו ווערן אַ פֿול־באַרעכטיקטער מיטגליד. נאָכדעם ווי ער האָט געוויזן זיין קראַפֿט זיך צו באַהערשן פּרובירט מען אים

> זיינע באַנעמונגען נאָך צוויי יאָר. ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט באַוויזן, אַז ער איז פּאַסיק דערצו, קריגט ער די דערלויבעניש אַריינצוקומען אין זייער קרייז. נאָר איידער ער רירט זיך צו צום געמיינשאַפטלעכן עסן, מוז ער אָפּגעבן אַ מוראדיקע שבועה (די איינציקע שבועה אינם לעבן פון אַן עסייער): ערשטנס, אַז ער וועט דינען גאָט דורך גערעכטיקייט; צווייטנס, אַז ער וועט אָפּהיטן די פּרינציפּן פון גערעכטיקייט און גלייכ־הייט אין זיינע באַציאונגען צו זיינע מיט־מענטשן; אַז ער וועט ניט טאָן קיין שלעכטס צו אַ מענטשן, ניט פון אייגענעם ווילן און אויך ניט אַף די באַפעלן פון אַנדערע; אַז ער וועט שטענדיק פיינט האָבן די שלעכטע און זיך אָננעמען די קריוודע פון די גערעכטע; אַז ער זאָל זיין טריי צו זיינע מיט־מענטשן; און אַז ער וועט ווערן דערהויבן צו הערשאַפט, זאָל ער ניט שטאָלצירן מיט זיין אַמט און זיך ניט אונטערשיידן פון זיינע אונטערטאַנען, ניט דורך טייערע קליידער און ניט דורך צירונג. ער זאָל ליב האָבן דעם אמת אין יעדער צייט, און זאָל אויסזידלען די ליגנער אין זייער קעגנוואַרט. ער זאָל היטן זיינע הענט פון גזלה און זיין נשמה־ריינקייט פון מיאוסן געלט. ער זאָל קיין זאַך ניט פאַרבאָרגן פון זיינע ברידער־חברים און ניט פאַרטרויען זייערע סודות צו פרעמדע, אפילו ווען מען וועט אים פאַרפייניקן צום טויט. אויסער דעם שווערט אויך דער מאַן, אַז ווען ער וועט איבערגעבן זייער לערע, וועט ער ניט ענדערן קיין וואָרט דערפון, וואָס ער האָט געהערט."

זינדיקט איינער פון זיי, ווערט ער פאַרטריבן פון דער געזעלשאַפט. פאַר די מערסטע איז אָט דער „כרת" (ווערן אָפּגעשניטן פון זיינע אידייע־חברים) דאָס זעלבע וואָס טויט. נאָר ביי זיי ווערט מען ניט לייכט פאַרמשפט. „זיי זוכן אונטער גרינטלעך — שרייבט יוסף פלאַווי — און משפטן מיט גערעכטיקייט. זיי זעצן זיך ניט אוועק צום געריכט ווען די צאָל (פון די ריכטער) איז ווייניקער ווי הונדערט."

> „זיי פאַראַכטן דאָס פאַרהייראַטע לעבן, נאָר זיי קלייבן צוזאַמען פרעמדע קינדער, ווען זיי זיינען נאָך יונג און געניגט צום לערנען. זיי ווייזן זיי אַרויס פאָטערלעכע ליבע און קריצן איין אין זייערע הערצער זייערע זיטן און מנהגים. נאָר זיי ווילן דערמיט ניט אָפּשאַפן דאָס הייראַטן מיט אַ פרוי און די ווייטערע אַנטוויקלונג פון מענטשלעכן געשלעכט, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן. זיי ווילן זיך בלויז באַוואָרענען קעגן דער אויסגעלאַסנקייט פון פרויען, ווייל זיי גלויבן, אַז קיין איינציקע פרוי (אין אַ קאָמונע) האַלט זיך ניט פעסט ביי איר איינציקן מאַן."

נאָר ניט אַלע רעליגיעזע קאָמוניסטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון אַריינ־צונעמען פרויען אין זייערע קאָמונעס.

> „פֿאַראַן נאָך אַ ריכטונג צווישן די עסייער — דערציילט וויטער יוסף פֿליווי — זייערע מיטגלידער אונטערשיידן זיך ניט מיט קיין זאַך — פֿון די זיטן און מנהגים פֿון זייערע איבעריקע ברידער, אַ חוץ וועגן דער פֿראַגע פֿון הייראַט. זיי דיינקען, אַז מענער, וואָס הייראַטן ניט קיין פרויען, נעמען אַוועק פֿון לעבן זיין וויכטיקסטע פֿונקציע, דאָס רעפּראָ־דוצירן וועט שטענדיק ווערן ווייניקער און דאָס מענטשן־געשלעכט וועט שנעל אויסשטאַרבן, ווען אַלע וועלן אַזוי טראַכטן ווי זיי, אָט די (עסייער) זייגען זיך נוהג אויסצופּרובירן זייערע כלות דריי יאָר צייט. אויב זיי האָבן באַוויזן נאָך דריי רייניקונגען, אַז זיי זייגען פּויאיק צו געבוירן קינדער, אַזוי האָבן זיי חתונה מיט זיי. זיי שלאָפן ניט מיט זייערע פרויען ווען זיי שוואַנגערן, צו ווייזן, אַז זיי האָבן חתונה נאָר כדי צו ברייגגען קינ־דער אַף דער וועלט.“

אָט די קאָמוניסטישע פרויען זיינען אין אַלץ געווען גלייך מיט די מע־נער. נאָר ביים באָדן זיך האָבן זיי געטראָגן ספּעציעלע ווייבערשע באָד־אָנצוגן. אין דער צייט, וואָס די מענער האָבן זיך באַנוגנט בלויז מיט אַ ברייטן לייוונטענעם גאַרטל, האָבן די פרויען זיך געבאָדן אין לאַנגע העמדער.

דער גרעסטער טייל פֿון אָט די אַלט־אידישע קאָמוניסטן זיינען ניט געווען אימשטאַנד גובר צו זיין זייער אייפערזוכט און פֿאָראורטייל קעגן דער פרוי, וואָס „האַלט זיך ניט פעסט ביי איר איינציקן מאַן.“ דערציילט יוסף פלאַווי אין אַ צווייטן פלאַץ, אַז די מערסטע עסייער „האָבן ניט גע־נומען קיין פרויען און ניט געהאַלטן קיין שקלאַפן. זיי האָבן גדיינקט, אַז דאָס לעצטע איז אַן אומרעכט, נאָר דאָס ערשטע גיט אַן אורזאַך פֿאַר קרי־גערייען.“

דער פּראָלעטאַרישער כאַראַקטער פֿון אָט די אַלט־אידישע קאָמוניסטן ווייזט זיך אויך אַרויס אין זייער שטעלונג צו דער פראַגע פֿון פרייען ווילן ביים מענטשן.

די צדוקים האָבן געהאַלטן, אַז דער מענטש האָט אַ פרייען ווילן. זיי האָבן ניט אַנערקענט קיין שום דעטערמיניזם, קיין גזר פֿון הימל אָדער מאַ־טעריעלע אומשטענדן. זיי האָבן געוויינלעך געהאַט אַ פרייע האַנט צו טאָן וואָס זיי ווילן, און האָבן דערפֿאַר געמאַכט דעם מענטשן — אפילו דעם אָרע־מען און שוואַכן — פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אַלע זיינע מעשים, גוט צי שלעכט. אַזוי ווי די הייגטיקע גבירים, האָבן די צדוקים דערקלערט, אַז די אָרעמע מאַסן זיינען אַליין שולדיק אין זייער עלנט און נויט.

די פּירושים, די אידעאָלאָגן פֿון מיטלקלאַס, די באַלעבאַטישע פּשרה־מאַכערישע אינטעליגענטן, זיינען אויך. אין דעם פּרט איינגעגאַנגען אַף אַ

פשרה. דער מיטלקלאס איז ניט אזוי פריי אין זיין האנדלונג ווי די גבירים און פריצים, נאָר פון דער אנדערער זייט, זיינען זיי דאָך ניט אונטערגעוואָרפן אזוי ווייט דעם גזר און די אומשטענדן, ווי די אָרעמע פראָלעטארישע מאסן. האָבן די פרושים געמאכט אזא פשרה: „הכל צפוי והרשות נתונה — אלץ איז (טאקע) פאָראויסגעזען (דעטערמינירט, באשטימט, באשערט), נאָר דער־לויבעניש איז (דאָך) געגעבן (דעם פרייען ווילן)". אָדער ווי יוסף פלאווי, וועלכער איז ביים שרייבן עס, אליין געווען א מיטגליד פון די פרושים, גיט דאָס איבער:

„זיי (די פרושים) זאָגן, אז אלץ הייגגט אָפּ פון שיקזאל און פון גאָט, נאָר די גערעכטע טאָט און איר קעגנזאץ (דאָס אומרעכט) געפינט זיך הויפּטזאכלעך אין מענטשנס הענט, נאָר דער שיקזאל העלפט אים אין יעדער זאך.

„ווען די פרושים זאָגן, אז אלץ הייגגט אָפּ פון שיקזאל, זיינען זיי דאָך ניט מבטל דעם פרייען ווילן פון מענטשן (די „בחירה"), נאָר זיי זאָגן, אז עס האָט גאָט געפעלן צו ברייגגען גלייכצייטיק א געמיש צווישן דעם באשלוס פון שיקזאל און דעם פון דעם מענטשן, וואָס וויל טאָן גוטס אָדער שלעכטס."

עס פארשטייט זיך, אז די פראָלעטארישע עסייער, וואָס האָבן גוט געוואוסט פון דערפארונג, ווי שוואך דער איינצלנער מאסנמענטש איז קעגן די אומשטענדן, האָבן אינגאנצן אָפּגעלייקנט דעם פרייען ווילן אין מענטשן. „הכל תלוי במזל", אלץ הייגט אָפּ פון שיקזאל, איז געווען זייער מאָטאָ.

„די עסייער — דערציילט יוסף פלאווי — האָבן אלץ געשטעלט אפן חשבון פון שיקזאל. זיי האָבן געדיינקט, אז קיין זאך קאָן ניט געשען צום מענטשן, דאָס וואָס איז ניט פריער געוואָרן באשטימט פון שיקזאל".

אָט די דריי קלאסן — גבירים, באלעבאטים און אביונים — האָבן אויך ארויסגעוויזן זייער קלאסן־אידעאָלאָגיע אין זייער ענטפער אף דער פראגע פון זין אין לעבן.

די צדוקים — די גבירים און אריסטאָקראטן — וואָס האָבן אויס־געזויגן פון לעבן אלע זיינע זיסקייטן, האָבן דערקלערט, אז אלץ ענדיקט זיך מיטן טויט. ניטאָ קיין נשמה, וואָס לעבט אריבער דעם גוף; ניטאָ קיין שטראָף און לוין אין קבר. טאָ געניס פון לעבן, כל־זמן דו האָסט כוח צו געניסן. טראכט נאָר וועגן דיין גליק, און רעכן זיך ניט מיט קיינעמס ליידן. הויך איז דער הימל פון דער ערד, און גאָט איז ווייט פון מענטשן. טו וואָס דו ווילסט און וואָס דו קאָנסט. ניטאָ קיין דין און קיין דיין, אויסער

דיר אליין.

דאס האט, נאטירלעך, ניט געקאנט זיין די לעבנס־פילאזאפיע פון די, וואס זיינען געווארן אזוי שטארק געקריוודעט פון לעבן. די ארעמע פראלע־טארישע מאסן האבן דערפאר געזוכט, אין זייער אומוויסנהייט, טרייסט און האפענונג אין לעבן נאכן טויט. דארט האבן זיי געמאכט א גאנצע סאציא־לע רעוואלוציע — געשטעלט די אויבערשטע קלאסן פון אונטן און די אונ־טערשטע פון אויבן. דארט האבן זיי געפאדערט רעכענונג און באצאלונג, פאר דעם גוטס אזוי ווי פאר דעם שלעכטס. זיי האבן געלערנט, אז בלויז דער גוף ווערט צעשטערט, נאר די נשמה לעבט אייביק און דער טויט האט אף איר קיין שליטה ניט. דער טויט באפרייט איר בלויז פון איר „קנעכט־שאפט" ביים גוף, און זי קערט זיך אום צוריק צו איר קוואל, דאס געטלעכע ליכט.

„דורך דעם — דערציילט יוסף פלאווי — האבן די עסייער געלערנט דעם מענטשן אויסצואוויילן דאס גוטע און פארמיאוסן דאס שלעכטע, די גוטע זאלן זיך נאך שטארקן און טאן גוטס דאס גאנצע לעבן, אין זייער האפ־ענונג אף דעם לוין, וואס זיי וועלן קריגן נאכן טויט, און די שלעכטע וועלן זיך אפהאלטן נאכצוגיין זייער שלעכטן גייסט, ווארים, אויב אפילו זיי זאלן זיך ארויסדרייען פון שטראף ביים לעבן, דערווארט זיי אייביקער פיין נאך זייער טויט."

עס פארשטייט זיך, אז די באלעבאטישע אינטעליגענץ, די פרושים, די פארשטייער פון מיטלקלאס, האבן אויך אין יענעם פונקט א פשרה. ביי די ברייטע ארעמע מאסן, דער עם הארץ, שטארבט טאקע אוועק די נשמה מיטן גוף צוזאמען. אן אויסנאם ווערט געמאכט בלויז פאר צדיקים און רשעים. „ניט אלע נשמות שטארבן (מיטן גוף), נאר בלויז די נשמות פון די צדיקים גייען אריבער אין א נייעם קערפער, און די נשמות פון די רשעים ווערן פארמשפט צו אייביקע יסורים."

---

א דאנק זייער מעסיקייט און גייסטיקער רואיקייט האבן די רעליגיעזע קאמוניסטן געלעבט זייער לאנג. א סך פון זיי האבן אפגעלעבט הונדערט יאר און לייענגער.

נאר די אידישע רעוואלוציע קעגן רוים האט אפגעשניטן פריצייטיק א סך עסייער־לעבנס. יוסף פלאווי, וועלכער האט געשריבן זיין ווערק פארן רוימישן לייענער, קאן זיך דאך ניט צוריקהאלטן אויסצודריקן זיין גרויס באגייסטערונג פאר די העלדנטאטן און דעם מארטירערטום פון אט די רע־ליגיעזע קאמוניסטן.

„די מלחמה קעגן די רוימער — שרייבט יוסף פלאווי — האָט אַנט־פּלעקט די קראַפט פון זייער גייסט, וואָס האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין זאַך. ווען זייער לייב איז געוואָרן געדראָשן מיטן פייניקונגס־ראָד און אַלע זייערע גלידער זיינען געוואָרן צעריסן; ווען מען האָט זיי פאַרברענט לעבעדיקערהייט, אָדער צעריבן זייערע ביינער, און זיי געפייניקט מיט אַלערליי פּאָלטער־מאַשינען, און זייערע פייניקער האָבן זיי אויפגעפאָדערט צו שעלטן זייערע געזעצגעבער אָדער פאַראומרייניקן זייער לייב מיט אַ זאַך, וואָס זיי טאָרן ניט עסן, זיינען זיי בייגעשטאַנען דעם נסיון און קיין זאַך ניט געטאָן. זיי האָבן זיך אויך ניט געבעטן ביי זייערע פייניקער און ניט פאַרגאָסן פאַר זיי קיין טרערן, נאָר אַריבערגעטראָגן זייערע יסורים מיט ליכטיקע אויגן און אָפּגעשפּאָט פון די מענטשן, וואָס האָבן זיך צו זיי דערנענטערט מיט די פּאָלטער־מאַשינען.”

די עסייער זיינען געוואָרן דאָפּלט פאַרפאָלגט — אי אַלס סאָלדאַטן פון דער אידישער רעוואָלוציע קעגן רוים, און אי אַלס מיטגלידער פון אַן אינ־טערנאַציאָנאַלער מלוכה־אָרגאַניזאַציע.

פון איין זייט האָבן אָט די רעליגיעזע קאָמוניסטן געטיילט צוזאַמען מיט די אידישע נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערן דעם גלויבן, אַז גאָט איז דער איינ־ציקער הערשער און ס'איז ווערט אָפּצוגעבן דאָס לעבן אין פרייהייט־קאַמף קעגן דער רוימישער טיראַניי. פון דער אַנדערער זייט האָבן די עסייער גע־אַרבעט האַנט אין האַנט מיט די עראַנאָסן, די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פון יענער צייט, צו באַפרייען שקלאַפן — איינער פון די שווערסטע פאַרברעכנס אין דער רוימישער אימפּעריע. זיי זיינען אויך געווען גוט באַקאַנט מיט די רעליגיעזע אידייען פון די פאַרשידענע אינטערנאַ־ציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע געהיים־בונדן. זיי האָבן פון יענע איבערגענומען די פאַרערונג פון דער זון — דאָס מיטראַ־דינסט און די מיטראַ־מיסטעריעס — ווי אויך אַ טייל פון דער קבלה, דעם גלויבן אין מלאכים, אַ יענע וועלט, גן־עדן, א. אַ. וו.

נאָר אין איין זאַך האָבן זיך אָט די פאַרצייטיקע אידישע רעליגיעזע קאָמוניסטן אונטערגעשיידט סיי פון די אידישע נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערן און סיי פון די אַלוועלטלעכע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און פּראָלעטאַרישע געהיים־בונדן. דאָס איז געווען אין דער פראַגע פון משיח.

אין דער צייט, וואָס די גאַנצע לייזנדיקע מענטשהייט האָט דעמאָלט געלייגט אַלע אירע האָפענונגען אַף אַ משיח, אַ דערלייזער פון דרויסן, האָבן די עסייער געזוכט זייער דערלייזונג אין זייער אייגענער קראַפט, אין דעם כוח פון קאָלעקטיוו. פאַרקערט ווי די מערסטע מענטשן פון זייער דור, האָבן די עסייער גערעדט ווייניק און געטאָן אַ סך. זיי האָבן געזוכט צו

דערלייזן די וועלט דורך אַרבעט און אָנגעהויבן פון זיך אַליין.

דער זיג פון רוימישן אימפּעריאַליזם איבער דעם קליין אידנלאַנד האָט געמאַכט אַ סוף צו דעם מערקווירדיקן קאָמוניסטישן עקספּערימענט פון די עסייער. נאָר אינגאַנצן איז די אַרבעט פון די עסייער ניט געגאַנגען פאַרלאָרן. זיי זיינען געוואָרן דער מוסטער פון אַ גרעסערער אַלוועלטלעכער באַוועגונג.

# די אַנטשטייאונג פון קריסטנטום

## דער קאָמוניזם פון די ערשטע קריסטן

ווי יעדע נייע אידייע, איז אויך דאָס קריסטנטום געבאָרן געוואָרן אין בלוט און טרערן. דאָס קריסטנטום איז אַרויסגעוואַקסן פון דער רעוואָלוציע און דעם קלאַסנקאַמף וואָס האָט געהערשט אין אידנלאַנד, אין דעם ערשטן יאָרהונדערט פון דער איצטיקער צייט־רעכענונג.

די אַלטע קולטור־וועלט איז געווען צעפרעסן פון קלאַסנקאַמף. די רייכע קלאַסן פון יעדן פאָלק האָבן אַזוי לאַנג אויסגעזויגן די אָרעמע מאַסן ביז עס איז שוין באַלד ניט געווען וואָס צו זויגן. די אָרעמקייט און אומוויסנ־הייט פון די ברייטע מאַסן און די פאַרדאָרבנהייט און איבערזעטיקייט פון די רייכע קלאַסן האָבן געלייגט זייער שטעמפּל אויף יעדן קולטור־פאָלק. זיי זיינען געוואָרן שוואַך, אָפּגעטעמפּט, און האָבן פאַרלאָרן זייער ווידערשטאַנד־קראַפט. די גריכישע אינזלען, וועלכע האָבן זיך אַמאָל אַנטוויקלט געשטעלט דער גרויסער מעכטיקער פּערסיע, זיינען געלעגן הילפלאָז אין די נעגל פון רוימישן אימפּעריאַליזם. זייערע „חכמים פון אַטען", זייערע פילאָזאָפן און קינסטלער, זיינען געווען קנעכט ביי די אויפגעקומענע גראָבע יונגען אין רוים. זייערע העלדן, זייערע אַטלעטן און וועט־לויפער, זיינען געווען ווילנלאָזע סאָלדאַטן אין רוימס פּרעמדן־לעגיאָנען.

ניט בעסער איז געווען די לאַגע אין אַלע קולטור־לענדער פון מערב־אַזיע און צפון־אַפריקע. אומעטום האָט געוועלטיקט דער רוימישער היינקער און כאַבאַרניק, דער פּראָ־קאָנסול, פּראָקוראַטאָר אָדער גובערנאַטאָר. בלויז דאָ און דאָרט האָט נאָך אַ מוטיקע פאָלקס־מאַסע זיך געצאַפּלט און ניט גע־וואָלט אַנערקענען דאָס אומפאַרמיידלעכע — שקלאַפעריי און דעגענירירונג.

צווישן אָט די מוטיקע פאָלקס־מאַסן זיינען די ערשטע אין קאַמף גע־שטאַנען די פונם אידנלאַנד. דאָרט איז געקעמפט געוואָרן מיט אויסערגע־וויינלעכער מסירת נפש. דאָרט האָבן טויזנטער אַרויסגעשטעלט דעם רוף: פרייהייט אָדער טויט, זיג אָדער אונטערגאַנג!

אומוויסנדיק, אַבערגלויבעריש, ווי די מאַסן פון אַלע אַנדערע לענ־דער, האָבן אויך די מערסטע אידישע פּראָלעטאַריער געגלויבט אין אַ משיח. זיי האָבן אויך ניט געדאַרפט, אַז מען זאָל זיי אָט דעם גלויבן ברייינגען פון דרויסן. ער איז געווען ניט ניי אין אידישן קרייז. שוין אין צייט פון דעם אונטערגאַנג פון דער ערשטער אידישער מלוכה איז געבאָרן געוואָרן די האָ־

פענוג אַף אַ דערלייזער, אַ משיח — אַ גאָט־געזאַלבטער פּרינץ פון דודס הויז — וואָס וועט אויסלייזן דאָס ליידנדיק פאָלק פון זיין גלות און ווידער־אויפבויען די אַלטע מלוכה אין איר פולן גלאַנץ. דער צוריקקער קיין ציון פון גלות־בבל האָט ניט דערפילט די הבטחות פון די נביאים. דער פּרינץ פון דודס הויז איז ניט געזאַלבט געוואָרן פאַר אַ קעניג איבער די צוריק־געקומענע אידן. ער איז געווען בלויז אַ קליין שרייפל אין דער גרויסער מאַ־שין פון פערסישן אימפּעריאַליזם. באַלד האָט אויך זיין אָרט פאַרנומען דער פאָרשטייער פון דער אידישער רעליגיע, דער כהן, וואָס האָט געזוכט צו פאַרבייטן די נאַציע אַף אַ קירך. און ווידער האָבן די אונטערדריקטע גע־שפּונען זייער משיח־פאַנטאַזיע, ביז דער משיח איז פאַר זיי געוואָרן אַ געמיש פון פיזישער גבורה און גייסטיקן וואונדער. משיח וועט ניט בלויז באַזיגן דעם שונא, נאָר ער וועט אויך באַווייזן וואונדער — שפּאַלטן ימען, אויס־טריקענען טייכן, פאַרוואַנדלען בערג אין טאָלן, און מדבריות אין פרוכט־באַרע פעלדער. אַנדערע, מער אַבערגלויבערישע, זיינען אַוועק נאָך ווייטער אין זייער פאַנטאַזיע און זיך פאָרגעשטעלט, אַז משיח וועט באַפרייען און דערלייזן ניט בלויז די לעבעדיקע, נאָר אויך די טויטע, די אַלע, וואָס האָבן אומזיסט געלעבט און געליטן.

ביי די רעליגיעזע קאָמוניסטן, די עסייער, איז דער משיח־גלויבן ניט געווען קיין עיקר פון זייער אמונה. זיי האָבן ניט געגלויבט אין דער ווידער־אויפלעבונג פון קערפּער, ווי דאָס האָבן געגלויבט די ברייטע אידישע מאַסן. פאַר זיי איז געווען אומשטערבלעך בלויז דאָס אומשטערבלעכע, דער מענטשלעכער גייסט. זיי האָבן דערפאַר געזוכט איינצופירן „משיחס צייטן", די הימלישע מלוכה אַף דער ערד, שוין ביי זייער לעבן. אין זייערע לאַנד־ווירטשאַפטלעכע קאָמונעס האָט דערפאַר געהערשט אַזאַ אידעאַל־לעבן, וואָס איז געשטאַנען אין אַ שרייענדיקער סתירה צו דעם לעבן פון די ברייטע מאַסן אין לאַנד.

די ברייטע מאַסן האָבן זיך, אַזוי ווי היינט, געצויגן מער פון דאָרף צום שטאָט, ווי פון שטאָט צום דאָרף. די פּראָלעטאַרישע מאַסן האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין די שטעט, באַזונדערס אין ירושלים, די הויפּט־שטאָט פון דער מלוכה, און, דער עיקר, דער מיטלפּונקט פון נאַציאָנאַלן הייליקטום — דער בית המקדש — וואָס האָט צו זיך צוגעצויגן אידישע פּילגער פון די ווייטסטע לענדער. דערצו זיינען אויך ביי אידן געווען, אַזוי ווי ביי אַלע אַנ־דערע פעלקער פון יענער צייט, אַן אומגעהויערע מאַסע פון דעקלאַסירטע מענטשן, בעטלער, לומפּנפּראָלעטאַריער. אָט דער עלעמענט איז געווען גרייט צוצושטיין צו אַ קאָמונע פון געניסן געמיינזאַמע מאָלצייטן, נאָר ניט צו

א קאמונע פון פראדוצירן, וואו יעדער איינער מוז ארבעטן.

דער קאמוניזם פון די עסייער האט דערפאר ניט אפעלירט שטארק צו די הונגעריקע בעטלער פון ירושלים, צו די ארויסגעשטויסענע פון מיטל־קלאס. דער קאמוניזם פון די פרידלעכע עסייער האט אויך ניט געקאנט באַגייסטערן די פאראָרעמטע און פון זייער שטאנד ארויסגעשטויסענע פויערים פון גליל. דער גאליליייער פויער, וואס האט פארלוירן זיין היים, איז ניט געווען גענייגט זיך אנצושליסן אין א קאמונע פון פרידלעכער ארבעט. ער האט זיך ליבער אנגעשלאסן אין א רויבער־באנדע, פארטיזאנען־אפטייל, וואס האט געזוכט נקמה פון פרעמדן און אייגענעם אונטערדריקער. דאס גלייכן האבן די בונטארישע עלעמענטן אין ירושלים זיך ליבער אנגעשלאסן אין די געהיימע גרופעס טעראריסטן („סיקאריער", נאכן נאמען פון דעם קינזשאל סיקי, מיט וועלכן זיי האבן געטויט די, וואס זייער ארגאניזאציע האט פאראורטיילט צום טויט). דער רייכער קלאס האט זיי באטראכט פאר פשוטע באנדיטן. ער האט זיי דערקלערט פאר אגענטן, פראוואקאטארן, וואס שטייען אין פארבינדונג מיט דער רוימישער מאכט און טויטן פאר געצאלט וועמען זי הייסט זיי. נאר דאס פשוטע פאלק האט אין זיי געגלויבט, און זיי געזוכט צו באשיצן פון געפאר געקרייציקט צו ווערן פון דער רוימישער רעגירונג

אין אט די טעג פון אומרועז, רעוואלטן און שחיטות, טעראריסטישע אקטן און קרייצונגען, זיינען אויפגעשטאנען פארשידענע משיחים צווישן אידן. עס האבן זיך אויך ארגאניזירט פארשידענע רעליגיעזע סעקטן, וואס האבן זיך געגרייט צו משיחס צייט. די „משיח־ווייען" זיינען שוין געווען, יעדער האט זיי געפילט אף זיין לייב. דער פאקט, וואס אף איין זייט געפינט זיך הונגער, נויט און עלנט, און אף דער אנדערער זייט גרויסע רייכטימער, הארטהארציקייט און ברוטאליטעט האט פאר די רעליגיעזע טרוימער געדינט פאר א באווייז, אז דער „יום הדין" איז נאענט און אויב דער עולם וועט תשובה טאן אף זיינע זינד, וועט זיך דערנענטערן די משיח־צייט.

משיחים האבן זיך אין יענער צייט אנגעהויבן באווייזן אויך אין אנדערע לענדער און ביי אנדערע פעלקער. שרייבער פון יענע צייטן דערציילן, ווי די גאנצע רוימישע אימפעריע איז געווען פול מיט „נביאים" און „משיחים", בעלי־שמען און מכשפים. דער רוימישער אימפעריאליזם האט געהאלטן אלע קולטור־פעלקער געשמידט אין קייטן. עס איז ניט געווען מער קיין האפענונג אף באפרייאונג דורך נאטירלעכע מיטלען. דאס אידנפאלק איז געווען דאס לעצטע קולטור־פעלק, וואס האט נאך פון צייט צו צייט ארויסגעוויזן א ווידערשטאנד קעגן רוים, און אויך ביי אים האבן גרויסע

טײלן שוין ניט מער געגלויבט אין די אײגענע כוחות און דערוואַרט זײער באַפרײאונג פון אַ וואונדער־באַװײזנדיקן משיח.

יוסף פלאַוױ און אַנדערע היסטאָריקער, װעלכע האָבן געלעבט אין יענער צײט, רעכענען אויס אַ גאַנצע רײ משיחים, װאָס האָבן זיך באַװיזן צו די אידן און די שומרונים אין ערשטן יאָרהונדערט פון דער איצטיקער צײט־רעכענונג.

אײנער פון אָט די משיחים בײ די שומרונים, דער משיח דאָסיטע, האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך אַ סעקטע דאָסיטעאַנער, װעלכע האָט עקזיסטירט ביז צום 12טן יאָרהונדערט, אויב ניט נאָך לײנגער. לויט אַלע טראַדיציעס איז ער געװען באַאײנפלוסט פון די פּרושים. לויט אײן מײנונג איז ער אפילו געװען פריער אײנער פון די אידישע תנאים. לויט אַן אַנדער מײנונג איז ער געװען באַאײנפלוסט פון יוחנן דעם טויפער, דעם פרומען אידישן נזיר, װאָס האָט גערופן דעם עולם צו תשובה דורך טבילה, תפילה און פאַסטן. אַלנפאַלס האָט דאָסיטע זיך אויפגעפירט װי אײנער פון די אידישע נזירים אָדער נוצרים. אַ לעגענדע דערצײלט, אַז ער האָט געלעבט אין אַ הײל און אַזױ פיל געפאַסט, ביז ער האָט זיך פאַרפײניקט צום טויט. זײנע נאָכפאָלגער האָבן געגלויבט, אַז ער איז ניט געשטאָרבן, כאָטש דאָסיטע האָט ניט אָנערקענט קײן לעבן נאָכן טויט און געלערנט, אַז „שכר ועונש" (באַלוינונג און באַשטראָפונג) זײנען בלויז אויף ד ע ר װעלט.

אַ צװײטער משיח פון די שומרונים האָט געפירט צו דער צוריקרופונג פון פּראָקוראַטאָר פּילאַטוס, אין יאָר 36. יענער משיח האָט געפירט די שומרונים אויפן באַרג גריזים, באַװײזן װאו עס ליגן באַהאַלטן די כלים פון משכן. (דאָס האָט געדאַרפט זײן אַ סימן פון אמתן משיח, אַז ער קאָן אויסגעפינען די באַהאַלטענע כלים פון משכן, װאָס משה רבנו האָט, לויט אַן אַלטער שומרונישער לעגענדע, באַהאַלטן אויפן הײליקן באַרג גריזים). דער רוימישער פּראָקוראַטאָר, פּילאַטוס, װעלכער האָט געקוקט מיט חשד אויף יעדן „משיח", האָט געשיקט סאָלדאַטן קעגן דעם אומבאַװאָפנטן עולם בײם באַרג גריזים און געמאַכט אַ שחיטה אויף די דאָרט פאַרזאַמלטע שומרונים. דער פּראָטעסט אין שומרון איז געװען אַזױ גרויס, אַז פּילאַטוס האָט געמוזט צוריקגערופן װערן נאָך רוים.

נאָך מער משיחים האָט אַרויסגעגעבן דער רעװאָלוציאָנערער גליל. אַזױ װי יעדער פירער פון דער שקלאַפנבאַװעגונג אין גריכנלאַנד און רוים, אַזױ איז אויך יעדער פירער פון די אָרעמע מאַסן אין אידנלאַנד געװאָרן פון זײ באַטראַכט פאַר אַ משיח. די פירער אַלײן זײנען דאָס רוב געװען די ערשטע דאָס צו גלויבן. זײ האָבן דערפילט אין זיך דעם כוח צו גרויסע טאַטן, זײ

האָבן אויך פאַרמאָגט די קראַפט צו באַאיינפלוסן און באַצויבערן זייערע מיט־מענטשן, און זיי האָבן דאָס אָנגענומען פאַר אַ צייכן, אַז זייער גאָט האָט זיי אויסדערוויילט צו פירן די מאַסן אין קאַמף און זיי צו באַפרייען. אָפט האָט אַזאַ משיח אָדער נביא אויך באַוויזן וואונדער. ער האָט אַ דאַנק זיינע אויסערגעוויינלעכע גייסטיקע כוחות און דעם פּסיכאָז פון די מאַסן, וועלכע האָבן אים בלינד געגלויבט, אויסגעהיילט מענטשן פון פאַרשידענע קראַנק־הייטן. די פאַנטאַזיע פון די מאַסן פלעגט אָט די „וואונדער" פאַרפילפאַכן. עס פלעגט הייסן: אָט איז געקומען דער ריכטיקער משיח, אַף וועמען די נבואה האָט פאָראויסגעזאָגט, אַז בלינדע וועלן ווערן זעענדיק, טויבע — הערנדיק, הינקעדיקע — גייענדיק און טויטע — לעבעדיק. אַזאַ משיח פלעגט קריגן אַרום זיך מאַסן אָנהייגער, מערסטנס פון די סאַמע אומוויסנדיקע פאָלקס־שיכטן, וועלכע פלעגן אים נאָכפאָלגן בלינד ביז צום טויט. נאָר זיין הויפּט־אויפגאַבע איז דאָך געווען ניט אָט די אַלע וואונדער, וואָס פּראָפּע־סיאָנעלע „נביאים", וואָרזאָגער, בעלי־שמען און מכשפים פלעגן „באַוויזן" אַפן מאַרק פאַר עטלעכע פּרוטות. דער הויפּט־צוועק פון אַן אמתן משיח איז אָבער געווען די דערלייזונג. און האָט אַ „משיח" געפילט אין זיך די קראַפט צו פירן דאָס פאָלק קעגן שונא, האָט ער זיך געוויינלעך געשטעלט אין פאַר־בינדונג מיט די קנאים אָדער מיט זייערע טעראָריסטישע אָפּטיילונגען, די „סיקאַריער". די רוימישע רעגירונג האָט געלויערט אַף אָט די „משיחים", געשיקט אין זייערע ריי שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן און געזוכט זיי צו טויטן איידער זיי פאַרזאַמלען אַרום זיך אַ באַוואָפנטע מאַכט און ווערן פאַר איר געפערלעך.

אַזאַ משיח איז מעגלעך אויך געווען יהודה הגלילי, דער אָנפירער פון דעם אידישן אויפשטאַנד קעגן רוים פון יאָר 7. נאָר ווען דער אויפשטאַנד פלעגט ווערן אונטערדריקט, דער „משיח" געטויט, פלעגט ער ביי די ברייטע מאַסן ווערן באַטראַכט פאַר אַ פאַלשן משיח, אָדער העכסטנס פאַר דעם משיח בן יוסף, וועלכער פאַלט אין קאַמף, אויסטרעטנדיק דעם וועג פאַר דעם אמתן משיח — דער משיח בן דוד.

נאָר יענער משיח, וואָס האָט געשאַפן אַ געוויסע טעאָריע און געלאָזן הינטער זיך שריפטן און אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום אָט די שריפטן, האָט געקאָנט לעבן ווייטער און ווערן דער מיטלפּונקט פון אַ סעקטע, וואָס זאָל אָנהאַלטן הונדערטער און הונדערטער יאָרן, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט דעם אויבנדערמאָנטן שומרונישן משיח דאָסיטע. דער געוויינלעכער משיח, וואָס האָט ניט געהאַט קיין באַזונדערע טעאָריע, און קיין אָרגאַניזאַציע אַרום זיך, פלעגט פאַרגעסן ווערן באַלד נאָך זיין גע־

קרייציקט אָדער געקעפּט ווערן. משיחים פלעגן קומען און פאַרגיין, און פון די מערסטע פון זיי זיינען אפילו ניט געבליבן די נעמען.

אפילו דער איינציקער „משיח" פון יענער עפּאָכע, ישוע הנוצרי (יעזוס פון נאַזאַרעט, אָדער יעזוס דער נאַצעראַנער, פון דער סעקטע נוצרים), איז ניט קיין היסטאָרישע פיגור. מעגלעך אפילו, אַז זיין נאָמען „ישוע" (הילף) איז בלויז אַ פּסעוודאָנים. אַלנפאַלס איז ער אין זיין צייט געווען איינער פון די פילע געקרייציקטע אידישע משיחים, נביאים און העלדן (ווי איין צד — דער פּראָלעטאַרישער — האָט זיי גערופן), אָדער מעסער־העלדן (סיקאַ־ריער, באַנדיטן און רויבער, ווי דער צווייטער צד, דער הערשנדיקער קלאַס, האָט זיי אָנגערופן). נאָר די דויערהאַפטיקייט פון יעזוסן איז ניט געווען קיין אינדיווידועלע, נאָר אַ קאָלעקטיווע. ניט קיין פּערזענלעכקייט האָט אים ארויסגעהויבן פון די פילע אַנדערע געקרייציקטע משיחים, נאָר דער אומ־שטאַנד, וואָס ער איז געווען דער משיח פון אַן אָרגאַניזירטער גרופּע פּראָ־לעטאַריער, מיט אַ באַשטימטן געזעלשאַפטלעכן אידעאַל. דער משיח פון אָט דער אידישער פּראָלעטאַרישער אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט פאַר זיין אויפ־גאַבע ניט בלויז צו באַפרייען דאָס אידנלאַנד פון רוימישן יאָך, נאָר, דער עיקר, אָפּצושאַפן די אַלטע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג, וואָס צעטיילט די מענטשן אין אָרעם און רייך.

---

די אַרבעטנדיקע אידישע מאַסן האָבן געגלויבט, אַז אַלע צרות קאָ־נען פאַרשווינדן מיט אַ אידישן זיג איבער רוים. זיי האָבן זיך דערפאַר אָנ־געשלאָסן אין דעם פאַרצווייפלטן פרייהייטס־קאַמף קעגן רוים. נאָר עס זיי־נען אויך געווען אַזוינע עלעמענטן, וואָס האָבן געזאָגט: די אַלע צרות ווייזן, אַז עס איז משיח־צייט, און מען דאַרף זיך גרייטן צו זיין אָנקום. האָבן אָט די אידן געפאַסט תעניתים, געפייניקט זייערע קערפּערס און געזוכט צו טאָן תשובה. אַ סך זיינען געלאָפן צום ירדן זיך טובל זיין ווי גרים, וואָס וואַשן אַרונטער פון זיך די גאַנצע זינדיקע פאַרגאַנגענהייט און הויבן אָן אַ ניי לעבן.

גאָר פון אַן אַנדער מין זיינען געווען די משיח־גלויביקע פּראָלעטאַריער אין ירושלים. זיי האָבן ניט געקאָנט פירן אַזאַ ריינעם קאָמוניסטישן לעבן, ווי די עסייער. דאָס איז אין שטאָט ניט מעגלעך געווען. דערצו זיינען צווישן די שטאָטישע מאַסן געווען אַזוינע, וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן דעם טעם פון אַרבעטן און האָבן געלעבט פון בעטלען, אויב ניט פון גנבה. אָט דער לומפּן־פּראָלעטאַרישער עלעמענט האָט ניט געהאַט קיין סימפּאַטיע פאַר אַזאַ קאָמוניזם, ווי דער פון די עסייער, וואו יעדער איינער דאַרף אַרבעטן פאַר זיין עסן. נאָר זיי זיינען געווען גרייט פאַר אַ קאָמוניזם פון משיחס צייטן,

וואו אַלע וועלן האָבן וואָס צו עסן. די פראַגע ווער וועט אַף דעם אַרבעטן איז זיי גאָרניט איינגעפאַלן. די פויגל אַרבעטן ניט פאַר זייער עסן, און דאָך שפייזט זיי גאָט, וועט ער אויך דעם מענטשן שפייזן. זיי האָבן געוואוסט, אַז פּאַרלויפיק געפינט זיך אין באַזיץ פון די רייכע שפייז און קליידונג גענוג פאַר אַלעמען, איז ביי די אידישע אביונים ניט געווען קיין וואַקלענישן. זאָלן די רייכע זיך טיילן מיט די אָרעמע, וועט זיין גענוג פאַר אַלעמען.

אַזאַ מין „קאָמוניזם" האָט אין אַלטערטום שטאַרק אַפּעלירט צו די דעקלאַסירטע מאַסן פון אַלע פעלקער. די שקלאַפעריי און די הויכע שטייערן אין דער רוימישער אימפּעריע האָבן אונטערגעמינעוועט דאָס לעבן פון איי־גענער אַרבעט. וואָס ווייטער איז אַלץ געוואָרן מער אוממעגלעך דאָס לעבן פאַרן קליינהענדלער, קליינפויער, בעל־מלאכה און לוינאַרבעטער. דער רייכער מאַן האָט זיך ניט גענויטיקט מער אין זיי. דער ב י ל י ק ע ר שקלאַף האָט געטאָן די אַלע אַרבעטן. די הויכע שטייערן האָבן פאַר־פּלאָנטערט דעם קליינפויער און קליינהענדלער אין נעץ פון פּראָצענטניק און זיי אַרויסגעוואָרפן אין גאַס, צו די דעקלאַסירטע און היימלאָזע. פון דער אַנדער זייט האָבן זיך אָנגעקליבן אומגעהויערע רייכטימער אין די הענט פון יחידים. יענע האָבן דאָס ניט אַריינגעלייגט אין נייע אונטערנעמונגען, ווי דאָס ווערט געטאָן אין היינטיקע צייטן. זיי האָבן דאָס ניט געטאָן פּשוט דערפאַר, ווייל די דאַמאָלדיקע פאָרמען פון פּראָדוצירן זאָכן האָבן ניט דער־מוטיקט קיין גרויסע אינדוסטריעלע און פינאַנציעלע אונטערנעמונגען. האָבן די רייכע פאַרשוועדנדט זייערע רייכטימער אין לוקסוס, אין דער צייט, וואָס גרויסע מאַסן מענטשן זיינען אויסגעגאַנגען פאַר הונגער און נויט. דאָס האָט געשאַפן ביי די אָרעמע פון יענער צייט די פאַלשע אילוזיע, אַז אויב די רייכע וועלן ניט פאַרשווענדן זייערע רייכטימער, נאָר זיך צעטיילן מיט די אָרעמע, וועלן אַלע האָבן גענוג.

נאָר צו צווינגען די רייכע דאָס צו טאָן, האָבן די אָרעמעלייט פון ירושלים ניט געהאַט גענוג כוח. בפרט, אַז ניט אַלע פּראָלעטאַרישע עלע־מענטן זיינען געווען איייניק אין אָט דעם פּרט. די מערסטע פון זיי האָבן סימ־פּאַטיזירט מיט די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן פון גליל און געווען גרייט יעדן אויגנבליק אָנצופאַנגען די רעוואָלוציע קעגן רוים. אַנדערע ווידער האָבן זיך אינגאַנצן פאַרלאָזן אַפן דערוואַרטן משיח. זיי זיינען אויך געווען גענוג לייכט־גלויביק נאָכצוגיין יעדן אַוואַנטוריסט אָדער מיסטיקער, וואָס האָט זיך דער־קלערט פאַרן אמתן משיח. אַזוי האָט דער אַלט־אידישער היסטאָריקער, יוסף פלאַווי, דערציילט, אַז 30,000 אידן (די צאָל איז קענטיק איבערגעטריבן) האָבן זיך גרופּירט אַרום אַ „נביא" פון מצרים, וואָס האָט זיך דערקלערט

פאַר משיח. ער האָט געוויזן געניג „וואונדער" צו באַאיינפלוסן די אומוויסנ־דיקע ליידנדיקע מאַסן, אַז ער איז אַ נשיא פון גאָט און קאָן זיי דערלייזן. זיינע אָנהייגער האָט ער אָרגאַניזירט אין מדבר און זיי געפירט צום הר־הזתים (דער אויל־בירטן־באַרג, אַף וועלכן משיח דאַרף זיך באַוויזן, לויט אַ פּסוק אין תנ"ך). פון דאָרט האָט ער געזאָלט, ווי יעזוס לויט דער קריסטלעכער לעגענדע, אַריינדרינגען אין ירושלים. דער פּלאַן איז געווען צו באַפאַלן די רוימישע אַרמיי אין פעסטונג און פּראָקלאַמירן די אידישע אומאָפּהייגיקייט. נאָר דער רוימישער פּראָקוראַטאָר אין ירושלים, פעליקס, האָט זיך דערפון דערוואוסט אין צייט. מעגלעך, אַז דערביי האָט געשפּילט אַ ראָל אויך אַ פאַר־רעטער, ווי „יודאס" אין דער יעזוס־געשיכטע. אַלנפאַלס איז די רוימישע אַרמיי באַפאַלן דעם מוטיקן משיח, איידער ער האָט נאָך אַריינגעדרונגען אין ירושלים. די דיסציפּלינירטע, גוט־באַוואָפנטע און גוט־אויסגעמושטירטע רוימישע סאָלדאַטן האָבן לייכט באַזיגט די אָנהייגער פון משיח. אַ סך זיינען געוואָרן געפאַנגען און משמעות געקרייציקט. משיח אַליין איז אַנטלאָפן.

אַזוינע משיח־גלויביקע, וואָס זיינען געווען גרייט צו גיין אין מלחמה פאַר דער גאולה, זיינען ניט געשטאַנען ווייט פון די קנאים, די נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערן. דער אונטערשייד איז באַשטאַנען בלויז אין דעם, וואָס פאַר די נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערן איז דער קאַמף קעגן רוים ניט געווען פאַר־בונדן דווקא אונטער דער פירערשאַפט פון אַ משיח. יוסף פלאַווי, דער פאַר־שטייער פון דער באַלעבאַטישער אינטעליגענץ, די פּרושים, באַקלאָגט זיך קעגן זיי, אַז

> „זיי האָבן גערופן יעדן מענטשן צו קעמפן פאַר פרייהייט, און גע־סטראַשעט מיט טויט יענע, וועלכע וועלן זיין אויך ווייטער אונטערטעניק און געהאָרכזאַם צו דער רוימישער מאַכט. זיי האָבן געזאָגט: מען מוז באַפרייען קעגן זייער ווילן יענע, וועלכע בויגן זיך מיט גוטן ווילן אונ־טער דעם יאָך פון דער קנעכטשאַפט."

צווישן די משיח־גלויביקע פּראָלעטאַריער אין אידנלאַנד האָבן זיך אויך געפונען אַזוינע, וואָס האָבן אָנערקענט, אַז משיח דאַרף קומען ניט אַזוי אויסצולייזן דאָס לאַנד פון די פרעמדע הערשער, ווי צו באַפרייען די אידישע מאַסן פון זייערע אייגענע כהנים און גבירים.

אָט די פּראָלעטאַריער און לומפּן־פּראָלעטאַריער (דעקלאַסירטע קליינ־בירגער און בעטלער) זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט קלאַסנהאַס קעגן די אַלע, וואָס לעבן אין רו און אין וואוילטאָג. זיי האָבן געהאַסט ניט בלויז דעם אָפענעם שונא, דעם אַריסטאָקראַטישן כהן, דעם צדוקי, נאָר אויך דעם כלומרשטדיקן פריינט, דעם באַלעבאַטישן אינטעליגענט, דעם פּרושי. די אי־

דייען פון די נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערן, די עסייער, די נוצרים, נזירים און משיחיסטן האָבן זיך ביי אָט די פּראָלעטאַרישע עלעמענטן פאַרמישט צו איין אידייע פון אַ גאָטס מלוכה אַף דער ערד.

זייער גאָטס מלוכה האָבן זיך אָט די הונגעריקע אידישע אביונים פאָר־געשטעלט, ווי אַ פּלאַץ, וואו אַלע וועלן האָבן צו עסן צו־זאַט, און ניט נאָר צו עסן, נאָר צו פרעסן.

„וואויל איז אייך, בעטלער, — זאָגט זייער רבי אין זיין באַרג־דרשה — ווייל צו אייך געהערט גאָטס מלוכה. וואויל איז אייך, די, וואָס הונ־גערן איצטער, איר וועט פרעסן צו־זאַט. וואויל איז אייך, די וואָס וויינען איצט, ווייל איר וועט דעמאָלט לאַכן. — — — ווי איז אייך, רייכע, ווייל איר האָט שוין דערהאַלטן אייער טרייסט. ווי איז אייך, זאַטע, ווייל איר וועט הונגערן. ווי איז אייך, די, וואָס לאַכן איצט, ווייל איר וועט טרויערן און קלאָגן.“

דאָס עוואַנגעליע לוקס, וואָס גיט איבער אָט די דרשה אין דעם נוסח, ווי זי ווערט דאָ איבערגעגעבן, דערציילט אויך אַ מעשהלע, וואָס דריקט אויס קלאָר דעם גליענדיקן קלאַסן־האַס און נקמה־געפיל קעגן די רייכע פון אָט די אַלט־אידישע פּראָלעטאַריער:

„אַמאָל איז געווען אַ גביר, איז ער געווען אויסגעפּוצט אין קאָסט־באַרע קליידער און זיך אָנגעטאָן יעדן טאָג אַלערליי תענוגים. צו גלייכער צייט איז געווען אַן אָרעמאַן מיטן נאָמען אלעזר, איז ער געלעגן לעבן גבירס טויער, איינגאַנצן באַדעקט מיט וואונדן און געשווירן. האָט ער גע־גלוסט צו עסן פון די ברעקלעך, וואָס פאַלן אַרונטער פון גבירס טיש. נאָר (אָנשטאָט דעם) זיינען געקומען די הינט און געלעקט זיינע וואונדן. ווען דער אָרעמאַן איז געשטאָרבן האָבן אים די מלאכים געבראַכט צוטראָגן צו אברהם (אבינו) אין שויס. צו גלייכער צייט איז אויך געשטאָרבן דער גביר. זייענדיק אין גהינום אין גרויס פיין, האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און דערזען פון ווייטן אברהמען און אלעזרן אין זיין שויס. האָט ער אויסגעשריען: טאַטע, אברהם, דערבאַרעם זיך אַף מיר און שיק אַלעזרן ער זאָל איינטונקען זיין ברעג פינגער אין וואַסער אָפּצוקילן מיין צונג, ווייל איך לייד גרויס יסורים אין אָט דעם פייער. האָט אברהם געענט־פערט: מיין זון, געדיינק, אַז דו האָסט שוין פאַרצערט אַלע דיינע גליקן ביים לעבן, פּונקט אַזוי ווי אלעזר האָט אויסגעליטן אַלע זיינעליידן. איצט איז אָט דער געטרייסט, און דו ליידסט יסורים.“

פול מיט קלאַסן־האַס און נקמה־געפילן קעגן זייערע אונטערדריקער האָבן אָט די זעלבע פּראָלעטאַריער געלעבט צווישן זיך ברידערלעך, קאָמו־ניסטיש. אין דער אָפיציעלער געשיכטע פון זייער געמיינדע, די אַפּאָסטל־געשיכטע, ווערט אויסדריקלעך דערציילט, אַז זיי האָבן געלעבט „אינם קאָ־מוניזם“ און געהאַט געמיינזאַמע מאָלצייטן. „זיי זיינען באַזעסן אַלצדינג גע־

מיינזאם, און זיי האָבן פארקויפט זייער (פריערדיקן) באזיץ און אייגנטום און האָבן דאָס פארטיילט לויט דער באדערפעניש פון יעדן איינעם".

„זיי האָבן געהאט איין הארץ און איין זעל. קיינער האָט ניט געזאָגט פון א זאך, וואָס ער האָט געהאט, אז דאָס איז זיין אייגנטום, נאָר אלצדינג איז ביי זיי געווען געמיינזאם.

„עס איז ניט געווען קיינער אונטער זיי, וואָס זאָל לײדן נויט, ווייל יענע, וועלכע האָבן געהאט פעלדער אָדער הייזער, האָבן זיי פארקויפט און דעם פרייז (וואָס זיי האָבן געקראָגן פאר די פארקויפטע זאכן) אוועק־געלייגט פאר די פיס פון די אפאָסטאָלן (זייערע פאָרשטייער). נאָכדעם איז דאָס געוואָרן פארטיילט לויט דער באדערפעניש פון יעדן איינעם."

שוין זייער ערשטער פירער יעזוס (ישוע הנוצרי) דערקלערט: „קיינער פון אייך קאָן ניט זיין מיין תלמיד, אויב ער זאָגט זיך ניט אָפּ פון אלץ, וואָס ער פארמאָגט". ער האָט אויך דעם קאָמוניזם באטראכט פאר דעם ערשטן באדינג פון טיילנעמען אין גאָטס מלוכה. ווען א רייכער יונגערמאן האָט אים געשטעלט די פראגע, וואָס צו טאָן צו געווינען אייביק לעבן, האָט יעזוס אים געראָטן צו צעטיילן זיין פארמעגן. ווען יענער האָט זיך דער־פון אָפּגעזאָגט, האָט ער (יעזוס) באמערקט: „ווי שווער דאָס איז פאר די רייכע ארייננצוקומען אין גאָטס מלוכה! עס איז גרינגער פאר א קעמל דורכ־צוגיין דורך דעם לעכל פון א נאָדל, איידער פאר א גביר ארייננצוקומען אין גאָטס מלוכה."

נאָר דער קאָמוניזם פון אָט דער פראָלעטארישער אָרגאניזאציע איז ניט געווען דער קאָמוניזם פון פראָדוצירנדיקע פראָלעטאריער, ווי דאָס זיי־נען געווען די עסייער. די משיחיסטן האָבן בלויז געטראכט וועגן דער צע־טיילונג פון די שוין פאראנענע פראָדוקטן, נאָר ניט וועגן אליין שאפן נייע. נאָר גראָד אָט דער שוואכער פונקט פון זייער קאָמוניזם האָט אפעלירט צו די דעקלאסירטע אָרעמע מאסן פון דער רוימישער אימפעריע, אזוי, אז אָט די קליינע פראָלעטארישע משיחיסטישע גרופע פון ירושלים איז אין א קורצער צייט געוואָרן דער אינטערנאציאָנאל פון אן אלוועלטלעכער אָרגאניזאציע.

יעזוס קריסטוס, די צענטראלע פיגור פון דער קריסטלעכער רעליגיע, איז, אזוי ווי די צענטראלע פיגורן פון די עלטערע רעליגיעס, געשילדערט ווי א מיטאָלאָגישע געשטאלט. זיין געבורט, לעבן, טויט און ווידעראויפשטיין געפינען פאראלעלן אין דער געטער־געשיכטע און דעם נאטור־מיטוס פון דער אלטער היידנישער וועלט. דאָך איז דאָס ניט קיין באווייז, אז אָט די צענטראלע פיגורן זיינען בלויז פאנטאזיע־שאפונגען. מאסן ביישפילן פון געשיכטלעכער צייט וואָרענען אונז ניט צו ציען אזוינע אומזיכערע שלוסן.

מיר וועלן אמאָל זיין נעענטער צום אמת, ווען מיר וועלן אָננעמען, אַז אונ־
טער דעם באַרג פון לעגענדעס איז פאַרבאָרגן אַ געשיכטלעכע געשטאַלט,
כאָטש זי האָט אין איר צייט ניט אַרויסגערופן קיין גרויס אויפזען.

עס איז דערפאַר ניט וויכטיק, אויב איינער פון די אידישע מאַרטירער,
וועמען די רוימישע מאַכט האָט געקרייציקט, האָט געהייסן ישוע (יעזוס).
ישוע מיינט הילף,און איז באַשיינפּערלעך ניט דער נאָמען, נאָר דער טיטל פון
דעם, וואָס האָט געזאָלט ברייגנען די ישועה.

זיכער איז בלויז, אַז צווישן די אידישע מאַרטירער פון רעוואָלוציאָ־
נערן גליל, די צפון־פּראָווינץ פון ארץ ישראל, איז אויך געווען אַ אידישער
סטאָליער, וואָס האָט געמאַכט אַ ניט־געלונגענעם פּאַרזוך צו ווערן אַ משיח.

* * *

די שלעכטע לאַגע אין אידנלאַנד אונטערן רוימישן יאָך, האָט געשאַפן
אין צפון, אין גליל, אַזוי ווי אין דרום, אין יהודה, מאַסן דעקלאַסירטע
אביונים — פּאַראָרעמטע פּויערים, אַרבעטסלאָזע בעל־מלאכות און טאָג־אַר־
בעטער. נאָר אין גליל האָבן זיך די עלעמענטן נישט געבעטלט, נאָר גערויבט.
זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין פּאַרטיזאַנען־אָפּטיילן, וואָס פלעגן באַפאַלן
די האַנדלס־קאַראַוואַנען און די פּראָוויאַנט־פורן פון דער רוימישער אַרמיי.
דערביי האָבן זיי זיך באַטראַכט ניט פאַר קיין רויבער, נאָר פאַר דעם אוואַנ־
גאַרד פון דעם פרייהייט־קאַמף קעגן דעם פרעמדן אונטערדריקער. שפּע־
טער, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די אידישע רעוואָלוציע קעגן רוים, האָט
דער גליל געליפערט די מערסטע העלדן און מאַרטירער אין אָט דעם ניט־
גלייכן קאַמף, צווישן אַ קליין פעלקל און דער מעכטיקער וועלט־אימפּעריע.

די פּראָלעטאַריער פון גליל, די פּויערים, פישער, בעל־מלאכות און טאָג־
אַרבעטער זיינען געווען קרעפטיק, אַרבעטסזאַם, ערלעך, נאָר זייער אומוויסנ־
דיק, אַבערגלויבעריש. זיי האָבן געגלויבט אין מלאכים, שדים און רוחות.
גייסטיק־קראַנקע האָבן זיי באַטראַכט פאַר „באַזעסענע”, און זיך געווענדט
צו אַ בעל־מופת, ער זאָל פון זיי אַרויסטרייבן די „בייזע גייסטער”. עס האָבן
זיך געוויידמעט און געפּרוכפּערט אין גליל אַלערליי בעלי־שמען, זנאַכערס
און מכשפים, וועלכע האָבן באַוויזן וואונדער, געקעמפט קעגן שדים, אַרויס־
געטריבן אַ דיבוק און געהיילט קראַנקהייטן מיט שפּרוכן און פאַרשווערונ־
גען.

אין אָט דער סביבה פון ערלעכע האָרעפּאַשניקעס, פּאַטריאָטישע פּאַר־
טיזאַנען, ציל־באַוואוסטע רעוואָלוציאָנערן, אומוויסנדיקע, אַבערגלויבערישע,
היסטערישע מענער און פרויען, מקובלים און שווערמער, מכשפים און זנאַ־
כער מיט היפּנאָטישער קראַפט, האָט זיך אויפגעהאָדעוועט דער אידישער

סטאָליער פון גליל, וואָס איז איינגעפלאָכטן און איינגעוועבט אין אומצאָליקע לעגענדעס און מיטוסן.

אין די עלטסטע כראָניקעס פון זיינע נאָכפאָלגער איז ניטאָ קיין וואָרט וועגן זיין יוגנט. ער איז אַן אָרעם קינד ווי אַלע אַרבעטער־קינדער. ווען זיין טאַטע, יוסף דער סטאָליער, שטאַרבט אַוועק, נעמט ער, דער עלטסטער זון, איבער דעם טאַטנס וואַרשטאַט און די זאָרג פאַר דעם הויזגעזינט, וואָס איז באַשטאַנען פון זיין מאַמען, מרים, און אַ געוויסער צאָל ברידערלעך און שוועסטערלעך.

דער גליל איז דעמאָלט ניט געווען קיין „מקום תורה". טבריה, צפורי א. אַ. וו. ווערן גייסטיקע צענטערס ערשט נאָכן חורבן פון ירושלים, ווען עס קלייבן זיך אַהין אַריבער די לומדים פון יהודה. נאָר דורך די אַרומוואַנדערנדיקע רעדנער, די „בעלי אגדה", וואָס פלעגן זאָגן תורה פאַרן פּראָסטן עולם, זיינען אַ סך גאַליליייער פּראָלעטאַריער געווען גוט באַהאַוונט אין די ווערטער פון די נביאים און אין די זאָגעכצן פון די תנאים, די סופרים און פּרושים.

אַזוי איז אויך געוואָרן אַ „בעל־תורה" אָט דער גאַליליייער אידישער סטאָליער, וועמעס געשיכטלעכע זכרונות, אָדער טעאָלאָגישער דרוש, האָט באַשטימט די שטאָט נצרת (נאַצאַרעט אָדער נאַזאַרעט) פאַר זיין היים.

קיין וועלטלעכע בילדונג האָט אָט דער פּשוטער בעל־מלאכה ניט געהאַט. מעגלעך אפילו, אַז ער האָט ניט געקאָנט דעם תנך אין העברייאישן אָריגינאַל, נאָר אין אַראַמישן תרגום, אין דעם אידישן מאַמע־לשון פון יענער צייט. מעגלעך, אַז ער האָט אויך געקאָנט זיך צוזאַמענרעדן אין דעם גריכישן זשאַרגאָן פון די העלעניסטישע עלעמענטן אין סיריע און פּאַלעסטינע. נאָר צוויי אייגנשאַפטן האָבן אים אויפגעהויבן איבער זיין אומגעבונג און אים געמאַכט פאַר אַ גייסטיקן פירער פון אַן אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען זיין פּראָלעטאַרישער קלאַסנגעפיל און זיין דיכטערישע פאַנטאַזיע. אָט דיביידע אייגנשאַפטן האָבן אים געהאָלפן צו פאַרשטיין די אַלטע סאָציאַלע נביאים אַ סך בעסער ווי עס האָבן זיי געקאָנט באַגרייפן די באַלעבאַטישע אינטעליגענטן פון ירושלים.

אין זיין יוגנט איז אָט דער גאַליליייער סטאָליער געווען אַ געזעלשאַפטלעכער מענטש. ער האָט זיך באַטייליקט אין די געמיינשאַפטלעכע מאָלצייטן פון זיין אָרגאַניזאַציע, איז געגאַנגען אַף חתונות, פאַרבראַכט אַף הוליאַנקעס, געטרונקען ווייַן און זיך אויסערלעך מיט קיין זאַך ניט אונטערגעשיידט פון די פּויערים און פישער־יונגען פון זיין געגנט. נאָר וואָס ווייטער איז אים אַלץ שווערער געוואָרן צו קוקן און שווייגן, ווי די געזעלשאַפט קייקלט זיך

בארג־אראפ. וואס עס איז געווען דער דירעקטער אנשטויס צו זיין עפנטלעכן ארויסטריט איז ניט זיכער. לויט די עלטסטע עוואנגעליסטן איז ער „נתגלה" געווארן (האט זיך אנטפלעקט פאר דער וועלט), ווען ער האט, ווי א סך אנדערע משיח־דערוואַרטער פון יענער צייט, זיך געטובלט אין ירדן. (עס ווערט אין עוואנגעליום דערציילט, אז אט די טבילה אין ירדן איז פארגעקו־מען אונטער דער פירערשאפט פון א נזיר (מאנאך) מיטן נאמען יוחנן (יאהאנעס דער טויפער). ער האט געגלויבט, אז באלד קומט דער „יום־הדין" און ער האט גערופן דעם עולם צו טאן תשובה און עס אויך אויסדריקן דורך טובלען זיך אין ירדן. זיינע אנהייגער האבן געגלויבט, אז ער איז משיח. נאר יוחנן האט זיך דערקלערט בלויז פאר דעם אנזאגער פון משיחן, פון וועמען ער האט דערוואַרט אומנאטירלעכע מעשים. דער קעניגל הורדוס־אנטיפאס האט אים פארדעכטיקט אין פאליטישע מאטיוון און אים געלאזט הינריכטן.)

נאר יוחנן גופא איז ניט קיין היסטארישע פיגור. עס איז אפילו מעג־לעך, אז דאס איז איינע פון די לעגענדעס, וואס זיינען שפעטער געשאפן געווארן, אזוי ווי די לעגענדע פון יעזוסעס אפשטאם פון דוד המלך און זיין געבורט אין בית לחם, כדי זיין לעבן זאל שטימען מיט די פסוקים פון תנ"ך וועגן משיחן. לויט דעם אלטן גלויבן מוז פאר דעם משיח קומען דער „מבשר" (אנזאגער) אליהו, אדער איינער, אין וועמען ער איז פארקערפערט. (די פונקציע פון דעם מבשר איז אויך געווען באקאנט ביי די גריכישע מאסן אונטערן נאמען דיאניסוס קאטעגעמאן). עס איז דערפאר ניט אויסגעשלאסן, אז אין דער יאהאנעס־לעגענדע זיינען איינגעוועבט אויך ניט־אידישע מא־טיוון, גריכישע, בודאאיסטישע א. א. וו.

מעגלעך, אז דער געוואלטזאמער טויט פון א הייליקן, א בעל־מקובל, וואס האט זיך דערקלערט פאר א משיח, אדער פון איינעם פון די באליבטע רעווא־לוציאנערן פון גליל, האט געמאכט א שטארקן איינדרוק אף דעם ערלעכן אידישן סטאליער און גאנץ געענדערט דעם גאנג פון זיין לעבן.

לויט דער עוואנגעליע פון לוקאס, איז אט דער גאליליייער סטאליער אלט געווען ארום דרייסיק יאר, ווען ער איז טעטיק געווארן. אין 15טן רעגירונגס־יאר פון קייזער טיבער (דאס הייסט, אין יאר 29), דערציילט לוקאס), אין יוחנן ארויסגעטראטן פון מדבר און געקומען צום ירדן און גע־רופן דאס פאלק זיך טובל זיין. באלד נאכדעם האט זיך דער גאליליייער סטא־ליער ביי אים טובל געווען, איז געווארן באזעלט מיטן געטלעכן גייסט און נאך יוחננס דערמארדונג אנגעהויבן דרשנען פארן עולם, צוערשט אין די שולן און בתי־מדרשים, שפעטער אינם פרייען פעלד. זיין ערשטע דרשה איז

געווען: „עס איז שוין געקומען די צייט, גאָטס מלוכה איז נאָענט. טוט תשובה און גלויבט די בשורה." זיינע דרשות ווערן געהאַלטן אין דער פּאַעטישער מדבר־שפּראַך און מאַכן אַ געוואַלטיקן איינדרוק. ער דערפילט אויך אין זיך דעם היפּנאָטישן כח צו באַווייזן וואונדער און שפּילט די ראָל פון אַ „רבי" מיט הייסע „חסידים". זיינע חסידים אָדער תלמידים באַשטייען פון פּראָ־לעטאַריער, דאָס רוב פישערלייט. איינער פון זיי איז אַפילו אַ נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנער, שמעון דער קנאי.

צוזאַמען מיט זיין טוץ חסידים גייט דער סטאָליער פון דאָרף צו דאָרף, פון שטעטל צו שטעטל, באַווייזט וואונדער, רופט דעם עולם צו תשובה און זאָגט אָן די בשורה, אַז באַלד קומט משיח. זיינע שוועסטער און ברידער גלויבן, אַז ער איז אַרונטער פון זינען. זיין מאַמע בעט זיך ביי אים, ער זאָל זיך צוריקקערן צו זיין היים און צו זיין אַרבעט. נאָר ער וויל פון קיין זאַך ניט הערן. ער דערקלערט אָפן, אַז זיינע אידייען־קרובים זיינען אים נעענטער ווי די בלוט־קרובים. „יעדער מענטש, וואָס דערפילט גאָטס ווילן — זאָגט ער — איז מיין ברודער, מיין שוועסטער און מיין מאַמע."

נאָר ניט געקוקט אויף די אַלע וואונדער־טאַטן, וואָס מען האָט פון אים דערציילט, און ניט געקוקט אויף זיין שיין ריידן, האָט ער אין זיין געבורטס־שטעטל ווייניק געקאָנט אויפטאָן. דאָרט האָט געפעלט די אמונה אין אים. דער עולם האָט געזאָגט: „זעט, דאָס איז דאָך דער סטאָליער, דער זון פון מרים, דער ברודער פון יעקב, יאָסע, יהודה און שמעון. אויך זיינע שוועסטער וואוינען דאָ אַלע מיט אונז". יעזוס באַמערקט דערצו: „אַ נביא אָן כבוד איז נאָר אין זיין געבורטס־שטאָט, צווישן זיין פאַמיליע און היים". איז ער אַוועק איבער פרעמדע דערפער. דאָרט האָט מען אמונה אין אים און ער באַווייזט פאַר זיי וואונדער.

צוערשט רעדט ער קלאָר און פשוט און ווייסט וואָס ער וויל. נאָר ביס־לעכווייז הויבט ער אָן טראַכטן, אפשר איז ער אַליין דאָס דער דערוואַרטער משיח? אָט באַווייזט ער דאָך וואונדער און פילט אין זיך גענוג קראַפט אויפצונעמען דעם קאַמף קעגן רשעות און פאַלשקייט. זיינע תלמידים דער־מוטיקן אים דערצו. נאָר אַלס אַ משיח מוז ער גיין צוערשט נאָך ירושלים. ערשטנס, צו דערפילן אַלע פסוקים פון די הייליקע ספרים וועגן דעם אָנקום פון משיח. צווייטנס, טאַקע אָנצוהויבן דאָרט די דערוואַרטע גאולה פון דעם אויסנווייניקסטן און אינעווייניקסטן שונא, די רוימישע מאַכט און דער אידישער רייכער קלאַס.

נאָר וואָס מער דער גאַלילייער סטאָליער גלויבט אין זיין אייגענער משיח־קייט, אַלץ מער ווערט ער פאַרהאַרטעוועט קעגן שונא. ער איז פול מיט קלאַסן־

האַס און נקמה־געפילן קעגן הערשנדיקן קלאַס.

„איך בין ניט געקומען — זאָגט ער — צוזאַמענצורופן די, וואָס ליבן דאָס געזעץ, נאָר די זינדיקע געזעצברעכער."

„איך בין געקומען צו וואַרפן פייער אַף דער ערד, און מיר ווילט זיך שטאַרק עס זאָל שוין ברענען. — — — דיינקט איר, אַז איך בין געקומען ברענגען שלום אַף דער ערד? ניין, זאָג איך אייך, מחלוקות (לויט אַ צווייטן נוסח, „דעם שווערד"). אומעטום, וואו עס זיינען דאָ פינף אין אַ הויז, וועלן דריי אַרויסטרעטן קעגן צוויי און צוויי קעגן דריי."

דער וועג קיין ירושלים איז פאַר יעזוסן ניט קיין טריאומף־רייזע. ער ווייס וואָס דאָס מיינט. ער גייט פאָראויס, און הינטער אים גייען זיינע נאָכפאָלגער פול מיט מורא. אין ירושלים ווערט אַ משיח ניט גענומען ערנסט. די לומדות פון אַ וואַנדערנדיקן רעדנער פאַרבלאַסט אין צענטער פון דער העכסטער אינטעליגענץ פון לאַנד. דאָך מאַכט ער דורך אין געהיים מיט די תלמידים אַלע צערעמאָניעס, וואָס זיינען פאַרגעשריבן פאַר אַ משיח, ביז ער קומט אַריין אין שטאָט.

ווי די פריערדיקע משיחים שטעלט זיך אויך דער גאַליליייער סטאָליער פריער אין געהיים אין פאַרבינדונג מיט די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן אין ירושלים. זיינע רעוואָלוציאָנערע פּלענער, זיין טיפע שנאה צום הערשנדיקן קלאַס געווינען אים אָנהייגנער צווישן די סאַמע אָרעמסטע און אומוויסנדיקסטע שיכטן פון דער הויפּט־שטאָט. אין זייער סביבה דערפילט ער, אַז זיין פּראָלעטאַרישער אמת שטייט העכער ווי די לומדות פון דער באַלעבאַטישער און אַריסטאָקראַטישער אינטעליגענץ. געשטיצט אַף אָט דעם קאָלעקטיוון כח הויבט ער אָן אויפצוטרעטן אין דער עפנטלעכקייט. ער באַנוגנט זיך שוין אויך ניט מער מיטן פאַרטיידיקן זיין שטאַנדפּונקט. ער גייט איבער צו אַטאַקעס קעגן די אַריסטאָקראַטישע צדוקים און קליינבירגערלעכע פּרושים, נאָר דאָס אַלץ איז בלויז אַ טייל פון זיין טעטיקייט, איר לעגאַלע זייט, אַזוי צו זאָגן. דער עיקר אַרבעט ער אין געהיים דורכצופירן דעם גרויסן אַקט, וואָס זאָל פּראָקלאַמירן דעם אָנהויב פון דער גאולה.

ער ווייסט גוט אין וואָס פאַרא סכנה ער געפינט זיך, ווען ער מאַכט איין פאַלשן טריט. נאָר ער איז ניט אַליין. זיינע תלמידים און נאָכפאָלגער זיינען גרייט אַף מסירת נפש פאַר דער אידייע. זיי גלויבן אַלע אין תחית המתים, און האָפן ווידער אויפצושטיין נאָך זייער געוואַלטזאַמען טויט דורכן שונאס האַנט.

קענטיק, אַז זייער הויפּט־פּלאַן איז געווען אָנצוהויבן אַ רעוואָלוציאָנערן אַקט אום פּסח, ווען די קרעפטיקע גאַליליייער פּראָלעטאַריער קומען

אָן אין מאַסן צו ברענגען דעם קרבן־פּסח אין בית המקדש פון ירושלים. ביי יעדן איינעם פון די „שלש רגלים" (די דריי גרויסע נאַטור־יום־טובים: פּסח, שבועות און סוכות) פלעגן אויך קומען קיין ירושלים מאַסן לומפּן־פּראָלע־טאַריער פון אַלע טיילן לאַנד, ווי אויך פון ווייטע געגנטן. די האָרעפּאַשני־קעס פלעגן דעמאָלט דערוואַרטן פאַרדינסטן אַרום די רייכע פּילגער. די בעטלער פלעגן האָפן צו קריגן גענוג צו עסן און טרינקען און אפשר נאָך אַ רייכע נדבה דערצו. די רוימישע מאַכט פלעגט קוקן מיט חשד אַף אָט די פּראָ־לעטאַרישע עלעמענטן, וואָס זיינען געווען גרייט צו יעדער צייט אויפצובוי־ען באַריקאַדן אין די איינגע, קרומע גאַסן פון ירושלים און מאַכן אַ רעוואָלוציע קעגן רוים. פלעגן די רוימישע גובערנאַטאָרן צוזאַמענציען אַ סך חיל אין ירושלים יעדן ערב יום־טוב און אויך אַרומרינגלען די מאַסן מיט אַ נעץ פון שפּיאָנען און אַגענטן־פּראָוואָקאַטאָרן.

דער סטאַליער פון גליל האָט באַלד געצויגן אַף זיך די אויפמערקזאַמ־קייט פון די אידישע און רוימישע שפּיאָנען. זיי זיינען נאָך ניט געווען קלאָר אַף וויפיל ער איז געפערלעך, נאָר אַז ער איז אַ פרידן־שטערער האָבן זיי געזען דורך זיין אָנפירן דעם אָנפאַל אַף די הענדלער אין בית המקדש.

פאַר די ירושלימער קליינבירגער איז דער בית המקדש געווען מער אַ געשעפט־פּלאַץ ווי אַ הייליקטום, אָט אַזוי ווי די קריסטלעכע הייליקטימער פאַר די קרעמער פון רוים און די מאַכמעדאַנישע הייליקטימער פאַר די הענד־לער פון מעקאַ און מעדינאַ. זיי האָבן געמאַכט דעם הויף פון בית המקדש פאַר אַ מאַרק־פּלאַץ, אין שייכות מיט די געבראַכטע סטאַדעס פאַר קרבנות א. אַ. וו. נאָר פאַר די נאַאיווע פרומע גאַליליייער איז דאָס געווען אַ שרעקלע־כער „חלול השם", אַ פאַרשוועכונג פון גאָטס הייליקטום. אָנגעפייערט פון דער רעדע פון דעם גאַליליייער סטאַליער קעגן די הערשנדיקע קלאַסן פון ירושלים, קעגן זייער היפּאָקריטסטווע און פאַלשקייט, איז דערפאַר דער אָרעמער פרומער עולם באַפאַלן דעם הויף פון בית המקדש און צעטריבן די הענדלער פון דאָרטן.

נאָך דער גאַליליייער סטאַליער און זיינע חברים און נאָכפאָלגער האָבן גע־האַט גרעסערע צילן ווי די קדושה פון בית המקדש. זיי האָבן קענטיק געפּלאַנט אַ באַוואָפנטן איבערפאַל אַף דער מלוכה און דער כהונה. דעם לעצטן אָוונט, איידער זייער פאַרשווערונג איז פאַרראַטן געוואָרן, האָט דער גאַליליייער סטאַ־ליער געזאָגט צו זיינע נאָענטע אַזוי:

„איצט ווער עס האָט אַ פּעקל זאָל דאָס נעמען מיט זיך — — —
און ווער עס האָט גאָרנישט זאָל פאַרקויפן זיין מאַנטל און קויפן אַ שווערד.

ווייל עס מוז אין מיר דערפילט ווערן דאָס, וואָס עס שטייט געשריבן—
ער ווערט געצוילט צווישן די געזעצלאָזע."

נאָך די רוימישע פּאָליטישע פּאָליציי האָט געהאַט איר אַגענט־פּראָוואָ־קאַטאָר אין די געהיימע פּראָלעטארישע אָרגאַניזאַציעס. די געפלאַנטע פּראָ־לעטארישע פארשווערונג ווערט דערפאַר אַנטדעקט אין צייט און איר משיח, דער גאַליליייער סטאָליער, ווערט אַרעסטירט.

זיינע אַנהייגער פּרובירן זיך שטעלן מיט געוואַלט קעגן פּאָליציי און שפּיאָנען. איינער פון זיי האַקט אָפּ מיט זיין שווערד דעם אויער פון אַ פּאָ־ליציסט, דעם „קנעכט פון כהן גדול". נאָך די אָרגאַניזירטע מאַכט פון שטאַט איז שטאַרקער. זי מאַכט דעם גאַליליייער סטאָליער אַ שנעלן פּראָצעס. ביי־נאַכט ווערט ער אַרעסטירט, אינדערפרי פאַרמשפּט און בייטאָג ווערט שוין דורכגעפירט די עקזעקוציע—צוערשט געשמיסן מיט ריטער און נאָכדעם צו־געקלאַפּט צום צלם־תליה.

נאָך די משיחיסטישע באַוועגונג הערט ניט אויף. אירע אַנהייגער גע־פינען פסוקים, אַז משיח קען ניט תיכף געווינען. פאַרקערט, צוערשט מוז ער פאַרלירן און געטויט ווערן. ערשט נאָכדעם שטייט ער אויף צו אַ ניי לעבן און די גאולה איז פאָלקאָם. זייער שטאַרקער משיח־גלויבן און גרויסע אויפרעגונג, אַז אָט באַלד, באַלד וועלן געשען גרויסע וואונדער, ברייננען משיחיסטן צו האַלוצינאַציעס. זיי זעען וויזיעס אין מיטן טאָג. דער געליב־טער פירער באַווייזט זיך צו זיי, עסט און טרינקט מיט זיי, דערמוטיקט זיי צום קאַמף. דאָס גיט זיי מוט צוריקצוקומען נאָך ירושלים און רעאָרגאַ־ניזירן זייערע **כחות**.

נאָך דער גלויבן אין דעם ווידעראויפשטיין פון דעם דערמאָרדעטן פירער ענדערט דעם כאַראַקטער פון דער משיחיסטישער באַוועגונג. אמת, אירע אי־דעאַלן פאַרדאַמען די עקזיסטירנדיקע געזעלשאַפט; זיי זאָגן איר פאָראויס אַ טאָג פון בלוטיקער נקמה; נאָך זייער הויפּט־ציל איז איצט צוצוגרייטן דעם עולם צו זיין באַלדיקן ווידערקומען אַלס דער הימלישער משיח, וואָס וועט ברייננען די גאולה פאַר פאָלק און מענטש, פאַר ראַסן און קלאַסן.

און דאָ הויבן זיך אָן שפּינען לעגענדעס און וועבן מדרשים. דאָס גלויבן, אַז דער געקרייציקטער משיח וועט באַלד אַרונטער פון הימל דערלייזן די מענטשן, קריגט אַלץ מער ענלעכקייט צו דעם גלויבן אין אַ גאָט־משיח פון אַנדערע פעלקער. נאָך עכטע אידן פרעגן: איז ער משיח בן דוד? שטאַמט ער ווירקלעך פון דוד המלך? שטימען אַלע פסוקים? אידן פון וויטן מזרח, אָנגעשטעקט מיט די משיח־לעגענדעס פון בבל און פרס, און מעגלעך אויך

פון אינדיע (דורך אַרומיקע וועגן) שטעלן זיך משיחן אַנדערש פאָר. עס גיסן זיך אַזוי צוזאַמען אוראַלטע און נייע לעגענדעס פון פאַרשידענע פעלקער. עס דיכטעט זיך אויס אַ נייע משיח־געשטאַלט, וועמעס קינדהייט־אַנטפּלעקונג, טויט און געטלעכקייט האָט קיין שייכות ניט צו דעם אידישן סטאַליער, וועמען די רוימער האָבן געקרייציקט. נאָר גראָד אָט די וואונדער־געשטאַלט, אויסגעשפּונען פון מאַסן־מוחות, פאַנגט די פאַנטאַזיע פון צענדליקער מיליאַנען מענטשן אין דער רוימישער אימפּעריע.

---

די אומגעהויערע ליידן פון די אונטערדריקטע מאַסן אין דער רוימישער אימפּעריע האָט ביי זיי אַרויסגערופן קלאַסן־האַס און אַ דורשט נאָך נקמה. נאָר זיי זיינען אָנמעכטיק קעגן דער גוט־אָרגאַניזירטער רוימישער מיליטערישער מאַכט. האָבן די ליידנדיקע מאַסן אָנגעהויבן אַלץ מער גלויבן אין אויסערלעכער הילף. די, וואָס זיינען ניט געווען אינגאַנצן פאַרצווייפלט, האָבן געגלויבט אויפריכטיק, אַז עמעץ פון די מענטשן־פריינטלעכע גאָטהייטן: מיטראַ, אָזעריס, דיאָניס, אַטיס, סאַבאַצי, א. ד. ג., וועט זיך אַריינמישן און אויסלייזן די ליידנדיקע מענטשהייט פון איר קנעכטשאַפט, עלנט און נויט.

פאַר גרויסע מאַסן אָרגאַניזירטע פּראָלעטאַריער האָט שוין לאַנג עקזיסטירט אַזאַ גלויבן. דער אינטערנאַציאָנאַל פון די אויבן־דערמאָנטע אַרומרייזנדיקע „דיאָניזישע קינסטלער” (מוזיקער, שוישפּילער, אַקראָבאַטן א. א. וו.), מיט די אַלע אַרום זיי זיך־גרופּירנדיקע בעל־מלאכות און טאָג־אַרבעטער, געצעלטן־מאַכער, קליידער־מאַכער, קוכער א. א. וו., האָט אָנערקענט פאַר זיין שוץ־גאָטהייט דיאָניס־קאַטעגעמאָן, דעם פאַרלויפער, שליח אָדער אָנזאָגער פון דעם דערוואַרטן משיח. דאָס איז געווען אין דער גריכיש־רוימישער וועלט. (אין רוים האָבן די דיאָניסטן געהייסן באַקכאַניסטן, אָפּן נאָמען פון דער גאָטהייט באַקך, אָדער באַקכוס, וואָס האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דאָס זעלבע, וואָס דיאָניס אין דער גריכישער וועלט.)

פון דער אַנדער זייט, האָט זיך אַנטוויקלט אין דער סעמיטיש־באַבילאָנישער וועלט דאָס גלויבן אין אַ גאָטס זון, וואָס איז דער מליץ־יושר פאַר די ליידנדיקע.

אַ רייע תפלות פון אַלטן בבל, וואו עס רעדט זיך פון אַ גאָטס זון, אַ מליץ־יושר, אַ פּרקליט, אַ קלענערע גאָטהייט, וואָס שטעלט זיך איין פאַר די מענטשן ביים הויפּט־גאָט אָדער הויפּטגעטין, און אַ הימלישע מלוכה.

די ליידנדיקע מענטשן, די אונטערדריקטע קלאַסן פון אַלע פעלקער, זיינען דערפאַר געווען אומעטום דורכגעדרונגען מיט דעם גלויבן אין אַ דערלייזער — אַ גאָט, אַ גאָטס זון אָדער אַ מליץ־יושר, וואָס וועט זיך פאַר זיי

אָננעמען. צוגלייך האָבן די אַלטע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, עראַנאָסן און קאָלעגיעס געזוכט צוזאַמענצוהאַלטן די צעשטויבטע מענטשן־מאַכט דורך קאָאָפּעראַטיוון, דורך געמיינזאַמע מאָלצייטן און דורך אַלערליי אַנ־דערע קעגנזייטיקע הילפס־אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבן אויך, וואו מעגלעך, ווי אין רוים, געזוכט צו דערווייַלן פאַר קאָמיסאַרן פון עפנטלעכער ארבעט אזוינע פּערזאָנען, וואָס זאָלן געבן באַשעפטיקונג צו די מיטגלידער פון די ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס. דער איינצלנער, ניט־אָרגאַניזירטער ארבעטער, איז אין יענער צייט כלל געווען הילפלאָז. אָן דער הילף פון אַן אָרגאַניזאַציע האָט ער ניט געקאָנט קריגן קיין ארבעט. אַלץ האָבן געטאָן אומזיסטע שקלאַפן. ער האָט געמוזט ארומטערזינקען צו קנעכטשאַפט אָדער בעטלעריי.

שוידערלעך איז געווען דער צושטאַנד פון די פּראָלעטאַרישע מאַסן אין די אונטערדריקטע לענדער פון דער רוימישער אימפּעריע. נאָר ניט פיל בעסער איז געווען די לאַגע פון די פּראָלעטאַריער אין רוים גופא. די אָרעמ־קייט אין דער הויפּט־שטאָט פון דער וועלט איז געשטיגן מיט יעדן טאָג. די פרייע ארבעטער האָבן נאָך מער געליטן ווי די שקלאַפן. די לעצטע, אויב זיי האָבן געאַרבעט אין הויז פון אַ גוטן האַר, האָבן כאָטש געהאַט גענוג צו עסן. דערצו האָבן זיך די ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס געמוזט פאַרזאַמלען אין געהיים.

שוין יוליוס צעזאַר האָט באַשטימט, אַז יעדע אָרגאַניזאַציע פון ארבעטער מוז האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש פון סענאַט. נאָר דער סענאַט איז ניט געווען גערן, אַז די אָרעמע מאַסן זאָלן זיין אָרגאַניזירט. בפרט, אַז די ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען פּאָליטישע קערפּערשאַפטן און פלעגן שטימען אין די פאָלקס־פאַרזאַמלונגען פאַר זייערע אייגענע לייט. דערצו זיינען די רוימישע קאָלעגיעס, אַזוי ווי די גריכישע עראַנאָסן, ווי די אידישע עסייער־קאָמונעס, געווען קעגנער פון שקלאַפעריי.

צוליב פּאָליטישע און קאָמערציעלע מאָטיוון האָט יוליוס צעזאַר גע־מאַכט אַן אויסנאַם פאַר אידישע אָרגאַניזאַציעס. די אָפיציעלע דערקלערונג איז געווען, אַז די אידן מוזן אָנהאַלטן זייערע אָרגאַניזאַציעס צוליב רעלי־גיעזע טעמים — שבת, כשרות א. א. וו. פאַרבאָטן זייערע צוזאַמענקונפטן, געמיינזאַמע מאָלצייטן, א. אַ. וו. מיינט פאַרבאָטן זיי אָפּצוהיטן זייער רע־ליגיע, אַ זאַך, וואָס דאָס רוימישע געזעץ האָט זיי גאַראַנטירט. ווי עס איז שוין געווען אויבן דערמאָנט, האָט יוליוס צעזאַר עס געטאָן דערפאַר, ווייל דער אידישער האַנדלס־קלאַס איז געווען אַ מאַכט אין צפון־אַפריקע (מצרים, סיראַנייקע, א. אַ. וו.), אין מערב־אַזיע (סיריע, בבל, קליין־אַזיע, א. אַ. וו.), און אויך אין אַ היפּשן טייל פון אייראָפּע. צעזאַר האָט דערפאַר געזוכט צו

געווינען די קאָאָפעראַציע פון די אידישע געשעפטסלייט פאַר דער רוימישער אימפעריע דורך אַלערליי מעגלעכע פריווילעגיעס און געפעליקייטן פאַר אידן אין רוים און ירושלים.

נאָך צעזאַרס טויט האָט זיך די לאַגע פון די אידן אין דער רוימישער אימפעריע ביסלעכווייז געביטן צום שלעכטן. נאָר אין די צענדליקער יאָרן, וואָס די אָרגאַניזאַציעס אין רוים זיינען געווען פריווילעגירט, האָט זיך געשאַפן אַ פריינטשאַפט־בונד צווישן אידישע און רוימישע פּראָלעטאַריער.

די רוימישע אַרבעטער האָבן געזוכט אויסצונוצן די אידישע פריווילעגירטע שטעלונג פאַר זייערע אינטערעסן, און געשטעלט זייערע אָרגאַניזאַציעס אונטערן אידישן שוץ. דורך דעם האָט זיך געשטאַרקט דער אידישער איינפלוס אַף דער „פאָרום ראָמאַנאָ", דעם רוימישן מאַרק־פלאַץ, וואו די מאַסן פלעגן אויסדריקן זייער ווילן. די אידישע מאַסן האָבן דערפאַר אין יענע צייטן געהאַט אַ שטאַרקן צד אַפן רוימישן פאָרום. רוימישע שרייבער דערציילן, אַז געוויסע בלוטזויגערישע רוימישע גובערנאַטאָרן אין אידנלאַנד האָבן מורא געהאַט זיך צוריקצוקערן קיין רוים צוליב דער שטימונג, וואָס האָט געהערשט קעגן זיי אַפן „פאָרום ראָמאַנאָ".

די דערנעענטערונג פון רוימישע און אידישע פאָלקס־מאַסן אין רוים האָט געווירקט אין צוויי ריכטונגען. פון איין זייט האָבן אידישע בעל־מלאכות און קליין־הענדלער פאַרשפּרייט זייערע אידייען צווישן רוימישע פּראָלעטאַריער, פון דער אַנדער זייט האָט דאָס אַריינגעבראַכט צווישן די אידישע מאַסן ניט בלויז גריכיש־רוימישע אידייען, נאָר אויך דעם גייסט פון אינטערנאַציאָנאַלער אחדות, וואָס האָט געהערשט אין די גריכיש־רוימישע עראַנאָסן און קאָלעגיעס.

אין אמתן איז דער גייסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם ניט געווען גאָר פרעמד צו די מער באַוואוסטזיניקע אַרבעטנדיקע אידן. שוין די פאַרצייטיקע אידישע בונטאַרן, די סאָציאַלע נביאים, האָבן זיך געווענדט מיט זייער נבואה ניט בלויז צו אידן אַליין. זיין אַ „נביא לגויים", זאָגן נבואה פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, איז געווען דער אידעאַל פון יעדן באַדייטנדיקן אידישן נביא. נאָר באַזונדער שטאַרק איז געווען דאָס געפיל פון אינטערנאַציאָנאַלער אחדות ביי יענע אידישע פּראָלעטאַריער, וועלכע האָבן דערוואַרט אַ משיח, אַ קלאַסנקעמפער — אַ משיח, וואָס זאָל דערלייזן די אָרעמע מאַסן, סיי פון דעם פרעמדן (רוימישן) אונטערדריקער און סיי פון זייערע אייגענע (אידישע) גבירים און פריצים.

די קליינע משיח־געמיינדע אין ירושלים איז די ערשטע צייטן געווען אַזוי פאַטריאָטיש און אַנטי־רוימיש ווי די קנאים, די נאַציאָנאַל־רעוואָלו־

ציאָנערן. נאָר די פּראָלעטאַרישע אידן־קריסטן (משיחיסטן) האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט אַ זיג איבער רוים. זיי זיינען אויך ניט געווען איבעריק באַגייס־טערט פאַר אַ אידישער מלוכה, וואָס זאָל פאַרנעמען דעם אָרט פון דער רוי־מישער. פאַר אָט די אידישע משיחיסטישע פּראָלעטאַריער איז דאָס ארונ־טערוואַרפן דעם רוימישן יאָך געווען בלויז דער מינימום. דאָס איז פאַר זיי געווען בלויז אַן עטאַפּ אויף דעם וועג צום הויכן ציל פון באַפרייען די אָרע־מע מאַסן פון אַלע זייערע אונטערדריקער, פון די אייגענע אזוי ווי פון די פרעמדע. זיי האָבן געגלויבט אין זייער משיח־געמיינדע בלויז די אָרעמע און ליידנדיקע. זיי האָבן גערעדט פון דעם „יום הדין", דעם טאָג פון נקמה און באַצאָלונג, ווען די רייכע רשעים וועלן אונטערגיין און די אָרעמע צדיקים וועלן אויפשטיין צו אַ נייעם לעבן.

אָט דעם „יום הדין" האָבן זיי זיך פאָרגעשטעלט ניט בלויז אין אידנ־לאַנד, נאָר אויף דער גאַנצער וועלט. דערפון האָט געפאָלגט, אַז משיח וועט זיך ניט צופרידנשטעלן מיט באַפרייען ירושלים פון רוימישן אונטערדריקער, נאָר וועט דערלייזן אַלע אָרעמע מענטשן פון זייערע רייכע שונאים. ביסלעכ־ווייז זיינען דערפאַר אָט די משיחיסטישע פּראָלעטאַריער געקומען צום גע־דאַנק, אַז זייער ענדציל איז ניט פאַרבונדן מיטן בית המקדש פון ירושלים, נאָר מיט גאָטס מלוכה אויף דער גאַנצער ערד.

אויך פריער זיינען געווען אידן, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט מיסיאָ־נערסקער אַרבעט, צו באַקערן די היידן צום אידישן גלויבן. אין דער אידישער געשיכטע ווערן דערמאָנט אַ ריי אידישע חכמים און תנאים, וואָס האָבן גע־שטאַמט פון באַקערטע היידן. אין ערשטן יאָרהונדערט האָט זיך אין קליין־אַזיע אַ מעכטיקע מלוכה באַקערט צו אידישקייט. אייניקע פּרינצן און זייער מוטער האָבן זיך באַזעצט אין ירושלים, וואו זיי האָבן זיך אויך באַטייליקט אין דעם בלוטיקן קאַמף פון די אידישע רעוואָלוציאָנערן קעגן רוים און זיינען געקומען געוואָרן געפאַנגען ביים חורבן פון ירושלים.

נאָר מיט גאָר באַזונדערן אייפער האָבן זיך גענומען צו באַקערן די היידן די אידישע משיחיסטישע פּראָלעטאַריער. זיי האָבן געהאַט פאַר דער ליידנדיקער וועלט אַ בשורה — משיח וועט זיי אויסלייזן פון אַלע צרות און פּראָקלאַמירן גאָטס מלוכה אויף דער ערד, וואו אַלע אָרעמע וועלן עסן צו־זאַט און אַלע רייכע וועלן אונטערגיין.

עס ראַנגלען זיך דעמאָלט צוויי כחות איבער דעם איינפלוס אויף דער אויפגעברויזטער מענטשהייט. די אידעאָלאָגן פון די ליבעראַלע בירגערלעכע עלעמענטן אין דער רוימישער אימפּעריע, גריכישע און רוימישע פילאָזאָפן, פּרייִדיקן אַ שענערן און אידעלערן לעבן. נאָר דאָס גילט בלויז פאַר די אויס־

דערוויילטע, הויך־אַנטוויקלטע יחידים. פאַר די ברייטע מאַסן האָבן אָט די פילאָזאָפן געהאַט וויניק אָדער גאָרניט. זיי האָבן ניט געוואַגט אַרויסצוטרעטן קעגן דער פיל־געטעריי און די אַבערגלויבנס פון פאָלק, און קעגן שקלאַפעריי און דער אונטערוואַרפונג פון מענטש צו מענטש. און האָט דאָס עמעץ פון זיי געטאָן, אַזוי איז ער אַזוי ווייט געווען פאָראויס, אַז ער האָט פאַרלאָרן יעדע באַציאונג צו זיין דור און איז ניט געקאָנט באַאיינפלוסן. נאָך גאָר אַנדערש איז געווען די פּאָזיציע פון די אידישע משיחיסטן. די לעצטע, אַליין געוועזענע און זייענדיקע שקלאַפן, אָדער סוחרים און בעל־מלאכות פון אַ באַזיגט און אונטערדריקט פעלקל, זיינען געשטאַנען אין נאָענטער באַציאונג מיט די אונטערדריקטע און אומצופרידענע פון אַלע פעלקער.

אין העלע פאַרבן האָבן אָט די פּראָפּאַגאַנדיסטן געמאָלן דאָס אָנקומען פון אידישן משיח, וואָס וועט באַפרייען אַלע אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע און דערלייזן די גאַנצע מענטשהייט, פיזיש און גייסטיק. דערביי האָבן זיי אויסגעלאַכט סאַרקאַסטיש די פאַרשידענע געטער און אָנגעוויזן אויף זייער הילפלאָזיקייט. זיי האָבן אויך ציטירט די פלאַמענדיקע ווערטער פון די אַלטע אידישע קלאַסנקעמפער, די בונטאַרישע נביאים, און יענע אַלט־אידישע סאָציאַלע געזעצן, וואָס זיינען געווען אין סימפּאַטיע מיט די שקלאַפן. די אידישע משיחיסטן האָבן אויך געהאַט אַ שטאַרקן וואָפן אין זייערע הענט — די איבערזעצונג פון די אידישע הייליקע שריפטן, וועלכע זיי האָבן אויסגעטייטשט לויט די באַגריפן פון די, וועלכע זיי האָבן געזוכט צו באַקערן צום אידנטום.

דער איינפלוס פון אָט דער אידישער פּראָפּאַגאַנדע איז דערפאַר געשטיגן, די צאָל אידן האָט געהאַלטן אין וואַקסן אין אַלע דריי וועלט־טיילן. ניט געקוקט אויף דעם אַפילו פון די אידישע אביונים צום קלאַסנהאַס און נקמה־געפיל פון די אָרעמע מאַסן, האָבן זיך אויך געפונען איינצלנע פּערזאָנען פון רייכן קלאַס, באַזונדערס צאַרטפילנדיקע פרויען, וואָס זיינען אַריבער אויף דער זייט פון די עלנטע און פאַרהאַסטע.

* * *

דער אונטערגאַנג פון דער אַלטער וועלט, געבויט אויף קנעכטשאַפט, האָט זיך אָנגעהויבן פילן אין סאַמע רוים. ניט געקוקט אויף איר אויסערלעכן גלאַנץ, האָט די רוימישע ציוויליזאַציע אָנגעהויבן פוילן, שימלען און צעפאַלן. די רוימער האָבן געהאַלטן פעסט זייער אימפּעריע דורך אַן אַרמיי, וואָס איז וואָס ווייטער אַלץ מער באַשטאַנען פון פרעמדע פעלקער. די רייכע רוימער, די הערשער פון דער וועלט, האָבן אַליין וויניק־וואָס געטאָן. אַלע זייערע טעטיקייטן זיינען אויסגעפילט געוואָרן דורך פרעמדע, דורך שקלאַפן. די לעצטע

זיינען דאָס רוב געשטאַנען קולטורעל העכער ווי זייערע הארן, און האָבן ביסלעכווייז איבערגענומען אין זייערע הענט ניט בלויז קונסט און וויסנ־שאַפט, נאָר אפילו די פּאָליטיק.

באַפרייטע שקלאַפן פון צעזאר זיינען געוואָרן הויכע באַאמטע און האָבן פאַרנומען די וויכטיקסטע רעגירונגס־שטעלעס. די מיוחסדיקע רוימישע אריס־טאָקראַטן האָבן זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט פאַרצערן די אומגעהויערע רייכ־טימער, וואָס פרעמדע הענט האָבן פאַר זיי באַשאַפן אין רוים און איטאַליע, אָדער וואָס זיי האָבן אָנגערויבט אַלס גענעראַלן און גובערנאַטאָרן אין פרעמ־דע לענדער. נאָר מיט דער צייט איז זיי זייער לוקסוריעז לעבן דערעסן. עס האָט זיי געלאַנגווייליקט. זיי האָבן געזוכט נייע רייצן און אומנאַטירלעכע תאוות און גרויזאַמקייטן. צום סוף, ווען זיי האָבן ניט געהאַט מער קיין מיטל אָדער קיין כח צו געניסן און זינדיקן, האָט זיך אין זיי אויפגעוועקט אַן עקל צו זייער פריערדיקן אומנאַטירלעכן לעבן. זיי זיינען אריינגעפאַלן אין טיפן יאוש. זיי האָבן אָנגעהויבן פילאָזאָפירן ווי קהלת: „הבל הבלים, הכל הבל", — „וואַניטאַס, וואַניטאַטום וואַניטאַס", אַלץ איז אייטלקייט און נישטיקייט. דער טיפער יאוש האָט אַנדערע געפירט צו זעלבסטמאָרד און אַנדערע צו אַ שטרעבן צו אַ נייעם העכערן לעבן. נאָר אָט דאָס „העכער לעבן" האָט פאַר אָט די פאַרצערטלטע לײדיקגייער געמיינט אַ לעבן אָן ארבעט, אַ מין נירוואַנאַ, וואו מען איז פריי פון תאוות, אַנטוישונג, יסורים, אָדער אַ מין גן־עדן, וואו מען לעבט בלויז מיט שכינה־שטראַלן.

אין אָט דעם קרייז איז אויך אויפגעוואַקסן דאָס געפיל פון רחמנות אויף די עלנטע שקלאַפן. מען האָט אָנגעהויבן פילן, ווי מיאוס דאָס איז צו לעבן פון פרעמדער ארבעט, צו לעבן אין לוקסוס אָפּן חשבון פון די הונגעריקע און נאַקעטע. מען האָט דערפילט אַן עקל פאַר דעם יאָגעניש נאָך גאָלד און אַלץ, וואָס איז דערמיט פאַרבונדן.

נאָך אַ גרעסערע מאָס עקל קעגן לעבן אין לוקסוס פון פרעמדער פראַצע האָבן געפילט די שטאָטישע שקלאַפן. אין רוים און אין אַנדערע גרויסע שטעט זיינען געווען הונדערטער טויזנטער שקלאַפן, וואָס האָבן צוגעזען דעם אומ־געהויערן לוקסוס, דעם איבערגעטריבענעם געניסן און הוליאַיעווען און האָבן דערפילט אַן עקל צו אָט דעם גאַנצן לעבן.

פון דער אַנדער זייט האָבן זיך געפונען אין די שטעט הונדערטער טויזנ־טער פרייע בירגער און באַפרייטע שקלאַפן, וואָס האָבן געליטן די גרעסטע נויט. די שטעט און שטעטלעך זיינען אויך געווען פול פון מאַסן ארבעטלאָזע בעל־מלאכות און טאָג־ארבעטער, הונגעריקע לומפּן־פּראָלעטאַריער, פאַר־אָרעמטע פויערים, נויט־ליידנדיקע פאַכטער א. אַ. וו. די אַלע עלעמענטן האָבן

זיך געפילט פאַר פרייע רוימישע בירגער, די „הערשער איבער דער וועלט", און דאָך ניט געווען זיכער מיט זייער מאָרגן. זיי זיינען געווען עקאָנאָמיש איבערפליסיק אין דער געזעלשאַפט, הוימלאָז, שוצלאָז, אָנגעוויזן בלויז אַף די שיריים, דעם אָפּפאַל פונם רייכן טיש, אַף דעם, וואָס מען גיט זיי צוליב פּרייגיביקייט, מורא, אָדער כדי צו האָבן רו... די רוימישע געזעלשאַפט האָט ניט געלעבט אַף דעם חשבון פון אָט די שטאָטישע לומפּן־פּראָלעטאַריער. פאַר־קערט, זי האָט זיי נאָך אויסגעהאַלטן. זי אַליין האָט געלעבט פון שקלאַפן־אַרבעט און עס האָט איר ווייניק געקימערט, אַז די שטאָטישע לומפּן־פּראָלע־טאַריער זאָלן אונטערגיין. דער רוימישער לומפּן־פּראָלעטאַריער האָט דערפאַר ניט געקאָנט שאַפן אַזוינע פּראָדוצירנדיקע קאָמונעס, ווי, למשל, די פּראָ־לעטאַרישע עסייער. ער האָט אויך כלל ניט געקאָנט באַגרייפן זייער קאָמוניזם. דערצו האָט דעם לומפּן־פּראָלעטאַריער אויך געפעלט דאָס געפיל פון ערבות, פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער געזעלשאַפט. דער אַלטער זין פאַרן שטאַט, פאַר דער געזעלשאַפט, פאַרן כלל, איז געווען כמעט אינגאַנצן פאַר־שוואונדן אין דער גריכיש־רוימישער וועלט פון ערשטן יאָרהונדערט. יעדער בירגער, און אויך לומפּן־פּראָלעטאַריער, האָט געזאָרגט בלויז פאַר זיך, און באַטראַכט די וועלט פאַר אַ הוליאַנקע—כאַפּ און עס, כאַפּ און טרינק, אויב ניט, וועט אַן אַנדערער אויסכאַפּן.

אַזאַ עלעמענט האָט, נאַטירלעך, ניט געקאָנט ווערן מיטגערידסן פון די קאָמוניסטישע אידעאַלן פון די עסייער. נאָר דערפאַר האָט ער לייכט גע־קאָנט מיטפילן דעם קלאַסנהאַס און די נקמה־געפילן קעגן די רייכע פון דער אידישער משיח־געמיינדע. אַזוי ווי די אידישע משיחיסטן, איז אָט דער עלע־מענט געווען דורכגעדרונגען פון קלאַסנהאַס און נקמה־געפילן קעגן די רייכע. ער האָט פאַנטאַזירט פון אַ לעבן אָן אַרבעט, אַפן חשבון פון די אָנגעזאַמלטע רייכטימער פונם הערשנדיקן קלאַס. ער איז געווען פאַר אַ קאָמוניזם צווישן די אָרעמע, וואָס וועלן אַוועקנעמען די רייכטימער פון די רייכע. די אידייען פון די משיחיסטן, אָדער אידן־קריסטן, האָבן דערפאַר געקראָגן אָפענע אוי־ערן צווישן די סאַמע אָרעמסטע און אומווּיסנדיקסטע שיכטן פון די רוימישע מאַסן.

אמת, גאָר לייכט איז דאָס אידישע אַגיטאַטאָרן ניט אָנגעקומען. דער משיח־באַגריף פון דער היידנישער וועלט איז געווען גרונט־פאַרשידן פון דעם אידישן. דער אידישער משיח האָט געזאָלט זיין אַ מענטש, אַ פּרינץ פון דודס הויז, וואָס דאַרף קודם־כל באַפרייען דאָס אידישע פאָלק פון דער פרעמ־דער הערשאַפט. דער היידנישער משיח איז געווען אַ גאָטהייט, אַ מין פּראָמע־טעאוס, וואָס האָט זיך אָנגענומען פאַר די מענטשן, איז געוואָרן פאַרפאָלגט

און באַשטראָפט, נאָר נאָך זיין טויט איז ער אויפגעשטאַנען צו אַ ניי לעבן, אַרויף צום עליזיום (גן־עדן), וואו ער האָט געעפנט בריט די טויערן פאַר אַלע ליידנדיקע און פאַרפאָלגטע איינוואוינער פון דער ערד.

דער יעזוס פון דער קריסטלעכער לעגענדע האָט דערפאַר ווייניק שייכות צו דעם געקרייציקטן אידישן סטאַליער אין אַלטן אידנלאַנד. דאָס בילד פון דעם געקרייציקטן אידישן סטאַליער אין אַלטן ירושלים איז מער פון אַ טיפּ ווי פון אַן אינדיווידי. אַזוינע געשטאַלטן זיינען ניט קיין אויסנאַם ביי אידן. דער גאַליליייער סטאַליער איז ניט דער איינציקער אידישער מאַרטירער, וואָס שטעלט זיך פאָר, אַז ער קאָן טראָגן אויף זיינע פּלייצעס די משא פון אַ גאַנצער וועלט, „אַלץ, וואָס איז שוין געטאָן געוואָרן און געליטן, און אַלץ, וואָס וועט אַמאָל ווערן געטאָן און געליטן". ער איז איינער פון פיל, וועמען דער הערשנדיקער קלאַס טוט אָן די דערנער־קרוין, פאַרלאַכט אים אַלס „קעניג" פון די אונטערדריקטע מאַסן און קרייציקט אים פאַר די אויגן פון זיינע געליבטע קרובים און איבערגעגעבענע חברים. נאָר דער יעזוס קריסטוס, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט צום גאָט פון אַ הערשנדיקער רעליגיע, איז גאָר אַן אַנדער מין. ער איז ניט קיין פּראָדוקט פון אידישן לעבן אין אַלטן אידנלאַנד, נאָר פון דער קאָלעקטיווער פאַנטאַזיע פון מיליאָנען ליידנדיקע און דערנידעריקטע מענטשן פון דריי טיילן וועלט.

## געצנדינערישע עלעמענטן אין קריסטנטום

די האָפענונג אויף דערלייזונג האָט שוין אינם גרויען אַלטערטום געשאַפן די געשטאַלט פון משיח. אין די אַלטע קולטור־לענדער מצרים, בבל, אשור א. אַ. וו. איז אָט דער דערלייזער געווען פאַרבונדן מיט דעם אַלטן נאַטור־מיטוס פון טויט און ווידעראויפשטיין, וועלכער איז ביי די באַבילאָניער אויך געווען דער מיטוס פון דער וועלט־באַשאַפונג: די וועלט אין כאַאָס און פינצטערניש, דערשיינט דער זונען־גאָט, מאַרדוק, טויטעט דעם דראַכן, „תהום", וואָס רעפּרעזענטירט אַלדאָס בייז, און באַפרייט, באַנייט אָדער באַשאַפט דער־מיט די וועלט.

אַן אַנדער זונען־גאָט, תמוז, ווערט געשילדערט ווי ער גייט אונטער סוף־זומער אין דער אונטערערדישער מלוכה פון דער געטין אַלול. נאָך די קעניגין אישטאַר־אשתרות, די הימל־קעניגין — די געטין פון וואַקסן און שפּראָצען, פון בליען און פרוכטבאַרקייט — די מוטער נאַטור, וואָס גיט אַלץ געבורט און איז פול מיט ליבע און גוטסקייט, איז זיך מוסר־נפש כדי אויסצולייזן דעם זונען־גאָט. זי שטייגט אַרונטער אין דער אונטערערדישער מלוכה

פון אלול, זי לײדט דאָרטן בושה און חרפּה, יסורים און פּײַן, ביז עס געלינגט איר צו באַפרײַען און אויפוועקן צו אַ נײַעם לעבן דעם זונען־גאָט, מיט וועלכן זי שטײַגט אַרויס אין פרילינג אין פולער פּראַכט און גלאַנץ.

ענלעך זײַנען אויך די מיטוסן פון עגיפּטישן אָזירוס און סירישן אַדאָניס, וועלכע זײַנען פאַרטראָטן אונטער פאַרשידענע נעמען און פאָרמען אין אַלע אַלטע קולטור־לענדער. עס פלעגן אויך פאָרקומען עפנטלעכע און געהײמע פאָלקסטימלעכע טעאַטראַלישע פאָרשטעלונגען פון דעם שטאַרבנדיקן און ווידעראויפלעבנדיקן גאָט.

לכבוד דעם יום־טוב פון אָזירים אָדער אַדאָניס, אין פרילינג — פּסח־צײַט — פלעגט ווערן געפירט אַ בילד פון דעם מת אונטער קלאָג־לידער פון אַ פרויען־כאָר. פּונקט אַזוי ווי די פרויען פון ירושלים פלעגן, לויט דער שיל־דערונג פון נביא יחזקאל, „באַווײנען דעם תמוז" אין בית המקדש. אויפן דריטן טאָג, אַזוי ווי שפּעטער אין דער יעזוס־לעגענדע, פלעגט אָנקומען די גוטע בשורה, אַז אָזירים איז ווידער לעבעדיק געוואָרן און מען פלעגט פאָרשטעלן ווי זײַן בילד שטײַגט אַרויף אין דער הויך.

דער גאָט־משיח איז דאָס רוב געבאָרן געוואָרן נאָר פון אַ מאַמען. אַלנפאַלס איז ער געווען אַ גאָטס־זון. אַזוי איז מאַרדוק, דער שאַפנדיקער און דערלײזנדיקער זונענגאָט פון בבל, דער זון פון גאָט עאַ. ער אַדרעסירט אַלעמאָל דעם גאָט עאַ מיטן נאָמען „פאָטער" און יענער רופט אים „זון". בײדע פאָטער און זון, זײַנען גלײַך. דער פאָטער זאָגט: „וואָס איך ווײס, ווײסטו אויך." עאַ העלפט ניט דירעקט די מענטשן, נאָר לאָזט עס איבער צום זון. (דער גאָט־פאָטער איז צו־גרויס זיך אָפּצוגעבן מיט מענטשן. די מלוכה פון הימל איז מאָדעלירט לויט דעם מוסטער פון דער ערד. דער גרויס־קעניג פון בבל אָדער אשור לאָזט זײַן עלטסטן זון אויסהערן די אונטערטאַנען און זיך פאַר זיי אײַנשטעלן בײַ אים. טוט, נאַטירלעך, דער גאָט־פאָטער אויך אַזוי.) נאָר אויך דער גאָט־זון קאָן זיך ניט פאַרנעמען מיט יעדן אונטערטאַן. האָט ער פאַר זיי אַ באַזונדערן מליץ־יושר, דעם פײַער־גאָט גיביל, גירו אָדער נוסקו, וועלכער איז אַ גאָט פון אַ קלענערן ראַנג אין „קעניגרײַך פון הימל". טוט מען צו אים תפילה: „זײַ פאַר מיר אַ גוטער בעטער."

אָט דער דריטער גאָט, אין דער דרײַ־אײניקײט — פאָטער, זון און מליץ־יושר — פון אַלטן בבל, איז אויך אַ גערעכטער ריכטער. ער נעמט זיך אָן פאַרן שוואַכן. באַשיצט אַלץ, וואָס איז גוט, אמת און גערעכט. ער באַקעמפט אַלע פינצטערע אומרײנע גײַסטער און פאַרניכטעט זיי צולעצט דורך זײַן הײליקן פײַער. ער פאַרטרעט טהרה און קדושה און איז אויך אַ נעמלעכער שליח, אַ מלאך, אַ שרף.

ענלעך צו דער אַלט־באַבילאָנישער דריי־איייניקייט איז דער פּערסיש־סעמיטישער געטער־דרייליננ: אַכוראַמאַצדאַ (אָרמוצד, אַהורמיז), זיין זון מיטראַ און דער פייערגאָט.

מיטראַס מאַמע איז, לויט זיינע גלויביקע, שוואַנגער געוואָרן פון דעם גוטן, ליכטיקן גאָט אָרמיצד. זי האָט אים געבאָרן אַף אַ פעלז. זיין געבורט האָבן געזען בלויז די פּאַסטעכער אין פעלד. זיי האָבן גלייך דערקענט ווער ער איז. זיי האָבן אים געבראַכט מתנות און פאַרערט, פונקט אַזוי ווי זיי האָבן דאָס געטאָן הונדערטער יאָר שפּעטער, אין דער קריסטלעכער לעגענדע, ביי דעם געבורט פון יעזוסן.

דער גאָט מיטראַ האָט שוין געהאַט דורכגעמאַכט אַ לאַנגע אַנטוויקלונג, ווען די קריסטלעכע לעגענדע האָט זיך אָנגעהויבן שפּינען. מיטראַ ווערט שוין דערמאָנט אין מיטן פון צווייטן טויזנט פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכע־נונג, אין אַן אָפּמאַך צווישן קעניג פון חתים מיט זיינעם אַ שכן אין מעסאָ־פּאָטאַמיע. שפּעטער ווערט מיטראַ דערמאָנט אין דער פּערסישער אַוועסטאַ, אין די אינדישע וועדן און אין אַנדערע הייליקע ספרים פון דער אַלטער אַזיע. ער איז דער גאָט פון הימל־ליכט. ער דערשיינט אַף די בערג פאַר זונענאויפ־גאַנג. בייטאָג פאָרט זיין וואָגן אַפן הימל געפירט פון פיר פייערדיקע פערד. ער האָט טויזנט אויערן און אויגן. ער זעט אַלץ, הערט אַלץ, פאַרשטייט אַלץ. ער איז דער גאָט פון אמת און גערעכטיקייט, פון פרוכטבאַרקייט און לעבנס־קראַפט. ער איז דער באַשיצער פון אָרמאַצדס שאַפונגען. ער פאַרפאָלגט דאָס בייזע און נעמט זיך אָן פאַר דעם גוטן.

זאַראַטוסטראַס רעליגיע פאַרקלענערט אים צו אַ מלאך, נאָר מיטראַ איז אַזוי ווי דער אידישער מלאך מטטרון, אַ „שר הפּנים", גאָטס מיניסטער פון אינערלעכע אָנגעלעגנהייטן, זיין רעכטע האַנט. דער גאָט־פאָטער אָרמאַצד האָט טאַקע געשאַפן די וועלט, נאָר דער גאָט־זון, מיטראַ, פירט איר. מיטראַס נאָמען ווערט דערמאָנט אין די תפלות באַלד נאָך אַכוראַ־מאַצדאַס. מען בויט אים מזבחות, מען ברייננט אים קרבנות און מען שיקט אים תפלות. זיין פונ־קציע איז צו באַגלייטן די נשמות פון צדיקים צום גן־עדן און זיי צו באַשיצן קעגן די מלאכי־חבלה. ער ווערט דער סימבאָל פון דערלייזנדיקן גאָט, דער גאָט־משיח. עס ווערט לכבוד אים געפייערט יעדער 16טער טאָג אין חודש (די פולע לבנה), און באַזונדערס זיין גרעסטער יום־טוב, דער 25סטער דע־צעמבער, וואָס ווערט שפּעטער דער „קריסטמאַס", די ווייַנאַכט פון דער קריסטלעכער קירך, וועלכע נעמט אויך איבער זיין שבת, דעם זונטיק.

ווען פּערסיע זיגט איבער בבל, ווערט מיטראַ צוזאַמענגעגאָסן מיטן באַ־בילאָנישן זונען־גאָט „שמש". ער ווערט פאַרערט אין גרעסטן טייל פון מערב־

אַזיע און ביז טיף אין אינדיע אריין. נאָך אַלעקסאַנדערס זיג איבער פּערסיע פאַרשפּרייט זיך דאָס מיטראַ־דינסט קיין מערב און ווערט צוזאַמענגעגאָסן מיט דער גריכישער זונען־גאָטהייט „העליאָס" און פאַרגליכן מיט אַפּאָלאָ. אַזוי ווערט ער צוגעטשעפּעט אין יעדן לאַנד צו דער דאָרטיקער גאָטהייט פון ליכט און צולעצט פאַראייניקט מיט דער „גרויסער מאַמע", די מוטער־נאַטור, וואָס ווערט פאַרערט אין אייראָפּע און קליין־אַזיע. מיטראַ ווערט דעמאָלט געשילדערט ווי די אַלטע „הימל־קעניגין" אישטאַר־עשתרות, וואָס רעפּרעזענטירט די זון און די לבנה צוזאַמען.

אונטער רוימישער הערשאַפט ווערט די מיטראַאישע רעליגיע פאַרשפּרייט כמעט איבער גאַנץ אייראָפּע, מערב־אַזיע און צפון־אַפריקע. אין רוים איז מיטראַ צוערשט דער גאָט פון די אָרעמע סאָלדאַטן און קליינהענדלער. שפּעטער ווערן פאַראינטערעסירט אין מיטראַאיזם רוימישע פילאָזאָפן. צולעצט ווערט דער צעזאַר אַליין, צוליב זיינע אַזיאַטישע סאָלדאַטן, דער באַשיצער פון אָט דער אַזיאַטישער רעליגיע, און זייט דעם אָנהויב פון דריטן יאָרהונדערט איז שוין פאַראַן אין רוים אַ קייזערלעכער מיטראַ־פּריסטער.

---

מיטראַאיזם איז ניט די איינציקע אָריענטאַלישע רעליגיע, וואָס האָט דעמאָלט אריינגעדרונגען אין רוים. אויך די גאָט־מוטער פון דער עגיפּטישער דריי־איניקייט, איזיס, די פרוי פון גאָט־פאָטער אָזיריס, דער גאָט פון זונענשיין, און די מוטער פון גאָטזון, האָרוס, איז דאָרט געוואָרן שטאַרק פאַרערט. איזיס האָט געגאָלטן פאַר דער געטין פון דערלייזונג, וואָס דערלייזט די נשמה פון אירע זינד און גיט איר אומשטערבלעכקייט. איר קולט (געשיצט פון רוימישן קייסער) האָט געהאַט אַ סך רייכע פּראָצעסיעס, אויך תענתים און טעג פון תשובה.

גלייכצייטיק מיט אָט די דריי אָריענטאַלישע רעליגיעס — מיטראַאיזם, איזיסיזם און אידישקייט (מיט אירע פאַרשידענע סעקטעס, אויך די קריסטלעכע אין כלל), זיינען אריינגעדרונגען אין דער רוימישער אימפּעריע אויך אַ סך עלעמענטן פון אַנדערע טעאָלאָגיעס און מעטאַלאָגיעס פון אַזיע און אַפריקע, און באַזונדערס פון אינדיע.

רוים איז געווען טאָלעראַנט צו פרעמדע רעליגיעס. אַזוי לאַנג ווי זיי זיינען ניט געווען פאַרבונדן מיט קיין ראַדיקאַלע פּאָליטישע אָדער סאָציאַלע טענדענצן. און אַזוי ווי קיין רוים האָבן זיך פרייוויליק, אַלס סוחרים, און ניט פרייוויליק, אַלס קריגס־געפאַנגענע, אָדער רעקרוטירטע סאָלדאַטן אָדער שקלאַפן, פאַרזאַמלט פאָרשטייער פון כמעט אַלע רעליגיעס פון דער וועלט, מיט זייערע גאָטהייטן און קולטן, איז אין רוים פאָרגעקומען אַן אויסער־

געוויינלעך גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע אויסמישונג, פאַרשמעלצונג און איר־בערשמעלצונג פון פאַרשיידענע רעליגיעס און קולטן.

מיט דעם פאַל פון דער ערדישער רעפובליק איז אויך געפאַלן די הימ־לישע רעפובליק. די מלוכה פון הימל ווערט דאָך אַלעמאָל פאַרגעשטעלט אין דער געשטאַלט פון דער ערדישער מלוכה. אויב אונטן הערשט אַן אימפּע־ראַטאָר, מוז אויך אויבן הערשן אַ „מלך מלכי המלכים", אַ קעניג איבער אַלע קעניגן. די פריערדיקע געטער ווערן בלויז פאַרמיטלער צווישן הויפּט־גאָט, דעם הימלשן צעזאַר, און די פעלקער. זיי ווערן רעדוצירט צו גוטע מלאכים, אויב זיי רעפּרעזענטירן די טרייע אונטערטאַנען, אָדער צו מלאכי־חבלה, אויב זיי געהערן צו די ניט־לאָיאַלע. עס איז דערפאַר נויטיק געוואָרן אַן אַליינהערשנדיקער גאָט, אַן אַבסאָלוטער הימלשער צעזאַר. נאָר גלייכצייטיק האָט אָט דער נייער גאָט געדאַרפט זיין נאָענט צו די גאָט־באַ־גריפן און גאָט־משיח־שטרעבונגען פון די אָרעמע אומוויסנדיקע מאַסן אין דער רוימישער אימפּעריע.

דער גלויבן פון די אידן־קריסטן אין אַ הימלשן משיח, וואָס האָט אויפ־געוואַכט פון טויט, איז געווען באַגרייפלעך אויך פאַר געצנדינער. דאָך האָט ער צוערשט ניט געקאָנט קאָנקורירן מיט אַזעלכע פּאָפּולערע אמונות ווי מיט־ראַאיזם און איזיסיזם. ער ווערט שטאַרקער פון יענע ערשט נאָכדעם, ווען ער זויגט אין זיך אריין אַלע עלעמענטן פון זייערע קולטן און אַסימילירט זיי מיט זיין מאָנאָטעאיזם און מיט זיינע סאָציאַלע אידעאַלן.

---

די מאַמע־גאָט, אָדער „הימלס־קעניגין", ווי זי ווערט אויך אָנגערופן פון די פאַרצייטיקע אידישע געצנדינער, איז געווען די פּאָפּולערסטע גאָטהייט פון דער אַלטער וועלט. אישטאַר (אסתר), בעליט, אילאַט (אלת), אַשטאָרעט (אשתרות), אַפראָדיטאַ און ווענוס איז איינע און די זעלבע געטין. אומעטום שטעלט זי מיט זיך פאָר פרילינג און ליכט (לבנה, שטערן און זון), שפּראָצן און בליען, ליבע און פרוכטבאַרקייט, ווי אויך צניעות און יונגפרוילעכקייט.

באַזונדערס איז די מאַמע־גאָט געוואָרן פאַרהייליקט אין פריגיע, קליין־אַזיע, אונטערן נאָמען קיבעלע, מאַ אָדער אַמאַס, דאָס ווייב פון טאַטע־גאָט אַטיס, אָדער פּאַפּיס. אין יאָר 204 פ. ק. האָט מען אָט די „גרויסע מאַמע פון די געטער" אַראָפּגעבראַכט קיין רוים, צוזאַמען מיט איר הייליקן שטיין, אַ קליינעם מעטעאָר. קיבעלע איז שוין אויך פריער געוואָרן פאַרערט אין רוים פון די אָרעמע מאַסן, נאָר זינט רוים האָט אָנגעהויבן פּלאַנען אויסצושפּרייטן איר אימפּעריע אין אַזיע, האָט זי געזוכט צו ווערן דער מיטל־פּונקט פון דער פּאָפּולערסטער מערב־אַזיאַטישער גאָטהייט. אַ טעמפּל איז געוואָרן

אויפגעבויט פּאַר איר אין צענטער פון שטאָט. דעם 15טן מערץ (פּורים־צייט) פלעגט זיך אָנהויבן אַ סעריע ימים־טובים לכבוד אָט דער גרויסער מאַמע־גאָט, די פריגישע אישטאַר (אסתר). עס איז אויך דערביי פאָרגעקומען אַ תענית (אַ מין „תענית־אסתר"), צוליב דער מאַמע־גאָטס טרויער נאָך איר מאַן אַטיס, וועלכער ווערט דערמאָרדערט אַזוי ווי תמוז, אָזירים, אַדאָניס און דעסטגלייכן זונען געטער, כדי אויפצושטיין שפּעטער צו אַ נײַ לעבן. עס פלעגן פאָרקומען גרויסע רעליגיעזע פּראָצעסיעס, איין טאָג מיט צווייגן, אַ זכר פון יענער צייט, ווען די גלויביקע פלעגן פּאַראַדירן מיט די סימבאָלן פון באַ־פרוכטיקונג. ביי אַ צווייטער פּראָצעסיע פלעגט מען טראָגן הייליקע נאָדל־בוימער. די טרעגער זיינען געווען מיטגלידער פון אַן אַרבעטער־אָרגאַניזאַ־


קואַן־יין


איזיס

מאַמע געטינס מיט גאָט־זין אין זייער שויס.

ציע, וועמעס שוץ־גאָטהייט די גרויסע מאַמע פון די געטער איז געווען. נאָכן תענית איז פאָרגעקומען אַ גרויסער יום־טוב צו פייערן דעם ווידעראויפשטיין פון זונען־גאָט אַטיס, דעם מאַן פון דער מאַמע־גאָט. מען פלעגט אויך לייענען

א מגילה, אָדער ריכטיקער שפּילן די מעגאַלעזיא, די דראַמע פון דער געטער־פּאָר. צולעצט פלעגט מען מקריב זיין אַן אָקס אָדער אַ באַראַן, און דאָס ווערן באַשפּריצט (געטויפט) מיט אָט דעם הייליקן בלוט האָט געמיינט ביי די גלויביקע זיך פאַראייניקן מיט דער גאָטהייט און ווערן ווי ניי־באַשאַפן.

די „גרויסע מאַמע פון די געטער", די „מאַגנאַ מאַטער", אָדער „מאַ־טער דעאום מאַגנאַ", ווי די רוימער האָבן איר גערופן, האָט געשפּילט ניט קיין קלענערע ראָל, ווי מיטראַ און איזיס. זי איז געווען אַזאַ גרויסע קאָנקו־רענץ צום קריסטנטום, ווי יענע, אויב ניט נאָך מער. איר הייליקע חלה, היי־ליקע ברינעמער, איר רויכערן ווייערך, אירע גרויסע פּראָצעסיעס, אירע מיס־טעריעס, איר מיסטישע טעאָריע, אַז דורך דעם באַשפּריצן מיט בלוט פון אַ קרבן ווערט מען פאַראייניקט מיט דער געטין און דערלייזט פון די זינד, האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף די פּראָסטע געצנדינערישע מאַסן. דאָס קריסטנטום האָט באַזיגט אָט די גרויסע מאַמע־געטין, אַזוי ווי די אַנ־דערע גאָטהייטן מיטראַ, איזיס, א. אַ. וו. דורך איבערנעמען אַ טייל פון אירע טעאָריעס און מנהגים און אויספּוצן מיט זיי די אָרעמע אידישע אַרבעטער־פרוי מרים, די מאַמע פון דעם געקרייציקטן סטאָליער, און איר דערהויבן צו אַ מאַמע־געטין.

מיט דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט האָבן זיך די נאַטור־מיטוסן אַנטוויקלט צו דערלייזונגס־מיסטעריעס. מאַסן מענטשן האָבן געליטן פי־זיש און גייסטיק און געזוכט דערלייזונג און אייביק לעבן ביי זייערע געטער. נאָר דערביי האָבן די געטער ניט פאַרלאָרן זייערע פון דורות־געהייליקטע מי־טאָלאָגישע סימבאָלן.

דער זונען־גאָט הויבט אָן זיין קאַריערע מיט אַ קאַמף קעגן ווינטער, קעגן דעם כאַאָס, דער דראַכן, דער תוהו־ובהו, דער תהום. שפּעטער אַנט־וויקלט די טעאָלאָגיע דעם דראַכן — ברח, תנין, לויתן, א. אַ. וו. — צו אַן אַנטי־גאָט, אַ שטן, אַן אַכרימאַן, אַן אשמדאי, אַן אַנטי־קריסט. דער דראַכן תהומית, וועלכער ווערט געטויט פון מאַרדוק (מרדכי), דער פרילינג און זונען־גאָט פון אַלטן בבל, הערשט דריי און אַ האַלב צייטן, די ערגסטע דריי און אַ האַלב ווינטער־מאָנאַטן. די זעלבע דריי און אַ האַלב צייטן געדויערט אויך די הערשאַפט פון „שקוץ משומם" אין דניאלס נבואה; פון גריכישן זונען־גאָט אַפּאָלאָס געבורט אַפן פאַרנאַס ביז צו זיין קאַמף מיטן דראַכן; פון קריס־טמאָס (יעזוסעס געבורט) ביז אָסטערן, פּאַסכאַ (יעזוסעס ווידעראויפשטיין). דער גאָט יונה (טויב), דער סימבאָל פון דער מאַמע־גאָט אישטאַר־עשתרות, ווערט פאַרשלונגען פון אַ ים דראַכן דריי טעג (צייטן) א. אַ. וו. פון אָט די אַלטע באַבילאָנישע (ווי אויך אַנדערע) שאַפונגס־מיטוסן איז אַנטשטאַנען

די הייליקע לערע פון דערלייזונג נאָך דריי און אַ האַלב צייטן, פון אַ תחית־המתים דריי טעג (צייטן) נאָכן טויט.

כדי יעזוס זאָל קאָנען ווערן אָנגענומען פאַר אַ משיח־גאָט, האָט ער גע־מוזט איבערנעמען אַלע סימבאָלן פון מאַרדוק, תמוז, אדאָניס, אָזירים, מיט־ראַ, אַטיס, א. אַ. וו. און אויפשטיין תחית המתים נאָך דריי טעג. כדי קריס־טענטום זאָל קאָנען ווערן אָנגענומען פון געצנדינער האָט דאָס געמוזט האָבן אַ מאַמע־גאָט. און כדי מאַריאַ זאָל ווערן אַזאַ, האָט זי געמוזט ווערן אויס־געפּוצט אין די אַלטע מיטוסן פון אישטאַר־(אסתר) עשתרות, אַפראָדיטאַ, העלענאַ, קיבעלע, איזיס, די ווייבלעכע מיטראַ, ווענוס, א. אַ. וו. ווערט זי געשילדערט אין נייעם טעסטאַמענט אין „יוחננס אַנטפּלעקונג", אַלס

„אַ פרוי, וועמעס מאַנטל איז די זון, איר פוס־בוינקל — די לבנה, און די צוועלף מזלות — איר קרוין."

דאָס איז אַ גענויע קאָפּיע פון אַ בילד פון דער געצנדינערישער „הימלס־קעניגין" — „מלכת השמים" — די פּערזאָניפיצירונג פון גאָר דעם ליכט פון דער וועלט: די זון, די לבנה און די שטערן.

ביי די פרומע קאַטאָליקן הייסט נאָך די הייליקע מאַריאַ ביז היינטיקן טאָג די „הימלס־קעניגין" — דער טיטל פון דער געצנדינערישער מאַמע־גאָט אין אַלטן מערב־אַזיע.

די ערשטע קריסטן האָבן נאָך גענוי געוואוסט, אַז די הייליקע מאַריע האָט אַ נאָענטע שייכות צו אישטאַר — אַפראָדיטאַ — העלענאַ — ווענוס. ווען קייזער קאָנסטאַנטין איז געוואָרן אַ קריסט, איז זיין פרוי, העלענאַ, גע־פאָרן קיין ירושלים זוכן דעם צלם פון משיח אין אַ טעמפּל פון אישטאַר־עשתרות. זי האָט אויך דאָרט געפונען אַזוינע סימבאָלן, ווי די, וואָס זי האָט געזוכט.

אפילו דער „רוח־הקודש", דער הייליקער גייסט, פון וועלכן יעזוס איז געבאָרן געוואָרן, לויט דער שפּעטערער לעגענדע, האָט געהאַט אַ שייכות צו אישטאַר־עשתרות. אַט דער הייליקער „רוח" (וואָס געהערט אין העברייאיש צום ווייבלעכן געשלעכט) איז געוואָרן געשילדערט ווי אַ טויב — דער סימ־באָל פון דער אַלטער מאַמע־גאָט.

צוליב דער פאַרהייליקונג פון די איזיס־בילדער און אַנדערע מאַמע־גאָט בילדער אין דער רוימישער אימפּעריע, האָבן שוין די ערשטע קריסטן געמוזט זיך אָפּזאָגן פון דעם אידישן פאַרבאָט קעגן בילדער. כדי צו געווינען די ברייטע מאַסן פאַר דער קריסטלעכער גאָט־מאַמע, האָט מען געמוזט איבערנעמען ניט נאָר די געצנדינערישע מנהגים און טעאָריעס פון דער גאָט־מאַמע, נאָר אויך אירע בילדער. בפרט, אַז דאָס קריסטנטום האָט זיך די ערשטע צייט גע־

שטיצט אויף די אָרעמע אַרבעטנדיקע מאַסן און זיך געמוזט רעכענען מיט די, וואָס דערנערן זיך דורך מאָלן און שניצן הייליקע בילדער. אַ סך געצנדינע־רישע טעמפּלען האָבן דערפאַר שפּעטער געקאָנט ווערן קריסטלעכע קירכן אָן שום ענדערונג אין זייערע דעקאָראַציעס און גאָטעסדינסט.

אויסגעפלאָכטן פון משיח־גלויבן און דעם זונען־מיטוס, פון „משיח בן דוד", דעם פּאָליטישן דערלייזער פון אַן איינציק פאָלק, האָט זיך דער משיח־גלויבן אַנטוויקלט צו אַ „משיח בן־אדם", וואָס דאַרף דערלייזן די גאַנצע מענטשהייט. אין קאָנקורענץ מיט די אַנדערע וועלט־רעליגיעס, איז דער משיח געוואָרן אַ „בן־אלהים", אַ הימלישער זונען־גאָט, אַ דערלייזנדיקער גאָט, אויסגעפּוצט מיט אַלע סימבאָלן פון דער אַלוועלטלעכער מיטאָלאָגיע. דאָס איז שוין ניט מער געווען די האָפענונג אויף אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג, נאָר אויף אַ נייער נאַטור, אַ תחית המתים, אַ יום־הדין, וואָס וועט זיך ענדיקן מיט אַ נייעם וועלט־פּרילינג, אַ נייער ערד, אַ נייער זון און אַ נייער מענטשהייט.

אַזוי האָט דער אור־אַלטער מיטוס פון וועלט־באַשאַפונג און וועלט־דערלייזונג, וואָס איז געווען די האָפענונג פון דער ליידנדיקער מענטשהייט, באַקומען אַ נייעם אימפּעט דורך דעם צוזאַמענשטויס מיט דעם סאָציאַל־פּאָליטישן משיח־געדאַנק, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט אין קליינעם אידנלאַנד. נאָר דער אידיש־קריסטלעכער משיח־געדאַנק האָט געמוזט כסדר זיך צופּאַסן צו אַלץ ברייטערע געצנדינערישע מאַסן, ביז ער האָט אינגאַנצן פאַרלאָרן זיין אָרגינעלע געשטאַלט און האָט זיך אַנטוויקלט פון אַ סאָציאַל־פּאָליטישן באַפרייאונגס־אידעאַל צו אַ פינצטערער אונטערדריקנדיקער קירך, וואָס האָט, אין די אינטערעסן פון דעם הערשנדיקן קלאַס, געבראָטן אידן און אפּיקורסים אויפן פייער, אָדער אָרגאַניזירט אויף זיי בלוט־בעדער, לכבוד דעם „גאָט פון ליבע און רחמנות".

---

די רעליגיע, אַזוי ווי דאָס לעבן וואָס האָט איר געבאָרן, האָט זיך כסדר אַנטוויקלט. זי איז געווען פול מיט באַוועגונג, ווי אַ פליסנדיק וואַסער. זי האָט אין זיך איינגעזאַפּט פאַרשידענע שטראָמען און כסדר געענדערט איר אינהאַלט. זי ענדערט זיך דורך דער פאָרמירונג פון גרופּן און שבטים דורך דעם איבערגאַנג פון געיעג צו לאַנדווירטשאַפט, דעם קאַמף קעגן וואַלד און זומפּ, דאָס שאַפן זיך היימען, די באַשיצונג פון היים און סטאַדע, די פּראָ־דוצירונג פון תבואה, אויסוואַנדערונג, דאָס גרינדן קאָלאָניעס, די דעראָבע־רונג פון די פריערדיקע באַוואוינער און זייער אַסימילירונג. דאָס שטאָטיש לעבן, די סאָציאַלע אַנטוויקלונג פון געזעץ, די פּריסטערשאַפטן און דאָס קע־

ניגטום ענדערן די געשטאַלט פון אַלטע פאַנטעאָנס, געטער־משפחות, און באַ־שטימען דעם גורל פון געוויסע געטער צום אונטערגאַנג, צו אַסימילאַציע אָדער צו אַ העכערער מדרגה, צו וועלט־גאָטהייטן. עס גייען אונטער געטער, וועמעס שיקזאַל איז איינג צוזאַמענגעבונדן מיט אונטערגייענדיקע דינאַסטיעס אָדער נאַציעס, די רעליגיע ווערט באַזונדער שטאַרק באַאיינפלוסט פון דעם וואוקס פון האַנדל און אינדוסטריע, די אונטערנעמונגען פון לאַנגע רייזעס, די בעסערע פאַרשטענדעניש פון דער נאַטור, אירע קלענערע און העכערע, צו־פעליקע און שטענדיקע כחות.

אין אָט דעם אומאויפהערלעכן פליסנדיקן שטראָם, אין דעם איבער־גאַנג פון אַלטן לעבן צו אַ נייעם, האָט די רעליגיע כסדר געענדערט איר געשטאַלט. זי איז איבערגעגאַנגען פון פּאָלי־דעמאָניזם, פיל־גייסטעריי, צו פּאָלי־טעאיזם, פיל־געטעריי, און געפלאָסן ווייטער צו די פאַרשידענע שטופן פון מאָנאָטעאיזם, איינגעטעריי — פון דעם גלויבן אין אַן איינציקן גאָט פון אַ פאָלק אָדער אַ לאַנד, ביז צו אַ גאָט פון דער גאַנצער מענטשהייט, דער גאַנצער ערד. נאָר יעדער ווייטערער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון רע־ליגיע איז ניט געווען קיין פולשטענדיקער אָפּזאָג פון אַלטן, נאָר פיל מער אַן אַסימילירונג פון אַלט און ניי.

די פאַרשידענע נאַטור־גייסטער זיינען געוואָרן געטער — געטער פון אָקערן, פלאַנצן און זייען. די הייליקע בוימער און בהמות, וואָס זיינען פריִ־ער אין דער עפּאָכע פון אַנימיזם געווען געהאַלטן פאַר באַזעלט פון הייליקן גייסט, זיינען שפּעטער געוואָרן באַטראַכט פאַר רעפּרעזענטאַנטן פון די הע־כערע נאַטור־קרעפטן, די גרויסע געטער. אין אָט דער איבערגאַנגס־עפּאָכע האָט אַפּיס (אַן אָקס) סימבאָליזירט דעם גאָט אָזירים פון מצרים און אַן עגל (קאַלב) דעם גאָט יאַווע פון ישראל. מען האָט אפילו ווייטער פאַרערט די הייליקע שטיינער, די „מצבות", פון דער צייט פון אַנימיזם, ווען מען האָט געגלויבט, אַז אַלץ איז באַזעלט פון גייסט. אַזוי באַטראַכט ניט דער חומש פאַר קיין זינד, וואָס יעקב אבינו האָט געזאַלבט מיט אייל אַ הייליקן שטיין אין בית אל.

די פאַרשידענע פונקציעס פון די גייסטער זיינען פּשוט איבערגעגאַנ־גען צו די הויז־געטער (די „תרפים") ביי פאַרצייטיקע אידן—געניוסעס (פאַר מאַנסבילן) און אַנאָנעס (פאַר פרויען, ביי די רוימער, א. א. וו.), וועלכע האָבן געזאָלט באַגלייטן דעם מענטשן פון זיין געבורט ביזן קבר. שפּעטער אין דער מאָנאָטעאיסטישער עפּאָכע, האָבן אָט די געטער אַרונטערגעזונקען צו מלאכים פון פאַרשידענע ראַנגען (לויט דעם מוסטער פון אַדל אין קעניגלעכן הויף). נאָך איצטער רופט אַ פרומער איד צו זיין שוץ אין שלאָף: רעכטס — מכאל,

לינקס — גבריאל, פון פאָרנט — אוריאל און פון הינטן — רפאל און איבערן קאָפּ גאָטס שכינה. אין די אידישע תפלות און תחינות געפינען זיך אויך אַ ריי אַנדערע נעמען פון מלאכים, וואָס האָבן באַשטימטע פונקציעס.

אין דער עפּאָכע פון הויכן פּאָליטעאיזם, ווערן די נאַטור־קרעפטן, באַזונדערס די זון, (רע אין מצרים, סוריא אין אינדיע, שמש אין בבל, העליאָס אין גריכנלאַנד א. אַ. וו.) דערהויבן צו די העכסטע געטער. די מערסטע פון אָט די געטער האָבן ווייבער און קינדער, אַזוי ווי די מענטשן, וואָס גלויבן אין זיי. געוויינלעך לעבן זיי אין פאַמיליעס פון דריי, זיבן און צוועלף. (צו אָט דער קאַטעגאָריע געהערן אויך די אידישע דריי אבות און פיר מאַמעס — צוזאַמען זיבן — און די צוועלף זין, וועלכע זיינען געוועזן געטער אין דער צייט, וואָס אידן זיינען געוועזן געצנדינער.)

פון די נאַטור־געטער זיינען אַרויסגעוואָקסן די שטאָטישע און נאַציאָנאַלע געטער. וואַקסט אויס די שטאָט צו אַ מלוכה, ווערט אויך דערהויבן איר בעל אָדער היסטיא. „מעלקארט", (מלך קרתא), דער פיניקישער בעל, וועמען אליהו הנביא האָט באַקעמפט, שטייגט צוזאַמען מיט פעניקיע. די גאָטהייט „אשור" גייט אונטער, ווען בבל באַזיגט איר שטאָט. נאָך אויגוסטוסעס זיג איבערן סענאַט פון רוים, און זיין פאַקטישער ליקווידירונג פון דער אַלטער רוימישער רעפּובליק, האָט דער יונגער אימפּעראַטאָר אויך אַרונטערגעזעצט די אַלטע צוויי רוימישע געטער יופּיטער און יונאָ און באַשטימט אויף זייער פּלאַץ אַפּאָלאָ און דיאַנאַ. הימל און ערד זיינען ביי דער רעליגיע איינג פאַרבונדן און דער קעניג אויף דער ערד איז די פאַרקערפּערונג פון גאָט אין הימל. אויך די פאַרשטאָרבענע העלדן, היסטאָרישע אָדער מיסטישע, ווערן דערהויבן צו געטער אָדער אויסגעפּוצט מיט זייערע מעלות. אַזוי העראַקלעס, אַסקלעפּאָס, חנוך־מטטרון, משה (אים אויסגעמאָלט מיט די הערנער־שטראַלן פון זון־גאָט), אליהו (אים געגעבן דעם זון־גאָטס רייטוואָגן), א. ד. גל.

ווען דער באָדן ווערט צייטיק פאַר מאָנאָטעאיזם זיינען די העכערע נאַטור־געטער די קערנער, פון וועלכע עס וואַקסט אַרויס דער גלויבן אין איין גאָט. זיי האָבן שוין אויך די אַלע אייגנשאַפטן פון די שפּעטערע מאָנאָטעאיסטישע געטער. דער הימל־גאָט וואַרינא אָדער אינדראַ, אין אַלט־אינדיע, די זונען־געטער שמש אין בבל, רע אין מצרים, א. ד. גל. זיינען שוין אין אַלטע צייטן געוואָרן באַטראַכט פאַר סימבאָלן פון אמת און גערעכטיקייט. דער „וועג" פון הימל־גאָט איז שוין אין אַלט־כינע באַטראַכט געוואָרן פאַרן מוסטער פון רעכטן וועג, באַשטימטקייט און רעגלמעסיקייט. די געטין מאַאַט (אמת), די טאָכטער פון עגיפּטישן זון־גאָט רע, איז געוועזן באַטראַכט פאַר דער קעניגין פון הימל און ערד און אויך פון מערב, די אונטערוועלט פון די

טויטע, און איז צולעצט געוואָרן דערהויבן צו דער קעניגין פון אלע געטער און געטינס. טעמים (תהומית), די פרוי פון צעאוס, דעם דערלייזער, איז דער סימבאָל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט און די שוץ פון אלע אונטערדריקטע. זי איז די מוטער ערד, וואָס זוכט גערעכטיקייט, פרידן און גוטע אָרדענונג פאַר אירע מענטשנקינדער. און אָט די געטער זיינען ניט קיין אויסנאַם. כמעט אין יעדן לאַנד האָט זיך אַרויסגעהויבן אַ נאַטור־גאָטהייט, וועמען די עלנטע און אונטערדריקטע האָבן אָנערקענט פאַר דער גרויסער גאָטהייט פון אמת און יושר.

נאָר די פילגעטעריי גייט ניט איבער אין קיין לאַנד מיטאַמאָל צום גלויבן אין אַ וועלט־גאָט. צוערשט הויבט זיך אַרויס אַן איינציקער גאָט פאַר זיין פאָלק און לאַנד. אַזוי וויל דער אַלטער אידישער גאָט יאַווע ניט האָבן לעבן זיך קיין אַנדער גאָט, ניט אַפן הימל און ניט אַף דער ערד. נאָר דאָס שליסט ניט אויס די עקזיסטענץ פון אַנדערע געטער ביי אַנדערע פעלקער. אַזוי שרייבט דער אידישער הויפּטלינג, יפתח, צום קעניג פון עמון: „וואָס דיין גאָט קעמאָש האָט דיר געגעבן געהערט צו דיר, און וואָס יאַווע, אונזער גאָט, האָט אונז געגעבן ווילן מיר האַלטן". אין שפּעטערע צייטן טרעטן אַרויס די אינטערנאַציאָנאַלע געטער, וואָס פאַראייניקן אין זיך גאַנצע פאַנטעאָנס (גע־טער־משפּחות), ווי די עגיפּטישע איזיס, דער פּערסיש־באַבילאָנישער מיטראַ, די קליין־אַזיאַטישע קיבעלאַ, דער אינדישער ווישני, אָדער בודהאַ א. אַ. וו.

די אַלע אינטערנאַציאָנאַלע אָדער וועלט־גאָטהייטן, וועלכע האָבן סימ־באָליזירט די אידייען פון דערלייזונג, האָבן זיך באַגעגנט אין אַלעקסאַנדריע אָדער רוים, און זיך איינע די אַנדערע שטאַרק באַאיינפלוסט. זיי האָבן זיך אויך צוזאַמענגעשטויסן מיט דעם אידישן מאָנאָטעאיזם, נאָר אַזוי ווי ער איז אין זיין אָריגינעלער פאָרם ניט געווען צוגעפּאַסט צום גייסט פון די בריי־טע געצנדינערישע מאַסן, האָבן זיי זיך מיט אים ווייניק גערעכנט. ער איז פאַר זיי געפערלעך געוואָרן ערשט דעמאָלט, ווען זיינע אַ סעקטע האָט זיך לויז געמאַכט פון אַלע זיינע צאַמען און זיך צוגעפּאַסט צו דעם לעבן פון די ברייטע מאַסן אין דער רוימישער אימפּעריע.

אויך דער משיח־געדאַנק, ווי ער האָט זיך אַנטוויקלט ביי אידן, אין קאַמף קעגן רוימישער הערשאַפט, איז געווען צו־איינג פאַרבונדן מיט די אי־דישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן צו קאָנען ווערן אַן אַלוועלטלעכער אידעאַל. נאָר אַ געטלעכער משיח, ווי מיטראַ, בודהאַ א. ד. גל. האָט געהאַט די מעג־לעכקייט צו ווערן פאַרשטאַנען פון די אָרעמע אומוויסנדיקע געצנדינערישע מאַסן.

נאָר די אידיש־קריסטלעכע געמיינדעס האָבן געהאַט איין גרויסן פאַר־

צוג איבער די אַלע אַנדערע וועלט־רעליגיעס, און דאָס איז געווען זייערע קאָמוניסטישע אידייען. אמת, זייער „קאָמוניזם" האָט ניט געמיינט קיין נייע וועלט־אָרדענונג, נאָר פּשוט קעגנזייטיקע הילף, ברידערשאַפטן, וואו אָרעמע לעבן צוזאַמען און טיילן זיך מיטן לעצטן ביסן. זיי האָבן געהאַסט די רייכע און געוואונטשן דעם טאָג פון רעכענונג און באַצאָלונג פון גאָטס האַנט. נאָר זיי אַליין האָבן גאָרנישט געטאָן צו דערנענטערן אָט דעם טאָג. דאָך איז עס געווען גענוג זיי זאָלן קריגן אַ שטאַרקן איינפלוס אין די געהיימע אונטער־דריקטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס אין דער רוימישער אימפּעריע. זיי זיינען אַריינגעדרונגען אין די גריכישע עראַנאָסן אין גריכנלאַנד און קליין־אַזיע, אין סיריע און מצרים, און באַזונדערס אין די רוימישע געהיימע אַרבעטער־קאָלעגיעס, וואָס האָבן אָנגעהאַלטן זייער אונטערערדישע עקזיסטענץ אַלס חברה קדישהס, אַלס „קאָלעגיאַ פונעראַטיציאָ", אין די קאַטאַקאָמבן און היילן.

אַ דאַנק דער צעשפּרייטונג פון די אידן אין אַלע טיילן וועלט, און אַ דאַנק דער ראָל, וואָס אידן האָבן געשפּילט אין אָט די פּאַרצייטיקע פּראָלע־טאַרישע אָרגאַניזאַציעס, האָבן די אידן־קריסטן גלייך געקראָגן אין זייערע הענט אַן אַלוועלטלעכע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זיי האָבן געשטעלט אונטער דער אויפזיכט פון זייער ירושלימער געמיינדע, וואָס האָט אַ געוויסע צייט גע־שפּילט די ראָל פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן צענטראַל־קאָמיטעט.

די שטיצע פון די געהיימע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָט געגעבן די אידן־קריסטן די מעגלעכקייט אויסצוהאַלטן אַלע פאַרפאָלגונגען פון דער רוי־מישער מאַכט און אויך באַזיגן אידעאָלאָגיש זייערע קאָנקורענטן, די פּאָפּו־לערע וועלט־רעליגיעס פון יענער צייט. דעם לעצטן ציל האָבן זיי דערגרייכט ערשט שפּעטער, ווען זיי האָבן אין זיך אַריינגענומען אַלע אידייען און לע־גענדעס פון די אַנדערע רעליגיעס און אויסגעפּוצט אין זיי זייערע אייגענע. צווישן אידן האָבן די אידן־קריסטן געזוכט צוצופּאַסן זייער געקרייציקטן משיח צו די אידישע פּסוקים און לעגענדעס. צווישן די געצנדינער האָבן זיי געזוכט אים צוצופּאַסן צו דער געצנדינערישער מיטאָלאָגיע און לעגענדעס פון אַלע טיילן וועלט — די לעגענדעס פון אָזירים און אדאָניס, מאַרדוק און מיטראַ, קרישנאַ און בודהאַ א. אַ. וו. פון איין זייט האָבן זיי פאַרוואַנדלט דעם גאַליליייער סטאָליער אין אַ פּרינץ פון דודס הויז און געשילדערט זיין געבורט אין בית לחם, א. אַ. וו., כדי ער זאָל זיין אַן עכטער משיח בן דוד. פון דער צווייטער זייט האָבן זיי אים פאַרוואַנדלט אין אַ בודהאַ, אַ קרישנאַ, אַ מיטראַ, א. אַ. וו. כדי ער זאָל זיין אַן עכטער גאָט־משיח, דער זון פון אַ גאָט און די פאַרקערפּערונג פון אַ גאָט. דערביי האָבן זיי כמעט איבערגענומען

ווארט־אין־ווארט די געבורט־לעגענדעס פון יענע געטער און משיחים. ער איז, אזוי ווי יענע, געווארן געבארן פון א בתולה, דורך דעם רוח־הקודש, געווארן געראטעוועט, ווי קרישנא, פון דער שחיטה פון די אומשולדיקע קינ־דער, געווארן דערקענט ביי זיין געבורט ווי בודהא, פארן דערלייזער, געווען א וואונדערקינד א. א. וו. נאר באזונדערס פיל האבן די קריסטן זיך באנוצט מיט דער בודהא־לעגענדע.

די בודהא־לעגענדע דערציילט, אז 1) בודהאס געבורט איז געווארן פאראויסגעזאגט. 2) בודהאס מוטער איז געווען א בתולה. 3) דער בעל־תשובה אסיטא איז געקומען באלד נאך בודהאס געבורט באגריסן דעם פאטער צו דעם געבורט פון דעם דערלייזער. 4) אלס אינגל ווערט בודהא פארלארן, און דער פאטער געפינט אים אונטער א בוים פארטראכט אין הויכע מחשבות. 5) דעם בעל־תשובה אסיטאס זון ווארט אף בודהאן אין מדבר דרייסיק יאר.

אט די אלע פינף פונקטן האט איבערגענומען די אידיש־קריסטלעכע לעגענדע, נאר זי האט זיי פאראידישט און פארפראלעטארעוועט. בודהאס טאטע איז אן אינדישער קעניג — ישועס טאטע א אידישער ארעמער סטא־ליער. בודהא האדעוועט זיך ווי א פרינץ — ישוע ווי אן ארעם ארבעטער־קינד. דאך איז קענטיק, אז די יעזוס־לעגענדע איז בודהאאיסטיש. 1) א מלאך זאגט פאראויס יעזוסעס געבורט. 2) יעזוסעס מוטער איז א בתולה. 3) דער אידישער צדיק שמעון (אזוי ווי דער אינדישער בעל־תשובה אסיטא) קומט באגריסן דעם ניי־געבארענעם משיח. 4) דער צוועלף־יעריקער יעזוס ווערט פארפאלן. די עלטערן געפינען אים אין בית המקדש, וואו ער ווייזט ארויס גרויס לומדות. 5) יוחנן ווארט אין מדבר אף יעזוסן דרייסיק יאר.

ניט ווייניק האט אויך די קריסטלעכע קירך גענומען פון מיטרא־קולט. זי האט ביי אים גענומען אירע צוויי הייליקסטע טעג, דער געבורט פון יעזוס און זיין ווידעראויפשטיין. דעם 25סטן דעצעמבער, דער געבורט פון מיטרא, די פארלייגערונג פון טאג, האט די קריסטלעכע קירך געמאכט פאר איר קריסטמאס, ווייניאכט, דער געבורט פון יעזוסן. אויך דעם יום־טוב פון מיטראס ווידערדערוואכונג, דעם אנקום פון פרילינג, וואס פלעגט אויסקומען אין א זונטיק, האט די קריסטלעכע קירך פארוואנדלט אין איר „איסטער" (פאסכא).

צוליב דיזעלבע אדער אנדערע מאטיוון האט די קריסטלעכע קירך אויך איבערגענומען דעם „הייליקן אוונטמאלצייט" פון מיטרא און קובילא, וואו מען פלעגט אפריכטן גאטעסדינסט מיט ברויט און וויין, און דערמיט יוצא־זיין פארן זונען־גאט, פונקט ווי מען וואלט, ווי גאר פארצייטן, געגעסן ביי זיין מזבח מענטשנפלייש און געטרונקען מענטשנבלוט. די קריסטלעכע קירך האט

דאָס שפּעטער צוגעטשעפּעט צו יעזוסעס לעצטן מאָלצייט אין ירושלים. דאָס־גלייכן האָט זי געמוזט איבערנעמען דעם צלם, אַן אוראַלטן הייליקן סימבאָל ביי געצנדינער פון פאַרשידענע טיילן וועלט, און אים פאַרהייליקט כּלומרשט אַלס סימבאָל פון יעזוסעס תליה.

אפילו זיין דריי־אייניקייט: טאַטע, מאַמע און זון, האָט דאָס קריסטנ־טום געמוזט איבערנעמען פון דער געצנדינערישער וועלט. עס האָט אין מאָ־נאָטעאיסטישן אידנטום ניט געהאַט דערפאַר קיין פאַרבילד און קיין אַנ־דייט. דאָס גלייכן זיין פאַרשטעלונג פון לעצטן יום־הדין. ביי אידן זיינען אַלע שטראָפן געווען געמיינט אַף דער וועלט, דורך אשור, בבל, גריכיש־סיריע און רוים. נאָכן טויט האָט געהערשט אייביקער שווייגן. „די טויטע לויבן דיך ניט, גאָט, און ניט די, וואָס נידעריקן אַרונטער אין (לאַנד פון) שווייגן" — זינגט אַ אידישער דיכטער אין תהלים. נאָר מיטראַאיזם לערנט, אַז מיטראַ וועט אַרונטערקומען אַף דער ערד, און נאָכדעם ווי ער וועט אויפ־וועקן אַלע טויטע פון די קברים און זיי מאַכן אומשטערבלעך, וועט פאַר־קומען דער לעצטער יום־הדין. מיטראַ וועט אָפּקלייבן די צדיקים פון די רשעים. פאַר די ערשטע וועט ער קוילען דעם שור־הבר און געבן טרינקען יין־המשומר. די לעצטע וועט ער פאַרטיליקן צוזאַמען מיטן שטן און אַלדאָס בייז, און עס וועט זיך אָנהויבן די צייט פון אייביקער קדושה און מנוחה.

די געצנדינערישע קריסטן האָבן ניט געהאַט קיין זאַך, וואָס מיטראַאיזם האָט ניט געהאַט. בפרט אַז מיטראַאיזם איז אויך געווען פאַרהעלטניסמעסיק פּראָלעטאַריש, געהאַט ברידערשאַפטן, געלערנט זיטלעכקייט, זעלבסטקאָנ־טראָל א. אַ. וו. אויך דער אָרגל פון דער קריסטלעכער קירך, איר ליכט און איר הייליק טויף־וואַסער ביז איר קונסט איז כּמעט ווי קאָפּירט פון מיטראַ־איזם. בלויז די אידן־קריסטן האָבן געהאַט אַ שטאַרקן מאָטיוו פאַר וואָס צו קעמפן קעגן מיטראַאיזם, וואָס האָט זיך ניט געקימערט וועגן דער אידייע פון מאָנאָטעאיזם און זיך פאַראייניקט אומעטום מיט די לאָקאַלע געטער פון ליכט און זון.

נאָר צוליבן מאָנאָטעאיזם אַליין וואָלט דאָס קריסטנטום ניט באַזיגט דעם מיטראַאיזם, וואָס איז שוין געווען אַ געוויסע צייט צוליב פּאָליטישע מאָטיוון כּמעט ווי אַ שטאַט־רעליגיע אין רוים. בפרט, אַז די ניט־אידישע קריסטן זיינען אַליין געווען קנאַפּע מאָנאָטעאיסטן און זייער דריי־אייניקייט האָט געהאַט אַ סך געצנדינערישע עלעמענטן. עס זיינען אָבער געווען אַנדערע, שטאַרקערע מאָטיוון. ערשטנס, דאָס, וואָס קריסטנטום האָט אַנערקענט די פרוי און דורכדעם געוואונען אין איר אַ טרייע אָנהייגערין. צווייטנס, ווייל קריסטנטום האָט געהאַט פאַר איר משיח־גאָט אַ פּערזאָן, אַ מענטש, וועלכן

זי האט פארבונדן מיט דער אידישער ביבל און דורכדעם געגעבן אים א היסטארישן אויסזען, בעת מיטרא איז געווען א געשטאלט פון דער מיטאלאָגיע, און וועלכער דער עולם האט דעמאלט שוין ניט שטארק געגלויבט. דריטנס, ווייל קריסטנטום איז געווען אין אפאזיציע צום רוימישן שטאט און ארום זיך גרופירט אלע אומצופרידענע עלעמענטן פון יענער צייט. און פערטנס, און דאס איז דער עיקר, וואס זי האט זיך צוזאמענגעגאסן אומעטום מיט די אלטע געהיימע ארבעטער־ארגאניזאציעס און אויסגעבילדעט א פעסטן צענטראליזירטן אינטערנאציאנאלן פארבאנד.

די אנטשטייאונג פון דער קריסטלעכער קירך פאלט אויס אין דער לאנגער עפאכע פון אומוויסנהייט און אבערגלויבן, וואס האט געהערשט אין דער גלאנץ־פעריאָדע פון רוימישן אימפעריאליזם. פאר די מענטשן פון יענער צייט איז ניט געווען שווער צו גלויבן אין דער מעגלעכקייט, אז א מענטש זאל ווערן געבארן פון א פארבינדונג צווישן א גאט און א מענטש. זיי האבן דערפאר ניט געזען קיין אויסערגעוויינלעכעס אין די וואונדער פון קריסטנטום. דער געבורט פון א מענטשן דורך דער פארבינדונג צווישן א הימלישן וועזן און א מענטשן־טאכטער איז ניט געווען קיין אומגלויבלעכע זאך אפילו פאר די אידן, וואס האבן געגלויבט אין אן איינציקן גאט. האט דאך דער חומש געשריבן, אז אמאל האבן די „זין פון גאט" גענומען פאר ווייבער די „טעכטער פונם מענטשן" און „זיי האבן געבארן קינדער: דאס זיינען די העלדן פון אמאל, די מענטשן מיט נעמען."

הערשנדיקע פעלקער פלעגן אנגעבן זייער יחוס ביז א גאט. נאר באזונדערס זיינען „מענטשן מיט נעמען", פיזישע אדער גייסטיקע העלדן, מעכטיקע הערשער, פאלקס־פירער, משיחים, וואונדער־באווייזער, א. א. וו. באטראכט געווארן פאר זין פון געטער. אזוי האט מען, למשל, דערציילט, אז די מאמע פון צעזאר אויגוסט האט אים געבארן פון גאט אפאלא, לויטן רוימישן כראניקער סועטאן, אדער פון מערקורי, לויטן דיכטער האראץ, אדער פון יופיטער, לויטן דיכטער ווירגיל.

מאכן פאלשע דאקומענטן, אנגעבן נייע שאפונגען פאר ווערק פון פארצייטן, ווי דאס איז שפעטער געווען דער פאל ביי אידן מיטן ספר יצירה, חנוך, ספר הישר, זוהר, א. ד. גל. זיינען אין יענער צייט ניט געווען קיין נייעס. די קריסטן האבן פארעפנטלעכט מאסן „דאקומענטן" פון מענטשן אין יעזוסעס דור, וואס האבן כלומרשט אגיטירט קעגן אים. נאר די אלע דאקומענטן, וועלכע די קירך אליין האט שפעטער א היפשן טייל געשטעמפלט אלס פעלשונגען, וואלטן ניט געבראכט דעם זיג פון קריסטנטום, ווייל די געצנדינערישע פריסטער האבן געקאנט אט די מלאכה, פונקט ווי די געצנדינערישע

„הייליקע" האָבן געקאָנט „באַווייזן" (זאָל זיין מיט כישוף, ווי די קריסטן האָבן געטענהט) די זעלבע נסים און נפלאות, וואָס די קריסטלעכע הייליקע.

דער זיג פון קריסטנטום איז ניט געקומען בלויז דורך איבערנעמען די קולטן און מנהגים, די קונסט און די סימבאָלן פון די געצנדינערישע רעליגיעס און זיי פאַראייניקן מיט עלעמענטן פון אידנטום. די הויפּט־ראָלע האָבן געשפּילט די אויבנדערמאָנטע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע מאָטיוון, וועלכע האָבן מעגלעך געמאַכט, אַז די אידיש־קריסטלעכע געמיינדעס זאָלן זיך צוזאַ־מענגיסן מיט די געהיימע אָרגאַניזאַציעס פון די אָרעמע און אונטערדריקטע מאַסן אין דער רוימישער אימפּעריע.

# די לעצטע קאַמפן פון די אידן קעגן רוים

אַזוי לאַנג ווי רוים האָט אָנגעהאַלטן אין אידנלאַנד דעם שיין פון אַ אידישן קעניגטום, האָבן די אויסגעזויגענע אידישע מאַסן געזען זייער שונא אין דעם אייגענעם אויסזויגער־קלאַס. נאָר ווען רוים האָט אָנגעהויבן אַריינשיקן אירע אייגענע ביוראָקראַטן, כּאַבאַרניקעס, בלוטצאַפּער און הייג־קער, האָט זיך קאָנצענטרירט דער צאָרן פון די אומצופרידענע אידן הויפּט־זאַכלעך קעגן דעם רוימישן אונטערדריקער.

די רוימישע פּראָקוראַטאָרן אָדער גובערנאַטאָרן האָבן זיך גערעכנט בלויז מיט זייערע אייגענע פּערזענלעכע אינטערעסן. זייער ציל איז געווען אָנ־זאַמלען וואָס מער רייכטימער, און אין דער שנעלסטער צייט. קומענדיק צוריק קיין רוים מיט גרויסע סומען געלט האָבן זיי געקאָנט קויפן הויכע שטעלעס און דערצו פירן אַ לעבן פון אומגעהויערן לוקסוס.

די רייכע אידישע קלאַסן האָבן אויסגענוצט די שרעקלעכע נויט פון דעם אָרעמען פאָלק פאַר זייערע אייגענע אינטערעסן. זיי האָבן געזען, אַז די גרויסע הכנסות פון רוימישן גובערנאַטאָר, און די הויכע שטייערן פאַר דער רוימישער אימפּעריע זאָל קומען פון די אַרבעטזאַמע פּויערים, בעל־מלאכות און קליינהענדלער. די פּריווילעגירטע קלאַסן האָבן אַליין ווייניק געצאָלט און נאָך געמאַכט פּראָפיטן ביים זאַמלען די שטייערן פאַר דער מאַכט. גלייכ־צייטיק האָבן זיי געקאָנט מאַכן אַן אומשולדיק פּנים און אָנווייזן מיט רעכט אויף דעם פרעמדן בלוטזויגערישן טיראַן. נאָר דאָס איז געווען אַ שפּיל מיט פייער. יעדער אויפשטאַנד קעגן רוים איז געווען קעגן די אינטערעסן פון אידישן רייכן קלאַס. זיי האָבן געהאַט דערביי אַלץ צו פאַרלירן און גאָרנישט צו געווינען.

דער אידישער פּראָלעטאַריער פון ירושלים, דער האַנטווערקער, טאָג־אַרבעטער, לאַסט־טרעגער, קליינהענדלער א. אַ. וו. איז ניט געווען אַליין אימ־שטאַנד אָנצוהויבן אַ קאַמף קעגן דעם פרעמדן רוימישן אונטערדריקער אָדער אפילו קעגן דעם אינעווייניקסטן שונא, די רייכע קלאַסן. נאָר ביי יעדן פון די דריי גרויסע נאַטור־יומים־טובים — פּסח, שבועות און סוכות, ווען די פּויערים און לאַנדאַרבעטער פלעגן קומען אין מאַסן אין ירושלים, איז געווען געוווינט אָנצוצינדן דעם פייער פון רעוואָלוציע.

די רוימישע מאַכט, געוואָרנט פון דער אידישער אַריסטאָקראַטיע, האָט יעדן יום־טוב געהאַלטן גרייט אירע סאָלדאַטן פאַר אַן אַטאַקע אויף די אומ־באַוואָפנטע אָדער שלעכט־באַוואָפנטע, ווייניק אָרגאַניזירטע און אומדיס־ציפּלינירטע רעוואָלוציאָנערע מאַסן. יעדער אויפשטאַנד אין ירושלים, אָדער

אפילו בלויז די מעגלעכקייט פון אן אויפשטאנד, פלעגט באגעגנט ווערן מיט א שווידערהאפטער שחיטה אף דעם אידישן פראלעטאריאט.

די רוימישע פראקוראטארן זיינען געוויינלעך געווען צופרידן פון אזא געלעגנהייט. זיי האבן געקאנט זיך באריימען אין רוים מיט זייערע גרויסע אויפטואונגען פאר דער אימפעריע, און דערביי פארדעקן יעדן שפור פון זייערע פריוואטע רויבערייען. זיי האבן אויך געקאנט באשולדיקן יעדן רייכן אידן, אף וועמעס פארמעגן זיי האבן געווארפן אן אויג, אז ער איז דירעקט אדער אינדירעקט געווען פארמישט אין אן אויפשטאנד, און אזוי אוועקנעמען פון אים אלץ, וואס זיי האבן געוואלט. די רייכע אידן האבן דערפאר געהאט גענוג גרונט זיך צו שרעקן פאר יעדן אויפשטאנד קעגן רוים און געקוקט מיט פחד און שנאה אף די רעוואלוציאנערע עלעמענטן.

צוערשט זיינען געווען פרא־רוים און אנטי־רעוואלוציאנער בלויז די פריצים, די רייכע כהנים, און די הויכע באאמטע, די אזוי־גערופענע צדוקים־פארטיי. נאר ביסלעכוויז זיינען געווארן „פריידנסליבנד" אויך די רייכערע באלעבאטים און די באלעבאטישע אינטעליגענץ — די פרושים.

נאר ניט אלע פרושים זיינען געווען „רודפי שלומניקעס". עס זיינען געווען צווישן זיי אויך א היפש ביסל „קנאים", צעלאטן, פאנאטישע פאטרי־אטן, וואס האבן סימפאטיזירט מיט דער רעוואלוציאנערער באוועגונג קעגן רוים. אט די רעוואלוציאנערע פרושים האבן איבערגעהאקט אלע פארבינ־דונגען מיט זייער באלעבאטישן קלאס און זיך פאראייניקט מיט די רעווא־לוציאנערע פויערים פון גליל און מיט די ארעמע מאסן פון ירושלים.

---

ארויסגיין אין אפענעם קאמף קעגן רוים איז די רעוואלוציאנערע פארטיי ניט געווען אימשטאנד. האט זי זיך באנוצט מיט דער אלטער אויסגעפרו־בירטער טאקטיק פון די מאקאבעיער קעגן די סיריער — מאכן אומזיכער די וועגן, פירן כסדר א „גארילא"־קאמף, באפאלן רוימישע טראנספארטן, וואס זיינען ניט באגלייט מיט גענוג מיליטער, און אויסראבירן די האנדלס־קארא־וואנען. דאס האבן געטאן די אידישע פארטיזאנען אין גליל, וואס זיינען באשטאנען פון העלדישע, קרעפטיקע, פאטריאטישע פויערים און לאנד־אר־בעטער. אין ירושלים גופא האבן זיך די רעוואלוציאנערן גענומען צו טעראר. יעדער אריסטאקראט אדער חשובער באלעבאס, וואס האט געשטיצט די רוימישע מאכט, געהאלפן אונטערדריקן די מאסן, געמסרט אף די רעוואלו־ציאנערן, די „בריונים" (יונגאטשעס), איז געמשפט געווארן אונטער די אויגן אין א געהיימען טריבונאל. איז א צדוקי אדער פרושי געפונען געווארן שול־דיק איז דער אורטייל באלד דורכגעפירט געווארן. אומזיסט האבן די אידישע

און רוימישע שפּיאָנען און אַגענטן־פּראָוואָקאַטאָרן געלויערט אַף די „סיקאַ־ריער", די טעראָריסטן מיט דעם קרומען קינזשאַל (סיקאַ) אונטערן מאַנטל. די סיקאַריער פלעגן אַלעמאָל דורכפירן דעם באַשלוס פון זייער געריכט און זעלטן וועמען עס איז געלונגען זיך אַרויסצודרייען פון זייערע הענט.

נאָר וואָס ווייטער איז דער אימפּעריאַליסטישער יאָך אַלץ שווערער גע־וואָרן, די נויט אַלץ גרעסער און די אידישע רעוואָלוציאָנערן האָבן באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן אָפן אין קאַמף קעגן דעם שונא פון דרויסן און פון אינע־ווייניק.

מיר האָבן ניט קיין געשיכטע פון יענער צייט, געשריבן פון שטאַנד־פּונקט פון די אידישע רעוואָלוציאָנערן. זיי זיינען אַלע אונטערגעגאַנגען אין קאַמף. מיר מוזן דעריבער שעפּן אונזער אינפאָרמאַציע פון זייערע שונאים, די פּרושים, הויפּטזאַכלעך פון דעם פּראָ־רוימישן היסטאָריקער יוסף פלאַווי, וועלכער רופט אָן די רעוואָלוציאָנערן מיטן נאָמען „מערדער" און זייערע פי־רער — „מכשפים". ער שרייבט אַזוי:

„„די מכשפים און מערדער האָבן זיך צוזאַמענגענומען און זיך דער־וואָרבן אַ גרויסע אָנהייגערשאַפט. זיי האָבן גערופן יעדן איינעם צום פריהייט־קעמף און געסטראַשעט מיטן טויט די, וואָס וועלן זיין אונ־טערטעניק און געהאָרכזאַם צו רוים. זיי האָבן געזאָגט: מען מוז באַפרייען קעגן זייער ווילן יענע, וואָס בויגן זיך מיטן גוטן ווילן אונטערן יאָך פון קנעכטשאַפט.

„זיי האָבן דורכגעצויגן דאָס גאַנצע לאַנד, אויסגערויבט די הייזער פון די גבירים, און געטויט זייערע באַזיצער. זיי האָבן אונטערגעצונדן דערפער (וואָס זיינען ניט געווען גרייט זיך אָנצושליסן אין דעם קאַמף קעגן רוים), און אָנגעפילט דאָס אידנלאַנד מיט רויב. און אָט דער קאַמף איז געוואָרן גרעסער און שטאַרקער מיט יעדן טאָג."

דער לאַנג־אונטערדריקטער צאָרן פון די פאַרפאָלגטע און דערנידע־ריקטע האָט אויפגעפלאַקערט צו אַ פלאַם, וואָס האָט פאַרברענט יעדן, וואָס האָט זיך געשטעלט קעגן דעם פרייהייטס־קאַמף. צוזאַמען מיט דער רעוואָ־לוציע קעגן רוים האָט אויך אויסגעבראָכן דער בירגער־קריג. די רייכע קלאַסן האָבן געזוכט מיט גוואַלט אָפּצושטעלן די רעוואָלוציע קעגן רוים, נאָר זיי זיינען באַזיגט געוואָרן אין גאַסן־קאַמף. אומזיסט האָט אַ אידישער קעניגל, אַגריפּוס, געשיקט סאָלדאַטן צו העלפן די אידישע אַריסטאָקראַטן און גבירים קעגן די מאַסן. נאָך זיבן טעג גאַסן־קאַמף האָבן די מאַסן געזיגט איבער די סאָלדאַטן. די אויפגערעגטע מאַסן האָבן פאַרברענט די פּאַלאַצן פון כהן גדול, פון קעניג אַגריפּוס און זיין שוועסטער בעריניקע, און דער עיקר די אַרכיוון,

וואו עס ליגן די וועקסלען, כדי צו באַפרייען די אָרעמע פון די פּראָצענטניקעס.

סוף אויגוסט אָדער אָנהויב סעפּטעמבער איז אָנגעקומען אין ירושלים דער רעוואָלוציאָנערער פירער מנחם, דער זון פון יהודה דעם גאַליליייער. ער האָט ארויסגעקראָגן וואָפן פון הורדוסעס ארסענאַלן און באַלאַגערט דעם רוימישן גאַרניזאָן. די רעוואָלוציאָנערן האָבן באַזיגט די רוימישע סאָלדאַטן און גענומען נקמה פאַר דעם פאַרגאָסן אומשולדיק בלוט פון דריי חדשים פריער.

אומזיסט האָבן די רוימישע הערשער אָנגערייצט אַף די אידישע מאַסן זייערע גריכישע שכנים. (פּאַלעסטינע איז אין צייט פון דער צווייטער אידישער מלוכה געווען באַזעצט מיט מאַסן גריכן און גריכיזירטע פעלקער. די גריכישע סוחרים און אינטעליגענטן האָבן שטאַרק קאָנקורירט מיט די אידישע און געווען פיינטלעך צו זיי. די רוימישע מאַכטהאָבער פלעגן אָפט אויסנוצן אָט דעם אַנטאַגאָניזם פאַר זייערע אינטערעסן.) אַלע שטעט מיט אַ געמישטער באַפעלקערונג זיינען געוואָרן שלאַכט־פעלדער. נאָר ירושלים און די אַרומיקע פעסטונגען זיינען געווען פאַרלאָרן פאַר רוים. אַן אַרמיי פון 30,000 גוט־אויסגעמושטירטע רוימישע סאָלדאַטן, וועלכע דער רוימישער גענעראַל גובערנאַטאָר פון סיריע האָט געשיקט קעגן ירושלים, איז צוריקגעשלאָגן געוואָרן מיט גרויסע פאַרלוסטן. באַלד איז דאָס גאַנצע אידנלאַנד געשטאַנען אין קאַמף קעגן רוים, און די לעצטע האָט געמוזט שווער קעמפן אונטערצודריקן אַ אידישן אויפשטאַנד אויך אין מצרים.

נאָר ווי די פּראָלעטאַריער פון אַלע פעלקער, אַזוי האָבן אויך די אידישע זיך געלאָזט פאַרפירן פון דעם בירגערלעכן קלאַס. אָנשטאָט זיך אינגאַנצן צו פאַרלאָזן אַף די אייגענע כחות, האָבן די אידן איבערגעגעבן די פירערשאַפט פון דער מלחמה אין די הענט פון אַריסטאָקראַטישע גענעראַלן. דאָס פּראָסטע פאָלק האָט ניט אָנגעטרויט די מלחמה קעגן רוים זיינע טרייע זין, וואָס האָבן אויפגעהויבן די פאָן פון רעוואָלוציע קעגן דער רוימישער מאַכט. זיי זיינען ניט געווען אַזוי פּאָפּולער, ווי די געבילדעטע זין פון דער אַריסטאָקראַטיע. די וויכטיקסטע פונקטן זיינען איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון די, וואָס האָבן ניט געגלויבט אין די כחות פון פאָלק בייצושטיין די מעכטיקע רוים. זיי האָבן נאָר געטראַכט ווי צו ליקווידירן די רעוואָלוציע און אויסצואווירקן ביי רוים גוטע באַדינגונגען פאַר זייער קלאַס.

באַזונדערס שלעכט איז געווען דער אויסוואַל פון יוסף פלאַווי, דעם היסטאָריקער, פאַר דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון גליל. אומזיסט האָט דער רעוואָלוציאָנערער פּאַטריאָט, יוחנן פון גוש חלב, געוואָרנט קעגן יוסף פלאַווין,

אַז ער פירט ניט די מלחמה ווי געהעריק און דער גליל וועט גיין פאַרלאָרן. די מאַסן האָבן דאָס ערשט פאַרשטאַנען, ווען יוסף פלאַווי איז שוין געווען אין רוימישן לאַגער און דער גליל באַזעצט פון רוימישע סאָלדאַטן. דער שווערער וועג צווישן די בערג פון גליל, וואָס האָט געקאָנט פאַרטיידיקט ווערן יאָרן נאָכאַנאַנד פון די העלדישע גאַליליייער, איז געווען אָפן פאַר רוים, און באַלד זיינען די רוימישע אַרמייען געשטאַנען אונטער די טויערן פון דעם רעוואָלוציאָנערן ירושלים.

ווען די מאַסן האָבן געקראָגן אַ חשד, אַז די אַריסטאָקראַטישע און באַ־לעבאַטישע גענעראַלן און אַדמיניסטראַטאָרן האָבן פאַרראַטן די רעוואָלוציאָ־נערע מלחמה, האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף איבערצונעמען די פירערשאַפט אין די אייגענע הענט. יענע האָבן ניט אויפגעגעבן פרייוויליק זייערע פאָ־זיציעס. דאָס האָט געפירט צו אַ בלוטיקן בירגער־קריג, וואָס ווערט פאַרגליכן צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע.

נאָר דער רויטער טעראָר אין ירושלים איז געקומען צו־שפעט צו קאָנען זיכערן די אידישע רעוואָלוציע.

די רייכע סוחרים, כהנים און געלערטע, די צדוקים און פרושים, די יוסף פלאַווים און יוחנן בן זכאים האָבן זיך ביסלעכווייז געפונען אין זיכער־קייט, געשיצט פון דעם שונא פון די אידישע מאַסן. די מלחמה האָבן ווייטער געפירט די קליינע בעל־מלאכות און הענדלער, די פראָלעטאַריער פון ירושלים און די פויערים פון גליל, וואָס האָבן זיך דערשלאָגן צו ירושלים.

דריי יאָר לאַנג, (פון מאַי 66 ביז סעפטעמבער 70) האָבן די פראָלעטאַרי־שע מאַסן פון ירושלים געפירט זייער רעוואָלוציאָנערע מלחמה מיט אויסערגע־וויינלעכן מוט, גבורה און שאַרפזיניקייט. זיי האָבן באַדעקט מיט זייערע טויטע קערפערס יעדן שפאַן ערד, איידער זיי האָבן אים אָפגעגעבן צום שונא, און צום־סוף, ווען זיי זיינען געבליבן אָן כחות פון הונגער און קראַנק־הייטן, האָבן זיי געפונען זייער קבר אין די ברענענדיקע חורבות פון זייער שטאָט.

די אידישע פרייהייטס־קעמפער האָבן רוים געגעבן אַ מלחמה, וואָס האָט ניט געהאַט קיין גלייכן אין איר געשיכטע. דריי יאָר האָט געדויערט דער קאַמף און די גרעסטע אימפעריע, וואָס האָט געהאַט אונטער זיך אַ גאַנצע וועלט, האָט געמוזט אָנשטרענגען אַלע אירע כחות צו באַזיגן אַ פלאַץ, וואָס איז געווען צו־קליין אַריינצונעמען אַלע אירע רוימישע לעגיאָנען.

ירושלים האָט זיך ניט אונטערגעגעבן אפילו ווען איר הייליקטום איז געשטאַנען אין פלאַמען. איר יעדע גאַס איז געווען אַ ניי שלאַכטפעלד, יע־דעס הויז — אַ מעכטיקע פעסטונג, יעדער מאַן — אַן אַרמיי.

און אפילו ווען ירושלים איז שוין געווען אַ באַרג אַש, אירע העלדן פאַרברענט צו קויל, און אירע אומבאַוואָפנטע מענער, פרויען און קינדער אַוועקגעפירט אין שקלאַפעריי, האָט דאָך נאָך אַלץ געטליעט דאָס פייער פון איר רעוואָלוציע.

מאַסאַדאַ, אַ באַרג ביים טויטן ים (ים המלח), איז געוואָרן די לעצטע פעסטונג פון דעם לעצטן הייפל פון ירושלימס העלדן.

אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן פון דעם זיגרייכן שונא, האָבן דאָך די אידישע רעוואָלוציאָנערן אין מאַסאַדאַ באַוויזן רוים, אַז דער גייסט פון פרייהייט איז שטאַרקער פון אַלע אירע לעגיאָנען.

כדי צו נעמען מאַסאַדאַ האָט רוים געמוזט געדולדיק בויען אַ רינג פון פעסטונגען, וואָס זאָלן זיין העכער פון מאַסאַדאַ. שווער און לאַנג האָט געדויערט די אַרבעט, וואָס האָט געקאָסט אַ סך מענטשן־לעבנס. און צום סוף, ווען דער רוימישער פעסטונג־רינג האָט שוין אַראָפּגעקוקט אױף מאַסאַדאַ פון דער הויך, איז די גאַנצע אַרבעט געווען אומזיסט. די אידישע פרייהייט־קעמפער האָבן די רוימער ניט געגעבן קיין געלעגנהייט צו טויטן, אָדער נעמען געפאַנגען אַ אידישן רעוואָלוציאָנער.

אָט וואָס דער „וויסער" אידישער גענעראַל, דער שונא פון די אידישע רעוואָלוציאָנערן, יוסף פלאַווי, דערציילט וועגן דעם:

ווען די אידישע רעוואָלוציאָנערן אין מאַסאַדאַ האָבן געזען, אַז זייער קאַמף איז פאַרלאָרן, האָט זייער פירער אלעזר (אַן אייניקל פון דעם העלדישן יהודה הגלילי, וואָס האָט דער ערשטער אויפגעהויבן די פאָן פון מרידה קעגן רוים) פאָרגעשלאָגן אויסצואווײלן טויט איידער שקלאַפעריי.

אלעזר האָט אַרומגערעדט קלאָר, ניכטער די לאַגע פון דער פאַרלוירענער רעוואָלוציע קעגן רוים. ער האָט אויסגעפירט אַזוי:

„וואויל איז די, וואָס זיינע געפאַלן אין מלחמה. זיי זיינען געשטאָרבן פאַר אונזער פרייהייט, און ניט פאַרקויפנדיק איר צום שונא. און ווער וועט ניט באַדויערן דעם שיקזאַל פון די גרויסע מאַסן, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די רוימער? און ווער וועט ניט אויסוויילן ליבער צו שטאַרבן, איידער זען דאָס, וואָס איז זיי געשען? אַנדערע זיינען געטויט געוואָרן פון רוימישן וואָפן, אַנדערע פאַרברענט אין פייער, אַנדערע אויסגעגאַנגען אונטער די בייטשן פון זייערע פייניקער, אַנדערע האַלב אויפגעפרעסן פון ווילדע חיות (אין די רוימישע צירקן), און אַנדערע נאָך געבליבן לעבן, באַשטימט פאַר אַ צווייטן מאָלצייט פאַר די חיות, כדי צו דערפרייען די הערצער פון די שונאים און אַרויסרופן ביי זיי גע־

לעבטער. נאָר איך גלויב, אַז עס זיינען דאָ נאָך עלנטערע פון זיי, וואָס בעטן אַף זיך דעם טויט און האָבן אים ניט געקראָגן!

„מיר האָבן געהאָפט צו נעמען נקמה פון אונזערע שונאים פאַר ירושלים. איצט, אַז אונזער האָפענונג איז אָפּגענאַרט געוואָרן, און מיר זיינען איבערגעלאָזן אין גרויס נויט, לאָמיר כאָטש שטאַרבן שיין. לאָמיר זיך דערבאַרעמען אַף אונז אַליין און אַף אונזערע קינדער און ווייבער כל־זמן מיר קאָנען נאָך אַף זיי רחמנות האָבן.

„מיר ווערן געבאָרן צום שטאַרבן, און ברייגען קינדער אַף דער וועלט צום שטאַרבן. אפילו די גליקלעכסטע מענטשן קאָנען ניט אַנטרינען פון טויט. נאָר אַ לעבן פון שאַנד און קנעכטשאַפט, צו זען די חרפה פון זיין פרוי און קינדער — דאָס ווערט ניט באַשטימט ביים געבאָרן ווערן, נאָר מענטשן טראָגן דאָס אַריבער בלויז צוליב פחדנות, ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט שטאַרבן אין דער פּאַסנדיקער צייט.

„מיט קראַפט און מוט האָבן מיר רעוואָלטירט קעגן די רוימער. ווען זיי האָבן צו אונז לעצטנס אַפּעלירט, מיר זאָלן זיך זיי אונטערוואַרפן און דערמיט ראַטעווען אונזער לעבן, האָבן מיר צו זיי ניט געהאָרכט. ווער צווייפלט אונז פאַרשטייט ניט, וואָס זיי וועלן מיט אונז טאָן, ווען זיי וועט געלינגען אונז אַריינצוקריגן אין זייערע הענט לעבעדיקערהייט? ווי צו די יונגע, וועמען פיל פייניקונגען וועט אַוועקנעמען זייער יוגנט־קראַפט. ווי צו די עלטערע, וועמעס עלטער וועט ניט זיין בכח אַריבערצוטראָגן די ליידן. איינער וועט זען, ווי מען נעמט פון אים אַוועק זיין געליבט ווייב צו שאַנד און ער וועט הערן דעם קול פון זיין זון, וואָס רופט דעם טאַטן צו הילף, נאָר זיינע הענט וועלן זיין געבונדן און ער וועט ניט האָבן קיין כח צו העלפן.

„ניין! ניין! אונזערע הענט זיינען נאָך ניט געבונדן, זיי האַלטן נאָך די שווערד, טאָ זאָלן זיי אונז העלפן! לאָמיר שטאַרבן איידער מיר וועלן ווערן קנעכט ביי אונזערע שונאים. לאָמיר פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון לעבן אַלס פרייע מענטשן, מיר, אונזערע ווייבער און קינדער!”

באַגייסטערט פאַר דער אידייע, ליבער צו שטאַרבן פרייע מענטשן, איידער לעבן אין קנעכטשאַפט, האָבן זיך אָט די אידישע העלדן אַלע געטויט.

„מיט גרויס ליבע — דערציילט יוסף פלאַוויי — האָבן זיי געהאַלזט זייערע פרויען און צוגעדריקט צום האַרצן זייערע קינדער, און מיט טרערן אין די אויגן זיי געקושט צום לעצטן מאָל.” קיינער פון זיי האָט ניט פאַרלוירן דעם מוט צו קוילענען מיט זיינע אייגענע הענט די, וואָס ער ליבט, איידער זיי זאָלן אַריינפאַלן צום שונא און לעבן אין שאַנד און קנעכטשאַפט.

נאָכדעם האָבן זיי געוואָרפן גורל, ווער עס זאָל איינער דעם אַנדערן טויטן און דער לעצטער זיך אַליין. „יעדער איינער פון זיי האָט זיך אַוועקגעלייגט אַף דער ערד לעבן זיין געטויטער פרוי און קינדער, זיי אַריינגענומען אין זיינע אָרעמס און אויסגעשטרעקט זיין האַלז צו דער שחיטה.”

דער לעצטער פון די אידישע העלדן פון מאסאדא האט אונטערזוכט די מאסן, וואס ליגן אף דער ערד, און ווען ער האט זיך איבערציינגט, אז אלע זיינען טויט, האט ער אנגעצונדן פון אלע זייטן דעם קעניגלעכן פאלאץ, וואו די שחיטה איז פארגעקומען, זיך אוועקגעשטעלט לעבן זיין געקוילע־טער משפחה, זיך אריינגעשטעקט זיין שווערד אין הארצן ביזן קלינג און געפאלן טויט צווישן זיינע געליבטע.

אזוי זיינען אלע העלדן פון מאסאדא געפאלן צוזאמען מיט זייערע פרויען און קינדער — 960 נפשות — (אין דער נאכט פון פסח, דעם 15טן טאג אין ניסן, אין דעם יאר 72 אדער 73), כדי צו זיין זיכער, אז קיינער פון זיי וועט ניט לעבן אין קנעכטשאפט. בלויז צוויי פרויען מיט פינף קליינע קינדער האבן זיך אויסבאהאלטן פון דער שחיטה. איינע פון די צוויי, א העכסט אינטעליגענטע פרוי, האט נאכדעם איבערגעגעבן אט די אלע איינ־צעלהייטן פאר די רוימער, וואס האבן אנגעהויבן באנייען זייער אטאקע אף דער פעסטונג פון מאסאדא.

„ניט לייכט איז געווען פאר די רוימער צו פארשטיין אירע רייד — דערציילט יוסף פלאווי — זיי האבן ניט געקאנט גלויבן אין אזא גרויסן מוט. זיי האבן גענומען לעשן דאס פייער און גיך זיך דורכגעשניטן א וועג ביז זיי זיינען געקומען צום פאלאץ. ווען זיי האבן געפונען דארט די מאסן טויטע, האבן זיי זיך דאס מאל ניט געפרייט מיט דעם, וואס זיי האבן גע־זען (א מפלה) אף זייערע שונאים, נאר זיך געוואונדערט אף דעם העלדן־מוט, וואס האט געלאכט פון טויט און ניט צוריקגעטראטן פון אט דער גרויסער טאט."

נאך מאסאדא איז שוין דאס גאנצע אידנלאנד געווען רוימיש. דא און דארט אין אויסלאנד, אין מצרים און קיראנאיקא, האבן נאך געטליעט פונ־קען פון אידישער מרידה קעגן רוים. נאר רוים איז געווען שטארק גענוג זיי אומעטום אויסצולעשן. אירע מארק־פלעצער זיינען געווארן פול מיט אידישע שקלאפן, און ניט בלויז פון אידנלאנד. א סך זיינען געווען פון סיריע, עגיפטן א. א. וו. די חיות אין די צירקן האבן לאנג זיך געשפייזט מיט די קערפערס פון געפאנגענע אידישע רעוואלוציאנערן. אנדערע, ווי דער העלד און מארטירער שמעון בן גיורא, זיינען דערמארדעט געווארן דורך אנדערע פייניקונגען. נאר דער ציל פון רוים, אויסצוראטן דעם גייסט פון פרייהייט און די שנאה צו שקלאפעריי, איז איר ניט געלונגען.

צוועלף טויזנט אידישע געפאנגענע האבן געבויט דעם גרויסן אמפי־טעאטער, דעם „קאליסעאום" אין רוים, פון וועלכן עס איז נאך געבליבן א היפשער טייל צו ווערן באוואונדערט פון די איטאליע־באזוכער פון אונזער

צייט. די אידן, וואָס האָבן ניט געאַרבעט אַלס קריגס־געפאַנגענע פאַר דער רעגירונג און אויך ניט אַלס שקלאַפן פון אינדיווידועלע האַרן, האָבן געלעבט אין דער גרעסטער נויט.

לויט דער שילדערונג פון רוימישן סאַטיריקער, יואַווענאַל, איז דעמאָלט באַשטאַנען דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון אַן אָרעמען אידן אין רוים בלויז פון אַ קאָרב מיט אַ בינטל היי. דער דיכטער מאַרציאַל דערציילט, אַז אידישע מאַמעס פלעגן שיקן זייערע קינדער בעטלען אין די גאַסן.

דער אידישער פּראָלעטאַריאַט איז געווען דער אָרעמסטער פון די אָרעמסטע אין רוים. פאַראַכטעט און אויסגעשלאָסן פון דער אַרומיקער פיינטלעכער סביבה, האָט ער געפונען דעם וועג צו דער פאַרפאָלגטער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג אונטער דער ערד.

די אונטערערדישע באַוועגונג אין רוים האָט זיך געפונען, זינט דעם אויפקום פון די צעזאַרן, טאַקע אונטער דער ערד, באַזונדערס זינט די צייטן פון די קייזערלעכע טיראַנען קאַליגולאַ און נעראָ. האָבן די פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געווען אין געפאַר פון פולשטענדיקער אויסראָטונג, זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן, ווי שוין אויבן דערמאָנט, אויסשליסלעך אַלס חברה קדישא — קאָלעגיאַ פונעראַטיציאָ — וואָס גיט זיך אָפּ מיט באַגראָבן אירע טויטע. דאָרט, אין די קאַטאַקאָמבן פון אונטערערדישן רוים, אָפט צענדליקער פוס טיף אונטער די פּאַלאַצן פון זייערע אונטערדריקער, האָבן אויך די אידישע פּראָלעטאַריער געהאַט זייערע געבעט־הייזער, פאַרזאַמלונגס־פּלעצער און לערהייזער. אונטער דער ערד, פון פינף ביז זיבעציק פוס די טיף, האָבן אויך געפונען שוץ די ערשטע קריסטן אין רוים, וועלכע זיינען דעמאָלט באַשטאַנען מערסטנס פון אידישע עלעמענטן.

---

אין צייט פון קייזער האַדריאַן (רעגירט פון 117 ביז 138) זיינען די אידישע רעוואָלוציאָנערן ווידער געוואָרן טעטיק. נאָר די נייע רעוואָלוציעס האָבן ניט געהאַט קיין יוסף פלאַווי, וואָס זאָל זיי באַשרייבן, זאָל זיין אפילו פון אַ קאָנסערוואַטיוון שטאַנדפּונקט. ווייסן מיר דערפאַר ניט גענוי, אויב די רעוואָלוציאָנערן האָבן אויך געהאַט אַזוינע פּראָלעטאַרישע אידעאַלן, ווי די העלדן פון ירושלים און מאַסאַדאַ.

צוערשט האָבן רעוואָלטירט די אידן אין קיראַנאַיקאַ, קיפּרים און אַלעקסאַנדריאַ. טראַיאַן האָט זיי אונטערדריקט, נאָך אַ סך בלוט פאַרגיסונג. די אידן אין געוועזענעם אידנלאַנד האָט ער באַרואיקט דורך צוזאָגן זיי ווידער אויפצובויען דעם בית המקדש — אַ זאַך, וואָס ער האָט ניט געקאָנט מיינען

ערנסט. דאָס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן קלאָר, ווען די רעוואָלוציע אין די אַרומיקע לענדער איז געווען גאַנץ אונטערדריקט.

טינייאוס רופוס (טרנוסרופוס), דער רוימישער גובערנאַטאָר פון יהודה, האָט געטויט אין לוד די צוויי ברידער לוליינוס און פאַפּוס, וואָס האָבן שטאַרק געמאָנט, אַז דער רוימישער קייסער זאָל היטן זיין צוזאָג. אַ ניט־צייטיקער אויסברוך פון די מאַסן איז פאַרהיט געוואָרן דורך דעם אַלטן קלוגן תנא יהושע בן חנניה, אַ קוילנברענער, אָדער אַ נאָדלמאַכער, וואָס איז געווען איינער פון די גרויסע געלערטע פון זיין צייט.

טינייאוס רופוס האָט געמיינט, אַז די געפאַר פון רעוואָלוציע איז שוין אַריבער. האָט ער געוואָלט ווייזן די אידן, אַז אַלע זייערע האָפענונגען אויף אומאָפּהייגיקייט זיינען פאַרלאָרן, האָט ער צעאַקערט דעם פּלאַץ פון בית המקדש און געמאַכט ירושלים אויס שטאָט. דאָס איז אים נאָך געווען ווייניק, האָט ער אויסגעבויט אויף דעם אָרט פון בית המקדש אַ טעמפּל פון יופּיטער און אומגעביטן דעם נאָמען ירושלים אויף עליא קאַפּיטאָלינאַ.

דאָס איז געווען אויל אויפן פייער. אונטער דעם איינפלוס פון דעם אַלט־אָנגעזעענעם עקיבא בן יוסף זיינען די ישיבות פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רעקרוטירונג־סטאַנציעס פאַר דער רעוואָלוציע. אין אַלע היילן האָבן זיך יונגעלייט געמושטירט און זיך געגרייט צום נייעם קאַמף קעגן רוים. אומזיסט האָט זיי געוואָרנט דער אַלטער אליעזר בן הורקנוס: „איר וועט ניט שטאַרבן מיט אייער טויט". זיי זיינען געווען גרייט אויף אַלץ.

די נייע צייט האָט אַרויסגערופן איר נייעם העלד — שמעון בר־כוכבא (דער שטערן־זון). עקיבא האָט אים פּראָקלאַמירט פאַרן משיח, און געהאָלפן פאַראייניקן אַרום אים די ברייטע אידישע מאַסן.

אַרום דריי יאָר (פון 133 ביז 135) האָט געדויערט אָט די לעצטע אידישע רעוואָלוציע קעגן רוים. בר־כוכבא האָט געוויזן וואונדער. ער האָט צוריק דער־אָבערט ירושלים, אויסגערייניקט דאָס לאַנד פון די רוימער און פּראָקלאַ־מירט פון דאָס ניי די אידישע אומאָפּהייגיקייט. ער איז געקרוינט גע־וואָרן פאַר קעניג און האָט אַרויסגעלאָזן נייע מטבעות, וועלכע ער האָט דאַ־טירט „דאָס ערשטע יאָר פון דער אידישער פרייהייט".

נאָר לאַנג האָט ניט אָנגעהאַלטן די מלוכה פון אָט דעם לעגענדאַרן קעניג. רוים האָט אַרויסגערופן קעגן אים איר גרעסטן גענעראַל, יוליוס סעווערוס, און ווי מיט 70 יאָר פריער, אין די צייטן פון יוחנן גוש חלב און שמעון בן גיורא, איז דער זיג געווען אויף דער זייט פון די צאָלרייכע לעגיאָנען. ווידער האָט רוים געזיגט, און דאָס מאָל נאָך ווייניקער געשאָנעוועט די באַ־פעלקערונג, ווי מיט 70 יאָר צוריק.

בר־כוכבא און כמעט אַלע זיינע יונגע העלדן זיינען געפאַלן אין שלאַכט, און דער שונא האָט ניט געהאַט דעם פאַרגעניגן צו פּייניקן זיי אין זיינע צירקן. די רוימישע מאַכט האָט אויסגעלאָזן איר כעס צו די זקנים, וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיט דער רעוואָלוציע אָדער ניט אויסגעפאָלגט דעם רוימישן פאַרבאָט, אויפצוגעבן די לעצטע שפּורן פון די אידישע אייגנטימלעכקייטן, וועלכע זיי האָבן געהאַלטן פאַר זייער רעליגיע.

מיט דעם טויט פון בר־כוכבא הערט אויף די אידישע רעוואָלוציע קעגן רוים. איינציקע רעוואָלוציאָנערן טרעטן נאָך אַרויס פון צייט צו צייט מיט שאַרפע ווערטער קעגן דער „פאַרברעכערישער מלוכה”. מיר הערן נאָך אַ ווייל פון געהיימע פאַרזאַמלונגען אין לוד און אַנדערע געגנטן. (איינע ווערט אַנטדעקט, און דער אַלטער יהודה בן בבא ווערט דערביי דערהרגעט אַף אַן אָרט מיט גרוים רציחה). נאָר דאָס זיינען געווען מער פּאַסיווע, ווי אַקטיווע ווידערשטאַנדן. בלויז איינער פון עקיבאס תלמידים, שמעון בן יוחאי, האַלט נאָך אָן אַ לאַנגע צייט דעם פאַקל פון מרידה קעגן די אונטערדריקער.

צוועלף יאָר איז שמעון בן יוחאי געווען באַהאַלטן אונטערערדיש פון דער רעגירונג. ערשט אַ צייט נאָך דעם, ווען האַדריאַן איז געווען טויט און אין רוים האָט געהערשט די מילדערע רעגירונג פון אַנטאָנינוס פּיאוס (רעגירט פון 138 ביז 161), איז שמעון בן יוחאי אַרויס פון זיין באַהעלטעניש. די מאַסן האָבן אַרויסגעוויזן גרויסע ליבע און רעספּעקט צו דעם אַלטן פרייהייטס־קעמפער און אים אַרומגעוועבט מיט אַלערליי לעגענדעס.

# די לעצטע רעוואָלוציעס אינם אַלטערטום

דער צוזאַמענבראָך פון דער שקלאַפן־סיסטעם אין רוים איז ניט געקומען מיט איינמאָל, דורך אַ שקלאַפן־אויפשטאַנד. די מערסטע שקלאַפן זיינען געווען פרעמדע, אויסלענדישע, און אויך די אייגענע, היימישע, האָבן ניט געהאַט די פולע שטיצע פון רוימישן פּראָלעטאַריאַט. די אומוויסנדיקע פּויערים און אַרבעטער־סאָלדאַטן האָבן זיך געלאָזט פירן אין שלאַכטן, אונטערצודריקן די שקלאַפן־רעוואָלוציעס.

די רוימישע פּויערים און אַרבעטער האָבן דערפאַר באַצאָלט זייער שווער. די ביליקע שקלאַפן־אַרבעט האָט זיי געמאַכט איבעריק אין דאָרף און שטאָט; זי האָט זיי פאַרוואַנדלט אין וואַגאַבונדן און בעטלער, אָדער פאַרקויפט אין שקלאַפעריי.

נאָר די ברוטאַליטעט פון די רוימישע האַרן, דער בלינדער עגאָאיזם פון די רייכע און זאַטע האָט אַליין צעגריזשעט דעם וואָרצל פון דעם בוים, וועמעס פרוכט זיי האָבן געפרעסן.

געפירט פון בלינדן פּאַטריאָטיזם, פון אומוויסנהייט און פרעמדן־האַס, האָט דער באַוואָפנטער רוימישער פּויער און אַרבעטער דערהאָבערט אַלץ מער לענדער און פאַרשקלאַפט אַלץ מער פעלקער, פאַר זיינע פּריצים און גבירים. האָט זיך געצויגן אַן אומאויפהערלעכער שטראָם פון שקלאַפן קיין רוים — מענער און פרויען, זקנים און קינדער, בעל־מלאכות, ווי אויך געלערנטע און קינסטלער. זיינען שקלאַפן געוואָרן שפּאָט־ביליק אין רוים, איז זייער לעבן געווען ווייניקער ווערט, ווי די בהמות אָדער אפילו די געצייג, מיט וועלכע זיי האָבן געאַרבעט.

די ביליקע שקלאַפן־אַרבעט האָט אַוועקגענומען פון פּויער און אַרבעטער יעדע מעגלעכקייט צו לעבן פון אַרבעט. זיי האָבן זיך פאַרדונגען פאַר סאָלדאַטן, געפירט רוימס דעראָבערונגס און פאַרניכטונגס־מלחמות, ביז זיי זיינען פאַרצערט געוואָרן.

אַזוי האָט רוים פאַרצערט אירע מאַסן. צוערשט איר דאָרף־באַפעלקערונג, נאָכדעם די שטאָטישע, אפילו אירע גנבים און רויבער. צולעצט האָט זי געמוזט רעקרוטירן סאָלדאַטן פון אירע קאָלאָניעס (ווי דאָס טוען היינט ענגלאַנד און פראַנקרייך), און גאָר צום סוף געמוזט אָרגאַניזירן פרעמדן־לעגיאָנען, פון אויסלענדער. די, וואָס זי האָט גערופן „באַרבאַרן", און באַטראַכט פאַר אירע בלוטיקסטע שונאים, האָט זי געדונגען, זיי זאָלן איר פאַרטיידיקן קעגן זייערע אייגענע לענדער און ראַסן.

וואָס ווייטער איז דערפאַר דער הערשנדיקער קלאַס פון רוים אַלץ מער

אַנגעוויזן געוואָרן אַף פרעמדער הילף. די סאָלדאַטן זיינען געווען פרעמדע, די שקלאַפן און אויך די פרייע אָרעמע מאַסן זיינען געווען מערסטנס אויס־לענדער. קיין רוימישער פּאַטריאָטיזם איז ניט מער געווען. יעדער איינער האָט געזאָרגט בלויז פאַר זיך אַליין. אומעטום האָט געהערשט גנבה און גזלה, און אַלץ האָט זיך געהאַלטן אַפן שווערד.

אונטער אָט די אומשטענדן האָט רוים ניט געקאָנט מער פירן קיין דער־אָבערונגס־מלחמות. די פאַרהאַרטעוועטע בלוט־פאַרגיסער זיינען געוואָרן ליב־האָבער פון שלום. די מעכטיקע וועלט־אימפּעריע האָט אויפגעהערט מושטירן אירע סאָלדאַטן צום אָנגריף. זי האָט אָנגעהויבן בויען פעסטונגען און גע־לערנט אירע קריגער ווי אַזוי זיך צו פאַרטיידיקן.

נאָר וואָס ווייניקער רוים האָט אָנגעגריפן פרעמדע טעריטאָריעס און אונטערדריקט פרעמדע פעלקער, אַלץ ווייניקער איז געוואָרן דער שטראָם פון שקלאַפן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסווייזן די שלעכטע ווירטשאַפט פון דער שקלאַפן־סיסטעם. דאָס, וואָס איז געווען מעגלעך צו טאָן מיט ביליקע שקלאַפן פון אַמאָל, האָט מען שוין ניט געקאָנט דורכפירן, ווען זיי האָבן גע־קאָסט זייער טייער. בלויז די רייכסטע אין לאַנד האָבן זיך נאָך געקאָנט פאַר־גינען צו האַלטן שקלאַפן. נאָר זיי האָבן זייערע שקלאַפן געהאַלטן מער צוליב לוקסוס, ווי צוליב פּראָפיט. באַאַרבעטן דעם באָדן מיט שקלאַפן האָט מער ניט געלוינט.

אומזיסט האָט דאָס פּאַרשפּעקטיקטע געזעץ געזוכט אויפצוהאַלטן די שקלאַפן־סיסטעם דורך אַ בעסערער באַהאַנדלונג פון די שקלאַפן, צו שאַנע־ווען זייער לעבן, צו שפּאָרן זייערע אַרבעטס־כחות.

די שקלאַפעריי אַפן לאַנד האָט זיך ניט מער באַצאָלט. אויך אין שטאָט האָט די אַרבעט פון דעם אָרעמען בעל־מלאכה און טאָג־אַרבעטער געקאָסט ביליקער ווי שקלאַפן־אַרבעט. וואָס ווייטער זיינען דערפאַר אַלץ מער רוימער געוואָרן גוט־האַרציק און באַפרייט זייערע שקלאַפן.

אָנגעוויזן אַף זיך אַליין, האָבן די באַפרייטע שקלאַפן פאַרגרעסערט די קאָנקורענץ צווישן די אָרעמע האַרעפּאַשניקעס און פאַרקלענערט דעם ווערט פון אַרבעט. אַ סך רוימישע האַרן האָבן דערביי געמאַכט גוטע פּראָפיטן. זיי האָבן דורכגעפירט אַ מענטשן־פריינטלעכן געזעץ, אַז דער שקלאַף מעג אַרבעטן פאַר זיך אַליין, כדי אָנצוזאַמלען געוגוג געלט זיך צו באַפרייען. אַזוי האָבן אַ סך פאַראָרעמטע אַריסטאָקראַטן געמאַכט אַ פאַרמעגן דורך פאַרקויפן פרייהייט צו זייערע שקלאַפן.

די שקלאַפן־סיסטעם איז נאָך ניט געווען גאַנץ אָפּגעשאַפט, ניט געזעצ־לעך און ניט אידעאָלאָגיש. נאָר שוין האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די

ערשטע שפּראָצן פון שפּעטערן פעאָדאַליזם, — אָנשטאָט צו באַאַרבעטן דאָס לאַנד מיט שקלאַפן, אָדער אַפילו דורך טאָג־אַרבעטער, האָבן די רייכע גוט־באַזיצער עס ליבער פאַרדונגען. בעלנים אַף דעם זיינען געווען אויסער די פאַראָרעמטע רוימער און די באַפרייטע שקלאַפן אויך די איינגעוואַנדערטע „באַרבאַרן", פאַר וועלכע רוים האָט אַלץ מער און מער געעפנט אירע גרענעצן. אָט די אָרעמע פאַכטער זיינען געוואָרן די זיידעס און די טאַטעס פון דעם אייראָפּייאישן לייב־אייגנעם, דעם פאַנשטשיזניק. זיי האָבן שווער געאַרבעט, און אַ גרויסן טייל פון זייער אַרבעטס־פּרוכט געמוזט אָפּגעבן צו די געזעצלעכע אייגנטימער פון זייער באָדן.

---

די זעלבע נויט, וואָס האָט פאַרוואַנדלט רוימישע מיליטאַריסטן אין פרידנסליבהאָבער, און שקלאַפנהאַלטער אין פרייהייטס־ליבהאָבער, האָט אויך פאַרוואַנדלט רוימישע שאָוויניסטן אין אינטערנאַציאָנאַליסטן, אָדער גאָר קאָסמאָפּאָליטן, וועלטבירגער.

צוליב עקאָנאָמישע און פּאָליטישע מאָטיוון האָבן די אימפּעראַטאָרס, צעזאַרס, קייסאָרים פון רוים אויסגעשפּרייט דאָס רוימישע בירגעררעכט איבער אַלע פעלקער און ראַסן פון דער גרויסער רוימישער אימפּעריע אין דריי טיילן וועלט. זיי האָבן דורך דעם געקאָנט אָרגאַניזירן פעסטער די פינאַנצן פון דער מדינה און פאַרמערן אירע הכנסות. דאָס רוימישע בירגעררעכט איז אויך געווען אַ גוט אויסגעפּרובירט מיטל צו ראָמאַניזירן די פּראָווינציאַלן און זיי אַלעמען צוזאַמענשמידן צו איין רוימישער נאַציע. נאָר דאָס איז ערשט געוואָרן מעגלעך דורכצופירן אין אָנהויב פון דריטן יאָרהונדערט, ווען דער אַלטער עכט־רוימישער עלעמענט איז שוין געווען גאַנץ דעגענערירט, ווען אַלע וויכטיקע פונקציעס האָבן סיי־ווי שוין דורכגעפירט אויסלענדער. פריער, אין דער צייט פון דער רעפּובליק, האָבן די ברידער גראַקך באַצאָלט מיט זייער לעבן אַפילו פאַר דעם פאַרזוך צו געבן בירגעררעכט איינוואוינער פון גאַנץ איטאַליע.

די אימפּעריע האָט געהאַט העכערע און ווייטערע צילן ווי די רעפּובליק. די ערשטע האָט דערפאַר באַזיגט די לעצטע ניט בלויז פיזיש, נאָר אויך אידעאָלאָגיש. דאָך האָט די אימפּעריע באַלד פון אָנהויב אָן געטראָגן אין זיך די זריעה פון אונטערגאַנג.

שטיל זיינען געוואָרן אַלע שטימען אויסער די פון חניפה צום צעזאַר. אַלע פונקציעס פון דעם פאָלקס־טריבון, וואָס דאַרף זיך אָננעמען די קריוודעס פון די אָרעמע מאַסן, האָט איבערגענומען דער צעזאַר אַליין. די מאַסן האָבן ניט געוואַגט מער צו פּראָטעסטירן; זיי זיינען געוואָרן נידערגעשלאָגן און

פאַרטעמפּט. די רייכע, ווידער, האָבן געלעבט אין אויסערסטן לוקסוס און געוואָרן משוגע פאַר וואוילטאָג. האָט געהערשט אין לאַנד אַ שרעקלעכע דעמאָראַליזאַציע, און די רוימישע אימפּעריע האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן די סימנים פון פאַרפוילטקייט און צעפאַלונג.

שוין דער קייסער אויגוסטוס האָט פאַרשטאַנען, אַז די רוימישע באַפעלקערונג האָט ניט מער קיין צוטרוי צו אירע אַלטע געטער. נאָר אומזיסט האָט ער באַשטימט נייע גאָטהייטן, אַריבערגענומענע פון גריכנלאַנד. די שטאָטישע רוימישע מאַסן זיינען גיך אַנטוישט געוואָרן אויך אין די גריכישע געטער. אין זייער נויט האָבן די עלנטע און נויטליידנדיקע אַלץ געזוכט נייע גאָטהייטן און זיך צולעצט אָפּגעשטעלט ביי די פון געהיימניסן־אַרומגעוועבטע עגיפּטישע און אַזיאַטישע גאָטהייטן — איזיס, קיבעלע, מיטראַ א. אַ. וו.

וואָס פרעמדער און געהיימניספולער אַ רעליגיע איז געוועזן, אַלץ מער האָט זי אַפּעלירט צו די רוימישע מאַסן פון דער אימפּעריע. אפילו די אידישע רעליגיע, דער גאָט פון אַ צעשטערטן טעמפּל און פאַרפאָלגטע דינער, האָט מער אַפּעלירט צו די סקעפּטיש־געוואָרענע רוימער, ווי זייערע אייגענע געטער פון רייכע טעמפּלען און מעכטיקע נאָכפאָלגער.

גראָד די נייקייט פון דער זאַך — אַן אומזיכטבאַרער גאָט, זיינע (פאַר אַ רוימער משונהדיקע) געבאָטן האָבן אַרויסגערופן די האָפענונג, אפשר וועט דאָס העלפן?

נאָר די שוועריקייט נאָכצוקומען די פאָדערונגען פון דער אידישער רעליגיע און באַזונדערס איר צו האַלטן געהיים, האָט איר ניט געמאַכט צוגייענגלעך צו ברייטע מאַסן. דערפאַר האָט דאָפּלט אַפּעלירט די רעפאָרמירטע אידישקייט, אין איר קריסטלעכער פאָרם.

---

די אומאויפהערלעכע מלחמות האָבן פאַרברוטאַליזירט מיליאָנען מענטשן. די אַלטע ציוויליזאַציע איז צעפאַלן און קיין נייע איז נאָך ניט געווען באַפעסטיקט. די אויפריכטיקע קריסטן, די פּראָלעטאַרישע אידעאַליסטן, די אוטאָפּיסטישע קאָמוניסטן זיינען געוואָרן אויסגעראָטן מיט פייער און שווערד. זיינען געבליבן מערסטנס די פּחדנים און קאַריעריסטן: די פּחדנים וואָס האָבן ביי יעדער גזרה ווידער אַנערקענט געצנדינסט און די קאַריעריסטן וואָס האָבן אָפּט דורך ניט ריינע מיטלען, אינטריגעס און פּאָליטיקאַנסטווע דערגרייכט צו די העכסטע שטעלעס.

אומזיסט האָבן די איבערגעבליבענע אידעאַליסטן פּראָטעסטירט קעגן דער פּאַרוואולגאַריזירונג פון זייער אידעאַל. נאָר די אָפיציעלע פאָרשטייער פון קריסטנטום זיינען דאָס רוב געווען כיטרע, דורכגעטריבענע חברה לייט.

דערצו זיינען אַ סך פון זיי געווען גאָר גראָבע יונגען. עס האָבן זיך צווישן זיי געפונען אַזוינע בישאָפן וואָס האָבן אַפילו ניט געקאָנט אונטערשרייבן זייערע נעמען. האָבן אָט די כיטרע פּאָליטיקאַנטן באַטראַכט די אינטעליגענטע אידעאַליסטן פאַר בטלנים, לעמעשקעס, און זיך כלל ניט גערעכנט מיט זייער מיינונג.

די גרעסטע צאָל קריסטלעכע אידעאַליסטן האָבן זיך געפונען אין צפון־אַפריקע, וואו עס האָט נאָך געלעבט צווישן די מאַסן דער גייסט פון פריי־הייט און אומאָפּהייניקייט.

זינט די צייטן פון קייזער נעראָ האָבן די רוימישע הערשער באַרויבט די דאָרטיקע פּויערים פון זייער לאַנד. די גרויסע האַרן אין רוים פלעגן פאַר־דינגען דאָס לאַנד צו רייכע אַרענדאַטאָרס און יענע פלעגן מאַכן דערפון גרויסע פּראָפּיטן דורך אָראָפּשינדן די הויט פון די קליינע פּאַכטערלעך וואָס האָבן אַליין באַאַרבעט די ערד. האָבן דאָרט די מאַסן כסדר געשטרעבט אַרונטערצואוואַרפן דעם יאָך פון רוים און פּטור ווערן פון אירע פּריצים און פּראַצענטניקעס.

האָבן די דאָרטיקע קריסטן זיך געמוזט אַנטשיידן פאַר איין צד אָדער פאַרן צווייטן. שטיין צוגלייך מיט די רייכע מיטלקלאַסן און מיט די אָרעמע מאַסן איז ניט געווען מעגלעך.

האָט טאַקע דער אינטעליגענטער אידעאַליסט ציפּריאַן געפונען דעם מאַרטירער טויט. בעת די גראָביונגערישע כיטרע פּאָליטיקאַנטן האָבן צוגע־פּאַסט זייער קריסטנטום צו די אינטערעסן פון די רייכע און מעכטיקע.

יענע קריסטלעכע „ברידער", וואָס האָבן זיך ניט געשטערט צו פאַר־טאַכלעווען דאָס קירכן־געלט אַף הולטאַיסטווע, אָדער צו מאַכן פאַרמעגנס דורך שווינדל און פּראַצענט, האָבן נאַטירלעך ניט געהאַט קיין חשק איינצו־שטעלן זייער לעבן צוליב „אידעאַל". זיי האָבן ביי יעדער אונטערדריקונג פון קריסטנטום איינגעבויגן דעם קאָפּ און געטאָן אַלץ וואָס די מלוכה האָט פאַרלאַנגט. זיי האָבן אויסגעליפערט די הייליקע שריפטן צום פאַרברענען, און אָפּט אויך געבראַכט קרבנות צו די אַלטע געצן. דערביי האָבן זיי געהאַט געניג „פאַרשטאַכענע אויגן" און „קופּערנע שטערנס" ווידער איבער־צונעמען די פירערשאַפט פון זייערע קירכן, אַזוי שנעל ווי דאָס געזעץ האָט עס זיי ווידער דערלויבט. עס פאַרשטייט זיך, אַז די וואָס האָבן איינגע־שטעלט זייער לעבן פאַרן אידעאַל, און די נאָכפאָלגער פון די מאַרטירער האָבן בשום אופן נישט געוואָלט אָנערקענען קיין „טראַדיטאָר" (פאַררעטער), פאַר זייער גייסטיקן פאַרשטייער. האָבן די „טראַדיטאָרן", די „לאַפּס" (געפאַ־

לענע) און אלע אנדערע קריסטלעכע שווינדלער און פראצענטניקעס, הול־טאיעס און פאליטיקאנטן זיך געווענדט נאך הילף צו דער הערשנדיקער געצנדינערישער מאכט, מיט וועלכער זיי זיינען אלץ מער און מער איינגע־גאנגען אף פשרות

---

דער קלאסנקאמף אין קריסטנטום נעמט אן א נייע ווענדונג אין אנהויב פון פערטן יארהונדערט.

כדי צו ראטעווען די רוימישע אימפעריע וואס האט אנגעהויבן צוזאמענ־ברעכן האט דער הערשנדיקער קלאס געזוכט איר צו פארוואנדלען אין אן אבסאלוטער מאנארכיע. זי האט געהאט פאר זיך דעם מוסטער פון פערסיע, וואס איז געווען דער אידעאל פון די רוימישע הערשער. מען האט אויך געגלויבט אין די הערשנדיקע קרייזן, אז דאס וועט געבן רוים מער פרעסטיזש אין די אויגן פון די בארבארן, וואס האבן אטאקירט די אימפעריע פון אלע זייטן. דערצו איז געווען נויטיק, אז דער אימפעראטאר זאל זיך אנטאן אין די קעניגלעכע קליידער און מיט דער קרוין אפן קאפ פון אן אריענ־טאלישן הערשער, די באזוכער זאלן פאר אים זיך בוקן און פאלן כורעים. ער זאל זיין ארומגערינגלט מיט מאסן הויף־צערעמאניעס, וואס זאלן מאכן א שטארקן איינדרוק אף די אונטערטאנען.

צוליבן זעלביקן מאטיוו, — הייבן דעם פרעסטיזש פון דער דעגענערירד־טער אימפעריע, און אויך צוליב סטראטעגישע טעמים, איר לייכטער צו פארטיידיקן, — איז געווען נויטיק אריבערצוטראגן די קייזערלעכע רעזי־דענץ אין קליין־אזיע.

דיאקלעציאן, א פראסטער סאלדאט, וועמען די ארמיי האט פראקלא־מירט פאר קייסער, דערפאר וואס ער האט דערמארדעט א פערזאן וועלכן די סאלדאטן האבן געהאסט, איז געווען דער ערשטער דורכצופירן אט די נייע ענדערונגען.

קליין־אזיע איז דעמאלט געווען א מיטלפונקט פון קריסטנטום. די אור־קריסטלעכע קאמוניסטישע אידייען האבן דארט געפונען א פרוכטבארן באדן אין די אלטע גריכיזירטע ערגאנאסן און קאאפעראטיוון. אזא עלעמענט איז ניט געווען קיין אנגענעמע סביבה פאר אן אבסאלוטער מאנארכיע. דערצו האט די קריסטלעכע באפעלקערונג ניט געבראכט קיין קרבנות צו די שטאט־געטער און ניט געקומען צו די מיט דער אלטער רעליגיע פארבונדענע פעסטן און יארידן. דאס האט שטארק פארקלענערט די הכנסות פון דער רעגירונגס־קאסע און ארויסגערופן פארביטערונג ביי די רעגירונגס־לייט.

דער עקאנאמישער קריזיס אין דער אימפעריע און דיאקלעציאנ׳ס ניט־געלונגענער פארזוך (ארום יאר 300) צו רעגולירן די פרייזן פון לעבנס־מיטל און ארבעט האט נאך פארשארפט די לאגע. דער אבסאלוטיזם דער־קלערט דערפאר דעם קריסטנטום פאר א שטאט־פיינטלעכער רעליגיע. ער פארבאט רעגירונגס־באאמטע און לערער צו זיין קריסטן. ער דערקלערט די קריסטלעכע ליטעראטור פאר ניט לעגאל. פארמאכט די קריסטלעכע קירכן און אונטערדריקט אירע ארגאניזאציעס און אנשטאלטן.

דאס זיינען געווען די לעצטע פארפאלגונגען פון קריסטנטום. נאר די קריסטלעכע קירך איז שוין געווען צו פיל מאכט אין דער אימפעריע און א דאנק איר אינטערנאציאנאלער ארגאניזאציע שטארקער ווי אלע אנדערע קירכן און פארטייען פון יענער צייט. דאס האט באלד געמוזט דערפילן אויך דער אבסאלוטיזם און ער האט אנגעהויבן זוכן די פריינטשאפט אנשטאט די שנאה פון דער מעכטיק געווארענער קריסטלעכער קירך.

געליטן האבן בלויז די פראלעטארישע ארגאניזאציעס, די פראפעסיאנעלע פאראיינען, קאאפעראטיוון און קאמונעס. געליטן האבן אויך די אינטעליגענטע אידעאליסטן וואס האבן ליבער פארלארן זייערע רעגירונגס־עמטער און לערער־שטעלעס, איידער צו פארלייקענען א ווייל זייער אידעאל. פארפאלגט זיינען געווארן די געלערנטע, וואס האבן זיך אפגעזאגט אויס־צוליפערן די קריסטלעכע ליטעראטור צום פארברענען. דעם מארטירער־טויט האבן געקראגן די אלע וואס האבן זיך געשטעלט קעגן די אוקאזן פון אבסאלוטיזם.

נאר די מערסטע קריסטלעכע רעגירונגס באאמטע, די גראביונגישע בישאפלעכע פאליטיקאנטן און זייערע פחדנישע נאכפאלגער האבן פון דיאקלעציאנ׳ס גזירות כלל ניט געליטן. זיי האבן געטאן אלץ וואס דער אבסאלוטיזם האט פארלאנגט: אויסגעליפערט זייערע הייליקע שריפטן צום פייער, פארלייקנט זייער גלויבן און זיך געבוקט צו געצן א. א. וו.

דיאקלעציאן איז באלד ארונטער פון דער סצענע (אין יאר 305). עס האט זיך אנגעהויבן א בלוטיקער קאמף פאר זיין טראן. געזיגט האט דער ביטערסטער און בלוטיקסטער צווישן די פרעטענדענטן. דאס איז געווען קאנסטאנטין „דער גרויסער" (רעגירט פון 313 ביז 337) — גרויס אלס ביטערער פאליטיקאנט און גרויזאמער דעספאט.

קאנסטאנטין האט געמוזט פארגיסן א סך בלוט ביז ער האט דערגרייכט זיין ציל. ער האט דערמארדעט דעם געזעצלעכן רוימישן קייזער און זיינע זין. ער ווערט אפילו באשולדיקט אין דעם מארד פון זיין אייגענעם טאטן.

נאָר ער האָט אויך אָן דעם באַגאַנגען געגנוג פֿאַרברעכנס צו ווערן פֿאַרגליכן מיט די קעניגלעכע מערדער הורדוס, יאָהאַן גראָזני א. ד. גל. ער האָט געלאָזט דערמאָרדן זיין אייגענעם זון, זיין פֿרוי, זיין שוואָגער און יעדן איינעם פֿון זיינע קרובים אין פּריינט אין וועלכן ער האָט געזען אַ שטערונג צו זיין ציל.

די מאַכט פֿון דער קריסטלעכער קירך איז פֿאַר קאָנסטאַנטינען ניט געווען פֿאַרבאָרגן. ער האָט גוט געוואוסט, אַז מיט אַזאַ פֿאַרבינדעטער איז ניט בלויז זיין טראָן געזיכערט, נאָר ער געווינט אַ נייעם כח צו פֿאַרטיידיקן די גאַנצקייט פֿון דער אימפּעריע, קעגן די שונאים פֿון דרויסן און פֿון אינעווייניק.

די קריסטלעכע בישאָפֿלעכע פּאָליטיקאַנטן האָבן באַלד געשמעקט אַז אַלע זיינע בלוטיקע מעשים. זיי האָבן אים דערקלערט פֿאַרן גרעסטן מאָנאַרך פֿון אַלע דורות און געשטעלט זייער קירך אינגאַנצן אינם דינסט פֿון דעם הערשנדיקן קלאַס און זיין דעספּאָטישער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע.

---

די פּריינטלעכע לאַקייאישע שטעלונג פֿון די קירכלעכע פּאָליטיקאַנטן צום הערשנדיקן קלאַס האָט ניט געקאָנט געטיילט ווערן פֿון די אָרעמע און אונטערדריקטע מאַסן און פֿון זייער אידעאַליסטישער אינטעליגענץ. באַזונדערס שאַרף איז געווען געצויגן די ליניע צווישן אָט די צוויי קריסטנטומס אין צפֿון-אַפֿריקע. די נאָכפֿאָלגער פֿון מאַרטירער ציפּריאַן און זיין גלייכן האָבן ניט געקאָנט גיין האַנט אין האַנט מיט די פּריינט און לאַקייען פֿון דעם אונטערדריקער-קלאַס. און ווען די צעזאַר-טרייע קריסטן האָבן געזוכט צו פֿאַרכאַפּן אין זייערע הענט די צפֿון-אַפֿריקאַנישע קירך, האָט אויסגעבראָכן דער לאַנג-אונטערדריקטער צאָרן פֿון די קריסטלעכע אָרעמע מאַסן.

אין יאָר 311 האָבן די צעזאַר-טרייע קאַטאָליקן, די הערשנדיקע סעקטע אין קריסטנטום, אַרויפֿגעזעצט זייערן אַ מאַן אַפֿן בישאָפֿלעכן טראָן אין קאַרטאַגע, די גרעסטע שטאָט אין צפֿון-אַפֿריקע. די אָפּאָזיציע האָט געהאַלטן, אַז ער איז ניט ריכטיק באַשטימט געוואָרן. בפֿרט אַז די צערעמאָניע פֿון איינפֿירן אים איז געווען דורכגעפֿירט פֿון אַ „טראַדיטאָר“, אַ בישאָף, וואָס האָט אין צייט פֿון פֿאַרפֿאָלגונג פֿאַרראַטן זיין גלויבן. די אָפּאָזיציע האָט גערופֿן דעם בישאָף פֿון קאַרטאַגע (וואָס איז געווען אַ מין צפֿון-אַפֿריקאַנישער פּאַבסט) צום געריכט פֿון אַ הייליקן טריבונאַל, צוזאַמענגעשטעלט פֿון 70 בישאָפֿן. ער איז ניט געקומען, האָבן זיי אים אַריינגעלייגט אין חרם און געוויילט זייערן אַ מענטשן פֿאַר בישאָף פֿון קאַרטאַגע. דאָס האָט גע־

פירט צו א שפּאַלטונג אױף דער גאַנצער ליניע. יעדע קריסטלעכע געמײנדע האָט זיך צעשפּאָלטן אין לינקע און רעכטע, מיט באַזונדערע קירכן און פּריסטער.

קאָנסטאַנטין האָט זיך געשטעלט אױף דער זײט פון די רעכטע. װען די לינקע האָבן ניט אָנגענומען זײן אַנטשײדונג (אין 314), האָט די רױמישע רעגירונג זײ דערקלערט פאַר אַפּיקורסים און מורדים. זי האָט קאָנפיסקירט זײער קירכן־אײגנטום און אַװעקגענומען זײער בירגערעכט. נאָר װען זי האָט געשיקט סאָלדאַטן אַװעקצונעמען די קירכן, האָבן די לינקע, אונטער זײער ענערגישן פירער „מאַגנוס" (דער גרױסער) זיך געשטעלט קעגן. באַלד האָט זיך דער רעליגיעזער סכסוך פאַרװאַנדלט אין אַ בלוטיקן קלאַסן־קאַמף, און אױף דער סצענע זײנען אַרױסגעטראָטן די צירקומצעליאָנען.

## די צירקומצעליאָנען

געגנוי פון װאַנען עס שטאַמט דער נאָמען „צירקומצעליאָנען" איז ניט באַשטימט.

בישאָף אָפּטאַט, װאָס האָט זײ באַקעמפט אין די זיבעציקער יאָרן פון 4טן יאָרהונדערט, װײס ניט די באַדײטונג פון זײער נאָמען. בישאָף אױגוס־טין, זײער שאַרפסטער קעגנער אין ערשטן פערטל פון 5טן יאָרהונדערט, װײס בלױז, אַז דאָס איז אַ צונעמעניש. ער פאַרטײטשט דאָס: „אַרום די קעמערלעך" — „צירקום־צעלע" — און דײנקט, אַז דאָס האָט אײנע פון די צװײ באַדײטונגען: 1) אַרום די פּױערשע הײזלעך, אַרום װעלכע די צירקומצעליאָנען דרײען זיך אַרום; 2) מאָנאַכן־קעמערלעך, צעלן, בײדלעך, פון װעלכע די צירקומצעליאָנען אַנטלױפן, כדי צו פירן אַ װאַגאַבונדן־לעבן.

זײ אַלײן, די צירקומצעליאָנען, האָבן זיך ניט באַצײכנט מיט אָט דעם נאָמען. געװײנלעך האָבן זײ זיך אָנגערופן אױפן נאָמען פון זײערן אָנ־פירער, אָדער פון דער אָפּאָזיציאָנעלער קריסטלעכער סעקטע, אַרום װעלכער זײ האָבן זיך גרופּירט. זײ האָבן זיך באַטראַכט פאַר „מילעס קריסטי" (קריסטוסעס קריגער). זײערע פירער האָבן בײ זײ געהײסן „דוקעס סאַנקטאָ־רום" (הײליקע פירער), זײערע װאָפן „פוסטים איזראַעלים" (ישראל'ס בולאַװעס), און זײער מלחמה־רוף איז געװען „דעאָ לױדעס" (אַ לױב צו גאָט).

פון די אָנפאַלן אױף די צירקומצעליאָנען פון די „הײליקע" בישאָפן אָפּטאַט און אױגוסטין, דערװיסן מיר זיך, אַז זײ זײנען באַשטאַנען הױפּט־זעכלעך פון פאַראָרעמטע פּױערים (קלײנע פּאַכטער) און אַנטלאָפענע שקלאַפן;

אַז זיי האָבן געהאַט פּרימיטיווע קאָמוניסטישע אידייען און האָבן ביטער באַקעמפט די פּראָצענטניקעס און שקלאַפן־האַלטער.

צו זייער מוט איז ניט געווען קיין גרענעץ. זיי פלעגן גיין אין קאַמף, מענער און פרויען, און זיך ניט צוריקשרעקן פאַר די גוטבאַוואָפנטע רוימישע לעגיאָנען. זיי האָבן גענומען אַלס מוסטער די מאַקאַבעיער און זיינען געגאַנגען אַף מסירת נפש פאַר זייערע אידעאַלן.

זיי נעמען געפאַנגען איז כמעט געווען אוממעגלעך. פלעגן זיי ווערן אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, און זיין אין געפאַר אַריינצופאַלן לעבעדיק צום שונא אין די הענט, פלעגן זיי זיך אַרונטערוואַרפן פון הויכע פעלזן, אָדער אַף אַן אַנדער אופן זיך נעמען דאָס לעבן.

די קאַטוילישע בישאָפן האָבן פאַרגעוואָרפן די צפון-אַפריקאַנישע סעקטאַנטן, אַז זייערע רעוואָלוציאָנערע חברים, די צירקומצעליאָנען, זיינען זעלבסטמערדער. נאָר יענע האָבן געענטפערט מיט אַ געשיכטע פון צווייטן מאַקאַבעיער־בוך. דאָרט ווערט דערציילט, אַז דער גריכישער גענעראַל ניקאַנאָר האָט געוואָלט נעמען געפאַנגען לעבעדיק דעם ליבלינג פון די אידישע מאַסן, רציץ, וועלכן זיי האָבן אָנגערופן „אידישער טאַטע“. אַן אָפּטיילונג פון 500 באַוואָפנטע סאָלדאַטן האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז. אַנטלויפן איז ניט געווען מעגלעך, האָט רציץ זיך גענומען דאָס לעבן.

פינף יאָר האָבן די צירקומצעליאָנען זיך געשלאָגן קעגן דעם רוימישן מיליטער. צולעצט האָט דער קייסער קאָנסטאַנטין איינגעזען די געפאַר פון אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד אין צפון־אַפריקע. בפרט, אַז די מלחמה מיט זיין שוואָגער פאַרן רוימישן טראָן האָט געפאָדערט זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט. האָט ער זיך דערפאַר אויפגעהערט צו מישן אין דעם קאַמף צווישן דער אָפיציעלער קירך (די קאַטוילישע) און די פאַרשיידענע סעקטאַנטן.

---

אַזוי גיך ווי דער קריסטלעכער לינקער פליגל אין צפון־אַפריקע איז געוואָרן פריי פון אונטערדריקונג, האָבן זיינע געמעסיקטע עלעמענטן געזוכט אָפּצושוואַכן דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט פון די מאַסן. נאָר עס האָט זיי ניט אינגאַנצן געלונגען. די אָרעמע מאַסן פון צפון־אַפריקע האָבן גענומען ערנסט דאָס קריסטנטום. האָבן פאַרבונדן מיט אים זייערע קלאַסנאינטערעסן. זיי האָבן גענומען ווערטערלעך די פסוקים, וואָס רעדן פון גלייכהייט און פרייהייט, וואָס פאַרדאַמען קנעכטשאַפט און פּראָצענט. האָבן זיי באַקעמפט צוגלייך געצנדינסט און שקלאַפעריי, פאַרברענט פריצישע הויפן און קאַטוילישע קירכן (וואָס האָבן געהאַלטן מיט די פריצים). זיי זיינען באַפאַלן די פּראָצענטניקעס און די קאַטוילישע גלחים (וואָס האָבן פאַרטיידיקט אָדער

גענומען אליין פֿראַצענט). זיי האָבן געהאָלפֿן באַפֿרייען די שקלאַפֿן, זיי געגעבן אַלץ און זיי פֿאַרטיידיקט קעגן די שקלאַפֿנהאַלטער.

ווען קאָנסטאַנס (קאָנסטאַנטינ׳ס זון) האָט געמאַכט אַ פֿאַרזוך אונטער־צודריקן די סעקטאַנטישע (סעפּאַראַטיסטישע) צפֿון־אַפֿריקאַנישע קירך, האָט ער דערמיט בלויז געשטאַרקט די הענט פֿון די צירקומצעליאָנען. איצט האָט שוין קיין אַנטי־קאַטוילישער בישאָף ניט געוואַגט צו פֿאַרדאַמען זייערע אָנפֿאַלן אויף די רייכע קלאַסן. פֿאַרקערט, יעדער איינער פֿון זיי, וואָס איז געפֿאַלן אין קאַמף, אָדער האָט זיך גענומען דאָס לעבן, כּדי ניט אַרונצופֿאַלן לעבעדיק צום שונא אין האַנט, איז דערקלערט געוואָרן פֿאַר אַ הייליקן מאַר־טירער. אָפֿט האָבן די צירקומצעליאָנען אויסגעבויט קאַפּעלעס אויף די קברים פֿון זייערע אומגעקומענע חברים, און דורכגעפֿירט אַז די בישאָפֿן זאָלן דאָס איינשווערן פֿאַר קריסטלעכע הייליקטימער. די געוועזענע קאַטוילי‌קן, וועלכע פֿלעגן צושטיין צו זיי, פֿלעגן זיי טויפֿן פֿון דאָס ניי, פּראָקלאַמירנדיק דערמיט, אַז יענע זיינען פֿריער כּלל ניט געווען קיין קריסטן. דאָס גלייכן פֿלעגן זיי ווידער טויפֿן די „לאַפּסי", די געפֿאַלענע, וואָס האָבן אויס מורא פֿאַר דער קייזערלעכער געוואַלט זיך געבויגן פֿאַר דער געצנדינערישער אָדער קאַטוי־לישער קירך.

קייזער קאָנסטאַנס האָט דעמאָלט פּרובירט אונטערקויפֿן די אָרעמע מאַסן דורך דער זעלבער סיסטעם, דורך וועלכער די קאַטוילישע קירך האָט דעמאָ־ראַליזירט די מאַסן אין די איבעריקע טיילן פֿון דער רוימישער אימפּעריע. ער האָט פֿאַר זיי געעפֿנט צדקה־הייזער, שפּיטאָלן, יתומים־הייזער א. א. וו. נאָר דאָס האָט דעם רעוואָלוציאָנערן עלעמענט נאָך מער אויפֿגערייצט, און די מלחמה איז באַנייט געוואָרן נאָך מיט מער ביטערקייט.

ערשט אין די פֿופֿציקער יאָרן איז געלונגען דער רוימישער מלוכה — וואָס איז שוין געווען באַפֿעסטיקט אין מזרח, מיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַלס הויפּטשטאָט — אונטערצודריקן די צירקומצעליאָנען. זייער פֿירער דאָנאַטוס פֿון באַגאַאי איז דערמאָרדעט געוואָרן. אויך די סעפּאַראַטיסטישע קירך איז געוואָרן אונטערדריקט און איר בישאָף, מאַגנוס, איז אַנטלאָפֿן אין גלות.

---

דער צוריקגאַנג פֿון די צירקומצעליאָנען איז ניט פֿאַרגעקומען בלויז דורכן זיג איבער זיי פֿון דער גרעסערער און שטאַרקערער רוימישער קייזערלעכער מאַכט. עס איז געווען נאָך אַן אומשטאַנד. פֿריער, איידער די קריסטלעכע קירך איז אָנערקענט געוואָרן פֿון שטאַט, האָט דאָס קריסטנטום ניט געהאַט קיין באָדן אויפֿן לאַנד. די ערד־אַרבעט איז געווען פֿאַרבונדן מיטן געצנ־דינערישן קולט, און ניט־געצנדינער האָבן דאָרט ניט געקאָנט אַריינדרינגען.

(אַרבעטן אין געהיים איז אַפן לאַנד ניט געווען מעגלעך). דערפאַר זיינען די אידן און קריסטן געווען בלויז שטאָט־באַוואוינער.

מיט דער אָנערקענונג פון קריסטנטום דורכן שטאַט, האָט די נייע רעליגיע אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין דאָרף. דאָרט האָט זי אויך באַלד אָנגענומען אַ קאָמוניסטישן כאַראַקטער, דורך די ברידערשאַפטן. דורך די מאָנאַסטירן האָבן די פּויערים זיך אַרויסגעהאָלפן פון זייער שלעכטער לאַגע, און די מאָנאַכן־באַוועגונג האָט געמאַכט גרויס פּראָגרעס אַפן לאַנד. באַזונדערס איז דאָס געווען דער פאַל אין צפון־אַפריקע, וואו פּרימיטיווע קאָמוניסטישע אידייען האָבן די גאַנצע צייט געהאַט באַדייטנדיקע אָנהייגער.

דער הייליקער אַנטאָניוס (250 — 356) איז געווען איינער פון די ערשטע צו גרינדן קאָמוניסטישע קאָלאָניעס. זיי האָבן צומערשט געהייסן קאָנאָבינען, פון די ווערטער „קאָינאס" (בשותפות), און „ביאָס" (לעבן). זייערע פּרינציפּן זיינען געווען: זיך אָפּזאָגן פון פּריוואַט־אייגנטום, טעגלעכע אַרבעט מיט די אייגענע הענט, געמיינזאַמע מאָלצייטן, אָנטזאַגונג (נזירות) און געהאָרכזאַמקייט צו פאָרשטייער, ווי ביי די עסעיער, די אידישע רעליגיעזע קאָמוניסטן פון פאַרן קריסטנטום.

די ערשטע צייטן זיינען אָט די קאָמונעס באַשטאַנען פון פּראָסטן פאָלק, מענער און פרויען. די מאָנאַכן און מאָנאַשקעס האָבן ניט געגאָלטן ווי כלי־קודש. זיי זיינען געווען פשוטע פּראָלעטאַריער, שטאָטישע בעלי מלאכות און דאָרפישע פּויערים, מערסטנס דאָרפסלייט. זיי האָבן געמעגט אַרויסטרעטן פון דער קאָמונע אָדער מאָנאַסטיר, ווען נאָר זיי האָבן עס געוואָלט. זיי האָבן אויך געמעגט זיין פאַרהייראַט, האָבן מענער, ווייבער, קינדער. און כאָטש אין סוף פון 4טן יאָרהונדערט האָבן אָנגעהויבן דאָרט אַריינדרינגען אידייען קעגן פאַרהייראַטן לעבן, איז דאָך דער מאָנאַסטיר געבליבן טיילווייז בלויז אַ פרומע קאָמוניסטישע אינסטיטוציע. דער מאָנאַך אָדער מאָנאַשקע וואָס האָט געוואָלט פירן אַ פאַמיליע־לעבן, האָט דאָס געקאָנט טאָן אומגעשטערט.

באַזונדערס זיינען די קאָמונעס געווען דערפאָלגרייך אַפן לאַנד, וואו דאָס אַרבעטן אַף אַ ברייטן מאַסשטאַב איז שטאַרק אַנטוויקלט געוואָרן דורך די שקלאַפן פון די גרויסע פּריצים. עס פאַרשטייט זיך, אַז די אַרבעט פון פרייע מענטשן איז געווען אַ סך דערפאָלגרייכער ווי פון געצוואונגענער אַרבעט.

די רעליגיעזע קאָמונעס האָבן דערפאַר אָפּגעצויגן די סאַמע ענערגישע כחות פון די צירקומצעליאָנען. זיי האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט

צו גרינדן רעליגיעזע קאָמונעס, און דאָרט געפונען אַ ארויסגאַנג פאַר זייער רעוואָלוציאָנערער ענערגיע.

נאָר וואָס מער די קאָמונעס האָבן זיך פאַרמערט, האָט אויפגעהערט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין לאַנד. מען האָט ניט מער אַגיטירט פאַר קאָמוניזם אין קריסטנטום און ניט געהאָפט מער אױף אַ קאָמוניסטישער משיח־צייט. דאָך האָבן די קאָנסערוואַטיווע בישאָפן געקוקט קרום אױף די קאָמוניסטישע מאָנאַסטירן. זיי האָבן אין זיי געזען דעם אויסדרוק פון דעם אָפּאָזיציאָנעלן גייסט, וואָס איז קעגן דער חברשאַפט צווישן דער קירך און דעם הערשנדיקן קלאַס.

---

די קורצע עפּאָכע פון רעליגיעזער פרייהייט, אונטער דער מלוכה פון געצנדינערישן קייזער יוליאַן, האָט נאָך מער דערוויטערט די רעוואָלוציאָנערע פויערים און אַנטלאָפענע שקלאַפן פון די רעליגיעזע סעקטאַנטן. קייזער יוליאַן, וואָס האָט דערלויבט די אידן זיך ווידערצוקערן קיין ירושלים (וואו קאָנסטאַנטין האָט זיי פאַרבאָטן אַריינצוקומען אונטער טויט-שטראָף), און ווידער אויפצובויען דעם בית המקדש, האָט אויך דערמוטיקט די עקזיסטענץ פון אַלע אַנדערע רעליגיעזע סעקטן. זיינען די סעקטאַנטן געוואָרן לעגאַל און געזעצלעך — האָט זיך זייער געמעסיקטער עלעמענט דערווייטערט פון די רעוואָלוציאָנערע צירקומצעליאָנען.

שפּעטער, אונטער דער הערשאַפט פון די קאַטוילישע קייסאָרים, ווען די סעקטאַנטן ווערן ווידער אונטערדריקט, ווענדן זיי זיך צוריק צו די צירקומצעליאָנען. נאָר יענע זיינען ניט מער אַזוי שטאַרק ווי אַמאָל. זייער מאַכט איז באַשריינקט אויפן לאַנד. אין די שטעט הערשן די קאַטאָליקן, און זיי האַלטן די סעקטאַנטישע פירער פאַר משכנות זיי צו באַשטראָפן פאַר די אָנפאַלן פון די צירקומצעליאָנען אױף דער קאַטוילישער מאַכט.

דער קאַמף פון די צירקומצעליאָנען הערט ניט אויף אויך אין 5טן יאָר־הונדערט. דער „הייליקער" בישאָף אויגוסטין, איז נאַטירלעך קעגן די מאָנאַס־טירישע קאָמונעס, וואו עס האָבן געשטראָמט אין זיין צייט ניט בלויז פויערים און בעלי מלאכות, נאָר אויך ניט־פרייע לייט (אַנטלאָפענע לייב־אייגענע און קנעכט). דאָך איז ער גרייט צו שטיצן אָט די קאָמונעס, כדי אייננצוצאַמען די צירקומצעליאָנען. נאָר דערוויל איז די רוימישע אימפּעריע נאָכמער דעמאָראַליזירט געוואָרן, און אירע טעג זיינען שוין געווען געציילט.

סאַלוויאַן, וואָס האָט געלעבט אין יענער צייט, באַשרייבט די דעמאָ־ראַליזאַציע וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין אייראָפּע און דאָס זעלבע גילט אויך פאַר צפון־אַפריקע. די שקלאַפן, שרייבט סאַלוויאַן, שיכורן, הול־

טאַיעווען, גנבענען, נאָר די רייכע זיינען נאָך ערגער. זייער אכזריות טרייבט די אָרעמע זיך אַנצושליסן אָן די באַגאודן (די צירקומצעליאָנען פון פראַנקרייך) און זוכן שוץ ביי די באַרבאַרן. די רייכע דרייען זיך אויס פון צאָלן שטייערן און די אָרעמע ווערן דערדריקט. די וואַנדאַלן, גאָטן און אַנדערע גערמאַנישע שבטים זיינען ריינער, אַנשטענדיקער און ערלעכער ווי די רוימער, וועלכע זיינען גאַנץ קאָרופּטירט. און ער פירט אויס:

„א גרויסער טייל פון גאַליע און שפּאַניע איז שוין גאָטיש, און אַלע רוימער, וואס לעבן דאַרט, האַבן נאָר דעם איין וואונטש: ניט צו ווערן ווידער רוימיש. איך וועל זיך דעריבער נאָר וואונדערן, וואָס ניט אַלע ארעמע און באַדערפטיקע גייען ניט אַריבער (אַף דער זייט פון די באַרבאַרן) ווען ניט די סיבה, וואָס זיי קאָנען ניט לאָזן אַף הפקר זייער ביסל האָב און גוטס און זייערע פאַמיליעס. און מיר, רוימער, וואונדערן זיך נאָך, פארוואס מיר קאנען ניט באַזיגן די גאטן, ווען מיר, רוימער, ווילן ליבער לעבן אונטער זיי, ווי אונטער אונז."

האָבן טאַקע אויך די צפון־אַפריקאַנער מאַסן געוואָלט ליבער זיין אונטער די וואַנדאַלן, איידער אונטער די רוימער. און זיי האָבן דאָס אויך דורכגעפירט.

אין יאָר 429 זיינען געקומען די וואַנדאַלן. זיי זיינען געווען קריסטן, נאָר סעקטאַנטן, אַריאַנער און דעריבער פריינטלעך צו די צפון־אַפריקאַנישע סעקטאַנטן, די דאָנאַטיסטן. מיט זייער קומען הערט אויף די הערשאַפט פון רוים. באַלד הערט זי אויך אויף אין אייראָפּע. עס אַנטשטייען נייע מלוכות און עס הויבן זיך אָן נייע לעבנס פאָרמען אין דער געוועזענער רוימישער אימפּעריע, וואָס איז פאַרפלייצט געוואָרן פון גערמאַנישע שבטים. נאָר דאָס געהערט שוין צו דער עפּאָכע, וואָס ווערט אָנגערופן מיטלאַלטער.

# אינהאַלט

# בילדער פאַרצייכענונג

# זוך־צעטל

## ע



## פּ



## פ

# העברעיאישע ווערטער אויסגעלייגט אין אידיש

## א

אבות — אָוועס.
אביון — עוויען.
אביונים — עוויוינים.
אבימלך — אַווימעלעך.
אברהם — אַווראָם.
אדום — עדעם.
אדרבא — אַדעראַבע.
אופן — אויפן.
אוצר — אויצער.
אוצרות — אויצרעס.
אורח — אוירעך.
אורחים — אָרכים.
אוריאל — אוריעל.
אחד אדון — אַכאַד אַדאָן.
אחאב — אַכאָוו.
אחדות — אַכדעס.
אחשורוש — אַכאַשווירעש.
אימה — איימע.
איפה — אייפע.
אכזר — אַכזער.
אכזריות — אַכזאָריעס.
אלול — עלעל.
אליעזר — עליעזער.
אליקים — עליאָקים.
אלישע — עלישע.
אלכסנדר — אַלעקסאַנדער.
אלמנה — אַלמאָנע.
אמונה — עמונע.
אמונות — עמונעס.
אמורי — עמורי.
אמת — עמעס.
אסי — איסי.
אסיים — איסיאים.
אסתר — עסטער.
אפיקורס — אַפּיקוירעס.
אפרים — עפראַים.
ארון — אָרן.
ארץ-ישראל — ערעץ איסראָעל.
אשקלון — אַשקלוין.
אשתרות — אַשטאָרעס.

## ב

באמת — בעעמעס.
באר שבע — בערשעווע.
בבל — באָוול.
בהמה — בעהיימע.
בהמות — בעהיימעס.
בושה — בושע.
בזיון — ביזאָיען.
בחור — באָכער.
בחורים — באָכערים.
בחירה — בכירע.
בטבע —בעטעווע.
בטלנים — באַטלאָנים.
ביחידות — ביעכידעס.
בירושה — ביערושע.
בית אל — בייס איול.
בית המקדש — בייסאַמיקדעש.
בית הקברות — בייסאַקוואָרעס.
בית לחם — בייסלעכעם.
בית עלמין — בייסאַלמען.
בית עמרי — בייס אָמרי.
בכור — בכאָר.
בכורים — בכוירים.
בכורים — ביקורים.
בכח — בעקויעך.
בכיון — בעקיוון.
בכלל — ביכלאַל.
בלשצר — בעלשאַצער.
במות — באָמעס.
בן אלהים — בען עלעהים.
בנימין — ביניאָמען.
בנוגע — בענעגייע.
בנין — ביניען.
בנינים — ביניאָנים.
בני רכב — בעניי רעכעוו.
בעל — באַאַל.
בעל הגוף — באַלעגוף.
בעלי מלאכות — באַלמעלאָכעס.
בעל מלאכה — באַלמעלאָכע.
בעלי אגדה — באַליי אַגאָדע.
בעלן — באַלן.
בעל מופת — באַל־מויפעס.
בעל מקובל — באַל־מעקובל.
בעל פה — באַלפּע.
בעל פקדון — באַל פּיקאָדן.
בעל תורה — באַלטוירע.

בעת — בעאיום.
בפרט — ביפראַט.
בציבור — בעציבער.
בקשה — באַקאָשע.
בקשות — באַקאָשעס.
בראש — בעראָש.
בריה — בעריע.
בריונים — בעריוינים.
ברירה — ברײרע.
ברכה — בראָכע.
ברכות — בראָכעס.
בשורה — בעסורע.
בשורות — בסורעס.
בשותפות — בעשוטפעס.
בשלום — בעשאָלעם.
בשמים — בסאָמים.
בשעת — בעשאַס.
בשן — באָשען.
בשר ודם — באָסערוועדאָם.
בתולה — בסולע.
בתי מדרשים — באָטעמעדראָשעם.

## ג

גאוה — גאַיווע.
גאולה — געאולע.
גבור — גיבער.
גבורה — געוואורע.
גבורים — גיבוירים.
גבירים — געוירים.
גבריאל — גאַווריעל.
גדול — גאָדל.
גדולים — געדוילים.
גדרה — געדײרע.
גהינום — געהענעם.
גובר — גויווער.
גוי — גאָי.
גויים — גאָיאים.
גוסס — גויסעס.
גורל — גוירל.
גורלות — גויראָלעס.
גוש חלב — גוש כאָלעוו.
גזלה — גזוילע.
גלגול — גילגל.
גלגולים — גילגולים.
גליל — גאָליל.
גמרא — געמאָרע.
גנב — גאַנעוו.
גנבה — געניווע.
גנבות! — געניוועס.
גנבים — גאַנאָווים.
גן עדן — גאַניידן.
גסיסה — געסיסע.
גר — גער.
גרים — **גיירים.**

## ד

דוד — דאָוויד.
דור — דאָר.
דורות — דוירעס.
דינה — דינע.
דמשק — דאַמעשעק.
דניאל — דאַניעל.
דעה — דייע.
דעות — דייעס.
דרדקי מלמד — דאַרדעקע מעלאַמעד.
דרום — דאָרעם.
דרך — דערעך.
דרשה — דראָשע.
דרשות — דראָשעס.

## ה

הבטחה — האַפטאָכע.
הבטחות — האַפטאָכעס.
הבל — העוול.
הגלילי — האַגאָלילי.
הגם — האַגאַם.
הגר — האָגער.
הוצאה — הויצאָע.
הוצאות — הויצאָעס.
הושע — הוישייע.
הילך — הילעך.
הכנה — האַכאָנע.
הכנות — האַכאָנעס.
הכנסה — האַכנאָסע.
הכנסות — האַכנאָסעס.
הלואה — האַלוואָע.
המון — האַמוין.
הנאה — האַנאָע.
הנחה — האַנאָכע.
הנחות — האַנאָכעס.
הסכמה — האַסקאָמע.
הסכמות — האַסקאָמעס.
הפקר — העפקער.
הפקרות — העפקוירעס.

הקדמה — האַקדאָמע.
הקדש — העקדעש.
הקדשים — העקדוישים.
הר הזיתים — האַר האַזייסים.
התלהבות — היסלאַוועס.

## ו

ויכוח — וויקועך.
ויכוחים — וויקוכים.

## ז

זכות — זכום.
זכר — זייכער.
זכר — זאָכער.
זכרון — זיקאָרן.
זכרונות — זיכרוינעס.
זלזולים — זילזולים.
זריעה — זריע.
זקן — זאָקן.
זקנים — זעקיינים.
זרובבל — זערובאָוול.

## ח

חבר — כאַווער.
חברה — כעווורע.
חברים — כאַווײרים.
חברון — כעוורן.
חדוש — כידעש.
חדר — כיידער.
חדשים — כאַדאָשים.
חוב — כויוו.
חובות — כויוועס.
חודש — כוידעש.
חוה — כאַווע.
חוזק — כויזעק.
חולה — כוילע.
חומש — כומעש.
חוץ — כוץ.
חוצפה — כוצפע.
חורבות — כורוועס.
חורבן — כורבן.
חושד — כוישעד.
חושך — כוישעך.
חזאל — כאַזאָעל.
חיות — כיעס.
חיות — כאַיעס.
חיה — כאַיע.
חיונה — כאַיונע.
חיל — כאַיל.
חילות — כאַיאָלעס.
חיתים — כיטים.
חכם — כאָכעם.
חכמה — כאָכמע.
חכמים — כאַכאָמים.
חכמה — כאַכאָמע.
חלום — כאָלעם.
חלומות — כאַלוימעס.
חלוק — כילעק.
חלוקה — כאַלוקע.
חלילה — כאָלילע.
חלק — כיילעק.
חלקים — כאַלאָקים.
חם — כאָם.
חן — כיין.
חסיד — כאָסעד.
חסידים — כאַסידים.
חסרון — כעסאָרן.
חסרונות — כעסרוינעס.
חרוב — כאָרעוו.
חרטה — כאַראָטע.
חרפה — כאַרפע.
חשד — כשאַד.
חשבון — כעזשבן.
חשוב — כאָשעוו.
חשמונאים — כאַשמוינאָאים.
חשק — כיישעק.
חתונה — כאַסענע.

## ט

טבילה — טווילע
טבריה — טווערייע.
טהרה — טאַרע.
טובה — טויווע.
טובות — טויוועס.
טובל — טויוול.
טומאה — טומע.
טעות — טאָעס.
טעם — טאַם.
טענה — טאַינע.
טענות — טאַינעס.
טרפה — טריפע.
טרפות — טאַרפעס.
טרפן — טאַרפן.

